The only Jewish Paper Printed in Michigan

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

347-49 HASTINGS STREET Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. 1?? authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Thursday, April 1st 1920 Vol. 2, No 43 דאנערשטאג אפריל 1, 1920



# גענעראל סטרייק אין דענמארק געגען קעניג

קאפענהאגען, מארטש 31. — די ארבייטער פיהרער האבען היינט ערקלעהרט א גענעראל סטרייק איבער גאנץ דענעמארק, אלס פראטעסט געגען דעם קעניג, וועלכער האט היסמיסט דעם זארלע קאבינעט. דער סטרייק איז ערקלעהרט געווארען אויף קומענדען דינסטאג, נאכדעם, ווי קעניג קריסטיאן האט ענטזאגט די ארבייטער יוניאנס, וועלכע האבען גע פאדערט, דאס דער פארלאמענט זאל גלייך צונויפגערופען ווערען.

אן עולם פון 200 טויזענד פערזאן האט זיך צונויפגעזאמעלט אויף א סאציאליסטישער פערזאמלונג צו פראטעסטירען געגען קעניג און זיין נייעם רעאקציאנערען קאבינעט.

אויף די גאסען האבען זיך געהערט קולות: „ס'לעבע די רעוואלוציע! ניעדער מיטן קעניג! לאנג לעבען זאל די דענישע רעוואלוציע!"

פאליציי איז פעיד האבען צוטריבען דעם עולם פון די טראטוארען.

## עלייעס גיבען נאך האלאנד און װעלען דעם עקס-קייזער צורוה לאזען

לאנדאן, מארטש 31. — די אליאירטע רעגירונגען האבען אנגענומען דאס בען אנגענומען 44321 654321 54321 לאנד'ס רעצטע נאטע בנוגע דעם עקס-קייזער, די ידיעה קומט פון אמסטערדאם צו דער היגער „דיילי מייל".

די האלאנדישע רעגירונג האט דעם 5טען מארטש, צום צווייטען מאל זיך ענטזאגט, ארויסצוליפערען דעם געוועזענעם דייטשען קייזער צו אן אליאירטען משפט. דיעזער באשלוס איז דייטליך איבערגעגעבען געווארען אין א נאטע, וואס די רעגירונג האט איבערגעשיקט צום ענגלישען פרעמיער; דערביי האט די האלאנדישע רעגירונג ערקלעהרט, דאס זי וועט אנגעהמען אלע מיטלען צו באגרעניצען די פרייהייט פון'ם עקס-קייזער, כדי ער זאל מעהר ניט קענען זיין קיין סכנה פאר דעם וועלט-פריעדען.

## ביל פאר אירלאנד אנגענומען מיט גרויסער מעהרהייט

לאנדאן, מארטש 31. — נאך א לאנגער רעדע פון פרעמיער לאיד דזשארדזש האט דער ענגלישער פארלאמענט אנגענומען מיט 384 געגען 94 שטימען דעם „האום רול" ביל פאר אירלאנד.

צווישען אנדערש, האט דער ענגלישער פרעמיער געזאגט, דאס 'קיין פלאן, וועלכער וואלט געווען צופריעדענשטעלענד פאר די ענגלישע פארטייען, וואלט פון אירלאנד היינט ניט אנגענומען געווארען. און אויב מיר וואלטען געפרעגט ביי אירלאנד, וואס דאס לאנד וויל, וואלט מען א גרויסער מעהרהייט געענטפערט, דאס זיי ווילען אונאפהענגיקייט און א רעפובליק".

דער פרעמיער האט אין פארלויף פון זיין רעדע געווארענט דע וואלערא'ן, דעם שיינפיין פרעזידענט פון דער אירישער רעפובליק, דאס אויב ער וועט ווייטער אזוי אננעהמען מיט זיין אגיטאציע, וועט דאס פיהרען צו מעטאדען פון אונטערדריקונג.

„ווילם און סקאטלאנד — האט דער פרעמיער געזאגט — וואלטען געווען שטאלץ אויב זיי וואלטען געקראגען אזא זעלבסט רעגירונג, ווי אירלאנד קריגט עס איצט".

דער פרעמיער האט אין זיין רעדע, שפעטער באמערקט וועגען דער אירישער שפראך: דאס האט ארויסגערופען גרויס טומעל; ווען ס'איז שטיל געווארען, האט ווילטאן, א לייבאריט, אויסגעשריען:

„איהר וועט נאך אמאהל מיער ווערען פון איהם אויף" מיינענדיג לאיד דזשארדזש'ען.

ווילי ערעמסאן, אן ארבייטער פארשטעהער, האט געזאגט, דאס די רעפערמס, וואס די איצטיגע ענגלישע רעגירונג פיהרט איצט אן אין אירלאנד, וועלען ברענגען צו דעם, דאס שינפייניזם זאל באקומען דעם הויפט-איינפלוס אין אירלאנד.

**וואשינגטאן, אפריל 1. — נאכדעם ווי די רעפובליקאנער האבען זיך בעראטען מיט דער קאמיטע איבער אויסלענדישע ענינים, איז אין קאנגרעס איינגעבראכט א רעזאלוציע צו ענדיגען דעם קריעגס צושטאנד מיט דייטשלאנד. א ספעציעלע זיצונג וועט מארגען פארופען ווערען אום צו ערלעדיגען דיעזע פראגע.**

## יוסטיץ-בעאמטע ווילען דעפארטירען מארטענס'ען קיין דייטשלאנד

וואשינגטאן, מארטש 31. — לויט דעם יוסטיץ דעפארטמענטס ערקלעהרונג, איז לודוויג מארטענס, דער באלשעוויסטישער פארשטעהער אין אמעריקא, א דייטשער בירגער און דארום דארף ער דעפארטירט ווערען קיין דייטשלאנד, ניט קוקענדיג אויף זיינע באפאלמעכטיגונגס פאפירען פון דער רוסישער סאוועטען רעגירונג.

מארטענס עלטערען זענען אריבערגעפאהרען פון דייטשלאנד קיין רוסלאנד און זייער זוהן לודוויג — דער איצטיגער סאוועטען אמבאסאדאר — איז געבארען געווארען אין באכמוט, רוסלאנד.

לויט די באריכטען, וואס דער יוסטיץ דעפארטמענט שטעלט צו צו די אימיגראציאנס בעאמטע, איז ל. מארטענס אין יאהר 1896 ארעסטירט געווארען פאר זיין רעוואלוציאנערער טעטיגקייט און איז אפגעזעסען אין א רוסישער טורמע 3 יאהר, ער איז דערנאך ארויסגעשיקט געווארען קיין דייטשלאנד, וואו מען האט איהם אפגעגעבען פאר א סאלדאט. ער איז אבער צוריקגעקומען קיין רוסלאנד און איז ווידער אריין אין דער רעוואלוציאנערער באוועגונג.

די היגע בעאמטע זאגען אבער, דאס ווען מארטענס איז אין יאהר 1916 אנגעקומען קיין לאנדאן, ענגלאנד, האט ער זיך דארט פארשריבען אלס דייטשער בירגער. געהיימע אגענטען אבער פארזיכערען, דאס אפילו אין ענגלאנד איז מארטענס געווען פארבונדען מיט דער רוסישער רעוואלוציע.

די רעגירונגס בעאמטע האבען דיסקוטירט די פראגע, וואס פאר א פלאנען מארטענס'עס דעפארטירען קיין דייטשלאנד וועט האבען אין די אמעריקאנער באציהונגען מיט סאוועט - רוסלאנד. מארטענס האט דייטליך ערקלעהרט, דאס די סאוועטען רעגירונג האט איהם ארויסגעגעבען בירגער פאפירען. די היגע בעאמטע הענקען אבער, דאס זיי קענען ניט אנערקענען דיעזע פאפירען, ווייל זיי האט ארויסגעגעבען א רעגירונג וועלכע איז העכסט אלייין ניט אנערקענט.

די יוסטיץ בעאמטע באריהמען זיך, דאס זיי האבען גענוגענדע באווייזען געגען מארטענס'ען, און אז זיינע אנשטרענגונגען צו באקעמפען זיין דעפארטירונג וועלען זיין אומזיסט.

## ביים היברו האספיטאל אסאסיאיישאן

דינסטאג אווענד איז אפגעהאלטען געווארען א מיטינג פון דער היברו האספיטאל אסס"ן אין עטינגער'ס האל אונטערן פארזיץ פון פרעזידענט מר. קאצין.

עס זיינען פארהאנדעלט געווארען וויכטיגע פראגען און אויך די פראגע וועגען דער דעבאטע פון דער הינער אויסגאבע פון „פארווערטס". אין דיעזער דיסקוסיע האבען זיך באטייליגט דאס רוב מיטגליעדער, פון וועלכע עס האבען זיך אויסגעצייכענט די רעדעס פון מר. האלסקין, מר. טאמארין, מר. ראזען און מר. קאהן; מר. גולט האט אנאנסירט אז עס זיינען צוגעקומען נייע מיטגליעדער.

בכלל איז די שטימונג אין דער אסס"ן א געהויבענע. די נאהענטע מיטארבייטער פון דער אונטערנעהמונג האבען דערפיהלט די סימפאטיע פון דער אידישער גאס און דעם אויפגעוועקטען אינטערעס צום האספיטאל מצד דער הינער באפעלקערונג און זיי זיינען מוטיג אין זייער ארבייט. עס איז צו זעהן, אז זיי גרייטען זיך צו אייפעריגער טעטיגקייט און האבען באשלאסען אנצושטעלען באלד נאך יו"ט א קאלעקטאר.

אן אויספיהרליכען באריכט פון דעם מיטינג וועט זיין געדרוקט אין די נעקסטע נומערען „וועג" פון דער סעקרעטאר.

## באנדיטען באפאלען קארטען שפיעלער; רויבען $2,500

16 געסט פון עלדאראדא האטעל, 30 וויינדער סטריט, האבען באריכטעט צו דער פאליציי, אז 3 באוואפענטע באנדיטען זיינען זיי באפאלען, ווען זיי זיינען געזעסען ביי א קערטעל אין א צימער אויפ'ן פערטען שטאק און פון זיי גערויבט $1,500 קעש און דזשועלרי אויף דעם ווערט פון $1,000.

די באנדיטען זיינען אריין דורך דער פראנט טיר און געזאגט דעם נאכט-קלוירק אז זיי ווילען א געוויסען מר. לואיס, וועלכער שטעהט אויפ'ן פערטען פלאר.

דער נאכט קלוירק האט זיי ארויפגעפיהרט מיט דעם עלעוויטאר, און אזוי שנעל ווי זיי זענען צוגעקומען צום פערטען פלאר, האט איינער פון דער חברה אנגעצייעלט א רעוואלווער געגען קלוירק און איהם באפוילען צו געהן מיט זיי.

דאס צימער, וועלכען זיי האבען גענומען איז געווען בריים צושפענט און לואיס מיט 15 אנדערע געסט זיינען געזעסען באשעפטיגט אין א קערטעל. אלע דריי באנדיטען האבען אנגעצייעלט זייערע רעוואלווערען צו די קארטען שפיעלער און געצוואונגען יעדען איינעם פון זיי צו שטעהן מיט די פנים'ער צו דער וואנד און די הענט אויסגעהויבען צום באלקאן.

אויסגעשטעלט אלע געסט איז דיעזער פאזע, האט איינער זיך א נעהם געטאן זוכען די פאקעטס פון די געסט; גענומען זייער געלט און זייגערס; עקספיזירט זייערע פינגער צו זיי טראגען רינגען, צוגענומען אלין וואס זיי האבען געפונען און פארשוואונדען.

די באראובטע דזשועלרי איז באשטאנען פון צוויי גאלדענע זייגערס און א דיימאנט רינג איז ווערט פון $1,000. איינער פון די געסט האט מיט זיך געהאט א קעש-שטימע פון 150 דאלאר באהאלטען אין א זאק, און די באנדיטען האבען אויך די $150 פאצאפעט.

דער קלוירק איז בארויבט געווארען אין $77.

דער מענעדזשער פון האטעל, וועלכער איז אויך אנוועזענד געווען אין יענעם צימער, האט זיך ניט נעלאזט בארויבען.

ווען איינער פון די באנדיטען האט געפרובירט דורכזיפען זיינע פאקעטס, האט איהם דער מענעדזשער דערלאנגט א פאטש, אז עס האט איהם אפגעקלונגען איבער'ן גאנצען צימער. א צווייטער באנדיט האט זיך דערפון שטארק באליידיגט און ארויסגעשריען צום געפאטשטען: „שיס איהם!" אבער דער געפאטשטער באנדיט האט קיין חשק ניט געהאט צו שיסען. ער האט איהם בלויז דערלאנגט א שטארקען קלאפ מיט'ן לינקען זייט פון זיין רעוואלווער און איבערגעלאזט דעם מענעדזשער א ניט בארויבטען.

עס איז נאך דערוויייל ניט געפונען געווארען קיין שום סליאר פון ידעזע באנדיטען.

## באשטראפט מיט $100 פאר האלטען די הענט אין פרעמדע קעשענעס

טאמאס לייאנס, וועלכער האט א מבע צו שטופען די הענד אין פרעמדע קעשענעס, איז נעכטען באשטראפט געווארען מיט הונדערט דאלאר פון דזשאדזש סטיין.

„ס'איז געווען אן עקסידענט דזשאדזש". — האט זיך לייאנס נעבעטען, ווען א פאליסמאן האט דערצעהלט אז ער האט איהם געטראפען קריכענדיג צו פרעמדע קעשענעס אויף דזשעפערסאן עוו.

„אבער דו האסט געהאט 9 דאלאר אין דיין האנט! איז דאס אויך אן עקסידענט?" — האט איהם דער דזשאדזש געפרעגט — „און חוץ דעם איז דיין רעקארד פול מיט עקסידענטס"... זיי ווייסען, אז דער לעצטער עקסידענט וועט דיר קאסטען $100.

## אמעריקא ערלויבט אידישע הילפס קאמיטע צו פאהרען קיין סאוועט רוסלאנד

וואשינגטאן, מארטש 31. — נעכטען האט דער היגער סטייט דעפארטמענט פארעפענטליכט, דאס ער האט געגעבען אן ערלויבניש דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע פון די אידיש-אמעריקאנער הילף פאנדען צו שיקען א הילפס-קאמיסיע קיין סאוועטען רוסלאנד.

די קאמיסיע טאר אבער ניט מיטנעהמען אזעלכע זאכען, וועלכע וואלטען געקענט אויסגעניצט ווערען פאר מיליטערישע צוועקען. אויסער דעם, ערקלעהרט דער סטייט דעפארטמענט, דאס די קאמיסיע קען ניט ערווארטען פון די פאראייניגטע שטאטען קיין דיפלאמאטישע הילף און זי וועט דארפען אפפאהרען אויף איינענער ריזיקע.

די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע האט אינסטרואירט איהר אוקראינישע קאמיסיע, דאס זי זאל זיין פארטיג אפצופאהרען קיין רוסלאנד גלייך, ווי די נויטיגע פאספארטען וועלען ערהאלטען ווערען.

## יאפאנעזער ליידען גרויסע מפלה אין צוזאמענשטויס מיט רוסען

האנאלולו, מארטש 31. — א דעפעש פון טאקיא ניט איבער צו דער היגער יאפאנעזישער צייטונג „ניפי דזשידזשי", דאס די יאפאנעזישע חיילות האבען געליטען גרויסע פארלוסטען אין א צוזאמענשטויס מיט רוסען לעבען דער באהן סטאנציע ניקאלאיעווסק.

די דעפעשע ווייזט אן אויף פארשפעטיגטע מעלדונגען פון דער מיליטערישער הויפט קוואַרטיר, אלס גרונד פון איהר ידיעה.

די דעפעשע גיט איבער, דאס דער שלאכט האט זיך אנגעפאנגען דעם 18-טען מארטש און האט געדויערט 2 טעג. עס ווערט אבער ניט אנגעגעבען די צאהל פון די קרבנות.

לויט דיעזע באריכט, האבען די רוסען פארברענט דעם יאפאנעזישען קאנסולאט אין ניקאלאיעווסק אין צייט פון'ם צוזאמענשטויס און עס איז ניט באוואוסט, וואו דער קאנסולאר איז אהינגעקומען.

## טערקיי רעוואלטירט געגען עלייעס

פאריז, מארטש 31. — לויט א דעפעש פון דער פעסטער לאיד פון בודאפעסט, איז אנגעקומען א ידיעה פון באזעל, דאס אין טערקיי האט אויסגעבראכען א רעוואלוציע געגען די אליאירטע. די רעוואלוציאנערע באוועגונג איז איבער גאנץ טערקיי, אויסער אין דער הויפט שטאדט, וועלכע איז מיליטעריש פארנומען געווארען פון די עלייעס.

א דעפעש פון אטענס צו דער היגער צייטונג „טעמ" מעלדעט, דאס גריכענלאנד נעהמט אן מיטלען צו פארנעהמען אנדריאנאפאל און דעם מזרח טייל פון טריים.

## ניטי קריגט צוטרויען פון פארלאמענט

רוים, מארטש 31. — דער איטאליענישער פארלאמענט האט נעכטען אווענט אויסגעדריקט צוטרויען צום נייעם מיניסטארען קאבינעט, וואס ניטי האט צוזאמענגעשטעלט מיט צוויי וואכען צוריק.

## לבנון געגען פייזל'ען

וואשינגטאן, מארטש 31. — לבנון, אין אזיאטישער טערקיי, האט ערקלעהרט איהר אונאפהענגיקייט פון פייזל'עס רעגירונג. דיעזע ידיעה איז אנגעקומען צום סטייט-דעפארטמענט דורך דעם אמעריקאנעם קאנסול פון ביירוט.

דער ראט פון לבנון האט באשטימט א קאמיטע, וואס דארף שאפען א קאנסטיטוציע. די פאהן פון לבנון איז ענליך צו דער פראנצויזישער, אויסער וואס אויף איהר געפינט זיך א גרויסער צעדער.

## אדלער און רוזוועלט געגען אויסשליסען סאציאליסטישע אסעמבלילייט

אלבאני, מארטש 31. — „שולדיג" איז געווען דער מאיאריטעט באריכט פון דער אסעמבלי קאמיטע, פאר וועלכער עס איז פארגעקומען דער פארהער פון די 5 אויסגעשלאסענע סאציאליסטישע אסעמבלילייט. פון די 13 „ריכטער" זענען 7 פאר אויסשליסען און 6 געגען. ווי עס פיהלט זיך אין דער אסעמבלי, זעהט אויס אז די מעהרהייט וועט צושטימען צו ספיקער סוויט'ס רעאקציאנערען אויפטהו און די 5 געזעצליך ערוועהלטע סאציאליסטען וועלען ארויסגעווארפען ווערען פון דער ניו-יארקער געזעצגעבונג.

דערווייל האבען זיך אין דער אסעמבלי גיפא געלאזט הערען שטימען, וועלכע זענען געגען אויסשליסען פון סאציאליסטישע מיטגליעדער. סימאן ל. אדלער, דער מאיאריטעט פיהרער פון דער אסעמבלי האט געזאגט, דאס ער וועט שטימען געגען דעם מאיאריטעט באריכט. אדלער איז דאס געווען דער יעניגער, וועלכער האט פארגעשלאגען ביי דער ערשטער זיצונג פון דער איצטיגער סעסיע, אז מען זאל די 5 סאציאליסטישע אסעמבלילייט אויסשליסען. איצט איז ער איבערצייגט, דאס עס זענען ניטא קיין געזעצליכע גרונדען דאס צו טאן.

אייך האט זיך ארויסגעזאגט געגען דער אויסשליסונג פון די 5 סאציאליסטען אסעמבלימאן רוזוועלט, דער זון פון פארשטארבענעם עקס-פרעזידענט. ער האט געזאגט, דאס ער וועט אנווענדען זיין גאנץ ענערגיע, האס מ'זאל איבערלאזען די סאציאליסטען אין דער אסעמבלי.

דער מינאריטעט באריכט איז אונטערגעשריבען פון וויליאם ס. איוועגס, וועלכער זאגט, דאס כאטש די 5 סאציאליסטען זענען געפונען געווארען „ניט לאיאל", האט אבער די אסעמבלי ניט קיין קאנסטיטוציאנעלען רעכט זיי אויסצושליסען, ווייל מיר קענען ניט 'משפטען, באפרייען, אדער פארורטיילען די סאציאליסטישע פארטיי'".

## 190 פלעצער אין ליטא קריגען מצה-מעהל

די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע האט נעכטען באקומען פאלגענדען קייבעל פון פראפעסאר סימאנסאן אין קאפענהאגען:

דער אידישער נאציאנאל-ראטה און דאס אידישע מיניסטעריום אין ליטא דאנקען הערליכסט פאר דעם מצה-מעהל וואס איז צוגעשיקט געווארען. דער קאמיטעט האט פארטיילט דעם מעהל אין 190 פלעצער צו דרייסיג טויזענד נייטבאדירפטיגע. דער צווייטער טראנספארט מצה-מעהל איז שוין אויך ארויסגעשיקט געווארען.

## בעי סיטי פאונדרי צושטערט פון פייער

בעי סיטי מארטש 31. — א פייער, וואס האט אויסגעבראכען דינסטאג שפעט ביינאכט אין'ם פלאנט פון דער בעי סיטי פאונדרי און מאשין קאמפ., האט צושטערט א טייל פון'ם פלאנט און אנגעמאכט ארום $4,000 שאדען.

דער צושטערטער בילדינג איז געווען דער פלאנט פון דער מ. גארלענד-מאשין קאמפ.

## מערי פיקפארד האט שוין מיט מזל ווידער חתונה געהאט

לאס אנדזשעלעס, מארטש 31. — ערשט מיט פיער וואכען צוריק האט מערי פיקפארד זיך גע'גט מיט אוען מור און ערקלעהרט, אז מעהר נעהמט זי שוין ניט חתונה האבען אזוי לאנג ווי זי וועט לעבען, האט אפיציעל געבראכען איהר פארשפרעכען לעצטען זונטאג און חתונה געהאט מיט דעם באוואוסטען אקטיאר, דאגלאס פעירבענקס, וועלכער איז שוין א טאטע פון א זוהן. זיין ערשטע פרוי, מיט וועלכער ער האט זיך — ווי דער שטיינער איז ביי אקטיארען — גע'גט איז געווען א געוויסע בעטה סאלי, פון האר איילענד.

דאס יונג פארפעל פלאנט א דריי מאנאטליכען „האנימון-טריפ" קיין איראפא. זיי וועלען דעם 19טען מאי אפפאהרען פון ניו-יארק קיין ענגלאנד און וועלען באזוכען פראנקרייך, שפאניען, בעלגיען, האלאנד, שוועדען, עסטרייכישע טיראל, שווייצאריען און די איטאליענישע טייכען.

מר. פעירבענקס האט ערקלעהרט, אז ער איז אויפ'ן זיבעטען הימעל פון גליק. מערי איז יעצט אלט 26 יאהר.

דאס פארפעל איז באלד נאך דער צערעמאניע אפגעפאהרען קיין בעווערלי הילס, נעבען לאס אנדזשעלאס, אין דער פראכטפולער וואהנונג פון מר. פעירבענקס.

## אין ערב פסח נומער „וועג"

א שעהן לעגענדאריש מעשה'לע פון דעם דיכטער עליאש.

א ריהרענדע פסח דערצעהלונג פון דער אידישער נאוועליסטין מרים קארפילאוו.

א הומאריסטישען פעליעטאן „דערטראים אויף דער המן'דיגער זייט" פון ישראלי'ן.

א שטימונגס ארטיקעל מעניני דיומא פון אונזער רעדאקטאר ב. י. גאלדשטיין מיט'ן נאמען „פראמעטעאוס" עס לייבען".

א שעהן ליעד „דער פעטער פסח" פון דעם יונגען פאעט ש. נעפאם.

דער יו"ט פסח און ווי ער איז משפיע אויף דער אידישער נשמה — עדיטאריעל.

די טיראנען אמאל און די טיראנען היינט — טעמא פון ארטיקעל „מעברות לחרות" פון י. ראבינאוויטש.

אן ארטיקעל פון ב. י. ג—ן;

די פארטזעצונג פון דעם סטענאגראפישען באריכט פון מעיאר קאוזענס און פיעלע אנדערע „זאכען".

פארפעהלט נישט אנצוהויבען לייענען אין מארגענדען נומער (ערב פסח נומער) דעם נייעם ראמאן „אין א ווינקעל פון דעטראיט" פון פארים איסאיעוויטש. פארפאסט ספעציעל פאר'ן „וועג".

## דריי טויט, איינער האלט ביים שטארבען פון אן אוטא-עקסידענט נעבען בעי סיטי

בעי סיטי, מישיגען, מארטש 30. — דזשיימס נעיל, 86 יאהר אלט; זיין טאכטער, מרס. טאמאס פיאנסעס, 44 יאהר אלט, און איהר זוהן מילטאן, 5 יאהר אלט זיינען גערהרג'עט געווארען און טאמאס פיאנסעס, אוידעם, טאן און פאטער פון די דריי גערהרג'עטע איז שטארק פארוואונדעט, אלס רעזולטאט פון א צוזאמענשטויס פון זייער אויטאמאביל אין וועלכען זיי זיינען געפאהרען, מיט'א בעי סיטי וועסטערען „דזשוואי טריין, אין קוואניקאסי, 12 מייל איסט פון בעי סיטי.

## יין כשר לפסח!

די סטאר פאר כשר יין לפסח אונטער די השגחה פון הרב הגאון לעווין איז 951 היסטינגס סטריט.

זיך ווענדען צו רעוו. שקלאר דעם שוחט סעקרעטארי פון קאנגרעגיישאן מגן אברהם 244 פארנסווארטה טעל. נארטהוויי 2006 וו.

## אויף דעטראיטער גאסען

### 17 פערזאן פארוואונדעט ווען ווי קארס שטויסען זיך צוזאמען

לעבען גרענד ריווער און וואודווארד עוו. האט זיך איין וואודווארד קאר צוזאמענגעשטויסען מיט א צייטער וואודווארד קאר און 17 פערזאן זענען פארוואונדעט געווארען.

5 זענען אוועקגענומען געווארען אין האספיטאל.

### איינער טויט און פיעלע פארוואונדעט אין קאר עקסידענטס

רייאנד עימס, 26 יאהר אלט, 67 רעווענפארט עוו., וועלכער איז ארונטערגעפאלען פאר א לויפענדער קאר אויף וואודווארד עוו., לעצטען פרייטאג, איז דינסטאג אווענט געשטארבען אין גרייס האספיטאל.

מרס. דזשענעט גארדא, 44 יאהר אלט 312 ארטילערי עוו., איז שטארק פארוואונדעט געווארען, ווען זי איז ארונטערגעפאלען פון א פארטליין קאר לעצטען דינסטאג.

מיס לוסיל פערנאלד, 661 וואודווארד עוו., איז לייכט פארוואונדעט געווארען ווען זי האט געהאלטען ביים ארונטערגעהן פון א וואודווארד קאר און דער קאנדוקטאר האט געקלונגען דעם גלעקעל ווען זי איז נאך געשטאנען מיט איין פוס אויף דער פלאטפארמע.

דזשאהן קאזמעראווסקי, 12 יאהר אלט וועלכער איז לעצטען דינסטאג געווען שטארק פארטאן אין ראלער סקייטינג, איז איבערגעפאהרען געווארען פון אן אוטאמאביל, געטריבען פון איינעם מאטיו עוו. דאס אינגעל איז שטארק פארוואונדעט און זיין צושטאנד איז זעהר קריטיש.

א 5 יאהריגאינגעל, מיט'ן נאמען דזשאהן דזשאמיינס, האט זיך לעצטען דינסטאג געשפיעלט נעבען זיין היים 480 קאנגרעס סטריט ביז אן אנקומענדער אוטאמאביל האט איהם אריינגעכאפט אין די רעדער און שרעקליך צוקאליעטשעט.

דער דרייווער האט אפילו ניט געפונען פאר נויטיג זיך אפצושטעלען ווען דער עקסידענט האט פאסירט.

מיט א פאר שטונדען נאך דעם עקסידענט, איז איינער א דזשאהן וויטאלי נעקומען צום טשיעף אוו פאלים פון העמטרענק און באריכטעט, אז זיין אוטאמאביל איז געגנב'עט געווארען, עס האט זיך דערנאך ארויסגעוויזען, אז דער נומער פון זיין אוטאמאביל איז אנגענעבען געווארען פון צושויער אלס דער וואס איז איבערגעפאהרען דעם 5 יאהריגען באי. וויטאלי איז ארעסטירט געווארען און אן אויספארשונג אין דער קייס וועט געמאכט ווערען.

### באנדיטען וואס האבען באראובט פרעד ניומאן בארויבען און שטעכען אן איטאליענער

פרענק טאפאניא, 192 פארט סטריט, איסט, איז לעצטען דינסטאג ביינאכט בארויבט געווארען אויף ריאפעל און ארלינס סטריטס.

די שילדערונג, וואס טאפאני האט געגעבען וועגען די באנדיטען צו דער פאליציי ווייזט, אז דאס זיינען די זעלבע צוויי ניגערס, וואס האבען לעצטען דינסטאג אין דער פריה בארויבט דעם גראסערימאן, פרעד ניומאן אויף גרענד ריווער עוו.

טאפאניא האט זיך ניט געוואלט אונטערגעבען. ער האט זיך געשטעלט מיט זיי שלאגען, האט איינער פון די באנדיטען ארויסגענומען א מעסער, איהם אריינגעשטאכען אין לינקען זייט און נאכדעם ווי זיי האבען איהם בארויבט פון $36 האבען זיי איהם איבערגעלאזט אין א טייך בלוט און געמאכט פליטה.

טאפאנא איז צוגענומען געווארען אין רעסיווינג האספיטאל. זיין וואונד איז ניט זעהר געפעהרליך.

# CLASSIFIED



---

# ענִיים ואביונים,
## אדער גליקליכע און אומגליקליכע

ראמאן פון מרדכי ספעקטאר

(פאָרזעצונג)

— וואס זשע זאלען מיר טהון אז ווי א שלע ערקע קומט צו אונז, אפילו שטאר-בען קומען זיי אויך צו אונז? דער גאָטער יאהר וועט זי ניט נעמען, איין אביונטע ווערט פון טויט לעבעדיג, ווייזט איהר נאר א קופערנעם גראשען מיט א פרישער בולקע וועט איהר זעהען ווי זי וועט זיך אויפכאפען, זי וועט נאר קיין מורא ניט האבען פאר אונז היימישע לייט.

די אלטע אידענע האט אבער ניט אויפ-געהערט צו שרייען:

— לאז אימיצער לויפען אין שטאדט צו ר' שמואל בער, ער איז היינט דער צווייטער גבאי אין הקדש, לאז ער געבען א צעטעל מען זאל זי אריינלאזען.

— באלד פליהען מיר, עס איז קארג די טהירען, נאך איין הקדש אנגריייטען פאר אלערליי פרעמדע שלעפערס! עס איז פאר אונז אויך דארט קיין ארט ניט דא אבער די פרעמדע, וואס וועלען מיר טהון אז אונז וועט זיך פארגלוסטען שטארבען?

די אלטע האט ניט אויפגעהערט צו פילדערן:

— וואס ווילט איהר זי זאל שטארבען אויף דער גאס, לאזט זי כאטש שטאר-בען אין א שטוב, האט די אלטע געשריען. חייקע האט זיך שטארק דערשראקען צו האבען פלוצים א מת אין שטוב, און האט געשענקט צוויי שכורים צוויי טרינק בראנפען מען זאל זי ארויסטראגען פון שענק, די אלטע האט געארבייט מעשים, עס האט ניט געהאלפען מען האט זי צו זארען מיט לאה'ן ארויסגעשטופט פון שענק. —

זי האט אנגעהויבען וויינען און בע-טען מען זאל זיך אויף דער אומגליקלי-כער זיך מרחם זיין און כאטש זי אוועק טראגען אין שטאדט דערנסטמאל וועט ר' שמואל בער אליין געבען א קוויטעל אין הקדש אריין, לאז זי ניט שטארבען אויף דער גאס

וואס האט איהר אזוי מורא? האט זיך אנגערופען איינער וואס איז געוועזען זעהר אין כעס אויף די פרעמדע ארימע לייט, דעם מלאך המות וועט ניט אנשי-טעהן אויף דער גאס, מיט איין אביון שטעהט איהם אן אפילו אונטער דער-באד אויך, און טאמער ניט — איז ער ניט קלוין צו ווארטען ביז אין דער פריה, וואס פאר א רוח וועט זיך געהען שרעק-פען מיט איהר ביי נאכט, און ווידער אין דעם הינען הקדש לאזט מען ניט אריין ביי נאכט; ר' שמואל בער וועט נאר ביי נאכט ניט געבען קיין קוויטעל, וואס זשע זאלען מיר זיך נאך שלעפען ביי נאכט, לאז גיין מאהנען. —

די אלטע אידענע האט געזעהען אז עס וועט נאר ניט העלפען, די פרעמדע וועט מוזען איבערנעכטיגען די גאנצע נאכט אויף דער גאס, איז זי געבליבען שטיל אויף עטליכע מינוט, זי האט ניט גע-וואוסט וואס צו טהון, פלוצים איז איהר עפעס איינגעפאלען: זי האט אנגעהויבען באזוכען לאה'ן אין אלע קעשענעס און האט געפונען אין איהר העמד פארבונ-דען צוזאמענגעקנייטשטע צוויי רובעל: מיט גרויס פרייד האט זי אויפגעהויבען דאס געלד אין דער לופטען:

— גאנצע צוויי רובעל האט זי, דינגט מיר א פוהרי'ל און דאס איבריגע נעמט זיך, איך וועל אליין מיט איהר פאהרען נעמען א קוויטעל אין א הקדש. צווישען דער באפטע ארימע לייט איז געווארען א גאנצע שמחה. אין א האלבער שעה ארום האט מען געבראכט א פוהרעל, ארויפגע-לעגט לאה'ן מיט אלע איהרע שמאטעס און ארויפגעזעצט די אלטע אידענע מיט איהר שטעקען און געהייסען צופאהרען צו ר' שמואל בערס שטוב.

פאר דעם איבריגען געלד, האבען זיך די אביונים צוהולעט ביי חייקען אין שענק.

היינט זעהט איהר שוין ווער די פרעמ-דע שלעפערס זענען, אליין האבען זיי קניפלעך מיט געלד און קומען צו אונז אויסבעטלען אונזערע נדבות.

### א בליק צוריק

אביסעל צוריק, צוריק, ליעבע לעזער, איהר געדענקט ווען אין דארף סטעפ-זיווקע איז געוועזען דער פאגראם, לע-מילס טאכטער די שענע רחל איז אנטלא-פען, די גאנצע נאכט געבלאנזעט אין פעלד, ערשט אויף מארגען האט זי בא-געגנט אונזער באקאנטער בעל עגלה גא-ל דער רויטער פון דער ראבער מורלי-ע, זיינע פארשוינען האבען אויף איהר המנות געהאט און זי מיטגענומען.

נאר ניט דאס בין איך אויסען. איהר געדענקט ווי צווישען די פארשוינען איז געוועזען איינער א יונגער מאן ר' אהרן, קאמיסיאנער פון ברויט, און ווייל איך ער די פאגראמס איז שטיל געווארען דער מסחר און טאקע צוליעב דעם אז זיין ווייב און קינדער זאלען ניט זיין אליין אין אזא שרעקליכער צייט, איז ער גע-פאהרען אהים, דעם גאנצען וועג האט ער זיך געקריענט און געשפארט מיט א חסיד'ל איבער א סך זאכען און אויך אי-בער דעם וואס ער האט ניט געוואלט פאהרען מיט קיין אידענע (מיט דעם אומ-גליקליכען אידעל החלון) — ר' אהרן האט געוואלט נעמען רחל'ן צו זיך, נאר דער בעל עגלה פון דער טויטער גאס האט רחמנות געהאט אויף איהר און זי גענומען צו זיך אין דער ראבער מיר-לישקע. —

נאך אביסעלע צוריק — איהר וועט מיר מוחל זיין, איך מיש אייך איינס מיט דעם אנדערען — איהר געדענקט גע-וויס אויך, אז איידער לאה האט זיך פאר-ליעבט אין פיאדאר איוואנאוויטשען, האט זי פון קינדווייז אן ליעב געהאט טא-קע א ר — ער חסידיש יונגעל, מיט א ווייס אידעל אויסגעדארט פנים'ל, מיט גוטע ניט קיין נארישע אויגען, א פאר פאות, שטענדיג פארקעמט און זיין לאנ-גע קאפאטע שטענדיג ריין, גערופען האט מען איהם אהרקע, ר' שבתי חמעלני-קע'ס איינגעל. —

כל זמן מיר האבען צו ר' אהרן, דעם קאמיסיאנער ניט באדארפט איבערגעבען קיין שום קאמיסיעס פון אונזער ערצעה-לונג, האט אונז ניט אינטערעסירט ווער ר' אהרן איז אמאל געוועזען, נאר איצ-טער ווען ער האט איבערגענומען עטלי-כע קאמיסיעס אין אונזער ערצעהלונג מו-זען מיר וויסען, אז דעם איצטיגען ר' אהרן דער קאמיסיאנער, האט מען יונגע-ווייז גערופען אהרקע ר' שבתי חמעלני-קערס איינגעל. —

דער יונגער מאן אהרן, וואס האט שוין איצט א ווייב מיט קינדערלעך און לעבט מיט זיי זעהר גליקליך, האט אמאל ליעב געהאט לאהן — ליעב געהאט מיט דער ערשטער ליעבע, וועלכע איז ריין ווי גאלד, לויטער ווי קרישטאל, ווייס ווי גיל-בער און זיס ווי צוקער. —

ער איז געוועזען א חסידיש איינגע-לייך מיט אלע און וואלט אפשר געווע-זען אויסגעוואקסען אזא חסיד'ל וואס האט מיט דער אומגליקליכער אבגערא-בעוועטער רחל ניט געוואלט פאהרען אויף איין פוהר, ווייל על פי חסידות טאר א איד ניט פאהרען מיט א אידענע צוזא-מען; אהרקע וואלט אויך אפשר אויס-געוואקסען אזא חסיד'ל וואס אין דעם טאג ווען מען ראבעוועט אידען, טאנצט ער מיט די פאנטאפעל אין דער נופטען ביי סרבין אויף דעם טיש, מיט איין ווארט פון אהרקען וואלט געווים אויס-געוואקסען אזא אידעלע מיט וועלכען ער וואלט זיך דעם גאנצען וועג געקריענט און געשפארט; נאר אין זיינע יונגעלשע יאהרען האט זיך אריינגעמישט די ריי-נע ליעבע, ער האט זיך פארליעבט אין לאה'ן, ער האט שטענדיג געוואלט איהר געפעלען, זי זאל איהם אויך ליעב האבען, דאס האט איהם באלד געבראכט דערצו אז ער זאל זיך אויפפיהרען בעסער פון אלע זיינע חברים, ער האט געלערענט זיך געגאנגען ריין אבגעוואשען אבגע-פוצט, שטיל סטאטעטשנע ווי א מענש, אלץ צו ליעב לאה'ן.

ער האט מיט אמאל דערזעהען אז ער שטעהט העכער פון אלע זיינע חברים הן אין שכל, מענשליכקייט — פאר דעם אלעמען איז ער טיעף אין הארצען גע-וועזען דאנקבאר לאה'ן.

אלע אין שטאדט האבען איהם מעהר געליבט, מעהר ליעב געהאט פאר זיינע גוטע אויפפיהרונגען, מעהר פון אלע אנ-דערע אינגלעך, טאטע אממע האבען זיך געוואונשען אזוינע קינדער. און זיינע על-טערן האט מען מקנא געוועזען אלץ א דאנק לאה'ן.

לאה האט איהם אויך באקומען ליע-בער פון אלע.

שפעטער האט ער דערזעהען אז ער זאל קענען זיין גליקליך אויף אייביג מיט לאהן זענען דא גרויסע שוועריגקייטען פון די עלטערן פון ביידע צדדים, האט ער אנ-געהויבען טראכטען צו געפינען א וועג אויף זיך צו פארבינדען מיט לאהן אויף אייביג און לעבען גליקליך, אויספעלען די עלטערן, טאמער וועלען זיי ניט וועלען. און ער האט באטראכט אז חוץ וואס ער לערנט אין קלויז, מוז ער אויך עפעס ווי-סען און לערנען אנדערע ווינטיגע זא-כען, וואס נוצען צום מענשענס לעבען אויף דער וועלט. און האט אנגעהויבען לייענען און לערנען אזוינע זאכען פון וועלכע זיינע עלטערן האבען ניט גע-טארט וויסען; דערנאך האט גאט איהם באשערט אין זיין שטאדט איז אראבגעקו-מען פיאדאר איוואנאוויטש, וועלכער האט אין די גרויסע שטעדט מיט גרויסע לעהרערס א סך געלערענט אזוינע זא-כען צו וועלכע איהם האט זיך גענג-לוסט, ער האט געהאט דאס גליק זיך צו באקענען מיט פיאדארן און נאך מעהר גליק וואס פיאדאר איז געוועזען אזוי גוט און האט געלערענט מיט איהם. — ער האט ליעב געהאט און געלערענט צו ליעב דער ליעבע, קען נאך זיין עפעס גליקליכערס פאר א יונגען מאן אין די יאהרען ווי אהרקע איז געוועזען

נאר פלוצים, נאך זיין אלעם אויס-פיינען זיך, נאך זיין גאנצער גוטער אויפ-פיהרונג, האט לאה איהם געזאגט: איך קען דיך, אהרקע, מעהר ניט ליעב האבען ווי ביז אהער, איך פיהל זיך פיעל פראק-טישער, פיעל קליגער אז דו זאלסט מיט מיר חתונה האבען

ער האט באלד פארשטאנען אז די גאנ-צע אורזאכע פון דעם „איבערקעהרעניש" איז זיין לעהרער פיאדאר איוואנאוויטש, וואס איז געלערנטער, שענער, קלוגער, ער, אהרקע, איז נאך א פנים ווינציג אויס-געוואקסען ווינציג געלערענט ער זאל ווערטה זיין לאהס ליעבע, זי האט איהם פריהער ליעב געהאט, ווייל זי האט ניט געוואוסט צו עס איז דא בעסערס און גע-לערנטערס פון איהם, און איצטער האט זי דאס אלעס בעסער געפונען אין פיא-דארן, פיאדאר איז טאקע געוועזען בע-סער און געראטענער פון אהרקען

מיט פיעל ליעבע אין הארצען, נאר שטיל איז אהרקע אוועקגעגאנגען פון לאהן, ווי דער שוואכער וואס זעהט א שטארקערען פאר זיך

איידער זיין הארץ האט נאך אויס-פיעט זיך איבערקאכען פון דעם פלוצי-נען איבערקעהרעניש, האבען איהם שוין זיינע עלטערן חתונה געמאכט, ער האט דערזעהען נעבען זיך א אידיש מיידעל וואס האט איהם קיין מאל קיין שלעכ-טעס ניט געטהון, היינט וואס האט ער צו איהר, וואס איז זי שולדיג אז לאה האט געפונען א בעסערען פון איהם, און כאטש ער איז ערגער, האט זי איהם ליעב געהאט, געוואהנט מיט איהם, געהאט למזל א קינד, דאס קינד האבען זיי ביי-דע ליעב באקומען ווי זייערע אויגען אין קאפ.

(פאָרזעצונג פאָלגט)

---

## דער ערשטער צוג קיין רוסלאנד

ווי עס מעלדעט דער „גאניעץ מינסקי“ איז אין מינסק דערהאלטען געווארען א ידיעה, אז דער צוג פון „רויטען קרייץ“ וועלכער איז ארויסגעשיקט געווארען פון מינסק קיין סאוועטען רוסלאנד, איז שוין אפגעפאהרען די דעמארקאציאנס ליניע. אויף א שטיקעל צייט האבען די באאמטע פון דער סאוויעטען מאכט פארהאלטען די רייזענדע מיט'ן צוג, כדי דורכצופיהרען פארשיעדענע פארמאליטעטען. צו דער אדמיניסטראציע און צום „רויטען קרייץ“ ווענדען זיך פיעלע פערזאנען, באזונדערס פרויען, וואס האבען זייערע מענער אין רוסלאנד, אז מען זאל זיי ערלויבען אהין צו פאהרען. זיי באקומען אן ענטפער, אז זיי וועלען קאנען פאהרען מיט'ן צווייטען צוג.

## קאמיסיע פון גאליציאנער אידען פאהרט אפ קיין אמעריקא

דער נאציאנאל ראט פון מזרח גאליציען, שיקט א קאמיסיע קיין אמעריקא מיט א פיעלזייטיגער אופגאבע.

אין דער קאמיסיע וועלען זיך באטיילינגען רעדאקטאר פון „לעמבערגער טאגעבלאט“. די קאמיסיע וועט פיעל העלפען די אונגליקליכע גאליציאנער און בוקאווינער אידען, וועלכע ווילען נישט קיין צדקה, נאר זיי ווילען ארבייטען. זיי וועט דאריבער פאראינטערעסירען רייכע גאליציאנער און בוקאווינער אידען אין אמעריקא, וועגען אינדוסטריעלע פלענער פאר גאליציען.

## פאסטאוו אין גאנצען חרוב.

פאסטאוו, קיעווער גובערניע, איז אין משך פון יאהר 1919, 27 מאל איבערגעגאנגען פון האנד צו האנד. זי איז פאר גומען געווארען דורך די פעטליוראווצעס, דעניקינצע סאון באלשעוויקעס. יעדעס מאל האט מען די שטאט ראבירט און חרוב געמאכט.

די באפעלקערונג איז זיך צעלאפען, טיילווייז אויסגעשטארבען פון הונגער און טיפוס.

דעם לעצטען מאל (דעצעמבער) איז די שטאט פארנומען געווארען נאך פארביטערטע שלאכטען דורך די באלשעוויקעס. קיין שום איינוואוינער איז שוין אין שטאט נישט געבליבען; צוויי דריטעל פון דער שטאט איז חרוב געווארען פון דער באמבארדירונג, אין שטאט געפינען זיך מעהר נישט ווי באלשעוויסטישע אינסטיטוציעס.

## דייטשע אידען באדרויערען היינעס רעזיגנאציע.

פון בערלין בעריכטעט מען אז די אידען איבער גאנץ דייטשלאנד באדויערען זעהר שטארק די רעזיגנאציע פון דעם מיניסטער וואלפגאנג היינע. ניט קוקענדיג אויף דעם וואס היינע איז ניט געווען באקאנט אלס א גרויסער אידען פריינד, איז ער דאך געווען דער איינציגער מיניסטער אין דעם דייטשען קאבינעט, וועלכער האט פארטייריגט די עמיגראנטען פון מזרח-אייראפא.

## הערבערט סעמיועל לערנט זיך העברעאיש

מענשען וועלכע זענען געפאהרען אויף איין שיף מיט הערבערט סעמיועל נאך ארץ ישראל דערצעהלען אז אין די פרייע צייט אויפ'ן שיף האט ער זיך געלערנט העברעאיש. ער האט געלעזען דעם תנך מיטן ענגלישער איבערזעצונג באנוצט אויך איינפאכע ספרי-למוד.

דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY
Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

דאנערשטאג, אפריל 1, 1920

# א סיינונג פון א הייסטינגס סטריט'ער אידען וועגען די הייסטינגס סטריט'ער אידען

עס איז אריינגעקומען צו אונז א איד; זיך פארגעשטעלט זעהר עניוות'דיג, האט זיך אויסגעזעצט אויף א ווינקעל פון שטוהל און שטיל, מיט סודות'דיג אין געצעהלטע ווערטער גערעדט.

נאכדעם ווי ער האט דעם שרייבער פון דיזע ארטיקלען א קאמפלימענט געמאכט פאר דער צייטונג ווי זי ווערט איצט רעדאגירט און פאר די לייט-ארטיקלען ווי זיי ווערען געשריבען, האט ער מיט פולען פארדרוס א הארט א מיאוס'עס וועגען הייסטינגס סטריט ארייגעווארפען.

„איך איהר רעדט שלעכטס אויף אונזער גאס און אויף איהרע איינוואוינער, די אידען?"

מעהר האבען מיר שוין נישט גערעדט.

דער איד האט אונז א קוק געטאן אין פנים אריין און גלייך א זאג געטאן:

„איהר קענט נישט „אייער" גאס. איך בין לענגער פון אייך אויף הייסטינגס סטריט און קען אויסגעפינען די היגע אידען".

אין א הייטערען שמועס האט ער אונז דירעקט אנגעפרעגט: למאי האבען מיר אמאל א שמועס געטאן מכח כשרות, און אנדערש מאל א שמועס געטאן מכח אפענע קראמען אום שבת און אום זונטאג און — דערמיט זיינען מיר אפגעקומען.

דער איד באשולדיגט אונז, אז מיר האבען קיין מאל נישט אפען ארויסצורופען די היגע רבנים און זיי אנפרעגען למאי מאכען זיי קיין סוף נישט צום הפקרות.

און ער איז עס אונז מסביר: „וואַרום נישט ווענדען זיך צו די רבנים, רבי לעווין, רבי איישישקין, רבי תאומים, רבי אייזמאן און זיי פרעגען למאי געהען זיי זיך פארביי יעדען שבת די אפענע גראסעריס, זעהן די ארויס געשטעלטע סחורות און זיי ארט עס נישט. קענען דאך די געעהרטע רבנים פארמאכען איטליכען קרעמער זיין קרעמעל; זיי קענען ארויפצווינגען אויף די אידישע קרעמער צו האלטען שבת, אדער — זונטאג.

וואַרום זאלען די גויאישע קרעמער און די גויאישע קליינקס אפהיטען איין טאג, און נאך, און די אידישע זאלען ארבייטען אי אום שבת און אי אום זונטאג?

„די רבנים זיינען שולדיג!" — אזוי האט דער איד אויסגעפיהרט זיין קלאג און ווייטער אין דער שטיל און בנעימות גערעדט:

„נישט די פרומקייט רעדט ארויס פון מיר, נאר דער מענש און מיר פראטעסטירט קעגען דעם הפקרות". און דער איד ענטדעקט אונז א סוד, אז ער אליין, דער אנקלאגער, איז א גראסערי מאן און ער אליין האלט אפען זיין קראם אי אום שבת און אי אום זונטאג.

„וואַרום פארמאכט איהר נישט אייער קראם אום שבת?"

און דער איד ענטפערט: „האלט איך איין טאג פארמאכט מיין קראם, געהט מיין קונה אוועק צום קאנקורענט. געהט ער אוועק און נעהמט מיט דעם חוב וואס ער איז מיר שולדיג".

און דער איד קלאגט זיך, אז זיינע קינדער ווערען ערצויגען אהן דער אויפזיכט פון א פאטער; אז קיינמאל קען ער אין ערגעץ נישט געהן, קען זיך נישט אפרוהען, נישט אמוזירען, נישט הערען ערגיץ א אידיש וואָרט, א אידישען רעדנער, אדער לעקציע.

און בנוגע די אידען פון אונזער גאס, האט ער מיטגעגעבען מיט פארביטערניש:

„מען גיט נישט! מען האט פארשלאסען די געלד בייטלען און מען ליעגט ווי דער תלמוד זאגט „עכברא שכיב על גבי דינרי". אליין האט מען קיין הנאה נישט, סיזעהן די הנאה פון טראגען די מזומנים אין באנק און קוקען אויף די געשוואלענע ציפער".

און ווייטער האט ער די רבנים דערמאהנט. דאס מאל דעם רבי איישישקין, וועלכער האט מיט א פאר וואכען צוריק געשריבען אן ארטיקעל אין „וועג" מכח דעם קאמפיין פון דער מזרחי ארגאניזאציע.

„ווען דעטראיט איז געווען ארימער — דערצעהלט אונז דער איד — פלעגט די מזרחי ארגאניזאציע ארויספלעגען א געוויסע סומע פון איהרע קאמפיין געלדער אויף דעטראיט. היינט אבער ווייס שוין די ארגאניזאציע אז דעטראיט, דאס אידישע רייכע דעטראיט גיט נישט און האט עס אויסגעלאזט פון איהר צעטעל".

„און אט הערט איהר די אידען זיך אנצושליסען אן דער וואלונטירען ארמעע פון דעם פיפעלס רעליעף. געהט אדרבה און זעהט געהעריג וויפיעל אידישע בעלי בתים עס ווילען זיך אן דער וואלונטירען ארמעע אנשליסען. די יונגע לייט ווילען ארבייטען, ווילען זיך מיט לייב און לעבען אפגעבען אויף צו העלפען די קינדער הוימען. און דער בעל הבית, דער שהל איד וועט אייך אויסזוכען תירוצים.

תירוצים פאר'ן פיפעלס רעליעף און תירוצים פאר דער סענטראל רעליעף; תירוצים פאר'ן בית יתומים און תירוצים פאר'ן חסד של אמת; תירוצים פאר דעם כשר האספיטאל און תירוצים פאר'ן מושב זקנים".

און עס רעדט און עס רעדט דער איד.

זיין איטליכס וואָרט טריפט ווי א פייערדיגער רעגען טראפען.

זיין יעדער זאץ איז שארף און שטעכעדיג.

זאל דאס אמת זיין?

אט די פראגע האט אן עגבער געטאן דעם מח. אזוי גיך ווי דער איד האט אויפגעהערט צו ריידען און די רעדאקציע פארלאזט.

אפשר וועט זיך דער פריינד אינזער פיהלען באליידיגט, אבער מיר מוזען דא מודה זיין, אז מיר האבען זיך דערפיהלט ווי באפרייט פון א קלאמער, ווען דער איד איז אוועק.

עס האט זיך פרייער אפגעאטהעמט.

עס האבען נאך געקלונגען זיינע ווערטער: „די אידען האבען דא אין זינען בלויז רייעל עסטייט"; „גיט זיי נאר א לייטישען „בארגיין" אין רייעל עסטייט, וועט איהר זעהן, ווי מען וועט זיך מיט אינטערעס א ווארף טאן צו אייך"; „אגמטיסט די אפיעלען"! „איהר וועט זיין מעהר דא, וועט איהר מעהר וויסען" — די אין ענגליכע אזעלכע ביטערע אנקלאגעס האט דער איד איבערגעלאזט; ווי בייזע, דאקטשלייווע פליגען האבען זיי געזשומעט אין אויער.

א פעסימיזם האט ער אין הארצען געגאסען. א מרה שחורה אנגעיאגט.

איצט אבער, בעת מיר שרייבען דיזען עדיטאריעל, הייבט זיך אונז אז

דער איד קוקט מיט צו שווארצע ברילען אויף הייסטינגס סטריט.

עפעס גלויבט זיך אונז, אז דער איז נישט אינגאנצען גערעכט.

א סך אמת איז פאראן אין זיין פעסימיזם. אבער נישט אינגאנצען אמת.

מיר וואלטען זעהר וועלען הערען וואס אונזערע אנדערע לעזער האבען צו זאגען וועגען דעם. מיר וואלטען מיט פארגעניגען אפגעגעבען פלאץ פאר יעדען בריף וואס זאל אונז אויפקלעהרען צי איז דער איד גערעכט, אדער אומגערעכט.

אויף וויפיעל אונז איז מעגליך געווען אין דעם קורצען משך פון רעדאגירען דיזע צייטונג צו באאבאכטען, פעהלען דא בלויז מתעסקים, טוערים. דאכט זיך, אז די היגע אידען זיינען ברייטהארציג, פרייגעביג.

# צושטאנד פון אידישער ערציהונג אין ליטא

לויט אן אפענעם בריף פון הרב חיים עוזר גראָדזענסקי רב הכולל פון ווילנא.

דער פונדאמענט פון אונזער תורה איז צו לערנען די תורה און איהר צו קענען. דאס איז דער יסוד פון אונזער קיום. יבנה און איהרע חכמים; דאס לעצטע וואס איז געבליעבען פון אידען נאך דעם חורבן, די שטיקעלע ברענענדע האלץ וואס איז ארויסגעכאפט געווארען פון פייער האט ווי א זייל פון ליכט באלויכטען דאס אידישע פאלק אין דעם לאנגען און פינסטערען גלות. אונזער תורה איז די תוכם פון לעבען. דאס איז די בלוט פון הארצען וואס שפייזט און גיט לעבען צום גאנצען קערפער. דיזען פונדאמענט האבען אידען באשיצט אין אלע דורות אויף איהם זענען געבויט געווארען אלע גרויסע אידישע צענטערס פאר תורה און חכמה. דאס איז דער פונדאמענט אויף וועלכען דאס גאנצע אידישע הויז איז געבויט געווארען.

אין די לעצטע עפאכען ווען דאס רוב אידען איז געווען אין רוסלאנד, האבען ליטא און זאמוט געבילדעט דעם גרעסטען און חשוב'סטען צענטער. וועלכער האט געדיענט ווי א ליכט טורם צו באלייכטען דאס גאנצע אידישע פאלק מיט תורה און חכמה, ערציהען די קינדער אין תורה איז געווארען די אויפגאבע פון כלל. די חדרים און בתי מדרשים זענען געווען פול. אלע קינדער האבען געלערענט און צווישען זיי זענען ענטוויקעלט געווארען די בעסערע קינדער פאר די העכערע ישיבות וועלכע האבען ארויסגעגעבען רבנים און מורי הוראה פאר אידען אין אלע לענדער. זאגאר ווען עס איז אנגעקומען די פעריאדע פון השכלה און אסימילאציע, און ווען די רעגירונג האט באשרענקט און געשטערט די חדרים און ישיבות האבען זיי דאך ניט געקענט איינהאלטען און דערשטיקען דעם אידישען גייסט וואס איז ארויס פון די חדרים און ישיבות פון ליטא. דאס פאלק האט ארויסגעצייגט די גרעסטע ליעבשאפט צו די אידישע הייליגטימער. א הייליגע ליב- זאזט צו תורה און איהרע לומדים. און אזוי זיינען די קינדער פון ליטא און זאמוט געווען דער מאטעריאל פאר די ישיבות און פון זיי זענען ארויסגעקומען אזעלכע וועלכע זענען געווען א ציערונג און שטאלץ פאר אידען.

אבער דאס וואס מיר האבען ניט ערווארטעט איז געקומען, א גרויסע איבערקעהרעניש איז געקומען אין א גאנץ קורצער צייט. עס זיינען אנגעקומען די שוידערליכע מלחמה טעג. די גאנצע וועלט איז אויסגעמישט געווארען. די גירושים גזירות און אויסווייזונגען זענען געקומען אויף זאמוט און ליטא, די גרויסע ישיבות זיינען אוועק. נאך דעם איז געקומען די צייט פון די דייטשע ערא[illegible]בערונג מיט אלע איהרע בייזע פאלגען. איך בין געווען דערשראקען צו זעהן ווען איך בין צוריקגעקומען אין ליטא און געפונען אז דער גייסטיגער חורבן איז נאך גרעסער ווי דער מאטעריעלער חורבן. וואס מעהר די זאך איז הייליג אלס גרעסער איז דער חורבן וואס איז אויף דעם געקומען. די רואינע ווארפט זיך יעדען אין די אויגען. די בתי מדרשים זענען לעדיג אין די חדרים איז אימה און שרעק. עס איז ניטא קיין חדרים פאר די גאנץ קליינע קינדער. אפילו אין ווילנא, די הויפט שטאדט פון ליטא וועלכע איז ביז אהער געווען די מוטער פון אנדערע שטעדט, איז דער צושטאנד זעהר טרויעריג. חדרים אין אלגעמיין זענען זעהר ווייניג, דעם ארט פון חדרים פארנעהמען די נייע שולעס וואס זייער גאנצע תורה באשטעהט אין דער שפראך אליין. צווישען זיי זענען אויך דא אזעלכע וועמעס אבזיכט איז אין גאנצען אויסצורייסען דאס וואס איז אמאל געפלאנצט געווארען און ברענגען דערצו אז די תורה און מצוות זאלען אין גאנצען פארגעסען ווערען. יעדע זאך אין דער תורה איז פאר זיי ניט מעהר ווי א פוסט[illegible] לעגענדע און דער נאמען פון גאט טאר ביי זיי ניט דערמאנט ווערען.

און אין דער צייט וואס מיר האבען געמאכט פלענער צוריקצובויען דאס אידישע הויז, אין דער צייט וואס מיר האבען געזוכט צונויפצוקלייבען די צעשפרייטע פונקען, פאראייניגען די יחידי סגולה פאר דער גרויסער ארבייט פון צוריקבויאונג, איז אנגעקומען די באלשעוויסטישע ממשלה וועלכע האט ארויסגעלאזען א גזירה צו שליסען אלע חדרים און האט פארבאטען יעדע פארמע פון רעליגיעזען אונטערריכט. נאכדעם איז געקומען די אפטע וועקסלונג פון רעגירונגען. די טעג פון שוידערליכע פאגראמען און שחיטות. די לעצטע צרות האבען געמאכט פארגעסען די ערשטע. יעדער איד האט אראפגעלאזען דעם קאפ און האט פארלארען די מוטה.

יעצט ווען עס איז צוריק געווארען עטוואס רוהיג, זיינען אהער געקומען די שלוחים פון אנדערע שטעדט זיך צו באראטען ווי אזוי צוריק אויפצובויען דאס וואס איז חרוב געווארען. עס איז באשלאסען געווארען צו זארגען פאר די גייסטיגע ענינים, באזונדערס דאס וואס באלאנגט צו אידישע ערציהונג. יעצט איז געקומען די צייט פאר די רבנים פון ליטא און פאר די יחידי סגולה וואס זיינען פארבליבען אין יעדע שטאדט זיך צו פאראייניגען און צוריקברענגען צו ליטא איהר כבוד, וואס איז פון דארטען אוועק. אונזער ערשטע פליכט איז צו באטראכטען די פראגע פון ערציהונג און זיך פאראייניגען ווי איין מאן צו גרינדען חדרים און לעהר אנשטאלטען אין יעדער שטאדט, וואו די קינדער זאלען לערנען לויט די פרינציפען פון אונזער תורה און די אידישע טראדיציעס. דער אינ[illegible] האלט פון לערנען זאל זיין חומש און רש"י, נביאים וכתובים, התחלת גמרא, אנפאנג פון וועלטליכע בילדונג, אבער די אידישע אונטערריכט מוז זיין דער עיקר. די חדרים זאלען זיין לויט אלע היגיענישע געזעצען. די צימערען זאלען זיין גרויס און לופטיג. עס זאל קיין אויסמישונג ניט זיין [illegible] די קלאסען. מיט פעהיגע מלמדים וועלכע זאלען זייער זאך ריכטיג אויספיהרען. זיי זאלען זיין פרומע אידען און פעהיג צו זייער זאך. אויסער דעם איז נויטיג צו גרינדען חדרים וואו דאס לערנען פון גמרא זאל זיין די הויפט זאך און זאלען דיענען אלס א פארבערייטונג צו דער ישיבה. צו דיעזען צוועק איז נויטיג צו גרינדען קאמיטעטען אין יעדער שטאדט, וועלכע זאלען זיך ארגאניזירען און קריגען לאקאלע מיטלען פאר אויסהאלטען די ת"ת און העלפען פארפאלקאמען די אנשטאלטען און וועלכע עס הענגט אפ דאס לעבען פון אידישען פאלק. דורך דער צייט דארפען מיר זארגען צוריקצוברענגען די תורה צו איהר אמאליגער אכסניא. צוריק עפענען די פארשלאסענע ישיבות פון וואלאזין, סלאבאדקי, ראדין און אנדערע וואס האבען זיך געפונען אין אונזערע געגענדען, אום דאס אויסצופיהרען מוזען מיר ארגאניזירען אונזערע קרעפטען און גרינדען א צענטראל ועד פאר דער פארשפרייטונג פון תורה אין ליטא.

איך בין געקומען אין פארבינדונג מיט איניגע פון די רבנים מיט דעם צוועק פון פאראייניגען אונזערע כחות און ארבייטען צוזאמען מיט דעם ועד הרבנים פון ווילנא. אזוי ווי די פראגע פון ערציהונג קען ניט אפגעלעגט ווערען איז באשלאסען געווארען צו גרינדען א פראוויזארישע קאמיטע אונטער דעם ועד הרבנים פון ווילנא און זאל זיך שטעלען אין פארבינדונג מיט אידען פון אנדערע שטעדט, זיי אויפוועקען און אויפמינטערען צו דער גרויסער ארבייט צו ברענגען ארדנונג אין ארגאניזאציאן און געפינען מיטלען אויסצופיהרען די גרויסע אויפגאבע.

אלע ווייסען אז די גרינדונג פון תלמוד תורה'ס און חדרים איז א שווערע זאך אויסצופיהרען. עס איז ניט אזוי לייכט צו געפינען די מענשען וועלכע זאלען זיין פאסענד צו שטעהן אן דער שפיצע פון אזעלכע אנשטאלטען, שוין ניט ריידענדיג פון די גרויסע סומען געלד וואס זענען נויטיג דערצו. די אויפגאבע פון אויפברענגען דעם יונגען דור לויט דעם גייסט פון דער תורה איז א זעהר שווערע זאך. באזונדערס ווען דער שונא איז פון אינעווייניג. ווען עס זענען דא אזוי פיעל פארפיהרער וואס זוכען אראפצופיהרען דאס פאלק פון וועג פון תורה, אזעלכע וועלכע ווילען איינפיהרען סקולס וואס האבען מיט רעליגיאן ניט צו טאן.

דער וויסען פון טרויעריגען צושטאנד פון ערציהונג, לעגט אויף אונז די פליכט צו ארבייטען מיט אלע אונזערע קרעפטען, אויפצונעהמען די חיי שעה צוליעב חיי עולם, וואס מיר האבען געירש'נט פון אונזערע עלטערען וועלכע האבען זיך פאר איהר מוסר נפש געווען. עס איז אונזער חוב צו באשיצען למוד התורה פון איהר ריכטיגער קוועלע, וועלכע איז די פעסטונג פון אונזער אומה.

אין דער לאנגער צייט פון אונזער געשיכטע האבען די שונאים פון אידען פון אינעווייניג און פון דרויסען געזוכט אויס צורייסען פון ווארצעל די אידען און זייער תורה, יעדען מאל איז אבער זייער פארזוך דורכגעפאלען. די אידישע תורה איז א קוואל וואס מען קען ניט פארשטאפען, ווען איהר פארמאכט עס פון איין ארט, ברעכט עס אויס אין א צווייטען ארט. דאס וואסער קומט אין נייע ערטער צו דערהאלטען דאס אידישע פאלק ביים לעבען או אויך יעצט זעהען מיר נייע שפראצונגען וועלכע האבען ארויסגעוואקסען אין אוקראינע און אין רוסלאנד. דארטען זיינען ארויס נייע שפראצונגען דורך פליכטלינגע וועלכע זענען אהין אנגעקומען פון ליטא און זאמוט. וואו נאר אידען זיינען פארטריבען געווארען האט דער כבוד פון די שכינה זיי נאכגעפאלגט. אויך אונזערע ברידער געבוירענע אין אונזער לאנד וואס זענען אוועק פון צווייטען זייט ים אין אמעריקא. די וועלכע זענען ווייט פון אונז אין פלאץ און נאהענט צום הארצען, געלוסטען נאך די אלטע טראדיציאנעלע אידישקייט, לויט די מסורה וואס זיי האבען אריינגעזויגען מיט זייערע מוטערס מילך ווען זיי זענען געווען קינדער. אט דיעזע ליעבשאפט האט אויף זיי געווירקט און זיי געגעבען כח אויסצופיהרען זייערע גרויסע ארבייט אין די אינטערעסען פון די פארפאלגטע און צעבראכענע אידען אין די מלחמה לענדער. זיי שטרעקען יעצט אויס זייער האנד דורך דער צענטראל רעליעף קאמיטע צו העלפען אונזערע גייסטיגע אוצרות. זיי ציינען ארויס ליעבשאפט צו די געצעלטען פון תורה און זענען געגרייט ווייטער צו שטיצען און העלפען אין דער יעצטיגער קריטישער צייט.

ווען די צייט וועט קומען און גאט וועט ברענגען אלגעמיינעם שלום אין דער גאנצער וועלט וועלען די נייע שפראצונגען אויסוואקסען. נייע שטערען וועלען קומען אויף דעם הימעל פון אידענטום, נייע צענטערס פון תורה און חכמה וועלען געגרינדעט ווערען און נאהענטע און ווייטע לענדער, [illegible] מיר האפען אז אונז וועט געלינגען צו האלטען ריין דעם קוואל פון די לעבעדיגע וואסער וואס געהט ארויס פון קודש הקדשים, אז אונז וועט געלינגען אויפצולעבען די אלטע צייטען צוריק אויפבויען די אידישע צענטערס פון תורה ביז עס וועט מקוים ווערען מציון תצא תורה ודבר ד' מירושלים.

# טויבע מלאכים

פון ש. אנ—סקי

א בלבול איז ניט אזוי געפעהרליך ווי די באשולדיגונג אליין, ווי דאס וואס וועט אויפגענומען אהן א שום קריטיק און וויל זיך לחלוטין ניט רעכענען ניט מיט דער לאגיק, ניט מיט פאקטען, וואס זיינען זיי סותר, א בלבול ווייסט נאר איין זאך: „מען זאגט", „מען רעדט" מעהר וויל ער ניט זעהן און ניט הערען. אין דעם אופן איז ער ענהליך צו א אבערגלויבען.

מיט א יאהר 10 צוריק האט זיך מיר געמאכט צו הערען אין א סביבה פון עלטערע אידען א געשפרעך וועגען דעם, אז ביים גראבען א פונדאמענט האט מען געפונען מענשען ביינער, און עס האט זיך ארויסגעוויזען אז אויף דעם ארט איז געווען אמאל א בית עולם.

— ווי אזוי האט מען זיך דערוואוסט אז דאס איז א בית עולם און ניט קיין גוישער מאגילניק? — האב איך געפרעגט — פון די ביינער האט מען דאך ניט געקאנט וויסען, צי זיי זיינען פון אידען אדער קריסטען.

— ווי הייסט ניט געקאנט? — האט זיך אנגערופען פארוואונדערט אן אלטער איד — געוויס האט מען געקאנט דערקענען נאך די צייהן.

— נאך די צייהן?

— נאך די צייהן — ווי דען? ביי א אידען געפינען זיך אלע 32 צייהן און ביי א גוי, להבדיל, ניט מעהר ווי 28, ווייל ביי א גוי, וואקסען ניט ארויס די פיר עקסטרא „חכמה צייהן".

דער אלטער איד, ווי אויך די איבעריגע האבען געקוקט אויף מיר פארוואונדערט וואס איך ווייס ניט אזא פשוטע און אלגעמיין באוואוסטע זאך.

מיט פיער יאהר צוריק האט זיך מיר געמאכט צו הערען אין א רוסישען דארף, ווי אן אלטע פויערטע האט דערצעהלט אז ביי אידען ווערען קינדער געבוירען „בלינד ווי קעץ" און די אלטע פויערטע איז געווען אזוי ריכטיג איבערצייגט אין דער ריכטיגקייט פון איהרע ווערטער אז זי האט ניט געוואלט הערען קיין שום טענה.

דובט זיך אזוי פראסט און אזוי גרינג וואלט זיין פאקטיש דערוויסען זיך וויפיעל צייהן עס זיינען דא ביי א גוי אין מויל און ווי א אידיש קינד ווערט געבוירען א בלינדער אדער א זעהענדיגער. נאר ניט דעם אלטען אידען, ניט דער פויערטע איז אין זינען ניט איינגעפאלען בודק צו זיין זייערע גלויבענישען דורך אויספארשען. אויף אזוי פיעל זיינען זיי געווען זיכער, אז זיי האבען קיין טעות ניט. ווי אזוי קען זיין ניט ריכטיג א זאך וואס אלע דערצעהלען, און וועלכער „אלע גלויבען".

די ביידע מעשיות וועגען די גויאישע צייהן און די בלינד געבוירענע קינדער האבען זיך מיר דערמאהנט בשעת איך האב זיך אנגעשטויסען אויף די מלחמה בלבולים און בפרט אויף דעם פארשפרייטען א בלבול אז „אידען האבען געשאסען אויף'ן מיליטער".

אין גאליציען בעת דער מלחמה, איז ניט איין פאגראם, ניט איין שחיטה אויף אידען זיך ניט באגאנגען אהן דעם טראדיציאנעלען אויסרייד, אז א איד (אפטער — א אידיש מיידעל) האט געשאסען פון פענסטער אויף'ן רוסישען מיליטער.

דער אנגריף אויף גאליציען איז פארגעקומען אין טיפען הערבסט און ווינטער 1915 — 1914 יאהר, אין דער צייט ווען אומעטום זיינען די פענסטער צוגעמאכט און פארקלעפט, כדי צו שיסען פון א צוגעמאכטען פענסטער, האט מען געמוזט פון אינעווייניג דורכשיסען די שויבען. אויף אזא אופן האט מען געקאנט זעהר גרינג און זעהר פראסט פעסטשטעלען צו האט מען פון דעם און דעם הויז, פון דער און דער דירה געשאסען אויף'ן מיליטער? נאר אין ערגעץ איז קיין אויספארשונג ניט געמאכט געווארען, צו וואס? איז דען ניט גענוג, אז אלע זאגען, אלע גלויבען, אז אידען האבען געשאסען פון די פענסטער? און איך בין זיכער אז ווען מען זאל צופיהרען א געגעראל אדער אן אפיציער צו דעם אידישען הויז און ווייזען איהם די פארקלעפטע ניט דורכגעשאסענע פענסטער וואלט דאס איהם אויך ניט איבערצייגט, פון איין זייט די עדות פון ארענטליכע, באגלויבטע מיליטער לייט, פון דעם אנדערען צד — א אידיש פארקלעפט פענסטער. ווער איז מעהר באגלויבט? פארשטעהט זיך — דאס מיליטער.

(שלום מארגן)

# יוראפיען דזשואיש ווימען אסס'ן באדאנקען דעם „וועג"

ווערטהער ה' ב. י. גאלדשטיין.

„די יוראפיען דזשואיש ווימען וועלפעיר ארגאניזיישאן אף דעטראיט" גיט אן עפענטליכען דאנק צו אייער ווערטער צייטונג „דער וועג" און א הארציגען דאנק צו אייך מר. גאלדשטיין פאר אייער וואריםען עדיטאריעל, אין וועלכען איהר האט געטריי געשילדערט די ביטערע לאגע פון אונזערע שוועסטער אויף יענער זייט ים, זייערע מורא'דיגע איבערלעבונגען און די גוואלדטאטען פון די בעסטיעס אין דער צייט פון די פאגראמען און מאסען שחיטות.

די פרויען-קרבנות אויף יענער זייט ים צעהלען ערך אין די טויזענדער און צעהנדליגע טויזענדער. יונגע מיידעלך בלאנקען זיך אין די גאסען מיט פינסטערע בליקען און מיט הערצער פול מיט וועהטאגען; יתומים און אלמנות, דערשלאגענע און צעבראכענע.

און מען וואלט באדארפט פרעגען יעדע פרוי: „וואס טוט איהר עפעס פאר אט דיזע רואינירטע און פאראומגליקטע ?"

מיר, אוקראינער פרויען, וועמען דאס גוטע מזל האט געשפיעלט, אז מיר זאלען ניט אויסטרינקען דעם ביטערען בעכער מיט גאל און ניט אויסליידען די אלע שוידערליכע עניום קשים, דארפען און מוזען זיך זארגען פאר יענע שוועסטער אונזערע אין דעם לאנד פון די הויידאמאקעס.

דיזע באוועגונג איז אויפגעוועקט אין אלע הויפט שטעדט אין אמעריקא צו ארגאניזירען אלע אידישע פרויען אין איין קערפערשאפט. מיר האבען דא אויך אן ארגאניזאציע מיט'ן דערמאהנטען נאמען „יוראפיען דזשואיש ווימען וועלפעיר ארגאניזיישאן אף דעטראיט". מיר צעהלען זיך שוין איניגע טויזענד מעמבערס. אבער צו אזא הייליגען און נאבעלען צוועק דארף יעדע פרוי זיך אנשליסען אין אונזערע רייהען.

מיר אפעלירען צו אלע אידישע פרויען פון דעטראיט אז זיי זאלען זיך אנשליסען אלס מעמבערס, קיין אויסנאהמע יונגע, אדער אלט, ארים, אדער רייך. בלויז דריי דאלאר א יאהר קען יעדע פרוי ביישטייערען צו אזא הייליגען צוועק און קיינער טאר ניט שטעהן אפיזר פון וויטענס. שיקט אריין אייער נאמען צו אונזער סעקרעטערין:

מרס. ענגעס לעווין 238 קענילווארט סטריט.

# איפריל פול

פון כל בוניק

איפריל פול, גא טו סקול,
טעלל יור טיטשער, יו'אר עי פולל..

(א גוייש שפריכווארט)

קום אהער, דו גרויסער העלד פון טאג, דו שעהנער חנו'דיגער אייביג פערבלאפטער או זאימער אויסגעלאכטער.. מאישע!

קום, מאישע קרוין, און נאמיר דיך באהענגען מיט גלעקלאך און דיך פארזינגען ווי א כלה ערב חופה טאג.

היינט איז דיין גרויסער יום טוב. היינט איז דער עהרליכער פעסט פון שקר — היינט איז דער ערשטער איפריל!

מאישע לעבען, דו ביזט גרויס! דו ביזט מעכטיג! דו ביזט פארטרעפליך!

אין דיין פאקעט ליגט דער שליסעל פון סירקוליישאן. דו ביזט דער קעניג פון סענסאציעס, בלאפס, „טויבען פאסט" און בעד רום מעשיות. דו ביזט דער הערשער פון יאלעווע דראמעס, קאמעדיאנטשיקעס און סתם פורים שפיעלער פון א גאנץ יאהר. דו ביזט דער ריטער פון ניט געשטויגענע און ניט געפלויגענע קלייזלעך, און פרעס ארגאניזאציעס.

יעס, מאישע סערדצע, דו ביזט גרויס — גרויס און מעכטיג

יעדער זאגט ביי דיר דעות אין פאליטיק. יעדער פרעדיגט ביי דיר מאראל און פאמיליען ריינקייט. יעדע פוסטע כלי בלאזט זיך ביי דיר ווי אן אינדיק. יעדער בעזנראמאנטנער חברה-מאן פיגורירט ביי דיר אלס קנאקער און כל-ולך'ניק. יעדער שלעק ווערט ביי דיר א פאלקס-רעטער און יעדער באריהמער און בלאפער — א נביא...

מאישע לעבען, דו ביזט א פרינץ! אין דיין לאנגען נאז זעה איך דעם אנזאג פון א נייער עפאכע. אין יעדען קנייטש'ל פון דיין ליכטיג פנים זעה איך א רמז אויף געבלאפטע גדולים און שטרויענע גאונים. אין דעם גראציעזען טראט פון דיינע לימענע פיס זעה איך דעם הייליגען ציטער פון פאליטישע דריידלאך, גראבע האוואנא סיגארען און פרייע אוויטאמאביל-רייידס.

אה, דו גרויסער העלד פון שקר, איך פערגנעטער דיך. היינט וועט דיין גרויסער נאמען אויף מיליאנען ליפען קלינגען. מ'וועט היינט בלאפען רעכטס און לינקס. היינט וועט מען ברענגען קרבנות צו דעם גרויסען מעכטיגען גאט פון שקר, היינט וועט איבער דער גאנצער זינדיגער ערד, געפייערט ווערען דער גרויסער יום טוב פון בלאף און האמבאג — פון שקר און באטרוג.

קום זשע און נאמיר זיך משמח זיין; נאמיר ארונטערציהען די רעקלאך, נאמיר פערקאטשען די פאלעס און כאפען א טענצעל. טאנץ, ברודערקע און הוליע. טאנץ און — — — פייף.

פייף ברודערקע, פייף און טאנץ.

פיל אן דיין בעכער, און נאמיר אויסשרייען הויך און מעכטיג:

הורריי פאר'ן שקר.

הורריי פאר'ן גרויסען יום טוב פון בלאף.

עס לעבע דער ערשטער אפריל.

אזוי זאגט א כל בו'ניק.

# דער פּראָגרעסיוו אָרדען ברית שלום

## דער פּראָגרעסיוו אָרדען ברית שלום גערהט אינסטאלירען למזל א זעקסטען בראַנטש אין אוקלאַנד

די אוקלאַנדער אידען האָבען זיך ארומגעזעהן אז עס איז שוין צייט, אז דער באדייטענדסטער און וויכטיגסטער אידישער אָרדען וואָס האָט אין משך פון 4 יאָהר צייט געהאט די מעגליכקייט צו גרינדען אין דעטראָיט אליין 5 בראַנטשעס, זאָל אויך אוקלאַנד האָבען א בראַנטש פון׳ם גרויסען ברית שלום אָרדען.

די אוקלאַנדער אידען האָבען אפּעלירט צום דיסטריקט דעפּיוטי ה׳ ד. הארוויץ וועלכער האָט שוין געהאט אנאָנסירט מיט עטליכע וואָכען צוריק די אינסטאַלאציע. אָבער איבער דער עפּידעמישער קראנקהייט איז די אינסטאַלירונג אָפּגעלעגט געוואָרען און וועט פּאַרקומען זונטאג מוצאי יום טוב דעם 11טען אפּריל.

די האַל און די צייט פון דער אינסטאַלירונג וועט אנאָנסירט ווערען סיי דורך דער צייטונג און סיי דורך באזונדערע הענדבילס.

## די צוועקען פון דעם ברית שלום אָרדען

עס איז לחלוטין איבעריג אויסצולויבען דעם פּראָגרעסיוו אָרדען ברית שלום בכלל און זיין גוואַלדיגען ערפאָלג אין דעטראָיט בפרט. א מעהר וועלען מיר דא אויסרעכנען א פּאָר פאַקטען און זאָלען די פאַקטען רעדען פאַר זיך אליין.

דער אָרדען ברית שלום איז דער איינציגער אָרדען וואָס נעהמט אריין מיטגלידער אויף און אינשורענס-פּאָליסי אין עלטער פון 18 ביז 55 יאָהר. און ניט דורכדעם א געלעגענהייט דעם יונגען עלעמענט צוזאַמען זיך צוקומען מיט דעם עלטערען. דורכדעם לערנט די יוגענד און די עלטערע זיך צו פארשטעהן בעסער און גרינדליכער.

דער אָרדען ברית שלום נעהמט אנטייל אלס וויכטיגסטער מיטגליעד אין דער ציוניסטישער באוועגונג און נעהמט אנטייל אין אלע אידישע אנגעלעגענהייטען און ארבייטען לטובת דער אידישער נאציאָן סיי דא אין גלות און סיי אין ענינים וואָס זיינען נוגע דער אַלטער היים — ארץ ישראל.

דער אָרדען ברית שלום טוט קיינמאָל קיין זאך נישט, נישט אָנפּרעגענדיג זיך פריהער אָן די פאַרשטעהער פון די באַזונדערע לאדזשעס. ער וואַרט תמיד מיט זיינע באשליסע אויף דער אלגעמיינער קאָנווענשאָן. ער ווארפט זיך נישט ארויף מיט פאָדערונגען, נאָר פארלייכטערט די פליכטען פון זיינע מיטגליעדער, געבענדיג ווי די מעגליכקייט אליין מסכים צו זיין צו די פארשידענע פּלענער און אודאי ווען די רייד איז מכח טאקס-רונגען.

דער אָרדען ברית שלום איז געוועזן דער ערשטער וואָס האָט זיך אָפּגערופען אויף יעדער רוף פון אידישע נויטען. די אנדערע אָרדענס האָבען שוין נאָכדעם נאָכגעפאָלגט דעם ביישפּיעל און זיך אויך מיט די אידישע פראגען גענומען פאַראינטערעסירען.

דער אָרדען ברית שלום צאָהלט נישט קיין וויידוש — ווי אנדערע אָרדענס — און טיילט נישט פּרעזענטען. אפילו דער גרענד מאסטער דער זעהר פעהיגער און באַגאַבטער ל. ס. ראָבינסאָן באקומט קיין געהאַלט און ווען מען האָט איהם פאַר דריי יאָהרען פּרעזענטירט מיט 1000 דאָלאר, פאַר צוויי יאָהרען און פאַר איין יאָהרען צו 500 דאָלאר, האָט דער געעהרטער גרענד מאסטער מיט טרערען אין די אויגען באדאנקט פאַר דער אנערקענונג און געזאָגט: „אין אזעלכע פינסטערע יאָהרען האָבען מיר קיין רעכט צו נעהמען פּרעזענטען. איך נעהם צו דיזע געלדער מיט דאנקבארקייט און גיב זיי אוועק פאַר די מלחמה קרבנות".

בלויז צוויי סעקרעטערען פון׳ם אָרדען — מארטין א. ליוואי (גרענד סעקרעטאר). און ראַדאָלף ראָזענבלום (אידישער סעק.) ביידע — די פעהיגסטע מענשען, וואָס ארבייטען בוכשטעבליך טאָג מיט נאכט לטובת דעם אָרדען און וועלכע ווערען באוואונדערט פאַר זייער ארבייטזאמקייט און פעהיגקייט — בלויז זיי זענען די איינציגע 2 באצאהלטע מענשען אינ׳ם אָרדען — ווייטער ווערען אלע געלדער, הכנסות, געשפּייט לטובת דעם אָרדען.

די אינשורענס זענען פאַר מאן און פרוי 1.000 דאָל.

אומגליקס פאָל (דיסאבילִיטי אינשורענס) אויך 1.000 דאָלאר.

## דער ערפאָלג פון די לאַדזשעס אין דעטראָיט

נאָכדעם ווי מען ווייס וואָס פאַר א צוועקען און ארבייטען דער אָרדען ברית שלום פיהרט דורך, איז עס שוין קיין וואונדער נישט וואָס דער אָרדען האָט אזא ערפאָלג אין דעטראָיט.

אָט זענען די פאַקטען בנוגע דעטראָיט:

1) מיט פיער יאָהר צוריק ווען דער איצטיגער אסיסטענט גרענד סעק. ראָזענבלום איז אהער געקומען מיט א מיסיע צו גרינדען דא א לאַדזש, איז ווען דער טיכטיגער מיטגליעד ה. ראָבערט גרינבלאַט האָט געהערט וועגען די גוטע אַרבייטען פון דעם אָרדען, האָט ער בוכשטעבליך אוועקגעלעגט זיין ביזנעס (פארשלאָסען זיין סטאָר) און געהאָלפען דער אָרגאַניזירונג פון דעם „דעטראָיט סיטי לאַדזש".

מיט 15 מעמבערס האָט זיך דער דאָזיגער 1-טען לאַדזש-געגרינדעט און יעצט האָט ער א 250 מיטגליעדער.

**נאָך 4 זיינען געגרינדעט געוואָרען, ווי פאָלגט:**

2) דר. וואַזשאַנע ווילמאַרזש לאַדזש פון בלויז אונגארישע אידען געגרינדעט מיט דער הילף פון דעפּיוטי מר. בערנארד שווארץ און דעפּיוטי מר. דוד הורוויץ. דיזער לאַדזש האָט איצט איבער 200 מעמבערס.

3) אינדעפּענדענט האָס פּראַטעקשאָן — האָט איצט איבער 100 מיטגליעדער.

4) מישיגאַן פּראָגרעסיוו לאַדזש האָט איצט לערך 300 מעמבערס.

א דאנק קומט פאַר דעם פּראָגרעס און ערפאָלג פון דיזען לאַדזש אָהן ספק דעם געעהרטען עקס פּרעזידענט פון לאַדזש מר. ה. קארלאף, וועלכער האָט צוזאַמען מיט׳ן דעפּיוטי דוד הורוויץ זעהר טיכטיג געארבייט צו ברענגען דיזען לאַדזש צו פאָלקאָמען ערפאָלג.

5) סעמועל סטעפען לאַדזש — מיט 150 מעמבערס.

איצט געהען מיר גרינדען אין אוקלאַנד א 6-טען לאַדזש.

און געדענקט, איהר אָקלאַנדער אידען, אז כל הקודם זכה. ווער עס וויל זיין א טשארטער מעמבער מוז קומען צווישען די ערשטע מעמבערס.

עס פאַרשטעהט זיך אז עס איז פאַר שפּאָרט איינצוריידען אימיצען אז עס איז א כבוד צו באַלאַנגען צום ברית שלום אָרדען. עס איז א טיטול צו זיין א מעמבער פון דעם ברית שלום. עס איז פאַראיבער די צייט ווען אידען האָבען זיך געשטופּט אין גויאישע לאַדזשעס אונאָרדענס. דער ברית שלום אָרדען האָט געוויזען אז עס איז אַן עהרע צו זיין א איד און צו געהערען דעם ברית שלום אָרדען און צו טראָגען דעם טיטול פון איהרען א מעמבער.

מיר לעבען אין א צייט ווען מיר דארפען זיין ענגער פאַרבונדען איינער מיט׳ן אַנדערען און דער איינציגער אָרדען וואָס פאַרבינדעט אַלט מיט יונג פון דעם אידישען פאָלק איז דער אָרדען ברית שלום.

פאַר אינפאָרמאַציע זיך ווענדען צום דיסטריקט דעפּיוטי דוד האַראוויץ אין 327 מעדבורי סט. אָדער טעלעפאָנירען נארטוויי 5457. צו יעדער צייט איז דער דעפּיוטי וויליג צו געבען זיינע מיטהעלפּע אינפאָרמאַציע און אויסקינפטע.

## בריעף צום רעדאַקטאָר

ווערטהער הערר רעדאַקטאָר פון „וועג"

איך האָב אנומעלטען אין אייער ווערטער צייטונג געדרוקט א בריעף וועגען אן אָרימער פרוי מרס. וויס, ביי וועלכער דער מאַן איז געשטאָרבען. איך האָב פון דיענען ב׳ייעף א סך ענמת נפש געליטען. איך האָב געהאַט מעהר צרות פון דער באשרייבונג, ווי אידגענד ווער. וואַרים איבער א טעות וואָס איהר, אָדער אימיצעך אין אייער רעדאקציע, צו אין דער דרוקעריי, האָט צונויפגעמישט דעם פאַרשטאָרבענעם וועלכער איז געווען א מיטגליעד פון דער דר. וואַזשאַנער ווילמאַזש לאַדזש מיט דער אונגארישער חברה.

דער אמת איז, אז דיזע צוויי אָרגאַניזאציעס זיינען גענצליך צוויי באזונדערע זאכען, דער פאַרשטאָרבענער איז געווען דער איניציאַטאָר אין דער חברה נישט געווען וואָס איך האָב קיין נחת ניט געהאַט פון אָט דעם דאָזיגען פּלאַנטער, זענען נאָך פיעלע מיטגליעדער פון דעם אינדעפּענדענט אָרדען ברית שלום, פון וועלכער איך האָב די עהרע צו זיין דעפּיוטי, ברוגז למאי מען האָט זיי געמאַכט פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער חברה קדישא. ווארים די לאַדזש האָט נישט קיין סעמעטערי.

איך וואַלט זעהר וועלען איצטער אויס בעסערען אייער טעות.

אמת, עס איז שוין לאַנג צייט געווען. אָבער די טרדת הפרנסה האָבען מיך אָפּגעהאַלטען די גאַנצע צייט. און ווי זאָגט עס דארטען דער רום: „בעסער שפּעטער איידער קיינמאָל נישט."

איך וויל אויך אין איין וועגס אינגאַנצען אראָפּנעהמען די שולד פון דער אלמנה. זי איז דאָך אוודאי גארנישט שולדיג אין ווען א רייכע לידי האָט איהר געזאָגט, אז דערפאַר שטיצט מען איהר נישט, ווייל זי האָט זיך, אָדער איהר מאַן פאַרקויפט צו די רוסישע, איז דאָס א פּשוט׳ער בלבול.

דער אמת איז, אז ווען איך האָב זיך דערוואוסט פון דעם טויטענפאַל, בין איך מיט נאָך 2 ברידער פון אָרדען ברית שלום פון מישיגאַן פּראָגרעסיוו לאַדזש אוועק און באעדיגט דעם מת.

די פרוי, די אלמנה, איז געווען צופרידען אין איהר טרויער וואָס זי האָט פאַרשפּאָרט צו זוכען א קבר.

ווייטער האָט זי חלילה קיין שום זינד ניט באַגאַנגען.

אין קורצען איז עס בכן אזוי.

די דר. וואַזשאַנע ווילמאַזש לאַדזש פון אינדעפּענדענט אָרדען ברית שלום קען קיינמאָל נישט זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר אזא פאַל, ווייל זי האָט קיין סעמעטערי נישט.

די אלמנה ווידער איז געווען אזוי צעבראָכען פון דעם אומגליק פון איהר מאַנס טויט, אז זי האָט נישט געקענט אויספרעגען מיך, אָדער די צוויי ברידער וואוהין מען פיהרט באעדיגען איהר טויטען מאַן.

און געפיהרט האָב איך איהר מאַן אויף דער חסד של אמת סעמעטערי, ווייל די אונגארישע חברה האָט געוואָלט נישט אנדערש און נישט וועניגער ווי $110, און די אומגליקליכע אלמנה האָט אפילו אזוי פינף סענט אפשר נישט געהאַט בעמאָלט.

מיט אַכטונג צו די מיטגליעדער און ברידער פון דער לאַדזש און צו אייערע לעזער פאַרבלייב איך

**דוד הורוויץ,** דיסט. דעפּיוטי פון דעט. לאַדזשעס פון אָרדען ברית שלום אף פילאַדעלפיא.

לעזט דעם „וועג"

# יום טוב און יוראפּ

## אז מ'פלעגט אריינקומען יום טוב אין א הויז, פלעגט עס שיינען אין יעדען ווינקעלע

דערמאהנט זיך נאך ווי יום-טוב'דיג אלעס איז געווען ביי אייער זיידען אין הויז. איהר האט יעצט בעסערע צייטען, און בעסערע געלעגענהייטען. איינצוקויפען אויף יום טוב — זילבערנע לייכטער, זילבערנע עסס-צייג, א פיינעם דיאמאנד און אנדערע ווערטפולע דזשולערי. מיר געטרויען אייך, און מיר גלויבען אייך וויל אנדערע גלויבען אונז אויך. זייט ניט מקנא איי ער שכן, זעהט זיך מיט מיר וועט ער אייך מקנא זיין וויסט בלויז די 3 זאכען:



1. בילינער ווי ווי-דאון טאון
2. בעסערע סחורה
3. הערליך בעהאנדעלט

גרעסטער האלסייל און ריטייל דזשולערי סטאר אין דער איסט סייד.

## מאע עהרליך

קארנער אדאמס און הייסטינגס סטריט

# די קאנגרעגיישאן בית יעקב

מאכט באקאנט אז גאנץ יום טוב פסח וועט דאווענען

## חזן רוטמאן מיטן קוזייער

פרייז פון טיקעטס 1 דאלאר פאר'ן בענעפיט פון דער קאנגרעגיישאן. יעדער איד וואס וויל האבען אן אמת'ן עונג יום טוב זאל ניט פארפעהלען צו הערען דיזען בארימטען און באגאבטען חזן מיט זיין כאר.

דיעזע וואך

„אה פרענטשי" מיידלאך

איז די אטרעקשאן און א צוויי-אקטינע מוזיקאלישע קאמעדיע בורלעסק וואס רופט זיך :: :: :: ::

„א טאג אין א מואווינג פיקטשור"

ליידיס מאטינע

10 סענט

# די מעדבארי שוה קא.

## הייסטינגס און הענדרי

האט אייך צופרידענג עשטעלט א גאנץ יאהר מיט אונזערע בעסטע שיך און מעסיגסטע פרייזען. וועט אייך זייער איבערראשען מיט אונזערע אפּ-טו-דייט שיך, אקספארדס און פאמפּס פיר דער גאנצער פאמיליע לכבוד דעם פרייליכען יו"ט מיט גאראנטיע די בעסטע צופרידענהייט און מעסיגע פרייזען.

קומט און באטראכט אונזערע ווינדאוס

## מעדבארי שוה קא.

# ווארום זאלט איהר ניט סייווען די קאסטען פון איבערדעקארירען אייערע רומס?




עס ווערט אייך קאסטען פיעל מעהר אויספייפערען אייערע רומס וועלכע ווערען פערשמוצט פון דעם סמוק און די וואסער פון די רעדיאייטארס וועלכע וועט מיט קיין זאך ניט באשיצט ווי

## די לייקס רעדיאייטאר באשיצער

ווען איהר קויפט דעם סארט רעדיאייטאר בעשיצער פארשפארט איהר אלע מאהל איבערדעקארירען אייערע רומס און אייער הויז זעהט אויס שטענדיג ווי נייע. זיי ווערען גענוצט אין אלע האטעלס און ביי דער וועסטערן יוניאן טעלעגראף קא. און ווייערע אלע אפּיסען איבערן גאנצען לאנד.

קויפט דאס גלייך

רופט אונז אב ביי טעלעפאן מעין 4781 אדער קומט פערזענליך און זעהט א בעמפעל.

**A. A. HARE 300 Woodward Ave.**



דער שענסטער סטאר אין אוקלאנד פאר סטייל און מעסיגע פרייזען.

קויפט אין אוקלאנד און סייווט געלד.

# לודין און גולדס

## 741 אוקלאנד עוו.

נעבען קעניליווארט

דער סטאר וואס גיט אייך סאטיספעקשאן א גאנץ יאהר, וועט אייך נאך מעהר צופרידענשטעלען איצט.

## לכבוד פסח

מיר האבען דעם שענסטען אויסוואהל פון

## מענס און יונג מענס סוטס

העטס פורנישינגס, די לייטעסט מאדעלס און פעשאנס, אונזערע פרייזען וועלען אייך איבערראשען.

**Ludin & Gould**

# יום טוב סייל

# יום טוב סייל

אונז איז געלונגען צו קויפען איניגע ספּעשעל בארגיינס און מיר אפערן זיי אייך פאר פרייזען וואס קען ניט געביט ווערען פון קיינעם. — אין אפּ-טו-די מינוט סטיילס אויך. בעדענקט נאר וואס דאס מיינט פונקט פאר יום טוב: אין א צייט ווען עס זיינען דא פיעלע זאכען וואס איהר דארפט פאר אייער פאמיליע, אין א צייט וואס וואארע'ס זיינען אזוי טהייער, איז דיזער יום טוב סייל ווי א ברכה פון גאט. וויל דאס מיינט אז עהרליך פערדיענטע א פאאר דאלאר פאר אייך. דא געפינט איהר אמת גוטע, הויכע און נידעריגע שיך פאר אייער גאנצע פאמיליע, אלע סטיילס. בעקוועהמליכקייט און פיטינג וואס קומט צוזאמען מיט די בעסערע סארטען שוכווארג. צוגעפּיט צו אייער פוס פון עקספערט סייל סלייטע וואס וועלען אייך בעהאנדלען העפליך און א גרויסע צאהל פון זיי צו בעדיענען אייך שנעל. ווייט אוועק פון דאון טאון ראש און עקסייטמענט. קיינע איבערגעפאקטע סטריט קארס צו פאהרען לוינט זיך אייך צו קומען אין בראודי'ס צו קויפען אייערע שוכווארג.

### פאר וואקסענדע מיידלאך

פטענט פאמפּס, נידעריג געקאווערטע הילס, האנד געדרעהטע זוילען, מיט טיילארד ריבאן באוס סייזעס 2½ ביז 6 אבער ניט אלע ברייטען

**$3.95**

### גרוי סוויד פאמפּס און אקספארדס

אימיטיישאן ווינג-טיפּ, גודיעהר וועלטס, גענויטע זוילען, מיליטערי אבצאסען, רעגולאר 12.00 ווערטה, ספּעשעל פאר

**$6.95**

איין לאט פאר פרויען הויכע שיך צו בראכענע סייזעס אין מענט זיי אנקוקען, ספּעשעל פאר יום טוב סייל, צו

**$4.95**

### הויכע ליידיס שיך

אין הויכע און נידעריגע הילס, א גרויסער אויסוואהל ווערטה פון 9.00 ביז 14.00, ספּעשעל פאר'ן יום טוב סייל צו

**$6.95**

אייער אויסוואהל פון איניגע הונדערט פאאר ליידיס שעהנע שיך אין די לעטצטע פּעטערנס, רעגעלע 12.00 ביז 18.00 ווערטה פאר

**$8.95**

### מענערשע קאקא-ברוין קעף ענגלישע שיך

אין נייע „ספּידוועק לעסט" רעגולאר 12.00, ספּעשעל פאר

**$9.85**

מענערשע קאקא-ברוין קעף ענגלישע שיך, אין א ריכטיגע „גורקעס" רעגולאר 14.00 ווערטה ספּעשעל פאר'ן יום טוב סייל פאר

**$10.85**

מענערשע שווארצע ווייכע קיד לייס מיט א מיטעלמעסיגען פאינט, פאר פאריידע קאמפארט רעגולאר 12.00 שיך פאר

**$9.85**

מענערשע פיינע קאאך ברוין קעף סקין אקספארדס א זעהר נימער ענגליש לעסט, רעגולאר 15.00 ווערטה, ספּעשעל פאר

**$12.85**

מענערשע סאליד לעדער ארבייטס שיך אין אלע גראדען, איינער וואס איז נאה וואס אננעקומען, סייל פרייז

**$4.95**

מענערשע 5.00 ברוינע ווענטולייטעד אקספארדס גודיעהר סטיטשט סאלס, לייכט צו ארבייטען אין זיי אויפ'ן סייל, צו

**$2.89**

### באיס ארמעע שיך

גוד יעהר וועלטה גענייטע זוילען, סאליד לעדער, ווייכע שפּיצען, רעגולאר 7.00 שיך, ספּעשעל פאר'ן יום טוב סייל צו

**$5.95**

איין לאט פון באיעס גאן מעטאל און בלוטשער סטייל שיך, רעגולאר 5.00 ווערטה, ספּעשעל פאר'ן יום טוב סייל צו בלויז

**$2.95**

קינדערשע 3.50 און 4.00 שיך, עקסטרא גוט געמאכט אמת'ע הענד געדרעהטע זוילען סייזעס 4 ביז 8 מיט ספּרינג הילס, אויפ'ן סייל פאר

**$2.89**

1.35 באיעס און מיידלאך טעניס אקספארדס, ווייסע אדער שווארצע

**$1.19**

באיס קאקין ברוין ענגליש און בלוטשער סטייל שיך רעגולאר 7.00 ווערדעס, סייזעס פון 1 ביז 6; ספּעשעל יום טוב סייל צו

**$5.95**

דיזעלבע אין הויכע שיך פאר 1.00 ווייכע זוילען, אלע קאלירען און אלע סטיילס ספּעשעל פאר'ן יום טוב סייל צו

**69c**

### 3.50 נידעריגע שיך צו $2.89

מערי דזשאנס אקספארדס, פּעטענטס און מעטאל לעדער און ברוינע, סייזעס 4 ביז 8

### קינדערשע הי גרייד שיך

א גרויסער אויסוואהל אויסצוקלייבען. רעגולאר 5.50 און 6.00 ווערדעס, סייזעס 8½ ביז 11 ספּעשעל פאר דעם יום טוב סייל צו

**$4.49**

אין 5.00 ווערדעס צו $3.85

### $4.00 מענערשע „ראמיאס" 2.89

מענערשע טען ווייסע ראמיאס הויז סליפּערס, עלאסטישע זייטען, געדרעהטע זוילען, ווערטה 4.00 פאר'ן יום טוב סייל צו

**$4.89**

יעצט איז די צייט אנצוגרייטען א סופּליי פון בארוויסע פיס סאנדעלס פאר קינדער. מיר האבען נאר וואס ערהאלטען א גרויסען שיפּמענט און האבען די געפּרייזט אלס ספּעשעלס.

# BROUDY'S BOOT SHOP

וואו נידעריגע פרייזען הערשען אימער

## 282 OAKLAND AVE. Corner Clay

אלע 4טע סטריט קארס ברייננען אייך צו אונזער טיר

פערפעהלט ניט צו בעטראכטען אונזערע ווינדאוס

פערפעהלט ניט צו בעטראכטען אונזערע ווינדאוס

# באריכטען

א רעגולאר מיטינג איז אפגעהאלטען געווארען פון דעם היברו האספיטאל אסס'ן, אין עטטינגערס האלל דורך דעם ווירדיגען פרעזידענט קאטצין.

אלע בעאמטע זיינען אנוועזענד געווען.

דער באריכט פון לעצטען מיטינג איז פארגעלעזען און אנגענומען געווארען.

ברודער ליפמאן איז ערועקטעט געווארען פאר פינאנס סעקרעטאר אין היברו האספיטאל אסס'ן, מיט דעם געהאלט פון 200 א יאהר. עס איז באשלאסען געווארען דאס ער מוז געבען 500 דאלאר באנד.

מיט דער רעקאמענדיישאן פון די באורד אף דירעקטארס איז איינשטימיג באשלאסען געווארען צו רופען א ספעשעל מיטינג אין דעם צווייטען דינסטאג אין אפריל, ווענען פארלעזען די קאנסטיטושאן צום צווייטען מאל און אויך וועגען אנדערע וויכטיגע אנגעלעגענהייטען ווען נויטיג.

עס איז באשלאסען געווארען צו עפענען איין קאמערשאל אקאונט און אלע אויסגאבען זאלען אויסגעצאהלט ווערען דורך טשעקס און זאלען געסיינט ווערען פון דעם סעקרעטאר, טרעזשורער און פרעזידענט.

די ברידער: קאהן, ראזען, ספיוואק, וועלט און גרינבלאט זענען אפאינטעט אין דער פינאנס קאמיטע צו אונטערזוכען די ביכער איידער זיי ווערען איבערגעגעבען דעם נייעם סעקרעטאר.

מר. גאלדשטיין, דער רעדאקטאר פון „וועג" איז אנוועזענד געווען ביי דעם מיטינג. איינשטימיג איז באשלאסען געווארען אויסצודריקען איין הערצליכען דאנק פאר זיינע עהרענאריעלס.

די מעמבערשיפ קאמיטע רעפארטעט 44 נייע מעמבערס, וועלכע ווערען גוט געהייסען.

מיט דיעזען שליסט זיך די מיטינג.

איינגאהמע — 93.50 אויסגאבען פאר סטעמפס — 2.36

**ס. באגדאר**, רעק. סעק.

—::—::—

## די ענגלישע פרעסע און דאס פוילישע נאציאנאליטעט - געזעץ

אלס ענטפער אויף א באריכט פון'ם לאנדאנער איד. קאר. ביורא וועגען דעם לעצטענס דורכגעפיהרטען נאציאנאליטעט-געזעץ אין פוילען וואס דערקלערט בערך 100.000 אידען אלס אויסלענדער און דראהט זיי מיט ארויסשיקען פון [illegible], האט מר. י. ל. הארליי, א פוילישער באאמטער, געשריעבען א בריעף אין דער לאנדאנער „וועסטמינסטער געזעט" אין וועלכען ער פארטיידיגט דאס דאזיגע געזעץ, זאגענדיג אז דער פוילישער סיים פאלגט אין דעם פאל נאך אלע אנדערע ציוויליזירטע לענדער, און א זעט אין נישט די שולד פון'ם פוילישען סיים וואס געוויסע אידען האבען אין דער פארגאנגענהייט פארנאכלעסיגט דורכצופיהרען די נויטיגע פארמאליטעטען.

דאס לאנדאנער איד. קאר. ביורא האט דא אין דער „וועסטמינסטער גאזעט" פון'ם 21טען פעברואר אויפמערקזאם געמאכט, אז דאס נאציאנאליטעט געזעץ פון'ם פוילישען סיים איז א פארלעצונג פון'ם 3-טען ארטיקעל פון דער צוזאגע בנוגע דעם שלום אפמאך, און אז די פארערונג צו זיין פארשריעבען אין די רוסישע ביכער פון די „שטענדיגע איינוואוינער" איז נישט נאר ניט אין צוזאמענקלאנג מיט דער באשטימונג פון'ם שלום אפמאך נאר איז אויך זעהר שווער אויסצופיהרען ווייל די רוסישע ביכער פלעגען אין דער פארגאנגענהייט נישט געפיהרט ווערען ווי ס'דארף צו זיין, און די רעגיסטראציע פלעגט תמיד זיין אן אונגעהויער שווערע פראצעדור.

דאס ביורא האט אויך אפגעלייקענט, מר. הארליי'ס באהויפטונג, אז עס קומט איצט פאר א גרויסע איינוואנדערונג פון רוסישע אידען קיין פוילען ווייל א גרויסע עמיגראציע פון רוסלאנד איז איצט גענצליך אונמעגליך.

לסוף האט דאס ביורא אויפמערקזאם געמאכט אויף דער גרויסער פארביטערונג און ענטוישונג מצד דער אידישער באפעלקערונג דורך דער איינפיהרונג פון דעם דאזיגען געזעץ.

## די אידען אין מינסקער שטאט-ראט רעדען העברעאיש

די דעקלאראציע פון דער אידישער פראקציע אין מינסקער שטאט-ראט האט ה. כורגען געלייענט אויף העברעאיש און זי איז גלייך איבערזעצט געווארען אויף פויליש. אויסער די דעקלאראציע האט ה. כורגען אנגעהויבען זיינע רעדעס מיט די ווערטער „פשעפראשאם פאנאוויע" און איבערגעגאנגען אויף רוסיש. דער ראטמאן סטוטשינסקי ־לובענסקי האט געראלטען זיינע רעדעס אין א צעקאליעמעשעטען פויליש.

## די זובערניסקי - קאנפערענצען פונ'ם פארבאנד פון אוקראינער אידען פון אמעריקא

די פראגען וועגען שיקען שליחים קיין אוקראינע שטעהט איצט ביי אלע גדעסערע לאנדסמאנשאפטען אויף דער טאגעסארדענונג; פיעלע האבען שוין באשטימט שליחים און אפילו ניט א טראנט געטון וועגען דעם מיט וואס פאר א שוועריגקייטען עס איז פארבונדען צו קריגען פאר זיי פאספארטען, זיי פארזארגען מיט גויטיגע קרעדענשעלס און זיי אינסטרואירען ווי אזוי און מיט וואס זיי דארפען זיין פארברייטעט פאר אט דער רייזע.

א צווייטער ענין, וואס באשעפטיגט איצט די מוחות פון די לאנדסמאנשאפטען איז די פראגע וועגען שיקען געלד, קליידער, מעדיקאמענטען און בריעף קיין אוקראינע. די קאנפערענצען פונ'ם פארבאנד פון אוקראינער אידען פון אמעריקא, וואס וועלען אפגעהאלטען ווערען דעם 7-טען אפריל אין ניו יארק און דעם 14-טען, 17-טען און 18-טען אפריל אין בער גאנץ יונייטעד סטייטס וועלען גרינדליך בעהאנדלען אט די אלע פראגען.

דער פארבאנד האט אט די פראגען גרינדליך שטודירט, אנגעקניפט פארבינדונגען מיט אלע וועלט-אינסטיטוציעס, וואס באשעפטיגען זיך מיט אט די ענינים און איז אין דער לאגע צו ברענגען די אלע מאנשאפטען א סך נוצען מיט דיין רייכען אויסקונפטס-מאטעריאל, וואס ער האט אויף אט דעם געביעט.

כדי צו קאנען מיט ערפאלג דורכצופיהרען די לייזונג פון אט די דערמאהנטע וויכטיגע פראגען, וועט אויך יעדע [illegible]

[illegible] ניבערניע וועהלען פון זיך אן עקזעקוטיוו מיטגליעד צום פארבאנד, און אזוי ארום פארגרעסערען און פארשטארקערען די עקזעקוטיווע פונ'ם פארבאנד.

די האלם וואו די קאנפערענצען וועט לען ארקומען, וועלען זיין אנאנסירט אין די צייטונגען.

## באקאנטער פיזיאלאגיסט שטארבט

פון בערלין טעלעגראפירט מען אז דארט איז געשטארבען דער באקאנטער פיזיאלאגיסט נייטהען צונץ.

* * *

פראהיבישאן פאלט שוין פון די פיס. „מאכט איז רעכט"! זאגט דער לענד לארד שיר'ה.




די דאזיגע מעפ ווייזט די אי. און בי. ליינס וואס מר. קאוענס וועט זיין באפאלמעכטיגט צו בויען אין דעטראדיט מיט

פונ'ם פארבאנד פון אוקראַי-
נער אידען פון אמעריקא

די פראגע וועגען שיקען שליחים קיין אוקראינע שטעהט איצט ביי אלע גרעסע רע לאנדסמאנשאפטען אויף דער טאגעס-אָרדענונג; פילע האבען שוין באשטימט שליחים און אפילו ניט א טראנט נעטען וועגען דעם מיט וואס פאר א שווערינקייט

...עס איז אַ ... צו ... זיי פאספארטען, זיי פארוארען מיט די קרעדענשעלס און זיי אינסטרוק-ווי אזוי און מיט וואס ווי דארפען פארבריינגט פאר אט דער רייזע. א צווייטער ענין, וואס באשעפטיגט איצט די מוחות פון די לאנדסמאנשאפ-טען איז די פראגע וועגען שיקען געלד, קליידער, מעדיקאמענטען און בריעף קיין

...באנד פון ... אוקראינער אידען פון אמע-ריקא, וואס ... אפגעהאלטען ... דעם 7-טען אפריל אין ניו-יארק און דעם 14-טען, 17-טען און 18-טען אפריל אין בער נאציאן יונייטעד סטייטס ... דליך בעהאנדלען אט די אלע פראגען. דער פארבאנד האט אט די פראגען פרינד ליך שטודירט, אנגעקניפט פארבינדונ-

...נען מיט אלע וועלט-אינסטיטוציעס, וואס באשעפטיגען זיך מיט אט די ענייד און איז אין דער לאגע צו ברענגען די ... מאכשאפטען א סך נוצען מיט זיין ריינען אינפארמאציע-מאטעריאל, וואס ער האט איצט אט דעם געביעט.

כדי צו קאנען מיט ערפאלג דורכצו-פיהרען די לייזונג פון אט די דערמאהנ-טע וויכטיגע פראגען, וועט אויך יעדע

...מבערגיע וועלען פון זיך און עקזעקוטיוו מיטגליעדער צום פארבאנד און אזוי אויך פארגרעסערען און ... עקזעקוטיווע פונ'ם פארבאנד.

די האלס וואו די קאנפערענצען ווע-לען ארקומען, וועלען זיין אנאנסירט אין די צייטונגען.

## באקאנטער פיזאלאגיסט שטארבט

פון בערלין טעלעגראפירט מען אז דארט איז געשטארבען דער באקאנטער פיזיאלאגיסט נייטהען צונץ

* * *

פראהיבישאַן פאלט שוין פון די פיס. „מאכט איז רעכט“! זאגט דער לענד לארד שירה.




די דאזיגע מעפ ווייזט די אי. און בי. ליינס וואס מר. קאוזענס וועט זיין באפאלמעכטיגט צו בויען אין דעטראדיט מיט

## אייער געלט

אין די אַרימיגע שטעדטלאך ווי איילאנד פארק, העמטרעמק און ספרינגוועלס האט קאוזענס קיין רעכט ניט

# זייט ניט אפגענאַרט. דער קאוזענס פלאן מיינט צוויי מאל קארפעיר

# שטימט „ניין“

## באַ...נטען

א רעגולאר מיטינג איז אפגעהאלטען געווארען פון דעם חברה האספיטאל אסס'ן, אין עטטינגערס האלל דורך דעם ווירדיגען פרעזידענט קאטצין.

אלע בעאמטע זיינען אנוועזענד גע-ווען.

דער באריכט פון לעצטען מיטינג איז פארגעלעזען און אנגענומען געווארען.

ברודער ליפמאן איז עלעקטעט געווא-רען פאר פינאנס סעקרעטאר אין חברה האספיטאל אסס'ן, מיט דעם געהאלט פון 200 א יאהר. עס איז באשלאסען געווארען אז ער מוז געבען 500 דאַ-לאר באנד.

מיט דער רעקאמענדיישאן פון די באורד אף דירעקטארס איז איינשטימיג באשלאסען געווארען צו רופען א ספע-שעל מיטינג אין דעם צווייטען דינסטאג אין אפריל וועגען פארלעזען די קאנ-סטיטושאן צום לעצטען מאל און אויך וועגען אנדערע וויכטיגע אנגעלעגענהיי-טען וועגען נויטיג.

עס איז באשלאסען געווארען צו עפע-נען איין קאמערשאל אקאונט און אלע אויסגאבען זאלען אויסגעצאהלט ווערען דורך טשעקס און זאלען געסיינט ווע-רען פון דעם סעקרעטאר, טהעזשורער און פרעזידענט.

די ברידער: כאהן, ראזען, ספיוואק, וועלט און גרינבלאט זענען אפאינטעט אין דער פינאנס קאמיטע צו אונטער-זוכען די ביכער איידער זיי ווערען איבערגעגעבען דעם נייעם סעקרעטאר.

מר. גאלדשטיין, דער רעדאקטאר פון „וועג“ איז אנוועזענד געוועזען ביי דעם מיטינג. איינשטימיג איז באשלאסען גע-ווארען אויסצודריקען איין הערצליכען דאנק פאר זיינע עדיטאריעלס.

די מעמבערשיפ קאמיטע רעפארטעט 44 נייע מעמבערס, וועלכע ווערען גוט געהייסען.

מיט דיזען שליסט זיך די מיטינג.

איינגאהמע — 93.50 אויסגאבען

פאר סטעמפס — 2.36

ס. באגדאר, רעק. סעק.

—:—:—

## די ענגלישע פרעסע און דאס פוילישע נאציאנאליטעט-געזעץ

אלס ענטפער אויף א באריכט פונ'ם לאנדאנער איד. קאר. ביורא וועגען דעם לעצטענס דורכגעפיהרטען נאציאנאלי-טעט-געזעץ אין פוילען וואס דערקלערט בערך 100.000 אידען אלס אויסלענדער און דראהט זיי מיט אדויסשיקען פון לאנד, האט מר. י. ל. האדליי, א פוילי-שער באאמטער, געשריעבען א בריעף אין דער לאנדאנער „וועסטמינסטער גע-זעט“ אין וועלכען ער פארטיידיגט דאס דאזיגע געזעץ, זאגענדיג אז דער פוילי-שער סיים פאלגט אין דעם פאל נאך אלע אנדערע ציוויליזירטע לענדער, און א זעס איז גישט די שולד פונ'ם פוילי-שען סיים וואס געוויסע אידען האבען אין דער פארנאכנעגנהייט פארנאכלע-סיגט דורכצופיהרען די נויטיגע פאר-מאליטעטען.

דאס לאנדאנער איד. קאר. ביורא האט דא און דער „וועסטמינסטער גאזעט“ פונ'ם 21-טען פעברואר אויפמערקזאם גע-מאכט, אז דאס נאציאנאליטעט געזעץ פונ'ם פוילישען סיים איז א פארלעצונג פונ'ם 3-טען ארטיקעל פון דער צוזאגע בנוגע דעם שלום אפמאך, און אז די פאדערונג צו זיין פארשריעבען אין די רוסישע ביכער פון די „שטענדיגע איינ-וואוינער“ איז גישט נאר ניט אין צוזאַ-מענקלאנג מיט דער באשטימונג פונ'ם שלום אפמאך נאר איז אויך זעהר שווער אויסצופיהרען ווייל די רוסישע ביכער פלעגען אין דער פארנאכנעגנהייט נישט געפיהרט ווערען ווי ס'דארף צו זיין, און די רעגיסטראציע פלעגט תמיד זיין אן אונגעהויער שווערע פראצעדור.

דאס ביורא האט אויך אפגעלייקענט מר. האדליי'ס באהויפטונג, אז עס קומט איצט פאר א גרויסע איינוואנדערונג פון רוסישע אידען קיין פוילען ווייל א גרוי-סע עמיגראציע פון רוסלאנד איז איצט גענצליך אונמעגליך.

לסוף האט דאס ביורא אויפמערקזאם געמאכט אויף דער גרויסער פארביטע-רונג און ענטוישונג מצד דער אידישער באפעלקערונג דורך דער איינפיהרונג פון דעם דאזיגען געזעץ.

## די אידען אין מינסקער שטאָט-ראט רעדען העברעאיש

די דעקלאראציע פון דער אידישער פראקציע אין מינסקער שטאט-ראט האט ה. כורגען געלייענט אין העברעאיש און זי איז גלייך איבערזעצט געווארען אויף פויליש. אויסער די דעקלאראציע האט ה. כורגען אנגעהויבען זיינע רעדעס מיט די ווערטער „פשעפראשאם פאנאָוויע“ און איבערגעגאנגען אויף רוסיש. דער ראט-מאן סטטשינסקי ילובענסקי האט גע-האלטען זיינע רעדעס אין א צעקאליע-טשעטען פויליש.

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט

ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער

וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד

אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: טשערי 3715


## וואס דעטראיטער פרויען דארפען איצט וויסען

פון ב. י. ג—ן

דעטראיט איז ווייט נישט ניו יארק, דעטראיט איז נישט קיין "וועלט-שטאדט" פונדעסטוועגען מוז מען מודה זיין, אז דעטראיט איז דאך א גרויסע שטאדט מיט א גרויסער פארשיעדענארטיגער באפעלקערונג.

די פיהרונגען אין דעטראיט זיינען זעהר ענליך אויף די פיהרונגען פון די גרויסע שטעדט; דאס היגע געזעלשאפטליכע לעבען שטראמט מיט דעם זעלבען רויש ווי אין ניו יארק אדער שיקאגא.

דא, אזוי גוט ווי דארטען ווערט נייע באקאנטשאפט געשלאסען יעדען טאג. געלעגענהייטען זיינען תמיד דא א סך און אין די שפעטערע זומער-מאנאטען ווערען נייע באקאנטשאפטען געשלאסען מעהר ווי אין אלע אנדערע חדשים פון יאהר.

די דאזיגע באקאנטשאפטען זיינען, ווי בכלל אין אמעריקא, צופעליגע. איינער ווייס נישט דעם כאראקטער פון דעם צווייטען, ווייס נישט זיין פארגאנגענהייט און נישט זיין נעגענווארט, ווייס נישט פון זיין בילדונג אדער קענטעניש, און ווייס אויך גארנישט פון זיין לעבען, געוואוהנהייט און איינפיהרונגען.

דאך ווערט אין די פריהלינג און זומער חדשים געשלאסען באקאנטשאפט צווישען יונגע מענשען.

מען קומט זיך צונויף בקאמפאניעס וויז אין די פארקען, אדער אין אנדערע שפאציר פלעצער, מען שפאט זיך אויף'ן וואסער, מען פאהרט אין די פארקס און מען געוועהנט פיסלעכווייז צוטרוי'ען איינס צום צווייטען.

אויף אזא אופן באקענט זיך דאס מיידעל מיט א יונגענמאן, ביידע זיינען אין א לעבעדיגער, געהויבענער, זומערדיגער שטימונג, מען איז — אזוי צו זאגען — פאעטיש געשטימט און אין א קורצער צייט ארום שווערט מען זיך "עוויגע ליעבע" ביי דער לבנה, ביי די שטערן און ביי אלע זיבען הימלען; נאכדעם לאדעט זי איהם איין צו זיך אהיים, שטעלט איהר פאר אלס איהר "פעלער" און אט אזוי ארום ווערען זיי חתן כלה.

דער חתן קויפט מתנות, די כלה נעהמט די מתנות און מיט דאנקבארקייט און — — — ווער איז דער חתן? וואס איז זיין פארגאנגענהייט? וואס פאר א לעבען האט ער געפיהרט?—דערויף פארטראכט זיך נישט דאס מיידעל.

אין פארגעסט נישט, אז דאס איז אין'ם בעסטען פאל.

עס טרעפט דאך, אז אזעלכע ליעבעס לעבען קיים איבער די זומער מאנאטען און מיט דעם ערשטען קאלטען הערבסט ווינטעל ווערט די ליעבע פארקיהלט, באקומט משכאבטקע און שטארבט אפ צוזאמען מיט די גרינע בוימער, מיט די צארטע בלומען און מיט דעם ווייכען גראז אויף די לאנקעס.

אפילו אין די בעסטע פעלע, וואס פיהרען צו חתונה, ווייס דאס מיידעל זעהר ווייניג פון דעם צופעליג באקאנטען בחור.

זי איז באקאנט מיט זיינע באנעהמונגען צו איהר; זי משפט איהם לויט די מתנות וואס ער קויפט איהר און זי באשליסט, אז אויב ער איז אזא מילדער בחור, אז ער קארגט נישט אויף איהר קיין געלד, איז עס נישט אנדערש, אז ער איז א פיינער מאן. א לייטישער בחור און איז מסתמא אין איהר פארליבט איבער די אויערען.

מען מעג מיט זיכערקייט זאגען אז העכער העלפט פון אזעלכע צופעליגע, אומפארזיכטיגע חתונות ענדיגען זיך צרה'דיג.

האט נאך דאס מיידעל א קלוגע מוטער, וואס ווייס ווי אזוי צו היטען איהר טאכטער פון אן אומגליק, איז נאך די צרה, א האלבע. ווארים א קלוגע מוטער ווייס אז איהר מיידעל פארליערט די גאנצע לאגיק דעמאלט ווען עס שטורמען אין איהר יונגען הארצען פארשיעדענע געפיהלען. זי ווייס אויך אז אזעלכע צופעליגע באקאנטשאפטען און אומפארזיכטיגע ליעבעס האבען שוין גוט איין יונג מיידעל אדער ווייבעל צו רואינע געפיהרט.

ביי די לעצטע, דאס הייסט ביי יונגע פרויען וואס האבען שוין איין מאל די חתונה צערעמאניע דורכגעמאכט, פאסירט אויך אז זיי זאלען אין די דאזיגע זומער חדשים זיך פארליעבען, אדער ריכטיגער געזאגט, פארלירען די לאגיק און אומפארזיכטיגערהייד זיך איבערגעבען צו די צופעליגע באקאנטע.

אויף אזעלכע איז קיין מיטלייד אפילו נישטא. זיי האבען שוין באדארפט זיין פראקטיש צו קענען אביסעל מעהר דאס לעבען און זאלען זייער ליעבע נישט אנהענגען אויף צופעליגקייט. זיי דארפען שוין וויסען, אז דאס רוב פון אזעלכע זומערדיגע בחורים קענען מיט זייערע רייד און מיט זייערע פרעזענטען פארדרעהען דעם קאפ פון אומערפאהרענע פרויען.

מיטלייד פארדיענען באמת יונגע אומערפאהרענע מיידלעך, וואס האבען נים קיין מוטערס, קיין עלטערע שוועסטער, וואס זאלען זיי ערקלערען די געפאהר פון די זומער ליעבעס; זיי האבען נישט ווער עס זאל זיי איבערקוקס מאכען, איבערפעגען זייערע פארפלענדעטע, פארליעבטע אויגען און זיי ארויספיהרען פון די וועגען וואס פיהרען זיי צו ענטוישונג און צו ביטערע טראגעדיעס.

ווארים אזוי ענדיגען זיך די מעהרסטע זומער ליעבעס: — זיי שטארבען אפ ביי די ערשטע קאלטע הערבסט ווינטען.

און ווען אפילו אזא ליעבע דערפיהרט צו חתונה איז דאס אויך נים קיין גליקליכע, ווארים פארבינדען זיך מיט א מאן, וועמען מען קען נישט און מען ווייס נישט, און קיין גליק נישט.

דאס דארפען וויסען די יונגע אינערפאהרענע מיידלעך איט ווי זאלען [illegible]

## א מעשה מיט מוניסיפאל אונערשיפ טעלעפאנס

פון מ. ה.

נאך אן אינטערעסאנטען פאקט ווי וויט מוניסיפאל אונערשיפ היינט צו טאג קען זיין א דורכפאל.

אין וויניפעג מאניטאבא האט זיך דער ראבלין גאווערנמענט פארגלוסט צו מאכען א „אישו" פון מוניסיפאל אונער-שיפ.

אין יענער שטאדט איז דער שעיר עזאזל געווען די טעלעפאן קא. פונקט ווי אין דעטראיט מאכט מען דאס איצט פון דער דעטראיט יונייטעד רעילוועי. גע פיהרט האט מוניסיפאל אנערשיפ צו דעם פאלגענדען:

1) גלייך ווי די ראבלין גאווערנמענט האט איבערגענומען דעם קאנטראל פון דער טעלעפאן קא. האט זי געהעכערט די פרייזען מיט דער ענטשולדיגונג, אז די שטאט דערלענגט, די שטאט קען נים אפאר-דען צו געבען קיין טעלעפאן סוירוויס פאר דער אלטער רעיט, און עס האט ווי דער אנגעהויבען דיענען דאס גלייכע-טער:

בליימט די סיטי!

2) די סוירוויס, וואס האט איצט גע קאסט טייערער, אנשטאט וואס פאר עלעק שאן האט די ראבלין גאווערנמענט גע שריהען אז זי וועט ווערען בעסער, איז געווארען ערגער, און אויך דא אין דער טעלעפאן סובסקרייבער דער מאניטא בער בירגער האט זיך געוואלט באקלא-גען האט ער אויסגעפונען אז ס'ניטא צו וועמען. די „שטאט" האט זיך פאר שטאפט די אויערען.

4) אלע אנגעשטעלטע, די מענער ווערקס, סופעראינטענדענט אסיסטענטס ביז די אפערייטארס זענען געוועזען פא-טישענס און נאר דורך פאליטישען פי-האבען זיי געהאלטען זייערע דזשאבס.

5) ענדליך איז ענטדעקט געווארען אז די גאנצע פאליטישע מאשין האט אריינ-געכאפט די טעלעפאן סיסטעם אין איהרע הענט אריין.

עס זענען ענטדעקט געווארען גרויסע גנבות, שווינדלעריען און געשעפט און דאס האט געפיהרט דערצו אז

6) די ראבלין גאווערנמענט איז גע-שטעלט געווארען פארן געריכט און אין געריכט איז באשטעטיגט געווארען אז נאך א דאנק דעם פאקט וואס ס'געווארען מוניסיפאל אנערשיפ האבען די פאליטי-שענס געשלאגען קאפיטאל פון דער טעלע-פאן סיסטעם האבען פארקריפעלט די סוירוויס, האבען געמוזט העכערן די רעיטס, א. ז. וו. אט דאס איז געוועזען די ביטערע ערפאהרונג וואס וויניפעג מא ניטאבא האט געהאט מיט מוניסיפאל אונערשיפ. זאל דאס דער דעטראיטער בירגער געדענקען איצט פאר דעם 5-טען אפריל אידער ער גיט איבער די קאר ליינס אין די הענט פון א פאליטישער מאשין.

### א נייעס אין מצה פאקען

די מאנישעוויץ מצה קאמפאני איז די איינציגע קאמפאני וואס רוהט נים טאג און נאכט און זוכט שטענדיג אויסצובעסערען איהר פראדוקט ווערענד די מאנישעוויץ מצה איז שוין זייט יאהרען בעקאנט אלס די „מצה מיט אלע מעלות" די מצה וואס איז אונפערגלייכליך, די בעסטע אין פולען זין פון װארט, הן אין אויסזעהן, הן אין קוואליטי, פרישקייט כשרות און געשמאק, און ווערענד עס איז שוין כמעט ניטא קיין אימפראווו-מענטס צו מאכען אויף דער מצה, האט אבער די פירמא איינגעפיהרט היינטי-גען יאהר א נייעס וואס גוט זיכער שטארק אויסגענומען ביי אלע באלעבאס-טעס.

אויסער וואס די מאנישעוויץ מצה קומט געפאקט אין דיקע קארדבארד פעקעדזשעס, וואס ברייגט די מצה צו אייך אין הויז אזוי פריש ווי דעם טאג וואס זי נעהט ארויס פון דער מאנישעוויץ בעקערי, האט די פירמא יעצט איינגע-פיהרט צו פאקען די מצות אין צוויי אפטיילונגען פאר יעדע 5 פונט און אין 4 אפטיילונגען פאר יעדע 10 פונט. דאס מיינט אז יעדע $2\frac{1}{2}$ פונט מצות ווערט פריהער געפאקט אין א קארטאן און דאן ווערען 2 אזעלכע געפאקט אין די 5 פונט פעקעדזשעס און צו 4 אין די 10 פונט פעקעדזשעס. דיעזער נייער סארט פאקען וועט אבקאסטען די פירמא צעהנ-דליגע טויזענדער דאלאר, אבער די פירמא קוקט נים פאר קיין געלד, אבי דאס וועט זיין לטובה פון די וועלכע געברויכען די מאנישעוויץ מצה.

דיעזער נייער סארט פאקען וועט ער-מעגליכען פערזיכערען אבסאלוטע און פאלקאמענע פרישקייט און צוויטענס נקאנאמי. ווי בעקאנט ווען א הויז פרוי עפענט דאס געוועהנליכען באנדעל למצות ווערען די איבעריגע צובראכען און זאל נערען זיך ארום און עס געהט מעהר אוועק אין גיוועיז וויפיעל מע עסט אויף. מיט דער נייער סארט פאקע דארפט איהר נים עפענ־קיין צעהן-פונט פע קעדזש נור $2\frac{1}{4}$ פונט. דאס איבעריגע ווערט נים גערוהרט ביז איהר האט נים פריהער פארברויכט די ערשטע $2\frac{1}{2}$ פונט.

די מאנישעוויץ מצה קאמפאני איז די איינציגע אין דער וועלט, וואס האט דיע סארט פעקינג, און די פירמא פיהלט זיך שטאלץ וואס זי קען איהר צאהלרייכע פריינד געבען דאס בעסטע אין יעדע הינזיכט. די מאנישעוויץ מצה קאמפאני מעג מיט שטאלץ זאגען, אז זי איז די איינציגע מצה קאמפאני וואס זארגט אזוי סער פאר דעם כשרות קוואליטי און געש מאק פון איהרע פראדוקטען אויך אז די מצה זאל אנקומען צום פובליקום גאנץ און פריש.

נים אומזיסט איז די מאנישעוויץ מצה די באליעבטסטע און די פאפולער-סטע מצה אין דער וועלט.

### פאר פארקויפען א גיט צו א אידען

די „מישל ניעפארלענלא" אין ווארשא דערצעהלט אז אויף דער זיצונג פון די דעלעגאטען פון'ם וויערבזשניקער סיי-מיק איז אנגענומען געווארען פאלגענ-דער באשלוס:

„דער סיימיק באשליסט איינשטימיג, אז פאר פארקויפען דאס גוט טאריאנאוו צו די אידען יאסעק און מאשעק מיצענ-מאכער, נישט קוקענדיג דערויף, וואס די אומיגע באפעלקערונג האט געבעטען מען זאל דאס גוט איהר פארקויפען, זאל דער גראף זשולטאווסקי געטאדעלט ווע-רען אלס פארעטער פונם פאטערלאנד. זיין טאט זאל פארעפענטליכט ווערען אין די ווארשעווער צייטונגען און זיך ווענדען צו דער קאמיסיע ווענען פאר-צעלירען דאס גוט טאריאנאוו אלס גע-קויפט דורך מלחמה-פארדינסטען.

די זיצונג פון סיימיק איז פארגעקומען אונטער דער אנפיהרונג פון דעם סטא-ראסטא קאזימירזש סיוויק.

### זיעבען אויטאמאבילען געגנב'עט אין דעטראיט פאר לעצטע 2 טעג

אויף פארלויף פון די לעצטע פאר טעג איז צו די היגער פאליצי באריכטעט געווארען פון 7 אויטאמאביל גנבות

## „לכל עת" אויף אלעס קומט א צייט

און אויך אויף דעטראיט איז געקומען א צייט, איך מיין אקעגען דעם וואס איהר זאגט א שנארער אסי-[illegible]שאן.

לכן זייט וויסען אז אין דעטראיט האט זיך געגרינדעוועט א שנארער אסאסיאיישאן מיט אלע קליפער. אך מיט אלע שטיק און שטיקלעך טאקע להבדיל ווי ביי אמת'ע שנארער. און כל דיכפין יתי ויאכל, דאס הייסט ווער עס וויל געשנארעט ווערען און אליין אויך ווערען א שנארער. איז צו יעדער צייט ביי אונז ווילקאמען און ווייסט איהר וואו? טאקע אין ליבער ליים טינגז — (לייבאר לייסעאום בלע"ז) זונטאג אוונט 4 אפריל 8 א זייגער — פאר אויסקונפטע. — אז איהר וועט זיין, וועט איהר א"הש ש'ין אליין אויסגעפינען.

מיט איינענער האנט אונטערצייכענט זיך מיניסטער פון אינערליכע און אויסער-ליכע אנגעלעגענהייטען

ה. ר.

פסח נומער

14 זייטען

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

The only Jewish Paper Printed in Michigan

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

347-49 HASTINGS STREET Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. 7?? authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 3c. — DETROIT, MICH., Friday, April 2nd 1920 Vol. 2, No 44 — פרייטאג, אפריל 2, 1920



# פינף אלבאני'ר סאציאליסטישע אסעמבלילייט זענען אויסגעשלאסען

## גאנץ סיביר וועט זיך באלד געפינען אין באלשעוויסטישע הענט

וולאדיוואסטאק, אפריל 1. — היינט געפינט זיך אין ניקאלסק דער צוזאמענפאהר פון דער רוסישער קאמוניסטישער פארטיי, און גאנץ סיביר וועט ערקלעהרט ווערען אונטער א סאוועטען פארם פון רעגירונג. צוויי דריטעל פון מזרח סיביר האבען שוין איינגעפיהרט סאוועטען און, ווי מ'גיט איבער, גיבען זיך די זעמסטוואס אונטער צו דער נייער רעגירונג אהן אירגענד וועלכען ווידערשטאנד.

### סאוועטען שלאגען ווידער פאר שלום צו אמעריקא, יאפאן און כינא

וולאדיוואסטאק, אפריל 1. — מ. ווילענסקי, דער שליח פון דער מאסקוואר רעגירונג, וועלכער איז דא אנגעקומען, האט ארויסגעגעבען שלום-פארשלאגען צו אמעריקא, יאפאן און כינא.

ער האט ערקלעהרט, דאס די סאוועטען רעגירונג זאגט צו ניט אנצופיהרען קיין פראפאגאנדא אין אמעריקא; זי וועט אנערקענען יאפאנ'ס „ספעציעלע אינטערעסען" אין ווייטען מזרח, און מבטל מאכען אירגענד וועלכע פרעטענזיעס צו האבען קאנצעסיעס אין כינא.

### סאוועטען ווילען זיך אננעהמען פאר כינא

לאנדאן, אפריל 1. — א דעפעש פון פעקין צו דער היגער „טיימס", דאטירט דעם 29טען מערץ, מעלדעט דאס די כינעזישע רעגירונג האט ערהאלטען א נאטע פון מאסקווא'ר סאוועט, אז א רויטע ארמיי מארשירט צום מזרח, כדי קומען צו הילף די ארבייטער און פויערים אין סיביר, וועלכע ליידען פון די אויוואארפען קאלטשאק, סעמיאנאוו, הארוואט און זייערע יאפאנעזישע אונטערשטיצער, די ארמיי מארשירט, כדי איינצופיהרען אן אייביגען שלום.

די נאטע דריקט אויס גרויס ענטריסטונג נעגען די פארברעכענס, וועלכע זענען באגאנגען געווארען נעגען כינא און זאגט, דאס סאוועטען רעגירונג נעהמט זיך אונטער צו מבטל מאכען אלע אפמאכען און צו ענטזאגען זיך פון אלע פריוויליגיען אין כינא, וועלכע זענען געקראגען געווארען אויף אן אונגערעכטען אופן. דער קארעספאנדענט גיט צו, דאס ס'איז קיין צווייפעל ניט, דאס כינא וועט אננעהמען אלץ, וואס ס'ווערט איר פארגעשלאגען. די באלשעוויקעס האבען, זאגט ער, געפונען חן ביי די כינעזער.

### באלשעוויקעס פיהרען איבער סאלדאטען פון אדעס צום פוילישען פראנט

ווארשא, אפריל 1 — דער נעכטיגער אפיציעלער באריכט פון דער מיליטערישער הויפט קווארטיר גיט איבער, דאס דער טאג איז געווען דער רוהיגסטער אויף אלע פראנטען, זינט די [illegible] ארמיי האט אנגעפאנגען איהר אנגריף דעם 21 מערץ. ס'זענען פארגעקומען נאר ארטילערישע דועלען. לויט באריכטען ציהען די באלשעוויקעס איבער פון אדעס א גרויסע ארמיי צום צפון-פוילישען פראנט, אום צו מאכען אן אנגעשטרענגטען אנגריף אויף פוילען, איידער דער שנעע צוגעהט.

### מארטענס בעט סאן-פראנציסקאר געריכט איבערצוגעבען רוסישע שיף צו סאוועטען

סאן-פראנציסקא, אפריל 1. — די מאסקוואר רעגירונג האט דורך היגע לאיערס אנגעגעבען אין היגען געריכט, דאס די רוסישע שיף „אנגאראי" וועלכע געפינט זיך אין סאן-פראנציסקאר האפען, זאל אומגעקעהרט ווערען צו דער רוסישער סאוועטען רעגירונג.

די קלאגע איז אונטערגעשריבען אינם נאמען פון "דער רוסישער סאציאליסטישער פעדעראלער סאוועט-רעפובליק".

און לודוויג מארטענס, איהר פארשטעהער אדער אגענט".

### מארטענס לאזט וויסען קאלבי'ן ער איז ווילינ צו פארלאזען אמעריקא

וואשינגטאן, אפריל 1. — דער פארהער וועגען דעפארטירען מארטענס'ען, דעם רוסישען סאוועטען פארשטעהער דא אין לאנד, קומט פאר אונטער פארמאכטע טירען (געוועהנליך ווערען אזעלכע באהאנדעלט אין דער עפענטליכקייט).

דער פארהער קומט פאר אין לייבאר-דעפארטמענט; מארטענס'ען פארטייטיגט עקס-סענאטאר הארדוויק און דער יוסטיץ-דעפארטמענט איז פארטראטען אין דער פערזאן פון זיין אסיסטענט-סעקרעטאר פאסט.

מארטענס האט היינט ארויסגעגעבען אן ערקלעהרונג, וואו ס'ווערען אנגעוויזען די ציעלען פון זיין קומען קיין אמעריקא:

„איך בין דא געקומען — זאגט דארט מארטענס — איינצושטעלען פריינדליכע עקאנאמישע און דיפלאמאטישע באציהונגען. דיעזע באציהונגען, באטש זיי זענען אונפארמיידליך, זענען דערווייל נאך ניט עטאבלירט געווארען. רוסלאנד נויטיגט זיך זעהר אין פארטיגע פראדוקטען פון אנדערע לענדער. און רוסלאנד האט גרויסע זאפאסען פון רויהע מאטעריאלען, וועלכע קענען ווערען ארויסגעפיהרט אויף די מארקעטען פון דער וועלט.

אין דער ערקלעהרונג ווערט ווייטער געזאגט פאלגענדעס:

„אן עקאנאמישע קאמיסיע פון סאוועטען-רוסלאנד געפינט זיך איצט אויף איר וועג קיין ענגלאנד איינצוארדנען דארטען אויספיהרליך אין אלע איינצעלהייטען קאמערציעלע אפמאכען, וועלכע וועלען אין גיכען געשלאסען ווערען צווישען רוסלאנד און ענגלאנד. אזעלכע אפמאכען וועלען געמאכט ווערען אויך מיט אנדערע לענדער.

„אויב די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען פיהלט, דאס זי קען ניט אריינטרעטען אין אן אפמאך פון דיעזען סארט, דאן גלויב, דאס דער סטייט-דעפארטמענט וועט מיך אינפארמירען וועגען דעם, כדי איך זאל קענען לאזען וויסען מיין רעגירונג, וועגען דעם באשלוס פון דער אמעריקאנער רעגירונג און איך זאל קענען זיך צוריקציהען פון א שליחות, וועלכע האט ניט קיין מעגליכקייט צו האבען אן ערפאלג.

אין זיין בריעף צום סטייט-סעקרעטערי, קאלבי, זאגט מארטענס, דאס אויב די פאראייניגטע שטאטען וויל ניט האבען קיינע באציהונגען מיט דער פאקטישער רעגירונג פון רוסלאנד, איז ער צופרידען צו פארלאזען דיעזען לאנד און אוועקצופאהרען. אזוי שנעל, ווי די מעגליכקייטען צו קומען אין זיין לאנד, וועלען איהם געגעבען ווערען."

## באוועגונג פאר רעפובליק אין דענמארק ווערט גרעסער

לאנדאן אפריל 1. — לויט א באריכט פון קאפענהאגען, פארשטארקט זיך די באוועגונג איינצופיהרען א רעפובליק אין דענמארק.

דער נייער דענישער קאבינעט פון דער קאנסערוואטיווער פארטיי האט אפגעהאלטען זיין זיצונג א גאנצע נאכט, אויף די גאסען האבען גרויסע מאסען מענשען דעמאנסטרירט און פיעל רעדעס זענען געהאלטען געווארען פון רעפובליקאנער אגיטאטארען.

די צייטונג „דיילי-עקספרעס" האט ערהאלטען פון איהר קארעספאנדענט א ידיעה דאס די פאליטישע לאגע אין דענמארק איז כאאטיש, און אז דער נייער קאבינעט וועט פונאנדערטרייבען דעם פארלאמענט.

### אלע ארבייטער מוזען סטרייקען ניט שפעטער פון 6-טען אפריל

קאפענהאגען, אפריל 1. — דער פרעזידענט פון די דענישע ארבייטער יוניאנס האט נעכטען ערקלעהרט, דאס דער ארויסגערופענער גענעראל סטרייק איז גילטיג זאפארט, אבער מ'האט עס איבערגעלאזט, צו די אינדיווידועלע יוניאנס, זיי זאלען עס פאר זיך באשטימען און אויספיהרען דעם סטרייק באפעהל, דער סטרייק אבער, האט דער פרעזידענט געזאגט, מוז ארויסגערופען ווערען ניט שפעטער פון קומענדען דינסטאג.

### בעקערס וועלען די ערשטע סטרייקען

קאפענהאגען, אפריל 1. — די בעקער-יוניאן וועט זיין די ערשטע אפצורופען זיך אויף דעם גענעראלסטרייק, וואס איז ארויסגערופען געווארען. צוליעב דעם, וואס דער קעניג האט דיסמיסט דעם זאהלע קאבינעט.



### פרוי דערשיסט איהר מאן נאך א לאנגען פאמיליען-סכסוך

נאך א קריגערייי וואס האט אנגעהאלטען א וואך צייט, איז סידני לייאנס 33 יאהר אלט פון 247 בראש סטריט, געפונען געווארען א דערשאסענער אויף טויט, נעבען פרוי אין זיין היים.

זיין פרוי איז ארעסטירט געווארען אויף דער קלאגע פון מארד.

לייאנס איז לעצטען מיטוואך ארויסגעלאזען געווארען אויף $2,000 באנדס נאכדעם ווי ער איז 2 טעג געווען ארעסטירט אויף דער קלאגע פון שלאגען זיין פרוי מיט א רעוואלווער איבער'ן קאפ.

ווען ער האט זיך מיטוואך אוועקגעקעהרט א היים, האט ער — דערצעהלט מרס. לייאן — ארויסגענומען דעם רעוואלווער און באפוילען זי זאל נעהן שלאפען. זי האט געפאלגט. און נאך 12 אזייגער האט לייאנס ארונטערגעלעגט זיין רעוואלווער אונטער זיין קישען און זיך אויך געלעגט שלאפען. אביסעל שפעטער האט די מרס. לייאנס זיך אויפגעכאפט און דערזעהן דעם רעוואלווער. זי האט — ווי די פאליציי דערצעהלט — ניט געטראכט לאנג און גלייך אויסגעשאסען אויף איהר מאן. די 6 קוילען, מיט וועלכע דער רעוואלווער איז געווען געלאדען, זיינען איהם אריין אין קאפ און ער איז אויגענשיינליך דערהרג'עט געווארען.

די פרוי איז ארויסגעלאפען אין גאס מיט דעם רעוואלווער אין האנט און פאליסלייט זיינען גלייך אנגעקומען צו דער סצענע. לייאנס איז שוין געווען טויט און די פרוי איז גלייך צוגענומען געווארען אין פאלים סטיישאן.

אלבאני, אפריל 1. — די 5 סאציאליסטען — לואיס וואלדמאן, אגוסט קלעסענס, טשארלס סאלאמאן, סעמועל דעוויט, און סעמועל אר, אלע ערוועהלטע אסעמבלילייט פון ניו-יארק, זענען היינט אויסגעשלאסען געווארען פון דער ניו-יארקער אסעמבלי.

אסעמבלימאן רוזוועלט האט געשטימט נעגען דעם אויסשליסען, ארגומענטירענדיג מיט דער אסעמבלי, אז זי האט ניט קיין רעכט אויסצושליסען א פארטיי.

די דעבאטען האבען גענומען מעהר 23 שטונדען.

מיט איהר באשלוס, האט די ניו-יארקער אסעמבלי באשאפען א פאל, וועלכער איז אונבאקאנט אין דער גאנצער געשיכטע פון אמעריקא. ווארים קיינמאל האט מען ניט פארטריבען א גאנצע פארטיי פון קיין געזעצגעבענדער קערפערשאפט.

דאס שטימען איז ניט געווען נאך די פארטייען: א דעמאקראטען אי רעפובליקאנער האבען זיך געפונען צווישען די, וואס האבען געשטימט נעגען די סאציאליסטען און פאר זיי.

פון די צוויי פרויען, וואס זענען ערוועהלט געווארען צו דער אסעמבלי, האט מיס סמיט, א רעפובליקאנער, געשטימט נעגען די סאציאליסטען, און מיס רזשילעט, א דעמאקראט, — פאר די סאציאליסטען.

א היציגע רעדע, פול מיט גיפטיגע באמערקונגען האט געהאלטען אסעמבלימאן מעקיו. ער האט די סאציאליסטען אנגערופען פאררעטער, אנארכיסטען א. ד. ג. ער האט זיך פערזענליך געטשעפעט צום סאציאליסט וואלדמאן, איינעם פון איצט-אויסגעשלאסענע אסעמבלילייט.

וואלדמאן האט איהם דאן צוגעשיקט א צעטעלע, וועלכעס ס'האט זיך געלעזען ווי פאלגט.

„מאקי! זיי א ספארט און מאך א פארשלאג, דאס איך זאל באקומען דאס ווארט, כדי דיר צו ענטפערען, וועסטו עס טאן ?"

מעקיו האט אבער ניט געענטפערט.

דאס אויסשליסען פון די 5 געזעצליך ערוועהלטע סאציאליסטישע אסעמבלילייט, ווען דיעזער פארשלאג איז געמאכט געווארען אין יאנואר האט ארויסגערופען א שטורם פון פראטעסטען איבער גאנצען לאנד. ס'איז כמעט ניט געווען קיין איין צייטונג, וועלכע זאל ניט פארדאמען דעם פארזוך פון דער אלבאני'ער אסעמבלי צו פארלעצען דעם עלעמענטארסטען פרינציפ פון דעמאקראטיע. אפילו קאנסערוואטיווע פאליטיקער, ווי טשארלס היוז און זיין גלייכען, האבען מיט גרויסער ענטריסטונג פראטעסטירט נעגען דער פינסטערער האנדלונג פון ניו-יארקער אסעמבלי, דא, אין דעטראיט, האט מר. פאלמער, דער הויפט פון יוסטיץ דעפארטמענט — געוויס ניט קיין פריינד פון סאציאליסטען — זעהר שארף קריטיקירט די רעאקציאנערע טוער פון דער אלבאני'ער געזעצגעבונג. ס'האט אבער גאר ניט געהאלפען, די געזעצליך ערוועהלטע מיטגליעדער פון ניו-יארקער אסעמבלי זענען אויסגעשלאסען.

### סברא אז מערי פיקפארד'ס צווייטע היראט וועט בטל ווערען

רענא, נעוו., אפריל 1. — אויף דעם פארלאנג פון דער באר-אסאסיאיישאן פון וואשא קאונטי, האט דער אטארני דזשענעראל פון נעווארא אנגעפאנגען אן אויספארשונג אין דער גט-קיום פון מערי פיקפארד און אוען מור.

דער פלאן פון דער אויספארשונג איז בטל צו מאכען דעם גט, ווייל די גאנצע זאך איז צוגעגאנגען זעהר שנעל.

### מערי בלייבט געלאסען

לאסאנדזשעלאס אפריל 1 — מערי פיקפארד און איהר „יונג באלעבעסל", דאגלאס פעירבענקס נעהמען זיך ווענינג צום הארצען וואס מע האט אנגעפאנגען אן אויספארשונג אין דער פיקפארד-מור גט-קיום. זי פארזיכערט, אז אלעס איז צוגעגאנגען געזעצליך און קיין זאך קען ניט בטל ווערען.

## קענעדער גרענעץ שטעטלאך נעהמען איבער קארס פון די. יו. אר.

באקאנט געווארען, אז ווינדזאר און די איבעריגע קאנאדער גרענעץ שטעטלאך ארום דעטראיט ריווער, האבען אפגעקויפט די קאר-ליינס פון דער די. יו. אר. און זיי וועלען איצט האבען א מוניציפאלע קאר-סיסטעם.

די קאר ליינס פון די גרענעץ שטעטלאך ווינדזאר, וואקערוויל, פארד, סענדוויטש, ארזשיבוועי, סענדוויטש איסט, סענדוויטש וועסט און אמהערסטבורג, וועלכע זיינען פריהער געווען דאס אייגענטום פון דער די. יו. אר. זיינען איבערגענומען געווארען פון דער האידרא עלעקטריק קאמיסיע, אוו אנטעריא.

מעיאר ווינטער פון ווינדזאר האט נעכטען ארויסגעגעבען א פראקלאמאציע גראטולירענדיג די בירגער פון ווינדזאר, וואס זיי וועלען פון היינט אן האבען א ניטע קאר-סיסטעם, אונטער דער אנפיהרערשאפט פון דער האידרא עלעקטריק קאמיסיע, וועלכע איז א רעגירונגס-קערפערשאפט פון דער פראווינץ אנטעריא.

אין ווינדזאר צירקולירען שוין יעצט האידרא עלעקטריק טיקעטס.

### ארבייטער פארטרעטער פאר מעיאר קאזענס פלאן.

קאנגרעסמאן דזשאהן י. נאלאן, פון קאליפארניא, טשערמאן פון דער ארבייטער גרופע אין קאנגרעס, און מיטגליעד פון דעם מאולדערס אינטערנעשאנאל עקזעקוטיוו קאונסיל, האט רעדענדיג מיטוואך אוונט פאר דער דעטראיט פעדערישאן אוו לייבאר, שטארק אגיטירט פאר מעיאר קאוזענס פלאן.

„אויב עס איז נאך פאראן א צווייפעל ביי איטעצען — האט מר. נאלאן געזאגט — צו ער דארף שטימען פאר'ן מעיאר קאוזענס פלאן, דאן וועל איך דערמאהנען דעם פאל אין סאן פראנציסקא, וואו עס איז צו פארדאנקען די אנשטרענגונג פון דער ארגאניזירטער ארבייטערשאפט, איז יעצט איינגעריכט די בעסטע קאר סיסטעם, קאנטראלירט און פארוואלטעט פון דער שטאדט.

„פאר יאהרען — האט דער רעדנער ווייטער געזאגט — איז סאן פראנציסקא געווען אפהענגיג אן דעם חסד פון א קאאפעריישאן. מען האט געדארפט מאכען דריי אפשטימונגען, ביז די בירגער האבען באשלאסען צו מאכען די קארס פון סאן פראנציסקא אלס דאס אייגענטום פון דער שטאדט, דאס זיינען געווען די ארגאניזירטע ארבייטער וואס האבען געשטימט פאר „מוניסיפאל אונערשיפ" און וועלכע האבען געקויפט די באנדס פון דער שטאדט צו העלפען עטאבלירען א מוניציפאלע קאר-סיסטעם.

„זינט איך בין געקומען קיין דעטראיט האב איך נאכגעפאלגט אלע צייטונגען, און ס'איז מיר קלאהר געווארען, אז דא איז א קאמף צווישען די בירגער פון שטאדט מיט א קאמפאניע פראפיטירער — אט פונקט ווי עס איז געווען אין סאן פראנציסקא. די זעלבע מעטאדען וואס די יונייטעד ריילראודס פון סאן פראנציסקא האבען אנגעווענדעט, ווענדט יעצט אן די „די יו אר" פון דעטראיט.

„אבער דער גרעסטער שווינדעל אינם קאמף נעגען מוניסיפאל אונערשיפ, אין אייער קאמפאניע באנגען מיט דעם סטייטמענט, וואס איהרע אראטארס האבען געמאכט, אז די מוניציפאל קאר-סיסטעם פון סאן פראנציסקא האט געליטען א דעפיציט פון $690,000 לעצטען יאהר. איהר קענט די דאזיגע אראטארען זאגען פון מיינטוועגען, אז זייער סטייטמענט איז ניט אמת.

„אדרבא, ניט אכטענדיג וואס מ'דארף נאך דארטען צאהלען אינטערעסט אויף די באנדס און אנדערע חובות, איז דאך געווען א באדייטענדער איבערשפוס לעצטען יאהר. אויך דארטען האט די קאמפאניע געזוכט איינצושמועסען דעם עולם אז מ'וועט דארפען צאהלען דאבל פעיר אז עס וועט ניט זיין קיין אויסברייטונג פון טראנספערס, אבער דא זיינען די פאקטען:

„אין 1908 האט די שטאט געשטימט צו בויען אייגענע קאר-ליניען, און מען האט זיך באלד גענומען צו דער ארבייט. עס איז באשטימט געווארען א 5 סענט פעיר און פון דער אנדערער זייט האט דער עולם פלייסיג געקויפט באנדס, וואס האט געגעבען דער שטאדט א מעגליכקייט צו מאכען אויסברייטערונגען, וועלכע וואלטען קיין מאהל ניט געמאכט געווארען פון פריוואטע קאמפאניעס.

„עס איז פאר מיר א קליינער וואונדער, וואס אייער קאר מענס לאקאל איז פאקטיש די איינציגע יוניאן אין שטאט וואס איז נעגען דעם מעיארס פלאן. דאס זעלבע איז געווען איבעראל, אבער עס וועט אויך זיין אינטערעסאנט צו וויסען, אז די ארבייטער פון דער „פריסקא מוניסיפאל סיסטעם" איז הונדערט פראצענט ארגאניזירט".

### שרעקליכער קאר עקסידענט אויף גרענד ריווער עוו.

א גרענד ריווער קאר, האט זיך נעכטען בייטאג ארייננעשטויסען אין דער הינטערשטער פלאטפארם פון א סטישאנערי מיטל קאר, אויף גרענד ריווער עוו., און דער רעזולטאט איז דריי מענשען האלטען ביים שטארבען און נאך 20 פאסאזשירען זיינען ליכט פארוואונדעט און שטארק צושראקען.

איינער פון די דריי פארוואונדעטע, ס. ל. ריק 60 יאהר אלט, האט ניט קיינע שאנסען צו לעבען. זיינע מינוטען זיינען געצעהלטע.

א 15 יאהריגע מיידעל מיט'ן נאמען מערי מיסעל, וועלכע איז געשטאנען אויף דער פלאטפארם ווען דער עקסידענט האט פאסירט, איז ארויסגעווארפען געווארען פון קאר דורך דעם אימפעט פון דעם צוזאמענשטויס, זי ליגט יעצט אין הארפער האספיטאל שטארק פארוואונדעט.

### חזן הערשמאן אין דעטראיט

דער באוואוסטער טעאטער מענעדזשער, מר. ליאן קרים, באריכטעט, אז ער האט אנגאזשירט דעם בארימטען חזן הערשמאן, פאר זונטאג דעם 21טען אפריל אין דער ארינא גארדענס.

ער באריכטעט אויך, אז ער האט זיך געשטעלט אין פארבינדונג מיט אלע אקטיארען סטארס פון ניו-יארק, וועלכע וועלען גאסטראלירען אין דעטראיט נאך אין גיכען.

## זי האט געשפיעלט מאוויס אויף דעטראיטער גאסען

„מיי דארלינג!" „א, האבי!" „בינג האני!" „סוסייד-דזשעק!" „קרייזי קיד!"

אט די דאזיגע אויסגעשרייען האבען זיך נעכטען געהערט אין רעסיווינג האספיטאל, וואו עס ליגט יעצט מרס. מערי סטערלינג — דאס יונג שעהן ווייבעלע, וועלכע האט מאנטאג ביינאכט געמאכט א שפאציר איבער דעטראיטער גאסען אין איהרע נאכט קליידער.

ווען זי איז געפרעגט געווארען: ווארום זי האט עס געטאן, האט זי געענטפערט, אז זי האט געוואלט שפיעלען אביסעל מאווינג-פיקטשורס אין רעאלען לעבען...

סטייטש, פאר וואס ?

הערט א מעשה:

מיט פיער יאהר צוריק האט בילי געהייראט מיט פרעד סטערלינג, זי איז דאמאלס געווען א מאווי אקטריסע און פרעד איז אויך געווען באשעפטיגט אין די מאוויס.

האט פרעד פארגעשלאגען, זיי זאלען פארלאזען קאליפארניא און פאהרען —

— וואוהין?

האט ער גענומען א מאפע, איהר פארבונדען די אויגען און געזאגט: „ווייז אן מיט'ן פינגער!"

איז איהר פינגער געפאלען אויף דעטראיט און —

פרעד איז געווארען א קאר קאנדוקטאר ביי דער די יו אר און בילי איז געווען איבערגליקליך ביז — — —

אוי א טראגעדיע!

מיט א וואך צוריק איז בילי פארשוואונדען, מיטגענומען מיט זיך $80 און איהר איבערגעלאזט א ניט באצאהלטען גראסערי ביל פון $14.

וואסושע טוט מען ?

האט מרס סטערלינג זיך דערמאנט אן א מאווי-פלאט, וואו די העלדין טוט דאס זעלבע, וואס זי האט געטאן לעצטען מאנטאג ביינאכט און א דאנק דעם איז איהר מאנ'ס הארץ צוריקגעקומען מיט בלומען און געבעטען פארציי הונג.

אבער ס'לעבען איז ניט קיין מאווינג פיקטשור...

ליגט זי יעצט אין איהרע פארזשאמאס מיט וועלכע זי האט געוואנדערט איבער די גאסען, איהרע גאלדבלאנדע האר צעווארפען איבער דער שנעעווייסער קישען און מיט איהרע גרויסע בלויע אויגען געריכטעט ערגעץ ווייט, ווייט, און — טענה'ט:

— איך וויל, אז מיין „בינג האני" זאל צוריקקומען... איכ'ל איהם אלעס פארגעבען. ווען מיר האבען געהייראט בין איך געווען אין די מאוויס, אויך ער איז געווען אין די מאוויס. א, ווי דער באי האט מיך ליעב געהאט! און איצט איז „בינג האני" מעהר ניטא, ארימער סוסייד דזשעק!"

— ארימער ווער? — האט מען זי געפרעגט.

— „סוסייד דזשעק!" אזוי האט זיך בינג האני א מאל אונטערגעשריבען אונטער א בריעף וואס ער האט געשיקט צו א צייטונג. איך האב אויך איינעם געשיקט, איך ווייס ניט פאר וואס ער איז אוועק! א, „בינג האני!"

אט אזוי א, ליגט יעצט די מרס. סטערלינג אין רעסיווינג האספיטאל און ס'דוכט זיך איהר, אז זי שאפט יעצט א פילם פאר די מאוויס....

און פרעד איז ניטא! „בינג האני" איז פארשוואונדען! א, פאר וואס איז אין לעבען אנדערש ווי אין די מאוויס? פאר וואס ? ?...

### איד און אירישמען אין אן אויטאמאביל צוזאמענשטויס

נעכטען ארום 12 אזייגער מיטאג-צייט איז אויף הייסטינגס סטריט קארנער קאלאמביא, פונקט נעגענאיבער דער רעדאקציע פון „וועג" פארגעקומען א צוזאמענשטויס צווישען אן אויטאמאביל מיט א טראק, גליקליכערווייזע זיינען ביידע דרייווערס ארויס מיט גאנצע ביינער, אבער זייערע אויטאמאבילס, (הויפטזעכליך דער טראק) זיינען חיבשלאך צושעדיגט געווארען.

# CLASSIFIED

**4 פעמילי פלעט** גרויסער בארגיין, $9.500 איינצאלען $4.000 פרעגען: נארטהוויי 779

**4 טערערס הויז** צו פארקויפען 60 פוס פראנטעדזש 100 טיעף. 21טע סט. נעבען בייקער איינצאלען $1.000 פרעגען: זאנדוויי 168 מאנטקאלם 5)

**איך זוך** א פארטנער צו מאניופעקטשורען פאפ, אלעס רעדי צו אנפאנגען ארבעטען, מוז האבען ביז $2000 פרעגען מ. סקלעש

150 Mercer St.

ווינדזאר קענעדע.

**גראסערי** אין בעסטען אידישען גע־ געגנד מוז פערקויפט ווערען.

Northway 4749R

**פארלאנגט** עקספיריענסד קעכין אין א כשר'ן רעסטאראן, גוט באצאהלט, סטעדי פאזישאן. זיך מעלדען אין 44 בראדוויי יעדען טאג נאך דינער.

**עס ווערט געזוכט** שאע איטשע רעזניק פון באברויסק, געוועזן אין דער היים א שלעסער. ביטע שיקט צו אייער אדרעס, אין 353 מערבורי עווענין מר. גרין אדער ודער עס ווייס פון איהם זאל לאזען וויסען איפ'ן איבענדערמאנ־ טען אדרעס.

**צו פארקויפען,** אף ענטוויין סט., א סאליד בריק קארנער סטאר און פלעט בילינ, פרעגען אין 311 פארנסווארטה

**צו פארדינגען** א רום אדער צוויי פאר אן אינטעליגענט קאפעל מיט א פיינ. אין 286 קאלווערט סטריט קאר. האמילטאן בולווארד פרעגען ביי מר. שקלאר.

**א גוטע טיילאר סטאר צו פאר קויפען.** אין 430 הייסטינגס סט. נא־ ראנטירט צו מאכען א גוטען לעבען און סייפען געלד. פרעגען צווישען 6 און 7 אווענד אדער טעלעפאנירען טשערי 2938 רזשיי.

**פארלאנגט א שו-מייקער** גוטער פאזישאן, פרעגען: 954 מישיגאן עוו. 5

**גראסערים און קענדי סטארס** צו פארקויפען אויך א מאשין צו מא־ כען זעלטצער, נוצבאר פאר קענדי סטארס אויך. פרעגען: ה. שאליסער 545 ריווארד סט. 8)

**4 פאמיליע בריק-וועניער** $18.000 אויף דער איסט סייד נעבען דזשעפערסאן עוו. 5 רומס און באטה יעדע. אוק פיניש, באזונדערע פורני־ סעס, איינצאהלען $6.000 מאנאטלי־ כע צאהלונגען 125 ענטווערען צו באקס 120 2)

**הרב ר' יוסף תאומים רפה** וועט רעדען דעם צווייטען טאג פסח שעה 9 אין דער אונגארישע שוהל נארפילד קאר. בוביען איבער דער טהעמא "פסח מצרים ופסח ועיד"....

# דר. ל. ע. בעלער

ספעציאליסט אויף אויגען, אויערען, נאז און האלדז קראנקהייטען 164 גרעשיאט עוו. קאפפל טעאטער בילד. טעל. מעין 2702

**לאיער מתתיהו ליסס** האט געעפענט א ברענטש אפיס [illegible] רען אין 325 [illegible] העמלאק 583 [illegible] 928 טשעמב[illegible] סטייט אין [illegible] טשערי 3978



**וועלט איהר סיווען 30 פראצ.** ביי קויפען אייער פורניטשור, [illegible] ראגס, בעדינגס [illegible]

— ראן קומט צו די —

Standard Furniture and Store Fixture Co.

מיר האבען א קאמפליט ליין פון אלעס וואס איהר דארפט פאר אייער הויז

קעש אדער קרעדיט

638 גרעשיאט עוו. — טעלעפאן 4985

---

"דער בעסטער מוהל אין שטאט און מסדר קידושין

# ר' זון־דוד גאלדען



אין 248 איסט האי סטריט

טעלעפאן, מעין 4420

## האלס

צו פארענטען. אין אידישען אר־ בייטער אינסטיטוט

— 204 הענקאק איסט —

פאר מיטינגען, לעקטשורס, לי־ טערארישע אווענטען קאנצער־ טען. פארטיעס און התונות. ביליגע פרייזען.

פרעגען אין אינסטיטוט יעדען טאג.

ד. שטארק.

— באקאנטמאכונג —

רעוו. א. קאצער

וואס איז רעקאמענדירט פאר'ן בעסטען **מוהל**

זייט די לעצטע 20 יאהר האט געמופט פון 263 פארנסווארט אין 140 מידבורי, קאר. בראש

טעלעפאן: מארקעט 827

# דר. ה. סטאריקאף

**דענטיסט**

דער פלאץ פאר גוטע ארבייט גוטע בעהאנדלונג — ליבעראלע פרייזען.

490 הייסטינגס סטריט

אוקלאנדער אידען פיקסען זייערע

## ציינער

ביי

**Dr. H. Goodman**

דענטיסט

געמופט פון 427 וואדזוא־ 737 אוקלאנד עוו.

# פארד קארס און אנדערע קארס

קומט און קליבט אויס פון אונזער גרויסען סטאק. מיר קויפען פאר קעש און פאר־ קויפען אויף לאנגע טערמינען

**Maurice W. Fox Co.**

**Boulevard Near Oakland**

פאר סמוקערס מבינים

## DURAND

האט א 25 יאהריגע רעפוטאציע. נער מאכט נאר פון ריינער האוואנא. פראבירט היינט א דוראנד. איהר וועט קיין חרטה נית האבען. פאדערט די דוראנד ביי אייער דיעלער.

**DAVIS CIGAR MFG. CO**

געמאכט אין דעטראיט.

**קאפלאן'ס בארגיין סטאר**

483 הייסטינגס סטריט

קענט איהר קויפען אלעס פון די פאל־ גענדע ליינס:

קאמפלים דרעס גודס ליין פון סילקס, וואלענס און סאטין גודס. פעריש־ינגס פענסי ארטיקלען ווי, בעד ספרעדס, כיי־ טענס; טייבעל קאווערס: שעכס אוי־ סקארפס. קאמפלים ליין אין ליידיס פענ סי אנדערוועהר און מארסעטס. מענר פארנישינגס און אנדערוועהר.

**ספעשעל! ספעשעל!**

א גרויסער אסארטמענט אין וואלענס פאר מענער און בייס סוטס און קאוטס. א קאמפלים ליין פון טיילאר און דרעס־ מייקערס טרימינגס.

---

# שעכטער'ס דראג סטאר

47 הייסטינגס סט.

טעלעפאן, טשערי 5763

פרעסקריפשאנס פארפערטיגט מיט די גרעסטע פינקטליכקייט

צו יעדער צייט

**רעדאקשאן לכבוד פסח**

סילקס, וואולענס, דרעסס גודס, ווי אויך פענסי טייבל קלאטהס, קורטענס, פענסי דריגודס.

מאכט קיין מיסטייק קומט צו די אמת'ע

**Philadelphia Dress and Dry Goods Co.**

**671 Hastings Street**

**Cor. Livingstone**

ווילט איהר אייערע

**שלעסער, שליסלען קארפענ־ טער זעגען, טולס און אנדערע ארבייט**

גוט געמאכט און גאראנטירט?

מו קומט צו

**מ. דאמניץ**

245 מאנטקאלם סט.

**Reliable Store Fixture Co.**

מיר האבען א גרויסען אויסוואהל פון אלערהאנד סטאר פיקסטשורס, וואל קייסעס, שאו קייסעס, אייז באקסעס, קאנטארס, שעלווס, סייפס, סקיילס רעדזשיסטערס, נייע און געיוזטע. פרייזען מעסיגע. ארענטליכע בעהאנד־ לונג. 2 סטארס.

"עלייבל סטאר פיקסטשור קא

305 גרעשיאט עוועניו

טעל. קאדילאק 2445

277 מישיגאן עוועניו

טעל. קאדילאק 4924 עס.

**ל. ה. רייכלין**

פון אהבת אחים שוהל

(אוקלאנד)

נעהמט אן **סדור קדושין**

און אנדערע שמחות מיט די בעסטע עופרידענהייט.

511 קעמעראן עוועניו

טעל. העמלאק 1130 ראבעליו

**מאושען-פיקטשור אפרייטארס**

לערענט זיך פאר לייכטע און ריינע ארבייט, קורצע שטונ־ דען, גוטע ווידזשעס קוואליפיקיישאן גאראנטירט.

**Movie Operator's School**

**33 Sproat St**

מאנטאג, מיטוואך און פרייטאג 7:30 אבענד.

**אונגארישער כשר רעסטאראן**

בעסטע אונגארישע מאכלים;

**דזשיי סיגעל און באדשי**

אייגענטהימער

337 הייסטינגס סט.

TELEPHONE CANAL 192

VIENNA SAUSAGE MFG. CO. CELEBRATED VIENNA PURE Hygeia Beef Sausages SMOKED & PICKLED BEEF TONGUES ETC. 1215-1217 S. HALSTED ST. CHICAGO.

אונזערע

**דעטראיטער אגענטען**

זיינען

**דזשיי לעפקאווסקי און סאם בראדוויי מארקעט**

**צו אלע דעטראיטער פעדלערס!**

— די —

**סטענדערד בארעל קא.**

האט געמופט דעם אפיס אין

52 נאפאלעאן סט.

טעל. טשערי 8158

מיר צאהלען די בעסטע פרייזען פאר אלערליי באטלס.

**דוד האפמאן,** מענעדזשער

---

# עניים ואביונים,

## אדער גליקליכע און אומגליקליכע

ראמאן — פון מרדכי ספעקטאר

(פארזעצונג)

עס איז געקומען די צייט ווען ער האט שוין אליין באדארפט טראכטען אויף פרנסה פאר זיין ווייב און קינד, און דאס אלעס וואס ער האט א מאל גע־ לערענט צו ליעב לאה'ן, האט ער איצט באנוצט פאר זיין ווייב און קינדער און פאר דער וועלט. די אלע גוטע זיטען, די אלע ביכער וואס ער האט געלערענט צוליעב לאה'ן, זענען איהם איצט צונוץ געקומען צום לעבען אין דער וועלט.

ער איז איצט געוועזן זעהער א גע־ עהרטער קאמיסיאנער ביי זיינע סוחרים און א געליבטער מענש ביי אלע; מיט זיין שרייבען, מיט זיין אלעס וויסען, האט ער זיך געפונען זיין פרנסה בכבוד און געוועזן א מענש פאר גאט און פאר לייט. זיין פרוי האט שוין געהאט דאס צווייטע קינד און זיי זענען ביידע צוויי מאל גליקליכער געווארען.

אזוי האט אהרן געלעבט: געוועזן א הייסער געטרייער פאטער פאר זיין ווייב און קינדער, א ווארעמער איד פאר זיין נאציע, און ארענטליכער מענש פאר דער גאנצער וועלט.

ביי דעם אלעמען האט ער אויך דיא גאנצע צייט ניט פארגעסען אן לאאה'ן, אדער מיט אנדערע ווערטער: ער האט ניט פארגעסען אן זיינע קינדער יאהרען און שטענדיג זיך אן זיי דערמאהנט ווי אן א גאלדענער צייט, די דענקסטמאליגע זיין האט שעהנער געשיינט, די לבנה ליב־ ליכער געלויכטען, דיא אמאליגע ביימער גרינער און שמעקענדיגער

חאטש דיא צייט, די נאשור איז שטע דיג אלין אייגס, און אפילו ווען דאס אלץ זאל זיין פאר אונז איצט בעסער. נאר מיר מענשען זענען שוין אזוי געוואהנט צו קוקען אויף אונזערע יונגע יאהרען דורך גילדענע ברילען, און געזעצט מיט קריסטאלענע גלעזלעך, חאטש דיא יונגע יאהרען האבען געמענט זיין שווארץ ווי קויל טונקעל ווי דיא שווארצע אלקענדיגע אבט

די יונגע געדענקען גרעסטעטיילס דיא אס האבען געהאט, א יונגע עס זענען דא מענשען וואס האבען נאר קיין יונגעד יש געהאט, דאס זענען אומגליקליכע. וואס האבען אין דער יונגער יט ליעב געהאט

דער וואס האט יט ליעב געהאט דער־ האט קיין יונגעד יט געהאט. דעם האבען יט געשיינט דיא גילדענע שטראהלען פון דער ליבטיגער זון

די ערשטע ליעבע פארגעסט קייער ניט דאס גאנצע לעבען ביז זאין גרוב מען פארגעסט אפשר דעם נאמען פון דעם וועמען מען האט ליעב געהאט, נאר מען געדענקט עס ווי א גוטען חלום, אזוי ווי מיר פארגעסען ניט אן די גוטע חלומות וואס קינדהייט פלעגען זי צו אונז חלומען מיינאכט מיט דעם שעהנעם לידעלע פון דעם גילדענעם פעדעלע מיט דעם רויטען עפעלע וואס א מלאך האט עס אויסגעריסען פון גן עדן, אדער פון דיא שעהנע זעטענע מעשות וואס זיי פלעגען אונז דערצעהלען פון טויזענד און איין נאכט און דיא גאנצע נאכט פלעגט זיך אונז חלומען דאס רויטע עפעלע פון גן עדן, דאס פייערדיגע פערד מיט דער גיל דענער רוט, דער פרינץ מיט דער פרינ־ צעסין, דיא טייערע וואלאצען און שלע סער, דיא שמעקענדיגע ווייצגערטנער, די רוימערע, שוימענדיגע וואסערען

דאכט זיך, אז דאס אלעס זענען נאריש קייטען, נאר זעהט זשע, מיר פארגעסען וואס געבטען איז געשעהן, וואס מיר האבען היינט צו טהאן, און אט דיאלילדער נע חלומות געדענקען מיר עד היום

יא ליעבע לעזער, ווען איהר האט גע־ האט א יוגענד, ווען איהר האט אין דער יוגענד ליעב געהאט, געדענקט איהר עס עד היום ווי א גוטען חלום, און גיט איין מאהל טהוט איהר א זיפץ אויף דיא גיל דענע צייטען, חאטש אייער ווייב און קינדער זענען אייך טהייער ווי די אויגען אין קאפ און איהר זענט שטענדיג איינגעשפארט אין דער פרנסה, פון דעם טוועגען קלויבט איהר זיך נאך אויס א מינוט צו טהאן א זיפץ אויף דעם גוטען חלום

ר' אהרן דער קאמיסיאנער האט אויך ניט פארגעסען לאהן ווי א גוטען חלום, ווי דאס רויטע עפעלע פון גן עדן און פלעגט אויך אפט געבען א זיפץ וואס דיא גוטע חלומות האבען איצט טאר איהם שוין אויפגעהערט

—

נאר לאמיר זיך אומקעהרען צו אונזער ערצעהלונג

אהרן'ס פרוי מיט דיא קינדער האבען געוואונט אין א קליין שטעדטעל ניט ווייט פון ר— אין דעם שטעדטעל האט ער געגעסען א צייט ביי זיין שוועהער עסט, דארום איז ער שוין דארט מיט זיין פאמיליע געבליבען וואהנען, נאר

ווען עס האבען זיך אנגעהויבען די פאנ־ ראמעס, האט ער באלד זיין פאמיליע אריבערגעפיהרט אין דער גרעסערער שטאדט ר, וויא דער שטייגער איז אין דער צייט געווען, אז דער וואס האט גע־ וואלט זיין מעהר פארהיט פון דעם פא־ גראם פלעגט זיך אילערציהען אין דער גרויסער שטאדט

אין ר, האט ער זיך גערעכענט פאר א היגען, ווייל ער איז דא געבוירען, דא־ רום אי זאיהם גרינג געוועזען באלד דא צו ווערען א היימעשער

און אזוי וויא ער איז געווען געוועהנט צו ארבייטען, האט ער ניט געקענט זיצען ליידיג, און אנגעהויבען זיך אבצוגעבען מיט שטאדט זאכען גלייך מיט אלע היי־ מישע בעלי בתים

דא אין ר, האט ער געהאט דיא גע־ לעגענהייט, אפטער זיך דערמאהנען אן זיינע יונגע יאהרען, אפטער אן לאה"ן, אפשר ניט אזוי פיעל דערפאר, וואס דא איז זיין געבורטסשטאדט, דא וואו לאה איז אויך געבוירען, דא וואו יעדער בוי־ מעל, יעדער שטיקעל ארט, זענען געבלי־ בען ער תנים עדות וואו ער האט גוטע מי גוטען פארבראכט צוזאמען מיט לאה'ן נאר מעהר דערפאר, וואס דא אין ר, פלעגט ער זיך אפט זעהן און באגעגענען מיט זיינעם אן אלטען גוטען ברודער פון דער יוגענד מיט פיאדאר איוואנאוויי־ טשען

זיי צוויי אלטע גוטע פריינד פון דער יוגענד, פלעגען זיי זיך אפט דערמאנען אן דיא פריהערע צייטען און אפט אי־ בעררעדען ענגען דעם און נאטירליך לאהן אויך דערמאנט

טאמער ווילט איהר פרעגען ווי קומט איצט פיאדאר קיין ר, איז איבריג, ווייל מיט א מענשען אי זא צעהנדליג יאהרען קומט פאר פיעל און א סך ווערט איבער געביטען

פיאדאר האט טאקע חתונה געהאט מיט זיין רייכער כלה, פריהער האט ער געלעבט, ווי אלע יונגע מענשען פון דעם קלאס ער איז עטליכע מאהל געפאה־ רען קיין אויסלאנד לעבען, געהאט אין זינגען אפערען מיט שעהנע אקטריסעס, וועטשערעס, באלען א. ז. וו. ווי דער שטייגער אי זיונגע לייט אין דער גרוי־ סער וועלט ביי רייכע עלטערען, נאר ווען ער א זעלטער געווארען מיט עטליכע יאהר זיין ווייב האט איהם געהאט עטליכע קינ־ דער, פון דעם געלד איז געווארען וויינ־ ציגער און אוועקגעהן האט באדארפט מעהר, זיינע עלטערען האבען איהם אנ געהויבען צו ערקלעהרען אז ער איז שוין ניט קיין קינד און דארף שוין אליין עפעס אנהויבען זארגען ענגען פרנסה, דער צו איז איהם דאס פריהערדיגע פרעהלי־ כע לעבען ערעס געווארען איבערדריסיג, עס האט זיך איהם דערעסען שטענדיג זולען און ער האט זיך צוביסלעכווייז אנ געהויבען נעמען ערנסט צום געשעפט. זיין פאטער הא טאיהם איבערגעגעבען זיינע אלטע געעפטען וואס ער האט גע־ האט אין ר. או זער איז צוליעב דינע־ עשפטען איבערגעצויגען מיט זיין פאמיליע קיין ר, וואהנען.

דא אין דעם שטילען ארט, האט ער זיך געוואהנט צום לעבען שטיל. ער האט אנגעהויבען ליעב האבען בעסער פון לעם אין דער וועלט זיינע קינדער און צוליעב זיי זייער מוטער.

פיאדאר איוואנאוויטש איז געווארען א סטאטעטשנער סוחר גלייך מיט אלע. ער איז געווארען אין ר. א בטוח און האט געפיהרט פיינע געשעפטען, נאר איין זאך האט מען באמערקט ביי איהם ווי ניט ביי אלע סוחרים. שטענדיג איז ער געוועזן טרויעריג, פארקלאגט ווי דער אומגליקליכסטער מענש. קיינער, אפילו נישט זיין אייגען ווייב האט געוואוסט דיא אורזאכע פון זיין טרויעריגקייט. יע־ דער האט זיך נאך דערויף געוואונדערט: סטייטש ער פארדיענט געלה, ער פיהרט זיך אויף ארענטליך, קיינער טשעפעט איהם ני טאון ער אי זשטענדיג פאר־ קלאגט. זן פרוי האט עס אנגענומען אפר א קראנקהייט. דיא דאקטוירים האבען איהר אויך געזאגט אז "מרה שחורה" אי זא קראנקהייט.

וויפיעל זי פלעגט מיט איהם איבער־ רעדען וועגען דעם, עס האט ניט געהאל־ פען, ער אי זגעבליבען אזוי.

נאר זינט אהרן האט זיך באזעצט אין ר. און פיאדאר פלעגט זיך אפט מיט איהם זעהן איז ער אפט עטוואס פרעהלי־ כער געווארען.

אהרן איז געוועזן דער איינציגער מענש פאר וועלכען ער האט געקענט עפענען זיין הארץ, דארום איז איהם געווארען אביסעל גרינגער, ער האט איהם דער־ צעהלט אלעס וואס ער האט געוואוסט פון לאה'ן, ווי ר האט זי אומגליקליך גע

מאגנט ווען זי איז אוועק פון איהם איז זי שוין געוועזן אין דיא לעצטע חדשים אין וואס פאר א לאגע ער האט זיבאגע־ ענגט אין ארעס, ער האט זי געזוכט און געוואלט העלפען; ער האט איה מאריך גע וויזען דעם בריעף וואס לעדערבארג האט באקומען פון דעם קאנסטאנטיני־ פאלער סוחר או איהם האט א גרויס אומגליק געטראפען — לאה איז פון זיין הויז אנטלאפען, מיט איין ווארט אלעס הא טער איהם איבערגעגעבען וויא עס איז אויספיהרליך באקאנט די לעזער.

זעהר טרויעריג האט אהרן אויסגע־ הערט דיא לאנגע געשיכטע פון דער אום גליקליכער לאהן.

— און דיא גאנצע צייט האסטו גאר ניט געהערט פון לאהן? — האט איהם אהרן געפרעגט.

— ניין, אין דער גאנצער צייט, מעהר פון צעהן יאהר. האב איך גאר ניט גע־ הערט, פונקט וויא אין וואסער אריין!

— יא דיא געשיכטע איז זעהר טרוי־ עריג, נאר וואס קען מען טהאן.

— טאן קען מען גאר ניט, דאס איז גרינג דיר צו זאגען, אבער אס זאלאיך טאן?..

— איך פארשטעה דיך ניט, וואס ווילסטו דען טהאן און אס קענסטו דוא טהאן דערצו

(פארזעצונג פאלגט)

**צוויי בארימטע באנדיטען ארעסטירט**

פאלים סערדזשאנט בראון האט לעצ־ טען דינסטאג געמאכט א זעהר וויכטי־ גען ארעסט, אויף צוויי חברה, וואס זיי־ נען איינגעטונקט אין פארברעכען.

די צוויי תכשיטים זיינען: סטעני־ ראסקאווסקי, 24 יאהר אלט, פון 81 רושעקסאן סטריט, העמטרעמק, און אלעקס קאזאקאווסקי, 18 יאהר אלט, פון 597 פארעסט עוו. וועסט.

קאזאקאווסקי איז דערקענט געווארען אלס א פארברעכער וואס איז אנטלאפען פון געפענגעניש דעם 21־טען יאנואר, ווען ער האט געריענט א 5 יאהריגען טער מין פאר גנב'ענען אן אויטאמאביל.

**ווארע ביליג פאר סטאר-קי־ פערס און פעדלערס**

ספעציעלע פרייזען פאר ריטיילערס

**מאקס ראזינסקי**

353-355 הייסטינגס, קאר. קאלומביא

**קוואסעלאוו און קאטליער'ס**

האלסייל און ריטייל

**דריי גודס, מענס און ליידיס פורנישינגס, נייז גודס א. ז. וו.**

454 הייסטינגס סטריט

**צום דעטראיטער פובליקום!**

יעדער איינער דארף וויסען: אז אויגען זיינען די איידעלסטע ארגאנען אין דעם מענשליכען קערפער. ווען איהר ליידעט פון איינער וועלכע קאפ־שמערצען אדער נערוועזיטעט, דאן געהט צו אן ערנסטען, עהרליכען אפטאמעטריסט, ער וועט אייך פארזיכטיג און וויסענשאפטליך צופאסען די נויטיגע ברילען.

די ריכטיג צוגעפאסטע ברילען וועט אייך ערלייזען פון אלע אייערע טראבעלס. געהט צו אייער גוט באקאנטען

**אפטאמעטריסט**

**Frosh O. D.**

אין 204 קלינג"ס בילדינג וועלכע געפינט זיך אין 308 הייסטינגס סט. קעגענאיבער עהרליך"ס דזשועלרי סטאר.

# נויארק סטאר קלאדינג קא.

596 הייסטינגס סטריט

זענט איהר איינגעלאדען צו באטראכטען אונזער

# ספעשיל לכבוד פסח

## ספרינג סוטס, טאפ קאוטס

און

העטס, דזשענטס פורנישינג, י אנג מענס און בויס קלאדינג

פרייזען ד ביליגסטע אין שטאדט

**P. Bunin, Prop.**

# אלומינום און גראניט-וועהר לכבוד פסח

## אויך א פולען ליין קראקערי קריגט איהר ביי



# די „היברו אינסטיטוט" אין ווינדזאר

ויער עס צווייפעלט אין די לעבענס - און שאפונגס־קראפט פון דעם אידישען פאלק, דעם וואלטען מיר געראטען ארי־ בערצופאהרען קיין ווינדזאר — 5 מינו־ טען פון דעטראיט — און זיך איבערציי־ גען וויפיעל לעבען און ענערגיע עס ליע־ גען פערבארגען אין אונזער פאלק.

די אידען פון ווינדזאר צעהלען קוים 250 פאמיליען, דאס האט זיי אבער נישט אפגעהאלטען זיך צוזאמענצונעה־ מען און מיט פעראייניגטע קרעפטען אויפצובויען אן אינסטיטוט, וואס וואו־ ל געמאכט עהרע אפילו דעם גרעסטען י־ דישען צענטער אין אמעריקא — ניו־יארק.

דער „היברו אינסטיטוט אף ווינד־ זאר" וואס איז לעצטענס יאהר אויפגע־ בויט געווארען אין ווינדזאר קארנער סיסקאראלא און איילמער עוו. א גרוי־ סע, 2 שטאקיגע, פראכטפאלע געביידע, איז געעפענט געווארען מיטוואך, דעם 17־טען מארטש, דורך דעם ניי־אנגעקו־ מענעם פרינסיפאל פון ניוארק מר. אהרן בן־אליהו, קרוב צו הונדערט קינדער הא־ בען זיך ענראלט אין די ערשטע פאר טעג. דער אינסטיטוט, וועלכער ענט - האלט 4 קלאסען, 1 קינדער־גארטען, אב טהיילונג, א לייב־ארי, און א גרויסען פראכטפולען אסעמבלי. האל האט גענוג פלאץ פאר 500 צו 400 קינדער, עס איז צו ערווארטען דאס אונטער דער געשיק־ טער לייטונג פון מר. אהרן בן־אליהו וועט דער אינסטיטוט אויפבליהען און ערפילען די האפנונגען וואס די אידען פון ווינדזאר ליגען אויף איהם.

שבת, מארטש 20, האט פרינסיפאל בן־אליהו געהאלטען א לעקטשור אין דער גרויסער שוהל איבער די טהעמא: „די נענענוואַרט און צוקונפט פון אידישע ערציהונג" און קלאהר געמאכט דעם עולם די גרויסע פעראנטוואָרטליכקייט וואס ליעגט אויף אונז אידען אין דער גענענ־ ווערטיגען צייט, בנוגע צו א ריכטיגע אי־ דישע ערציהונג פון אונזערע קינדער.

זונטאג, מארטש 28, אויף א מיטינג פון דער „אגודת בני־ציון" (וועלכע האט דעם אינסטיטוט אויפגעבויט) איז גע־ פאסט געווארען א בעשלוס אויפצופא - דערן אלע ווינדזאָרער אידען פארטזוזע־ צען די הייליגע ארבייט פאר דעם אינ־ סטיטוט מיט פעראייניגטע קרעפטען זא דאס דער אינסטיטוט זאל זיין פעהיג צו ערפילען אלע ערווארטונגען.

די אידען פון ווינדזאר האבען, מיט דער גרינדונג פון דעם „היברו אינסטי־ טוט" אנגעהויבען צו פערווירקליכען איי־ נע פון די נאבעלסטע אידעאלען פון אי־ דענטהום ערציהונג פון דעם קומענדען דור — איינע פון די ערעלסטע שטרעבונ־ גען אין דעם אידישען פאלק. לאמיר הא־ פען דאס זיי וועלען פארטזעצען די נא־ בעלע ארבייט מיט דערזעלבער בעגייס־ טערונג, ענערגיע און אפפערוויליגקייט וועלכע זיי האבען ארויסגעצייגט פאר־א יאהרען בשעת זיי האבען אנגעפאנגען בויען דעמזעלבען אינסטיטוט.

## אויטאמאביל גנבים ארעסטירט

ער קנאבוסקא, דזשא בריסקא און סיל וועסט וואופצקי זיינען ארעסטירט גע־ ווארען לעצטען דינסטאג, ווען זיי זיינען געפאהרען אין א געגנב'עטען אויטאמא ביל, וועלכער באלאנגט צו דער טשעמי - בער און קרוטשפיעלד קאמפ., וויקטאר עוו.

דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY
Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.
פרייטאג, ער"פ 1920

# די נשמה פון א פאלק

שאפט אפ דעם פסח און מיט איהם געהט מיט די אידישע אומה.

ס'איז נישט דער סדר און ס'איז נישט די צערעמאניע, נאר די השגה פריי צו זיין, דער ווילען איסגעלייזט צו ווערען.

פעלקער וועלען זיך באדען אין אונזער בלוט און אליין דערטרונקען ווערען, און אזוי לאנג דער פסח וועט לעבען, וועט מיט איהם דאס אידישע פאלק לעבען.

זיי, די גוים, דערצעהלען אין זייער עוואנגעליע אז די אידען האבען צו יהושע נוצרי געזאגט: "מיר זיינען קינדער פון אברהם'ען און קיינמאל זיינען מיר צו קיינעם קיין קנעכט נים געווען."

איבערפלעכליך — א גיאלדיגע סתירה און וואו איז דער גרויזאמער פרעה מלך מצרים? און וואו זיינען די פינסטערע בלוטיגע גלות'ן? און וואו איז דער איבערער האט צום אייגענעם פאלק? האבען זיי דאך אלע פארקנעכטעט די אידישע נאציע.

טיעפער אבער — איז עס א הייליגער אמת! די קינדער פון אברהם'ן זיינען קיין מאל קיין ק נ ע כ ט נים געווען.

מען האט פעלקער אמאל פארשקלאפט, מ'האט גאנצע נאציעס אין פאנשטשיזניקעס פארוואנדעלט, מען האט גלויבענס צעטראטען און זיי שטילע איז שבעה ימים צעפלאזען.

נאר מיט דער אידישער נאציע, מיט דעם אידישען פאלק און מיט דער אידישער אמונה האט מען דאס נים געקענט טאן.

מען האט געקענט דעם אידען צערייסען, מען האט איהם געקענט פייניגען, מען האט איהם געקענט פון זיין היים פארטרייבען, נאר נים פאר־שקלאפען, נים מאכען איהם פאר קיין פאנשטשיזניק.

ווארים איין מאל האט דאס אידישע פאלק די שקלאפעריי געפיהלט, אראפגעווארפען פון זיך דעם פארשקלאפער און נאכדעם אלע יאהר א פסח געפראוועט און אבט טאג בסדר הק זיך אליין געלערענט און געווארענט קיין שקלאף נים צו זיין, הק זיך אליין אריינגעצייגען מעבדות לחירות און געלערנט ליעב צו האבען די פרייהייט.

מיט דער גלות לאסט איה'ן רוקען פארהאסט און געיאגט פון האר־אין שקלאף, געיאגט און פארפאלגט פון ריטער און היינער, — נאר פריי! קיין פאנשטשיזניק, קיין קנעכט!

אן אונטערטאן פון צווייטער, פון דריטער מדרגה; א בירגער אהן רעכט; א וואנדערער אהן כח און פארט נים קיין שקלאף.

אין יעדען דור, אין יעדער צייט א פארבלוטיגטער, און אימשולדיגער קרבן און זבח פסח געווען, און פארט אריינגעקוקט אלע שונאים גלייך אין פנים אריין און אויסגעשריען פאר דער וועלט פראנק און פריי: "היינט אין איך דא, איבער א יאהר וועל איך פריי זיך, אין מיין אייגען לאנד זיין!"

עס איז א דין מיינט איהר, עס איז נים מעהר ווי א פסוק פון דער הגדה?

ניין, עס איז א פראקלאמאציע געווען! נים קיין מעכאנישע פראזע. נים מיט טינטע'ליפען האט מען די פראזע ארויסגעשפעטשעט. מיט פייער האט א פאלק יאהרהונדערטע אין יאהר טויזענדע די פראקלאמאציע איס־געשריען, און קינדער און פרויען האבען זי נאכגעשריען, און געקעמפט האט מען מיט, דער האפנונג, און געשטאלצירט האט מען מיט דעם ליידענשאפט־ליכען געפיהל וואס פרענט ביים גאנצען פאלק פריי צו זיין.

און הארצען האט דאס אידישע פאלק דעם ליידענשאפטליכען ווילען געטראגען, און דערפאר תמיד ביים ערשטען רוף פון באפרייער צום טאטע פראנט זיך געריסען.

מיט שטאלן בלעטערען מיר איבער אלע פרייהייט געשיכטען, און אי־מעטים וואו בלוט איז פארגאסען געווארען פאר איהגענד וועלכער פרייהייט, איף איהגענד וועלכער ערד, איז דאס בלוט מיט אידישע אינגעמישט אין צוזיפגעגאסען.

עס וועט נים העלפען אינהען פהד פאר די היינטיגע הידאמאקעס ווען מיר וועלען זיבען תירוצים, אז שטיל און רוהיג זיינען מיר, אז ווי טרייסלענ־דער הערשאפט פון תלוינים, אז הנותן תשועה זינגען מיר אלע שבת, אז גאר נים און פרום און לייטיש זיינען מיר.

עס וועט נים העלפען!

אין זייער אייגענער עוואנגעליע זאגען די אידען צום נוצרי: "אברהם'ס אייניקלעך זיינען מיר און מיר האסען פארשקלאפונג און מיר פארדאמען קנעכטשאפט".

לייקענט יא און לייקענט נים. זיי אליין ווייסען אז א פאלק קען פראווען טויזענד יאהרען א פסח, אזא פאלק מוז פאקעמפען יעדען פא־לאטש, מוז העלפען שטורצען יעדען פאראוים. און מוז זיין ברוסט איים־שטעלען ווי א גבור, ווען די רייד איז פון פרייהייט.

און אלע רעוואלוציעס זיינען אידען צום ערשטען ארויסגעשפרונגען. ווארים הפקר מאכט דער איד זיין לעבען ווען ער קעמפט פאר פרייהייט און א גבור, א מאקאבעער ווערט דער טרויעריגער איד ווען מען דארף מלחמה האלטען מיט אינטערדריקער און אויסבייטער.

היינט און אמאל, נעכטען און מיט טויזענדער יאהרען צוריק — תמיד איז געווען און וועט זיין דער איד א קעמפער פאר פרייהייט.

און זיי שטעהען און גלייבען זיך די אייגען נים: א טרום, דוכט זיך, א בעטלער, וואס באצאהלט פאר וואסער און פאר לופט — ערשט נעכטען איז ער אזא געווען און היינט, גאט די גרייסער, א העלד, א קעמפער, א קדוש וואס שפרינגט דער ערשטער אין פייער, א קראמוועל וואס לויפט פאראוים קעגען שונא און א נאפאלעאן וואס מאכט ציטערען מדינות.

דער נעכטיגער בעל פחדן ווערט היינט אין דעם קאמף פאר פרייהייט א שמשון הגבור.

עס וואונדערען זיך דערייף נאר די וואס קענען נים דאס אידישע פאלק, נאר די וואס זיינען נים באקאנט מיט די אידישע טראדיציעס, מיט די אי־דישע ימים טובים און מיט די אידישע פרייהייטס־פראקלאמאציעס.

פונ'ם פינסטערען גלות ארוים, שריים דער איד דער וועלט אין פנים אריין "השתא הכא, לשנה הבאה בארעא דישראל; השתא עבדי, לשנה הבאה בני חורין". מיט אזא פאלק קען מען גארנים מאכען. אזא פאלק דאס בלוט פאר דער באפרייאונג פון־איהגענד וועלכער נאציע. און וועט זיך סוף כל סוף באפרייען די וועלט און מיט דער וועלט אויך זיך אליין.

דער סוד דערהפון ליגט אין דעם היינטיגען יום טוב.

כל זמן פסח לעבט, וועט אויך דאס אידישע פאלק לעבען.

דער פסח, דער יום טוב פון באפרייאונג און דער שטארקער גלויבען אין א גאולה — דאס איז די נשמה פונ'ם אידישען פאלק, דאס איז דער סוד פון זיין עקזיסטענץ.

# פראמעטעאוס'עס ליידען

פון ב. י. גאלדשטיין

אין די גריכישע מיטהאלאגישע מעשה לאך ווערט דער צעהלט א געשיכטע ווי דער זוהן פון יאפעטא — פראמעטעאוס — האט אוועקגעריסען אביסעל פייער פון זעוס'ען און דאס איז איין און אויס־געהוילטען אטשערעט געבראכט צו די מענשען.

זעהר טייער האט פראמעטעאוס פאר־זיין טאט באצאהלט. צו א פעלז איז ער צוגעשמידערט געווארען און א פויגעל מיט א שטאהלענעם שנאבעל האט פון זיין הארץ שטיקער געריסען און זיין הארץ געלעכערט.

טייכען מיט בלוט איז פון איהם גע־גאסען, די אונבאשרייבליכסטע יסורים האט ער אריבערגעטראגען און דאך האט ער זיינע יסורי גיהנום באהבה אנגענו־מען, ווייל געגלויבט האט פראמעטעאוס אז דאס פייער וואס ער האט צו די מענ־שען געבראכט וועט ענדליך אין א פלא־קער זיך פארוואנדלען און עס וועט זיי לויכטען און ווארימען.

ווענע פראמעטעאוס'עס יסורים, ווע־גען דיזער געצענדיגעריזשער לעגענדע זיינען די שטארקסטע טראגעדיען גע־שאפען געווארען. עסכיל איז א דאנק זיין טראגעדיע איבער פראמעטעאוס'ען אומשטערבליך פארבליבען און ביז היינט ווען אימיצער וויל שילדערען ליידען, ווען איינער וויל די יסורי גיהנום אין קורצען נאר פייערדיג איבערגעבען, זאגט ער עס דאן אין צוויי ווערטער: „פרא־מעטעאוס'עס ליידען".

שרעקליך און — און דערזעלבער צייט — געטליך זיינען געווען די ליידען פון פראמעטעאוס'ען. ווארים געליטען האט ער, ווייל ער האט דער מענשהייט גליק געבראכט.

געליטען און מיט אהבה די ליידען אריבערגעטראגען ווייל געוואוסט, גע־גלויבט און געהאפט האט פראמעטעאוס אז זיין טהאט וועט ברענגען גליק, ליכט און ווארימקייט פאר דער מענשהייט. דער פונק פייער, האט ער געגלויבט וועט ענדליך א פלאקער ווערען און וועט דער מענשהייט לויכטען און ווארעמען.

אבער פראמעטעאוס האט בלויז אין לעבען לאנג געליטען. עס דערצעהלט זיך אויך אין דער לעגענדע אז ענדליך האט הערקולעס באפרייט דעם ערהאבענעם, לעגענדארישען העלד פון זיינע יסורים און האט דעם רויבפויגעל געטויטעט.

און אין דער זעלבער פאזע שטעהט א גאנץ פאלק זייט הונדערטע און טויזענ־דע יאהרען און ליידעט ניט קיין קלענ־ערע יסורים ווי דער העלד פון דער גריכי־שער מיטהאלאגיע און ליידעט אונגע־פעהר פאר אזא עהנליכער ערהאבענער טאט ווי יענער העלד האט געליטען און געבלוטעט.

ווען אלע פעלקער האבען נאך חזירים געפאשעט, ווען זיי זיינען נאך ווילד גע־ווען; ווען דער וועלטליכער געדאנק און באגריפען פון מענשליכקייט איז נאך אין די וויקעלעך געלעגען, דעמאלט איז דאס אידישע פאלק מיט א פאקעל פון פייער געקומען און געגלויבט און גע־האפט, אז דאס פייער וועט ענדליך א פלאקער ווערען וואס וועט לייכטען און ווארימען די מענשהייט.

צו טייער האט פראמעטעאוס פאר זיין טהאט באצאהלט.

נאך טייערער צאהלט דאס אידישע פאלק ביז היינט צו טאג.

אויף פראמעטעאוס'ען האט באטש א גאט א שטראף אויסגעגעבען. גאט האט אויף איהם — א רויב פויגעל אנגע־שיקט. מיר אבער ווערען געדריקט און געשטיקט פון רויב פויגלען וואס ווערען אויף אונז פון מענשליכע בעסטיעס אנ־געשיקט.

זייט הונדערטע און טויזענדער יאה־רען ווערט פון אונזער לייב שטיקער גע־ריסען און אונזער ברוסט ווערט צעלע־כערט. און בלוט נעהמען מיר אוים און דאס ווערט געטאן דורך מענשליכע הענט דורך צוויי פיסיגע רויב פויגלען.

מיר ליידען אונבאשרייבליכע יסורים און דאך נעהמען מיר דאס אלעס אן באהבה, ווייל נאך יעצט — נאך טויזענ־דער יאהרען — האפען מיר נאך אלץ ענדליך וועט קומען דער טאג, אז ענד־ליך וועט קלאפען די שטונדע, ווען די מענשהייט וועט זיך ווארימען ביי אונזער פייער און ווען אונזער פאקעל וועט די וועלט באלייכטען.

מיר זיינען שוין אין פארשיעדענע גלות'ן געווען; אונזער לייב האט שוין געפיהלט די ריטער פון פארשיעדענע פרעה'ס; מיר האבען שוין ניט פון איין תליה זיך אבגעריסען; מיר האבען שוין אין אלע לענדער געבלוטעט און מיט אונזער בלוט און שווייס ניט איין לאנד געבויעט; מען האט שוין אויף אלע מלחמות אונזערע קינדער געשאכטען; וואו א לאנד האבען מיר שוין דורך אונ־זערע בעסטע זיהן פארטיידיגט, „אויף אלע שלאכט פעלדער אויף אלע פראנטען האבען מיר בלוט פארגאסען ימים־זוייז און נאך שטעהען מיר זיכער און פעסט, שטארק און עקשנות'דיג און מיר ווארטען אויף יענער צייט וואס דארף קומען און אויסלייזען די מענשהייט פון איהר אייגענער שקלאפעריי; נאך שטעהען מיר ביז'ן האלדז אין גאנצע טייכען בלוט און מיר האפען און ווארטען, אז ענדליך וועט קומען דער טאג, ווען עס זועלען די אלע מענשען ביי אונזער פייער זיך ווארימען, מיט אונזער ליכט זייערע פינסטערע מוחות באלויכטען.

און עס וועט קומען דער טאג!

ער מוז קומען!

די מענשהייט וועט סוף כל סוף איהר אויג ווענדען צו אונזער פאקעל: זי וועט יענעם טאג איהרע שווערדען צעשמיי־סען אויף גראב־אייזענס, א קינד וועט פיטערען א לייב מיט א שעפעלע אויף איין לאנקע און דער שטארקער וועט דעם שוואכערען ניט איינשלינגען.

מיר גלויבען, אז אונזער אויסלייזונג פון מצרים ציהט זיך ביז צו דער גאולה פון לעתיד לבא.

מיר גלויבען אז עס דארף נאך ערשט קומען די אמת'ע גאולה.

אונזער פסח דארף ערשט געפראוועט ווערען.

מיר גלייבען אז עס דארף ערשט קומען א משיח.

און ער וועט קומען!

און אויסלייזען וועט ער די מענשען זייערע גלות'ן און א סוף וועט ער מאכען פון דער שקלאפעריי; פון דער עקאנאמישער און מאטעריעלער, פון דער גייסטיגער און מאראלישער שקלאפעריי וועט ער די מענשהייט באפרייען.

און ניט אויף גאלדענע רייטוואגענס וועט דער באפרייער קומען און ניט מיט שטאהלענע פאנצערס און ניט מיט חיל־פעהר; ניט מיט ארמעען און ניט מיט קיין כלי זין וועט דער אידישער משיח קומען.

אבער קומען וועט ער!

דער גאנצער עסערער טייל פון דער מענשהייט גלויבט און האפט אויף דעם צוקונפטיגען ערלעזער, וועלכער ווערט פארשטאנען אין דעם געשטאלט און פארם ווי אידען פארשטעהען איהם.

און דער ערלעזער וועט איינפיהרען יענע ארדנונג, וועלכע עס האט אונזער ישעיה מיט זיין נבואה אין אונזער עמב־לעם, אין אונזער פאקעל מיט הונדערטע יאהרען צוריק אנגעצונדען.

און ביז יענער טאג וועט קומען, און ביז די אמת'ע גאולה וועט געשעהן, ביז דאן וועט דאס אידישע פאלק נאך אלץ ליידען און ליידען; ביז דאמאלסט וועט דאס אידישע פאלק פארוואנדעלט זיין אין דער ראלע פון דעם לעגענדארישען פראמעטעאוס, וועמעס לייב איז פון רויב פויגלען געריסען געווארען, וועמעס ברוסט איז מיט א שטאהלענעם שנאבעל געלעכערט געווארען און אין טייכען פון זיין אייגען בלוט איז ער צו א פעלז גע־שמידעט געשטאנען און ווי א העלד האט ער זיינע יסורים באהבה אריבערגע־טראגען און געטרייסט געווען פון דער־האפנונג אז זיין פייער וועט ענדליך ליכט און ווארימקייט ברענגען פאר דער וועלט, פאר דער גאנצער מענשהייט.

# דער ווידע פסח

פון ש. נעפאם

דורך די פענסטער אין גארדינען,
הער איך וואיל באקאנטע שטימען;
דורך די גאלד צוגליהטע שטראלען
קינדער שפרינגען, קינדער איילען:

ווידע פסח קומט צופאהרען,
דורך זיין פוהר איז, ווי,דריי נארען.

אין די פערד, ווי גרייסע רייבען,
דורך די סטעפעס טאפען, שוועבען,
זייט געהארבזאם, ניטע קינדער,
יאשט אין צוואגט זיך אוים געשווינדער:

ווידע פסח איוף נאמנות
פיהרט פאר יעדען הונד מתנות;

פאר דער בלאנדער, שטילער פריידעל —
אי, א העטקע, אי, א קליידעל!
אין א סוטעל גאר א נייעס,
פאר דעם שטיפער, משה חיים.

היינט פאר ישקה'לע און אבר"עמעל —
זייער פעקעל איז א קרעמעל —
שיך, קאסקעטלאך, ווייטע זאקען,
בלייע שטיינגעס פאר די לאקען.

אונטער ליידעבער די ווייסע,
מצות, ווי די זאגע גרויסע,
פעטער פולע ארבע כוסות,
גאנצע טונען מיט חרוסת,
שטיינען הוהנער, פיש די גרעסטע,
ניס אין מאנדלען, מער די בעסטע.

אין די פערד די ווידע טראגען
דעם דריי גארענדיגען וואגען,
פליהט דער וואגען, ווי א פעדער,
הולט דער ווידע פריה צום סדר.

אי ארום איז אזוי ציטטיג,
ליכט מיט לאמפען שיינען ליכטיג,
פון העם טיש דעם ווייסגעגרייטען,
בשמים פסח'דיג זיך שפרייטען.

איוף דער הסבה'טע פון קישען,
מיט א שמייכעל מיט א זיסען,
ווידע גלעט די בארד פאמעלעך,
און רופט אויסעט ווי א מלך,
„העי ווי זענט איהר דארטען שטיפער!
גיי, צום סדר היהרט זיך גיכער,
קידוש מאכען, קשיות פרעגען,
שלאפען וועט איהר זיך ניט לעגען!"

ביי דעם טיש דעם ווייס געגרייטען,
פסח'דיג זיך בשמים שפרייטען,
ליכט אין לאמפען ברענען ליכטיג
און ארום איז אזוי ציטטיג,
כוסות ווייז, די רויטע שוימען,
בעקלעך ביי די קינדער פלאמען
און זיי זינגען, און זיי זאגען,
נעהמט אין דרייסען שוין אז טאגען.

קומט א מלאך פון דעם הימעל,
וויעגט זיי איין אין זיסען דרעמעל,
און ווי טויבען פון די רוימען
זעהט זיי זיסע פסח־טרוימען,
פון דעם ים, און פון מצרים
וואו די אידען זיך באפרייען,
און די קינדער פול מיט האפען
נאך דעם ערשטען סדר שלאפען.

ביז עס שיינט דורך די גארדינען
הער איך זיסע צויבער שטימען
דורך די גאלד צוגליהטע שטראלען
קינדער שפרינגען, קינדער איילען.

# וואצעק

(א פסח־מעשה'לע)

פון עליאש

דעם פריין"ס טאכטער, נאסציא, איז
א מיידעל שעהן ווי גאלד;
און וואצעק'ן, דעם דינער־יונג,
־עם שעהנעם, האט זי האלד.

עס קושען איהר די פריצים־זיהן
־י הענטלעך ווייס ווי שניי;
נאר נאסציא טראכט פון וואצעק'ן
אי' לויפט אוועק פון זיי.

ס'איז וואצעק אזוי שעהן און שטארק
און פרעהליך, נאר ער שפאט;
און שלאנק איז ער — א קעניג זיין
וואלט וואצעק'ן געפאסט.

פארטראכט איז נאציא טעג און נעכט,
זי חלומ'ט נאכאנאנד;
זי טרוימט: זי איז א קעניגין
א מלכה פון א לאנד.

און וואצעק, אין א קרוין פון גאלד,
א סצעפטער אין דער האנט,
זיצט איף'ן טראהן און גיט ארוים
באפעהלען פאר'ן לאנד.

דערצעהלט האט זי פאר וואצעק'ן:
„א מלכה וויל איך זיין!
געפינסטו מיר א קעניגרייך —
ראן ביי איך אייביג דיין!"

האט וואצעק זי ארומגעכאפט,
געדריקט צו זיך מיט פרייד:
„עס איז מיר גארנישט שווער פאר דיר,
איך בין אויף אלעם גרייט!"

ער האט צו איהר געזאגט: „אדיע",
געשמייכעלט זיס פון גליק;
און באלד איז ער אין וועג אוועק,
באלייט פון נאסציאס בליק.

עס וואנדערט וואצעק טאג נאך טאג
און וואנדערט נאכט נאך נאכט;
ער געהט און טרוימט פון קעניגרייך,
פון מלכות'דיגען פראכט.

ער זעהט זיין נאסציא'ן אומעטום
און ווערט פון געהן נישט מיעד;
ער פייפט א ליעד און טאג נאך טאג
און וואך נאך וואך פארפליהט.

ער וואנדערט איבער פעלד און וואלד,
ער רוהט נישט נעכט און טעג,
און פרעגט ביי אלע לייט, וואס ער
באגעגענט אויפ'ן וועג:
„דערצעהלט מיר גוטע, ליעבע לייט,
צי ווייסט איהר פון א לאנד,
וואס זוכט א קעניג פאר'ן טראהן —
צי איז עס אייך באקאנט?"

זיי הערען אוים און קוקען אן
דעם פראסטען דיענער־יונג;
זיי לאכען זיך פאנאנדער הויך
און איינער ווייזט די צונג...

נאר איינמאל איז א פריהלינגס־נאכט
דערזעהן האט ער ביים וואלד:
א שטיבעלע, א הייזעלע,
באלויכטען און באשטראהלט.

שטעלט וואצעק ביי דעם פענסטער זיך
און קוקט אין הויז אריין;
ער זעהט: א טיש מיט ליכט באשטעלט
און גלעזלעך פול מיט וויין.

אין אלטער מאן אין ווייס געקליידט,
א גרויע פרוי ביים זייט;
און קינדערלעך — זיי זינגען הויך,
עס קלינגט אין וואלד אפ ווייט.

און פלוצלינג האט פון שטיבעלע
א בלענד געטאן א שיין:
ס'האט עמיץ אויפגעמאכט די טהיר
און וואצעק איז אריין...

ס'איז יעדער אין דעם שטיבעלע
געבליבען שטיל, ערשטוינט:
עס שטאמעלט וואצעק... און ער פרעגט
וועד אין דעם שטיבעל וואוינט.

דער אלטער שמייכעלט און ער זאגט:
„א מלך בין איך היינט;
נאר זאג מיר: „וואס איז דיין באגעהר,
וואס ווילסטו, ליעבער פריינד?"

עס ציטערט וואצעק אויף פון פרייד,
ער ווערט פון גליק אזש בלייך:
'איך וויל דאך אויך א מלך זיין,
איך זוך א קעניגרייך!"...

דער אלטער לעגט אויף איהם די האנט:
„געשעהן קען דיין באגעהר,
אייב דו ווילסט ווערען נאר א איד —
איך גלייב דאס איז נים שווער!"...

צוויי טעג פארגעהן, דאס שטיבעל איז
פארפולט מיט גליק, מיט פרייד;
עס ווערט געפראוועט דארט א ברית,
ס'קרעכצט וואצעק שטילערהייט...

ער ווייסט: ער איז נישט מעהר קיין גוי,
דאך טהוט עס איהם נישט באנג:
יערפאר וועט ער א מלך זיין —
עס וועט נישט נעהמען לאנג...

ווען וואצעק האט דערפיהלט, אז ער
איז שוין געזונט און פריש,
האט ער פון בעט ארויסגעטאנצט
און באלד אוועק צום טיש.

געבליבען איז ער דארטען שטעהן,
דעם קאפ אראפגעלאזט:
נישטא קיין ליכט, קיין וויין, קיין פרייד,
פארצומערט אלץ און פראסט.

נישטא די מלכות'דיגע פראכט:
די קינדערלעך אהן שיך,
דער אלטער אפגעריסען, קראנק,
די אלטע שטעהט ביים קיך.
און וואצעק פרעגט ערשטוינט, מיט שרעק
„וואו איז דאס קעניגרייך?
איך דארף דאך איצט א מלך זיין —
וואס איז געשעהן מיט אייך?"

דער אלטער שמייכעלט און ער זאגט:
„צי ווייסטו נאך נישט נאר? —
ביז וואנ'ן דו וועסט א מלך זיין,
דארף נעהמען נאך א יאהר,
„א יאהר ביז וואנען פסח קומט
— נישט זארג: א יאהר פארפליהט —
אין שעהנעם יום־טוב פסח איז
א מלך יעדער איד!"...

* * *

ס'הערט וואצעק א דערשלאגענער
און ווישט זיך אוים א טרעהר:
„קיין נאסציא נישט, קיין קעניגרייך,
קיין שיינען אויך נישט מעהר!"...

—::—::—

## טויבע מלאכים

(שלום פון נעבעטען)

דאס זעלבע איז אויך פארגעקומען אין ווילנא. דאס פוילישע מיליטער איז אריין אין שטאדט דעם 19־טען אפריל בשעת עס זיינען נאך געשטאנען קאלטע ווע - טער-ען און אומעטום זיינען די ווינטער פענסטער נאך ניט געווען ארויסגענומען און געשטאנען פארמאכט און פאר - קלעפט. כדי צו שוסען אויפ'ן פוילישען מיליטער פון די פענסטער האט מען גע- מוזט דורכשיסען די שויבען פון אינ־ ווענינ, האבען זיך געפונען אזעלכע דורכ געשאסענע שויבען?

דורכגעשאסענע שויבען אין אידישע הייזער זיינען דא גענוג. אין דער דירה וואו איך האב געוואוינט, איז דאס פענסטער דורכגעשאסען אין דריי ער־ טע, נאר די קוילען מיט וועלכע דאס פענסטער איז דורכגעשאסען געוואָרען זיינען געפלויגען פון דרויסען, זיינען געווען געציעלט אין דר. שאבאר, וועל־ כער איז על פי נס ניט גע'הרג'עט גע - ווארען. די דאזיגע קוילען זיינען פאר - בליבען ווי עדות אין דער וואנד. און אזוי אויך אין אנדערע הייזער. יעדע לאך אין שויב האט איהר עדות — א קויל אין וואנט, אבער פון אינוועניג דורכגעשאסענע שויבען האבען זיך אין ערגעץ ניט געפונען.

אזוי גרינג און אזוי פראסט איז דוכט זיך געווען פעסטצושטעלען, האט דאס ווער געטאן פון די פאליאקען, פון דער מאכט, פון יענע, וועלכע האבען ערנסט געגלויבט און מיט שום אויף די ליפען געשריען, אז אידען האבען געשאסען פון די פענסטער? ניין! דאס האט קיינער ניט געטאן, און ניט גע-עבענט צו טאן און אין דעם ליגט אפשר דער גרעסטער טרא - גיזם פון העם בלבול!

מען דערצעהלט וועגען דעם בעל שם'ס אייניקעל, ר' ברוך מעדזשיבור זשער, אז ער איז געווען א גרויסער בעל מרה שחורה און דער איינציגער מענש, וואס האט געקאנט צעשלאגען זיינע טרויעריגע רעיונות איז געווען הערשל אסטראפאליער. איין מאל נאך הע-של'ס א געלונגענעם וויץ האט ר' ברוך איהם א זאג געטהאן:

הערשעל! דו האסט ניט וואס מורא צו האבען פאר יענער וועלט! וואס פאר א בייזע מלאכים מען וועט צו דיר שיקען וועסטו זיך מיט זיי אפ'טענה'ן.

— רבי — האט איהם געענטפערט הערשעל אסטראפאליער — פאר בייזע מלאכים האב **איך קיין** מורא מורא האב איך מען זאל צו מיר ניט שיקען טויבע מלאכים.

אי, די טויבע מלאכים!

(„מאמענט" ווארשא).

## וואָרנונגס רעכט פון די „פרעמדע" אין פוילען

פון ווארשא איז מען מודיע:

פיעלע פון די „פרעמדע" וואס האבען זיך רעגיסטרירט אין די ערשטע טעג פון דער רעגיסטראציע האבען שוין באקו - מען דורך די קאמיסאריאטען „קארטי פאביטו" מיט'ן טערמין צו מעגען וואוי־ נען אין ווארשא ביז'ן 1־טען יולי 1920. אויף די קארטע געפינט זיך די פאטא־ גראפיע פון דעם באטרעפענדעם פערזאן מיט די באשרייבענע סמנים ווי די הויך פארב פון האר א. א. וו. אויף די קאר־ טע געפינט זיך אפעלירטער פאלגענדער פונקט:

„ווייל'ן פאראגראף 5 פון'ם באפעהל פון אינערן מיניסטעריום פון 18־טען נאוועמבער 1919 קאנען די רעגיסטרי־ טע פרעמדע ארויספאהרען פון זייער וואוינארט נישט אנדערש, נאר באקו - מענדיג דאַרויף יעדעם מאל און ערלויב־ ניש פון דער מאכט וועלכע האט ארויס געגעבען די „קארטי פאביט".

ווייטער ווערט געזאגט: די קארטי קען צוריקגענומען ווערען לויט'ן באשלוס פון אינערן־מיניסטעריום, אויב מען קומט נישט אין געהעריגען טערמין, ביז וועל- כען די קארטי איז גילטיג, כדי צו פרא־ לאנגירען, אדער מען קומט נישט צום טערמין אויף וועלכען עס איז אנגעווי־ זען מען זאל באצאהלען אויפסנוי (1־טען יולי 1920), ווי אויך אויב מען מעל- דעט זיך נישט אדער מען היט בכלל ניט אפ די פארשריפטען וועגען די רעגיסט־ ראציע ווערט מען באשטראפט מיט ארויסשיקען.

דער פרייז פון א קארטע איז 25 מארק פאר יעדען פאמיליע־מיטגליעד - עלטער פון 16 יאהר נישט אויסשליסענדיג די פרוי פון „פרעמדען".

אויף דער קארטי ווערט נישט אנגע־ וויזען צו מען דארף באקומען אן ער - לויבניש אויף אפצופאהרען פון וואו־ נונגס ארט אפילו אויף א קורצע צייט ווי למשל אויף א זומער וואוינונג-אהין און צוריק איינינע מאל אין וואך. וואהר־ שיינליך וועט נאך קומען וועגען דעם א ספעציעלע ערקלעהרונג.

# פון פסח ביז פסח

### אן איבערבליק איבער די טעטיגקייטען פון די היגע אידישע באנקירען גאלדמאן בראס. דעם פראגרעס וואס זיי האבען געמאכט היינטיגעס יאהר.

דער אפיס פון די ברידער גאלדמאן קארנער הייסטינגס און האי סטריט איז זיבער עמוואס מעהר ווי א געוועהנלי - כער ביזנעס אפיס. ספעציעל פאר יענע אידישע אימיגראנטען וואס קענען בלויז אידיש, און האבען זיך נאך ניט אמעריי - קאניזירט, און האבען זייערע פאמיליעס און קרובים אין פוילען, רומעניען אדער גאליציען. פאר יענע אידען איז גאלד - מאן בראס. אפיס א אידישע אינסטיטו - ציע.

צו גאלדמאן בראס. קומט דער איד וואס האט ניט קיין ריכטיגע היים ווייל זיין פאמיליע איז נאך אין יוראפ און ביי דעם ברייטען שרייב טיש אין גאלד מאן בראס קאנטאר זעצט זיך דער איד אוועק גאנץ היימיש, ער באקומט שרייב פאפיר און קאנווערטען, און שרייבט מא קע די בריעף אויף דעם אדרעס פון גאלד מאן בראס.

דערנאך קומט דער איד אין דעם זעל - בען קאנטאר פרעגען אויף בריעף אפגע - מען בריעף.

אנדערע קומען זעהן וואסמען שרייבט צו. אנדערע וואס ערהאלטען בריעף חוץ דעם. וויסען די אידען אז ביי גאלדמאן בראס. רעדט מען אידיש, מען גיט אלער - ליי אינפארמאציעס און מען קען זיך צו זאמענרעדען וואוהין מען קען און מען קען ניט שיקען קיין געלט.

די ברידער גאלדמאן האבען זיך עטאב - לירט אין יאהר 1899. דאס איז מיט ארי - בער צוואנציג יאהר צוריק, און מיט דעם וואוקס פון דער דעטראיטער אידישער באפעלקערונג איז אויך געוואקסען דער קאנטאר פון גאלדמאן בראס. א גרויסע ענדערונג אין זייערע ביזנעס איז געשעהן דורך דער לעצטער וועלט מלחמה. טויי - זענדער אידישע פאמיליעס האבען אויפ - געהערט צו קריגען בריעף און פלעגען טאג־טעגליך באלאגערען דעם אפיס פון גאלדמאן, בראס. און ערקלעהרט זייערע באריטוועלינקייט צו שיקען געלט אבער אלע האבען באקומען איין ענטפער:

מען קען ניט שיקען קיין געלט.

די פארבינדונגען זענען איבערגעריסען אדער זענען אזעלכע שלעכטע אז ס'איז צו ריזיקאליש צו שיקען געלט.

היינטיגען פסח אבער קענען די ברי - דער גאלדמאן פארציינכען א זעהר פרעה - ליכען פאקט דורך זייער אויפטוען וואס זיי האבען געעפענט א בראנטש אין ווארשאו פוילען און האבען אהין אוועקגע - שיקט לעצטען דעצעמבער איינעם פון זייערע שותפים, מר. דוד גאלדמאן.

די ברידער גאלדמאן האבען איינגע - זעהן אז די גרעסטע שוועריגקייט ליגט ניט אין די הענט פון די אמעריקאנער באנקירען נאר אין דער נאכלעסיגקייט פון פוילישע און גאליציאנישע בענק, וואס צוליעב דער וועלט מלחמה האבען זיי ניט געגוג איגטעליגענטע אנגעשטעלטע און דערצו איז אין איראפא פון תמיד אן איינגעפיהרט א סיסטעמע א לאנגזא - מע א קריבעריישע, און אין דער צייט ווען פאמיליעס פון אמעריקאנער קרובים געהן אויס פון הונגער נעמען זיך די דארטי - געבאנק צייט און אנשטאט צו פארשנע־

קערען די מאשינעריע און זייערע קאנ - טארען איז דאס דורך די מלחמה נאך מעהר צוקאליטשעט און אויסגעציינגען געווארען.

דאס איינזעהענדיג האבען די ברידער גאלדמאן פארשטאנען אז ס'איז ניטא אויף ווענען צו פארלאזען זיך

אויב מען וויל די היגע דעטראיטער אי - דען ניט ענטוישען און זיי צופרידענשטע - לען מוז מען האבען א ספעציעלען איינע - נעם פארטרעטער דארט אין פוילען אויפן ארט און וועלכער זאל אליין האבען די אויפזיכט איבער די אלע געלדער וואס ווערען אוועקגעשיקט פון זייער דעטראי - טער אפיס. נאטירליך זענען געווען זעהר פיעל שוועריגקייטען ביז דאס איז דורכ - געפיהרט געווארען ווייל אום צו קענען פאהרען מוז מען האבען א פארפארט אונ - טערגעשריבען פון סעקרעטערי איז סטייט (א קאפיע פון מר. גאלדמאנ'ס באספארט איז געווען געדרוקט אין וועג, איידער מר. דוד גאלדמאן איז אפגעפאהרען קיין ווארשאו) די רייזע אליין היגטער די איצ - טיגע אומשטענדען איז פארבונדען ניט נאר מיט גרויסע קאסטען נאר אויך מיט שווערער מיה. עס איז געווען געוועזען צו לעזען די בריעף וואס מר. דוד גאלדמאן האט געשריבען און וועלכע זיינען פאר - עפענטליכט געווארען אין „וועג“ צו זעהן ווי צוקאליעטשעט עס זענען די ביזנעס סיס - טעמען אין צענטראל איירא פא.

רייזעס וואס אונטער גינסטיגע בעדינ - גונג דארפען נעמען איינינע שטונדען גע - מען טעג און אמאל וואכען. נאר א דאנק

דער שנעהער אמביציע פון דעם היגען אפיס און דער ענערגיע פון דוד גאלד - מאן איז זיין רייזע שוין היינט צו טאג געקרוינט געווארען מיט דעם גרעסטער ערפאלג.

דוד גאלדמאן האט אין ווארשאו געעפ - פענט אן אפיס און האט אנגעשטעלט א צאהינגען פאסינען סטעף און חוץ דעם האט ער אויך אנגעשטעלט דריי רייזענדע וואס פאהרען ארום איבער דער פרא - ווינץ און געפינען אויס די קרובים פאר וועמען זיי האבען געלט און פארטיי - עס אין די ריכטיגע הענט אריין, בא - קומענדיג די נויטיגע רעסיטס אונטער - געשריבען, אז זיי האבען די געלדער ריכ - טיג ערהאלטען.

פאר די דעטראיטער אידען איז דער אויפטו זעהר פיעל ווערט ווייל וועהרענד געלדער וואס זענען געשיקט געווארען דורך אנדערע בענק, זענען נאך אלץ ניט ערהאלטען געווארען צוליעב פארשידענע אורזאכען און די פוילישע אידען טראגען זיך ארום מיט טשעקס פון פארשיידענע אמעריקאנער (דעטראיטער איינגעשלא - סען) בענק אבער קיין געלט פאר די טשעקס קענען זיי נאך אלץ ניט קריגען, האט שוין דער היגער אפיס פון גאלדמאן בראס. ערהאלטען טויזענדער רעסיטס וואס דער בראנטש אין ווארשאו הינטער דער אויפזיכט פון דוד גאלדמאן האט שוין אויסגעצאלט ביז פעברואר.

הונדערטער רעסיטס מיט די נעמען פון די וואס האבען געשיקט, די סומען און די נעמען פון די וואס האבען די

געלדער ערהאלטען זענען פארעפענטליכט געווארען אין דער פרעסע מיט א פאר וואכען צוריק נאר אזוי ווי די רעסיטס קומען איצט אין די טויזענדער איז פשוט אוממעגליך זיי אלע צו פארעפענט - ליכען ווייל זיי וואלטען אנגעפילט גאנצע פיידזשעס און די גאלדמאן בראס האבען אנאנסירט, אז זייערע ביכער מיט די רע - סיטס זענען אפען פאר אלעמען און זיי בעטען אלע וואס האבען געשיקט געלט סאי דורך דוד גאלדמאן, זייער שותף איידער ער איז אפגעפאהרען קיין ווארשאו, דעם 2טען דעצ. פאר די וואס הא - בען געשיקט געלט ביי מייל אדער קיי - בעל נאך יענעם דאטום צו קומען אין קאנטאר אריין און נעמען די רעסיטס.

מר. גאלדמאן האט אויך זיך געטרא - פען אין פוילען מיט צעהנדליגע פאמי - ליעס וואס האבען אין דעטראיט קרובים, נאר זייערע קרובים האבען זיי קיין געלט ניט געשיקט און ער קענענדיג די טאר - מעס און די מענער, די ברידער און שוועסטער פון די קרובים, האט זיי אוואנ - סירט געלט און ווען זייערע פריינד אין דעטראיט האבען באקומען קייבעלס און בריעף וועגען די פאקטען זענען זיי גע - ווען מעהר ווי צופרידען, זענען זיי גע - קומען אין אפיס פון גאלדמאן בראס. הא - בען באצאלט די סומע וואס דוד גאלד - מאן האט אוואנסירט און האבען נאך גע - קייבעלט פרישע געלט.

מיר האבען דאס אלעס דערצעהלט צו אונזערע קאסטימער צו אונזערע פריינד ווייל דאס איז דער ריינער אמת און בכמעט אלע אונזערע קאסטימער האבען שוין בריעף מיט רעסיטס וואס דערצעה - לען די אייגענע פאקטען נאך מיט מעהר איינצעלהייטען. מיר פאדערען ביי אונזע - רע קאסטימערס ניט קיין דאנק פאר אונ - זער אויפטו, מיר ווייסען אז מיר האבען בלויז געטאן אונזער פליכט. עס איז אונזער אויפגאבע און אונזערע ביזנעס צו געבען יעדען קאסטימער סערוויס.

און ווען אונזער ארבעט איז געקרוינט געווארען מיט ערפאלג איז דאס אליין שוין אונזער דאנק מר. גאלדמאן שרייבט אונז, אז מיר מעגען שוין אנהויבען פאר קויפען שיפסקארטען נאטירליך קענען מיר דא קיין איינצעלהייטען ניט ארויס - שרייבען.

מיר האפען נאר, אז פונקט ווי פון פאר א יאהרען פסח ביז היינטיגען איז דעראונטערשייד אזוי גרויס ווייל פאר א יאהרען האבען מיר נאך קיין געלט ניט געקענט גאראנטירען און היינט קענען מיר עס טאן דורך אונזער אייגענעם פאר - טרעטער אין פוילען און גאליציען אזוי האפען מיר אז פון היינט ביז איבער א יאהר וועט אונז געלונגען צו פאראייני - גען טויזענדער משפחות און פאמיליעס, העלפען אריבער ברענגען קינדער צו על - טערען און עלטערען צו קינדער ווייל סאי אונזער היגער אפיס אין דעטראיט, סאי אונזער ווארשאוער אפיס זענען תמיד צו אייער דינסט.

ווינשענדיג אלע אונזערע פריינד א פרעהליכען יום טוב, צייכנען מיר, אכטונגס פול.


GOLDMAN BROTHERS
FOREIGN EXCHANGE BANKERS
DETROIT, MICH. U. S. A.
D. GOLDMAN, Representative.

Dr. C. O. / M. O. № 775 Pokwitowanie Suma [illegible]

Otrzymał od p. Dawida Goldmana, Reprezentanta
GOLDMAN BROTHERS, DETROIT, MICH. U. S. A.
sumę Thirty five thousand marks
z odbioru których niniejszym kwituję.

Podpis Chaja Berman

Nazwisko Chaja Berman
Warsaw

dnia 9/2 1920

ORIGINAL.

א קאפיע פון א רעסיט. איינער פון די טויזענדע רעסיטס וואס געפינען זיך יעצט אין אפיס פון גאלדמאן בראס.

# גאלדמאן בראס. 393 הייסטינגס

## אויסלענדישער אפיס
## דוד גאלדמאן, פשעיאזד 5, ווארשאו,
## פוילען

# שרעקליכע ידיעות פון יעלעצער פאגראם

## טייוועלשע מעשים פון דעניקינס באנדעס.

### די רויטע זיינען זיך נוקם אין די פאגראמשטשיקעס.

אין ווילנע געפינען זיך איצט אסך היימלאזע אידישע משפחות, וואס האבען דורכגעלעבט דעם פאגראם אין יעלעץ, וואס איז געמאכט געווארען דורך דעניקינס גענעראל מאמאנטאוו אין אווגוסט 1919.

די לאגע פון די משפחות איז א שרעקליכע קיין איינע פון זיי איז ניט גאנץ. ס'רוב זיינען צו עטליכע מענשען פון א פאמיליע געשטארבען פון קעלט אדער הונגער. ביי עטליכע פון זיי זיינען אפגעפרוירען די פיס.

אט וואס די אומגליקליכע דערציילען וועגען פאגראם:

דער פאגר"ם האט געדויערט 6 טעג — דעם מיטך ציים, וויפיל די שטאט האט זיך געפונען אין רשות פון די ווייסע באנדעס, ווי נאר די רויטע זיינען אפגעטראטען, האבען די אריינגעקומענע קאזאקען גלייך אנגעהויבען הרגענען און ראבירען אידען, פאר דער שחיטה פלעגט מען איבער די אומגליקליכע קרבנות זיך לוסטיג מאכען. אזוי האט מען גלייך דעם ערשטען טאג צוזאמענגעקליבען פארטיעס אידען, פארבונדען אויף היגטען די הענט און געהייסען נאכלויפען נאך די פערד, אין דער ריכטונג צום פעלד, דארטען האט מען זיי די הענט אויפגעבונדען. אנגעטאן עונוים, געצוואונגען אויסגראבען קברים, וואו זיי זיינען אלע כמעט לעבעדיגערהייד פארשאטען געווארען.

א פאבריקאנטס א זון (ציטלין) פון א יאר 16, האבען די קאזאקען צום עק פון א פערד מיטן קאפ אראפ צוגעבונדען און געטראגען איבערן שטאט דערנאך האט מען דעם יונגען קרבן אויף א טעלעגראפישען סלופ אויפגעהאנגען און דעם קאפ אויף צווייען מיט א שווערד צושפאלטען...

צום פאבריקאנט זאלקינד האבען זיך אריינגעריסען קאזאקען און געשענדעט זיינע דריי יונגע טעכטער, פון וואס איינע איז משוגע געווארען!

איינעם א פראוויזאר ישור מיט נאך א פארטיע איגנערע און עלטערע אידען צווישען זיי 8 מיידלאך, האט מען אין וואלד אוועקגעפירט, די מענער דערשאסען, די מיידלאך און א שייער פארטריבען און אלעמען געשענדעט...

גאנצע גרופעסווייז אידען פלעגט מען פון די הייזער ארויסשלעפען, צוראבירען מוטער־נאקעט אויפן וועג אויסטאן, צווינגען זיי אויסשפרייטען די הענט צום הימעל מיט א "בקשה" „פריהער גאט און נאכדעם איר, אונזערע באפרייער".

א רייכער סוחר זלאטניקאוו, א געפרלאכער געגנער פון די באלשעוויקעס אין ארויס אויפן גאס זיי מקבל פנים זיין, האט מען ביי אים צוגענומען פון שטוב 80,000 טויזענט רובל און דערשאסען...

א סך קינדער, דערהויפט מיידלאך, האבען די באנדיטען מיטגענומען מיט זיך, די מאמעס, טאטעס זיינען פאר זיי צו די פיס געפאלען, די הענט ביי די אויסוואורפען געקושט, רחמים געבעטען זיי זאלען די קינדער לאזען, ס'האט אבער קיין זאך ניט געהאלפען.

אין פאגראם האבען גענומען א אנטייל ניט נאר קאזאקען, נאר אויך דער המון, וועלכער האט אנגעוויזען, וואו ס'וואוינען אידען, און האבען אליין אלץ געראבירט.

די דערהרגעטע, אן ערך 200 מאן זיינען געלעגען די גאנצע צייט אויף מיטן גאס. מקבר געווען האט מען זיי, ווען די באלשעוויקעס האבען זיך אומגעקערט.

די גאנצע אידישע באפעלקערונג איז געלעגען 6 טעג אין די קעלערן אן ברויט אויפן זיבעטען טאג האבען זיך אריינגעדריקען אין שטאדט די ערשטע רויטע אפטיילונגען, דער המון, וועלכער האט נאך געהאלטען אין ראבירען, האט ניט געוואוסט וועגען דער איבערקערעניש און האבען זיך רוהיג געטאן זיין שענדליכע ארבעט.

די רויטע האבען געגעבען דעם ערשטען קלאפ אין די, באנדיטען זיינען זיך צעלאפען, ס'האבען זיך גלייך באוויזען מעלדונגען אין די גאסען, אז דאס גאנצע האב און גוטס, וואס איז אנגעראבירט געווארען ביי דער אידישער באפעלקערונג, זאל תיכף ומיד אפגעטראגען ווערען אין א צענטראלען פונקט. ווער ס'וועט ניט פאלגען וועט דערשאסען ווערען.

און אזוי איז טאקע געווען, דערשאסען זיינען געווארען אויך די אלע וועלכע האבען אנגעוויזען די קאזאקען, וואו ס'וואוינען אידען, איינע א פרוי האט צופעליג דערקענט אין „טשרעזוויטשייקע" אירע בריליאנטענע רינגען אויף די פינגער פון א באאמטען פון דער „טשרעזוויטשייקע", ווען די פרוי האט וועגען דעם איבערגעגעבען דעם קאמיסאר, איז דער באאמטער אויפן ארט דורך דעם קאמיסאר דערשאסען געווארען

(פון דער ביאליסטאקער צייטונג)

## די תלמוד תורה ווילקינס סט.

צום דעטראיטער אידישען פובליקום

עס איז אוועק א יאהר זינט מען האט דא אויפגעשטעלט די ערשטע מאדערנע תלמוד תורה אויף ווילקינס סט. אין פארלויף פון דעם יאהר האבען זיך אלע איבערצייגט אז די תלמוד תורה איז געשטעלט געווארען אויף א ריכטיגען באזיס, און דער עולם האט געקראגען פולען צוטרוי צו איהרע פיהרער.

וואס איז אבער געווען דער ציעל פון די גרינדער? האבען זיי געוואלט בלויז אויפשטעלען א תלמוד תורה וואו קינדער וועלען קריגען זייער אידישע ערציהונג נאך דעם ווי זיי ווערען שוין גענצליך אויסגעמאטערט פון דעם גאנצען טאג לערנען אין פאבליק סקול? איז דאס געווען זייער גאנצער אידעאל, זייער גאנצע שטרעבונג, אדער האבען זיי געהאט אין געדאנקען עטוואס העכערעס, עטוואס ריכטיגערעס?

דאס איז וואס מיר ווילען דא יעצט ארומרײדען: —

די וואס זיינען פעראינטערעסירט אין די פראגען פון אידישער ערציהונג, נייז, די וואס האבען נאר אפילו עטוואס א טראפט געטאן וועגען דיעזער ברענענדער פראגע זעהען אז די תלמוד תורה איז נאך ניט דאס לעצטע ווארט; די תלמוד תורה קען נאך ניט געבען אלעס וואס מיר אידען אלס אן אלט קולטורעל פאלק ווילען און מוזען געבען אונזערע קינדער, די תלמוד תורה וועלכע קריגט דאס קינד נאכדעם ווי דאס קינד'ס טאג ארבייט איז שוין צו ענדע, נאכדעם ווי דאס קינד האט שוין פארבראכט 6 שטונדע אין פאבליק סקול, און דאס ער וואלט שוין וועלען רוהען; די תלמוד תורה וועלכע מוז ווארטען אויפ'ן קינד ביז 4 א זייגער נאכמיטאג קען ניט וויזען אזעלכע רעזולטאטען וועלכע מיר האבען א רעכט צו ערווארטען

וואס דען איז די ריכטיגע לעזונג צו דיעזער פראגע?

די ריכטיגע לעזונג זיינען די פאראקיאלע סקולען. דאס הייסט אידישע פאבליק סקולס, וואו דאס אידישע קינד קריגט אלגעמיינע ערציהונג ווי אויך אידישע למודים, און די אידישע פאבליק סקול, אדער, ווי מען רופט עס „פאראקיאלע סקול", די סקול פון א געמיינדע.

דאס האבען פערשטאנען די גרינדער פון דער אינסטיטוציאן, און ווען זיי האבען געבויט די תלמוד תורה האבען זיי איהר געבויט מיט דער אבזיכט צו האבען, אויסער די תלמוד תורה אויך א פאראקיאלע שולע. אבער אזוי ווי דאס איז אין גאנצען א נייע זאך ביי אונז אידען, ביי זיי, ביי די גוים איז דאס נאר ניט נייע; זיי, האבען אזעלכע שולען אויף יעדער שריט און טריט, ניט נאר דא אין דעטראיט נאר איבערן גאנצען לאנד. אבער ביי אונז אידען איז דאך דאס ניי, אלזא האבען מיר דאס אנגעפאנגען קליין, אין א קליינעם פארמאט. נאר 3 קלאסען, דאס הייסט: איין קלאס קינדער־גארטען און 2 קלאסען פאראקיאלע.

פאר דיזען צוועק האבען מיר זיך פארבונדען מיט דער היגער פאבליק סקול אדמיניסטראציאן, און זיי האבען אונז געשיקט גוטע לעהרערינס פאר די ענגלישע למודים, מיר האבען אליין אנגעשטעלט די פעהיגסטע העברעאישע לעהרער, און די בעסטע קינדער גארטען לעהרערין, און יעצט האבען מיר פאר אייך די פרעה ליבסטע נייעס, וואס א איד וועט זיין גליקליך צו הערען.

דער ערפאלג פון אונזער קינדער גארטען און פאראקיאל איז אזוי גרויס, אזוי באדייטענד גרויס, אז מיר קענען אייך דאס ניט אנישרייבען, איהר מוזט עס אליין זעהן. קינדער וואס זיינען ניט מעהר ווי 6 און 7 יאהר אלט האבען גע־האט אזא ערפאלג אין העברעאיש און אין ענגליש אז עס איז כמעט אונגלויבליך.

דער אויפזעהער פון די פאבליק סקולס וועלכער קומט דא יעדע וואך קען זיך ניט אבוואונדערען פון דעם גרויסען ערפאלג פון אונזערע קינדער.

אבער, ווי געזאגט, איהר מוזט עס אליין זעהן אום ריכטיג צו באגרייפען די גרויסע רעזולטאטען

ביז אהער אבער האבען מיר דאס געטאן אויף א קליינעם מאסשטאב, אין א קליינעם פארמאט, ווייל מיר האבען זיך אליין געוואלט איבערצייגען, מיר האבען געוואלט זעהן מיט אונזערע אייגענע אויגען, יעצט האבען מיר זיך איבערצייגט און מיר זיינען צופרידען, מיר האבען געפונען דעם ריכטיגען וועג, און מיר גע־העז דאכט פארגרעסערען דיעזען אפטיילונג, און מיר עפענען נאך א קלאס קינדערגארטען און נאך א קלאס פאראקיאל, וואו מיר וועלען קענען אריינגעהמען נאך 30 קינדער, מיר האפען אז עס וועט קומען די צייט ווען אונזער אינסטיטוציאן וועט ווערען פארוואנדעלט אין איין גרויסע פאראקיאלע שולע וואו הונדערטער קינדער וועלען לערנען אידישע און אלגעמיינע למודים פון אידישע לעהרערס און אין א אידישע שוהלע.

די תלמוד תורה ווילקינס סט.

---





---

אייער ענטפער, און דער פארם פון מאסען ביישטייערונגען צום $25,000 פאנד, וועט האפענטליך קומען גלייך, און זיין אן אויסדרוק פון אייער איבערגעגעבענהייט צו דעם אידישען קאנגרעס פאר וועמען עס שטעהען פאר אזעלכע גרויסע און וויכטיגע אויפגאבען.

**פאר דער קאמפיין קאמיטע פון דעם אידישען קאנגרעס.**

יוסף באראנדעס, טשערמאן.

אברהם ס. שאמער,
מארים וויגאטשעפסקי,
ברוך צוקערמאן,
כארים ראטענבערג,
ה. נ. ריטשארדס,
וויליעם ערלין,
גוסטאוו הארטמאן,
גדליה בובליק,

סעקרעטאר.

ביישטייערונגען קענען געשיקט ווערען צום אפיס פון אמעריקאן דזשואיש קאנגרעס, נא. 1 מעדיסאן עוועניו, ניו-יארק וועלכע וועלען פארעפענטליכט ווערען אין דער אידישער פרעסע.

**ארעסטירטער שעריף האט שוין אויף זיך נאך א קלאגע**

וועלכער איז ארעסטירט געווארען צוזאמען מיט דעם פאליסמאן אלבערט ענגליש אויף דער באשולדיגונג פון „בלעקמיילינג" איז נעהמען גרעסט, האט שוין יעצט אויף זיך א צווייטע קלאגע:

דאס ער האט פארקויפט דישארדזש-פאפירען צו סאלדאטען און געהאלפען זיי דעזערטירען פון דער יונייטעד סטייטס ארמעע.

ער האט זיך ערקלערט ניט שולדיג

לואיס בענעט, דער דעפיוטי שעריף,

און עס איז איהם באוויליגט געווארען בייל אויף דער סומע פון $1,000.

דזשאזעף א. פאלמא, פון דער יונייטעד סטייטס סורוויז, האט ערקלעהרט, אז הונדערטער באפרייטע סאלדאטען האבען צו פארדאנקען די הילף פון'ם אנגעקלאגטען דעפיוטי שעריף.

פאליסמאן ענגליש איז דינסטאג אפיציעל אויסגעשלאסען געווארען פון פאליס דעפארטמענט.

# און אויפרוף צום אידישען פאלק אין אמעריקא

דער אמעריקאנער אידישער קאנגרעס, וועמעס צווייטע זיצונג האט אין גיכען פארקומען, ווענדעט זיך צום אידישען פאלק אין אמעריקא מיט עטליכע זעהר ערנסטע ווערטער.

ס'איז אלעמען באקאנט, מעהר אדער ווייניגער, די אומגעהויערע וויכטיגע ארבייט וואס דער אמעריקאנער אידישער קאנגרעס האט אויפגעטהאן. אמת, ניט אלע האבען נאך ריכטיג אפגעשאצט די ארבייט, אבער ווען אויף דער נעקסטער זיצונג פון דעם קאנגרעס וועט ארויסגעבראכט ווערען דער גאנצער אמת פון דער היסטארישער ראלע וואס אונזער דעלעגאציע צום פריעדענס קאנפערענץ אין פאריז האט געשפיעלט, דאן וועלען אלע אידען אין אמעריקא באמת שטאלצירען דערמיט וואס זיי האבען געשאפען אזא וויכטיגע אינסטיטוציע ווי דער אידישער קאנגרעס.

ליידער האט דער אידישער קאנגרעס, אויף זיין ערשטער זיצונג אין פילאדעלפיא, אין דעצעמבער 1918, אליין ניט באגריפען די גוואלטיגע ארבייט וואס וועט פאר איהם און זיינע באאמטע פארליגען; און דאס איז אפשר די אורזאך וואראום עס איז אויך ניט אויסגעארבייט געווארען קיין באשטימטער פלאן ווי דער ווילען פון דעם קאנגרעס זאל אין דער פראקטיק דורכגעפיהרט ווערען. דאריבער שטויסען זיך די באאמטע איצט אן אויף שוועריגקייטען וואס מען האט אמאלס ניט געקענט פאראויסזעהען. מען האט, צום ביישפיעל, קיינמאל ניט געקענט וויסען אז עס וועט אויסקומען פאר די אידען פון דער וועלט אויסצוהאלטען א דעלעגאציע און א ביורא אין פאריז אזוי לאנג נאך דעם וואפען-שטיל-שטאנד; און אין פארבינדונג מיט דעם קוקט מען אנך איצט ארויס אויף אונז, אמעריקאנער אידען, צו טהאן די וויכטיגסטע ארבייט. דער אידישער חורבן אין דער אלטער וועלט, בארעכטיגט דאס אייגענטליך מחמת מיר דא אין אמעריקא זיינען געבליבען אומבאריהרט כמעט אין גאנצען פון דעם מלחמה-בראנד, און דער פאר, אויב מיר ווילען טהאן אונזער פולע פליכט צו אונזערע ליידענדע ברידער און שוועסטער אין אלע לענדער, מוזען מיר מיט אונזער גאנצען כח שאפען יענע מיטעל וואס זאלען מאכען מעגליך פאר דעם אמעריקאנער אידענטהום צו ראטעווען דאס וואס לאזט זיך נאך ראטעווען פון דעם שרעקליכען אומגליק וואס האט געטראפען אונזער פאלק אין דער אלטער וועלט.

ערשט ניט לאנג צוריק האט די פאריזער דעלעגאציע געשיקט א שליח צו אונז אין אמעריקא, אז מיר זאלען האלטען אונזער פארפליכטונג צו זיי — אז מיר זאלען גאר פשוט ביישטייערן כאטש אונזער חלק, אויב ניט מעהר, פאר אויסהאלטען די ביורא וואס אונזער אייגענע דעלעגאציע נאך פאריז האט געהאלפען ארגאניזירען.

און שטעלט אייך פאר אונזער לאגע, ווען מיר האבען זיך ארומגעזעהען אז מיר קענען אונזער פארפליכטונג ניט האלטען, דערפאר וואס דער אידישער קאנגרעס האט פארפעהלט צו באשטימען די מיטלען מיט וועלכע די וויכטיגע ארבייט זאל דורכגעפיהרט ווערען.

אט דערפאר, ווענדען מיר זיך איצט דירעקט צום פאלק, צו די מאסען, צו אלע יענע מענשען וואס פארשטעהען און פיהלען ווי נויטיג עס איז אזא ארגאניזירטע אינסטיטוציע ווי דער אידישער קאנגרעס, וואס זאל זארגען פאר די אידישע אינטערעסען פון אונזער פאלק איבער דער גאנצער וועלט.

דאס וואס דער אידישער קאנגרעס האט אויף זיין ערשטער זיצונג פארפעהלט צו טהאן מוז איצט געטהאן ווערען פון פאלק דירעקט. א פאנד פון אמ ווייניגסטענס $25,000 איז אומבאדינגט נויטיג גלייך, און מיר האבען גענוג אמונה אין דער ערנסטקייט און אויפריכטיגקייט פון די אידישע מאסען צו ערווארטען אז דער אפרוף וועט זיין ברייטהארציג און ברייטהאנטיג.

מיר פאדערען אויף יעדען איינעם וואס האט גענאמען א חלק אין דער בויאונג פון דעם אידישען קאנגרעס אז ער זאל דעם איצטיגען אויפרוף באטראכטען פאר מעהר ווי א געוויינליכע זאך. מיר ווילען אז וואס מעהר מענשען זאלען זיך אין דער זאמלונג באטייליגען. מיר ערווארטען אז דאס זאל זיין א פאלקס-פאנד — אן אויסדרוק פון דעם קאלעקטיווען ווילען פון די אידישע מאסען צו שטארקען די האנד פון דעם אידישען קאנגרעס אין דער גוואלטיג-וויכטיגער ארבייט וואס ער האט צו טהאן.

אידען פון אמעריקא, דער אידישער קאנגרעס איז אייערער. איהר האט איהם געשאפען. איבער דריי הונדערט טויזענד פון אייך האבען זיך באטייליגט אין די וואהלען פון דעלעגאטען מיט דריי יאהר



Der Weg

## די סטריט קאר קאמפאני

די אידען אין דעטראיט זיינען געקומען אהער זיך פארבעסערן זיי-
...נע.

א סך האבען דא געמאכט וייער היים. די שטאטישע אינטערעסען
...נען זייערע אינטערעסען. זיי זענען פאר א גוטער רעגיערונג. אויף'ן
...עריקאנעם אופן, פריעדליך. זיי זיינען פאר בילדונג, זענען ניט קיין
...ינדע נאכפאלגערס אין פאליטיק. זייער הויפט אינטערעס איז זייער
...ים.

די אידען אין שטאדט זיינען, צווישען די אקטיווסטע עלעמענטען וואס
...פען זיך הייסען, בויען, פארקויפען הייזער און ווילען אמאל דערלעבען א
...ם צו זיין פריי פון חובות און באזארגט מיט א היים.

די גרעסטע שטערונג צו א היים איז שווערע טעקסעס. דער איד ווייס
געדענקט ווי שווערער איז געווען געטעקסט און געדריקט אין זיין אל-
...ר היים.

אבער אין אמעריקא איז דער בירגער זיין אייגענער טעקס אסעסאר.
...אליין קען מאכען די טעקסעס נארמאל אדער אבנארמאל. עס מוז זיין א
...ויסע טעקס אויף אויפצוהאלטען א רעגיערונג, צו באשיצען אייגענטום
...ז. וו. צו בילדען און ערציהען די יוגענד. אבער עס טאר ניט זיין קיין
...ערער טעקס כדי אויפצוהאלטען אדער קלייגען אראפבאפען א שטיק.

היינט צו טאג האלט עס דערביי אין דעטראיט.

מענשען מיט פאליטישער אמביציע ווילען ווערען גרוים אויף'ן חשבון
...ן אנדערע. דעריבער ווילען זיי, דער בירגער זאל לייהען 15 מיליאן מיט
...אס זיי זאלען קענען גיהן אין די קאר ביזנעס.

דאס איז אבער ניט נייטיג. די קאר קאמפאני איז אין די ביזנעס,
...אס געלט. וויל בילדען נייע קארס, ועט רעכענען אין פעיר, געבען
...ענספערס, און דאס ועהט אויס א גוטער בארגעין.

מעהר פון אלעס דארפען מיר האלטען די היים פריי פון מארטגעדזשעס
...ין דאס מיינט ארגעטערשטימען קאוזענס פלאן. דאס מיינט יעדער וואוטער
...ל וואוטען פאר זיך אליין. ער קען ניט ערוואוטען, אז אנאנדערער זאל
...וטען פאר איהם. ער קען ניט איינפארטרויען דאס צו אנדערע. ער מוז
...יין שטימען געגען דעם פלאן.

## די מאנישעוויץ מצה — א וועלט מצה

מאנישעוויטץ מצה איז ניט נור די פא...
...לערסטע און בעליעבטסטע מצה אין
...עריקא, נור אויך אין ענגלאנד, פראנק
...ך, ארץ־ישראל, אפריקא און אויס-
...אליא. איבעראל אין דער גאנצער
...עלט האט מען אויסגעפונען אז מאני-
...שעוויטץ מצה איז די מצה מיט אלע
...עלות. און עס איז קיין וואונדער אויך.
...ען דארף נור נעהמען א באקס מאני-
...שעוויטץ מצה און עס פערגלייכען מיט
אלע אנדערע און מען קען באלד זעהן
דעם אונטערשיעד. ערשטענס איז די
באקס אזעלכע וואס שיצט די מצה געגען
שטויב, לופט און פייכטקייט; צווייטענס
די מצה איז פון זעלטענעם געשמאק.
דאס אויסגעצייכענטע פעסטע פאקען
פערזיכערט אויך די מצה זאל זיך האל-
טען שטענדיג פריש, קלוגלע און בע"-
טעמ,ם.

מאנישעוויטץ מצה איז געשיקט גע-
ווארען צו אידען אין יוראפ פון זייערע
אמעריקאנער קרובים; די מאנישעוויטץ
פירמא אליין האט געשיקט צעהנדליגע
טויזענדער פונט קיין פאלעסטינא, וואס
דיעזע פירמא איז מנדב יעדען יאהר פון
איהר פראדוקט פאר די נויטבאדערפטי-
גע אין הייליגען לאנד, און אויסער דעם
האט די דזשאינט דיסטריביושאן קא-
מיטע געשיקט א גרויסע לאדונג מאני-
שעוויטץ מצות צו די מלחמה קרבנות
אויף יענער זייט ים, און היינטיגען פסח
וועט עס זיין די קרוין פון פסח טיש
אויף ביידע זייטען ים.

## מענעדזשער און וואטשמאן ארעסטירט פאר גנבה

דזשארדזש ה. וועבב, דער מענעדזשער
פון דער קוראן רעדיאייטאר קאמפ., און
טשעסטער סמיטה, וואטשמאן ביי דער
זעלבער פירמע, זיינען נעכטען ארעס-
טירט געווארען אויף דער קלאגע פון
גנבה.

לויט דער פאליציי, האבען זיך ביידע
מענער מודה געווען אין גנב'ענען ביי דער
פירמע די סומע פון $6,000.

דעטעקטיווס גארווין, באלהארן, הייס-
טינגס און סמיטה, וועלכע האבען
בלמריש פאזירט אלס ארבייטער, האבען
נעכאפט דיעזע צווי חברה מאכענדיג א
קאמופלאזש אינ'ם פי־ראל. זיי האבען
אויף אזא'ן אופן געשווינדעלט עטליכע
טאנזענט ציים.

## סקוהל אדער קארס

ארטיקעל 4

פון ה. ה.

ווי ווייט אונזער שטאדט וואקסט קען
יעדער איינער גאנץ לייכט זעהן פון דעם
צוואוואוקס אין די צאהל קינדער אין די
היגע פאבליק סקוהלס. היינטיגעס יאהר
זענען רעדזשיסטריט 20,830 מעהר קינ-
דער ווי לעצטען סקוהל סעזאן.

און אונזער דעטראיט איז שטארק
שטאלץ אויף איהר גרויסען וואוקס, זי
קנייפט זיך ביים בעקעל און קלאפט זיך
איבערן ביי־בעל מיט שטאלץ.

— מיר, דעטראיטער, זענען אלע-
רייט, מיר וואקסען, מיר פארמעהרען
זיך, מיר זענען א שטאדט מיט איבער
א מיליאנען באפעלקערונג. אבער אין
דער אמת'ן דארף דעטראיט גאר ניט זיין
אזוי שטאלץ מיט זיך. איבערהויפט אז
מ'קוקט זיך צו ווי אזוי דעטראיט בא-
ציהט זיך צו איהרע פאבליק סקוהלס,
וואס זענען איבערגעפאקט. טויזענדער
קינדער פעהיגע וואס זענען אלט גענוג
און ניט גענוג פאר געהן אין פאבליק
סקוהל א גאנצען טאג, שיקט מען אהיים
אויף האלבע טעג און צו איינציגע אורזא
כע איז ווייל דעטראיט האט ניט גע-
נוג רום אין איהרע סקוהלס, ווייל דעט-
ראיט האט ניט גענוג סקוהלס וואו איה-
רע קינדער זאלען קענען לערנען א גאנ-
צען טאג.

איז דען ניט שוין צייט אז דעטראיט
זאל וויסען אז די שטאדט וואקסט און
די באפעלקערונג וואקסט איבער די
שטאדט און מען דארף האלטען אין
איין צובויען פאבליק סקוהלס, כדי ניט
צו דארפען שיקען די קינדער אהיים.

וואלט דען ניט געווען פיעל שעהנער
און עהרליכער פון אונזערע שטאטישע
פאליטישענס צו מאכען א אישו פון דער
סקוהל פראגע אנשטאט וואס זיי מאכען
פון דער דעטראיט אונייטעד רעילוועי?
וואלט אן עהרליכער פאליטישען (אויב
עס איז ערגעץ דא אן עהרליכער פאליטי-
שען איז א לאזונגדער פראגע) געמאכט א
אישו פון דער סקוהל פראגע און אנגע-
פיהרט א קאמפיין פאר בעסערע סקוהלס
מעהר רום פאר די קינדער, מעהר סקוהלס
מעהר אימפרואוומענטס וואלט דאך די
אישו אויפגעכאפט אין געשטיצט געווא-
רען פון יעדען בירגער.

יעדער בירגער האט קינדער און וויל
זיי האלטען אין סקוהל און פיהלט די
נויטווענדיגקייט פון בויען נאך סקוהלס.

ווען מ'מאכט אבער א „אישו" פון דער
דעטראיט יונייטעד רעילוועי און מ'פאר
נאכלעסיגט די סקוהל־פראגע מוז מען קו
מען צום שלוס, אז אונזערע פאליטי-
שענס פארזארגער נעמען זיך וויכטיג צום
הארצען פאר דעם וואל און בעסטען פון
דער שטאט דעטראיט.

זיי מוזען האבען א שעיר לעזול זיי
דארפען א אישו מיט וואס צו שיטען
זאמד אין די אויגען פון דעם וועהלער,
און זיי זוכען אריינצושלעפען דעם ביר-
גער אין א „פייט" פון וועלכען ער וועט
ניט נאר ניט פראפיטירען נאר ער קען
נאך פארלירען.

פארלירען קען ער, ווען ער זאל אנ-
שטאט צאהלען פאר זיין היים דארפען
פארמארטגיידזשען זיין היים.

פארלירען קען ער ווען עס זאלען זיין
צוויי ליינס אנשטאט איין פאראייניגטע
סיסטעמע מיט פרייע טרענספערס, זאל
ער דארפען צאהלען דאובעל פער.

### אלטער מאן באפרייט פון שווערער קלאגע.

אויף דער רעקאמענדאציע פון דעם
אסיסטענט פראסעקיוטאר, עללען פ.
קאקס, האט דזשאדזש ווילקינס נעכטען
אין רעקארדערס קאורט באפרייט אייב-
ראהאם דארלינג און זיין שוועסטער, מע-
רי פארבס.

דארלינג, וועלכער איז 71 יאהר אלט
איז צוזאמען מיט זיין שוועסטער גע-
שטעלט געווארען אונטער א קלאגע פון
העלפען דר. דזשארדזש א. פריטש צו
מאכען אומלעגאלע אפעראציעס. דאקטאר
פריטש געפינט זיך יעצט אין מארקעט
פריזאן.

„דארלינג איז א צובראכענער שאר-
בען — האט מר. קאקס געזאגט — ער
איז 71 יאהר אלט. ער האט פאקטיש אין
גאנצען צוזאמענגעבראכען, ווען ער איז
געשטאנען אויפ'ן ווייטנעס־סטענד. דיא
דזשורי האט געמיטעט 26 שעה און האט
זיך ניט געקענט איינינען. איך צווייפעל
אויב עס וואלט געווען גערעכט צו פאר-
מישפט'ן אזא אלטען מאן, און דאס זעל-
בע איז מיט זיין שוועסטער, וועלכע איז
65 יאהר אלט. ער איז שוין גענוג גע-
שטראפט געווארען אזוי אויך".

אינטערעסאנט איז, אז מרס. פארבס
איז אויפגעטראטען אלס עדות געגען
איהר ברודער. אבי ארויסצוקריגען א
באגנאדיגונג פאר זיך.

### צו אלע דעטראיטער:

קומט און מיר וועלען אלע צוזאמען
בעגלייטען דעם יום טוב:

א קאנצערט און ליטעראַרישער אוונט
וועט געגעבען ווערען זונטאג דעם 11־טען
אפריל 2 א זייגער ביינאכט אין לייבאר
ליסעאום, אין וועלכען די בעסטע
קרעפטען פון שטאדט וועלען איינטהייל
נעמען, אלע בחורים, מיידלאך, און סתם
יונגע לייט זיינען איינגעלאדען צו דיע
זען קאנצערט וואו זיי וועלען ווירקליך
פארברענגען א גוטען איינגענעמען
אוונט. קומט און ברענגט מיט אייע-
רע פריינד

איינטריט פריי. ארראנזשירט פון די וואָ-
לונטירען פון דער פיפעלס רעליעף דע-
טראיטער ברענטש.

### לעבעוויטשער איפמערקזאם.

לעבעוויצער פעראיין וועט אפהאלטען
איהר מיטינג דעם זונטאג אוונד דעם
2־טען טאג פסח אין ווילקינס סטריט
ת"ת מיר פערלאנגען אלע מעמבערס צו
קומען צום מיטינג.

די קאמיטע

# אן אפיעל צו די אידען אין דעטראיט

א סך פון אייך זענען ניט לאנג אין שטאט דעריבער זאל
ט איהר פרעגען אייערע פריינד וואס זענען דא לענגער, ווע
לען זיי אייך זאגען אז פאליטישענס האבען תמיד געמאכט
א „אישו“ פון דער קאר קא
ווען ניט די סטריט קאר פראגע וואלטען די פאליטישענס
ניט געהאט פון וואס צו הערען
פאליטישענס האבען געבראכט דערצו אז עס זאלען ניט ז
יין גענוג קארס. פאליטי-
שענס פארפרעכען זאכען און דערנאך פארגעסען זיי זיך. ה
יינט זאגען זיי: „געדולט אונז
נאך און מיר וועלען אייך געבען גוטע זאכען נעקסטע וו
אך, נעקסטען חודש, נעקסטען יאהר...“
אין דעם תלמוד ה׳ י, עמוד א לעזט איהר:

## „איין פעפערעל היינט איז בעסער ווי א פולער קארן מארגען

## שטימט ניין אויף דעם קאונס סטריט קאר פלאן

## The Citizens' Committee on Street Railway Service

**MARK JACOBSON**
Vice-President and General Manager Babbitt and Solder Manufacturing Co.
**JAMES A. MURTHA**
Attorney.
**BEN B. JACOB**
Vice-President Detroit Mortgage Corporation. Treasurer Elmer's Department Store.
**FRANK H. CROUL**
President, Detroit Oak Belting Company. Formerly Police Commissioner.
**ANDREW H. GREEN, Jr.**
Vice-President Solvay Process Company.
**PHILIP BREITMEYER**
John Breitmeyer's Sons, formerly Mayor of Detroit.
**WILLIAM B. THOMPSON**
Formerly Mayor, Robinson Beef Company.
**DEXTER M. FERRY**
President, D. M. Ferry & Co.
**JOHN N. BAGLEY**
President, John J. Bagley & Co.
**DR. JOHN S. HALL**
President, Board of Education.
**HENRY M. LELAND**
Lincoln Motors Co.
**JAMES INGLIS**
American Blower Co.
**REV. HUGH JACK**
Central Presbyterian Church.
**HARRY M. NIMMO**
Detroit Saturday Night.
**THOMAS J. MARSDEN**
Chairman, Wholesale Merchants' Bureau of Detroit.
**JAMES E. WILSON**
Chairman, Retail Merchants' Bureau of Detroit.
**FRANK G. RYAN**
Park, Davis & Co.
**JOSEPH BOYER**
Burroughs Adding Machine Co.
**JOHN BARC**
Fireside Printing Company.
**L. F. SCYMANSKI**
General Secretary, Polish-American Association of Detroit.
**PETER J. LESCYNSKI**
Clothing Dealer.
**EDWARD N. HINES**
Speaker-Hines Printing Co. County Road Commissioner.

**FREDERIC B. STEVENS**
President, Frederic B. Stevens
**C. M. BURTON**
Burton Abstract & Title Co.
**STANDISH BACKUS**
Burroughs Adding Machine Co.
**MALCOLM McLEOD**
Formerly Labor Commissioner of Michigan, and Collector of Internal Revenue, State Manager David Lupton's Sons
**HENRY B. JOY**
Joy Realty Co., Formerly President Packard Motor Car Co.
**HENRY LEDYARD**
Attorney, Campbell, Bulkley & Ledyard.
**FRED T. MORAN**
Peninsular Stove Co.
**JAMES SCHERMERHORN**
Publisher, Detroit Times.
**D. H. ROBERTS**
President Roberts Brass Manufacturing Co.
**CHARLES ERDMAN**
Vice-President Erdman-Guider Company.
**FRED SCHRAM**
The Fred Schram Co.
**L. ZUCKERMAN**
President Elmers, Inc.
**A. W. COPLAND**
President Detroit Gear & Machine Co.
**WALTER B. CARY**
President Michigan Insurance Agency, Inc.
**WALTER I. OWEN**
President Owen & Co.
**JAMES S. HOLDEN**
Real Estate.
**J. BURGESS BOOK**
Book Estate.
**PAUL BAGLEY**
John J. Bagley & Co.
**J. G. ALBRIGHT**
Insurance.
**DAVID M. IRELAND**
Ireland-Matthews Co.
**BEN B. JACOB**
Detroit Mortgage Corporation. Elmer's Department Store.
**W. REX JOHNSTON**
Treasurer, Johnston Co.
**WALTER L. MALOTT**
Wholesaler.

**FREDERIC C. O'MEARA**
Sales Manager, Joseph J. Jacobson Co.
**JOHN J. RAMSEY**
**C. A. ROXBOROUGH**
Lawyer.
**ANGUS SMITH**
Manufacturer.
**JOHN A. SIBLEY**
Insurance.
**DR. R. SADOWSKI**
Physician.
**S. W. UTLEY**
Detroit Steel Castings Co.
**J. FARRAND WILLIAMS**
Farrand, Williams & Clark.
**W. W. ABBOTT**
Real Estate.
**CHARLES E. BEYMER**
Real Estate.
**JAMES D. KENNEDY**
Coal.
**WILLIAM G. GILMORE**
Real Estate.
**L. H. JONES**
Detroit Copper & Brass Rolling Mills.
**F. G. AUSTIN**
Whitney Realty Co., Ltd.
**DR. JAMES W. AMES**
Physician.
**E. A. BATCHELOR**
Batchelor, Mason & Brown.
**CHARLES W. BURTON**
Real Estate.
**MARK JACOBSON**
Babbitt & Solder Manufacturing Co.
**W. H. BURTENSHAW**
Burtenshaw & Co., Inc.
**CHARLES H. BRYAN**
Mercier, Bryan, Larkins Brick Company.
**HENRY M. CAMPBELL**
Chairman Board of Directors Union Trust Company.
**EMORY W. CLARK**
President, First & Old Detroit National Bank.
**G. W. DRENNAN**
Drennan & Selden, Inc.
**JOHN B. FORD**
Michigan Alkali Co.
**SHERIDAN FORD**
Sheridan Ford Adv. Service.
**GAYLORD W. GILLIS**
Edson-Moore Co.
**HEATLEY GREEN**
Automatic Products Co.

**F. W. HODGES**
Detroit Lubricator Company
**CHARLES D. HASTINGS**
Hupp Motor Car Co.
**JULES G. HOFFMAN**
Manufacturer.
**HENRY W. HOYT**
Great Lakes Engineering Works.
**WILLIAM HILLGER**
Real Estate.
**HENRY BLACKWELL**
Retired Merchant.
**SAMUEL FRANK**
Frank Brothers.
**JOHN TRIX**
American Injector Co.
**EDWARD W. STODDARD**
Detroit Range Boiler & Steel Barrel Co.
**VERNON C. FRY**
Real Estate.
**LOUIS GENEST**
Real Estate.
**HENRY L. ARMSTRONG**
Armstrong Tanning Company
**EDWIN E. ARMSTRONG**
Armstrong Tanning Company.
**STEPHEN Y. SEYBURN**
Real Estate.
**W. A. C. MILLER**
W. A. C. Miller Lumber Co.
**CLINTON W. RUSSELL**
Vice-President and General Manager, Russell Wheel & Foundry Co.
**P. J. SCHMIDT**
Retail Shoes, 3234 Michigan Avenue.
**HAROLD MABLEY**
John D. Mabley & Co.
**THOMAS E. NEWTON**
President, Newton Beef Co.
**C. C. GILBERT**
Owner Baltimore Lunch.
**H. J. HAMEL**
Hamel-Lorenz Co., Real Estate.
**THOMAS L. RICE**
Real Estate.
**W. H. MURPHY**
Murphy Estate.
**CHARLES D. HASTINGS**
Pres. and G. M. Hupp Motor Car Corporation.
**HARRY M. JEWETT**

# דער פראגרעסיוו ארדען ברית שלום

## דער פראגרעסיוו ארדען ברית שלום געהט אינסטאלירען למזל א זעקסטען ברענטש אין אוקלאנד

די אוקלאנדער אידען האבען זיך ארומגעזעהן אז עס איז שוין צייט, אז דער באדיטענדסטער און ווירטיגסטער אידישער ארדען וואס האט אין משך פון 4 יאהר צייט געהאט די מעגליכקייט צו גרינדען אין דעטראיט אליין 5 ברענטשעס. זאל. אויך אוקלאנד האבען א ברענטש פון'ם גרויסען ברית שלום ארדען.

די אוקלאנדער אידען האבען אפעלירט צום דיסטריקט דעפיוטי ה' ד. הארוויץ וועלכער האט שוין געהאט אנאנסירט מיט עטליכע וואכען צוריק די אינסטאלאציע. אבער איבער דער עפידעמישער קראנקהייט איז די אינסטאלירונג אפגעלעגט געווארען און וועט פארקומען זונטאג מוצאי יום טוב דעם 11טען אפריל.

די האל און די צייט פון דער אינסטאלירונג וועט אנאנסירט ווערען סיי דורך דער צייטונג און סיי דורך באזונדערע הענדבילס.

## די צוועקען פון דעם ברית שלום ארדען

עס איז לחלוטין איבעריג אויסצולויבען דעם פראגרעסיוו ארדען ברית שלום בכלל און זיין גוואלדיגען ערפאלג אין דעטראיט בפרט. א מעהר וועלען מיר דא אויסרעכנען א פאר פאקטען און זאלען די פאקטען ריידען פאר זיך אליין.

דער ארדען ברית שלום איז דער איינציגער ארדען וואס נעהמט אהיין מיטגליעדער אויף אן אינשורענס פאליסי אין עלטער פון 18 ביז 55 יאהר. און ניט דורכדעם א געלעגענהייט דעם יונגען עלעמענט צוזאמען זיך צוקומען מיט דעם עלטערען. דורכדעם לערנט די יונגנד און די עלטערע זיך צו פארשטעהן בעסער און גרינדליכער.

דער ארדען ברית שלום נעהמט אנטייל אלס ווירטיגסטער מיטגליעד אין דער ציוניסטישער באוועגונג און נעהמט אנטייל אין אלע אידישע אנגעלעגענהייטען און ארבייטען לטובת דער אידישער נאציאן סיי דא אין גלות און סיי אין ענינים וואס זיינען נוגע דער אלטער היים — ארץ ישראל.

דער ארדען ברית שלום טוט קיינמאל קיין זאך נישט, נישט אנפרעגענדיג זיך פריהער אן די פארשטעהער פון די באזונדערע לאדזשעס. ער ווארט תמיד מיט זיינע באשליסע אויף דער אלגעמיינער קאנווענשאן; ער ווארפט זיך נישט ארויף מיט פארערונגען, נאר פארלייכטערט די פליכטען פון זיינע מיטגליעדער, געבענדיג זיי די מעגליכקייט אליין מסכים צו זיין צו די פארשיעדענע פלענער און אודאי ווען די רייד איז מכח טאקסירונגען.

דער ארדען ברית שלום איז געוועזען דער ערשטער וואס האט זיך אפגערופען אויף יעדער רוף פון אידישע נויטען. די אנדערע ארדענס האבען שוין נאכדעם נאכגעפאלגט דעם ביישפיל און זיך אויך מיט די אידישע פראגען גענומען פאר־אינטערעסירען.

דער ארדען ברית שלום צאהלט נישט קיין ווייזדוש — ווי אנדערע ארדענס — און טיילט נישט פרעזענטען. אפילו דער גרענד מאסטער דער זעהר פעהיגער און באגאבטער ל. ס. ראבינסאן באקומט קיין געהאלט און ווען מען האט איהם פאר דריי יאהרען פרעזענטירט מיט 1000 דאלאר, פאר צוויי יאהרען און פאר איאהרען צו 500 דאלאר, האט דער געעהרטער גרענד מאסטער מיט טרערען אין די אויגען באדאנקט פאר דער אנערקענונג און געזאגט: „אין אזעלכע פינסטערע יאהרען האבען מיר קיין רעכט צו נעהמען פרעזענטען. איך נעהם צו דיזע געלדער מיט דאנקבארקייט און גיב זיי אוועק פאר די מלחמה קרבנות".

בלויז צוויי סעקרעטארען פון'ם ארדען — מארטין א. ליוואי (גרענד סעקרעטאר) און אראלף ראזענבלום (אידישער סעק.) ביידע — די פעהיגסטע מענשען, וואס ארבייטען בוכשטעבליך טאג מיט נאכט לטובת דעם ארדען און וועלכע ווערען באוואונדערט פאר זייער ארבייטזאמקייט און פעהיגקייט — בלויז זיי זענען די איינציגע 2 באצאהלטע מענשען אינ'ם ארדען — ווייטער ווערען אלע געלדער, הכנסות, געשיפט לטובת דעם ארדען.

די אינשורענס זענען פאר מאן און פרוי 1.000 דאל.

אומגליקס פאל (דיסאבילימי) אינשורענס) אויך 1.000 דאלאר.

## דער ערפאלג פון די לאדזשעס אין דעטראיט

נאכדעם ווי מען ווייס וואס פאר א צוועקען און ארבייטען דער ארדען ברית שלום פיהרט דורך, איז עס שוין קיין וואונדער נישט וואס דער ארדען האט אזא ערפאלג אין דעטראיט.

אט זענען די פאקטען בנוגע דעט־

ראיט:

1) מיט פיער יאהר צוריק ווען דער איצטיגער אסיסטענט גרענד סעק. ראזענבלום איז אהער געקומען מיט א מיסיע צו גרינדען דא א לאדזש, איז ווען דער טיכטיגער מיטגליעד ה. ראבערט גרינבלאט האט געהערט וועגען די גוטע ארבייטען פון דעם ארדען, האט ער בוכשטעבליך אוועקגעלעגט זיין ביזנעס (פארשלאסען זיין סטאר) און געהאלפען דער ארגאניזירונג פון דעם „דעטראיט סיטי לאדזש".

מיט 15 מעמבערס האט זיך דער דאזיגער 1־טען לאדזש געגרינדעט און יעצט האט ער א 250 מיטגליעדער.

נאך 4 זיינען געגרינדעט געווארען, ווי פאלגט:

2) דר. וואזשאנע ווילמאדזש לאדזש פון בלויז אונגארישע אידען געגרינדעט מיט דער הילף פון דעפיוטי מר. בערנארד שווארץ און דעפיוטי מר. דוד הורוויץ. דיעזער לאדזש האט איצט איבער 200 מעמבערס.

3) אינדעפענדענט האם פראטעקשאן — האט איצט איבער 100 מיטגליעדער.

4) מישיגאן פראגרעסיוו לאדזש — האט איצט לערך 300 מעמבערס.

א דאנק קומט פאר דעם פראגרעס און ערפאלג פון דיעזען לאדזש אהן ספק דעם געעהרטען עקס פרעזידענט פון [illegible] ה. קארעלאף, וועלכער האט צוזאמען מיט'ן דעפיוטי דוד הורוויץ זעהר טיכטיג געארבייט צו ברייגען דיעזען לאדזש צו פאלקאמען ערפאלג.

5) טעמפעל סטעפען לאדזש — מיט 150 מעמבערס.

איצט געהען מיר גרינדען אין אוקלאנד א 6־טען לאדזש.

און געדענקט, איהר אקלאנדער אידען, אז כל הקודם זכה. ווער עס וויל זיין א טשארטער מעמבער מוז קומען צווישען די ערשטע מעמבערס.

עס פארשטעהט זיך אז עס איז פארשפארט איינציגארטיגען איינציגען אז עס איז א כבוד צו באלאנגען צום ברית שלום ארדען, עס איז א טיטול צו זיין א מעמבער פון דעם ברית שלום. עס איז פאראיבער די צייט ווען אידען האבען זיך געשטופט אין גויאישע לאדזשעס און ארדענס. דער ברית שלום ארדען האט געוויזען אז עס איז אן עהרע צו זיין א איד און צו געהערען דעם ברית שלום ארדען און צו טראגען דעם טיטול פון איהרען א מעמבער.

מיר לעבען אין א צייט ווען מיר דארפען זיין ענגער פארבונדען איינער מיט'ן אנדערען און דער איינציגער ארדען וואס פארבינדעט אלט מיט יונג פון דעם אידישען פאלק איז דער ארדען ברית שלום.

פאר אינפארמאציע ווענדעט זיך צום דיסטריקט דעפיוטי דוד הארוויץ אין 327 מעדבורי סט. אדער טעלעפאנירען נארד ווי 5457. צו יעדער צייט איז דער דעפיוטי ווילינג צו געבען זיינע מיטהעלפע אינפארמאציע און אויסקינפטע.

## בריעף צום רעדאקטאר

ווערטהער הערר רעדאקטאר פון „ווענ"

איך האב אנגעמלעמט אין אייער ווערטער צייטונג געדרוקט א בריעף וועגען אן ארימער פרוי מרס. ווייס, ביי יועלכער דער מאן איז געשטארבען. איך האב פון דיעזען בריעף א סך עגמת נפש געליטען. איך האב געהאט מעהר צרות פון דער באשרייבונג, ווי איך געלעבט ווער. וואריום איבער א טעות וואס איהר, אדער אימיצער אין אייער רעדאקציע, צו אין דער דרוקערייי, האט צונויפגעמישט דעם פארשטארבענעם וועלכער איז געווען א מיטגליעד פון דער דר. וואזשאנא ווילמאזש לאדזש מיט דער אונגארישער חברה.

דער אמת איז, אז דיזע צוויי ארגאניזאציעס זיינען געגצליך צוויי באזונדערע זאכען, דער פארשטארבענער איז געווען דער איניציאטאר אין דער חברה נישט געגוג וואס איך האב קיין נחת ניט געהאט פון אט דעם דאזיגען פלאנטער, זענען נאך פיעלע מיטגליעדער פון דעם אינדעפענדענט ארדען ברית שלום, פון וועלכער איך האב די עהרע צו זיין דעפיוטי, ברוגז למאי מען האט זיי געמאכט פאראנטווארטליך פאר דער חברה קדישא. ווארים די לאדזש האט נישט קיין סעמעטערי.

איך וואלט זעהר וועלען איצטער אויס בעסערען אייער טעות.

אמת, עס איז שוין לאנג צייט געוועזן. אבער די טרדת הפרנסה האבען מיך אפגעהאלטען די גאנצע צייט. און ווי זאגט עס דארטען דער רוס: „בעסער שפעטער איידער קיינמאל נישט."

איך וויל אויך אין איין וועגס אינגאנצען אראפנעהמען די שולד פון דער אלמנה. זי איז דאך אוודאי גארנישט שולדיג און ווען א רייכע ליידי האט איהר געזאגט, אז דערפאר שטיצט מען איהר נישט, ווייל זי האט זיך, אדער איהר מאן פארקויפט צו די רוסישע, איז דאס א פשוט'ער בלבול.

דער אמת איז, אז ווען איך האב זיך דערוואוסט פון דעם טויטענפאל, בין איך מיט נאך 2 ברידער פון ארדען ברית שלום פון מישיגאן פראגרעסיוו לאדזש אוועק און באערדיגט דעם מת.

די פרוי, די אלמנה, איז געווען צופרידען אין איהר טרויער וואס זי האט פארשפארט צו זוכען א קבר.

ווייטער האט זי חלילה קיין שום זינד ניט באגאנגען.

אין קורצען איז עס בכן אזוי.

די דר. וואזשאנע ווילמאזש לאדזש פון אינדעפענדענט ארדען ברית שלום קען קיינמאל נישט זיין פאראנטווארטליך פאר אזא פאל, ווייל זי האט קיין סעמעטערי נישט.

די אלמנה ווידער איז געווען אזוי צעבראכען פון דעם אומגליק פון איהר מאנס טויט, אז זי האט נישט געקענט אויספרעגען מיך, אדער די צוויי ברידער וואוהין מען פיהרט באערדיגען איהר טויטען מאן.

און געפיהרט האב איך איהר מאן אויף דער חסד של אמת סעמעטערי, ווייל די אונגארישע חברה האט געוואלט נישט אנדערש און נישט ווייניגער ווי 110$, און די אומגליקליכע אלמנה האט אפילו אזוי פיעל סענטען אפשר ניט געהאט דעמאלט.

מיט אכטונג צו די מיטגליעדער און ברידער פון דער לאדזש און צו אייערע לעזער פארבלייב איך

**דוד הורוויץ**, דיסט. דעפיוטי פון דעט. לאדזשעס פון ארדען ברית שלום אף פילאדעלפיא.

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת. הורד דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד
...ט אפיס: 347-49 היסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.

פרייטאג, ער"פ 1920


## פסח

פון ב. י. ג—ן

דער יום טוב פסח איז איינער פון די ליבטיגסטע פון די פרעהליכסטע אידישע ימים טובים. אינם יום טוב פסח ווערט פאקערפערט דער געדאנק פון איפלעבונג, איפבליהונג, פון יוגענד און פון פרייהייט.

די נאטור ווערט ערוואכט פון דער ווינטערדיגער ליטארגיע און וועלבער זי איז געשטיעדט געווען. די פרעסט און די ווינטען, די שנעען און די זאווערובעס מאכען אפטמאל די ווינטער טעג פאר אומערטרעגליך, פאלען זיי שווער אויף די מענשען.

און ווען עס קומט ערב פסח און די שנעען צעלאזען זיך, די פאר פרייענע טייכען ציגעהן, די נאטור ווערט מילדער און די הימלען — רייגער, פיהלט מען, אז אלעס רייסט זיך צום לעבען, צום איפבויען.

דער ווינטער איז נישט נאר דער סימבאל פון מיעקייט, אפגעלעבט-קייט און טויט, נאר אויך פון אכזריות. ווי א הערשער שמיעדט ער גרייזאם און אייזיגע קייטען די טייכען, טויטעט אפ יעדען אטעם פון די פליגעלער, פון די ביימער, גראזען און בלומען.

דער פריהלינג ווידער איז נישט נאר דער סימבאל פון איפלעבונג, פון יוגענד און פרישקייט, נאר אויך פון פרייהייט און ליעבע. אלעס וואס איז געשטיעדט געווען, ווארפט אראפ פון זיך די שקלאפישע קייטען און באגיינט מיט א מילדע, ליעבער ווארעמקייט דאס גאנצע לעבען ארום. א תחית המתים־געפיהל שוועבט ארום און דער נאטור. איהר פיהלט אז אט באלד וועט פון דער מילדער זון לעבעדיג ווערען יעדעס גרעזעלע און יעדעס פליגעלע. די פייגעלעך הייבען אן צוריקציקומען און מיט יעגעדליבער פרייד צעלאזען זיי זיך פיז צו די העלע בלויע הימלען.

פאר אונז איז דער פסח נאך שעהנער און נאך פאעטישער דערמיט וואס חוץ דער איפלעבונג און באפרייאונג פון דער נאטור, האט ער אויך א נאציאנאליסטישע באדייטונג. דער פסח דערמאהנט אונז אן דער באפרייאונג פון דער אמאליגער שקלאפעריי אין מצרים און אן דער אנהייב פון אונזער אומאפהענגיגקייט פון א זעלבסטשטענדיג פאלק.

וואלט אין יענער שקלאפעריי נישט געווען דורך א נס, דער געטליכער משה רבנו ערשינען, וואלט דאס אידישע פאלק בודאי געווען אונטערגעגאנגען. די שקלאפעריי וואלט זיך געווען איינגעווארצעלט אין זייערע נשמות, זייער גייסט וואלט פארגרעבט געווארען. ביסלעכווייז וואלטען זיי זיך געווען אויסגעמישט מיט פרעמדע נאציעס, איבערהייבט מיט דער הערשענדער, די עגיפטישע, און וואלטען איינגעשלונגען געווארען פון זייערע גלעזים און אונטערדריקער.

משה'ן איז עס צו פארדאנקען וואס עס לעבט היינט א אידיש פאלק. משה איז אן אראפטירט קינד געווען און דעם קעניגליכען הויז פון פרעה'ן.

אהומגערינגעלט איז ער געווען מיט יענעם דיקסים און רייכקייט. נאר די קינדער פון הערשער און קעניגס זיינען געציהגעם געווען. ער וואלט געווען געקענט זיך „אריפארבייטען" צו דעם העכסטען אמט צו דער גרעסטער עהרע.

דעמאלט, ווי תמיד, זיינען מן הסתם נישט געווען אסימילאטארען געווען. עס האט באהארפט בלויז זייער מעטארע אנגעהומעמען. נאכמאן זייער ביישפיעל און אויך אימגעהרען זיך מיט'ן ריקען צו זיין נאציע, צו זיין פאלק, פארלייקענען זיין אפשטאמונג און דערווייטערען זיך פון זיינע ברידער.

אבער משה איז געווען געבענטש מיט א הייליגען גייסט, מיט א נשמה פון א העלד, ביי איהם האבען אלע תענוגים קיין ווערט געהאט, אלע אמטען און אלע אויסצייכנונגען האבען ביי איהם קיין ממשות געהאט.

ער האט געזעהן ווי זיינע ברידער זיינען פארשקלאפט און א פראטעסט האט זיך אנגעצינדען אין זיין הארצען. ער האט זיך נישט געקימערט וועגן זיין אייגענער פערזענליכקייט און האט די גראנדיעזע באפרייאונג פארגענומען.

נישט קוקענדיג דערויף וואס די אידען האבען זיך שוין געהאט צוגע-וועהנט צו זייער אומגליקליכער לאגע, זיי האבען זיך שוין צוגעוועהנט צו שקלאפען און צו באפרידיגען זיך מיט דעם סיר הבשר, וואס זיי האבען פאר זייער פראצע באקומען, — פונדעסטוועגען האבען זיי זיך פארט געלאזט באאיינפלוסען פון די רייד פון דעם געטליכען פיהרער און נאך א קאמף מיט די פרעה'ס איז געווען איבער אין נאכט א פאלק פון שקלאפען צו פאר-וואנדלען אין א פאלק פון פרייע מענשען און אזעלכע פרייע מענשען, וואס ואלען קענען איפנעהמען א תורה, מיט וועלכער מיר האבען אז זיך אי אלעמענס מיחות פאלייבטען ביז היינט.

און ווען עס קומט דער טאג ווען מיר דערמאהנען זיך און אונזער אמאליגער איסלעזונג פון שקלאפעריי און מיר זעהן ווי ארום אונז איז די נאטור, דאס גאנצע לעבען פון דער שקלאפעריי באפרייט און פיהלענדיג אז מיר שטעהען ווידער ביי דער שוועל פון דער גלות באפרייאונג, מוזען מיר זאגען אז נאר דער כח פון די הייליגע ימים טובים, דער קדושת החג האט אונז איפגעהאלטען אין אונזער פינסטערען גלות און האט אונז דעם וועג, דעם גלות וועג תמיד באלייכטען מיט העלען שיין און אונזערע הערצער מיט האפנונג אנגעפילט אויף דער ענדליכער גאולה.

## מעיאר קאונעס רעדע

(שלום פון פירזש 5)

א מאנאפאליע. אין דעם לעצטען פאל איז דא מעהר „באבאר", איז דא מעהר „פאליטיקס", ווי ס'איז מעגליך, אז עס זאל זיין אין א שטאדטישער פאראוואלטונג פון א שטאדטישער אונטערנעה-מונג.

איצט נאך איין זאך. ס'איז א מנהג אין פריוואטע געשעפטען, ווען מען לעגט אריין א דאלאר צו ערווארטען פארוועגינגסטען א דאלאר מיט צעהן סענט צוריק. דאס איז מסתמא דער מיניסום, און מעהרערע מאל קריגען זיי צוריק $1.50 אדער צוויי דאלאר צוריק (גע-ווענטער) אבער אין א שטאדטישע אונ-טערנעהמונג, פארוואלטעט פון דער שטאט זעלבסט, איז עס נים אזוי, ווייל מיר רעכענען די בירגער דאס, וואס עס קאסט אונז אליין.

„איצט וואלט איך אייך בעטען, דאס איהר זאלט זיך נים לאזען פארנארען; ערלויבט, קיינעם נים אייך איינצורעדען, אז מ'וועט אייך באדיענען, לויט די היצאות, וואס זיי גיבען אויס (סוידווים מיט קאסטפלען) ווייל קיין פריוואטע קאמפאניע וועט נים אריינלעגען איהר קאפיטאל, כדי צו געבען די איינוואוי-נער פון דעטראיט באדיענונג, לויט די קאסטען.

„איך דענק, דאס איך האב קלאהר געמאכט מיין פלאן און געהאלטען זיך נאהענט צום ענין. ווי איך פארשטעה, מר. אינגראם, דאהם איך דא שטעהן און ווערען עקזאמינירט, ענטפערען אויף פרא-גען ווי אויף א קרייזפארהער.

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(ערשטע קאפיטעל)

### דער יעגער און זיין קרבן

עס איז געווען א טונקעלער, קיהלער אויף־דערנאכט.

מענשען האבען נישט שפאצירט, נור איילענדיג זייער וועג געגאנגען.

מען האט אין דעם אבענט מיט דער נאטור געקעמפט. מען איז מיט די הויכע פינדושאקלעך געגאנגען און איינגע זיינען דא, אדער דארטען מיט זייערע שטרויהעטס פארביינגלאפען.

ביים דאג גאס זיינען געשטאנען צוויי געזונדע יונגען. געבען זייערע אויטאמא-בילס און האבען זיך געשפארט: „דושאדוש האט קיין רעכט נים געהאט צו ווירען זיך פון ארט!" האט איי-נער מיט אן אייפערגיהול געשריען.

„עס איז געווען מיין געקסט, מיין נעקסט. איך וועל איהם מיט'ן שרייף דעם קאפ צושפאלטען, אויב ער וועט וואגען אהער צו צוקומען מיט זיין אויטא-מאביל, אזא ישויין!..."

דער אנדערער איז געשטאנען רוהיג, מעשה ריבמער, און האט איהם באהר-רוהיגט מיט א טאן, און ווערבען עס איז געווען זיכערקייט און שטאַרקייט: „ביזט א אידיאט, האבסט זיך. וואס?"

דער ערשטער האט זיך באריידינט און געגומען נאכמעהר זיך ווארפען, שרייען און סטראשען מיט די קוראקעס.

זיי האבען צעשטערט די שטילקייט אין גאס.

די מענשען זיינען אינמיטען אריבער אויף זייער זייט, אום צו כאפען א ווארט פון דעם געטומעל.

זאל זיין שטיל, אידיאט האט ווידער דער אנדערער געזאגט. מענשען וועלען דאך מיינען אז מיר הרג'ע-נען זיך דא.

דאס האט געווירקט. דער ערשטער איז שטילער געווארען, אבער נאך אלין גע-ווארען.

פון ראג גאס איז ארוים א מיידעל. נאכלעסיג אנגעטאן און איילענדיג זיך געלאזט צו די צוויי חברה לייט.

זי האט זיי עפעס א פרעג געטאן. דער איפגערעגטער בחור האט מיט רוגזה א געשריי געטאן: „גא עהעד!". דאס מיידעל האט זיך אפילו נישט אומגע-קוקט און זיך געלאזט ווייטער לויפען.

אזוי גיך ווי זי איז אוועק פון דעם בעם ענדערען בחור, איז א יונגער ערע-גאנטער חברה מאן, מיט א דערביהעט, אביסעלע אויף'ן זייט, צוגעקומען אי-ועהר העפליך א פרעג געטאן:

וואס האט דאס מיידעל פארלאנגט פון דיר, וואס דו ביזט אזוי אין כעס געווארען?

דער בחור האט דעם יונגענמאנטשיק אפגעמאסטען מיט איין בליק פון קאפ ביז די פיס און א זאג געטאן:

— דו זעהסט דאס מיידעל? און'געהט זי דארטען.

— יא, איך זעה — האט ער געענטפערט.

— טא געהסטו־זשע ווייס אפ די מאס-לינקע פון די ליפען, גיב אינדערגיך א לויף צו און פרעג זי, וועט זי דיר זאגען.

דאס אפזאגענדיג, האט ער מיט פער-דרוס א שפיי געטאן און א הויב געבענ-דיג דעם קאפ צום חבר, האט ער צוויי-שען די ציינער ארויסגעברומט:

— נו, א נעבעך'ל...

דער יונגערמאנטשיק האט דערווייל באמערקט אז דאס מיידעל האט אפגע-שטעלט אן אנדער יונגענמאן, האט ער איבערגעלאזט דעם אונהעפליכען אויטא-מאביל־טרייבער און אוועק צו אניאנען דעם יונגענמאן.

— וואס האט דאס מיידעל פארלאנגט פון אייך? — האט ער דעם יונגענמאן געפרעגט.

דער יונגערמאן האט באטראכט דעם ספארט מיט דער דערביהעט און שמייכ-לענדיג געענטפערט:

— אט איז זי דאך געבען דיר. געה צו און פרעג זי ס'מאכט נישט, אזא בחור'ל ווי דו דארפסט שוין „מעהר מוטיג זיין.

— אבער וואס פארט האט זי אייך געזאגט? — איז דער בחור'ל צוגעטרא-טען דרייסטער.

— הער, דו, בחור'ל, — איז דער יונ-גערמאן ברוגז געווארען — איך בין נישט קיין שדכן און נים דיין טאטענס משרת. בי גאן...

דער בחור'ל האט מיט פיער פינגער א קלאפ געטאן איבער זיין דערבי העט, האט א פרעהליכען פייף געטאן און זיך געלאזט ווייטער געהן.

ער האט געמאכט גרעסערע שפאן און אין א קורצער ווייל ארום האט ער דער-יאנגט דאס מיידעל.

ער איז אריבער אויף דער אנדערער זייט גאס, אום זי זאל נישט מערקען ווי ער געהט איהר נאך, איז גלייך מיט איה-רערנעבען געגאנגען און און אויג פון איהר נישט אראפגעלאזט.

ביים ראג גאס האט ער זיך א דרעה געטאן און איז אויף איהר זייט ארי-בער.

זי איז ביים לאמטערן שטעהן גע-בליבען.

דער יונגערמאנטשיק איז מיט געצעהל-טע טריט, ווי איינער וואס איז פארטאן אין אנדערע וועלטען שפאן ביי שפאן גע-גאנגען און ווען ער איז לעבען מיידעלס זייט געקומען, האט ער צו איהר גאנץ נאהענט צוגעשפאנט, האט דורשטיג מיט די אויגען זי דורכגענומען.

אנקוקענדיג דער שיין פון דעם גרויסען עלעקטרישען לאמטערן האט ער איהר צו-טראכטען פנים געזעהן.

דאס איז געווען א יונגע בלאנדע מייד-ער מיט שעהנע ווייסע באקען, אויף ווערכע עס איז געשטאנען א קאלטע ראט-ועווע פארב. צוויי גרויסע אויגען, אנגע-פילט מיט שרעק און איבערראשונג. די ליפען שטייף און ביז פארשלאסען. איה-רע האר, ווי איהר קליידונג — נאכלע-סיג. קענטיג, זי האט איהר טואלעט אהן חשק געמאכט. אט ווי זי וואלט ביי זיך זיכער געווען, אז נישט די קליידער וועלען זי באשעהנען.

דאס מיידעל איז געשטאנען א רגע, זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען. דאן האט זי איהר ברוינע שטרויהעטעל טיעפער אנגע'; קאפ מיט ביידע הענט אראפ-געדרוקט און האט זיך געלאזט אין דער ריכטונג.

נאך גאר א יונגט! האט דער בחור'ל מיט דער דערבי העט מיט צו פריידענהייט א זאג געטאן עס מעג זיך זיין וואס עס וויל. זי וועט זיך שוין פון מיר ענטלויפען נישט ארויסדרעהען.

ער איז ווידער אריין אויף דער צוויי-טער זייט און איז מיט איהר פוסטריט געגאנגען, נישט אפלאזענדיג זי פון אויג.

ווען זיי זיינען אריין אין א לעבעוו-דיגערער גאס, האט דאס מיידעל ווידער אפגעשטעלט אימיצען. דאס מאל שוין אביסעלע אן עלטערען מענשען, וועלכער האט שפאצירט אנשפארענדיג זיך אויף א שטעקען מיט א גלאנציגער סקיפקע דער אלטער האט איהר עפעס געזאגט זיך־געלאזט זיין וועגס.

דער בחור'ל איז באלד אריבער צו ווי פארענטפערענדיג זיך פאר איהר און איהם, א שטעל זיך געטאן קעגען פנים און זעהר העפליך געפרעגט:

וועט איהר נישט אזוי פריינדליך זיין מיר זאגען, וואס דאס מיידעל האט פארלאנגט פון אייך.

דער אלטער האט א הויב געטאן אויף איהם די ברעמען, איהם באטראכט א מינוט און דערזעהענדיג דאס ציניש שמייכעלע, וואס האט געטאנצט אויף זיי-נע גלאטע באקען און די צוויי ברענענ-דיגע שעלמישע אויגען, האט ער א כאפ געגעבען דעם שטעקען:

נעהסט נישט אוועק, דו שאלטיק! עך, דו טייפער — איז דער בחור'ל אין כעס געווארען נאכדעם ווי ער האט זיך אויסגעדרעהט פון אלטען. אזא מעשה נאר, ער וועט זי דעריאגען — באשליסט ער — און אראפ פון מארק. וואס, אין אמת'ן צערעמאניעט ער זיך. וואס! ער איז דאך שוין עפעס נישט קיין אינגעלע. וואס איז ער עס, א סקוהל־באי? גוטע! ער וועט א סוף מאכען צו דעם נאכלויפעניש!

ער איז איהר נאכגעגאנגען ביז זי איז צוגעקומען צו א זייטען גאס אזוי גיך ווי זי האט זיך אין דער גאס אריינ-געדרעהט, האט ער קיין סך שהיות נים געמאכט, איז גלייך צו צו איהר און זי ביים האנד א נעהם געטאן.

דאס מיידעל איז א פארצאפעלטע גע-ווארען.

זי האט זיך א קעהר געגעבען, מיט איהרע צושראקענע בליקען אריינגע-קוקט דעם בחור'ל אין פנים אריין און מיט ציטערניש ארויסגעשריען:

— וואס ווילט איהר פון מיר?

— א קליינינקייט — האט ער נישט גערוהרט מיט הנאה און מיט א כיטרען וואונק מיט די אויגען, געענטפערט.

דאס מיידעל האט זיך א ריס געטאן און זיך געלאזט לויפען מיט כל אמצי כח.

אינמיטען לויפען האט זיך ביי איהר די העטקע פון קאפ געריסען, אבער זי האט פאר קיין זאך זיך נישט געקימערט און איז געלאפען, געלאפען. דער בחור — נאך איהר.

ער האט דערזעהן ווי איהר העטקע איז אראפגעפלויגען, איז ער באלד אוועק, א כאפ געטאן די העטקע און ווידער איהר נאכגעלאפען.

ביים אריינגאנג פון א דריי שטאקיג הויז אויף דער צווייטער גאס איז דאס מיידעל צו דער ערד אנידערגעפאלען...

(פארטזעצונג פאלגט)

### אדווערטייזט אין „וועג"

The only Jewish Paper Printed in Michigan

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

547-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. 7?? authorozed by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. — DETROIT, MICH., Monday, April 5th 1920 Vol. 2, No 46 — מאנטאג אפריל 5 1920

# דענישער קעניג גיט זיך אונטער צו סאציאליסטען

## פוילען נעהמט אן וואפענשטילשטאנד נאר אויף באריסאוו־פראנט

ווארשא, אפריל 4. — פוילען האט ארויסגעשיקט א דראטלאזע נאטע צו טשיטשערינ׳ען, דעם אויסערן־מיניסטער פון סאוועטען־רוסלאנד, אז די פוילישע רעגירונג וויזט צוריק דעם פארשלאג פון רוסלאנד פאר אן אלגעמיינעם וואפענשטילשטאנד אויף אלע פראנטען פאר דער צייט, וואס די שלום פארהאנדלונגען וועלען פארקומען, זי איז אבער איינשטימיג צו עטאבלירען אויף דעם באריסאוו־פראנט א וואפענשטילשטאנד.

דערוויל גרייט זיך צו די פוילישע רעגירונג צו דער קומענדער שלום־קאנפערענץ, ס׳איז באשלאסען געווארען ניט צו לאזען קיינע קארעספאנדענטען צו דער שלום־דעלעגאציע.

א ספעציעלער צוג פון 10 וואגאנען וועט אפפיהרען די דעלעגאציע קיין באריסאוו, וואו ס׳וועט זיין זייער הויפט־קווארטיר פאר דער צייט פון די שלום־פארהאנדלונגען.

### אמעריקא ערווארט אינגיכען צו האנדלען מיט רוסלאנד.

וואשינגטאן, אפריל 4 — באאמטע פון דעם סטייט דעפארטמענט האבען געב־טען ערקלעהרט, אז דער פארבאט צו האנדלען מיט רוסלאנד וועט ווארשיינליך אינגיכען אראפגענומען ווערען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס אמעריקא האט נאך ניט ערהאלטען קיין ענטפער פון די עלייעס אויף דעם פארשלאג איהרען וועגען האנדלען מיט רוסלאנד.

די רוסישע קאמיסיע וועט אין א צעהן טעג ארום אנקומען קיין ענגלאנד און די עלייעס ווארטען אפ מיט זייער ענטפער צו אמעריקא, ביז זיי וועלען האבען א קאנפערענץ מיט די רוסישע דעלעגאטען.

וואס ס׳זאל אבער ניט זיין דער באשלוס פון די אליאירטע, האבען די באאמטע געזאגט, איז אבער מעגליך, דאס א פארמאלע ערקלעהרונג זאל ארויסגעגעבען ווערען פון דער היגער רעגירונג, אין וועלכער דער פארבאט צו האנדלען מיט רוסלאנד וועט אראפגענומען ווערען. זיי האבען אויך צוגעגעבען, דאס די רעגירונג וועט ניט שטערען קיין קאמיסיע פון די רוסישע קאאפעראטיוון פון קומען דא אין לאנד, אויב זי וועט ניט זיין אונטער דער אפיציעלער אויפזיכט פון דער סאוועטען רעגירונג.

## זאגט, דעטראיט וועט זיין גרעסטע וועלט־שטאדט

דער גורל פון דעטראיט איז צו ווערען די גרעסטע שטאדט אין אמעריקא, אויב ניט די גרעסטע שטאדט אין דער גאנצער וועלט אין א משך פון 25 יאהר צייט — איז די מיינונג פון קעפטען דזשארדזש פ. לאקלין, דער דעטראיטער פארשטעהער פון דער יונייטעד סטייטס שיפינג באורד.

קעפטען לאקלין גלויבט, אז אין 5 יאהר ארום וועט די באפעלקערונג פון דעטראיט זיין צוויי מאל אזוי גרויס ווי זי איז און אין צעהן יאהר ארום וועט זי זיין די גרעסטע אינדוסטריעלע שטאדט אין אמעריקע.

„און אין 25 יאהר ארום — האט דער קעפטען פארגעזעצט זיין נביאות — וועלען שיפען פון אלע זיבען ימים אנקומען צום ריווער רוזש, וואו זיי וועלען אויסלאדען זייערע פראדוקטען פאר׳ן אמעריקאנער מארקעט.

„דער ריווער רוזש וועט ווערען באריהמט איבער דער גאנצער וועלט, פונקט אזוי ווי עס איז יעצט מיט די איסט און נארד ריווערס פון ניו־יארק און מיט דעם דעלאווער ריווער פון פילאדעלפיא".

קורץ — קעפטען לאקלין זעהט פאר אויס א גאלדענע צוקונפט פאר אונזער שטאדט.

קאפענהאגען אפריל 4. — דער גענעראל סטרייק, וועלכער איז ערקלעהרט געווארען, אלס פראטעסט געגען קעניג׳ס אויפלעזען דעם זאהלע קאבינעט, איז צוריקגערופען היינט פריה, נאכדעם ווי פארשטעהער פון 11 פארטייען פון פארלאמענט האבען געהאט מיט׳ן קעניג פון 9 שבת אווענט ביז 6 פריהמארגענס.

לויט׳ן נייעם אפמאך ווערט געגעבען פאליטישע אמנעסטיע און די פאדערונגען פון די סאציאל־דעמאקראטען [illegible] נאכגעגעבען געווארען.

פרעמיער ליעבע האט ערקלעהרט דאס ער וועט, אויף דעם פארשלאג פון קעניג, רעזיגנירען. דער קעניג וועט דאן פארמירען א נייעם קאבינעט, מיט דער פארשטענדניש, דאס דער פארלאמענט זאל אפהאלטען זיינע זיצונגען אזוי שנעל ווי מעגליך.

איידער די קאנפערענץ איז מיט׳ן קעניג פארגעקומען, האבען זיך 40 טויזענד דעמאנסטראנטען צוזאמענגעקליבען פאר׳ן קעניגליכען פאלאץ און זייער א דעפוטאציע איז אויפגענומען געווארען פון קעניג אליין, ס׳איז איהם איבערגעגעבען געווארען א רעזאלוציע, וואו ס׳ווערט געפאדערט צו דיסמיסען דעם נייעם קאבינעט.

דער קעניג האט געזאגט צו דער דעפוטאציע, דאס ער וועט וועגען אלעם פארהאנדלען, נאכדעם [illegible] דער גענעראל סטרייק וועט ווערען צוריקגערופען, א סאציאליסט פון דער דעפוטאציע האט איהם געענטפערט, דאס ס׳איז שוין צו שפעט.

פון גאס האבען זיך געשריען געהערט „לאנג לעבען זאל די רעפובליק", „ס׳לעבע די סאציאל־דעמאקראטיע". די וועלכע אויסרופען אפגעהילכט, ווען די דעפוטאציע איז צוריקגעקומען פון קעניג און דער געוועזענער מיניסטער סטאונינג האט אדרעסירט דעם עולם פון די טרעפ פון קעניג׳ס פאלאץ.

אין דער צייט פון דער דעמאנסטראציע איז פארגעקומען פאלגענדער פאל. די פאליציי האט ניט געוואלט צולאזען דעם גרויסען עולם צום קעניג׳ס פאלאץ. דאן האבען זיך באוויזען רויטע פאהנען אין א גרויסער צאהל און די פאליציי־פערד האבען זיך אפגעשראקען און צולאפען, און דער עולם האט זיך דאן אונגעשטערט צוזאמענגעקליבען פארן פאלאץ.

## מאנגעל אין נוירסעס אין היגע האספיטאלס

דעטראיטער האספיטאלס ווערען יעצט געדראהט פון אן ערנסטען מאנגעל אין נוירסעס.

זעהר ווייניג מיידלאך גיבען זיך היינט איבער צו דער נוירסינג־פראפעסיע. אין מישיגאן סטיט איז דער ענראלמענט פון מיידלאך צו לערנען זיך פאר נוירסעס, היינטיגעס יאהר מיט טויזענד ווייניגער ווי געוועהנליך, און אין די דעטראיטער סקוהלס פעהלען 200 שילערינס דעם געוועהנליכען ענראלמענט.

אויסער דעם וועט דעם 12־טען מאי א קלאס פון 300 גראדואירען. דאס וועט מיינען, אז די טריינינג סקוהלס וועלען אין גיכען ווערען נאך לעדיגער ווי זיי זיינען.

די אורזאכע פון דער רעאקציע אין דער נוירס פראפעסיע איז וואס מיידלאך קריגען היינטיגע צייטען גרעסערע ווייזשעס ביי אנדערע פראפעסיעס אדער טריידס, און קיין ארבייט פעהלט ניט אין ערגעץ.

די מישיגאן האספיטאל אסאסיאיישאן, פלאנט אנצופאנגען א קאמפיין אין א פאר וואכען ארום צו באוועגען פרויען אריינצוגעהן אין דער נוירס־פראפעסיע.

מיס. ליסטרא ע. גריטער, די סופעראינטענדענטין פון דער וויזיטינג נוירסעס אסאסיאיישאן האט ערקלעהרט, אז אויב די סיטואציע זאל אזוי אנהאלטען, וועט אין א משך פון דריי יאהר זיך פיהלען אזא מאנגעל אין נוירסעס, אז מאנכע דעטראיטער האספיטאלס וועלען זיך צוליעב דעם פיליכט דארפען צומאכען, און וועגען קריגען פריוואטע נוירסעס וועט שוין קיין רייד ניט קענען זיין.

מיס עמיל מעקלאסקי, פרינציפאל פון דער הארפער האספיטאל טריינינג סקוהל, האט ערקלעהרט:

„ס׳איז היינטיגע צייטען שווער איינצושטימען׳ן א מיידעל אנצונעהמען א דריי יאהריגען קורס זיך צו לערנען די נוירס פראפעסיע, ווייל זי קען גלייך אריינטרעטען אין אן אפיס און אנפאנגען פארדיענען גוטע ווידזשעס אהן שום פארבארייטונגען".

דער פאקט, וואס דער הארפער האספיטאל האט אין אנפאנג 1920 רעדוצירט דעם דריי יאהריגען קורס, וואס נוירסעס האבען געדארפט דורכגעהן ביז 2 און א האלב יאהר, ווייזט, אז מען האט שוין אנגעפאנגען מאכען קאמפראמיסען און קאנצעסיעס, אבי צו באוועגען יונגע פרויען ניט אפצושטעהן אין גאנצען פון דער נוירס פראפעסיע.

## זשעפריס שלאגט פאר איין פארטיי פון פארמערס און ארבייטער

אדרעסירענדיג א מיטינג פון דער ניי געגרינדעטער לייבאר פארטיי לעצטען פרייטאג אווענט אין מוסס טעמפעל, האט ריכער דזשעפריס אויסגעדריקט דעם געדאנק, אז די לייבאר פארטי וועט ניט האבען קיין ערפאלג, כל זמן מען וועט ניט באוועגען די פארמערס, זיי זאלען אין איהר אנטייל נעהמען.

ער האט אגיטירט, אז די לייבאר פארטי זאל טראגען דער כאראקטער פון א שטענדיגער פאליטישער און עקאנאמישער פארטיידיגונגס־ארגאניזאציע.

„די מלחמה האט געלעגט נאך א גרעסערע מחיצה צווישען קאפיטאל און ארבייט — האט דער געעהרטער ריכטער געזאגט — און אום די ארבייטער זאלען קענען אפהיטען זייערס, איז דרינגענד נויטיג פאר זיי זיך צו באנוצען מיט פאליטישע און עקאנאמישע וואפען".

אום צו באווייזען וויפיעל מענשען קענען דערגרייכען דורך שטארקער ארגאניזאציע, האט מר. דזשעפריס גענומען אלס ביישפיעל די 57־ער קאמיטע פון דער „די יו אר", וועלכע האט אנגעפיהרט אזא ריעזיגען קאמפיין געגען מעיאר קאוזענס פלאן.

„דא האבען פאר זיך א ביישפיעל, וואס זאגאר א הייפעלע מענשען קענען אויפטאן, ווען זיי זיינען גוט ארגאניזירט" — האט דער ריכטער געזאגט.

עס האט אויך גערעדט מאקס ס. העיס פון קליוולאנד, דער טשערמאן פון דער לייבאר פארטי, און יונייטעד סטייטס, וועלכער האט כאראקטעריזירט דעם איצטיגען קאנגרעס אלס א „לאיערס סאוועט" און האט פארגעזעצט:

„אלין וואס די רעגירונג טוט אום צו פארקלענערען דעם יקרות, איז: זי האלט אין איין אפאינטען „אויספארשער" און דער נאך האט זי א דזשאב צו אפאינטען אנדערע „אויספארשער", וואס זאלען אויספארשען די פריהער־באשטימטע אויספארשער".

דאס איבערגעבען די אייזענבאהנען צוריק אין פריוואטע הענט, האט מר. העיס כאראקטעריזירט אלס דעם גרעסטען קאמופלאזש, וואס איז ווען עס איז אפגעטאן געווארען אין א ציוויליזירט לאנד.

## סאציאליסטען וועלען בעטען ניו יארקער גאווערנאר פאר נייע וואהלען

ניויארק, אפריל 4. —די סאציאליסטען זענען ענטשלאסען אומצוקעהרען צו די אויסגעשלאסענע 5 סאציאליסטישע אסעמבליליט זייערע קאנסטיטוציאנעלע רעכט. דיעזע ערקלעהרונג איז געמאכט געווארען פון פארשטעהער פון דער סאציאליסטישער ארגאניזאציע, נאך א קאנפערענץ, וואס איז נעכטען אפגעהאלטען געווארען. זיי האבען געזאגט, דאס זיי וועלען בעטען דעם גאווערנאר, ער זאל פאררופען ספעציעלע וואהלען און די 5 אויסגעשלאסענע אסעמבליליט וועלען ווידער זיין קאנדידאטען.

א סטייטמענט איז ארויסגעגעבען געווארען פון דער קאנפערענץ וועגען דער אלבאני׳ר געשעהעניש.

„די סאציאליסטישע פארטיי — ווערט אין סטייטמענט געזאגט — איז דורך איהרע געגנערס געווארען די בעסטע פארטיידיגערין פון רעפרעזענטיווען רעכט. די פארטיי וועט אויסנוצען די געלעגענהייט, וואס איהרע שונאים האבען איהר געגעבען ניט ווילענדיגערהייד".

ווייטער ווערט געזאגט, דאס „מיר וועלען ניט רוהען ביז וואנעט דאס אסעמבלי־צימער איז ווידער אפען פאר יעדער מינאריטעטס גרופע, וואס וועט זיך גרינדען פאר פאליטישער טעטיגקייט. די מיטעלאלטערע רעאקציאנערען האבען אונז פארוואנדעלט אין די גרעסטע פארטיידיגער פון אלעם בעסטען, וואס געפינט זיך אין אונזער געשיכטע.

„אונזערע שונאים האבען פארזוכט צו באשולדיגען אונז, דאס מיר זענען א געהיימע, קאנספירירענדע ארגאניזאציע, וועלכע וויל שטירצען די געזעלשאפט דורך פייער און באמבעס — לעזט זיך אין סטייטמענט — דאס האט זיך זיי ניט איינגעגעבען, און ווייל זיי האבען געהאט א דורכפאל, דענקען זיי מיט זייער איצטיגען אקט צו פארטרייבען אונז צו „אונטערערדישער" טעטיגקייט". אבער מיר וועלען זיך ניט נעהמען צו אזא ארבייט. מיר וועלען פארקעהרט, פארטרייבען דיעזע פאלשע פאטריאטען פון היג דער פאהן און באווייזען זייערע פינסטערע כחות, וועלכע האבען אין דער אסעמבלי אפגעטאן אזא שווערען פארברעכען געגען דער טראדיציאנעלער אמעריקאנער פרייהייט".

א קאמיטע איז ערוועהלט געווארען צו זעהן זיך מיט גאווערנאר סמיט וועגען באשטימען ספעציעלע וואהלען.

## היינט די אפשטימונג איבער מעיאר קאוזענס סטריט קאר פלאן

דער לאנגער קאמף צווישען מעיאר קאוזענס און דער די. יו. אר. וועט היינט קומען צו אן ענדע. די בירגער וועלען דורך א סיקרעט באלאט באשטימען, וואס א סארט קאר־סיסטעם דעטראיט זאל האבען אין דער צוקונפט.

אין דעם קאמף צווישען מעיאר קאוזענס און דער „די יו אר" זיינען פארוויקעלט וויכטיגע אישוס. עס איז זיכער, אז יעדער איינציגער וואוטער האט שוין ביי זיך אפגעמאכט ווי אזוי צו שטימען. דער קאמף איז געווען א לאנגער און א ביטערער און יעדער בירגער פון דעטראיט האט שוין געהאט א געלעגענהייט גרינדליך צו שטודירען ביידע זייטען פון דער מטבע.

די רעגיסטראציע פאר דער היינטיגער עלעקשאן איז געווען א קאלאסאלע. דאס באווייזט, אז יעדער איינציגער בירגער פון דעטראיט נעהמט א גרויסען אינטערעס אין דער קאר־פראגע.

עס איז קיין צווייפעל ניט אז אויך דער אידישער וואוט וועט היינט זיין א זעהר גרויסער, עס וואלט דארום ראטזאם געווען, אז יעדער איינער, וואס האט נאר א מעגליכקייט צו וואוטען פקנה זאל עס טאן, און זאל אויסגעמידען ווערען א נעדרענג.

די אישוס פון די צוויי שטרייטענדע כחות אין די היינטיגע וואהלען, זיינען גאנץ קלאהר: פון איין זייט שטעהט מעיאר קאוזענס מיט זיין פלאן ביסלעכווייז צו עטאבלירען א מוניציפאלע קאר־סיסטעם — אנפאנגענדיג מיט איינינע ליינס און אזוי ארום אין דער צוקונפט אין גאנצען פארטרייבען דער די יו אר.

(אונזערע לעזער האבען שוין געהאט די געלעגענהייט זיך גרינדליך צו באקענען מיט דעם מעיאר קאוזענס פלאן פון דעם סטענאגראפישען באריכט, וואס מיר האבען געהאט געדרוקט לעצטע וואך אונטער׳ן קעפעל „מעיאר קאוזענס וועגען מיוניציפאלע באזידרעכט")

פון דער אנדערער זייט שטעהן די אפאזיציאניסטען אדער בעסער געזאגט: די „די יו אר" און טענה׳ט, אז די 15 מיליאן דאלאר באנדס, וועלכע דארפען באוויליגט ווערען פאר דער אויסבויאונג פון שטאדטישע קארליינס וועלען איינטויקען די שטאדט אין חובות און אין פאל דער קאוזענס פלאן זאל שפעטער זיך ארויסווייזען אלס דורכפאל, וועלען די בירגער דארפען ליידען צאהלענדיג אומזיסטע שטייערן און נאך אזעלכע טענות פון קלענערער וויכטיגקייט.

אלענפאלס — דאס איז א פראגע פאר די בירגער היינט צו באשטימען, דעם מעיארס פלאן, מיט אלע זיינע חסרונות, וואס די אנדערע זייט ווייזט אויף איהם אן — טראגט מיט זיך דעם פרינציפ פון „מיוניסיפעל אונערשיפ". און ווען איינער איז פאר „מיוניסיפאל אונערשיפ" פרעגט ער ניט ווי טייער עס דארף איהם קאסטען, אבי ער זעהט זיין פרינציפ דורכגעפיהרט.

איינס איז זיכער: — דעטראיט האט היינט־צו טאג א זעהר שלעכטע קאר סיסטעם. עפעס דארף געטאן ווערען אום דאס צו פארבעסערן. די „די יו אר" אליין לייקענט דאס ניט אפ, א ס[illegible] האט פארגעשלאגען א נייעם פראיעקט, אין וועלכען זי פארשפרעכט צוצובויען נאך ליינס און פארגרעסערען די צאהל פון קארס און טראלערס.

עס איז דארום קיין פראגע ניט, אז עטוואס מוז געטאן ווערען אום צו פארבעסערן די דעטראיטער קאר־סיסטעם.

עס ליגט אלזא יעצט ביי די דעטראיטער בירגער אין די הענט צו באשטימען: וועלעכער זאל דורכפיהרען די פארבעסערונג אין דער קאר סיסטעם — די שטאדט אדער די די יו אר?

קען מען זיך פארלאזען אויף דער די יו אר, אז זי וועט דורכפיהרען איהרע פארשפרעכען, אדער מען דארף טרייען אן אנדער מיטעל — דעם מעיארס מיטעל? [illegible] וועט דארפען ענטשיידען [illegible] דורך דעם היינטיגען וואוט.

## קאמפיין צו פארה[illegible] עקסידענטס אין שטאדט



דער אזוי גערופענער „פאבליק סייפטי דרייוו" וועלכער האט זיך אנגעפאנגען מיט א גרויסען פאראד לעצטען דאנערשטאג, און אין וועלכען עס האבען אנטייל גענומען אלע שטאדטישע דעפארטמענטס און איינגע פריוואטע ארגאניזאציעס, ווערט פון היינט אן נאך מעהר פארשטארקערט.

אז עס וועגען נויטיג דא ראדיקאלע שריטען אין דער פארשטארקונג פון דעטראגטס מאשינעריע צו פארזיכערען די לעבענס פון די בירגער — וועגען דעם איז גאר קיין פראגע ניט. דעטראיט איז לעצטענס געווארען א הפקר־שטאדט און עפעס מוז געטאן ווערען געגען דער עקזיסטירענדער הפקרות.

די ערשטע ארגאניזירער פון דיעזען „פאבליק סייפטי דרייוו" זיינען געווען דער פאליס־דעפארטמענט און דער אויטאמאביל קלאב. די אויפגאבע פון דיעזען „דרייוו" איז צו אויפקלעהרען דעם עולם וועגען די אורזאכען פון דער גרויסער צאהל אויטאמאביל און קאר־עקסידענטס, וואס רויבען טעגליך אוועק לעבענס פון דעטראיטער בירגער.

עס האט זיך געגרינדעט א ספעציעלע ביורא פאר עפענטליכער זיכערקייט, וועלכע האט געהאט די אויפזיכט איבער דעם נעכטיגען פאראד, די דאזיגע ביורא האט זיך פארגרייט מיט 300 רעדנער, צווישען וועלכע עס געפינען זיך הונדערט פרויען. די רעדנער וועלען באזוכען קלויסטערס, סקוהלס, לאדזשעס, ביזנעס אסאסיאיישאנס און טעאטערען אין פארלויף פון די קומענדע צוויי וואכען.

אינספעקטאר העדי דזשעקסאן האט ארויסגעגעבען א סטייטמענט, אז פון היינט אן וועט ארעסטירט ווערען יעדער שאופער, וואס וועט טרייבען זיין אויטאמאביל צו שנעל. עס וועלען — זאגט דער אינספעקטאר געמאכט ווערען 100 ארעסטען א טאג, אויב נויטיג. עס מוז איינמאל פאר אלע מאל איינגעשטעלט ווערען אביסעל מעהר זיכערקייט אויף דעטראיטער גאסען".

עס ווערט באוויזען, אז אין פארלויף פון די לעצטע צוויי יאהר זיינען דריי הונדערט קינדער דערהרג׳עט געווארען פון אויטאמאבילס און קארס.

## בית דוד שוהל זאמעלט געלט פאר היברו אימיגראנט סאסייעטי

זונטאג דעם 2־טען טאג פסח האט הרב ר׳ יחזקאל איישישקין גערעדט בעפאר מוסף אין „בית דוד" שוהל, דער געעהרטער רב האט געמאכט אן אפיל צו העלפען מיט נדבות דער היברו עמיגראנט אייד סאסייטי. פיר דער הויז וועלכע איז געקויפט געווארען יעצט אין ניו־יארק פיר אן „הכנסת אורחים" פיר פיער הונדערט טויזענד דאלאר די „היסטארישע אסטר לייברערי" און די היברו עמיגראנט אייד סאסייטי בעט פון אלע אידען צו העלפען איהר אין איהר גרויסער אונטערנעהמונג.

די רעדע פון דעם רב איישישקין האט געווירקט אויף דעם פובליקום און עס איז געשנדר׳ט געווארען די סומע פון דריי הונדערט דאלאר.

די אפיסערס פון דער שוהל „בית דוד" בעטן, אז די אלע מענשען וועלכע האבען געשנדר׳ט זאלען, ברענגען זייערע נדבות אין שוהל בית דוד, א קאמיטע איז אפוינטעט געווארען דערצו וועלכע וועט זיצען דעם גאנצען חול המועד פסח אין די אווענטען אויפצונעהמען די שנדר געלט פון די מנדבים.

די נעמען פון די מנדבים מיט זייערע נדבות וועט פערעפענטליכט ווערען אין דיעזער צייטונג, און עס וועט געלעזען ווערען אין שוהל צו הזכרת נשמות דעם לעצטען טאג פון דעם יום טוב פסח.

## דעטעקטיוו דערשיסט א געוואגטען האלד־אפניק

הערי גארדאן 297 בראש סטריט, איז לעצטען שבת דערשאסען געווארען פון דעטעקטיוו א׳רורק, ווייל ער האט, מיט א רעוואלווער אין האנד אנטזאגט זיך אונטערצוגעבען.

דער דערשאסענער איז געווען איינער פון די דריי באנדיטען, וועלכע האבען שבת אין דער פריה געמאכט א „האלד אפ" אויף דזשאהן טשארלאו, 731 וואורווארד עוו., מענעדזשער פון׳ם שעווראלעט אויל־סטיישאן, 79 יארק סטריט, באראבירט די פירמע אין $4.000 קעש און ליבערטי באנדס און נאך ווערטבארע פאפיערן.

### דערשאסענער באנדיט האט זיך געגרייט היראטען מיט א שעהן מיידעל

ביז לעצטען פרייטאג אווענט, האט העטי שראם, די כלה פון׳ם געשאסענעם באנדיט ניט געוואוסט פון זיינע לינקע מעשים.

אזוי האט ז. אלענפאלס, דערצעהלט דעם אסיסטענט פראסעקיוטאר, עללען וו. קענט.

„לעצטען פרייטאג — האט מיס שראם דערצעהלט — האב איך דערזעהן, אז הערי טראגט מיט זיך א רעוואלווער. ווען איך האב איהם געפרעגט: צו וואס ער טראגט עס, האט ער געענטפערט: „ס׳איז ניט דיינע ביזנעס". איך האב איהם געפרעגט צו איז ער ווען עס איז געווען ארעסטירט, האט ער געענטפערט, אז בלויז איינמאל, אין וואשינגטאן. דאס איז געווען דאס ערשטע מאל, וואס איך האב געווארפען א פארדאכט, אז גארדאן גיט זיך אפ מיט לינקע מעשים".

מיס שראם האט דערצעהלט, אז זי האט געקענט גארדאנ׳ען פאר די לעצטע דריי מאנאטען, פאר איהר האט ער געשפיעלט די ראליע פון א דזשענטעלמען און האט איהר פארגעלעגט מיט איהם צו הייראטען אין יוני.

גארדאן איז דערקענט געווארען פון דעם באראבירטען מענעדזשער דזשאהן טשארלאו אלס איינער פון די דריי באנדיטען, וואס האבען אויף איהם געמאכט דעם „האלד אפ". ער האט אינפארמירט די פאליציי וואו ער געפינט זיך און די דעטעקטיווס א׳רורק און שיפעל זיינען אוועק צו איהם אין רום.

אזוי שנעל ווי גארדאן האט דערזעהן די צוויי דעטעקטיווס, האט ער ארויסגעצויגען זיין רעוואלווער און אנגעציעלט געגען זיי. אבער נאך איידער ער האט צייט געהאט צו שיסען, האט דעטעקטיוו א׳רורק געפייערט אויף איהם און ער איז גלייך דערשאסען געווארען אויף טויט.

## סאוועט־רוסלאנד פארמאגט $300.000.000 אין גאלד

וואשינגטאן אפריל 3. — עס איז דא היינט אפיציעל אנאנסירט געווארען, אז די רוסישע סאוועט־רעגירונג פארמאגט א טרעזשורע פון ארום $300.000.000 אין גאלד.

## CLASSIFIED

4-פעמילי פלעט גרויסער בארגיין, $9.500 איינצאלען $4.000 פרעגען: נארטהוויי 779

4 טערערם הויז צו פארקויפען 60 פוס פראנטעדזש 100 טיעף. 21טע סט. נעבען בייקער איינצאלען $1.000 פרעגען: זאנדוויין 168 מאנטקאלם (5

איך זוך א פארטנער צו מאניופעקט-שורען פאפ, אלעס רעדי צו אנפאנגען ארבעטען, מוז האבען ביז $2000 פרעגען כ. סקלעט

150 Mercer St.

ווינדזאר קענערע.

גראסערי אין בעסטען אידישען נע-גענד מוז פערקויפט ווערען.

Northway 4749R

### צו פארקויפען

א לאנטש טראק מיט אן איינ-געטרייטען סטענד איינגאהמע-טעגליך $75 50 פראצענט פרא-פיט ביזנעס באטרעפט $3000 מוז האבען קעש $2000 פרעגען: טעגליך מרס. גרענט 186 בענ-טאן פון 8 ביז 11 פריה און פון 6 אוונט.

אירום צו פארדינגען פאר א באי, 345 פארנסווארטה טעל. נארטוויי 2237 ראבעליו.

פארלאנגט עקספיריענסט קעכין אין א כשר'ן רעסטאראן. גוט באצאהלט, סטעדי פאזישאן. זיך מעלדען אין 44 בראדוויי יעדען טאג נאך דינער.

עס ווערט געזוכט שאע איטשע רעזניק פון באברויסק, געוען אין דער היים א שלעסער. ביטע שיקט צו אייער אדרעס, אין 353 מערבורי עוועניו מה. גרין אדער ודער עס וויים פון איהם זאל לאזען וויסען אויף'ן איבענדערמאנ-טען אדרעס.

צו פארקויפען, אף ענטווין סט., א סאליד בריק קארנער סטאר און פלעט בילינ, פרעגען אין 311 פארנסווארטה

צו פארדינגען א רום אדער צווי פאר אן אינטעליגענט קאפעל מיט א פיאנא אין 286 קאלווערט סטריט קאר. האמילטאן בולווארד פרעגען ביי מה. שקלאר.

א גוטע טיילאר סטאר צו פאר קויפען. אין 430 הייסטינגס סט. נא-ראנטירט צו מאכען א גוטען לעבען און סייפען נעלה. פרעגען צווישען 6 און 7 אווענד אדער טעלעפאנירען טשערי 2938 קזשיי.

פארלאנגט א שו-מייקער גוטער פאזישאן, פרעגען: 954 מישיגאן עוו. 5

גראסעריס און קענדי סטארס צו פארקויפען אויך א מאשין צו מא-כען זעלטצער, נוצבאר פאר קענדי סטארס אויך. פרעגען: ה. שאליטער 545 ריווארד סט. (8

הרב ר' יוסף תאומים דפה וועט רעדען דעם צווייטען טאג פסח שעה 9 אין דער אונגארישער שוהל גארפילד קאר. בוביען איבער דער טהעמא „פסח מצרים ופסח ועו"ד....

לאיער מתתיהו ליסס האט גע-עפענט א ברענטש אפיס פאר די אווענ-ען אין 325 וועסטמינסטער סט. טעל. העמלאק 533 ראבע...ראן, טאון אפיס. 928 טשעמבער אף קאמערס ביל'ג, סטייט אין גריסוואלד סט. טעל. טשערי 3978



ווילט איהר סייווען 30 פראצ.?

ביי קויפען אייער פורניטשור, סטאוום ראנס, בעדוננס פאנאגראפס און לעמפס

— דאן קומט צו די —

Standard Furniture and Store Fixture Co.

מיר האבען א קאמפליט ליין פון אלעס וואס איהר דארפט פאר אייער הויז קעש אדער קרעדיט

638 גרעשיאט עוו. — מעלראוז 4985



































# עניים ואביונים,

## אדער גליקליכע און אומגליקליכע

ראמאן — פון מרדכי ספעקטאר

(פארזעצונג)

— איך זאג דיר אז דיר איז גרינג צו זאגען „וואס קען מען טהאן" דו קענסט אפילו זאגען, אז מען האט גאר ניט וואס צו טהאן, ווארום דו ביזט אין דעם שרעק ליכען יאמגליק פון לאהו ריין, עהרליך. איך בין אבער א'הר מערדער סאי ויא סאי, צו זו לעבט צו זי איז שוין גע-שטארבען. ווען איך זאל טאקע זיין א פארדארבענער מענש, וואלט מיר גאר ניט געארט. נאר איך בין ניט פארדאר-בען. אין דער יאגענד בין איך געוועז פאר-דארבען. די גרויסע וועלט, מיין טאטענס יונגע קערבלעך האבען מיר פארדאר-בען, האט מיך דענסטמאל ניט געארט, וואס האט זיך מיט מיר אנגעהערט אז לאה איז איבער מיר אויף א'יבינאומגליק ליך געווארען. אבי איך האב געלעבט. נאר שפעטער ווען איך האב זי געזעהן אז ארעם און אזא נידעריגען שטאנד און איהר איז אפילו נישט אנגעשטאנען קו מען צו מ'ר בעטען ביי מיר הילף, אדער האט'ס פאר מיין קינד וואס זי האט גע-האט. וואו איז דאס קינד ווייס איך אויך ניט. דענסטמאל האב איך זיך דער-שטען מאל דערזעהן ווי אין א שפיגעל אז איך בין נאך נידעריגער פון איהר. פון א פרוי וואס שלעפט זיך ארום די גאנצע נאכט איבער ארעם מיט שכורים און זשוליקעס. עס האט מיך עפעס אנ-געהויבען שרעקליך מוטשען. איך זאל איהר ארויסהעלפען פון זאיהר נידריגען שטאנד, עס איז מיר ניט געלונגען, שפע-טער זען איך בין עלטער געווארען מיט עטליכע יאהר. ווען איך בין שוין אליין א טאטע געווארען, ווען אלע האלטען מיך פאר אן עהרליכען סוחר, פאר א באלע-באס פון ווייב און קינדער, האט מיר נאך מעהר אנגעהויבען מיטשען דער גע-דאנקען — לאה וואלט אויך געקענט חתונה האבען, האבען א מאן מיט קינדער-גלייך ווי איהרע שוועסטער אין ה. זיא וואלט געקענט זיין א הייסע מוטער, א עטרייע פרוי. זי וואלט געקענט זיין א נקחת פאר איהרע עלטערען. נא און וואס איז לאה, ערגעץ פארקויפט אין דער טער קי'.. זי איז דאס נידעריגסטע באשעפ-ניש געווארען, עס קען זיין זי ווינשט זיך דעם טויט אידער אזוי צו לעבען. זי איז אבגעשטארבען פאר איהרע עלטערען. די עלטערען האבען אנגעווארען אויף אי-ביג זייער קינד.. ווער איז שולדיג אין דעם אלעמען? אהרן! איך בין איך א טאטע פון קינדער!..

פיאדאר איז שטיל געווארען אויף עטליבע מינוט דערנאך האט ער זיך איינגעבאפט מיט א שרעקליך געזיכט און מיט ביידע הענט זיך אנגעהאפט ביי דעם קאפ.

— איך ווייס ניט! איך ווייס אליין ניט וואס מיר איז! לאז זיין ווי א מיין ווייב זאגט אז דאס וואס איך בין שטענ דיג מרויעריג איז א שלאפקייט און איך דארף זיך קורירען. לאז זיין אזוי. נאר מיר מוטשעט זעהר. מיך מוטשעט שטארק און איך פ'הל אז עס איז פאר מיר קיין דאקטאר ניטא. אזא שלאפקייט איז ניט דא. איך קען ניט ארומנעמען מיינע קינדער ווי א טאטע. איך קען ניט.

ווייס אליין ניט וואס מיט מיר איז. דו רעדסט מיר איין אז עס איז פארפאלען. מען קען גאר ניט טאן דערצו, די אומ-גליקליכע לאה איז שוין סאי ווי סאי ווי אין גאסער אר'ין.. עס קען אפשרזיין אז עס איז אזוי. נאר דו זאלסט זיין אין מיין לאגע און האבען א געוויסען. זיין אן עהרליכער מאן און לעבען רוהיג צו-פרידען.. זי דו האסט אליי דערהרגעט צעהר מאהל געהרגעט א מענשען און דעם טו'ט אין די הענד ניט געגעבען.. ניין; ברודער, מען דארף זיין דער ערגסטער פארדארבענסטער מענש מען זאל קענען זיין רוהיג.

פיאדאר פלעגט אריינפאלען א מין משוגעת דערצעהלענדיג דערפון, נאר אהר פלעגט איהם מיט א צובראכען הארץ גא רוהיגען, טרייסטען מיט וואס ער האט נאר געקענט און פיאדאר פלעגט זיך רו-היגער ווערען אויף עטליכע מינוט זיך אויסרערענדיג האטש אביסעל דאס הארץ זיין רוהינקייט פלעגט אבער לאנג ניט געדויערען און ער האט פאר אהרען ווי-טער גערערט דערפון.

·25·

### איינגעמאכט און וויטער געמאכט

אין די 13 יאהר זינט לאה איז אויעק פון דערהיים, האט איהר פאטער ר' שמואל בער אויך ניט וועניג איבערגע-ליטען או זאיבערגעטראגען.

וויפ'על, וויפיעל וואלט ער רענסטר מאל אויפגעגעבען זיין טאכטער זאל ניט געוויזען אוועק — קיינער זאל ניט האב-בען אויף איהם צו רעדען, ווארום באלר וויא אי'ן שטאדט איז מען געוואהר געווא-רען אז זיין טאכטער איז פארפאלען גע-ווארען, האבען אנגעהויבען וועגען דעם ארומציגען אלערלי' פירושים. א טהייל האבען געציינגען מיט די הענד און ניט געוואוסט וואס דאס קען באדייטען. נאר דאס דיב איז געבליבען ביי דער מיינונג אז לאה איז אנטלאפען מיט אייז'ן אפ-ציער, מיט א יונקער, מיט א פריץ פון די קונים וואס האבען געגעבען צו לייזען ביי איהם אין קל'ט. דערצו נאך האט זי באגאנבעט דעם פאטער. א טהייל האבען איבערגעגעבען פון א זיכערער קוועלע אז א באקאנטער פריץ האט דערצעהלט אז ער האט זי געזעהן ארומפאהרען אין פע טערסבורג מיט א גענעראל. זי געהט אין גאלע גאלד אנגעטהאן און וועט זיך פון נאוויגאד שמאדען און וועט ווערען א גרויסע חשובע ב'י דער מלוכה און חאטש זי וואלט אידען געקענט א גרויסע טובה טהאן אז אידען זאלען אויסגעלייזט ווע-רען ווי. הודך אסתר המלכה פון גלות נאר זי איז פאר א משומדתטע און אי-דען טארען פון איהר קיין הנאה ניט הא בען; דערווי'ל הא טאיהר פאטער ר' שמואל בער אנגעהויבען ליידען דורך איהר פיעל בזיונות.

באלד האבען זיך געפונען יונגע גע-בראטענע חסידימלעך, אידימלאך וואס האבען טאטעס מיט שווערען, שעהנע מזרח אידען וואס האבען געזאגט אז זי' שטעהט ניט אן אז ר' שמואל בער וואס האט א טאכטער א חצופה וואס פאהרט ארום אום שבת מיט א גענעראל און וויל

זיך שמדען צוליעב איהר עולם הזה פרי זי זאל ווערען א חשובה ביי דער מלוכה, זאל נאך איהר פאטער זיצען גלייך 'מ'ט זיי אין מזרח וואנט.

ר' שמואל בער האט גוט פארשטאנען אז ער וועט אליין ניט ארויס פון מזרח וועט מען איהם ארויסרוקען מיט גרויס בזיון. און ער האט זיך ציבישלעכווי'ין אליין ארויסגערוקט מיט א פארשעהמט פנים און מיט א וועהטאג אין הארצען, ווארום וואס פאר א ווערטה קען שוין הא בען א מענש אויף דער וועלט אזערטאר ניט זיין קיין מזרח איד. דאס א'ן פאר א ר — ער אידען נאך ערגער ווי ווען דער סוד לישאיעט א פארברעכער אלע בייז-געליכע פראווען אויף אייביג. ווי הען ז'ך דער מענש ריהרען אויף דער וועלט אין אזא לאגע? פאר גבאי פון הקדש וואס ער איז געוועזען פון תמיד אן, האט מען איהם אויסגעמאכט. זיין דעה אין שטאדט האט אנגעהויבען צו האבען א ווערטה ווי דער פאר א יאהריגער שנעע. בכלל האט ער געמוזט שטענדיג שווייגען אדער ווען ער האט יא א ווארט אר'סגע רעדט האט ער געמוזט פריהער יענעם חנפנען אדער לויבען, יעדען נאכגעבען אויף יעדען ווארט, ווארום ווען ניט האט

מען איהם שוין באלד געגעבען אנצוהע-רען אז ער דארף שווייגען, ווייל ער האט א טאכטער וואס האט זיך פארליעבט אין א גענעראל און פאהרט מ'ט איהם ארום איבער פעטערבורג עפענטליך אום שבת ביוטאג און וויל זיך נאך שמד'ן אין דער. אומגליקליכער ר' שמואל בער האט מיט פארביסענע ליפען, מיט א צופלאצט הארץ אבגעשווינען יעדען מי'נ דעסטען אינגעל, יעדען אזות פנים, יע-דען שטאט-שייגעץ, יעדען ווייסען חברה' ניק..

(פארזעצונג פאלגט)











## די יוראפיען דזשואיש וואמען וועל-פיר ארגאניזיישאן אין דעטראיט

וועט היינט אפהאלטען א מאסמיטינג 7 אוהר אווענד אין דער

## רוסישער שוהל, בית דוד

190 ווינדער סט. ביטווין בובין און ענטווין

עס וועלען רעדען רבי אישי שקין, רעוו. גאלדין און דער רע-דאקטאר פון „וועג" ב. י. גאלדשטיין ספעציעל ווערען איינ-געלאדען רעפרעזענטאטיווס פון סאסייעטיס און לידיעס עקזילעדים.

עס איז גוט באוואוסט די צוועקען פון דער ארגאניזאציע און עס איז ווינשענסווערט אז קיין שום אידישע פרוי זאל נישט פעהלען ביים מיטינג, ווייל דער מיטינג וועט פיהרען צו א טעטיגקייט ארויסצוהעלפען אונזערע רואינירטע און פאראומגליקטע שוועסטער אין אוקראינע.

# אן אפּיעל צו די אידען אין דעטראיט

א סך פון אייך זענען ניט לאנג אין שטאט דעריבער זאל
ט איהר פרעגען אייערע פריינד וואס זענען דא לענגער. זיע
לען זיי אייך זאגען אז פאליטישענס האבען תמיד געמאכט
א „אישו" פון דער קאר קא
ווען ניט די סטריט קאר פראגע וואלטען די פאליטישענס
ניט געהאט פון וואס צו רעדען
פאליטישענס האבען געבראכט דעריצו אז עס זאלען ניט ז
יין גענוג קארס. פאליטי -
שענס פארפרעכען זאכען און דערמאך פארגעסען זיי זיך. ה
יינט זאגען זיי: „געהט אונז
נאך און מיר וועלען אייך געבען גוטע זאכען נעקסטע וו
אך, נעקסטע חודש, נעקסטען יאהר..."
אין דעם תלמוד ד׳ י׳ עמוד א לעזט איהר:

## „איין פעפערעל היינט איז בעסער ווי א פולער קארן מארגען

## שטימט ניין אויף דעם קאוענס סטריט קאר פלאן

## The Citizens' Committee on Street Railway Service

**MARK JACOBSON**
Vice-President and General Manager Babbitt and Solder Manufacturing Co.
**JAMES A. MURTHA**
Attorney.
**BEN B. JACOB**
Vice-President Detroit Mortgage Corporation, Treasurer Elmer's Department Store.
**FRANK H. CROUL**
President, Detroit Oak Belting Company.
Formerly Police Commissioner.
**ANDREW H. GREEN, Jr.**
Vice-President Solvay Process Company.
**PHILIP BREITMEYER**
John Breitmeyer's Sons, formerly Mayor of Detroit.
**WILLIAM B. THOMPSON**
Formerly Mayor, Robinson Beef Company.
**DEXTER M. FERRY**
President, D. M. Ferry & Co.
**JOHN N. BAGLEY**
President, John J. Bagley & Co.
**DR. JOHN S. HALL**
President, Board of Education.
**HENRY M. LELAND**
Lincoln Motors Co.
**JAMES INGLIS**
American Blower Co.
**REV. HUGH JACK**
Central Presbyterian Church.
**HARRY M. NIMMO**
Detroit Saturday Night.
**THOMAS J. MARSDEN**
Chairman, Wholesale Merchants' Bureau of Detroit.
**JAMES E. WILSON**
Chairman, Retail Merchants' Bureau of Detroit.
**FRANK G. RYAN**
Park, Davis & Co.
**JOSEPH BOYER**
Burroughs Adding Machine Co.
**JOHN BARC**
Fireside Printing Company.
**L. F. SCYMANSKI**
General Secretary, Polish-American Association of Detroit.
**PETER J. LESCYNSKI**
Clothing Dealer.
**EDWARD N. HINES**
Speaker-Hines Printing Co. County Road Commissioner.

**FREDERIC B. STEVENS**
President, Frederic B. Stevens
**C. M. BURTON**
Burton Abstract & Title Co.
**STANDISH BACKUS**
Burroughs Adding Machine Co.
**MALCOLM McLEOD**
Formerly Labor Commissioner of Michigan, and Collector of Internal Revenue, State Manager David Lupton's Sons
**HENRY B. JOY**
Joy Realty Co., Formerly President Packard Motor Car Co.
**HENRY LEDYARD**
Attorney, Campbell, Bulkley & Ledyard.
**FRED T. MORAN**
Peninsular Stove Co.
**JAMES SCHERMERHORN**
Publisher, Detroit Times.
**D. H. ROBERTS**
President Roberts Brass Manufacturing Co.
**CHARLES ERDMAN**
Vice-President Erdman-Guider Company.
**FRED SCHRAM**
The Fred Schram Co.
**L. ZUCKERMAN**
President Elmers, Inc.
**A. W. COPLAND**
President Detroit Gear & Machine Co.
**WALTER B. CARY**
President Michigan Insurance Agency, Inc.
**WALTER I. OWEN**
President Owen & Co.
**JAMES S. HOLDEN**
Real Estate.
**J. BURGESS BOOK**
Book Estate.
**PAUL BAGLEY**
John J. Bagley & Co.
**J. G. ALBRIGHT**
Insurance.
**DAVID M. IRELAND**
Ireland-Matthews Co.
**BEN B. JACOB**
Detroit Mortgage Corporation.
Elmer's Department Store.
**W. REX JOHNSTON**
Treasurer, Johnston Co.
**WALTER L. MALOTT**
Wholesaler.

**FREDERIC C. O'MEARA**
Sales Manager, Joseph J. Jacobson Co.
**JOHN J. RAMSEY**
**C. A. ROXBOROUGH**
Lawyer.
**ANGUS SMITH**
Manufacturer.
**JOHN A. SIBLEY**
Insurance.
**DR. R. SADOWSKI**
Physician.
**S. W. UTLEY**
Detroit Steel Castings Co.
**J. FARRAND WILLIAMS**
Farrand, Williams & Clark.
**W. W. ABBOTT**
Real Estate.
**CHARLES E. BEYMER**
Real Estate.
**JAMES D. KENNEDY**
Coal.
**WILLIAM G. GILMORE**
Real Estate.
**L. H. JONES**
Detroit Copper & Brass Rolling Mills.
**F. G. AUSTIN**
Whitney Realty Co., Ltd.
**DR. JAMES W. AMES**
Physician.
**E. A. BATCHELOR**
Batchelor, Mason & Brown.
**CHARLES W. BURTON**
Real Estate.
**MARK JACOBSON**
Babbitt & Solder Manufacturing Co.
**W. H. BURTENSHAW**
Burtenshaw & Co., Inc.
**CHARLES H. BRYAN**
Mercier, Bryan, Larkins Brick Company.
**HENRY M. CAMPBELL**
Chairman Board of Directors Union Trust Company.
**EMORY W. CLARK**
President, First & Old Detroit National Bank.
**G. W. DRENNAN**
Drennan & Selden, Inc.
**JOHN B. FORD**
Michigan Alkali Co.
**SHERIDAN FORD**
Sheridan Ford Adv. Service.
**GAYLORD W. GILLIS**
Edson-Moore Co.
**HEATLEY GREEN**
Automatic Products Co.

**F. W. HODGES**
Detroit Lubricator Company.
**CHARLES D. HASTINGS**
Hupp Motor Car Co.
**JULES G. HOFFMAN**
Manufacturer.
**HENRY W. HOYT**
Great Lakes Engineering Works.
**WILLIAM HILLGER**
Real Estate.
**HENRY BLACKWELL**
Retired Merchant.
**SAMUEL FRANK**
Frank Brothers.
**JOHN TRIX**
American Injector Co.
**EDWARD W. STODDARD**
Detroit Range Boiler & Steel Barrel Co.
**VERNON C. FRY**
Real Estate.
**LOUIS GENEST**
Real Estate.
**HENRY L. ARMSTRONG**
Armstrong Tanning Company.
**EDWIN E. ARMSTRONG**
Armstrong Tanning Company
**STEPHEN Y. SEYBURN**
Real Estate.
**W. A. C. MILLER**
W. A. C. Miller Lumber Co.
**CLINTON W. RUSSELL**
Vice-President and General Manager, Russell Wheel & Foundry Co.
**P. J. SCHMIDT**
Retail Shoes, 3231 Michigan Avenue.
**HAROLD MABLEY**
John D. Mabley & Co.
**THOMAS E. NEWTON**
President, Newton Beef Co.
**C. C. GILBERT**
Owner Baltimore Lunch.
**H. J. HAMEL**
Hamel-Lorenz Co., Real Estate.
**THOMAS L. RICE**
Real Estate.
**W. H. MURPHY**
Murphy Estate.
**CHARLES D. HASTINGS**
Pres. and G. M. Hupp Motor Car Corporation.
**HARRY M. JEWETT**

דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY
Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

# דער גרוס פון יעליץ

(צום היינטיגען מיטינג פון דער יוראפיען דזשואיש ווימען וועלפעיר ארגאנייזיישאן)

אין אונזער ערב פסח נומער האבען מיר איבערגעדרוקט פון א רוס־לענדישער צייטונג א באשרייבונג פון דעם יעליצער פאגראם.

יעליצער פאגראם — מעהר ניש ט ווי א פאגראם?

א ניין! דאס איז געווען א באשרייבונג פון א מאסען שחיטה, א באשרייבונג פון ווילדע בעסטיעס, וועלכע האבען זיך מיט פלוט־גיעריגקייט ארויפגעווארפען אויף אן אומבאשיצטער און אומבאוואפענטער אידישער קהילה און האבען זיך אן איהר ניקם גענומען מיט די אומבאשרייבליכסטע אכזריות'ן.

גראד איז אונז מיט עטליכע טעג צוריק איינגעקומען צו לייענען א בריעף פון דעם טאלאנטירטען רוס מאקסים גארקי, וועלכער האט שוין נישט איין מאל מיט זיינע קלוגע רייד געפראטעסטירט אפציעלשען פלוט פלעקען פון רוסישע הוליגאנעס.

דיזער רוסישער בעלעטריסטישער גאון געפינט שוין אן איינפאל, א מעשה'לע, אן אפאריזם, דורך וועלכען איהם געלינגט אפצוריינגען אפיסעל די הענט פון א הוליגאן דא און דארטען. שילדערענדיג בעת מעשה ווי אזוי יענער אדער דער הוליגאן האט א טרעהר געלאזט געפינענדיג א שעהן קאנאריקעל, אדער האט אונטער דער פאלע אהיים געטראגען א פייגעלע.

און איך מענשען — זאגט גארקי — האבען די הוליגאנעס קיין רחמנות נישט, ווייל מען האט זיי קיין בייספיעל נישט געוויזען פון רחמנות. דער צארישער רעזשים האט אין זייערע הערצער גאל און גיפט געגאסען און האט זייערע נשמות מיט אכזריות פאר'סם'ט.

מיט אונזער גאנצען דרך ארץ פאר דעם טאלאנטפאלען דיכטער און שריפטשטעלער מוזען מיר זאגען, אז ער איז וייט נישט גערעכט. ווארים ווען די הוליגאנעס וואלטען באמת רחמנות געהאט אויף די, וואס האבען זיי קיין שלעכטס נישט געטאן און אז זיי זענען סענטימענטאל, וועלען געווידם פון א קליין שוואך און אומבאהאלפען קאנאריקעל, וואלטען זיי דאך באדארפט אויך רחמנות האבען אויף א אידיש עופה'לע.

מיט וואס איז דאס אידישע זייג קינד ערגער און געפעהרליכער, אייד דער דאס פייגעלע אין שטייגעל? ווארים נישט אביסעלע רחמנות אויף דעם זויגלינג?

אזוי צו אנדערש — וואס ווערט אונז דען לייכטער פון מאקסים גאר־קי'ס פשט'לעך?

אויף אונז איז געפאלן שטראף איינגעגאסען. אין די אכזרים אין די היידאמאקעס מיט די הערצער פון שטיין און שטאהל האבען זיך ארויפגעווארפען אויף די יעליצעס, אויף די בראצלאווס, אויף די פאסטאוויס, פראס־קוראווס, אומאנס און אנדערע אידישע ישובים און האבען דארטען א שטיין אויף א שטיין נישט געלאזט הוהען, און האבען יעדען טראפ ערד מיט פלוט פאגאסען — פלוט פון אידישע זקנים און עופה'לעך, אידישע פרויען און בחורים.

אמשוידערליכסטען דארף ווירקען די צאהל פון די געשענדעטע מייד־לעך און פרויען.

אין דער באשרייבונג פון דער שחיטה אין יעליץ ווערען אנגעגעבען נעמען פון ועהר א סך הייזער און פאמיליעס און אלע זיינען זיי נישט ארויס אהן קרבנות פון היידאמאקישער בעסטיאליטעט. עס דוכט זיך אז כמעט אלע פרויען פון יענער שטאדט זיינען אנגעגריפען געווארען פון דיזע רוצחים.

פריהער געשענדעט און נאכדעם — גע'הרג'עט.

ווי גרויזאם דאס איז!

און דאך איז דוקא דאס הרג'ענען די געשענדעטע קרבנות דאס ליכ־טיגסטע אין דער גאנצער פינסטערער באשרייבונג.

געשענדעט א פרוי און נאכדעם זי געטויט.

דאס איז שוין לייכטער.

וויסט און פינסטער איז דאס גרויזאמע מזל פון יענע אומגליקליכע געשענדעטע פרויען, וועלכע זיינען געבליבען לעבען.

א קיום פון אומגליק, ערנידערונג און שפל'קייט איז און וועט פאר־בלייבען דאס לעבען פון יענע שוועסטער אונזערע, וואס האבען געליטען פון יענע בעסטיעס און דאך לעבען געבליבען. אט דיזע שוועסטער אונזערע זיינען, דאכט זיך, אומגליקליכער פון די אומגליקליכסטע און עס פארשטעהט זיך, אז זייער גורל איז טויזענד מאל שוידערליכער איידער פון יענע קרבנות, וואס זענען באלד נאכ'ן פוין און אומגליק צעריסען און געטויטעט גע־ווארען.

און איינער פיין איז און וועט בלייבען דאס לעבען פון די לעבען געבליבענע.

און איהר איפרוף, וואס די „יוראפיען דזשואיש ווימען וועלפעיר אר־גאניזיישאן אף דעטראיט״, פארעפענטליכט אין היינטיגען נומער, פרעגט דיזע וואלטעטיגע פרויען ארגאניזאציע: „וואס טוט איהר אט פאר דיזע לעבען־געבליבענע אומגליקליכסטע פון די אומגליקליכסטע?״ און זי האט א רעכט דאס צו פרעגען ביי אייך. ווארים איהר, פריינד לעזער, און נאר איהר מוזט און זאלט זיך וארגען פאר אט דיזע קרבנות אונזערע. פון וועמען דען זאלען זיי ערווארטען הילף און רחמנות? אפשר פון די היידאמאקעס? אפשר פון מאקסים גארקי'ס טיפען וואס האבען רחמנות אויף פייגעלעך, נאר נישט אויף קינדער? — פון וועמען זאלען דיזע פאראומגליקטע צעטראטענע שוועסטער אונזערע ערווארטען רחמנות, אויב נישט פון אייך וואלהאבענדע דעטראיט'ער פרויען?

עס ווערט פארשטאנען, אז די דערמאהנטע פרויען־ארגאניזאציע היופט און צו ווערען טעטיג — און מיר ווילען זיי זעהר אפט דערמאהנען, אויב זיי ווילען דאס נישט ווערען — ווארים זייער טעטיגקייט איז די הילף פון מיזעראבלער אידישע טעכטער און יענע מיט פלוט און אייטער איינגע־פלאסטערטע אידישע ישובים פון דער גרויסער בלוטיגער אוקראינע. און איהר, היגע אידען, דארפט העלפען דיזער פרויען־ארגאניזאציע אנצופיהרען איהר טעטיגקייט וואס וועט באטש אביסעלע הילף ברענגען די אוקראינער אידישע פרויען.

# די פאליטישע וואך

פון ז. ק.

די קריסטליכע לעגענדע דערצעהלט דאס ישוע הנוצרי, ווען ער איז געווארען דער מארטירער, האט געבעטען גאט פאר זיינע מערדער. זיינע לעצטע ווערטער, זאגט די לעגענדע, זענען געווען:

„גאט שטראף זיי נישט, ווארים זיי ווייסען נישט וואס זיי טוען״.

וועט אויך אין דער געשיכטע פאר־שריבען ווערען דער לעצטער זאץ, ווען די היסטאריקער וועלען פארצייכענען, דאס דעם ערשטען אפריל פון יאהר 1920 איז „רעפובליקאנער״ דעמאקראטיע געקרייצט געווארען?

האבען טאקע די סוויטס, די מעקוים, די מארטינס פון דער אלבאני'ר געזעצ־געבענדער קערפערשאפט נישט געוואוסט, וואס זיי טוען ווען זיי האבען דעם פונ־דאמענט פון דעם דעמאקראטישען בנין אונטערגעגראבען?

די גאנצע רייכקייט פון דעם מענשליכען לעקסיקאן איז דאך אויסגענוצט גע־ווארען דורך דער גאנצער פרעסע פון די פאראייניגטע שטאטען, אין פארדאמען די אלבאני'ר „געזעצגעבער״. ס'איז דאך קיין שאטען פון חשד נישטא, אז די אי־בער 100 אלבאני'ער אסעמבלי לייט זע־נען נישט געווען באוואוסטזיניג אין זייער שטימען פאר דער אויסשליסונג פון די 5 געזעצליך־ערוועהלטע סאציאליסטען. זיי האבען דאך נישט געקענט נישט וויסען אז זייער אקט איז, ווי טשארלס היוז האט גרייך נאך דער אפשטימונג זיך אויסגעדריקט, „א טויט־קלאפ די אידע־אלען פון אמת'ן אמעריקאניזם״.

יע, זיי האבען בשעת מעשה גע־וואוסט, צוניש געוואוסט פון זייער פאר־ברעכען קעגען די פרינציפען פון דעמא־קראטיע. זיי האבען שפאטיש אפגע־לאכט פון „פארזיכערען דעמאקראטיע פאר דער וועלט״.

ס'איז נאך פריה פאראויסצוזאגען, וואס די שטראף וועט זיין פאר דיזען פאליטישען פארברעכען. מ'קען נאך נישט איצט באשטימען די רעזולטאטען, וואס דיזע פארגוואלטיגונג פון פאלקס רעכט וועט ברענגען אין דער נאהענטער צו־קונפט.

דער אקט זעלבסט נייטיגט זיך נישט אין ערקלערונגען. זיינע מאטיווען זענען צו דורכזיכטיג, צו שרייענד, דאס מ'זאל זיך דארפען אויף זיי אפשטעלען. ס'איז נישטא קיין פאראלעל צו דיזער פרעכער פארשווערונג קעגען פאלקס פארטרעטונג אין דער געשיכטע פון אירגענד וועלכער ערוועהלטער געזעצגעבענדער קערפער־שאפט. און נישט נאר אין די אזוי גערו־פענע פארגעשריטענע לענדער האט נאך אזא פרעצעדענט נישט געטראפען, נאר אפילו אין דער רעאקציאנערער רוסלאנד, אין דער רוסלאנד פון ניקאלאי דעם 2טען אין די צייטען פון זיין געטרייען הענקער סטאליפין, האט די ערוועהלטע רוסישע „דומא״ נישט איינגעגאנגען אויף אזוי חוזק מאכען פון פאלקס־פארטרעטונג. און ווען דער אייזערנער פויסט פון סטאלי־פינ'ם דיקטאטור האט אין יאהר 1907 אנגעכאפט די 2־טע רוסישע „דומא״ ביים האלז און געזאגט: „גיב מיר ארויס די סאציאל דעמאקראטישע פראקציע אניט דערוורג איך דיך״, וואס האט די רוסישע פאלקס־פארטרעטונג געטאן? זי האט מיט ווירדע געענטפערט, דאס זי וועט נישט פארבויגען קיין קאנסטיטוציא־נעלען פונקט, די „אומבאריהרליכקייט פון פאלקס ערוועהלטע״ איז הייליג, און זי איז גרייט אויף „קדוש השם״. סטאלי־פין, גלייך ווי דיזער ענטפער איז געגע־בען געווארען, האט צוטריבען די 2־טע „דומע״.

דיזער פאל מיט דער רוסישער „דו־מא״ — א פארלאמענט, וועלכע איז סוף כל סוף, געווען די בירגער פון די ערוועהלט געווארען ניט דורך גלייכע און דירעקטע וואהלען — ווען מ'שטעלט איהם אוועק און נעגענגאזאן צו דער לעצ־טער האנדלונג פון הער אלבאני'ר אסעמ־בלי, מאכט בולט'ער און אויסגעשפרא־כענער די רעאקציאנערע טענדענץ פון די סוויטס און די איבעריגע פינסטערע כחות.

ווייל מ'דארף נישט פארגעסען, דאס אין דער רוסלאנד פון יאהר 1907 איז די סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי גע־ווען געזעצליך „אונלעגאל״, מיטגליע־דער פון א סאציאליסטישער פארטיי פלע־גען געמישפט ווערען נאכ'ן באוואוסטען געזעץ־פונקט 129. דיזער געזעץ איז צו יענער צייט געווען דאס געזעץ פון'ם לאנד. און דאך זענען איהרע מיטגליעדער געזעסען אפילו אין די לעצטע 2 „דומאס״ אויך. סטאליפינ'ען אפילו איז נישט איינ־געפאלען צו פאדערען דאס אויסשליסען פון געזעצליך ערוועהלטע דעפוטאטען פאר'ן באלאנגען צו אן אונלעגאלער פאר־טיי.*)

*) דער פאל פון יאהר 1907, ווען סטאליפין האט יע געפאדערט דאס ארויס־געבען פון דער סאציאליסטישער פראק־ציע, איז געווען צוליעב דעם, וואס ער האט פארפיהרט אז עטליכען פרא־צעס געגען דיזער פראקציע, באשולדי־גענדיג זיי אין מאכען א פארשווערונג צו שטירצען די עקזיסטירענדע ארדנונג״.

אין דער פרייער „דעמאקראטישער״ אמעריקא אבער זענען מיר עדות, ווי אזוי ה' אסעמבליליט ווערען אויסגעשלא־סען פאר באלאנגען צו דער... לעגאלער סאציאליסטישער פארטיי. מיר שטרייכען אונטער דאס ווארט לעגאלע, נישט ווייל מיר האבען ווען נישט איז געצווייפעלט אין דער געזעצליכקייט פון אירגענד וועלכער גרופע פעראזנען צו פראפאגאנ־דירען זייערע אידעאלען ארער פארשפרי־טען זייערע מיינונגען. אין די פאראיי־ניגטע שטאטען איז דיזער פרינציפ מיט גאלדענע אותיות אויסגעקריצט געווא־רען אין דער קאנסטיטוציע. און אפילו אין דער איצטיגער רעאקציאנערער אי־בערגאנגס־עפאכע, ווען אויף דעם אט נאר וואס העלען און שיינענדיגען הי־מעל פון אמעריקאנער פרייהייט האבען זיך אנגעקליבען שווערע, גדיכטע וואל־קענס, אונטער וועלכע שווארצע ראסען ווענען גרייט אויפצופרעסען די לעצטע שיריים פון דער טראדיציאנעלער פריי־הייט; אפילו היינטצוטאג האט נישט קיין קלענערער ידען פון געזעץ, ווי אונזער מר. פאלמער, היופט פון יוסטיץ־דעפארט־מענט, ערקלעהרט, אז די סאציאליסטישע פארטיי, פון די פאראייניגטע שטאטען איז א לעגאלע פארטיי.

איז דאס נישט קיין קאמיזם? אין דער צארישער רוסלאנד זענען מיטגליעדער פון דער אונלעגאלער סאציאליסטישער פארטיי צוגעלאזען געווארען צו דער אויך מיר־ געזעצגעבענדער קערפער־שאפט, און אין דער פארגעשריטענער אמעריקא ווערען סאציאליסטישע מיט־גליעדער פון א לעגאלער פארטיי אויס־געשלאסען פון אן אסעמבלי און בא־רויבט פון זייערע קאנסטיטוציאנעלע רעכט נאר צוליעב דעם, וואס זיי בא־לאנגען צו א לעגאלער פארטיי.

עס איז קאמיש, און ווירקליכע משוגעת, — משוגעת, מיט וועלכער דער רוימישער גאט האט באשטראפט די יעניגע, וועלכע האבען א שטראף פארדיענט.

ס'איז דאך צו האפען, אז די האנד־לונג פון דער אלבאניער אסעמבלי וועט, סוף כל סוף, גייזען די בירגער פון די פאראייניגטע שטאטען, וואס דער איצ־טיגער פאראהילכענדער געשריי: „100 פראצענט אמעריקאניזם״ מיינט פאר דער ווירקליכער פרייהייט פון טראדיצי־אנעלען אמעריקאניזם. די סוויטס זענען קורצזיכטיג, און אויב זיי ווייסען אויף דער מינוט די ציעלען פון זייער פינס־טערער ארבייט, ווייסען זיי היסטאריש אבער נישט — אדער זיי מאכען זיך נישט וויסענדיג — אז דער גליק פון פראגרעס איז, וואס די רעאקציע ווייסט נישט, וואס זי טוט.

* * *

ווען דיזע שורות ווערען געשריבען דערצעהלען די באריכטען, אז דער ביר־גער קריג אין דייטשלאנד איז צו ענדע.

ס'ווילט זיך האפען, אז דיזע ידיעות זענען אמת'ע, און אז דאס אומגליקליכע דייטשע פאלק וועט נישט ליידען מעהר פון אינערליכע בלוטיגע מלחמות. ווען דער אויסערליכער שונא שטעהט אויף דער וואך.

און נישט ווייל מיר זענען איינפער־שטאנען מיט עבערט'ען, זענען מיר עס צופריעדען, וואס דער ציווילער קריעג אין דייטשלאנד האט איפגעהערט. עבערט האט זיין מאראלישען רעכט צו זיין דער אנפיהרער פון דייטשען פאלק שוין לאנג פארלארען. עבערט, וועלכער האט ערלויבט זיין פארטיידיגונגס־מי־ניסטער, נאסקע'ן, אזוי ברוטאל באהאנ־דלען די „לינקע״ און זיין צו מילד צו די קאפ'יסטישע יונקערס, דער עבערט וואלט נישט באדארפט שטעהן אז דער שפיץ פון דער נייער, דעמאקראטישער דייטשלאנד. ווען דאס דייטשע פאלק וואלט מיט אן אמת געווען פריי צו בא־שטימען זיין אייגענעם גורל.

ווי די לאגע איז יעצט, קען מען זיך מיטער זיין, אז א מעהר פראגרעסיווער דייטשער פארטרעטער וועט נישט „גושא חן״ זיין ביי די איצטיגע וועלט רע־גירער. און מאכט איז דאך, נאכאלעמען, פאקט דאס רעכט, מיט וועלכען ס'בא־ניצען זיך די, וואס האבען די מאכט. האט דען נישט לאיד דזשארדזש טאקע די־יאך ערקלעהרט אין ענגלישען פארלא־מענט, דאס ווען מ'וואלט געפרעגט דאס אייריש פאלק, וואס וויל עס, וואלט דער איינציגער ענטפער געווען: „א רעפוב־ליק״? איירלאנד האט געקראגען נאר א שאטען פון זעלבסטשטענדיגקייט אונטע־רען ענגלישען יאך און נישט א רעפוב־ליק, ווייל דאס רעכט פון ענגלאנד אויף דעם אייריש׳ען לאנד און פאלק איז דאס, וואס זי, ענגלאנד, האלט איירלאנד אין דער אייזערנער מאכט.

ס'זענען נאך נישט באוואוסט די בא־דינגונגען, אויף וועלכע די רעוואלוציא־נערע ארבייטער פון דעם רוהר־געגענד האבען אוועקגעלעגט זייער וואפען. עס ווילט זיך גלייבען אז ס'איז פארגעקור־מען א „שלום אהן א באזיגטען״ — א קאמפראמיס, ווייל א צעריסענע דייטש־לאנד וועט קוים זיין ביכולת ווידערצו־שטעהן דעם שווערען נסיון, צו וועלכען די געשיכטע האט געבראכט דאס דייט־שע פאלק אין איצטיגען מאמענט.

* * *

דער פאל מיט לודוויג מארטענס'ען, וועמען דער יוסטיץ־דעפארטמענט איז גרייט צו דעפארטירען קיין דייטשלאנד — מארטענס איז געבארען געווארען אין רוסלאנד פון דייטשע עלטערען — באווייזט אמ'בולט'סטען, ווי ווייט די רע־גירונג פון אמעריקא איז איזאלירט פון דעם אייראפעאישען סאציאל־פאליטישען לעבען.

מארטענס איז שוין אין אמעריקא איבער צוויי יאהר. ער האט זיך פאר דער גאנצער צייט נישט אויסבעהאלטען, נישט געווען געהיים; פארקעהרט, ער האט אין דעם נאמען פון דער רוסישער סאוויעטען רעגירונג פאר'ן לעצטען יאהר געמאכט מעהר עפענטליכע ערקלעהרונגען, ווי איר גענד וועלכער אויסלענדישער דיפלאמאט האט ווען נישט איז געמאכט. וויערער, האבען די אגענטען פון דער לאסקקא־מיטע, די ארטשי סטיוואנצאנס, נישט „פארשלאפען״ קיין געלעגענהייט ארויס צולאזען דעם פארשטעהער פון דעם באל־שעוויסטישען רוסלאנד פון זייער וואכ־זאמער אויג, איך דארף מען נישט צווייפ־לען, אז נישט ווייניגער „פליש״ האבען ארויסגעוויזען, בנוגע מארטענס'עס טע־טיגקייט דא אין לאנד, די יוסטיץ אגענ־טען פון דער פעדעראלער רעגירונג. זי האבען אלץ געזעהן, זיי האבען מסתמא „געזעהן״ נאכמעהר ווי ס'האט געקענט זעהן...

און אזוי זענען פאראיבער צוויי יאה[ר] און מארטענס, דער פארשטעהער פ[ון] דער סאוויעטען־רוסלאנד, האט געמאכ[ט] קאנטראקטען מיט גענויע טויזענט גרוים[ע] אמעריקאנער פירמעס פאר זיין רעגירונג. נאכמעהר, דאס סאוויעטען רוסלאנד פ[ון] פאראיאהרען, אפילו פון דריי מאנאט[ען] צוריק, דאס לאנד פון קאניבאלען — [...] מ'האט זיך באמיהט אונז דאן איינצו[...] רעדען — איז דאך היינט־צו־טאג [...] ווארען, אויב נישט „צו לייטען גלייך־[...] איז, אלענפאלס, „לייטישער״, מענשלי[...] כער. ס'איז דאך פשוט צו שטיינען ווע[...] פאר א געוואלדיגע מעטאמארפאזע, א[...] גאנישע אומוואנדלונג, ס'איז פארגעקו[...] מען מיט די באלשעוויקעס. גענוג [...] לייענען, אדער פארגלייכען, די קארעס[...] פאנדענצען אין דער ענגלישער פרע[סע] ווענען סאוויעטען־רוסלאנד, וועלכע זע[...] נען געדרוקט געווארען מיט א יאה[ר] אדער א האלב יאהר צוריק און די [...] נע, וועלכע דרוקען זיך פאר די לעצ[טע] דריי מאנאטען.

דאס איז ערשטענס. צווייטענס, [...] דער וועג, וועלכער פיהרט צו א דיפלא[מא]טישער פארשטענדניש מיט די באלש[ע]וויקעס שוין א צוגעגרייטער. אט שי[...] די לייג פון נאציאנען א קאמיסיע [...] רוסלאנד. א סאוועטען דעלעגאציע [...] אויף איהר וועג קיין ענגלאנד. און ד[...] לעצטער באריכט איז, אז א ספעציע[לע] איטאליענישע מיסיע פון 12 פער[...] פאהרט אפ קיין ענדע דיזען מאנאט [...] רוסלאנד. — א מיסיע, וועלכע איז א[...] ציעל אינסטרואירט ווידער צו עטא[...] לירען דיפלאמאטישע און קאמערצי[...] באציהונגען מיט לענינס רעגירונג״.

און נישט קוקענדיג אויף דיזע ווינ[...] גע געשעהנישען, וועלכע ווייזען אז [...] דיפלאמאטישען פולס פון די אליאי[...] רעגירונג, איז די רעגירונג פון די פ[...] אייניגטע שטאטען נאך אלץ־געבלי[...] ביי איהר אמאליגער שטעלונג צו ר[...] לאנד. דער פארזוך צו דעפארטירען [...] מארטענס'ען ציינט ווירקליך, אז די [...] רא דאקטרין האט אין דיפלאמאטי[...] חוש איזאלירט אמעריקא פון דער איי[...] פעאישער וועלט.

# בעסער געהן צופוס

(פון היינטיגע נסיעות אין פוילען)

פון א רייזענדען

געה, ווי א חכם און פאהר נישט, בעת קיין אנדער ברירה איז נישטא.

צען א פאר שעה צייט. געמאכט אלע צום צוג האב איך געהאט אין גאנ־צייטיגע הכנות. איך זאל אויסזעהן ווי א „פוילישער״, פארסטראכירט זיך אין פאל פון א באהן קאטאסטראפע און פון אנדערע פאלען. געקראגען אין א הערינג געשעפט דעם „דזיעניק ווילענסקי״ און די „דוואַ גראשא״ געזעגענט זיך מיט מיינע קינדער, פונקט ווי איך וואלט פאהרען קיין אמעריקא, גענומען א איזוואזטשיק און איך בין שוין אויף וואקזאל.

אז איך האב א קוק געטאן אין גרויסען שפיגעל און דערזעהן דאס ביסעל ענ־טע קולטור, וואס דער פאריקמאכער האט אויף מיר ארויפגעלעגט האב איך נישט ווילענדיג א שמייכעל געטאן.

עפעס האט זיך אנגעהויבען צו גלויי־בען, אז ווען, ווען, מיר וועט מען שוין די זייטען נישט רייבען. איין צרה נאר — פון דער פוילישער שפראך קאן איך אפשר 7 ווערטער נישט מעהר. איך דארף אפילו צו קיינעם נישט אנקומען נאר מאלע וואס עס מאכט זיך. באשלאסען האב איך דארום וואס ווינציגער צו ריי־דען סיידען...

אין וואגאן איז געווען א געפעהרליכע ענגשאפט, א שפילקע נישט אריינצוואר־פען.

— „רזשיוונא זשעץ״ — רופט זיך אפ מיין שכן א געזונטער ערל, אנגעטאן אין עפעס מאדנע־קליידער, „וושענדזיע שידזשי״, א מאדנע זאך, הייסט עס אר־מעטום אידען...

און אזוי כסדר...

די ווערטלאך זיינע האבען געמאכט א ווירקונג. עס זיינען מיט אמאל ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואקסען נאך געזונטע תנא־ברא'ס און אלע האבען אנ־געהויבען ווי נאך א סיגנאל צו זשוושען: „זשידזשי, זשידזשי, זשידזשי״.

— לאז זיי אריינגעהן לאז זיי, וואס מעהר, מיר וועלען שוין מיט זיי ריידען אויפ'ן וועג, — וויצעלט זיך איינער פון מיינע שכנים.

נו, נו, טראכט איך מיר, אין א ריכ־טיגע קאמפאניע בין איך אריינגעפאלען, און איך שפיר גוט עס חויבט מיר אן צו טרייסלען א צאהן אן א צאהן.

מיך פאהרען פאמעליך. די ארומיגע אורחים טרייבען לצנות, חכמה'נען זיך אז זאלין אויף „אונזער״ אדרעס. איך רוק זיך אפ פון פענסטער צום טיר... און טוליע מיר צו שטארק, שטארק צו א באנק.

ווי פריה איז עס, פרעגט ביי מיר דער אויבענדערמאנטער שכן.

נישט ווילענדיג נעהם איך ארויס מיין וואכעדיגע שווארץ זייגערעל (דעם גאל־דענעם האב איך שוין לאנג „פאר־לארען״ אין אפריל וועט ווערען א יאהר) און האלטענדיג איהם גאנץ פעסט אין האנט, ענטפער איך.

— האלב צוועלף, און בעת מעשה פיהל איך אז ווען איך דארף ארויסריידען נאך א ווארט וואלט מיר אפגענומען גע־ווארען דער לשון.

אויף די איבעריגע סטאנציעס ווערט שוין גראמער, איך פארפאס קוים א שטיקעל פלאץ. די זעלבע שכנים מיי־נע פאהרען מיט מיר צוזאמען, עפעס אזוי ווי באגלייטער. מילא, וואס וועט זיין, — וועט זיין, דערווייל באשליס איך זיך צו פארבאריקאדירען. פון ביי־דע זייטען לעג איך אוועק דעם „דזיעניק ווילענסקי״, איינעם אונטערגעבעט אונ־טער זיך און מיט דער „דוואַ גראשא״ האב איך באשלאסען זיך צודעקען, פונקט ווי שלום עליכם'ס העלד.

איינער פון די פאסאזשירען נעהמט ביי מיר דעם „דזיעניק״ און פרעגט, צי איך קען איהם, דעם רעדאקטאר פון [...]־טעל.

— איך קען איהם, איך קען איהם — ענטפער איך, הלואי וואלט איך איהם נישט געקענט, טראכט איך מיר.

— א וואונדערבארע ערשיינונג, רופט זיך אפ א צווייטער. אבסט איז דאך אזא אידען פרעסער, און זיי, די אידען, ווי נישט ווי מיינט דאס, אט נאט איך נישט א קוק, דרשנט ער ווייטער אנווייזענדיג אויף דער 4־טער זייט פון בלעטעל. אידען אידישע דאקטוירים האלטען איהם אונ־טער, א מאדנע פאלק, מאדנע עקזעמפ־לארען פארמאגט די נאציע. מען שמייסט זיי און זיי קושען די זעלבע רום...

איך לאז אראפ דעם קאפ, איך שפיר אז ער האט רעכט...

אויפגעכאפט האב איך זיך פון א נע־פילדער, א געשריי, א פייפעריי און אונ־זער וואגאן. 2 אידען מיט גרויע בערד, ווערען [...] מיט אויסגעלאשענע אויגען האבען [...] טאנצט א האפקע און האלבען פינסט[ער] רען וואגאן. דער ארומיגער עולם האט פשוט מחיה געווען, געקייכט, צעפלא[...] געווארען פון געלעכטער.

ביי עמיצען האט א בליאסק געטאן [...] שער. איך שפיר ווי דאס בלוט נעהט [...] ארויין אין פנים, ווי די האר מיינע שט[...] לען זיך ממש קאפויר. אינסטינקט[...] האב איך מיר א שטעל געטאן, אפגנ[...] טרייסלעט פון זיך די פאנראס בלעטל[...] ווי ען טרייסלעט זיך אפ פון שרצים — צוגעגאנגען צו די אלטע אידען.

איך ווייס נישט וואס עס וואלט גער[...] מיט מיר און וואס פאר א סוף עס וו[...] טען נעהאט די אומגליקליכע זקנים, [...] מעס אייניציגע שולד עס איז געווען [...] זיי האבען קיינעם נישט בארויבט, [...] גענומען קיין „לאנובקע״, נאר אומגע[...] קעהרט זיך אלס אומגליקליכע פליכטל[...] גע אויף זייערע אלטע חורבות — [...] דורכ'ן פענסטער וואלטען זיך נישט באו[...] זען די לאנטערנעס פון דער נאהענטע[ר] סטער סטאנציע. ווי נאר דער צוג הא[ט] זיך אפגעשטעלט האב איך מיט'ן גרע[...] טען אימפעט א שלעפ געטאן די צו[...] אידען און אראפ מיט זיי אויפ'ן וו[...] זאל.

אז איך בין אריינגעקומען אין פר[...] דען שטעדטעל אריין, האב איך אווע[...] געשיקט אהיים און אלע מיינע קרוב[ים] און באקאנטע עקסטרא רעפעשען, אז א[...] בין בשלום געקומען צו א מענשלי[כען] ישוב.

אבער אז איך דערמאהן זיך אז א[...] וועל מוזען פאהרען צוריק מיט'ן באה[ן] וואלט איך שוין בעסער געגאנגען צופו[ס].

(טאג — ווילנא)

## שלום רעזאלוציאן אין סענא[ט]

וואשינגטאן, אפריל 1. — די אויס[...] קאמיטע פון קאנגרעס האט באטראכ[...] די אריינגעבראכטע רעזאלוציע אין רע[...] רעזאלוציאן הויז צו ענדיגען דעם קריעג [...] צושטאנד מיט דייטשלאנד, די רעפובלי[...] קאנער האבען פון אנפאנג געוואלט, א[...] די רעזאלוציע זאל באטראכט ווערען א[...] קאנגרעס מארגען, אבער זיי זענען איינ[...] געגאנגען אויף דעם פארשלאג פון די [...] מאקראטישע פיהרער און די רעזאלוציע [...] וועט קומענדען מאנטאג באהאנדע[לט] ווערען.

# אויף די כוואליען

פון אפרים סיימאן

ס'קומען שעה'ען און פערגעהען
אין דעם אבגרונד פון דער צייט —
פריהלינג, זומער, הערבסט און ווינטער;
— אלץ פארשווינדט און ווערט באנייט...

* * *

ס'ווארפען ימים הויך די כוואליעס, —
רייסען רעש'ינג זיך אוועק;
יאגען ווילד זיך ווי געשפענסטער,
נ'פאלען ווידער צו צום ברעג...

* * *

איך אליין אויך, ווי די כוואליעס,
רייס זיך, ווארף זיך הער און הין,
— יאג זיך הילפלאז, מיט די וועלען
פון דעם שטורעם אהן א זין,

* * *

פאל — — — — און הויב זיך צו די
הימלען...
און, אט דאכט זיך מיר, — איך זינג,
אונבעמערקט, אזוי פארשווינד איך, —
קום דאך קיין מאהל נישט צוריק...

# מעיאר קאוענס וועגען מוניציפאלען באזיץ-רעכט

(שלוס)

פראגע. רעכנעט איהר ניט, אז די ערשטע זאך, וואס מיר דארפען האבען, איז סאבוועי אויף וואודוואורד עוו. ?“

ענטפער. „א סאבוועי אויף וואודוואורד עוו. דארף קאסטען 15 מיליאן דאלאר, דאס געלט, וואס מיר בעטען איצט פאר 150 מייל קאר ליינס און 550 נייע קארס, צווייטענס, וועט זי ניט דעקען די טעריטאריע, וועלכע נויטיגט זיך אין טראנספארטאציאן“.

פראגע. „לויט אייער פלאן, וועלען די ארבייטער האבען א רעכט צו סטרייקען אדער ניט ?“.

ענטפער. „די פאראייניגטע שטאטען איז א פריי לאנד, און יעדער איז בארעכטיגט צו טאן, וואס ער וויל, ארבייטען אדער ניט ארבייטען.“ (אפלאדיסמענטען.)

פראגע. „האב איך אייך ריכטיג פארשטאנען, ווען איך דענק, אז איהר האט געזאגט, דאס די ד. יו אר. וועט זיין זעהר צופריעדען איבערצוטוישען זיך מיט „טרענספערס?“

ענטפער. „איך זאג, אז דאס איז א השערה. איך דענק, אויב איהר וועט שטודירען די מאפע און זעהן, וואו מיר קאנטראלירען דעם צענטער פון דער סיטואציע אויף וואודוואורד און פארט ליינס, דאן וועט איהר זעהן, דאס זיי וועלען זיין געצוואונגען צו קומען צו אונז און בעטען זיך וועגען א איבערטויש פון טרענספערס“.

פראגע. „ווייסט איהר עטוואס וועגען ערפאלג אדער דורכפאל פון די מוניציפאלע קאר ליינס אין סאן-פראנציסקא?“

ענטפער. „די מוניציפאלע קאר ליינס אין סאן-פראנציסקא זענען זעהר ערפאלגרייך. זיי האבען אנגעקליבען א פאנד, מיט וועלכען צו באצאהלען די ארויסגעלאזטע באנדס און זיי צאהלען גרעסערע שכירות צו זייערע אנגעשטעלטע, ווי ס'האט דארטען געצאהלט די פריוואטע קאר קא. איך קען ניט געבען דא, אויפ'ן פלאץ, אלע איינצעלהייטען, אבער איהר קענט אין „סיטי האל“ קריגען גענויע אויסקינפטע וועגען זיי“.

פראגע. „ווי אזוי פארענטפערט איהר דעם אנגעגעבענעם ארגומענט, דאס אי וועט פאראיבער, וועט מעגליך זיין צו ער פלאן וועט פאלען צו לאסט אויף די דאזיגע, וועלכע האבען אייגענטום?“

ענטפער. „א פאלשען ארגומענט איז ווירקליך שווער צו פארענטפערן, דאס געזעץ זאגט אויסדריקליך, און איך האב גאנץ דייטליך געזאגט, אז דאס גאנצע אויסהאלטען פון אונזער סיסטעם — די פראצענטען, דאס אויסצאהלען פון די ארויסגעלאזטע באנדס — מוז געדעקט ווערען פון די „פיירס“. דאס איז דאס געזעץ“.

פראגע. „קענט איהר ניט זאגען אונז, ווער איז דער באלעבאס פון דער ד. יו. אר., און וואו געפינען זיך איהרע אקציעס?“

ענטפער. „איך קען אייך ניט זאגען, ווער די אמת'ע באלעבאטים זענען, אבער דער ווירקליכער קאנטראל פון דער ד. יו. אר. געפינט זיך אין די הענט פון א וואל-סטריט'ער פירמע, וועלכע לייהט זיי געלט און באקומט צוריק איהר פונט פלייש יעדען מאל, ווען זי ניט איהר געלט. די אמת'ע „סטאק-האלדערס“ האבען קיין שום דעה ניט אין דער פארוואלטונג“.

פראגע. „איך וואלט וועלען וויסען, נעמענדיג אין אנבאטראכט דאס הויבען זיך פון די פרייזען אויף מאטעריאלען, צי ס'וועט זיין מעגליך, אז די „פיירס“ זאלען בלייבען 5 סענט?“

ענטפער. „איהר פרעגט, צי מיר וועלען קענען אנהאלטען דעם איצטיגען פרייז פון די „פיירס“? קיינער קען דאס אייך ניט גאראנטירען, אבער דער אלגעמיינער איינדרוק איז, דאס אלע פרייזען האבען דערגרייכט זייער העכסטע שטופע. און ווי מיר איז באוואוסט, איז דער סכסוך מיט דער קאר קא. אין טאלידא פארגעקומען צוליעב דעם, וואס די קאר קא. האט פארט געוואלט אריינשטעלען אין איהר אפמאך מיט דער שטאדט א מאקסימום פרייז פאר „פיירס“ און די שטאדט-באאמטע האבען ניט געוואלט צו דעם צושטימען, ווייל זיי האבען גערעכנט, דאס דער איצטיגער יקרות אויף אלע מאטעריאלען איז דער העכסטער, וואס ס'קען זיין, און זיי האבען געגלויבט, דאס ווען דער יקרות פארקלענערען דעם איצטיגען פרייז פון די „פיירס“.

פראגע. „איך וואלט וועלען וויסען, פון וואנען ערווארט איהר די אפאזיציע צו אייער פלאן, פון דער ד. יו. אר. אדער פון די, וועלכע זענען געגען „מוניסיפעל אונערשיפ?“

ענטפער. „די אפאזיציע וועט קומען פון פיעל קוועלען. זי וועט אהן א צווייפעל קומען פון דער עלעקטריק ריילוועי אסאסיאיישאן“. זיי האבען אן ארגאניזאציע אין וואשינגטאן פאר געגענזייטיגער באשיצונג, דיזע ארגאניזאציע האט איהרע מיטגליעדער איבער'ן גאנצען לאנד און זיי וועלען זיכער פארטיידיגען די אינטערעסען פון פריוואטע קאר קא. ווי איך האב אנפאנג פון מיין רעדע געזאגט, איז דער איצטיגער פאל אין דעטראיט דער אנפאנג פאר מוניציפאלען באזיץ רעכט, און די וואשינגטאנער ארגאניזאציע וועט געוויס אונז באקעמפען. די אפאזיציע וועט אויך קומען פון וואל-סטריט, וואו מ'פארקויפט „סטאקס און באנדס“ און מ'קריגט „קאמישאן“ פאר פארקויפען באנדס פון קאר ליינס“.

פראגע. „איך וואלט וועלען וויסען, פאר וואס ווערט ניט אויסגעפיהרט דאס געזעץ, וואס זאגט אז יעדער פאסאזשיר מוז האבען א באזונדערע צאהל קוּבּישע פוס פלאץ?

ענטפער. ווייל די איינוואוינער אליין ווילען ניט וויסען פון דיזען געזעץ. זיי ווילען ניט שטעהן אויף די גאסען שטונדען לאנג, כדי צו האבען פרישע לופט אין די קארס. זיי פאקען זיך בעסער אריין אין די קארס, איידער צוווארטען פאר קארס“.

## עקס-סעקרעטערי לאנסינג לייקענט אפ באשולדיגונג

די ציוניסטישע ארגאניזאציע אין אמעריקא האט ערהאלטען עקס סעקרעטערי אוו סטייט ראבערט לאנסינג'ס ענטפער, אפלייקענענדיג די באשולדיגונג, וואס איז געגען איהם געמאכט געווארען אין איינעם פון די לעצטע נומערן „היינט“.

די אנפראגע איז צוליעב פארשטענדליכע טעמים געמאכט געווארען דורך א פריוואטער קוועלע, נעמליך: דורך רבי רושייסען, געוועזענער סעקרעטער פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע און דער באוואוסטער ציוניסט מר. ל. פריעדמאן.

דער בריעף לעזט זיך ווי פאלגענד:

„אייער בריעף אין שייכות צו אן אנגעגעבענער ציטאטע פון מיינעם א בריעף צו פרעזידענט ווילסאן, האב איך ערהאלטען, הגם איך בין ניט מעהר קיין רעגירונגס בעאמטער און קאן דאריבער ניט קאמענטירען איבער א טהאט וואס זאל האבען פארגעקומען אין דער צייט וואס איך בין געווען אין אמט, דאך ווייל דאס איז אזא סקאנדאלעזע פעלשונג נעהם איך זיך דאס רעכט אייך צו זאגען אז דיעזע ציטאטע איז פאלש, און דאס איך האב קיינמאל פאר קיינעם ניט אויסגעדריקט דעם מיינונג, וואס זי ענטהאלט. איך דאנק אייך פאר אייער ציהען מיין אויפמערקזאמקייט צו דיעזען פאל“.

מיט אכטונג צו אייך,
ראבערט לאנסינג.

## מלחמה פארגרעסערט די צאל טויב-שטומע אידישע קינדער

איינע פון די פיעלע אינסטיטוציעס אין וויען, וואס ווערען געשטיצט פון דער דארטיגער אפטיילונג פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע, איז דער אינסטיטוט פאר טויב-שטומע אידישע קינדער, וואס איז איצט געווארען די איינציגע אינסטיטוציע פון דעם מין פאר דער גאנצער אידישער אייראפא. אין א בריעף פון דירעקטאר פון דעם אינסטיטוט דר. סאלאמאן קרענבערגער האט די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע איצט באקומען ידיעות, וואס באווייזען אויף וויפיעל די צאהל פון די טויב-שטומע אידישע קינדער האט זיך פארגרעסערט אין פארלויף פון דער מלחמה.

ביז נאוועמבער 1918 — דערצעהלט דר. קרענבערגער — איז די גרעסטע צאהל קינדער אין דעם אינסטיטוט געקומען פון גאליציען און בוקאווינא. די צאהל טויב-שטומע אין ביידע לענדער איז געווען פון 80 ביז 85 א יאהר. אין די לעצטע יאהרען האט זיך די צאהל טויב-שטומע קינדער אין גאליציען אליין פארגרעסערט ביז 430 און אין בוקאווינא ביז 40. אבער ביי היינטיגען טאג קומען אן אין אינסטיטוט נישט בלויז קינדער פון גאליציען און בוקאווינא, נאר אויך פון פוילען און רוסלאנד. צוזאמען מיט די פיעלע פליכטלינגע, וואס זענען געקומען קיין וויען, האט זיך אויך פארגרעסערט די צאהל טויב-שטומע קינדער, און דר. קרענבערגער רעכענט, אז ווען דער אינסטיטוט זאל וועלען אריינגעהמען אלע אידישע טויב-שטומע קינדער, וואלט ער געדארפט האבען פלאץ פאר נאך 2000

אין אינסטיטוט ווערען די קינדער געלערנט צו ריידען, פארשטעהן יענעמס רייד לויט די באוועגונגען פון די ליפען, לייענען, שרייבען און ענדליך לערענט מען זיי אויך אויס א מלאכה, פון וועלכער זיי זאלען קענען מאכען א לעבען.

## די מזרח אידישע פליכטלינגע אין בערלין.

א בערלינער קארעספאנדענט טעלעגראפירט: פון די 2000 מזרח אידען וועלכע זיינען ווי עס איז שוין מיטגעטיילט געווען — ארעסטירט געווארען דורך די בערלינער אויטאריטעטען, איז שוין די גרעסטע טייל באפרייט געווארען, ה' יוליוס גאלדמאן, דער פארשטעהער פונם דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטעט אין אייראפא פארהאנדעלט איצט מיט די ציוניסטישע און אנדערע אידישע ארגאניזאציעס בנוגע דער לעזונג פון דער פליכטלינג פראבלעם.

## לארד רעדינג'ס בייטראג פאר'ן גאולה פאנד

מען איז מודיע, אז לארד רעדינג, דער לארד טשיעף דזשאסטיס פון ענגלאנד האט אריינגעשיקט א באדייטענדען בייטראג צום גאולה פאנד.

דיעזע באציהונג מצד לארד רעדינג צו א ריין ציוניסטישען פאנד האט א ווייכטיגע באדייטונג פאר דער ציוניסטישער וועלט ארגאנזאציע.

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(צווייטעס קאפיטעל)

## דער קרבן אין א שטייג

ווען דאס מיידעל האט זיך אויפגעכאפט איז נאך פינסטערליך געווען.

די זון האט זיך אויף דעם הימעל געריסען פון איהר בייגאכטיגער רוה און טונקעל ליכטיגע פאסען האבען איבער דער פארלאגע זיך אויסגעלעגט.

לכתחילה האט זי גארנישט געוואוסט וואס מיט איהר איז געשעהן, וואס מיט איהר איז אצינד און וואו זי געפינט זיך.

אין דעם צימער וואו זי איז געלעגען איז נאך איין בעט געשטאנען.

ביידע בעטען — פראסטע, אייזערנע, מיט הארטע מאטראצען און מיט אומריינע באציהעכץ.

אויף וויפיעל איהר איז מעגליך געווען צו זעהן איז אין דעם צימער, אויסער די צוויי בעטען, א טישעל און צוויי הארטע בענקלאך, נישט געשטאנען קיין שום מעבעל.

זי האט זיך אויפגעזעצט, האט גענומען פאמעליכען נאכדענקען, וואס מיט איהר איז געשען אויף דער נאכט פארגעקומען, וואוהין זי איז געגאנגען און ווי אזוי זי איז פון א יונגען בחור מיט א הלוגען, ביטערן פנים פארהאלטען געווארען, זיך נאכדעם אויסגעריסען פון איהם, געיאגט זיך איבער די גאסען און דאן —

— — — — דאן

זי געדענקט נישט אקוראט.

זי שטרענגט זיך אן נאכצוזעהן די פאסירונגען פון'ם נעכטיגען טאג.

דאס איז געווען נעכטען!

אין דעם איז זי דאכט זיך, זיכער, נעכטען.

א יונגערמאן, מיט קלוגע, דורכנעמדיגע, און פרעכע בליקען האט זיך אפגעשטעלט פונקט דארטען וואו זי האט זיך פון דער רוישיגער גאס ארויסגעדרעהט.

יא, דאס איז דוכט זיך, אויך זיכער, זאל מען איהר ווייזען אט דעם חברה מאן, וועט זי איהם דערקענען.

אודאי, וועט זי איהם דערקענען...

וואס האט ער געוואלט פון איהר?

דאס קען זי אצינד נישט פארשטעהן אקוראט. אבער מען האט באדארפט אנטלויפען פון איהם. דאס איז געוויס! דאס איז זיכער!

אלא נישט, וואס זשע דען איז זי נעלאפען?

זי איז געלאפען, דאס איז אויך געוויס. אז זי געדענקט דאך אפילו איהר העט איז פון קאפ אראפגעפלויגען.

וואס זשע איז נאכדעם געוועזען?

דאס איז שווער צו דערמאהנען זיך.

וואו זשע איז זי אצינד?

זי שטרענגט זיך אן ארומצוקוקען מיט די בליקען דאס חדר, זי באטראכט דאס בעט, דאס ניט ציכטיגע לייליך און די דעק, זי טאפט אן דעם הארטען מאטראץ... פון הארט נעבען דער סטעליע רייסט זיך א מאגערע שיין, א קליין פיערעקיג פענסטערעל בליסטשעט אראפ פון דארטען און באלייכט די אקעגענע ריגע וואנד, באקלעפט, אדער געפארבט מיט א גרויען קאלך, און אפשר איז דאס אמאל געווען ווייסער קאלך.. און דארטען פונקט אנטקעגען איהר שלאפט נאך אימיצער.

א גרויל כאפט זי ארום. זי הערט א שטילען כארכלען פון א רוהיג שלאפענדיגען.

זי קוקט אריבער מיט ברייט פאנאנדערגעריסענע וויעס..

ס'איז א פרוי!

עס איז איהר היימליכער געווארען.

יא, א פרוי, און אן עלטערע פרוי, שוין, אפשר, גאר אן אלטע.

א פאליע גרוי האהר וואלגערט זיך אויף דעם קישען און קאנקורירט מיט די ביסעל שווארצע...

וואס זשע איז עס דא?

ווי איז זי אהער געקומען?

און וואס זאל זי איצט טאן?

שרייען, אויפוועקען די אלטע פרוי און מאכען א ליארם?

זי גיט זיך א ריהר פון בעט און דערפיהלט ערשט אז זי איז אן אויסגעטוענע.

א שרעק איז זי באפאלען.

זי קוקט ארום זיך און זעהט נישט אין ערגעץ איהרע קליידער. אויף א וואנד מערקט זי הענגט איהר שטרויענע העטקע, ביים זייט פון בעט שטעהען איהרע שיך. איהר רעקעל און אויבערשטע קלייד זעהט זי נישט אין ערגעץ.

זי געהט צו אויף די שפיץ פינגער צו דער שלאפענדיגער פרוי.

זי שטעהט א מינוט און קוקט אויף דער פרוי.

נאך גארנישט קיין פארעלטערט פנים. פולע נור בלאסע באקען, רינגע ליפען און פולע שעהנער ארמס.

— מאדאם — זאגט זי שטיל — מאדאם.

זי ריהרט זי אן זעהר לייכט.

די פרוי האט זיך א קירווע געטאן און ווייטער געשלאפען.

— מאדאם — האט זי שטייפער אנגענומען דעם נאקעטען ארם פון דער פרוי — מאדאם!

די פרוי האט מיט איין מאל זיך א הויב געטאן און געבליבען זיצען.

צוויי גרויסע גרויע אויגען האבען פריהער מיט פארוואונדערונג געקוקט אויף דעם מיידעל און נאכדעם האט זיך איהר אויסדרוק געביטען. זי איז ליעבליך געווארען און א ווארימער שמייכעל איז פון די אויגען אראפגעשוואומען.

— וואו בין איך, מאמעניו? — האט דאס מיידעל מיט ציטערניש געפרעגט.

— שרעק זיך ניט קינד — האט די פרוי מיט אביסעל א הייזעריגן קול געזאגט — שרעק זיך נישט, ביסט חלילה נישט ביי קיין גזלנים, האב ניט מורא.

— וואס איז דא, מאמעניו, וואס איז דאס, ווער זענט איהר?

— ווארט, ווארט, אט וועלען מיר זיך אנטאן, וועל איך הייסען עפעס אריינברענגען צום איבערבייסען, וועלען מיר באלאקען, איך האב קיין כח נישט צו דיר, קינד.

דאס מיידעל איז אביסעל רוהיגער געווארען.

— וואו זיינען מיינע קליידער, דער קארסעט? ווער האט מיך אויסגעטאן?

— אפארים דיינער וועט נישט פארלוירען ווערען, קינד, זיי דאך רוהיג, וואס קוקסטו אזוי צעשראקען?

— אבער פארט וואו בין איך?

— אבער פארט וואו בין איך?

— דו ביסט ארעסטירט...

— ארעסטירט! — — —

דאס מיידעל איז געווארען בלאס ווי קאלך. זי האט זיך אוממוטהיג א זעץ געטאן אויפ'ן בעט און האט א ווארט ניט געקענט ארויסרעדען.

מיט גרויסע אויפגעריסענע אויגען האט זי געקוקט א ווילע פאר זיך און אין א מינוט ארום אויסגעבראכען אין א שטילען יאמער.

די אלטע פרוי האט זי געטוליעט צו זיך, האט זי געגלעטשעט, בארוהיגט און צו איהר גערעדט ווייכע רייד, ווי א מוטער.

— אבער פאר וואס, מאמעניו, פאר וואס?

— מסתם א טעות — האט די אלטע זי געגלעט — דא טרעפען, דאנקען גאט זעהר אפט אזעלכע טעותים. זעהסט דאך איך האב דערקענט אז ס'איז א טעות און דיך אריינגענומען צו זיך אין מיין צימער, שרעק זיך נישט, קינד.

— וואס פאר א טעות? ווארום האט מען מיך ארעסטירט?

די אלטע האט איהר דערצעהלט אז א יונגערמאן האט זי געבראכט נעכטען אין א באוואוסטלאזען צושטאנד, אז ער האט אויף איהר א חשד, אז זי איז א גאסען-מיידעל און אז זי האט א סך מענער אפגעשטעלט אין גאס.

ווען דאס מיידעל האט אויסגעהערט וואס די אלטע האט איהר דערצעהלט, האט זי זיך אויפגעכאפט פון בעט, האט אפגעווישט די טרעהרען און מיט א מונטערער, העלערער שטימע א ביטערען לאך געטאן: — אזוי גאר? איז מערי רובינאוו גאר ארעסטירט פאר ארומשלעפען זיך און פאר אפשטעלען מענשען אין מיטען גאס?

זי האט זיך היסטעריש צעלאכט און דערנאך ווילד א כאפ געטאן די פרוי ביי איהרע נאקעטע אקסלען און אנגעהויבען מיט איהר צו שרייסלען: — מאדאם, ביי מיר ליעגט א יונגע שוועסטער אויף טשאכאטקע.. אין הויז, אין צימער ביי אונז איז א סענט נישטא.. איך בין געלאפען פון א הויז.. אלס נאסט, יא, אלס נאסט האט מען מיך איינגעלאדען.. אהיים געהענדיג האב איך פארבלאנדזשעט.. האב איך געפרעגט דעם וועג. נישט אפגעשטעלט, נור געפרעגט ווי אזוי כ'קען אהיים קומען.. נאכדעם איז מיר א ווייסער שקלאפען הענדלער נאכגעלאפען.. מאדאם, וואס רעדט איהר! מיין שוועסטער ליעגט קראנק. מיר. מיר-זיינען ארענטליכע קינדער.. ווי האט איהר געזאגט? פאר וואס — זאגט איהר האט מען מיך ארעסטירט? אה, גאט! מערי רובינאוו וועט מיט איילענע הענד זיך דערווארגען פריהער איידער זי וועט מוזען די נאס פאר איהר רעטער מאכען.. ווער, ווער איז דער לומפ וואס האט מיך ארעסטירט? וואו איז ער וואו?

זי האט געשריען, געוויינט, געטופעט מיט די פיס און די האר פון קאפ געריסען.

די פרוי איז א דערשראקענע געזעסען און נישט געוואוסט ווי אזוי איינצונעהמען זי. אלע מינוט האט זי געפרובירט איהר איבערצושלאגען, אהיינצופאלען איהר אין די רייד, אבער דאס מיידעל (מערי רובינאוו) האט נישט געהערט און נישט געוואלט הערען. זי האט מיט צארן און מיט אימפעט געשפאנט איבער דעם גרויסען, געראמען און גרויען צימער הין און צוריק און האט געזארען פון כעס, און האט אלע מאל גענומען א העכערע אקטאווע און איהרע קולות האבען געשניטען אין אויער.

ווען די אלטע האט אריינגעבראכט א טשייניק קאפע מיט צוויי קרינלאך און ברויט, האט מערי זיך אפילו נישט געוואלט צוריהרען צו דעם.

— זי איז מוחל די טובה — האט זי סארקאסטיש געזאגט און בעת מעשה ווילד און שרעקליג געקוקט אויף דער אלטער, אבער נאך גענוג קרעפטיגער פרוי — מוחל אזעלכע טובות, זי וועט דא במילא נישט זיצען. זאל ער נור קומען, דער לומפ, ער וועט זי באלד באפרייען, זאל זי דערווייל נישט אריינמאכען די פיינע מלוכה, וועלכע זארגט זיך אזוי שטארק פאר דער ריינקייט און דער מאראלישקייט פון איהרע בירגער.

עס האט מעהר פון צוויי שעה געדויערט ביז דער חבר מאן מיט דער דערבי העט האט זיך געיאוועט.

די פרוי האט איהם נאך אין קארידאר דערצעהלט וואס פאר א שלאק דאס ארעסטירטע מיידעל איז, ווי זי האט געקאמאנדרעוועט. דערביי האט זי איהם געזאגט, אז זי הייסט מערי רובינאוו און איהם, איבערדערצעהלט די גאנצע געשיכטע, וואס מערי האט אין היסטערישען צושטאנד אויסגעפלאפלט פאר איהר.

דער חבר מאן האט גלייכגילטיג אויסגעהערט וואס די אלטע דערצעהלט איהם און די גאנצע צייט שעלמיש געשמייכעלט. נאכדעם האט ער מיט זיכערקייט א מאך געטאן:

— פיין, מיסעס ברויסטער, מיר וועלען שוין די פויגלען. מיט מיר וועט זי נישט קאמאנדרעווען.

ער איז ראש צו צו דער טיר, האט זי אן עפען געטאן און קלינגענדיג אויסגעשריען:

— גוד מארנינג, מיס סערי.

מערי איז געזעסען אויפ'ן בעט, דעם קאפ אויף א האנד אנגעשפארט און האט מיט שטארע בליקען געקוקט אויף א פונקט צו דער אנטקעגענדיגער וואנד.

— אט — האט זי א ברום געטאן און גלייך צו צו איהם, אבער ווי נור זי האט איהם דערזעהן, איז זי צוריק אפגעשפרונגען, ווי אן אונטערגעשאסענע.

(פארטזעצונג פאלגט)

Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד
ם אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.

# אמעריקאנער פרויען ביי מאשין און פאבריק

פון ב. י. ג—ן

אונטער דעם דרוק פון מלחמה פראדוקציעס, האט די אמעריקאנער אינדוסטריע א סך פארלערענט מכח ארבייט און ארבייטער.

קיין איינם אבער איז נישט אזוי וויכטיג ווי דאס, וואס אמעריקא האט אין דער איצטיגער צייט זיך דערוואוסט וועגען דער פעהיגקייט פון די פרויען־ארבייטער. דאס וועט דער אמעריקאנער רעגיערונג גרויסע נוצען ברענגען אין דער צוקונפט.

די פארוואלטער און די קאפיטאנען פון דער אמעריקאנער אינדוסטריע און איבערהויפט די וואס פון דער אמוניציע און אנדערע מלחמה ארטיקלען, האבען די ערשטע געמוזט מודה זיין, אז זייערע פריהערדיגע מיינונגען וועגען דער פעהיגקייט פון די פרויען זיינען געווען פאלשע השערות.

פארעסט קריסי האט איצט די וויזען געבראכט נאכגעזוכט אלע קוועלען אין אלע אינדוסטריעלע צווייגען און אפשטעלענדיג זיך בלויז אויף די מבינים און קענער אין אזעלכע ענינים איז ער געקומען צום באשלוס, אז אמעריקא וועט ווערען א סך פראפיטירען איצט און אין דער צוקונפט א דאנק דער פעהיגקייט פון די פרויען אלס ארבייטער ביי אלע מעכאנישע ארבייטען.

און אנפיהרער פון א גרויסען „אמוניציאן פלענט" אין פילאדעלפיא האט דעם דערמאהנטען שרייבער געזאגט: „איך ווייס א פאל וואו א יונגע פרוי איז אויפגעשטעלט געווארען ביי א מאשין, וועלכע איז פריהער געווען אונטער דער השגחה פון א מאן. מען האט לכתחילה געצווייפעלט אויב די פרוי וועט זיך צו דעם מאשין איינטיגען. איצט אבער האט די פרוי באוויזען אז זי איז ניט נאר ניט ווייניגער פעהיג פאר'ן מאן, נאר אין איינינע הינזיכטען האט זי איהם איבערגעיאגט.

„אמת מאכע דאס מיידעל איז מיט זעלטענע פעהיגקייטען. עס בלייבט אבער א פאקט אז צווישען דעם אזוי גערופענעם „שוואכען געשלעכט" געפינען זיך אזעלכע וואס האבען מעהר פעהיגקייט צו ארומגעהן ארום א מאשין איידער א מאן."

וועלכער פאבריקאנט האט עס. ביז איצט מודה געווען?

עס איז נאך וויכטיג צו דערמאהנען, אז די פרויען, ווען זיי קומען אן צו מאשינערי, ברעכען זיי נים איים אזוי פיעל געצייג ווי די מענער אנפאנגער. די געצייג וואס פרויען צעברעכען איז בכך איין דריטעל פון דעם סך הכל ברעך, וואס מענער פארורזאכען. איבערהויפט איז דאס זיכער ביי דעם געצייג וואס ווערט גענוצט צו די קיל מאשינען. דאס איז דערפאר וואס זייערע פינגער זיינען געשיקטער.

דער פארוואלטער פון דער גרעסטער שראפנעל פאבריק אין דער איסט האט געזאגט דעם דערמאהנטען שרייבער אז ער פארשטעהט נים ווי אזוי מען וואלט אין זיינע פאבריקען זיך געקענט באגעהן אהן פרויען ווען אפילו אין מענער ארבייטער וואלט קיין מאנגעל נים געווען.

דאס איז בנוגע אמעריקא.

איירארפא האט נאך מעהר איסגענוצט די פעהיגקייט פון די פרויען אין איצטיגען קריזים.

ענגלאנד אליין האט איצטער דריי מיט א פערטעל מיליאן פרויען ארבייטער. פון זיי זיינען דרייפערטעל מיליאן אזעלכע, וואס האבען פארנומען דאס פלאץ פון מענער, וואס זיינען אוועק אויף די שלאכטפעלדער.

דייטשלאנד האט ביי איהרע פארשיעדענע מסחרים און פאבריקען די ריזיגע צאהל פון פיער מיליאן און 783 טויזענד פרויען. דאס איז מיט בלויז 495 טויזענד ווייניגער איידער די מענער ארבייטער אין דייטשלאנד.

אמעריקא האט ווייניגער פון קריעג געליטען.

די גרעסטע צאהל מענער ארבייטער שטעהען נאך אויף זייערע פלעצער. קיין גרויסע אנשטרענגונגען האט נאך אמעריקא נים געמאכט. עס וועט אבער לאנג נים נעהמען און עס וועט זיך דערפילען נאך א גרעסערער מאנגעל אין „הענט".

אמעריקא וועט שפעטער גלייך ווי אין ענגלאנד און דייטשלאנד מוזען דערפילען דעם מאנגעל און עס מוזען דעמאלט זיך ווענדען צו די פרויען ווי זאלען קומען העלפען דער נאציאן ביי די פראדוקציעס און פאבריקאציעס און וועלכע עס איז אוממעגליך אנצופיהרען ריקאנסטרוקציע.

דעמאלט וועלען מיר זיך ערשט דערוויסען פון דעם פעהיגקייט פון די פרויען אויף די געביעטען וואו פריהער זיינען קיין פרויען נים צוגעלאזט געווארען.

אויב דאס קלינגט אייך, פאר ציפיעל שבח, וועט נישט איבעריג זיין איבערצייגען וואס א פאבריקאנט פון טאק מאשינען אין פרעם מאשינען האט דערציהלט.

ביי איין מאשין איז תמיד געשטאנען א מאן וואס פלעגט פארדיענען זעכציג סענט א שעה. ער האט זיך גערעכענט פאר א גוטען ארבייטער. ווען עס האבען אין יענער פאבריק איינגעפעהלט ארבייטער האט מען אנגאנזירט פאר „הענט" און געווען איין מיידעל א זעהר שטילע און ערנסטע. עס איז דעם פאבריקאנט איינגעפאלען אויעקצישטעלען דאס מיידעל אויף דעם פלאץ פון דעם לאנגאנגעגאנגען מאשיניסט.

דער מאן פלעגט אנצארבייטען זעקס שטיקער א שעה, דאס מיידעל ארבייט איים 51.

דער פאבריקאנט וואס האט דאס דערצעהלט דעם דערמאהנטען שרייבער, האט איינגעפיהרט: „איהר קענט יא, אדער נים גלייבען אין דעם וואס איך דערצעהל אייך. ווארים 51 אקעגען 6 איז האך א ריעזיגער אונטערשייד. קומט איהר אבער צו מיר אין מיין קאנטאר און איהר וועט זיך דאס פון די ביכער און איין מינוט איבערצייגען".

„איהר וועט זיך אייך איבערצייגען — האט דער פאבריקאנט ווייטער געזאגט — אז די אלע פרויען וואס ארבייטען אין דער מעכאנישעסקער אפטיילונג צייכנען זיך איים מעהר איידער די מענער, זיי זיינען רוהיגער און זייער ארט ארבייטען איז פיינער".

וועגען דער צוקונפט פון פרויען אלס מעכאניקערס האט א פאבריקאנט געזאגט, אז זיי זיינען געקומען און געווינען ווי זיינער וואס ווערען אפלאדיקט פון אלעמען; וועלען זיי אויף זייער וועג אלץ ווייטער פראגרעסירען; פון צוריקגעהן איז נישט וואס צו ריידען.

דאס וואס איז קענטיג ביי דער ארבייט פון די פרויען איז די ערנסטקייט וואס ווערט אפגעגעבען ביי יעדער שטיקעל ארבייט. זייער ארומגאנג ארום מאשינען איז נים ווי פון ארבייטער וואס האבען קיינמאל קיין פראקטיק נים געהאט, זיי שטעהען אפ א קורצע צייט אין דער פאבריק און נאכדעם קירעווען זיי די מאשין און באהערשען זי ווי מענשען, וואס האבען געענדיגט א קורס אין ענדזשינערינג (מאשיניסט).

## אויפרוף און דאנק צום „וועג" פון יוראפ. דזשואיש ווימען אסס'ן

ווערטהער ה' ב. י. גאלדשטיין,

„די יוראפיען דזשואיש ווימען וועלפעיר ארגאניזיישאן אף דעטראיט" גיט אן עפענטליכען דאנק צו אייער ווערטהער צייטונג „דער וועג" און א הארצליכען דאנק צו אייך מר. גאלדשטיין פאר אייער וואריטען ערטיקעל, אין וועלכען איהר האט געטריי געשילדערט די ביטערע לאגע פון אונזערע שוועסטער אויף יענער זייט ים, זייערע מורא'דיגע איבערלעבונגען און די וואלהטאטען פון די בעסטיעס אין דער צייט פון די פאגראמען און מאסען שחיטות.

די פרויען קרבנות אויף יענער זייט ים צעהלען זיך אין די טויזענדער און צעהנדליגע טויזענדער, יונגע מיידלאך בלאנקען זיך אין די גאסען מיט פינסטערע בליקען און מיט עהרצער פול מיט וועהטאגען; יתומים און אלמנות, דערשלאגענע און צעבראכענע.

און מיר וואלט באדארפט פרעגען יעדע פרוי: „וואס טוט איהר עפעס פאר די ריזיגע ראאיניטע און פאראובלעקטע?"

מיר, אינזערע פרויען, וועמען דאס גומע מזל האט געשפיערט, אז מיר זאלען נישט איבערלעבען דעם ביטערען בעכער מיט גאר און נים איבערליידען די אלע שוידערליכע ענוים חושים, דארפען און מוזען זיך זארגען פאר יענע שוועסטער אונזערע אין דעם לאנד פון די חורבות.

דיזע באוועגונג איז איינגעפיהרט אין אלע הויפט שטעדט אין אמעריקא צו ארגאניזירען אלע אידישע פרויען אין איין קערפערשאפט. מיר האבען דא אויך אן ארגאניזאציע מיט'ן דערמאהנטען נאמען „יוראפיען־דזשואיש ווימען וועלפעיר ארגאניזיישאן אף דעטראיט". מיר צעהלען זיך שוין איינינע טויזענד מעמבערס, אבער צו אזא הייליגען און נאבלען צוועק דארף יעדע פרוי זיך אנשליסען אין אונזערע רייהען.

מיר אפעלירען צו אלע אידישע פרויען פון דעטראיט אז זיי זאלען זיך אנשליסען אלס מעמבערס, קיין אויסנאהמע, יונגע, אדער אלטע, אדער ארים, בלויז דורך דאלאר א יאהר קען יעדע פרוי ביישטייערען צו אזא הייליגען צוועק און קיינער טאר נישט שטעהן אבזייט פון וויטענס, שיקט אריין אייער נאמען צו אונזער סעקרעטערין.

מרס. ענגעס לעווין, 238 קענילווארט סטריט.

## קעשענעווער געמיינדע שיקט שפייז דורך דעם דניעסטער

פון פאריז טעלעגראפירט מען אז עס איז דארט אנגעקומען א ידיעה אז די אידישע קהלה פון קעשענעוו האט אנגעלאדען ספלאיוען „נעהילף" אויף דעם טייך דניעסטער פיל מיט שפייז און קליידונג און עס אוועקגעשיקט פאר די פאגראם ליידענדע אין די שטעדט און שטעדטלאך וואס ליגען אויפ'ן דניעסטער.

## דייטשע דעמאקראטען אנטיסעמיטען

פון בערלין טיילט מען מיט אז די סאציאליסטען האבען פארגעשלאגען פאר דער שטעלע פון אויסערען מיניסטער דעם איד לאנדסבערג. די דעמאקראטישע פארטיי האט ערקלערט אז די הויפט אורזאכע פארוואס זיי זענען געווען געגען לאנדסבערגען איז דאס ער איז א איד.

## שי האון מארשאל ווערען באעהרט מיט „דאקטאר" טיטעל

פון סינסינעטי טיילט מען מיט אז די באקאנטע אידישע כלל טוער הושיקאב שיף און לואיס מארשאל וועלען פון דעם סינסינעטער היברו יוניאן קאלעדזש באעהרט ווערען מיט דעם טיטעל „דאקטאר אוג היברו לאאס".

## די קאנפערענץ פון „הפועל הצעיר" געעפענט

פון פראג טעלעגראפירט מען אז דעם 27־טען מארטש האט זיך דארט געעפענט די אלוועלטליכע קאנפערענץ פון דען „הפועל הצעיר". עס זיינען פארטראטען 50 דעלעגאטען אוים פאלעסטינא, פוילען, אוקראינא, ווייט רוסלאנד, ליטא, באהעמיא, דייטשלאנד און עסט רייך. די דעבאטען ווערען אם מייסטען געפיהרט אין העברעאיש, און זעהר פיעלע געסט וואוינען ביי אלע זיצונגען. דר. שמריהו לעווין איז ספעציעל געקומען פון לאנדאן צו פארטרעטען דארט דאס ציוניסטישע אקציאנס־קאמיטעט. זעהר חיסע דיסקוסיעס רופען ארוים די פראגען ווי אזוי פאלעסטינא דארף געבויעט ווערען, און די גענען־זייטיגע באציהונגען צווישען די אידען און אראבער.

## דאקס פיין און דזשאדזש פישער אין ווארשא אויף זייער צוריק־רייזע פון אוקראינא

די שליחים פון דער דזשוינט דיסטריבוישאן קאמיטע מאקס פיין און דזשאדזש פישער האבען זיך שוין צוריק געקעהרט פון אוקראינא און געפינען זיך איצט אין ווארשא, וואו זיי ברענגען אין ארדנונג דעם גרויסען פאגראמען־מאטעריאל, וואס זיי האבען געזאמעלט אין אוקראינא. זיי גרייטען צו א גענויען באריכט פאר אמעריקא צו דעם זעלבען ביורא מעלדעט מען, אז אן אנדערער שליח פון דער דזשוינט דיסטריבוישאן קאמיטע", מר. גאלדמאן, געפינט זיך איצט אין ווין, און וועט פון דאהטען אבפאהרען די ערשטע טעג אין אפריל קיין מזרח איירארפא.

## באקאנטער פאגראמשטשיק ציהט אב אויף יענער וועלט

דער באקאנטער צורר־ישראל, גענעראל קאמאנטאוו, וועלכער האט אנגעפיהרט דעניקינס וואלונטירע, און מיט זיינע פאגראמען איסגעקוילעט טויזענדער אידען, איז אצט געשטארבען.

## נייע אידען פארפאלגונגען אין מזרח־גאליציען

פון ווארשא טעלעגראפירט מען, אז דער דארטיגער אידישער נאציאנאל־ראטה, האט ערהאלטען א טעלעגראמע פון דער קהלה אין קראקאוו אז עס האבען זיך אנגעהויבען אין קראקאוו באבולוניען סקאר זשיזשקאוו, לעמבערג און גראדעק נייע פארפאלגונגען און איבערפאלען אויף אידען לויט די אלטע בלוים פון באליידיגען, שלאגען און שניידען בערד. די אידען פון אידזשעבלאב האבען זיך טעלעגראפיש געווענדעט צום קריעגס־מיניסטער פילסודסקי מיט דער ביטע, ער זאל תיכף אננעהמען די נויטיגע מיטלען אבצושטעלען די עקסצעסע, וואס ווערען היפשטעבליך דורכגעפיהרט פון די סאלדאטען.

## פאליאקען זעצען פארט זייערע אידען פארפאלגונגען אין ווארשא

פון ווארשא טעלעגראפירט מען, אז די אידען לעבען דארט ווידער דורך א גרויסע פאניק. עס האבען זיך אנגעהויבען נייע איבערפאלען, אויף דער אלעקסאנדראווא באהן־סטאנציע זיינען פיעלע אידען מערדערליך געשלאגען געווארען. אלתר פיאטניטצא און זיינע צוויי טעכטער זיינען פארוואונדעט געווארען. ביי צבי אבערשטיין האט מען אבגעשניטען אן אויער און צוגענומען צוויי טויזענד מארק. אין דעם זעלבען טאג האט מען אין דער נאכבארשאפט פון דער זעלבער באהן־סטאנציע געכאפט 10 אידען, זיי בארויבעוועט און פינף פון זיי שווער פארוואונדעט. עקסצעסען זיינען אויך פארגעקומען אין לאוויטש, די אידישע דעפוטאטען פון דעם פוילישען פארלאמענט האבען צוגעשטעלט צו דעם הויפט קאמאנדיר פילסודסקי א דעקלאראציע וואס ענטהאלט אלע איינצעלהייטען, ווי אזוי דאס פוילישע מיליטער האט 4 טעג נאכאנאנד געראבעוועט די אידישע באפעלקערונג אין מאזיר.

## אין ווארשא ערלויבט מען נים צו רעדען אידיש אויפ'ן טעלעפאן

פון ווארשא באריכטעט מען, אז ביי דעם אידען צעדערבוים האט די טעלעפאן קאמפאניע ארויסגענומען דעם טעלעפאן, דערפאר וואס ער האט גערעדט אין אידיש.

## ציוניסטישע קאנווענשאן ענדע מאי אין אטלאנטיק סיטי

די נאציאנאלע עקזעקוטיוו פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין אמעריקא, האט אויף איהר פארזאמלונג לעצטען זונטאג באשלאסען איינצובארופען דער דריי און צוואנציגסטער יעהרליכער ציוניסטישער קאנווענשאן אין אטלאנטיק סיטי, אנפאנגענדיג זונטאג דעם 30טען מאי.

## ערפאלגרייכע פערהאנדלונגען וועגען פארבינדונגען מיט אוקראינא

דער אוקראינער פארבאנד האט היינט באקומען א קייבעל פון דר. יאכעלמאן, פרעזידענט פונ'ם פארבאנד פון אוקראינער אידען אין ענגלאנד.

אינ'ם קייבעל לאזט דר. יאכעלמאן ווי סען דעם פארבאנד פון אוקראינער אידען אין אמעריקא, אז ער מיט מר. ס. קאטין דעם שליח פונ'ם פארבאנד צוזאמען מיט סקאנדינאווישען הילפס קאמיטעט אין קאפענהאגען פיהרען איצט אן ערפאלגרייכע פערהאנדלונגען וועגען פארבינדונגען מיט אוקראינע. אין א פריהעריגער טעלעגראמע האט מר. קאטין געלאזט וויסען דעם פארבאנד, אז מען גיט איהם גוטע האפנונגען פון קאפענהאגען, אז ער וועט דורך דארט קענען באקומען די ערלויבעניש אריינצוקומען קיין אוקראינע.

אויך דר. יאכעלמאן רעדט איצט פון ערפאלגרייכע פערהאנדלונגען מיט די אוטאריטעטען, מיינט דאס, אז עס איז כמעט א זיכערע זאך, אז קאטין וועט דורך דארט קענען קומען קיין אוקראינע.

## און אויפרוף צו שטיצען מענדעל ביילים.

אין ניויארק האט זיך געגרינדעט א קאמיטעט וואס האט זיך געשטעלט די אויפגאבע צו שאפען מאטעריעלע שטיצע פאר דעם אידישען מארטירער מענדעל ביילים וועלכער לעבט איצט אין ארץ ישראל אין א שרעקליכער לאגע פון הונגער און דחקות.

דער קאמיטעט באשטעהט פון זיינע קיעווען לאנדסלייט. דער פארזיצענדער מר. הערי גודאף האט דער ערשטער אריבערגעשיקט טעלעגראפיש צו ביילים'ן א באדייטענדע סומע אלס זיין פריוואטע שטיצע.





לעאנארד וואוד בעטענדיג אייער שטיצע מאכט א פרייען סטייטמענט וועגען זיין שטאנדפונקט אויף די לעבענדיגסטע טאג פראגען.

לעזט איבער די פיער און צוואנציג פונקטען אין זיין אלל־אמעריקאנער פלאטפארם און זעהט אויב איהר שטימט מיט איהם איין וועגען דער גרויסער מאיאריטעט פון זיי.

## וואוד'ס פלאטפארם

1. נאציאנאלע עקאנאמיע אין וואשינגטאן. א בודזשעט סיסטעם.

2. די פעדעראלע רעגיערונג זאל פעסט שטעהן פאר די פארברייטערונג פון געזעצליכען ארדנונג, אזוי ווי אין לאנד, און א'ן אויסלאנד.

3. פעדעראלע פארוועהרונג פון נים אנגעטליכע געשעפטען.

4. מעהר פריינדשאפט און א „סקוער דיעל" צווישען קאפיטאל און ארבייט; קאפיטאל זאל נים באצאהלען די ארבייטער זאלען טאן גוט זייער ארבייט; יעדער זאל זיין ערנטליך צום צווייטען.

5. דער עקסעס פראפיט טעקס, וועלכער שטערט ביזנעס זאל אבגעשאפט ווערען.

6. מעהר פראדוקטיוויטעט, ווייניגער אויסגאבען; א קלענערע קאסט פון לעבענס מיטלען.

7. א לענגערע צאהל יאהרען אויף צו באצאהלען די מלחמה חובות.

8. אמעריקא זאל האבען א גרעסערען חלק אין וועלט האנדעל. א מעכטיגען ענגרעלם פלאט.

9. אלע אימיגראנטען זאלען פארזיכטיג עקזאמענירט ווערען אין עלים איילאנד, ווי אויך אויף דער צווייטער זייט ים.

10. דעפארטירונג פון אלע אנארכיסטישע רויטע.

11. בעסערע הויז קאנדיציאנען, בעסער צו מאכען דעם פאמיליען לעבען.

12. אבשאפונג פון קינדער ארבייט.

13. פאליטישע גלייכהייט פאר פרויען אזוי גוט ווי פאר מענער.

14. א קורצער טערמין פון אלגעמיינע איבונג פאר יוגנט, פאר נאציאנאלע דיענסט נים צו מאכען אמעריקא א לאנד פון סאלדאטען, נאר א לאנד פון בעסערע בירגער.

15. א העכערער סטענדארד פון פיזישע מאראליטעט אין מענער, פאר גליקליכערע אמעריקאנער היימען און געזונדערע קינדער.

16. בעסערע געהאלט פאר סקול טיטשערס.

17. א נאציאנאלער דעפארטמענט פאר געזונדהייט אין דער שפיץ פון וועלכען זאל שטעהן א מעדיצינישער עקספערט, וועלכער זאל זיין א מיטגליעד פון קאבינעט.

18. א נאציאנאלער דעפארטמענט פון אגריקולטור, וועלכער זאל פארוואלטעט ווערען פאר די פארמערס ביי מענשען, וועלכע וויסען אין דער אמת'ען פארמ'ינג פון פארזייען ביז'ן שניידען.

19. ווייניגער גערונגענע פארמס, און מעהר איינענע פארמס.

20. שי זפאר אלע אמעריקאנער וואו זיי זאלען נים זיין פון דער אמעריקאנער רעגיערונג.

21. א דיפלאמאטישע דיענסט וועלכער זאל זיין געאכטעט אין לאנד אזוי גוט ווי אין אויסלאנד.

22. געזעץ און ארדנונג איבער אלעס; אינדיווידועלע רעכט זאל זיין געזיכערט; קיין קלאס געזעצגעבונג.

23. א ליגע פון נאציאנען אפמאך מיט רעזערוואציאנע, וועלכע וועלען געבען אמעריקא דאס רעכט צו אויסאיבען איהר ווירקונג אין יעדען קריזים וועלכער קען זיך מאכען.

24. ליעבע צו אלע וועלכע זוכען שוץ אונטער אונזער פאהן.

א שטימע פאר לעאנארד וואוד איז א שטימע פאר א קאנדידאט, וועלכער פארשיידט נים קיין איינטאבע. דאס איז א שטימע פאר א מאן, וועמענס פריינד וועלען איהם אונטערשטיצען אויף דער נאציאנאלער קאנווענשאן אזוי לאנג ווי ער בלייבט א קאנדידאט. ג'ט נים אוועק אייער באלאט צו א קאנדידאט וועמענס שטיצע וועט איבערגעגעבען ווערען צו אן אנדער קאנדידאט, וועלכען איהר קענט נים — א קאנדידאט וועמענס נאמען עס איז נישט אויפ'ן באלאט אין מישיגאן און וועגען וועלכען איהר געט פאלגליך נ'ט קענען אויסדריקען אייער מיינונג. איז פון רעפובליקאנער ליידערס אנערקענט אלס דער שטארקסטער אפאנענט, וועלכען לעאנארד וואוד וועט האבען אין שיקאגא.

ד'עזער אדווערטייזמענט איז באצאהלט פון דער לעאנארד וואוד ליגע פון מישיגאן. פ. מ. אלגער פרעז., וו. ס. פייפער וו. פרעז., ס. א. וויינער, סעק, און טרעאזי

# אין א ווינקעל פון דעטראָיט

ראָמאַן פון ב. איסאַיעוויטש

(ערשטע קאַפּיטעל)

## דער יעגער און זיין קרבן

עס איז געווען א טונקעלער, קיהלער אויף־דער־נאַכט.

מענשען האָבען נישט שפּאַצירט, נור אײלענדיג זייער וועג געגאַנגען.

מען האָט אין דעם אבענד מיט דער נאַטור געקעמפּפט. מען איז מיט די הויּלע פינדזשאַקלעך געגאַנגען און אײניגע זײנען דאָ, אָדער האַרטען מיט זײערע שטרוי־העטס פאַרבײגעלאָפען.

בײם ראָג גאַס זײנען געשטאַנען צוויי געזונדע יונגען. נעבען זייערע אויטאָמאָבילס, און האָבען זיך געשפּאַרט: „דזשאָרדזש האָט קיין רעכט ניט געהאַט צו ריהרען זיך פון אָרט!“ — האָט אײנער מיט אן אײפעריג קול געשריען — „עס איז געווען מיין נעקסט, מיין נעקסט. איך וועל איהם מיט'ן שרויף דעם קאָפּ צושפּאַלטען, אויב ער וועט וואָגען אהער צו צוקומען מיט זיין אויטאָמאָביל, אזא שוויין!...

דער אנדערער איז געשטאַנען רוהיג, מעשה ריכטער, און האָט איהם באַרוהיגט מיט א טאָן, אין וועלכען עס איז געווען זיכערקייט און שטאַרקייט: — „ביזט א אידיאָט. קאָכסט זיך. וואָס?“

דער ערשטער האָט זיך באַליידיגט און גענומען נאָכמעהר זיך וואַרפען, שרייען און סטראַשען מיט די קולאַקעס.

זיי האָבען צעשטערט — די שטילקייט אין גאַס.

די מענשען זײנען אינמיטען איבער־אויף זייער זייט, אום צו כאַפּען א וואָרט פון דעם געטומעל.

— זאָל זיין שטיל, אידיאָט — האָט ווידער דער אַנדערער געזאָגט — מענשען וועלען דאָך מיינען אז מיר הרג'ע־נען זיך דאָ.

דאָס האָט געווירקט. דער ערשטער איז שטילער געוואָרען, אָבער נאָך אַלץ גע־זאָרען.

פון ראָג גאַס איז ארויס א מיידעל, נאַכלעסיג אָנגעטאָן און אײלענדיג זיך געלאָזט צו די צוויי חברה לייט.

זי האָט זיי עפּעס א פרעג געטאָן.

דער אויפגערעגטער בחור האָט מיט רוגזה א געשריי געטאָן: „נאַ עהער!“. דאָס מיידעל האָט זיך אפילו נישט אומגע־קוקט און זיך געלאָזט ווייטער לויפען.

אזוי גיך ווי זי איז אוועק פון דעם כעס'ענדיגען בחור, איז א יונגער עלע־גאַנטער חברה מאַן, מיט א דערבי־העט, אביסעלע אויפ'ן זייט, צוגעקומען און זעהר העפליך א פרעג געטאָן:

— וואָס האָט דאָס מיידעל פאַרלאַנגט פון דיר, וואָס דו ביזט אזוי אין כעס געוואָרען?

דער בחור האָט דעם יונגענמאַנטשיק אָפּגעמעסטען מיט איין בליק פון קאָפּ ביז די פיס און א זאָג געטאָן:

— דו זעהסט דאָס מיידעל? אן נעהם זי דאָרטען.

— יאָ, איך זעה — האָט ער געענט־פערט.

— טאַ נעהם־זשע וויש אָפּ די מאַס־לינקע פון די ליפּען, גיב אין־דערדריגך א לויף צו און פרעג זי, וועט זי דיר זאָגען.

דאָס אָפּזאָגענדיג, האָט ער מיט פער־דרוס א שפּיי געטאָן און א הויב געגעבען־דיג דעם קאָפּ צום חבר, האָט ער צוויי־שען די ציינער אויסגעבראָמט:

— נו, א געכט'ל...

דער יונגערמאַנטשיק האָט דערווייל באַמערקט אז דאָס מיידעל האָט אָפּגע־שטעלט אן אנדער יונגענמאַן, האָט ער איבערגעלאָזט דעם אונהעפליכען אויטאָ־מאָביל־טרייבער און אוועק צו אָניאָגען דעם יונגענמאַן.

— וואָס האָט דאָס מיידעל פאַרלאַנגט פון אייך? — האָט ער דעם יונגענמאַן געפרעגט.

דער יונגערמאַן האָט באַטראַכט דעם ספּאָרט מיט דער דערבי־העט און שמייכ־לענדיג געענטפערט:

— אַט איז זי דאָך נעבען... גיי צו און פרעג זי, ס'מאַכט נישט. אזא בחור'ל ווי דו דאַרף שוין מעהר מוטיג זיין.

— אָבער וואָס פאַרט האָט זי אייך געזאָגט? — איז דער בחור'ל צוגעטראָ־טען דרייסטער.

— הער, דו, בחור'ל, — איז דער יונ־גערמאַן ברוגז געוואָרען — איך בין נישט קיין שדכן און ניט דיין טאַטענס משרת. ביי גאָן...

דער בחור'ל האָט מיט פיער פינגער א קלאַפּ געטאָן איבער זיין דערבי העט, האָט א פרעהליכען פייף געטאָן און זיך געלאָזט ווייטער געהן.

ער האָט געמאַכט גרעסערע שפּאַן און אין א קורצער ווײלע אַרום האָט ער דער־יאָגט דאָס מיידעל.

ער איז אריבער אויף דער אנדערער זייט גאַס, אום זי זאָל נישט מערקען ווי ער געהט איהר נאָך, איז גלייך מיט איהר־דערנעבען געגאַנגען און אויג פון איהר נישט אראָפּגעלאָזט.

בײַם ראָג גאַס האָט ער זיך א דרעה געטאָן און איז אויף איהר זייט. ארי־בער.

זי איז ביים לאַמטערן שטעקן גע־בליבען.

דער יונגערמאַנטשיק איז מיט געצעהל־טע טריט, ווי איינער וואָס איז פאַרטאָן אין אנדערע וועלטען שפּאַן ביי שפּאַן גע־גאַנגען און ווען ער איז לעבען מיידעלס זייט געקומען, האָט ער צו איהר גאַנץ נאָהענט צוגעשפּאַנט, האָט דורשטיג מיט די אויגען זי דורכגענומען.

אנקעגען דער שיין פון דעם גרויסען עלעקטרישען לאַמטערן האָט ער איהר צור־שראָקען פּנים געזעהן.

דאָס איז געווען א יונגע בלאָנדע מיי־דעל מיט שעהנע ווייסע באַקען, אויף וועלכע עס איז געשטאַנען א קאַלטע ראָ־זעווע פאַרב. צוויי גרויסע אויגען, אָנגע־פילט מיט שרעק און איבעראַשונג. די ליפּען שטייף און בייז פאַרשלאָסען. איה־רע האָר, ווי איהר קליידונג — נאַכלע־סיג. קענטיג, זי האָט איהר טואַלעט אָהן חשק געמאַכט. אט ווי זי וואָלט ביי זיך זיכער געווען, אז נישט די קליידער וועט־ען זי באַשעהנען.

דאָס מיידעל איז געשטאַנען א רגע, זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען און דאַן האָט זי איהר ברוינע שטרוי־העטעלע טיע־פער אויפ'ן קאָפּ מיט ביידע הענט אראָפּ־גערוקט און האָט זיך געלאָזט אין דער זייטען־גאַס.

— נאָך גאָר א יונגס! — האָט דער בחור'ל מיט דער דערבי העט מיט צו־פרידענהייט א זאָג געטאָן — עס מעג זיך זיין וואָס עס וויל. זי וועט זיך שוין פון מיינע הענט נישט ארויסדרעהען.

ער איז ווידער ארויף אויף דער צווייטער זייט און איז מיט איהר פּוסטריט געגאַנגען, נישט אָפּלאָזענדיג זי פון אויג.

ווען זיי זיינען אריין אין א לעבעדי־געדיגער גאַס, האָט דאָס מיידעל ווידער אָפּגעשטעלט איינציגע. דאָס מאָל שוין אביסעלע אן עלטערען מענשען, וועלכער האָט שפּאַציערט אָנשפּאַרענדיג זיך אויף א שטעקען מיט א גלאַנצינגער סקיפּקע.

דער אַלטער האָט איהר עפּעס געזאָגט, זיך געלאָזט זיין וועגס.

דער בחור'ל איז באַלד אריבער צו ווי פאַרענטפערענדיג זיך פאַר איהר און איהם, א שטעל זיך געטאָן קעגען פּנים און זעהר העפליך געפרעגט:

— וועט איהר נישט אזוי פריינדליך זיין מיר זאָגען, וואָס דאָס מיידעל האָט פאַרלאַנגט פון אייך.

דער אַלטער האָט א הויב געטאָן אויף איהם די ברעמען, איהם באַטראַכט א מינוט און דערוועהענדיג דאָס ציניש שמייכעלע, וואָס האָט געטאַנצט אויף זיי־נע גלאַטע באַקען און די צוויי ברענענ־דיגע שעלמישע אויגען, האָט ער א כאַפּ געגעבען דעם שטעקען:

— געהסט נישט אוועק, דו שאַלטיק!

— עך, דו טייפעל — איז דער בחור אין כעס געוואָרען נאָכדעם ווי ער האָט זיך אויסגעדרעהט פון אַלטען. אזא מעשה גאָר. ער וועט זי דריאַגען — באַשליסט ער — און אַראָפּ פון מאַרק, וואָס, אין אמת'ן צערעמאָניעט ער זיך. וואָס? ער איז דאָך שוין עפּעס נישט קיין אינגעלע. וואָס איז ער, עס, א סקוהעלבאָי? גוט... ער וועט א סוף מאַ־כען צו דעם נאָכלויפעניש!

ער איז איהר נאָכגעגאַנגען ביז זי איז צוגעקומען צו א זייטען גאַס אזוי גיך ווי זי האָט זיך אין דער גאַס ארייג־געדרעהט, האָט ער קיין ספק שהיות ניט געמאַכט, איז גלייך צו צו איהר און זי ביים האַנד א נעהם געטאָן.

דאָס מיידעל איז א פאַרצאַפּעלטע גע־וואָרען.

זי האָט זיך א קעהר געגעבען, מיט איהרע צושראָקענע בליקען ארייגע־קוקט דעם בחור'ל אין פּנים אריין און מיט ציטערניש ארויסגעשריען:

— וואָס ווילט איהר פון מיר?

— א קלייניגקייט — האָט ער נישט געריהרט מיט הנאה און מיט א כיטרען וואונק מיט די אויגען, געענטפערט.

דאָס מיידעל האָט זיך א ריס געטאָן און זיך געלאָזט לויפען מיט כל אמצי כח.

אינמיטען לויפען האָט זיך ביי איהר די העטקע פון קאָפּ געריסען, אָבער זי האָט פאַר קיין זאַך זיך נישט געקימערט און איז געלאָפען, געלאָפען. דער בחור — נאָך איהר.

ער האָט דערזעהן ווי איהר העטקע איז אראָפּגעפאַלען, איז ער באַלד אוועק, א כאַפּ געטאָן די העטקע און ווידער איהר נאָכגעלאָפען.

ביים ארייננאָנג פון א דריי שטאָקיג הויז אויף דער צווייטער גאַס איז דאָס מיידעל צו דער ערד אנידערגעפאַלען...

(צווייטעס קאַפּיטעל)

## דער קרבן אין א שטיג

ווען דאָס מיידעל האָט זיך אויפגע־כאַפּט איז נאָך פינסטערליך געווען.

די זון האָט זיך אויף דעם הימעל גע־ריסען פון איהר ביינאַכטיגער רוה און טונקעלע ליכטיגע פּאַסען האָבען איבער דער פאַרלאָגע זיך אויסגעלעגט.

לכתחילה האָט זי גאָרנישט געוואוסט וואָס מיט איהר איז געשעהן, וואָס מיט איהר איז אצינד און וואו זי געפינט זיך.

אין דעם צימער וואו זי איז געלעגען איז נאָך איין בעט געשטאַנען.

ביידע בעטען — פּראָסטע, אייזערנע, מיט האַרטע מאַטראַצען און מיט אומ־ריינע באַציהעכץ.

אויף וויפיעל איהר איז מעגליך געווען צו זעהן איז אין דעם צימער, אויסער די צוויי בעטען, א טישעל און צוויי האַרטע בענקלאַך, נישט געשטאַנען קיין שום מעבעל.

זי האָט זיך אויפגעזעצט, האָט גענו־מען פאַמעליכען נאָכרעכענען, וואָס מיט איהר איז געשען אויף דער נאַכט פאַר־געקומען, וואוהין זי איז געגאַנגען און ווי אזוי זי איז פון א יונגען בחור מיט א קלוגען, פּיטערן פּנים פאַרהאַלטען געוואָ־רען, זיך נאָכדעם אויסגעריסען פון איהם געיאָגט זיך איבער די גאַסען און דאַן — — — דאַן — —

זי געדענקט נישט אקוראַט..

זי שטרענגט זיך אן נאָכצוגעהן די פּאַ־סירונגען פון'ם נעכטיגען טאָג.

דאָס איז געווען נעכטען!

אין דעם איז זי דאָכט זיך, זיכער, נעכטען.

א יונגערמאַן, מיט קלוגע, הורכענטע־רי בענג, און פרעכע בליקען האָט זיך אָפּגע־שטעלט פּונקט דאָרטען וואו זי האָט זיך פון דער הויכינער גאַס ארויסגעדרעהט.

יאָ, דאָס איז דוכט זיך, אויך זיכער. זאָל מען איהר ווייזען אָט דעם חברה מאַן, וועט זי איהם דערקענען.

אודאי, וועט זי איהם דערקענען...

וואָס האָט ער געוואָלט פון איהר?

דאָס קען זי אצינד נישט פאַרשטעהן אקוראַט. אָבער מען האָט באַדאַרפט אנטלויפען פון איהם. דאָס איז געווים! דאָס איז זיכער!

אלא נישט, וואָס זשע דען איז זי גע־לאָפען?

זי איז געלאָפען. דאָס איז אייך גע־ווים. אז זי געדענקט דאָך אפילו איהר העט איז פון קאָפּ אראָפּגעפלויגען.

וואָס זשע איז נאָכדעם געווען?

דאָס איז שווער צו דערמאָהנען זיך.

וואו זשע איז זי אצינד?

זי שטרענגט זיך אָן ארומצוגעהמען מיט די בליקען דאָס חדר, זי באַטראַכט דאָס בעט, דאָס ניט ציכטיגע ליילאַך און די דעק. זי טאַפּט אָן דעם האַרטען מאַט־ראַץ... פון האַרט נעבען דער סטעליע רייסט זיך א מאָגערע שיין... א קליין פּיערקיג פענסטערעל בליסטשעט אראָפּ פון דאָרטען און באַלייכט די אקענגע דינגע וואַנד, באַקלעפּט, אָדער געפאַרבט מיט א גרויען קאַלך, און אפשר איז דאָס אמאָל געווען ווייסער קאַלך.. און דאָר־טען פּונקט אנטקעגען איהר שלאָפט נאָך אימיצער.

א גרויל באַפאַלט זי ארום. זי הערט א שטילען באַרכלען פון א רוהיג שלאָפענ־דיגען.

זי קוקט אריבער מיט ברייט פאַנאַנ־דערגעריסענע וויעס..

ס'איז א פרוי!

עס איז איהר היימליכער געוואָרען.

אין אינסטיטוט ווערען די קינדער גע־ יאָ, א פרוי, און אן עלטערע פרוי, שוין, אפשר, גאָר אן אַלטע.

א פאַליע גרויע האָהר וואַלגערט זיך אויף דעם קישען און קאָנקורירט מיט די ביסעל שוואַרצע...

וואָס זשע איז עס דאָ?

ווי איז זי אהער געקומען?

און וואָס זאָל זי איצט טאָן?

שרייען, אויפוועקען די אַלטע פרוי און מאַכען א ליאַרם?

זי גיט זיך א ריהר פון בעט און דער־פיהלט ערשט אז זי איז אן אויסגעטוע־נע.

א שרעק איז זי באַפאַלען.

זי קוקט ארום זיך און זעהט נישט אין ערגעץ איהרע קליידער. אויף א וואַנד מערקט זי הענגט איהר שטרויענע העט־קע, ביים זייט פון בעט שטעהען איהרע שיך. איהר רעקעל און אויבערשטע קלייד זעהט זי נישט אין ערגעץ.

זי געהט צו אויף די שפּיץ פינגער צו דער שלאָפענדיגער פרוי.

זי שטעהט א מינוט און קוקט אויף דער פרוי.

נאָך גאָרנישט קיין פאַרעלטערט פּנים. פולע גור בלאַסע באַקען, דינע ליפּען און פולע שעהנער אָרמס.

— מאַדאַם — זאָגט זי שטיל — מאַ־דאַם.

זי ריהרט זי אָן זעהר לייכט.

די פרוי האָט זיך א קירווע געטאָן און ווייטער געשלאָפען.

— מאַדאַם — האָט זי שטייפער אָנ־געגומען דעם נאַקעטען אָרם פון דער פרוי — מאַדאַם!

די פרוי האָט מיט איין מאָל זיך א הויב געטאָן און געבליבען זיצען.

צוויי גרויסע גרויע אויגען האָבען פריי־הער מיט פאַרוואונדערונג געקוקט אויף דעם מיידעל און נאָכדעם האָט זיך איהר אויסדרוק געביטען. זי איז הערצליך גע־וואָרען און א וואַרימער שמייכעל איז פון די אויגען אראָפּגעשוואוימען.

— וואו בין איך, מאַמעניו? — האָט דאָס מיידעל מיט ציטערניש געפרעגט.

— שרעק זיך ניט קינד — האָט די פרוי מיט אביסעל א הייזעריג קול גע־זאָגט — שרעק זיך נישט, ביסט חלילה נישט ביי קיין גזלנים, האָב ניט מורא.

— וואָס איז דאָ, מאַמעניו, וואָס איז דאָס, ווער זענט איהר?

— וואָרט, וואָרט, אָט וועלען מיר זיך אָנטאָן, וועל איך הייסען עפּעס אריינ־ברענגען צום אָנבייסען, וועלען מיר באַלאַקען, איך האָב קיין כח נישט צו דיר, קינד.

דאָס מיידעל איז אביסעל רוהיגער גע־וואָרען.

— וואו זיינען מיינע קליידער, דער קאָרסעט? ווער האָט מיך אויסגעטאָן?

— אפאַרים דיינער וועט נישט פאַר־לוירען ווערען, קינד, זיי דאָך רוהיג, וואָס קוקסטו אזוי צעשראָקען?

— אָבער פאַרט וואו בין איך?

— אָבער פאַרט וואו בין איך?

— דו ביסט ארעסטירט...

— ארעסטירט! — — —

דאָס מיידעל איז געוואָרען בלאַס ווי קאַלך. זי האָט זיך אויטאָמאַטיש א ווארף גע־טאָן אויפ'ן בעט און האָט א וואָרט ניט געקענט ארויסרעדען.

מיט גרויסע אויפגעריסענע אויגען האָט זי געקוקט א ווײלע פאַר זיך און אין א מינוט ארום אויסגעבראָכען אין א שטילען יאָמער.

די אַלטע פרוי האָט זי געטוליעט צו זיך, האָט זי געגלעטשעט, באַרוהיגט און צו איהר גערעדט ווייכע ווערטער, ווי א מו־טער.

— אָבער פאַר וואָס, מאַמעניו, פאַר וואָס?

— מסתם א טעות — האָט די אַלטע זי געגלעט — דאָ טרעפען, דאַנקען גאָט זעהר אָפט אזעלכע טעותים. זעהסט דאָך איך האָב דערקענט אז ס'איז א טעות און דיך אריינגענומען צו זיך אין מיין צימער, שרעק זיך נישט, קינד.

— וואָס פאַר א טעות? ווארום האָט מען מיך ארעסטירט?

די אַלטע האָט איהר דערצעהלט אז א יונגערמאַן האָט זי געבראַכט נעכטען אין א באַוואוסטלאָזען צושטאַנד, אז ער האָט אויף איהר א חשד, אז זי איז א גאַסען־מיידעל און אז זי האָט א סך מע־נער אָפּגעשטעלט אין גאַס.

ווען דאָס מיידעל האָט אויסגעהערט וואָס די אַלטע האָט איהר דערצעהלט, האָט זי זיך אויפגעכאַפּט פון בעט, האָט אָפּגעווישט די טרעהרען און מיט א מונ־טערע, העלערער שטימע א ביטערען לאַך געטאָן: — אזוי גאָר? איז מערי רובינאָוו גאָר ארעסטירט פאַר ארומ־שלעפען זיך און פאַר אָפּשטעלען מענ־שען אין מיטען גאַס?

זי האָט זיך היסטעריש צעלאַכט און דערנאָך ווילד א כאַפּ געטאָן די פרוי ביי איהרע נאַקעטע אַקסלען און אָנגע־הויבען מיט איהר צו שרייסלען: — מאַ־דאַם, ביי מיר ליגט א יונגע שוועסטער אויף טשאַכאָטקע.. אין הויז, אין צימער ביי אונז איז א סענט נישטאָ.. איך בין געלאָפען פון א הויז.. אלס גאַסט, יאָ, אלס גאַסט האָט מען מיך איינגעלאַדען.. אהיים געהענדיג האָב איך פאַרבלאָנ־דזשעט.. האָב איך געפרעגט דעם וועג. נישט אָפּגעשטעלט, נור געפרעגט ווי אזוי כ'קען אהיים קומען.. נאָכדעם איז מיר א ווייסער שקלאַפען הענדלער נאָכגעלאָ־פען.. מאַדאַם, וואָס רעדט איהר! מיין שוועסטער ליגט קראַנק. מיר, מיר זיי־נען אָרעמע ליבע קינדער.. ווי האָט איהר געזאָגט? פאַר וואָס — זאָגט איהר האָט מען מיך ארעסטירט? אה, גאָט! מערי רובינאָוו וועט מיט אייגענע הענד זיך דערוואָרגען פריהער איידער זי וועט מור זען די גאַס פאַר איהר רעכטער מאַכען.. ווער, ווער איז דער לומפּ וואָס האָט מיך ארעסטירט? וואו איז ער וואו?

זי האָט געשריען, געוויינט, געטופּעט מיט די פיס און די האָר פון קאָפּ גערי־סען.

די פרוי איז א דערשראָקענע געזעסען און נישט געוואוסט ווי אזוי איינצונעה־מען זי. אלע מינוט האָט זי געפּרובירט איהר איבערצושלאָגען, אריינצופאַלען איהר אין די רייד, אָבער דאָס מיידעל (מערי רובינאָוו) האָט נישט געהערט און נישט געוואָלט הערען, זי האָט מיט צאָרן און מיט אימפּעט געשפּאַנט איבער דעם גרויסען, געראַומען און גרויען צימער הין און צוריק און האָט געזאָדען פון כעס און האָט אלע מאָל גענומען א העכערע אקטאַווע און איהרע קולות האָבען גע־שניטען אין אויער.

ווען די אַלטע האָט ארייגעבראַכט א טשיינעק קאַפע מיט צוויי קרינגלאַך און ברויט, האָט מערי זיך אפילו נישט גע־וואָלט צוריהרען צו דעם.

— זי איז מוחל די טובה — האָט זי סאַרקאַסטיש געזאָגט און בעת מעשה ווילד און שרעקליג געקוקט אויף דער אַלטער, אָבער נאָך גענוג קרעפטיגער פרוי — מוחל אזעלכע טובות, זי וועט דאָ במילא נישט זיצען. זאָל ער נור קו־מען, דער לומפּ, ער וועט זי באַלד באַ־פרייען, זאָל זי דערווייל נישט ארימער מאַכען די פיינע מלוכה, וועלכע זאָרגט זיך אזוי שטאַרק פאַר דער ריינקייט און דער מאָראַלישקייט פון איהרע בירגער.

עס האָט מעהר פון צוויי שעה געדוי־ערט ביז דער חבר מאַן מיט דער דערבי [העט] האָט זיך געוויזען.

די פרוי האָט איהם נאָך אין קאָרידאָר דערצעהלט וואָס פאַר א שלאַק דאָס ארעסטירטע מיידעל איז, ווי זי האָט גע־קאָמאַנדעוועט. דערביי האָט זי איהם גע־זאָגט, אז זי הייסט מערי רובינאָוו און איהם איבערדערצעהלט די גאַנצע גע־שיכטע, וואָס מערי האָט אין היסטערי־שען צושטאַנד אויסגעפּלאַפּלט פאַר איהר.

דער חבר מאַן האָט גלייכגילטיג אויס־געהערט וואָס די אַלטע דערצעהלט איהם און די גאַנצע צייט שעלמיש געשמייכעלט. נאָכדעם האָט ער מיט זיכערקייט א מאַך געטאָן:

— פיין, מיסעס ברויסטער, מיר ווייסען שוין די פויגלען. מיט מיר וועט זי נישט קאָמאַנדעווען.

ער איז ראַש צו צו דער טיר, האָט זי אן עפען געטאָן און קרענקענדיג אויס־געשריען:

— גוט מאָרגען, מיס סערי.

מערי איז געזעסען אויפ'ן בעט, דעם קאָפּ אויף א האַנט אָנגעשפּאַרט און האָט מיט שטאַרקע בליקען געקוקט אויף א פּונקט צו דער אנטקעגענגעריגער וואַנד.

— אָט — האָט זי א ברום געטאָן און גלייך צו צו איהם, אָבער ווי נור זי האָט איהם דערזעהן, איז זי צוריק אָפּגע־שפּרונגען, ווי אן אונמערגעשאָסענע.

## היינטיגע פאַרזוכונג

(פאָרטזעצונג)

— דו נאַר! — האָט זי נישט ווי מיט איהר קול ארויסגעשריען — דו? דו ביזט דער מאָראַליסט?

דער יונגערמאַן איז אביסעל צע־מישט געוואָרען פון איהרע קולות און האָט אין דער שטיל א פרעג געטאָן:

— וואָס זשע איך געפעהל אייך ניט פאַר קיין מאָראַליסט? קענט איהר מיך דען?

— איך קען דיך צו גוט, דו שופט.

— מיך? — איז דער בחור'ל געוואָ־רען פערציטערט.

— יאָ, דיך, ביסטו דאָך מיר נעכטען ביי נאַכט נאָכגעלאָפען. בין איך דאָך פון דיר אנטלאָפען דערפאַר, ווייל דו האָסט געהאַט אן עזה מיר א שענדליכען פאָר־שלאָג צו מאַכען. איבער ד'ר בין איך דאָך אהער אָנגעקומען, איך בין דאָך איבער דיר אין אונמאַכט געפאַלען.

ווי מען וואָלט פון איהם א גרויסע פּודער שווערע משא אראָנטערגענומען האָט דער יונגערמאַנטשיק מיט קער דער־בי העטקע אויפ'ן זייט אָפּגעאָטעמט.

— מאַדאַם פרי'לין — האָט ער מיט שפּאַט געזאָגט — איהר האָט א גרויסען טעות. ניט איבער מיר זיינט איהר אהער געקומען נור איך אליין האָב אייך אהער געבראַכט. און אז איך האָב אייך שענר ליבע פאָרשלעגע געמאַכט. דאָס איז איי־ער א ליגען, אונז זיינען אייערע ליגענס גוט באַקאַנט. איך האָב גוט געזעהן ווי איהר האָט פּאַרשיעדענע מענער אָפּגע־שטעלט אין גאַס. איך קען שוין אייערע חברה.

מערי איז געוואָרען אונטערגעצונדען ב'ז וואַהנזין. דער יונגערמאַנטשיק האָט געערדט פאַמעליכען און האָט כיטרע און סאַרקאַסטיש געשמייכעלט. ער האָט אי־ראָניזירט אין איהר געגעבען צו פאַר־שטעהן אז עס וועט איהר גיט העלפען קיין ליגענס און קיינע בלבולים. וועניגער ווי אַלץ — האָס קאָבען זיך.

— אומזיסט, אומזיסט מאַדאַם פרוי־לין — האָט ער זי נישט אויפגעהערט צו טרעפען — אומזיסט פ'יערט איהר. מען האָט אייך געפּאַקט, טאָ האַלט זיך רוהיג.

די מיסעס ברויסטער, די אויפזעהערין וועלכע האָט פון דער לכתחלה אן גע־האַלטען מערי'ן פאַר אן אָנשטענדיגע מיידעל, האָט אפילו אָנגעהויבען צוויי־פלען, הערענדיג דעם חבר־מאַן'ס רייד־ען מיט מערי'ן, פונדעסטוועגען האָט זי ווי וויט מעגליך זי באַרוהיגט.

— אָט וואַרט נאָך א פאַר שעה, עס וועט קומען צום געריכט, וועט אלעס קלאָהר ווערען. צו וואָס דאָס כעס'ן זיך.

אָבער מערי'ן איז נישט מעגליך געווען אזוי לייכט צו באַרוהיגען זיך. האָט זי זיך געווענדעט צום בחור'ל: „מר. דיי־ווידאָוו, לאָזט דאָך אָפּ, הערט דאָך אויף!

ווען די מרס. ברויסטער האָט דעם בחור'ל אָנגערופען ביים נאָמען, איז די מיס רובינאָוו צעטומעלט געוואָרען.

— דייווידאָוו, דייווידאָוו — האָט זי געשטאַמעלט — ווער ווייס, אפשר איז ער א איד?

זי האָט עס איהם געפרעגט.

— נאָך וואָס פאַר א יאַהודי! — האָט ער געענטפערט מ'ט שפּאָט — אלע טאָג דאַווען איך, ביי אייך האָב איך גע־פונען אין א ברעלאָק איינגעפּאַסט א פּי־צינקע אידיש סידורל. זעהט אויס די ביי־בעל צו זיין. איך קען נישט לייענען אזעלכע פיצינקע אותיותלעך.

און דאָבי ניט געפוילט זיך איהר צו געבען אנצוהערעניש, אז מסתמא האָט זי דאָס פון א „גאַסט“ ארונטערגע־נומען..

מערי רובינאָוו האָט דאָס מאָל גע־שוויגען.

דייווידאָוו א'ז געשטאַנען ביים זייט און געקוקט אויף איהר פאַרלעגענהייט. אין הארצען האָט דאָס איהם שטאַרק הנאה געטאָן: זיך אונטערגעגעבען! מיט דער חכמה — האָט ער זיך געטראַכט — דאַרף מען וויסען ווי אזוי צו געהן, און אָט האָט ער זי געצוימט. א'צט שווייגט זי שוין. פון זיינע הענט דערעהט מען זיך נישט ארויס אזוי לייכט. דייווידאָוו'ס אויג קען מען נישט נאַרען.

— הערט — האָט מער' אין א דער־שלאָגענעם געמיט געזאָגט — איהר מאַכט א גרויסען טעות, איך האָב פאַר־בלאָנדזשעט.. ביי מיר, מיסטער, ליגט א שוועסטער קראַנק. זי וועט שטאַרבען, ווען זי וועט זיך דערוויסען פון דעם סקאַנדאַל.. גאָט מיינער, איך בעט איך לאָזט מ'ך אָפּ. דאָס ברילאָק'ל מיט דעם תנ"ך'ל איז מיר דאָס איינציגע שטיקעל ירושה פון מיין טאַטע־מאַמע געבליבען.

זי האָט פאַר איהם ווידערהאָלט דאָס איינענע, וואָס זי האָט פאַרטאָג אויסדער־צעהלט דער מ'סעס ברויסטער און איהר קול איז געקלונגען אזוי פיעל דער־שלאָגענקייט, אזוי פיעל צער.

דייווידאָוו איז געשטאַנען, האָט כלומרשט ערנסט און מיט מיטגעפיהל אויסגעהערט איהר גאַנצע דערצעהלונג, וועלכער ער האָט א'ין וואָרט נישט געגלויבט, און נאָכדעם, ווי א בעל רחמנות געזאָגט:

— עס קאָן זיין, אלעס איז מעגליך, אָט וועט איהר פאָרגעבראַכט ווערען פאַר'ן געריכט, וועט איהר דעם ריכטער דערצעהלען אלע אייערע צרות. ער וועט שוין מאַכען די נויטיגע אויספאָרשונגען. ער וועט אייך זיכער באַפרייען.

מערי האָט געשוויגען.

זי האָט שוין מעהר מיט איהם א וואָרט נישט גערעדט. זי האָט שוין איי־גענטליך, מיט קיינעם נישט גערעדט די גאַנצע צ'ט.

ערשט ווען זי איז געזעסען אין צימער וואָס ביים געריכטס־זאַל און זיך ארומ־געזעהן מיט וועמען זי איז פאַרשפּאַרט אין איין חדר, האָט געזעהן די ווילדע פּנים'ער, וועלכע האָבען דערצעהלט פון או'סגעלאַסענקייט, פאַרדאָרבענקייט און האָט באַמערקט זייערע בליקען און זייערע דריבנע געלעכטערלעך — האָט זי זיך ביז צום ווינקעל אָפּגערוקט און האָט זיך געטוליעט געטוליעט צו דער וואַנד.

— געוואָהן זיך איין שוועסטערל, געוואָהן זיך א'ין — האָט איהר א מיטעל יעהריגע פרוי מיט אן אומריין טיבעל אויפ'ן קאָפּ געזאָגט — אויך איך האָב זעהר צרה'דיג געפיהלט. דאָס ערשטע מאָל ווען מען האָט מיך אהער געבראַכט. וועסט זיך צוגעוואָהנען, שוועסטערל.

מערי'ן איז א שוידער איבער'ן לייב אריבער.

א צווייטע, וועמעס אויסזעהן איז גע־ווען ווי פון א מולאַטקע, האָט זיך פון דער טרייסט צעלאַכט הויך אויפ'ן קול און האָט חציפה'ש געוואונקען צו מע־רי'ס זייט: — אלע פ'הלען מיר זיך ניט גאָר באַקוועם ווען מען פּאַקט אונז דאָס ערשטע מאָל. דאַרפסט נור נישט בטל ווערען.“

אינע א צעשויבערטע, נאַכלעסיג אָנ־געטאָן, מיט א ווילדען, כאָטש נאָך גאָר שעהנעם קיילעכדיגען פּנים, האָט אונטער געכאַפּט דעם שמועס און האָט זיך גע־לאָזט צוגעהן צו מערי'ן.

— זיי דאָך נ'ט פאַרצווייפעלט אזוי — האָט זי איהר גענומען טרייסטען — איך איך ב'ן צום ערשטען מאָל, וועסט נור דאַרפען צוזאָגען דעם ריכטער, אז..

דאָ איז זי צוגעקומען גאָר נאָהענט צו איהר, און אויסגעשטרעקט די האַנד. מע־רי האָט א מינוט געקוקט או'ף איהר, דאַן א הילפלאָזען קוויטש געטאָן און האָט זיך ביטער אויף דעם קול פאַנאַנדערגע־וויינט.

עס איז געוואָרען א גערודער, א טו־מעל.

דייווידאָוו איז באַלד אריין, האָט גע־בראַכט וואַסער, האָט צו א'הר גערעדט ווייך און צערטליך, האָט אוועקגעטריבען פון איהר די אנדערע פרויען און זי ביים פענסטער אוועקגעזעצט.

— אייך איז שוין בעסער? — האָט ער ווי מיטפיהלענד'ג געפרעגט.

— איך בין דאָס מאָל נישט געווען אין חלשות — האָט מערי מוטלאָז און שוואַך געזאָגט — איך בין אויסגעמו־טשעט, צעשראָקען. כ'בעט איך לאָזט מיך אָפּ.

דייווידאָוו האָט ז' איבערגעלאָזט און איז ראַש צו צום ריכטער. האָט איהם אונטערגעטראָגען דעם ליסט פון די פּראָ־צעסען און איהם גענומען טייטלען מיט דן פינגער איבער'ן פּאַפּיער.

— עפּעס דערצעהלט זי א לאַנגע גע־ש'כטע. זי איז אָפּגעשוואַכט און מען וועט מוזען איהר פּראָצעס האַלטען ביז צו לעצט.

דער ריכטער האָט א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ, אלס סימן אז ער איז מסכים און האָט גענומען קוקען אויף דער ליסטע.

ער האָט געקוקט א רגע און דאַן מיט ברייט פאַנאַנדערגעריסענע וויעס זיך גע־נומען בעסער איינקוקען או'ף דער שורה, אויף וועלכען דייווידאָוו האָט איהם אָנ־געוויזען.

(פאָרטזעצונג פאָלגט)

## די מזרח אידישע פליכטלינגע אין בערלין.

א בערלינער קאָרעספּאָנדענט טעלע־גראַפירט: פון די 2000 מזרח אידען וועל־כע זיינען ווי עס איז שוין מיטגעטיילט געווען — ארעסטירט געוואָרען דורך די בערלינער אויטאָריטעטען, איז שוין די גרעסטע טייל באַפרייט געוואָרען, ה' יוּל יום גאָלדמאַן, דער פאַרשטעהער פונם דזשאָינט דיסטריביושאַן קאָמיטעט אין אייראָפּא פאַרהאַנדעלט איצט מיט די ציו־ניסטישע און אַנדערע אידישע אָרגאַניזאַ־ציעס בנוגע דער לעזונג פון דער פליכט־לינג פּראָבלעם.

## לאָרד רעדינג'ס בייטראַג פאַרן גאולה פאָנד

מען איז מודיע, אז לאָרד רעדינג, דער לאָרד טשיעף דזשאַסטיס פון ענגלאַנד האָט ארייגעשיקט א באַדייטענדען ביי־טראַג צום גאולה פאָנד.

דיעזע באַציהונג מצד לאָרד רעדינג צו א ריין ציוניסטישען פאָנד האָט א וויכ־טיגע באַדייטונג פאַר דער ציוניסטישער וועלט אָרגאַניזאַציע.

# דער וועג
# THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.


# ווי אזוי גראדנע האט געבויט א אידישען שפיטאל

נישט רעגעלמעסיג קומען אונז אן די בריעף און די צייטונגען פון איראפא. דאס לעצטע פעקעל צייטונגען וואס איז אונז אנגעקומען ערב פסח פון רוסלאנד איז שוין גאר פארעלטערט. פאראן אין דעם פעקעל אזעלכע צייטונגען וואס זיינען שוין אלט ארום פיער חדשים.

אבער מיר דערשטען נאך א גרוס פון דער אלטער היים און אונז איז ליעב דער גרוס אפילו ווען ער פארש פעטיגט זיך. מיר לייענען דערום מיט אינטערעס אפילו די פארשפעטיגטע נומערן.

אין דעם לעצטען פעקעל צייטונגען האבען מיר אויך באקומען דעם דרייסיגסטען נומער פון דער ערשטער אידישער צייטונג אין גראדנא „דער נייער מארגען״, דאטירט פרייטאג דעם 5טען דעצעמבער 1919.

אין דיזען פארשפעטיגטען נומער האבען מיר געפונען אן ארטיקעל מיטן נאמען „וועגען דער גרינדונג פון א אידישען שפיטאל אין גראדנע״.

פון דעם ארטיקעל ווערען מיר געוואויר אז דאס פאראריטעטע, דערשלאגענע גראדנע, וואס מאכט א לעבען פון די אמעריקאנער נדבות: דאס גראדנע וואס באקומט פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע און פון אנדערע אמעריקאנער הילפס קאמיטעטען כך יכך חודש׳דיגע שטיצע — דאס דאזיגע פאראריטעטע גראדנע נעהמט בויען א אידישען האספיטאל.

כדאי צו דערצעהלען ווי אזוי גראדנע נעהמט בויען א אידישען שפיטאל:

דער ועד הקהל — ווערט דערצעהלט אינם דערמאהנטען ארטיקעל — האט זיך נאך פאראיאהרען, ווען מ׳האט באמערקט אז די אידישע חולאים אינם שטאדטישען שפיטאל פיהלען זיך אומבאקוועם (בפירוש אזוי שטעהט געשריבען אינם ארטיקעל „די אידישע חולאים אין דעם שטאדטישען שפיטאל פיהלען זיך אומבאקוועם״ — נישט מעהר!) דערום האט דער ועד הקהל באשלאסען צו בויען אן אייגענעם שפיטאל.

אבער גראדנער ועד הקהל איז נישט אימשטאנד צו בויען א צווייטען שפיטאל. און מען איז אוועק — שרייבט די גראדנער צייטונג — „צו דער אמעריקאנער בימע״ (דאס מיינט צו דעם אמעריקאנעם אידישען הילפס קאמיטעט) און די „בימע״ האט געגעבען אויף התחלת הבנין, און דאס איבעריגע האט מען אפגעריסען פון דער מאנאטליכער שטיצע, וואס קומט פון אמעריקאנער קאמיטעט און פון אנדערע קוועלען.

ווען מען רייסט אלע חודש אראפ פון דער מאנאטליכער שטיצע, מיינט עס אז גראדנע רייסט אפ פון איהר נדבה, וואס זי באקומט פון אמעריקאנער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע: דאס מיינט, אז מען רייסט ארויס פון די הונגעריגע מיילער דעם ביסען, דאס מיינט אז מען רייסט ארויס דאס פלעשעל מילך פון א הונגעריג קינד, א שטיקעל ברויט פון א הונגעריגער אלמנה און נאר דערפאר, ווייל דער ועד הקהל פון גראדנע האט זיך ארויסגעזעהן, אז —

„די אידישע חולאים אינם שטאדטישען שפיטאל פיהלען זיך אומבאקוועם״.

און מיר ווילען אונטערשטרייכען נאך איין פאקט דערמאהנט אין דעם זעלבען נומער „נייער מארגען״ און געמלדט, אז פארהאנדלען מיט דער אמעריקאנער מיסיע איז געפאהרען קיין ווארשא נישט א פארשטעהער פון דעם ועד הקהל, וואס קען אפשר איינקוקען זיי אן ארטאדאקסישע געזעלשאפט, נאר איינער ה׳ בירגער, וועלכער איז גאר — אן ארבייטער פארשטעהער.

ווארום דער ה׳ בירגער האט צו דער אמעריקאנער קאמיסיע געזאגט, אז ער באלאנגט צו א פארטיי, וואס ווען זי וואלט זיך גענייטיגט אין געלד מיטלען, וואלט זי זיך געווענדעט נישט צו דער דיסטריביושאן קאמיטע, נאר צו די אמעריקאנער ארבייטער ארגאניזאציעס.

מיינט דאס אז דער ה׳ בירגער, כאטש א שליח פון דעם גראדנער ועד הקהל, איז אבער אליין א פארטייאיש און וואס שטעהט נעהנטער צו די אמעריקאנער ארבייטער ארגאניזאציעס, איידער צו אן ארטאדאקסישע ארגאניזאציע.

דעם ה׳ בירגער האט זיך איינגעגעבען צו באקומען ביי דער אמעריקאנער מיסיע 150 טויזענד מארק אלס סובסידיע פאר א אידישען האספיטאל.

אין דעם שפיטאל וועלען זיך געפינען זעכציג בעטלער און די הוצאה וועט זיין קרוב צו זעכציג טויזענד מארק א חודש. 25 טויזענד מארק וועט די גראדנער קהלה באקומען פון׳ם מאגיסטראט.

און די לעצטע שורה איז אזא:

גראדנער אידען וועלען מוזען צאהלען דעם מאגיסטראט שפיטאל שטייער (אזוי אפנים איז דער יושר פון דעם גראדנער פוילישען מאגיסטראט!) און דאך וועט די ארימע אידישע גראדנע געבען 300 טויזענד מארק אייגענע בייסטייערונג פאר א אידישען שפיטאל, חוץ דער מאנאטליכער הוצאה.

אט דאס האבען מיר ארויסגענומען פון אן ארטיקעל אין דער גראדנער צייטונג „דער נייער מארגען״ פון 5טען דעצעמבער 1919, נומער 30.

מיר וואלטען דא געקענט מאכען א פארגלייך צווישען דער ארימער גראדנער אידישער באפעלקערונג און דער רייכער דעטראיט׳ער אידישער באפעלקערונג. מיר וואלטען דא געקענט מאכען א פארגלייך צווישען דעם ועד הקהל פון גראדנע און דער דעטראיטער קהלה. די לעצטע, די דעם דעטראיט׳ער קהלה ניט, אדער דארף געבען שטיצע און בייסטייערונגען פאר דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע, און די גראדנער קהלה קומט אן צו דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע און בעט ביי איהר שטיצע.

מיר דא געבען נדבות פאר גראדנע.

גראדנע נעהמט ביי אונז נדבות.

און גראדנע שוין פארטיג מיט א פלאן פאר א אידישען האספיטאל.

דער פלאן און דאס ישוב׳ן זיך האט אין גראדנע געדויערט פון מיטען זומער ביז דעצעמבער, אן ערך פון אן אכט חדשים.

ביי אונז — געדויערט עס שוין אכט יאהר.

רעגט איהר נישט, פריינד לעזער, אז מיר האבען אצינד א גוטען מאטעריאל צו האמערען און צו קלינגען און אלע גלאקען מיט אט דיזען פאראלעל?

מיר ווילען אבער דעם מאטעריאל נישט עקספלואטירען. און זיך עם פארשפרייטען לענגער, ווארום צו בולט און צו שארף איז דער פארגלייך.

זאל דער איד — פון דעטראיט איבערלייענען אט דעם פארגלייך און —

און זאל ער זיך שעהמען!

פירושים דארף מען נים.

# פסח׳דיגע שפריצען

כל דכפין.

כל דכפין ייתי ויאכל. ווער עס וויל נאר זאל אריינגעהן און אפעסען.

און —

דערנאך באצאהלען די עטליכע טו- עס אויסער א ט׳פ דעם ווייטער...

* * *

ויגר שם..

ויגר שם מלמד... דארט האט גע- וואוינט א מלמד.

אין מלחמה־צייט וואלט מען פאר אזא ווארט איינגעזעצט אין חדריא — פאר באליידיגען דעם פרעזידענט...

* * *

צא ולמד.

צא ולמד... געה ארויס און לערן. נאר — טענה מיט א׳הם! אז ער וויל נישט לערנען אין הויז, וועט ער נאך ארויסגעהן לערנען! משוגע איז ער?

* * *

דבר אחר.

דבר אחר ביד חזקה שתים. א דבר־ אחר זאלסטו דערלאנגען צוויי פעטש — וויל רעדען מיט א דבר־אחר איז ארויס־ געווארפען.

* * *

מזכן ומזומן...

הנני מוכן ומזומן לקיים מצות [illegible].. מיר זענען גרייט צו באצאהלען מזומן, קענט הייסט עס, פאר א גלעזעל שנאפס — אבער פראהיבישאן, רבותי!

* * *

בחזק יד.

בחזק יד... מיט חזק, מיט „פאי״. מיט שפאס האט אונז דער אייבערשטער ארויסגעצויגען פון מצרים.

* * *

פרעה אין פארע.

1. — אמאל...

פון מצר׳ים
לויפען אידען.
ס׳איז פינסטער
פרעה׳ס מראה:

די אידען לויפען
שנעל פאראויס
און הינטער זיי
לויפט פרעה.

2. — איצט.

אין אמעריקא
פליהען אידען.
הע! מאכט פאר זיי
א וועג!

די אידען פליהען
שנעל, גאלאפ
און פאראויס זיי
לויפט פארע...

# חורבן אווראטש

קוים א באשלוס פון דער רעגיר־ טען קאנפערענץ פון סקאנדינאווישען אידישען צענטראל־ הילפס־ קאמיטעט האט דער דאזיגער קאמיטעט באשטימט א געוויסע סומע פאר׳ן פארלאג „יודעא״ (שטאקהאלם) אויף ארויסצוגעבען א בוך [illegible]

דעם אלטען רעזשים; זי האט געטראגען בכלל א צארישען כאראקטער, אבער דער דאזיגער כאראקטער האט זיך געביטען לויט די פארש׳עדענע תנאים פון דעם פאליטישען מאמענט, און ווען דער פא־ [illegible]

[illegible]

…האט אויך די ארטיגע פויערשע באפעל־ קערונג דאס איינענע געטאן. געראבע־ וועט האט מען נאר אידישע געשעפטען. אידישע וואוינונגען האבען קיין שאדע־ נ׳שט געליטען.

אונטער דעם העטמאן זענען פאגראמען בכלל נישט פארגעקומען. די ממשלה פון דעם העטמאן איז אין תוך געווען א ממשלה פון רעסטאווראציע ה. ה. זי האט זיך געסטארעט אויפצוהייבען [illegible]

# פון דעם בוך „דער אידישער חורבן אין אוקראינע״

איין איינציגער קאזאק, ער גיט דערפאר אן עצה, די אידען, אז אויב עס געפינט זיך צווישען זיי אפילו איין איינציגער באלשעוויק, זאלען זיי איהם דערווערגען, מיט זייערע אייגענע הענד. ווען קאזיר־ זירקא האט פערענדיגט זיין דרשה האבען איהם די אידען צוגערופען „סלאווא״! דער קאזיאנער רב האט איהם פארגע־ שלאגען צו ברענגען אלע אידען צו א שבועה, אז זיי זענען געטריי צו דער אוקראינע און אז די אידען זאלען ארויס־ שטעלען א קאמף־אפטיילונג. דער אטא־ מאן האט געענטפערט, אז ער דארף נים קיין אידישע שבועה און קיין אידישען קאמף־אפטיילונג. ער פארגינט די אי־ דען צו אטעמען די אוקראינער לופט, אבער ער פארלאנגט, זיי זאלען געדענקען זיין אזהרה. די אידען זענען זיך פאנאנ־ דערגעגאנגען און אנגעהויבען זיך צו ישובן, וואס ס׳איז צו טאן, כדי צו פאר־ האלטען אויף לענגער די נגאה פון דעם אטאמאן. זיי האבען צונויפגעקליבען א [illegible]

[illegible]

(שלוס אויף זייט 6)

# דער קלוגער קעניג...

(א לעגענדע)

פון ארטור עסעלין

אמאל איז געווען א קעניג,
דאס גולדיג זיין קרוין ער געטראגען,
מיט שכל דאס לאנד האט געפיהרט ער,
— „דער קלוגסטער״ — אויף איהם,
פלעגט מען זאגען.

א גוטער, א פרומער, געוועזען,
מיט יעדען געוואוסט זיי צו האנדלען,
ער פלעגט מיט א מינע א זיסער,
שונאים אין פריינד זיך פארוואנדלען.

פלעגט טרעפען א מורד במלכות,
אט ער נים געקעפט, נים געהאנגען,
ער פלעגט זיי מיט געטליכע שפרוכען,
מיט חכמה, דערצעהלט מען, עמפאנגען.

ער האט ניקט אין קויטען געשמידט זיי
אנשטאט איז׳ם צפון דעם קאלטען —
פלעגט ער אין קעניגליך פאלאץ,
בכבוד זיי דארטען גאר האלטען...

מיט זיי פון א׳ן טעלער געגעסען,
געיין פון איין בעכער געטרונקען,
דורך גלעזערנע טיהרען אין אבענד,
נים איין מאל א פרוי האט געוואונקען...

אזוי זענען יאהרען פארגאנגען,
רוהיגע שטילע א׳ן פריידען,
כאטש שווער האט דאס פאלק דאן געליטען
און אפטמאל מיט ביטערניש היידען —

אז עפעס אין חכמה פון קעניג
א שפיצעל פון טייפעל מוז שטעקען,
נאר טריי איז דאס פאלק אים געבליבען
וועלטען איין רעבעל ענטפלעקען.

ביז איין מאל אין פריהלינג, א מארגען,
האט פלוצים א וואונדער געטראפען
שטיל איז אין פאלאץ געוועזען
און טאג א׳ז דאס פאלק נאך געשלאפען.

„זיך אויפ׳ן בארג אויפ׳ן בלאהע,
„ע־מען א מענש איז צו רייטען,
מיט אויגען — צוויי ליכטיגע זונען,
פון ערגיץ א לאנד פון א ווייטען.

אין בלומדרו׳ט, און שנעעווייסע קליידער
א שטאלצער געפאנצערטער ריטער,
און האט אין א גאלדענעם שופר,
געשאלט צו דעם פאלק און זיין היטער:

„העי! דו פאלק פון די זומפען,
„העי! איהר קינדער פון היילען,
„איך בין פון א גאטלאנד געקומען,
„א בשורה, א סוד אייך דערצעהלען:

„אז איהר וועט פון היינט און פון ווייטער
„מוזען אליין זיך רעגירען,
„צו מיר וועט דער קעניג געהערען,
„און איהר וועט זיך אנדערש יעצט פיהרען.

„נים יענער פון הונגער זאל ליידען,
„ווער מיהזאם דאס ברויט האט געקנאטן,
„אין קערקער זאל יענער נים שטארבען,
„ווער פריי זיין דעם פאלק וועט
פארבאטען״.

און העכער די שטימע פון ריטער,
האט שאלען און קלינגען גענומען,
און קלאר האט דאס פאלק אלץ פאר־
שטאנען...

נאר דא איז דער קעניג געקומען

און גלייך איז דער ריטער פארשוואונדען,
זיך ערגיץ א׳ן נעבעל געטראגען
דאס פאלק האט א רגע צעשראקען,
געווארט וואס דער קעניג וועט זאגען.

[illegible]

# די קאונטרי איז גערעטעוועט

(פעליטאן)
פון ישראלי

אויסגעשלאסען!

מעהר וועלען שוין די פינף „באל-שעוויקעס" פון דער ניו-יארקער אסעמ-בלי ניט באאומרוהיגען אונזערע גע-מיטער.* מיר מעגען שוין יעצט שלאפען רוהיג: די ארדנונג איז געזיכערט...

מיט דער אויסשליסונג פון די פינף סאציאליסטישע אסעמבלי-לייט אין אל-באני, האט דער סאציאליזם אין אמערי-קע געכאפט זיין לעצטען טויט-קלאפ און — וואל-סטריט מעג שוין זיכער זיין!...

אין די פינף סאציאליסטישע אסעמ-בלי-לייט האט געשטעקט די גאנצע גע-פאהר. איצט אבער, וועלען אלע סאציא-ליסטען אויפגעבען זייער אידעאל און וועלען מאסענווייז לויפען הערען בילי סאנדעים רעדעס.

און שטעלען וועלען זיי זיך אויף די קניה און בעטען פארציהונג אויף זייע-רע זינד ביי דעם גאט ממון און וועלען ליבען די מעשים פון וואל-סטריט אין אלע נאסען.

גוטע צייטען קומען אן...

די „אי דאבעל דאבעליוניקעס" ווע-לען זיך אנשליסען אן דער „סאלוויישאן ארמי"; די קאמוניסטען וועלען זיך זע-צען זאגנ תהילים; די סאציאליסטישע פארטיי וועט זיך אנהויבען באשעפטי-גען מיט ספריטואליזם און די ניי גע-גרינדעטע לייבאר-פארטי, וועט זיך אפ-

גענען מיט שפיעלען „טענים" און „בייז באל"...

די קאונטרי איז גערעטעוועט!

מיט דער אויסשליסונג פון די פינף סאציאליסטישע אסעמבלי-לייט איז גע-לעזט די גאנצע ארבייטער-פראבלעם; אפ נעשטעלט אלע סטרייקס; איינגעשטילט אלע אומרוהען און ס'וועט זיין ווי אין פסוק שטעהט: „שלום ושלוה והשקט ובטח"...

פון היינט אן און ווייטער, וועלען ארבייטער זיך בעטען ביי זייערע בעלי בתים, מ'זאל זיי ארונטערדריידען פון די וויידזשעס און העכערען די ארבייטס-שטונדען....

דער „ליבערייטאר" וועט אנפאנגען אגאטירען, מ'זאל שיקען אן ארמעע קיין רוסלאנד און ארונטערזעצען די באלשע-וויקעס; די „קאל" וועט איבערגעבען די רעדאקציע צו טשארלס מורפי און דער „פארווערטס" וועט מאכען פאר זיין הויפט אישו די אויפבויאונג פון א מקוה-כשרה....

נא מאר סאשעליזם!

און דאס גאנצע לאנד וועט פא-אייבינען ספיקער סוויט אלס דעם רעטער פון אונזער עקזיסטירענדער ארדנונג.

און — ס'וועט פאסירען א נס

מענשען וועלען אין א שעהנעם פריהמארגען אויפהערען טראכטען.... און ס'וועלען זיך קיינע קשיות ניט שטעלען.

קיינער וועט ניט פרעגען: „וואו איז אהינגעקומען די פרייהייט, מיט וועל-כער די אמעריקאנער קאנסטיטוציע האט אונז פארזארגט?" עס וועט גאר קיינעם ניט איינפאלען א פרעג צו טאן די קשיה: „וואס איז דאס פאר א דעמאקראטיע, וואס בארויבט א גאנצען קלאס מענשען פון זייער רעכט צו שיקען אין קאנגרעס נאר'אזעלכע פארטרעטער, וועלכע זיי ווי-לען?"

קיין אמעריקאנער ארבייטער וועט זיך גאר ניט כאפען, אז מען האט איהם דא בארויבט פון זיין געזעצליכסטער פאר-טיידיגונגס-וואפע — א וואפע, וואס איז צו ארבייטער ערלויבט געווארען אפילו אין ווילהעלמס רייכסטאג..

קיינעם וועלען אזעלכע זינדיגע רעי-יונות אפילו ניט קריכען אין קאפ אריין.

אפנעטויט וועט ווערען יעדער גע-פיהל פון „קאמאן סענס"; אפשטעלען וועלען זיך אלע דענקונגס-אפאראטען; מענשען וועלען פארגעסען אלעס, וואס זיי האבען געלערענט און דער כבוד פון געלד-זאק וועט באשיינען אלעמענס פנימ'ער און דערפרעהרען אלע הערצער.

גוטע צייטען קומען אן!

די קאונטרי איז גערעטעוועט!...

# מ'זועט מיט מיר שלום...

(פעליעטאן)
פון א. אלמי (עליאש)

ענדליך נעהט די וועלט שוין שלום מאכען מ'ט מיר.

די פעלקער-ליגע שיקט צו מיר א קא-מיסיע, וועלכע זאל אויסגעפינען, אז איך בין נישט אזא שרעקליכער מערדער, — ווי די „בלעטער" שרייבען.

לאיד דזשארדזש שמ'יכעלט צו מיר.

אין אמעריקאנער סענאט הייסט מען מיר גראטולירען פאר מיין ארונטערוואר-פען דעם דעספאטישען צאריזם.

די ניו-יארקער „טיימס" זאגט שוין, אז איך בי'ן, איינענטליך, א גאנץ לייטי-שער מענש.

פינאנציסטען זאגען מיר קאמפלימענ-טען, מאכען צו מיר חנ"דלעך.

און באלד-באלד, נאך א טאג, נאך א וואך און די וועלט וועט מיט מיר שלום שליסען.

זיט זיך נישט טועה: איך רעד דא נישט פון לעניג'ען אדער פון טראצקי'ן, נאר טאקע פון מיר אליין — פון מיר, דעם ארימען רוסישען אימיגראנט.

לעניג איז ביי זיך אין דער הוי'ם, אין זיין רוסלאנד. און מ'קען איהם נישט דערגעהן. די יאהרען יעדע מינוט פון טאג: טראצקי לויפט ארום פון א'ין פראנט צום אנדערען — און ער איז אין שטענ-דיגער זיכערהייט.

אבער איך, דער פארוואגלטער אי-דישער אימיגראנט, וואס האט געהאט דאס אומגליק געבוירען צו ווערען אין רוסלאנד, איך מ'ר האט זיך איינגע-גאסען דער גאנצער בייזער צארן פון דער וועלט.

איך, דער בידנער אימיגראנט פון רוס-לאנד בין אין דער פרעמד, בין „זיי" אין די הענט און מיט מיר האט מען געקענט מאן וואס א'נעמ'ם הארץ האט זיך נע-גלוסט.

איך האב קיינעם נישט געשעפעט. קיין באמבעס נישט געווארפען. קיין סא-וועטען נישט געמאכט. קיין „רויטע טע-ראר" נישט איינגעפיהרט און לענין איז נישט מיינס קיין שוועסטערקינד.

אבער איך בין געבוירען געווארען אין רוסלאנד, אונטער דעם דעמאקראטישען רעזשים פון דעם גרויסען פריהייטס-קעמפער ניקאלאי ראמאנאוו און דערפאר בין איך פאראנטווארטליך פאר די אוי-טאקראטישע מעשים פון לענין"ען.

און מיר האט די וועלט די אמת'ע קרי[...] ערקלעהרט.

מ'ך מעג מען באפאלען אין מיטען נאכט, אייפרייסען דעם דיל פון מיין הויז און דארט זוכען — א סאוועט.

מיך מעג מען יעדע מינוט אונעקשלעפ-פען אין א טוהמע צוזאמען מיט אלערליי שבורים און מיך שלאגען אהן רחמנות.

מיך מעג מען צו יעדער צייט ארויפ-זעצען אויף א שיף און מיך ארויסשיקען ווי דעם ערגסטען פארברעכער.

מיר מאכט מען אלערליי שוועריגקיי-טען ביים ארויספאהרען פון אי'ן לאנד און ביים אריינפאהרען אין אן אנדער לאנד.

מיט לעניג'ען און מיט טראצקי'ן קען מען זיך נישט אפרעכענען. זיי קען מען נ'שט גרייכען. לאזט מען אויס צו מיר, ווייל איך בין זייערער א לאנדסמאן.

האבען די באלשעוויקעס ערגעץ דער-הרג'עט א פירשט. אדער א גראף, אדער א גענעראל — האט מען אויף מיר גע-טייטעלט מיט די פינגער:

— איהר קוקט עס אן! א מערדער א'ז דאס! א רוצח! א ווילדע חיה! און מיר הולדען נאך אזא נפש אין אונזער רעפובליק / דעמאקראטיש לאנד!

האבען די „רויטע גווארדייצעס" צע-טריבען די גרינדוננס פארזאמלונג, איז ייער איז שולדיג? — איך!

— איהר זעהט? איהר זעהט! — האט מען מיר נאכגעשריגען, — אט דער באנדיט האט דאס צעטריבען די גרינ-דונגס פארזאמלונג. אזא פיינע גרינדונגס פארזאמלונג געווען! א מחיה געווען צו קוקען! גענומען ער, דער כוליגאן, און צע-טריבען זי!

און אז די קלוגע בלעטער האבען בא-שריבען מיט א'נצעלהייטען ווי די באל-שעוויסטישע אינטערנאציאנאליסטען הא-בען נאציאנאליזירט די ווייבער — זענען אלע בשר'ע, צניעות'דיגע בירגער מ'ך גרייט געווען אייפצועסען א לעבעדיגען.

— אזוי! — האבען זיי עס זיך נאר-נישט געקענט שענקען און מיך געסטרא-שעט מיט די פייסטען, — ווי ס'געהערט געווארען! גענומען און נאציאנאל'זירט דאס ווייבליכע געשלעכט! הפקר א וועלט! נו.. דארף מען איך אזוינס און אזעלכע רחמנות האבען! וואס טהוען מיר, אז ער נעהמט אין מיטען א מיטואך און גיט אונז א נאציאנאליזירט'אפ אונזערע אומ-שולדיגע טעכטער?!! שרעקליך!

האבען די באלשעוויקעס גענומען דער לאנגען קלעפ קאלטשאק'ן, האט מען זי'ך געוואלט נוקם זיין אן מיר.

— גוואלד! — האט מען געפילדערט פון אלע זייטען, — ווי לאזט מען דאס ארומגעהן אויף אונזער ערד?! אזא פאסקודנער גזלן! ער וועט איהם נאך, חלילה, ממית'ן, אונזער קאלטשאק'ן. אזא טייער קאלטשאק'ל. אזא זיידענער יונגערמאנטשיק!

און אז ד' באלשעוויקעס האבען זיך צום סוף גענומען רייסען קיין אינדיען, בין איך נישט זיכער געווען און נאס ארויסצאגעהן.

— קוקט! קוקט! — האט מען גוואלד רעוועט און אויף מיר געווארפען גיפטי-גע בליקען, — ק'ין אינדיען נעהט עס שוין! קיין אינדיען!

און אזוי בין איך כסדר פאראנטווארט ליך פאר לעניג'ען און פאר טראצקי'ן.

איך בין שולדיג פאר אלע וואס די באלשעווי'קעס האבען יא געטאן און פאר אלץ, וואס זיי האבען נישט געטאן. פאר אלץ, וואס זיי טראכטען צו טאן און פאר זייערע האנדלונגען איז הונדערט יאהר ארום.

קענען מיר, דעם הילפלאזען רוסישען אימיגראנט, האלט די וועלט מלחמה.

איך בין יעדען גרוים און די אויגען: מיך איז א מצוה צו פייגען. מיך איז א פארגעניגען צו טרייבען און פארפאל-גען.

אבער, ענדליך, נעהט די וועלט מאכען שלום מיט מיר.

ענדליך וועט מען מ'ך צורוה לאזען.

ענדליך וועל איך זיך קענען פריי באוועגען.

ענדליך! — ווי דערלעבט מען שוין דעם טאג!

# זאלבענאנד

(פון דער סעריע מלחמה וואנדערער)
פון י. מאסטבוים

איך פלעג זיי טרעפען זאלבענאנד, ביידע מיט הענדלאך אויף די אקסלען, ארומגענומענע, קושענדיגע ז'ך איינס דאס אנדערע, גליקליכע אין זייער וואוקס און עהנליכע אין זייערע געשטאלטען ווי א צווילינג, איינער איז געוועזען א איינ-געל פון א 'אהר פופצעהן, בלאס, דאר, די בלאנדע האר פון קליינעם קעפעל זע-נען געלעגען אין א שרינט. די בלאהע מילדע איינעלעך האבען יעדען אנגעקוקט ליעבליך. און א מיידעלע אין זי'ן הויך און אין זיין אויסזעהן, ביידע האבען שפיעלצייג געטראגען. ער א פידעלע, זי האט ציגעפו'קט אין עפעס א שטיק בלעך וואס האט אויסגעזעהן ווי אן אלט פיי-קעל.

ווער זיינען זיי געוועזען? פון וואנען האבען זיי זייערע ליעדלאך פאר די נאס געבראכט? די נעמען זייערע? דער משפחה שמאס? ק'ינער האט דאס נישט געוואוסט. טאג-טעגליך זענען זיי הויך דעם שאסע בעשאנקען געיארען פאר"ן שפיעלען מיט עטליכע מטבעות, מיט עטליכע ווארימע בליקען, מיט עטליכע פראגען. אזוי איז אוועק דער טאג. דער פארנאכט האט זיי צוזאמענגעבראכט אין א קליין שטיבעל א געדונגענעם ביי א מילך-איד. געמאכט זיך דאס עסען, אפ-געטרונקען עפעס ווארימעס און שלאפען געגאנגען. ווען זיי פלעגען אויפשטעהן בעגינען האבען זיי א קליינע פראבע גע-מאכט אויף זייערע אינסטרומענטען, אויסגערעבענט ד' צאהל דערפער, וואו-הין זיי האבען געדארפט דורכגעהן — און אוועק.

באגעגענען פלעג איך זיי ס'רוב פאר-נאכט, ווען די זון האט זיך שוין לאנג געהאט באהאלטען דארט אונטער'ן הא-ריזאנט פון מאזאוויעצקער הימעל און דאס פעטע קארן האט געשיקט פון זיך א חות, וואס האט זיך געקלעפט אין ד' הענד. א צאפיציף פון פויגעלעך באהאל-טענע ערגיין אין די קארענס האט זיך אריינגעקלונגען אין זומערדיגען פארנאכט אריין און דער רויטער אפשיין פון ה'-מעל, וואס האט באגילט די שפיצען פון די זאנגען, האט אויך באגילט די בלאנדע הערלעך און פנימ'לעך פון די קינדער, וואס האבען אויסגעזעהן ווי עפעס א לע-גענדע אין דער רייכער פארבינער גע-גענד.

— אינגעלעך, שפיעלט פאר מיר עפעס

— האב איך זיי אפגעשטעלט מיינענדיג אז זיי זענען ביידע אינגלאך.

די קינדער האבען זיך אועקגעשטעלט נעבען א בוים, איינער האט ארויסגענו-מען דעם פידעל, דאס צווייטע קינד האט מיט'ן פייקעל א קלאפ געטאן, און זיי האבען אנגעהויבען שפיעלען איינע פון די פרעהליכע חתונה-נגונים פון די גרוי-סע שטעדט.

ווען זיי האבען אפגעשפיעלט, האבען זיי העפליך זיך פארנייגט, נארנישט ווי קי'ן וואנדערער, איך האב עס באוואונ-דערט און געפרעגט:

— ווער זיינט איהר קינדערלעך?

— ווער מיר זענען?

— יא, עס געפעהלט מיר איך צו פרעגען, די קינדער האבען זיך א מינוט פארטראכט און איינס האט געזאגט:

— עס איז לאנג צו דערצעהלען הערל'עב.

דאס אינגעל האט אועקגעלענט דעם פ'דעל און אנגעהויבען דערצעהלען אז ער שטאמט פון א גרויסער שטאדט, וואו זיין טאטע איז א כלי-זמר געוועזען. יאה-רען לאנג געשפיעלט אויף חתונות, אויף תנאים, אויף אידישע שמחות, עס איז איהם, דעם פאטער, אזוי גוט געגאנגען, אז מען האט געטראכט די ק'נדער אוועק-צוגעבען אין דער ווארשעווער קאנסער-וואטאריע. נור אט איז אנגעקומען די מלחמה. דער פאטער האט אין דער ער-שטער צייט אנגעווארען די חתונות און שמחות.

שפעטער איז אנגעקומען דאס רוסישע מיליטער, פארנומען דאס שטעדטיל און ווען מען האט גענומען די זאקלאדני-קעס איז דער פאטער אי'ך גענומען גע-ווארען און צוזאמען מיט די 12 אידען פון שטעדטעל דערשאסען געווארען. גע-בליעבען איז נאר די מוטער, וואס געהט הייזער איבער די הייזער, און די צוויי קינדער וואס שפ'עלען פאר דורכגעהער אויפ'ן טאטענס פידעל.

די קינדער האבען זיך געזעגנט מיט מיר אועקגעשטעלט מיט די קעפ אראפגעהאנגען, איך האב זיי עטליכע מטבעות גע-געבען און נעדריקט זייערע עלענדע קעפ-לעך צו מי'ן ברוסט.

געהט געזונד אוועק פון וואנדערלע-בען אין גליקליכע וועג אריין פון פרעהליכער מוזיק!

## די וואנדערענדע כלה

עס איז נישט איבערטריבען. אין דארף נ. האט יאהרען לאנג א מחותנת'-טע פאר איהר טאכטער א ווייפאלע גע-גרייט, אנגעפליקט פעדערן, אייפגע-נייהט בעטגעוואנט, קישענס, קליידער און וועש. דאס האט געדויערט עטליכע יאהר, איידער די ארימע האט פאר-שאפט די קליידונג פאר דער אי'נציגער טאכטער וועגען, און א שעהנעם טאג איז דאס שטעדטעל אויפגעוואכט געוויא-רען פון א שיסעריי. דאס איז געוועזען דער טאג פון דער חופה, ווען די פרעמדע מחותנים זענען אנגעקומען, פרעהליכע גלעקליכע מיט די פוהרמאנעס און פוהר-רען. עס א'ז צום פריהמארגען נאך דאס לעבען געגאנגען אין פרעהליכקייט. ביי-נאכט אבער ווען מען האט געזאלט שטע-לען די חופה, האט דאס פייער פארנומען די הייזער ארום. און די שטאנגען פון דער חופה צוזאמען מיט'ן שמש, רב און חופה-מענשען זענען זיך צעגאנגען. די פרעמדע מחותנים זענען פון שטעדט'ל ארויסגעטריבען געווארען. געבליעבען איז נאר די כלה און איהר רעקטוף.

זי האט די נאכט געגאסען מיט טרעה-רען. זי האט געוויינט פון גרויסען אומ-גליק וואס האט פאסירט מיט'ן שטעד-ט'ל, נאר מעהר פון אלץ אויפ"ן אייגע-נעם מזל, וואס איהר חתונה איז צע-שטערט געווארען.

ווי פיעל שווערע יאהרען ווי פיעל גרויזאמע טעג? איידער זי איז געקומען צו אט דער מינוט.

די כלה האט פון דעמאלט אן איהר רעקטוף נישט אויסגעטאן צוזאמען מ'ט איהרע ווייסע מלבושים. דאס איז געווען עפעס א סימן פון גרויסען טרויער, וואס האט געהערשט אין איהר הארצען. די שווערע מלחמה-טעג זענען געגאנגען. דאס שטעדטיל איז אלע מאל' מעהר ארונטערגעפאלען אונטערן פייער פון שרעק און טו'ט. די עלענדע כלה האט איהרע מלבושים נישט אויסגעטאן, ניט ביים עסען און שלאפען. עס האט איהר דערפון פארכאפט עפעס א שטילע מע-לאנכאליע. זי האט אויפגעהערט צו רע-דען און שמועסען מיט מענשען און פאר-מעליך האט זי פארלאזט מישוגענערהייד דאס שטעדט'ל. פון די ערשטע טעג פון איהר וואנדערען, האט זי נאך געקענט דערהאלטען די בושה. זי איז דורכגעגאנ-גען א דארף, זיך אפגעשטעלט, דערצעהלט פון איהר אונגליק און פארביסען איהרע בלאסע ליפען מיט שטיפען צער. שפע-טער אבער איז איהר וואנדערען און דער-צעהלען פון איהר לעבען, געוועזען פער-בונדען מיט ה'סטעריק. מיט געשריי, מיט ווילדע טרעהרען.

צווישען די פיעל וואנדערער אויפ'ן שאסעע פלעגט מען זעהען א כלה מיט א רעקטוף און א וואהנזיניגען געוויין אין די אויגען.

(„לאנדאנער טאגעבלאט")

# ידיעות פונ'ם פארבאנד פון די מזרחי אידען אין דייטשלאנד

1.

מיר האבען דא אריינגעבען שטענדיגע ידיעות מכח דער ארבייט אין די וויכטיגערע פאסירונגען אין מזרח אידישען פארבאנד. אונזער פארבאנד איז א דעמאקראטישע ארגאניזאציע, וועלכע ארבייט ניט הינטער פארשלאסענע טי-רען. דאס וואס מיר טוען, און וואס מיר האבען בדעה צו טון — דאריבער האבען מיר אבצוגעבען א דין-וחשבון פאר דעם אידישען קהל: דעם עכסטען (שופט אי-בער אונזערע מעשים, איבער דעם צי-און דעם וועג פון אונזער ארבייט.

דאס מזרח אידישע לעבען אין דייטש לאנד איז פיל מיט שווערע פראבלעמען אין אויפגאבען, וואס זענען טיילס פאר בונדען מיט'ן אלגעמיינעם מצב פונ'ם אידישען פאלק אין מזרח-לענדער, אין צום טייל טראגען זיי א ספעציעלען כא-ראקטער לויט די באזונדערע באדינגונ-גען פון פארהעלטנישען דא אין לאנד גופא. נעמען מיר, למשל, דעם שווערסטען און וויכטיגסטען פראבלעם: די מזרח-אידי-שע נפלטים אין דייטשלאנד. באמת איז דאס א טייל פון דעם אלגעמיינעם אידישען עמיגראציאנס-פראבלעם. די רעגולירונג פון דער אידישער עמיגראציע וועט זיין די הויפטאויפגאבע פון דער אידישער פא לטיק אין נאהנטער צוקונפט. דער איצטי-גער מצב פון די אידישע פאלקס-מאסען אין די מזרח אייראפעאישע לענדער איז א שרעקליכער. די מלחמה חורבנות, די פאגראמען, דער ווירטשאפטליכער באי-קאט, די רדיפות — דאס אלץ האט גע-מאכט א תל פון זייער עקזיסטענץ. בלי שום ספק האבען מיר צו דערווארטען א געוואלדיגע עמיגראציע, און אויב פאר דער מלחמה-צייט האט די אידישע עמיג ראציע ארומגענומען אין דורכשניט'אן ערך 125.000 מענשען א יאהר — היינט וואס וועט שוין זיין איצטער?!

דער פארשטאנד פונ'ם מזרח אידישען פארבאנד האט זיך פיעל מאל באשעפ-טיגט מיט אט דער פורטכטבארער פראגע. ס'איז קלאר, אז א טייל פון דער עמיג-ראציע וועט נעהן איבער דייטשלאנד דעם שכנות-לאנד. און נאך לאנגע און גענויע באראטונגען מיט נענטע מענ-שען אין דעם ענין, זיינען מיר געקומען צו דער איבערצייגונג, אז מען מוז ביי-צייטען מאכען די נויטיגע הכנות צו'רעגו-לירען די אידישע עמיגראציע. — כדי ס'זאל נאכדעם ניט אריינברעכען א שרעקליכע קאטאסטראפע!

צו די בקיאים, וואס האבען אן אנ-טייל גענומען אין די דערמאנטע „באראַ-טונגען, געהערען אויך די ה"ה דר. נתן בירנבוים, דער דירעקטאר פון דער אי-דישער קאלאניאל באנק דר. נ. קאצע-נעלסאן און דוד טריטש. צוליב דער גרוי-סער חשיבות פונ'ם ענין, האבען מיר גע-גרינדעט א באזונדערן עמיגראציאנס-קא-מיטעט אין פארבינדונג מיט אונזער אר-גאניזאציע. דאס פרעזידיום פון דעם קא-מיטעט באשטעהט פון די ה"ה: דר. קא-צענעלסאן, מ. לעוויט, ע. שאליט, מ. שא ליט, דוד טריטש, יוסף לין דר העלמאן, מ. ברענער און דר. פרידמאן, דער עמיגרא ציאנס-קאמיטעט פון אונזער פארבאנד ארבייט איצטער אויס גענויע פלענער פאר אן עמיגראציאנס באנק און פאר אן ארגאניזאציע צו רעגולירען די אידישע עמיגראציע די פלענער זאלען פארגעלענט ווערען אויף דער אידישער הילפס-קאנ-פערענץ אין ציריך, וואו ס'וועלען אויפ-

טרעטען ספעציעלע רעפערענטען פון אונזער ארגאניזאציע מכח די עמיגרא-ציאנס פראבלעמען. צוויי חברים פון אונ-זער עמיגראציאנס קאמיטעט, די ה"ה דר. העלמאן און דר. פרידמאן, זענען איצטער געפארען אין די מזרח-לענדער און וועלען דארטען מאכען די ערשטע הכנות צו שאפען די דערמאנטע עמיג-ראציאנס ארגאניזאציע. אט די ארגאני-זאציע וועט מוזען זיין אן אינטערנאציאנאל-ריטאריאלע. ארויסגעהענדיג פון די מזרח-לענדער, וואו ס'הויבט זיך אן דער עמיג-ראציאנס-שטראם, וועט זי דארפען בא-גלייטען דעם אידישען עמיגראנט אויף זיין גאנצען וואנדערוועג ביז צו זיין ציל-ארט.

מיר דא אין דייטשלאנד וועלען געווים זיין א וויכטיגער טייל אין דער גאנצער עמיגראציאנס-ארגאניזאציע. און כדי אונ-זער פארבאנד זאל קענען ממלא זיין די שווערע אחריות און די גרויסע אויפגא-בען אין דעם היגזיכט — מוז ער אויס געבויט ווערען צו א גרויסער און שטאר-קער ארגאניזאציע. ער מוז טאקי ארום נעמען אלע לעבעדיגע און שאפענדיגע כחות פונ'ם מזרח-אידענטום אין דייטש-לאנד!

וואס פאר א שווערע אויפגאבען מיר וועלען האבען אין דער צוקונפט — דאס קען מען שוין דערקענען איצטער אין דער געגענווארט. דער גרויסער שטראם פון דער אידישער עמיגראציע שטעט ערשט פאר דער טיר — נאך זיינען די מזרח-גרעניצען פארשפארט, נאך קענען די אוק-ראינישע אידען ניט ארויסראטעווען זיך — און דאך האבען מיר דא שוין טויזענ-טער מזרח-אידישע עמיגראנטען, ווי-פיל צרות און עניים, זיי פארקערפערן אין זיך, וואס פאר א טראגישען גורל זיי טראגען אויף זיך, און וועלכע אנשטרענ-גונגען ס'געהערען דערצו זיי צו העלפען!

— דאס ווייסט יעדער, וועלכער האט די געלעגענהייט צו קומען מיט זיי אין מגערומשא.

א גענויערע שילדערונג פונ'ם מצב פון די אידישע נפלטים אין דייטשלאנד און זיינע פארשידענע טיילען, און פונ'ם הילפס-ווערק, וואס רע'פארבאנד פון די מזרח אידען פירט דורך פאר זיי — ווע-לען מיר געבען קומענדיגען מאל.

צום סוף בעטען מיר אלע מזרח-אידי-שע חברות אין דייטשלאנד, זיי זאלען אונז שטענדיג מודיע זיין מכח די פרטים פון זייערע ארבייטען און די וויכטיגס-טע ערשיינונגען אינ'ם לעבען פון די מזרח-אידען אין זייערע ערטער, כדי מיר זאלען דאס אלץ קענען מפרסם זיין אין דאזיגע „ידיעות", וואס מיר ווילען כסדר ארויסגעבען. דאס לעבען פונ'ם מזרח אי-דענטום אין דייטשלאנד איז רייך אין פול טורעלע סאציאלע און געזעלשאפטליכע אקציאנען און געשעענישען, און ס'איז נויטיג, אז זיי זאלען געפינען אן אייגע-נעם עכא אין דער אידישער וועלט.

**ברידער! מזרח-אידען!**

פארטיידיגט אייערע אייגענע אינטער-רעסען!

פאראייניגט אייערע כוחות! שליסט אייך צוזאמען!

טרעט געשלאסען אריין אין דער אר-גאניזאציע פון די מזרח אידען!

דאס איז א' דרינגענדע צייט-פאדע-רונג:

אונטערשטיצט דעם מזרח-אידישען פארבאנד אין זיין קאמף פאר אייערע רעכט"

העלפט איס דורכפירען זיין הילפס ווערק פאר אונזערע אומגליקליכע היים לאזע ברידער"

## ארגענטינאר ראדיקאלען געווי-נען וואהלען.

בונאס איירעס, אפריל 3. — דאס צעה-לען פון די שטימען, וואס זענען אפגע-געבען געווארען אין די לעצטע וואהלען, ווייזט, אז די ראדיקאלען האבען ער-וועהלט 102 מיטגליעדער אין פארלאמענט וואס באשטעהט פון 158 פלעצער, קאנ-סערוואטיווען און דעמאקראטען וועל-כע האבען זיך פאראייניגט האבען ער-וועהלט 45 רעפּוטאטען. די סאציאליס-טישע פארטיי האט געוואונען 10 פלע-צער.

Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט

ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער

וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד

אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.

## א גוטער מאן אבער ניט קיין דושענטעלמאן

פון ב. י. ג—ן

אין דיעזער אפטיילונג קומט מיר גאנץ אפט אוים צו ציטירען אדער איבערגאנצען אפדרוקען בריעף פון לעזער און לעזערינס. דאס מאל וועט מיר אויסקומען צו ציטירען א בריעף פון א לעזער, וואס פרעגט אן עצה ווי אזוי צו געפעלען ווערען דעם ווייב.

דאס איז אביסעל קאמיש, ווארים וועלכער היינטיגער מאן זוכט דאס תרופות צו געפעלען צו ווערען דעם אייגענעם ווייב? מענער ווילען געפעלען ווערען חתן ווייז.

האבען זיי חתונה, קימערען זיי זיך זעהר ווייניג וועגען די מיינונגען פון די ווייבער און גוילען נישט זוכען קיין מיטלען און עצות אויף צו געפעלען זיי.

קומט טאקע אוים צו טרעפען א סך מאל א מאן וואס איז, הוכט זיך, א גאנץ ווארער מענש, נישט קיין שלעכטער מאן צו דער פרוי, נישט קיין שלעכטער טאטע צו די קינדער; ער ארבייט שווער אויף א לעבען צו מאכען; קארגט אן שפארט צוליעב זיין פאמיליע; קויפט פאר קער שטוב, פאר דער ווייב און פאר די קינדער אלץ וואס זיי דארפען און וואס ער קען נאר באהויפטען און פונדעסטוועגען איז די פרוי מיט איהם נישט צופריעדען.

עהגליכעס איז דאס מיט אונזערען א לעזער, וועמען מיר רופען מר. ב. ראגין ער קלאגט זיך פאר אונז: —

„איך בין א ביזנעס מאן, ארבייט גענוג שווער אויף א לעבען צו מאכען, ווארים ביים היינטיגען יקרות, מאכען אפשר די האלסיילערס, אדער די טראסטס גוטע פראפיטען, די ריטיילערס אבער פארדיענען א סך ווייניגער ווי אמאל. דערצו דארף מען גאך ארבייטען שווערער מיט יעדען קונה.

„מהו איך מיין ארבייט, פארלאז זיך נישט אינגאנצען ווי אנדערע מענער אויף זייערע ווייבער. זי העלפט מיר בלויז אמאל אין קראם. איך קארג, הוכט זיך, נישט פאר מיין פרוי און נישט פאר מיינע קינדער און פונדעסטוועגען זאגט זי אז איך בין נישט קיין גוטער, קיין געטרייער מאן.

„מיט א פאאר טעג צוריק האב איך זיך צונויפגערעדט מיט איהר מיט גוטען און האב זי געפרעגט וואס פאר א מאן — נאך איהר מיינונג נאך — הייסט א גוטער. האט זי מיר נישט געענטפערט, אבער זי האט נאכאמאל ווידערהאלט איהר טענה, אז איך בין נישט קיין גוטער, אז אין די פרייע טעג, ווי זונטאג, אדער אין די ימים טובים, געה איך נישט אין ערגעץ און וויל איהר קיינמאל מיט קיין זאך נישט העלפען אין איהר ארבייט. הלמאי — זאגט זי — העלפט זי מיר אין מיין ארבייט יא ארוים."

און עס פרעגט מר. ב. ראגין וואס איז אונזער מיינונג וועגען דעם. וואס זאל ער טאן אזוינס, אז ער זאל איהר געפעלען זיין.

דאס איז איבעריג.

און זאל ער דאס נישט האלטען פאר אזא קלייניגקייט.

ווען א פרוי נעהמט קיינמאל נישט ארוים פון שטוב, ווען זי ווערט צונג־שמיערט צו איין פלאץ, קען דאס לעבען נמאס ווערען זעהר גיך.

ער איז א ביזנעס מאן, נעהמט ער מסתמא אין די פלעצער, וואוהין ער מוז געהן צוליעב ביזנעס צוועקען. זי אבער בלייבט אין חד'הוים, אדער אין קראם.

ער קומט אין פרעמדע קראמען און זעהט זיך מיט פארשיעדענע מענשען און רעדט מיט פארשיעדענע מענשען. זי אבער האט דערצו קיין מעגליכקייט.

און דאס צווייטע איז, נאך וויכטיגער:

עס איז פארפאלען — פרויען האבען ליעב אז דער מאן זאל זיין א דזשענטעלמאן.

עס איז הוכט זיך א קלייניגקייט. אבער ווען דער מאן העלפט דער פרוי אין איהר ארבייט, זעהט זי דעמאלט, אז ער אינטערעסירט זיך מיט איהר ארבייט און אז ער וויל איהר פארלייכטערן אין איהר ארבייט.

ניט איהר א דיענסט און ניט איהר צוויי דיענסטען וועט דאס נישט זיין אזוי ליעב, ווי ווען דער מאן אליין, בכבודו ובעצמו זאל איהר ארויסהעלפען מיט א קלייניגקייט, ביי אן אונבאדייטענדער ארבייט.

איהר קענט דאס רעכנען פאר א קאפריז, פאר א לייכטזין, אדער נארישקייט — אזוי אבער איז עס!

די פרוי קען האבען הונדערט מיט איין פאקט, אז דער מאן איז איהר געטריי, דער בעסטער פאקט איז אבער ביי איהר, ווען ער באציהט זיך צו איהר מיט ערדלקייט, ווען ער איז א דזשענטעלמאן.

מען דערצעהלט, אז א מיידער האט געווארפען אמאל אן אומ'חן אויף איהר חתן ווייל ער האט איהר זיין ארט נישט אפגעטראטען אזוי גיך אין א קאר און האט איהר נישט געהאלפען טראגען די שאפירעניר, פעקלעך וואס זי האט איי די קראמען איינגעהאנדעלט.

צוליעב אזא קלייניגקייט האט זי דעם חתן די תנאים אפגעשיקט.

אבער אין אמת'ן איז עס אין מאנכע פעלע נאר ניט אזא קלייניגקייט.

דאס צייגט דעם כאראקטער פונם מאן דער חתן האט זיך נישט גערעכענט מיט דעם מיידעל. ער האט ניט נאר די עטיקעטע נישט געהיט, נאר ער האט אויך באוויזען, אז ער איז אן עגאאיסט, אז ער וויל אין אכט נישט נעהמען, אז איהר איז אונאנגענעהם צו געהן מיט א מאן וואס העלפט איהר נישט טראגען די פעקלעך. ער האט איהר באוויזען, אז ער איז נישט קיין דזשענטעלמאן.

אפשר, מר. ב. ראגין, איז עס אויך מיט אייך דער פאל? אפשר זענט איהר אויך אזא מענש, וואס האט פיינט צו היטען די דזשענטעלמענישע מנהגים? אויב יא, דאן האט אייער פרוי רעכט, ווארים כמעט אלע פרויען האבען ליעב א דזשענטעלמאן.

האט דאך איהם די פרוי אליין געזאגט וואס זי פארלאנגט פון איהם.

## גאנץ שיקאגא ליידעט פון סטרייק

שיקאגא, אפריל 5 — אלס רעזולטאט פון דעם סטרייק פון די „סוויטשמען" פון די שיקאגא'ר ריילראוד יארדס, ווערט ערווארטעט, דאס 50 טויזענד ארבייטער אין די סטאק'יארדס וועלען בלייבען אהן ארבייט. 5000 זענען ניט צוגעלאזט געווארען צו דער ארבייט און מעהרערע וועלען נאך היינט אווענט זיך מוזען אומקעהרען אהיים.

דער וויים־פרעזידענט פון דער „בראדערהוד אוו ריילוועי טריינמען", מר. [illegible], האט ערקלעהרט דעם סטרייק פון די „סוויטשמען" אלס „אומלעגאל" און האט דורך סטרייק בדעכער צו שטערען דעם ערפאלג פון סטרייק.

דעטרויט זענען 2000 סוויטשמען אויס אין סטרייק. ווי זייערע אנפיהרער זאגען וועלען היינט אווענט ארום 9000 [illegible] די ארבייט.

די פיהרער פון דער אנגעגעבענער בראדערהוד פארדאמען דעם סטרייק, אלס אן אונגעהערטע זאך.

6 מיליאן אמעריקאנער ארבייטער פלאנען צו סטרייקען

ניו יארק, אפריל 5 — פלענער ווערען צוגעגרייט פאר א סטרייק פון 6 מיליאן אמעריקאנער ארבייטער „צו שטערען די ארבייטס־געבער אין די גרויסע אינדוסטריען פון מבטל מאכען דעם 8 שטונדיגען ארבייטס טאג". דיעזע ערקלעהרונג איז געמאכט געווארען פון וויליאם א. מאהרער, סעקרעטאר פון „מערין ווארקערס אפיליאיישאן" און איינער פון די פיהרער פון דעם איצטיגען האפען סטרייק.

ער האט געזאגט, דאס די פאלקאמטענע פלענער פון דעם געפלאנטען סטרייק וועלען איבערגעשיקט ווערען צו גאמפערס'ן און דער עקזעקוטיווע פון דער אמעריקאן פעדערעשאן אוו לייבאר.

## חורבן אווזוטש

(שלוס פון זייט 4)

גאנצע פון אידען, האט זי אויך ניט גע־האט קיין ממשות'דיגען ווערט. און די קאזאקען פלעגען טאקע אויסראבעווען די מיטגלידער פון דער הויז וואך און אייגענע פון זיי האבען זי' דער'הרג'עט.

צוליעב די אלע רדיפות, וואס צווינגען צו געמיינע מיאוסע ארבייטען, די גזלות רציחות און הריגות, איז דיעזע געדריקטע שטימונג אין די אימה ביי דער אידישער באפעלקערונג געוואקסען פון טאג צו טאג. די אידען האבען געפיהלט, אז גם איז איבער זיי א קאטאסטראפע. דעם 15־טען יאנואר האבען זיך אלע פארזאמעלט אין שול און דארט ווערענדיג יעדעם מאל איבערפאלען פון די רויבערישע קאזאקען, פארבראכט די גאנצע נאכט ביז'ן 16־טען יאנואר.

„דעם 16־טען יאנואר אין דער פריה האבען די קאזאקען אנגעהויבען צו פארשפרייטען א קלאנג, אז דער קאמאנדאר פון ציווילע ענינים, צו עלכען די אידען האבען זיך, ווי עס איז ידוע פארהאלטען מיט א פוילען צוטרוי, פארבעט צו זיך די פארטרעטער פון דער אידישער באפעלקערונג, כדי צו מאכען זיי באקאנט מיט א וויכטיגער דערקלעהרונג וואס איז געקומען פון זשיטאמיר. די אידען האבען זיך אנגעכאפט אן די דאזיגע ערקלעהרונג האבען געגלויבט אז עס איז אן אמת און געגומען געהן צום באשטימטען פלאץ, אבער אויפ'ן וועג זענען זיי ארומגערינגעלט געווארען פון רייטענדע קאזאקען, וועלכע האבען זיי אנגעהויבען צו אונטערטרייבען מיט קאנטשיקעס און גע־צוואונגען צו זינגען „מה יפית" און אנדערע לידער. די אומגליקליכע האבען פארשטאנען, אז מען האט זיי ארייגעטראגען אין א זאק אריין. מען האט זיי געטריבען צום וואקזאל. ווען זיי זענען צוגעקומען צום וואקזאל, האבען די קאזאקען און אויך די אפיצערען, וואס האבען זיי ארומגערינגעלט, זיי אנגעהויבען צו האקען מיט שווערדען און שיסען אויף זיי. די אידען האבען אנגעהויבען זיך פאנאנדערצולויפען אין פארשיעדענע זייטען. עס האבען זיך אויף זיי א שאט געטאן קולען פון ביקסען. איבערהויפט אין דער צייט האבען אנדערע קאזאקען פון א באהאלטענעם ארט ארויס אין וואקזאל גופא, אנגעהויבען צו ווארפען אויף די אידען אויפפלאצענדיגע קוילען. 32 מענשען זענען געבליבען ליגען אויפ'ן ארט, עס זענען געווען א סך פארוואונדעטע ועהר ווייניג זענען ניצול געווארען. נאך דער שחיטה האט זיך באוויזען דער אטאמאן קאווידזיוקא, וועלכען די קאזאקען האבען איבערגעגעבען מיט די ווערטער: א דאנק גאט, טאטעלע, מען האט די זשידעס אביסעל צעשאסען". אין דער וועלבינער נאכט האט קאווידזיוקא מיט זיין באנדע פארלאזען די שטאדט, ווייל פון דער זייט פון קאלינאוויטש זענען אנגע־גאנגען די באלשעוויקעס.

„דער פועל יוצא פון דער דאזיגער ממשלה איז געווען, אז מען האט דער־הרג'עט ארום 80 אידען און צוראבעוועט מעהר ווי 1,200 הייזער. און נאר דורך א צופאל זענען גאנץ געבליבען 10 — 15 הייזער. אין דעם דאזיגען פאל איז דער פאגראם דורכגעפיהרט געווארען אונטער דעם לאזונג: „שלאג די זשידעס ווייל זיי זענען באלשעוויקעס". אבער די שטימונג פון די קריסטליכע מאסען צו די אידען איז אזוי, אז אבי וואס פאר א לאזונג איז מסוגל אנצוצינדען א פאגראם. מען קאן זאגען אהן א גוזמא, אז דער פאגראם האט אויסגעגליכט אלע אידען אין דעם פרט פון ארים און רייך: אלע אידען זענען גלייך בדלות געווארען, און דער פסוק: „חברים כל ישראל" קען מען דא אנווענדען אין א פולע מאס. די שאדענס דערגרייכען ביז הונדערטע פון מיליאנען. און אז מען זאל אפשאצען מיט דער היינטיגער וואליוטע, וועלען זיי אפשר דערגרייכען ביז צו מיליארדען.

„אין אווזוטש האט זיך געגרינדעט א הילפסקאמיטעט פאר די אידען, וואס האבען געליטען פון פאגראם. דער קאמיטעט ארבייט פראדוקטיוו, בעת די הילף וואס ער גיט איז זעהר קליין בערך צו דער גרויסער נויט, וועלכע געוועלטיגט אין שטאדט. אווזוטש דארף האבען א הילף אין א סך גרעסערען מאס, אין א מאס, וואס נאר א מלוכה קען דאס דער־ווייזען.

פאסטקע

שפעטער איז קיין אווזוטש אראפגעקומען א סאוועטער קאמיסאר צום אויספארשען די פאגראמען, צום באהויזערען אבער קענען די אויספארשונגען פון דער קאמיסיע נ'ט פיהרען צו דעם געווינשטען ציעל, ווייל די אידען האבען מורא אנצורופען די נעמען פון די אלע, וואס האבען זיך באטייליגט אין די פאגראמען. אפילו ווען מען קען זיי גאנץ גוט. דער סוף איז אז אלע פון וועלכע מען ווייסט אויף קלאהרה, אז זיי האבען געהאלפען די פאגראמשטשיקעס שפאצירען ארום גאנץ פריי און עטליכע פון זיי האבען אפילו

שטעלעס א'ן די סאוויעטישע אינסטיטוציעס. עס איז פון דער סאוויעטישער זייט אויך צוגעזאגט געווארען שטיצע פאר די פאגראמירטע. נאר די דאזיגע סומע, ווען זי זאל שוין אפילו געגעבען ווערען, מעג זי ווי גרוי'ס זיין, איז זי נאך אלץ צו ווייניג, צו קענען אויפבויען אלעם וואס עס איז אין דער שטאדט צעשטערט געווארען.

(„איד. ווש.")

## דר. ווייצמאנס דעקלעראציע אין פאריז

א טעלעגראם פון פאריז איז מודיע, אז דר. ווייצמאן, דער אנפיהרער פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע וועלכער געפינט זיך איצט אויפ'ן וועג קיין פאלעסטינא, האט אויף אן אלגעמיינער פארזאמלונג פונ'ם קאמיטעט פון אידישע דעלעגאציעס אין פאריז ערקלערט, אז דער צוועק פון זיין רייזע איז צו פארשטארקען די פריינדליכע באציהונגען צווישען די אידען און די אראבער. און געבען זיי א קאנקרעטע פארם. נייע וויכטיגע גע־שעהנישען גיבען אונז דעם גרונד צו האפען אז עס וועט געלונגען צו לעזען די שווערע פראבלעם צו דער צופרידענהייט פון ביידע צדדים.

דר. ווייצמאן האט אויסגעדריקט זיין איבערצייגונג אז צווישען דער נויטווענדיגער און פרובטבארער היסטארישער ארבייט פונ'ם קאמיטעט פון אידישע דעלעגאציעס, וואס איז געווידמעט צו דער פראבלעם פון אנערקענונגען פון נאציאנאלע רעכטע און דער פאליטישער אקטיוויטעט פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע בנוגע דער פאלעסטינער פראגע, איז נישט פאראן קיין אונפאראייגבארקייט.

ער האט אויך אויסגעדריקט זיין איבערצייגונג אז די אויסברייטונג פונ'ם פאלעסטינא געדאנק וועט ערהויבען דעם ערפאלג פון דער אנערקענונג פון די נאציאנאלע רעכטע, און אויף אזא אופן וועט אויך די פאלעסטינער ארבייט גע־ניסען פונ'ם ערפאלג פונ'ם אנערקענונג פון די נאציאנאלע רעכטע.

## ביאליסטאקער אויפמערקזאם אלע ביאליסטאקער

וועלען זיך טרעפען אין לייבאר ליסעאום מיטוואך אבענד אפריל דעם 7־טען

וואו אלע ארראנזשמענטס פאר אונזער דענס און באל וועלען געמאכט ווערען. עס איז נאך אינגאנצען צוויי וואכען פארבליבען צו אונזער באל און דענס וועלכע מיר ארראנזשירען אין לייבאר ליסעאום, זונטאג, אפריל דעם 18־טען.

קיין ביאליסטאקער טאר נים פארפעהלען אנוועזענד צו זיין ביי דיעזען מיטינג אום אונזער אונטערנעהמונג פיר א זוקסעס צו מאכען.

מיט גרוס

דער ביאליסטאקער פאראיין און דעטראיט.

## די דעי נוירסעריעס

א מיטינג פון דעם דעי נוירסערי פרויען פאראיין וועט פארקומען דעם

12טען אפריל אין עטינגערס האל

(קאר. בענטאן און סט. ענטווין).

אלע וואס זיי איז ליעב די אידעע פון דער דעי נוירסערי זאלען קומען.

די וואס קענען נישט אנוועזענד זיין, זאלען צושיקען זייער נאמען און אדרעס צו מרס. ראוט 104 קענטאן סט. וועט מען זיי פארעכנען פאר מעמבערס פון דער דעי נוירסערי.

## „לכל עת" אויף אלעס קומט א צייט

און אויך אויף דעטראיט איז געקומען א צייט, איך מיין אקעגען דעם וואס איהר זאגט א שנארער אסאסיאשאן.

לכן זייט וויסען אז אין דעטראיט האט זיך געגרינדעט א שנארער אסאסיאיישאן מיט אלע קליפער'אך מיט אלע שטיק און שטיקלעך טאקע להבדיל ווי ביי אמת'ע שנארער. און כל דיכפין יתי וייכל, דאס הייסט ווער עס וויל געשנאר'עט ווערען און אליין אויך ווערען א שנארער, איז צו יעדער צייט ביי אונז ווילקאמען און ווייסט איהר וואו? טאקע אין לייבאר ליים טינגס — (לייבאר ליסעאום בלע"ז) זונטאג אווענט 4 אפריל 8 א זייגער — פאר אויסקונפטע. — אז איך וועט זיין, וועט איהר א"הש ש"ין אליין אויסגעפינען.

מיט איינעגער האנט אונטערצייכענט זיך מיניסטער פון אינערליכע און אויסערליכע אנגעלעגנהייטען

ת. ר.

## אין פרינטינג שאפ פון „וועג״

פון א קארטעל

ביז

א גרויסע צייטונג

פון א הענדביל

ביז

א גרויסען בוך

ווערט געמאכט שנעל, גוט און צו מעסיגע פרייזען

The only Jewish Paper Printed in Michigan

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע ציטונג געדרוקט אין מישיגאן-סטייט

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3715

Published Daily by
DER WEG PUBLISHING CO.

Published and distributed under permit No. 7?? authorozed by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Thursday, April 8th 1920 Vol. 2, No 48 דאנערשטאג אפריל 8. 1920


## פאליטישע נייעס בקיצור

### איטאליען שיקט קאמערציע-לע קאמיסיע קיין רוסלאנד

אטענס, אפריל 7. — אן איטאליעני-שע קאמיסיע צו פיהרען קאמערציעלע אונטערהאנדלונגען מיט סאוועטען רוס-לאנד איז דא היינט אנגעקומען. די קא-מיסיע האט איניגע מיליאן רובעל קעש.

### שוועדען און רוסלאנד שליסען קאמערציעלען אפמאך

שטאקהאלם, אפריל 7. — מר. קראס-קין, פון דער סאוועטען קאמיסיע קיין ענגלאנד, האט דא געשלאסען מיט דעם שוועדישען אויסערן-מיניסטער אן אפ-מאך וועגען קאמערציעלע באציהונגען, אויב ענגלאנד און פראנקרייך וועלען אראפנעהמען די בלאקאדע פון באלטי-שען ים. מר. קראסין האט צוגעזאגט דער שוועדישער רעגירונג, אז רוסלאנד וועט גוט מאכען די היזקות, וואס שוועדישע בירגער האבען געליטען אין רוסלאנד צו-ליעבדעם ציווילען קריעג.

### איטאליען אנערקענט אלבאניען

רוים, אפריל 7. — לויט דער „עפאָ-קא", האט די איטאליענישע רעגירונג אפיציעל אנערקענט די רעגירונג און אטא-נאמע קאנסטיטוציע פון אלבאניען.

### 5 סטרייק-פיהרער פארמשפט אין וויניפעג.

וויניפעג, אפריל 7. — רעווערנד וו. אייווענס און נאך 4 פיהרער פון דעם גענעראל-סטרייק אין וויניפעג, זענען געבטען פאר'משפט געווארען צו 18 מא-נאטש טורמע.

### מיטגליעדער פון נייעם דעני-שען קאבינעט אנהענגער פון וואהלע

קאפענהאגען, אפריל 7. — דער נייער קאבינעט, וואס איז איצט באשטימט גע-ווארען, באשטעהט פון פערזאנען, וועל-כע זענען ארויסגעטראטען געגען קעניג'ס אויפלעזען פון וואהל'ס קאבינעט. דער נייער קאבינעט איז פראוויזאריש, און ווי דער נייער פרעמיער האט ערקלעהרט אין פאלקסטינג (דענישער פארלאמענט) וועט זיין קאבינעט זיין אין אמט ביז א-בער די קומענדע וואהלען, וועלכע ווע-לען, ווארשיינליך, פארקומען דעם 22-טען אפריל.

### איטאליענער ראדיקאלען פרא-טעסטירען געגען אמעריקא'ס שטעלונג צו רוסלאנד

מילאן, אפריל 6. — אויף א גרוי-סער פערזאמלונג האט געבטען דער באַ-וואוסטער אנארכיסט מאלטעסטא פראטעסטירט געגען דער שטעלונג פון דער רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען צו לעניג'ס סאוועטען רעגירונג. די אי-בעריגע רעדנער האבען אויך זיך ארויס-געזאגט געגען אמעריקא. זיי האבען אויך פראטעסטירט געגען מילאנ'ער מעיאר קאלדארא, פאר זיין פרעזענטירען צו מרס. ווילסאן א בוקעט בלומען, ווען דער פרעזידענט און זיין פרוי זענען געוועזען אין איטאליען.

### סאציאליסט ערוועהלט מעיאר אין מילוואקי

מילוואקי, אפריל 7. — אין די נעכ-טיגע וואהלען, איז דעניעל האון, דער סאציאליסטישער מעיאר, צום דריטען מאל ערוועהלט געווארען.

### ניו-יארק'ער סאציאליסטען פארלירען ספעציעלע וואהלען.

ניויארק, אפריל 7. — די לעגאלע סאב קאמיטע פון דער קאמיטע פון 8, וואס די סאציאליסטישע פארטיי האט ער-וועהלט אנצופיהרען די פארטיידיגונג פון די 5 אויסגעשלאסענע סאציאליסטי-שע אסעמבלי לייט, האט געבטען אוועגט באשלאסען ניט איבערצוגעבען דעם איי-נדערענט צום געריכט, נאר צו ביטען דעם גאווערנאר, דאס ער זאל זאפארט באשטי-מען נייע וואהלען צו ערפילען די אפגע-ערינגטע פלעצער פון די 5 דיסטריקטען.

## יאפאן שטעלט שווערע באדינגונגען רוסישער רעגירונג אין סיביר

לאנדאן, אפריל 7 — איז זיין ער-קלעהרונג וועגען פארנעהמען וולאדיוואס-טאק דורך מיליטער, זאגט דער אפיציע-לער סטייטמענט פון טאקיא, אז „די רו-סען זענען געווען אגרעסיוו און וולאדי-וואסטאק איז אקופירט געווארען אלס א נויטווענדיגער שריט צו פאהיטען די אינטערעסען פון יאפאן אין דעם ווייטען מזרח".

וולאדיוואסטאק איז פארנומען גע-ווארען דעם 5-טען אפריל, נאך אן אכט שטונדיגען שלאכט מיט די סאלדאטען פון דער רוסישער פראוויזאר'שער רעגי-רונג. ווען די יאפאנעזער האבען גע-זיעגט, איז זייער פאהן ארויפגעצויגען געווארען איף די רעגירונג געביידעס. מאסען ארעסטען זענען פארגעקומען, אי-בערהויפט צווישען די קאראנער. די ארעסטירטע זענען געפיהרט געווארען אי-בער די גאסען, זענענדיג צוגעבונדען איינער צום צווייטען מיט שטריק.

דער אנפאל פון די יאפאנעזער איז געקומען אומגעריכט, כאטש יאפאן האט קאנצענטרירט איהר ארמיי לעבען וולאדי-וואסטאק, נאך אין די ערשטע טעג פון מאנאט מארטש.

לויט א דעפעש פון טאקיא, וועט יא-פאן ניט ארויסציהען איהר ארמיי פון סיביר, „צוליעב איהר געאגראפישער פא-זיצ'ע און דער געפאהר, וואס דראהט איהרע בירגער אין קארעא און מאנדזשו-ריא". דיעזע דעפעשע איז ארויסגע-שיקט געווארען דעם 31-טען מארטש און איז אנגעקומען אין לאנדאן דעם 5-טען אפריל.

קריעגס צושטאנד איז ערקלעהרט גע-ווארען אין וולאדיוואסטאק. די באדינ-גונגען וואס יאפאן שלאגט פאר דער פראוויזארישער רעגירונג זענען אונמעג-ליכע, כאטש די דעטאלען זענען ניט בא-וואוסט.

א'הם גרויסע האפנונגען, ערוואַרטענדיג פון איהם, דאס ער זאל צוריק אויפשטע-לען אן ארגאניזירטע ארמיי געגען די באלשעוויקעס.

**אין קאווקאז**, ווי ס'ווערט געמעלדעט מארשירט די רויטע ארמיי שנעל צו אזערבאדזשאן און געארגיע.

### ערנסטע שלאכטען צווישען יא-פאנעזער און רוסען אין פיעל סיבירישע שטעדט

וואשינגטאן, אפריל 7 — לויט ידיעות, וואס זענען דא היינט ערהאלטען געווארען, קומען פאר ביטערע צוזאמענ-שטויסען צווישען דער יאפאנעזישער אר-מיי און די רוסישע סאלדאטען אין ני-קאלסק, 40 מייל פון וולאדיוואסטאק, און אין כאבאראווסק.

### גענ. דוטאוו מיט 8 טויזענד סאלדאטען זענען אריבער מאנגאלישער גרעניץ

לאנדאן, אפריל 7 — פון פעקין טע-לעגראפירט מען צו דער הינער „טיימס" דאס גענעראל דוטאוו, הויפט א'נספעק-טאר פון דער אלדרוסישער ארמיי, איז מיט 8000 סאלדאטען און 1.200 אפיציר-ען אריבער די מאנגאלישער גרעניץ, ווען די באלשעוויקעס האבען איהם נאכגע-יאגט.

### דעניקין אראפגעזעצט. נאר ווערנגער געניעראל פארנעהמט זיין פלאץ

קאנסטאנטינאפאל, אפריל 7 — גע-נעראל וראנגעל, קאמאנדיר פון דער וו'ר-סער ארמיי אין רוסלאנד, איז באשטימט געווארען צו פארנעהמען גענעראל דעני-קינ'ס אמט, אלס הויפט-קאמאנדיר פון דער אנטי-באלשעוויסטישער ארמיי אין דרום-רוסלאנד.

גענ. דעניקין א'ז אהער אנגעקומען מיט זיין געוועזענעם שטאב-שעף גענ. ראמאנאווסקי, אויף אן ענגלישער שיף. זיי זענען אוועק גלייך אין דער רוסישער אמבאסאדע. גענ. ראמאנאווסקי איז דער-טען דער'הרג'עט געווארען, און זיין מער-דער איז דערווייל ניט ענטדעקט געווא-רען.

מ'זאגט, דאס גענ. וראנגעל פאהרט אב פון קאנסטאנטינאפאל קיין קרים. ער זיין פון נאוועגישע עלסעכע. די אנטי-באלשעוויסטישע קרייזען לעגען אויף

### מילך וועט קאסטען 14 סענט א קווארט

ביי א מיטינג פון דער פעדעראל פעיר פרייז קאמיטע, לעצטען דינסטאג אוונט איז געפאסט געווארען א באשלוס, אז פון דעם 15-טען אפריל ביז דעם 1-טען אוי-גוסט טאר דער פרייז פון מילך ניט זיין טייערער פון 14 סענט א קווארט. גראָ-סערי לייט וועלען דארפען צאהלען 13 סענט א קווארט.

דער דאזיגער באשלוס איז אנגע-נומען געווארען נאך א פארזיכטיגער בא-טראכטונג פון די אלע באווייזע וואס זיי-נען אויסגעהערט געווארען לעצטע וואך פון פארשיעדענע מילך פראדוצירער און ריטיילערס. אלע האבען ערקלעהרט, אז דער מילך-סופליי פון אפריל ביז אויגוסט וועט זיין איבערגענוג און עס איז דא-רום די מיינונג פון דער פעיר פרייז קא-מיטע, אז דער עולם זאל הערפון האבע. דעם בענעפיט.

אויף דעם נעקסטען מיטינג, וואס וועט פארקומען דעם 13-טען אפריל, וועט באשטימט ווערען א פרייז פאר פוטער אייער. האלסיילערס און ריטיילערס ווע-לען גערופען ווערען צו באטראכטען וואס, מען קען טא אום צו פארקלענערען דעם פרייז פון אט די דאזיגע פראדוק-טען.

### ביים היברו האספיטאל אססאסיאיישאן

א לעבעדיגער מיטינג איז פארגעקומען לעצטען דינסטאג אין עטינגערס האל פון דער היברו האספיטאל אסס'ן אונטער דעם פארז'ין פון מר. קאצין.

לעבעדיג איז דער מיטינג געווארען ווען מען איז שוין צוגעקומען צו דעם פונקט פון „זואל אונד בעסט" און מר. ספיוואק האט באריהרט דעם פאָרווערטס, עבאטע וועגען האספיטאל. עס האט זיך ענטוויקעלט א לעבהאפטע דעבאטע, אין וועלכער כמעט אלע אנוועזענדע האבען אנטייל גענומען. עס איז באשלאסען גע-ווארען צו ערוועהלען א פרעס קאמיטע, וואס זאל די דעבאטענט אין פאר-ווערטס ערקלעהרען די גאנצע טעטיג-קייט פון דער אססאסיאיישאן און אויך באריכטען [...] פון היגען פארווערטס [...] פאלש אינפאר-מירט [...] באשלוסען פון [...] מחמת פון איגנארירען [...] קיינמאל אפיציעל ניט בא-[...] געווארען. אן אנדער פרעס קא-מיטע איז ערוועהלט געווארען צו פאר-עפענטליכען א דאנק צו מר. קאין, געווע-זענעם סעקרעטאר פאר זיין גוטער אר-ביט, וואס ער האט געלייסטעט דער אססאסיאיישאן.

### קומט און מיר וועלען אלע צו-זאמען בעגלייטען דעם יום טוב

א ליטעראריש מוזיקאלישער קאנצערט וועט געגעבען ווערען זונטאג דעם 11-טען אפריל 2.10 ביי טאג אין לייבאר ליי-סעאום, אין וועלכער די בעסטע ליטער-ארישע קרעפטען פון שטאדט וועלען איינ-טהייל נעמען. אלע בחורים, מיידלאך און סתם יונגע לייט זיינען איינגעלאדען צו דיעזען קאנצערט וואו זיי וועלען ווירק-ליך פערברענגען א גוטען איינגענעמען אוונט.

קומט! און ברענגט מיט אייערע פריינד איינטריט פריי.

אראנזשירט פון די וואלונטירען פון דער פיפעלס רעליעף.

## 10 אידען דער'הרג'עט אין ירושלים'ער צו-זאמענשטויס

לאנדאן אפריל 7 — לויט א טעלעגרא-מע פון קאירא, זענען אומגעקומען 10 פערזאן דער'הרג'עט געווארען אין ירושלים ווען דער צוזאמענשטויס צווי-שען אידען און מאהאמעדאנער איז פאר-געקומען.

ווי מ'גיט איבער, איז דיעזע טרויערי-גע געשעהעניש פארגעקומען אויף פאל-גענדען אופן: די אידען האבען זיך צו-זאמען געקומען דאווענען ארום דעם כותל מערבי, אין דאן זענען אנגעקומען פון חברון מאהאמעדאנער, וועלכע האבען גע-שריען:

„מיר האבען דאס לאנד ערוואָרבען דורכ'ן שווערד און מיט'ן שווערד וועלען מיר עס אפהיטען".

זיי זענען באפאלען ד' אידען און הער נעשלאגען איז פארגעקומען. ענגלישע סאל-דאטען זענען גלייך אנגעקומען און ארד-נונג איז צוריק איינגעשטעלט געווארען. א פראקלאמאציע איז דאן ארויסגעגעבען געווארען, וועלכע פארבאט צווילע פער-זאנען אנצוקומען אין ירושלים.

### הונגער-סטרייקענדע שין-פיי-נער פאראורזאכען א טומעל אין טורמע

דובלין, אפריל 7. — די שין פיינער, וועלכע געפינען זיך מאונטדזשאי טורמע, האבען ערקלעהרט א הונגער סטרייק. ווען זייערע פארערונגען זענען ניט נאכ-געגעבען געווארען, האבען זיי צוברא-כען אלץ, וואס ס'האט זיך געפונען אין טורמע, ווי אויך די וואנט, וואס טיילט איבער די צוויי צימערען.

א מיליטערישע וואך איז אנגעקומען און געבונדען די ארעסטירטע.

### אלע ענגלישע פארטייען אפע-לירען פאר „נאציאנען-ליגע"

לאנדאן, אפריל 7. — איזל גרעי, פרעמיער לאיד דזשארדזש, אדמיראל בי-טי, געוועזענער פרעמיער אסקוויט, לארד ראבערט סעסל און דזשאהן ר. קליינעס האבען פארעפענטליכט אן אפיעל אין דער „טיימס" פאר א מיליאן דאלאר כדי אויפצוהאלטען דעם גייסט און אידעא-לען, וועלכע געפינען זיך אין דער נאציא-נען-ליגע".

### צוליעב טעכנישע אורזאכען

דינסטאגדיגער נומער „וועג" האט נישט געקענט ערשיינען צוליעב געוויסע אורזאכען; עס א'ז באווארענט געווארען אז אזעלכע אורזאכען זאלען אין דער צו-קונפט נישט פארקומען.

### רעזאלוציע וועגען שלום מיט דייטשלאנד וועט געשטימט ווערען פרייטאג

וואשינגטאן, אפריל 7. — די פאר-טער רעזאלוציע, וועלכע פאדערט אויף די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטא-טען צו ערקלעהרען דעם קריעגס-צו-שטאנד מיט דייטשלאנד געענדיגט, וועט פארקומען צום שטימען אין קאנגרעס קו-מענדען פרייטאג, 5 א זייגער פארנאכט.

## א רעקאמענדאציע צו די לעזער פון "וועג"

אום איהר זאלט האבען אן עונג יום טוב ראטהען מיר אייך צו לייענען אין היינטיגען נומער משה נאדיר'ס א „גישט אויסגע"שירים'טער שיר השירים' — א זעהר לעבעדיגע הומארעסקע, ווי נאר משה נאדיר קען אנשרייבען.

„די נייע סדרים" — א ששהנער הו-מאריסטישער פעליטאן פון דעם דיכטער אלמי (עליאש).

א'הר דארפט פאראינטערעסירט זיין אין דער פראגע וואס י. ראבינאוויטש באהאנדעלט אין זיין ארטיקעל; לייענט די „הגדה של רעטראיט" אין די לעצטע פיידוש ארטיקלען פון „וועג".

אויך די סקיצע פון דעם פאעט בערקאוויטש.

## ענגלאנד און אמעריקא שטיצען ניט פראנקרייד'ס שריט אין דייטשלאנד

מעטץ, אפריל 7 — די פראנצויזישע טרופען, וועלכע זענען אריבער דעם טייך ריין, זענען פארט זייער מארש אין דייטשלאנד און האבען פארנומען האמ-בורג היינט פריה. האמבורג איז ניין מייל צו צפון פון פראנקפארט.

קאבלענץ, אפריל 7 — צוויי טויזענד קאמוניסטען זענען אריבער דעם ריין אין דעם טייל דייטשלאנד, וואס איז אקו-פירט פון ענגלאנד און זענען דארט א'נ-טערנירט געווארען.

דאס אנטלויפען פון די קאמוניסטען אין גרויסע צאהלען באווייזט, אז דער אייפשטאנד אין דעם רוהר געגענד איז נאהנט צום סוף.

באכום איז נאך אלץ אין קאמוניס-טישע הענט, און ס'ווערט ערווארטעט, דאס א ביטערער קאמף וועט דארט פאר-קומען.

די לאגע אין דעם רוהר געגענד א'ז זעהר א שלעכטע און די לעבענס-באדינ-גונגען זענען דארט אונמעגליכע.

ס'ווערט באריכטעט וועגען א באהן-סטרייק אין עסען, קיינע צוגען געהען דארט ניט.

דאס אריינדרינגען פון פראנצויזישען מיליטער א'ן דייטשע שטעדט צום מזרח פון טייך ריין האט ניט ארויס-גערופען קיין גרויסע פארלעגענהייט ביי דער ארטיגער באפעלקערונג. די דייטשען זענען טיעף איבערצייגט, דאס דער פראנצויזישער מארש וועט פארשטאר-קען מעהר פון אלץ דעם געפיהל איבער גאנץ דייטשלאנד געגען די עלייעס.

דער הויפט פו'ם אמעריקאנעם שטאב האט ווידערהאלט, דאס ער האט גאָרנ'ט צו טאן מיט די געשעהענישען, וואס קומען פאר איבערהאלב דער טעריטאָ-ריע, וואס איז אקופירט דורך דעם אמע-ריקאנישען מיליטער, סיידען ווען ס'קו-מען אן ספעציעלע אינסטרוקציעס פון וואשינגטאן.

פאר'ז, אפריל 7 — דייטשלאנד האט היינט איבערגעגעבען צום פראנצויזי-שען פרעמיער, מילעראן, א פראטעסט גע-גען דעם פארנעהמען פון דייטשע שטעדט דורך פראנצויזישען מיליטער.

בערלין, אפריל 7 — אין אן אפיציע-לען סטייטמענט פארדאמט די דייטשע רעגירונג דאס פארנעהמען דורך פראנ-צויזישע סאלדאטען פון דייטשע שטעדט אין דעם נייטראלען קרייז צום מזרח פון טייך ריין.

ס'ווערט א'ן סטייטמענט ערקלעהרט, אז די רעגירונג האט געטאן אלעס מעג-ליכעס „צו פארמיידען דעם אונגעהערטען אקט (פון פראנקרייך) וועלכער איז, ערש-טענס, געגען דעם אינהאלט פון שלום-אפמאך און, צווייטענס, איז זיין גרוים ניט אין פראפארציע מיט דער אונזוי'כ-טיגקייט פון אונזערע שריט אין דעם רוהר געגענד.

דער צפון טייל פון רוהר טאהל, וועל-כער נעהמט אריין דויזבורג, מולהיים, דארטמונד, האמבארן, סטערקרייד, אבור-האזען און שווערטע, געפ'נט זיך, לויט ציטונגס באריכטען, אין די הענט פון גענעראל קאביטש.

דאס ענטוואפענען פון דער באפעל-קערונג ווערט פארטגעזעצט אין די פעל-דער, וואו עבערטס סאלדאטען זענען אין מאכט.

אויף דעם פארצווייפעלטען כאראק-טער פון'ם קאמף ווייזט אן פאלגענדער פאקט: צווישען די גע"הרג'עטע קאמו-ניסטען געפינט זיך א גרויסע צאהל בא-וואפענטע פרויען.

### ענגלאנד און אמעריקא האל-טען זיך פון ווייטען פון פראנ-צויזישען אריינדרינגען אין דייטשלאנד

לאנדאן, אפריל 7 — לויט אלע וואר-שיינליכקייט, וועט ענגלאנד ניט נעהמען קיין אנטייל אין דעם פראנצויזישען מארש אין דייטשלאנד. א קלאנג איז פארשפרייט אין די הויכע דיפלאמאטישע קרייזען, אז דער פראנצויזישער שריט האט געשטעלט די ענגלישע רעגירונג אין אן אינאנגענעהמער לאגע.

ווען דיעזער שריט איז פארהאנדעלט געווארען אויף דעם אמבאסאדארען ראט ווערט איבערגעגעבען, דאס ניט ענגלאנד און ניט איטאליען האבען צוגעשטימט צו איהם און דיעזע ביידע לענדער האבען דר'נגענד אנגעוויזען אויף דער נויטווענ-דיגקייט פון א פארזיכטיגער באטראכ-טונג, איידער דיעזער שריט וועט אנגע-נומען ווערען. מ'האט געהאפט, דאס פראנקרייך וועט ווארטען אויף דער צו-שטימונג פו'ן ראט, אבער זי האט עס ניט געטאן.

קאבלענץ, אפריל 7 — אין דעם אפ'ס פון מר. נאיעס, א פארשטעהער פון אמעריקאנעס סטייט דעפארטמענט אין דעם אקופירטען ריינלאנד, האט מען זיך דערוואוסט, דאס ער האט נעבטען דעפעש-שירט קיין וואשינגטאן, אז ער וועט ניט נעהמען אויף זיך קיין פאראנטווארט-ליכקייט דירעקט אדער אונדירעקט אריינ-געצויגען צו ווערען אין דעם פראנצויזי-שען מארש קיין דייטשלאנד.

## ביי דער דזשואיש וזימען וועלפעיר אסס'ן

מאנטאג אבענד איז אין דער רוסישער שול אפגעהאלטען געווארען א מיטינג פון דער „יוראפיען דזשואיש וועלפעיר אר-גאניזיישאן" אונטער דעם פארז'ץ פון דער מרס. בלום. דער מיטינג איז געווען גוט באזוכט; פארשטעהער פון פארשיע-דענע פרויען ארגאניזאציעס פון פאר-שיעדענע שטאדט-טיילען זענען אנווע-זענד געווען.

דער רעדאקטאר פון „וועג" מר. ב. י. גאלדשטיין האט אדרעסירט די פאר-זאמלונג און אנגעצי'כענט וואהין זייער טעטיגקייט דארף ריכטען און געשילדערט דעם גיהנום אין אוקראינע.

גאנץ ווארים האט גערעדט רעוו. גאלדין וועגען די ציעלען פון דעם פאראיין און וואס דיזע ציטונג „דער וועג" טוט פאר דעם פאראיין. ער האט או'פגעפא-דערט די אנוועזענדע צו לעזען דעם 'וועג' וועלכער אונטער דער איצטיגער רע-דאקציע האלט אן אפען אויג אויף אלע שטאדטישע ארביטען און ארגאניזא-ציעס און העלפט זיי אין זייער ארבי'ט. דאס זעלבע האט אויך צו ענדע פון מי-טינג די פארזיצענדערין ווידערהאלט און אפיציעל באדאנקט דעם רעדאקטאר פאר זיינע געלונגענע עדיטאר'עלס ווע-גען דיעזער ארגאניזאציע.

עס איז ערוועהלט געווארען א' עקזע-קוטי'וע קאמיטעט פון דרייסיג פרויען, וואס וועלען אפהאלטען אפטע מיטינגען און אנפיהרען א' אינטענסיווע ארבי'ט.

פון די ביכלאך וואס די פרויען הא-בען גענומען, איז צו זעהן אז לערך א צוויי הונדערט נייע מעמבערס האבען זיך פארשריעבען אין דיעזען פאראיין; א געוו'סע סומע געלד איז געזאמעלט געווארען.

## אייף דעטראיטער גאסען

### גנב געכאפט און פארוואנדעט אין אקלאנד באנק

דזשא לוקאוויטש, 503 קירבי עוו., האט דינסטאג ביינאכט געכאפט א קויל אין זייט פון א דעטעקטיוו, ווען ער איז געכאפט געווארען קריכענדיג אין דער פיפעלס סטייט בענק, אויף אוקלאנד און קעניליווארטה עוועניו.

געקראבען איז דער גנב דורכ'ן דאך, דער ערשטער וואס האט דערזעהן דעם בחור שפאציערענדיג אויפ'ן דאך איז גע-ווען מר. מארקוס מארטין, 192 קא-טערדזש פארק עוועניו, ער האט באלד וועגען דעם געלאזט וויסען די פאליס.

אין איניגע מינוטען ארום זיינען דע-טעקטיווס געקומען צו לויפען צו דער סצענע און האבען ענדעקט די לאך אין דאך פון וואנען דער חברה-מאן איז גע-קראבען. זיי האבען אריינגעקוקט אין דערזעהען איינעם קריכענדיג אויף א זייל אראפ אין באנק אריין. זיי האבען איהם באפוהלען זיך אפצושטעלען און ווען ער האט ניט געפאלגט, האט איינער פון די דעטעקטיווס אויסגעשאסען און איהם גע-טראפען אין זייט.

עטליכע דעטעקטיווס זיינען אריין אין באנק און האבען דעם חברה-מאן אראפגעשלעפט פון זיי'ן לאון אין א פאט-רול וואגען איהם אפגעפיהרט אין דער-סיווינג האספיטאל.

אויף דעטראיטער גאסען

### א טאג פון שרעקליכע רויבערייען און גנבות

דינסטאג ביי טאג האבען באוואפענטע באנדיטען זיך אריינגעריסען אין סטאר פון דער קראגער גראסערי קאמפאני, 916 פאלמער עוו. און בארויבט די סטאר אג'ף שעהנע עטליכע הונדערט דאלאר.

אין אלגעמיין איז לעצטען דינסטאג געווען א טאג פון שרעקליכע רויבערייען. עס ווערט געשאצט, אז דער סך-הכל פון די רויבערייען אין פארשיעדענע סטארס און הייזער האט דינסטאג באטראפען די סומע פון $12.000- אין קעש און א מאסע ווערטפולע סחורות.

### האבען געבער ניט געקענט עפענען די סייף

נאכדעם ווי איניגע באנדיטען האבען זיך אנגעלעגטן 5 אזייגער באגינען גוט אנגעארבייט אויף א 500-פונטיגע סייף, וואס זיי האבען גע"גנב'עט פון דעם סינק-לער אויל סטיישאן, אונף האי סטריט און פארשלעפט אין אן אלעע, הינטער 109 העגרי סטריט און האבען זי בשום אופן ניט געקענט עפענען, האבען זיי איבערגעלאזט די סייף א ניט געעפענטע און זענען אנטלאפען.

עס קען זיין, אז די חברה וואלטען נאך אזוי שנעל ניט אויפגעגעבען זייער ארבי'ט, אבער א מילך-מאן, וועלכער איז צופעליג אנגעקומען אין יענע אלעע, האט אנגעווארפען א טויט-שרעק אויף די חברה און זיי זענען אנטלאפען אין מיטען דערינען.

## הויבט היינט אן לעזען דעם ראמאן "אין א ווינקעל פון דעטראיט"

פון באריס איסאיעוויטש

אויף דער 2-טער און 3-טער פיידזש אין היינטיגען נומער „וועג"

דער ראמאן איז דער אינטערעסאנטסטער און שפאנענד סטער ראמאן, וואס איהר האט ווען'ס געלייענט.

דער ראמאן איז אינטערעסאנט פון דער ערשטער פאר-זעצונג אן.

פרעגט אייערע פריינט וואס האבען געלייענט די פריערדי-גע פארטזעצונגען און זיי וועלען אייך זאגען, אז דאס איז דער בעסטער ראמאן וואס זיי האבען ווען עס-איז גע-לייענט.

פונם נאמען פארשטעהט שוין דער לעזער אז דאס איז א ראמאן פון דעם לעבען אין אונזער שטאדט. אין דעם רא-מאן ענטוויקעלט זיך שפעטער א שטיק דעטראי'טער לע-בען.





**CLASSIFIED**

**איך זוך** א פארטנער צו מאניופעקטשורען פאפ, אלעס רעדי צו אנפאנגען ארבעטען, מוז האבען ביז $2000 פרעגען מ. סקלעש
**150 Mercer St.**
ווינדזאר קענעדע.

**פארלאנגט** עקספיריענסד סיילסמאן אין א דזשענטס קלאטהינג און פורנישינג סטאר, גוטע רעפערענס, שטענדיגער דזשאב און גוט באצאהלט פרעגען 355-357 מישיגאן עוו. טשערי 1311 אר

**א קארנער הויז** צו פארקויפען, סעווען מייל דאוד א ליס געצייכענט פאר גענאלין פעטישאן, גראסערי אדער סאפט דרינקס סטאר. פרעגען 115 העמילטאן בלווד.

**נייע סטארס** צו פארדינגען אויף ראסעל סט. צווישען פילאדעלפיא און קארנער וועלינגטאן א גוטער לאקיישאן פאר עני ביזנעס. זיך פרעגען ביי מאריס זאנוט 200 בראש סט.

**א רום** צו פארדינגען פאר א באי, 345 פארנסווארטה טעל. נארטוויי 2237 ראבעליו.

**פארלאנגט** עקספיריענסד קעכין אין א כשר'ן רעסטאראן. גוט באצאהלט, סטעדי פאזישאן. זיך מעלדען אין 44 בראדוויי יעדען טאג נאך דינער.

**עס ווערט געזוכט** שאע איטשע רעזניק פון באברויסק, געוועזן אין דער היים א שלעסער. ביטע שיקט צו אייער אדרעס. אין 353¼ מעקדוגל עווענוי מר. גרין אדער ווער עס ווייס פון איהם זאל לאזען וויסען אויפ'ן אויבענדערמאנטען אדרעס.

**רומס** מאדערנע פורניטשור צו פארקויפען די פארטי וועלכע וועט די פורניטשור קויפען קען אויך די רומס רענטען. מיר מוזען גלייך די שטאדט פארלאזען צוליעב אן אויסערגעוועהנליכען צופאל זיך פרעגען מ. איטערמאן 97 ווילקינס סט.

**ווארע בילליג פאר סטאר־קיפערס און פעדלערס**
ספעציעלע פרייזען פאר ריטיילערס
מאקס ראזענסקי
353-355 הייסטינגס, קאר. קאלומביא

ווילט איהר אייערע
שלעסער, שליסלען קארפענטער זאכען, טולס און אנדערע ארבייט
גוט געמאכט און גאראנטירט?
טו קומט צו
מ. ד א מ נ י ט ץ
245 מאנטקאלמסט.

**Reliable Store Fixture Co.**
מיר האבען א גרויסען אויסוואהל פון אלערהאנד סטאר פיקסטשורס, וואל קייסעס, שאו קייסעס, אייז באקסעס, קאונטארס, שעלווס, סייפס, סקיילס רעדזשיסטערס, נייע און גענוצטע. פרייזען מעסיגע. ארענטליכע בעהאנדלונג. 2 סטארס.
רעלייבל סטאר פיקסטשור קא
305 גרעשיאט עווענוי
טעל. קאדילאק 2445
277 מישיגאן עווענוי
טעל. קאדילאק 4924 עם.

**לאיער מתתיהו ליסס** האט געעפענט א ברענטש אפיס פאר די אווענדען אין 325 וועסטמינסטער סט. טעל העמלאק 533 דאבליו דאן מאין אפיס. 928 טשעמבער אף קאמערס בלדג. סטייט און גריסוואלד סט. טעל. טשערי 3978



ווילט איהר
סייווען
30 פראצ.?
ביי קויפען אייער פורניטשור, סטאוס, פאנס, בעדינגס פאנאגראפס און לעמפס
— דאן קומט צו די —
**Standard Furniture and Store Fixture Co.**
מיר האבען א קאמפליט ליין פון אלעם וואס איהר דארפט פאר אייער הויז קעש אדער קרעדיט
638 גרעשיאט עוו. — טעלראוו. 4985

האט זיך אמאל געפיהרט. זיין האלטונג דערמאהנט איהם אן זיין אייגענער יוגענד.

ווער זשע ווייס צי וועט דאס תמיד אזוי זיין?

(פארטזעצונג פאלגט)

פארבשטיין האט מורא אויף'ן געדאנק זיי צו נעהמען.

דערוויל פיהרט זיך נאך דזשאזעף זעהר פארזיכטיג. ער איז אין זיין לעבען אויסגערעכענט.

אפטמאל דאכט זיך פארבשטיין'ען, אז זיין "באי" פיהרט זיך, ווי ער אליין

צענטירסטין. און ווען מען זאל איהם פרעגען, וואלט ער בלתי ספק גלייך געענטפערט, אז ער איז מוחל אייך און אפערא־זינגערין, מעג זי מי יודע וויפיעל נעמען פאר איין אויפטריט. און צי וואלט ער דען באשטאנען אז זיינע א טאכטער זאל זיין א טענצערין אין א וואדעוויל־הויז?

זיינע ביידע מיידלעך האט ער געלערענט פיאנא שפיעלען, זינגען און טאנצען. אבער נישט אום דאס פאר א פראפעסיע צו מאכען.

דזשאזעף'ן האט מען אויך געלערענט פיאנא; און ווען מען האט געזעהן אז ער האט גרויס חשק צום מאהלען, האט ער איהם ערלויבט צו באזוכען א מאהלער־סטודיא און געהמען לעקציעס. שפעטער האט ער אייך, לויט דעם פאטערס רעקאמענדאציע, געהאט מעגליכקייטען צו קאפירען בילדער פון אויסשטעלונגען.

אבער א פראפעסיע מאכען פון דעם דאס איז זיך א באזונדער ענין, פאר וועלכען דזשאזעף'ן איז אויסגעקומען געגוג צו קעמפען און ביז היינט נאך די הסכמה פון'ם פאפא נישט געקראגען.

קיין הסכמה האט טאקע דער פאטער נישט געגעבען אבער דזשאזעף האט זיך גענומען דאס זייניגע אהן דער הסכמה. מיט אומצופרידענהייט האט דער פאטער צוגעזעהן ווי יאנעף האט זיך ביי איהם אין הויז איינגעארדענט א גאנצע סטודיא מיט אלע קלייפערלאך און האט געשווינגען. ער האט ניט געוואלט אויסנוצען זיין גאנצן קאמפעטענץ־וועהר. ער האט בעסער פארשוויגען.

ווידער האט פארבשטיין זיין פאליטישען שכל באנוצט און האט איפגעגעבען דעם קאמף אין אזא פארמע אז עס האט געהייסען נישט ער גיט זיך אונטער און נישט ער איז אויסען דוקא צו זיעגען.

עס איז גענוג געווען, אז ער האט קיין מאל די שוועל פון דער סטודיא ניט איבערגעטראטען.

דאס האט זיך גערעכענט אין הויז אז דזשאזעף האט נישט אויסגעפיהרט.

דזשאזעף איז געשטאנען יום ולילה איבער זיין מאהלבערט, האט געבראכט זיינע קאפיעס צו מבינים, האט געבראכט מבינים צו זיך, האט געפיהרט צו זיך מאדעלען, האט שוין זוכה געווען צו גאטייצען פון קונסט קריטיקער, האט שוין געהערט א שבח אמאל אין א צייטונג און אין פארבשטיינס הויז — איז שא, שטיל.

בלויז די מוטער פלעגט ארויפגעהן צו איהם אין סטודיא, באטראכטען זיינע בילדער, פלעגט הייסען אויפרויסען לויט איהר געשמאק, פלעגט יעדער שטיקעל צייכנונג באהאלטען, האט די ראהמען אין א סדר אויסגעהאנגען און האט געבאלעבאטעוועט.

ווען ער פלעגט איהר ברענגען א נאטיצעל פון א צייטונג, האט זי איהם גרא טולירט און שטילערהייד איהם נישט געלאזט פארצווייפלען.

— ווארט, ווער נור באריהמט — פלעגט זי איהם מוטערליך גלעטען — וועסטו זעהן ווי "ער" וועט נאך אליין ארויפקומען צו דיר, וועט זיך נאך פאראינטערעסירען און וועט נאך אליין איינלאדען מבינים און קריטיקער.

פארבשטיין האט געוואוסט אז זיין פרוי נעהמט זיך נישט שטארק צום הארצען וואס איהר זוהן האט אויפגעגעבען זיין שטודיעם פון יוריספרודענץ. עס רייז צו קלוג, אז ער זאל דאס נישט וויסען.

אבער ער האט מיט דאס מינדעסטע איהר נישט געגעבען אנצוהערען אז ער וויים דאס.

אדרבה, ער פלעגט זיך נאך פאר איהר אפטמאל קלאגען: "געדענקסט אסתר, מיר האבען אמאל געטרוימט, אז אונזער באי וועט נאך אמאל ווערען א ריכטער אין'ם סופרים קאורט, אדער אפשר אן אנדער עהרליכען בכבוד'יגען שטאאטסאמט. נישט באשערט, אסתר, אז מיר זאלען זעהן אונזערע חלומות פארווירקליכט.

און אסתר האט מיט בארויערען נאכגעשאקעלט מיט'ן קאפ.

מיט דזשאזעף'ן גופא האט ער נישט גערעדט וועגען דעם.

ער האט מיט איהם ווייטער פארבראכט ווי אמאל, האט איהם געגעבען אויף אלע זיינע הצטרכות'ן, וואס האבען זיך איצט א סך פארגרעסערט. נור פון זיין מאהלען — א ווארט נישט!

מען דארף נישט אויסנוצען די קאמפס פיילען.

דאס געוועהר טאר נישט פארטעמפט ווערען.

ער האט נאך מורא געהאט, דער קלוגער פארבשטיין, אז נישט דאס איז דער לעצטער פונקט, וואו ער מיט זיין "באי" צעגעהן זיך.

עס וועלען נאך זיין אנדערע פונקטען. ווער ווייס ווי וויכטיג, ווי ערנסט יענע פונקטען וועלען זיין.

האבען א זוהן א מאהלער איז נאך קיין אומגליק נישט. ער איז נאך נישט קיין פחיתות הכבוד. ווער ווייס אבער וואס דאך א סורפריזען די צוקונפט האט פאר איהם.

מאהלערס. קינסטלער. באהעמע.



אונזערע ספעשעל מאשינען סיווען ארבייט.
אונזערע איבערגעבילטע מאשינען סיווען גלער.

# קויפט פון מאנופעקטשורער און סייווט דעם ריטייל פראפיט

מיר פארקויפען די בעסטע אין דער ליין פון נעה־מאשינען פיר יעדער סטיטשינג אפעריישאן, א הויז די נייע און ספעשעל נעה מאשינען פארקויפען מיר א ביסעל אבגעיוזטע מאשינען. דאס גיט אייך א געלעגענהייט צום סייווען פיעל געלד דערביי!

**A. C. Payer**
**119 E. Jefferson** — טעלעפאן טשערי 1813

# אטאמאביל עקסידענט האספיטאל



## אטאמאביל אייגענטהימער

ווען אן עקסידענט טרעפט מיט ברענגט דאס צו אונז. מיר וועלען די קאר ווידער ניי מאכען.

פריימס, בארעס, עקסעלס, פענדערס ווערען אויסגעגלייכט, געוועלדעט, געמאכט ווי נייע און גיענעמעלד.

**רעדיאייטארס פעריכט און איבערגעבילד, אויך עקסטשענדזשעס**

**Michigan Radiator & Fender Repair Co.**
723, 725 and 727 John R. St. Detroit, Mich
Glendale 7576

נייעס פאר אקלאנד!
א פוירסט קלעס קלינינג, ריפיירינג און טיילארינג שאפ ווי אויך דרעסמייקינג האט זיך געעפענט
— אויף —
# 759 אקלאנד
ניער וועסטמינסטער, נעקסט צו דער קא־אפעראטיווער בעקערי אונטער דעם נאמען
**The Sunlight Cleaning and Dyeing Co.**
אונזער גוטע ארבייט און מעסיגע פרייזען וועלען איך מאכען פאר אונזער שטענדיגען קאסטימער.

# געלד איבערגעשיקט

צו פוילען, טשעכא־סלאוואקיע, עסטרייך, אונגארן, רומעניען, יוגא־סלאוויע, דייטשלאנד און אלע טיילען פון דער וועלט. פינקטליך, זיכער און שנעלע אויסצאהלונג.

# שיפסקארטען

פיר פוילען און אנדערע לענדער דזשענעראל סטים שיף און
נעלד איבערשיקונג אפיס
**C. Leidich 69 W. Fort St.**

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט

ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער

וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד

אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.


## דאס שוואכע געשלעכט

פון ב. י. ג—ן

פאר דער מלחמה איז עס געווען איינגעפיהרט אין די נייע לענדער, אז ווען איינער האט זיך אנגעשלאסען אין דער ארמעע, האט ער בעדארפט איך דורכמאכען אן עקזאמען. מען האט איהם געפרעגט א פאאר עלער מאנטערע בילדונגס־כללים און — פארטיג. קיין סך שהיות האט מען מיט איהם נים געמאכט, ווייל עס האבען געוואוסט די איטאריטעטען, אז נאך אלעמען איז נישט די בילדונג פון'ם סאלדאט דער עיקר, נאר זיין געזונד.

דערום מאכע איז מען שוין ביים עקזאמינירען דעם גוף געווען מעהר פארטיקולאר. מען פלעגט איהם מעסטען און וועגען, און באטראכטען זיינע אויגען, זיך צוהערען צום הארצען און אויספרובען די לונגען און ברוסט.

פרויען, פארשטעהט זיך, קומען נאך דערווייל נישט אן אין מיליטער דיענסט, מען מעג אפער מיט זיכערקייט זאגען אז ווען מען זאל יא, לויט דעם געזעץ, קענען אננעהמען א פרוי אין מיליטער דיענסט, וואלט איינע פון הונדערט מיט שוועריקייטען דורכגעגאנגען דעם עקזאמען פון די דאקטוירים.

ווי וואלטען אפשר דורכגעגאנגען דעם בילדונגס עקזאמען, אפער נישט דעם פיזישען.

באמת דער אמת איז אז הייט אלע וויסענשאפטסלייט גיבען די אינטעלעקטועלע פעהיגקייט ווער אין גאהענטער פארבינדונג מיט דעם פיזישען צושטאנד. ווען דער מענש איז נישט ענטוויקעלט פיזיש גענוג, קענען זיינע אינטעלעקטועלע פעהיגקייטען ניט גרויס זיין, וועלען זיי נישט ארבייטען אזוי קרעפטיג. ווען דער גוף און דער געזונדט צושטאנד איז נישט פאלקאמען.

עס איז א פאקט אז דאס רוב מענער ארבייטען שווערער און אנגעשטרענגטער, איידער די פרויען. פונדעסטוועגען זיינען דאס רוב פרויען שוואכער, איידער מענער.

דאס איז דערפאר וואס דאס רוב אינגלאך פארנעהמען זיך מעהר מיט גימנאסטישע שפיעלעריי: זיי ענטוויקלען זייערע לונגען, לויפענדיג און שפיעלענדיג אויף דער פרישער לופט, זיי שווימען, שפרינגען, ענטוויקלען זייערע מוסקולען.

אין די שולעס זארגט מען זיך פאר דעם געזונד פון די תלמידים. די בענק און די טישען זיינען איינגעארדענט געווארען אויף אזא אופן אז דער שילער זאלל קענען אטעמען, זאל נישט איינגעפייגען ווערען און זיין הארץ זאל זיך נישט דריקען.

ביי די שולעס זיינען פאראן „פלעיגראונדס", וואו די קינדער שפיעלען יעדען טאג א פאאר שעה אויף דער פרייער לופט.

דאס האט מען איינגעפיהרט, ווייל מען איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אז ווען מען וויל האבען גוטע שילער, מוז מען זיך זארגען קודם פאר זייער געזונד.

אין די נייע לענדער, (נישט אומעטום) איז איינגעפיהרט, אז דאקטוירים אין די שולעס האבען השגחה איבער דעם געזונדט צושטאנד פון די תלמידים. זיי פיהרען א פארזיכטיגען רעקארד פון יעדען שילערס געזונד צושטאנד. איינער אזא דאקטאר האט לעצטער צייט ארויסגעזאגט זיין מיינונג, אז די מיידלעך וואלט מען באדארפט צווינגען זיי זאלען מאכען גימנאסטיקע גלייך מיט די אינגלעך. דערביי האט ער אויך אנגעוויזען, אז די אינגלעך און מעהר נאך די מיידלעך זיינען פעהלנים אויף אזא גימנאסטיקע וואס פארשאפט זיי פארגעניגען און צו וועלכע עס פאדערט זיך נישט קיין גרויס אנשטרענגונג. טאמער אבער דארף מען זיך אנטאן א ביסעלע כח, מיידען זיי דאס אויס.

דער זעלבער דאקטאר האט אויך באמערקט, אז עס זיינען פאראן א סך קינדער, פון וועלכע דער גרעסטער פראצענט באשטעהט פון מיידלעך, וואס זיינען שוין אלט אכט און צעהן יאהר און פונדעסטוועגען וואלט עס ראטסאם געווען זיי נישט צו ערלויבען געהן אין סקוהל, ווייל זיי זיינען צו שוואך. און איידער צו זיין א געבילדעטע פרוי א קראנקע און א שוואכע, איז שוין בעסער זיי זאלען אויסוואקסען געזונד און אהן בילדונג.

אזעלכע מיידלעך דארף מען שיקען — נישט אין די שולעס, נאר אין די דערפער, אויף די פארמס, אויף פרישער לופט.

טהוט מען דאך דאס נישט, איז עס דערום קיין חידוש נישט וואס ביז א געוויסער עלטער, לאמיר זאגען ביז פינף און פערציג יאהר זיינען די מיידעלעך ביי פרויען מעהר ווי ביי די מענער. דאס איז אהן ספק דערפאר וואס זיי זיינען גרעסערע היים זיצערס. עס איז א פאקט אז דאס רוב זקנות, וואס האבען דערלעבט ביז אין די נייינציגער און מעהר יאהרען, זיינען אזעלכע וואס האבען געוואהנט אין דערפער, אדער אין קליינע שטעדטלעך און האבען דוקא אלע זייערע יונגע יאהרען שווער געארבייט.

דער פאקט איז, אז מעהר ווי אינגלעך דארפען און מוזען די מיידלעך האבען עקסערסייז, וואריום אין די שפעטערע יאהרען דריקט זי זיך אינ'ם קארסעט, וואס צעשטערט איהרע לונגען און הארץ.

מיר לאבען פון די כינעזער וואס דריקען די פיס און לאזען זיי נישט וואקסען.

די פיס זיינען נאך אלעמען, נישט אזעלכע עדעלע ווי עס איז די ברוסט אדער די לונגען. ווען א כינעזער פרוי טהוט אן הילצערנע שיך אויף איהרע פיס שאדעט עס איהר געזונד נישט וועניג אפער פארט נישט אזוי פיעל ווי פיעל עס שאדעט דער אייראפעאישער פרוי דער קארסעט.

אפשר וועט מען אמאל אין אייראפא זיך ארומקוקען אז אין דעם הינטער זיינען מיר ווילדער דא, איידער אין כינא. און אז די כינעזער פארגרייפען גארנישט אונזערע אכזריות און קענען זיך נים משער זיין ווי אזוי אן אייראפעאישע פרוי קען אריבערטראגען דעם קארסעט.

ביז אפער יענע צייט וועט קומען, וועט מאמעס וועלען נישט איינשפארען זייערע יונגע טעכטער אין די אייזערנע צוואנגען — ביז דעמאלט, מוז מען זעהן, אז פריהער פון בילדונג, מוז דאס מיידעל געזונד זיין פיזיש.

## איז ריכטער דזשעפריס'עס פארשלאג אם פלאץ?

—::—::—

(שלום פון זייט 4)

מאל ניט גוט־געהייסען געווארען פון די אלטע פארטייען.

נאטירליך איז פון סאציאליסטישען שטאנדפונקט דער שידוך מיט די פארמערס נאך ווייט ניט צופרידענשטעלענד, נאטש די אלטע גווארדייצעס פון אנטעריא זעהן אין דריורי'ן א גאנצען טראצקי, אבער פאר א לייבאר פארטי וועלכע זוכט בלויז גינסטיגע ארבייטער־געזעצען און דער עקר, וועלכע זוכט וועגען און מיטלען ווי אזוי אריינצוקומען אין מאכט — איז קיין בעסערע שידוך ווי דער פארמער ניטא.

דאס ווייזט אלזא, אז ריכטער דזשעפריס איז מיט זיין פארשלאג, אריינצוקריגען די פארמערס אין די ארביטער רייהען, גאנץ אם פלאץ. מיט דעם וואס די לייבאר פארטי וועט צוציהען די פארמערס צו זיך באצייטענס, וועט נאך פיליכט מעגליך זיין א נעהענטערע פארשטענדניש מיט זיי ווי עס איז געשאפען געווארען אין אנטעריא. דארטען איז מען זיך ערשט צוזאמענגעקומען נאך די וואהלען און דער פאר האלט זיך די פאראייניגונג נאך ערשט אין שאפען. דא איז אבער פאראהן א געלעגענהייט פאר דער לייבאר פארטי צו געהן צו די וואהלען אין איינעם מיט די פארמער; קעמפען פאר די זעלבע אישום אויף איין גרויסען פאראייניגטען פראנט און אזו ארום זיין פיעל זיכערער מיט א זיעג.

## ניט אויסגעשעדים'טער שיר השירים

(שלום פון פיידוש.)

ני, פאר קיין לידיקער — עס איז צו ענג!

— וואס הייסט? נו, און די קינדער?

— די קינדער — זאגט ער — וועט איהר צונעהמען צו זיך.

— און וואס וועל איך טאן מיט מיינע קינדער? — פרעג איך — הפנים, אז א האלב טוצען קינדער איז ווייניג אויף מיין חלק...

— אלרייט! — סטראשעט ער — וועל איך לעבען מיט מיין ווייב, אבער קיין „שיר השירים", ואלט איהר וויסען, וועט נט זיין...

— נו, און די עטליכע טויזענד דאלאר וואס איך האב געספענדעט? — הויבט שוין אן קאבען אין מיר מיין בלוט.

— איז פארפאלען! — מאכט ער!...

— וואס הייסט פארפאלען? ווער איך אן אנגעצונדענער.

— פארפאלען ווייסט איהר ניט וואס סע הייסט? — מאכט ער האלטבלוטיג. — זיינט איהר דאך גלאט אן אידיאט! איז דאך ניא מיט אייך וואס צו רעדען!

אבער, ווי געזאגט, עס איז געווען מיין אייגענע שולד. איך האב באלד באדארפט פארשטעהן, אז א איד, וואס הייסט „יששכר" קען ניט שרייבען קיין „שיר השירים"!...

## 183 שטעדט אין ווארשא ראיאן וועלכע מען קען גרייכען פון אמעריקא

די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע מאכט בעקאנט, דאס די פאלגענדע 183 שטעדט און שטעדטלאך אין ווארשעווער ראיאן, פוילען, קענען געגרייכט ווערען פון אמעריקא מיט בריעף און געלד ענדונגען:

אטוואצק, אסטראוו, איזביצא, אקונייעוו, אזיעצק, אסטראלעקא, אילאוו, אוניעיאוו־קארדניע;

באניאטשא, בענדין, ביאלא, ביאלא־ראווסקא, ביעזון, בלאשקי, בלעראוו, בלאנדי באדזאנאוו באלימאוו, בראני־שעק, בראק, בושעד־קיאווסקי, בזשע־זין;

גארוואלין, גראוונא, גאמבין, גאניאנדז, גאראי־קאלווארי, גאסטינין, גאווארא־ווא, גראיעווא גראדזיסק גראיעץ. גרא באוו;

דאנבי, דלוגאסיאדלא, דאברא, דאב דזשין; העגדיקאוו;

ווארשא, ווישאגראד, ווישקאוו, ווא־לאמין וולאדאוו. וולאצלאוועק, וולודים־מאמאז, וויזנא, וויסקיטקי. ווינטשע־נאווא ווערושאוו, וויעלדי, וויעזאווניא, וועגראוו. וואמער. וואספש, ווארטא וואר־קא, וויעדיעץ;

זשיראדאוו, זיכלין, זעלעכאוו, זלאט־שעוו, זדונסקא־וואלא, זאוויסקי דזיקיע. זאווערצע. זארעמביי־קאשילני. זאמברא־ווא, זאקראטשין;

טשעכאנאוו, טשעקאנאוויץ. טשעכא־טשינעק. טשערווין, טשערווינסקי, טשענ־סטאכאוו, טשיזעוו. טארקשין, טלוטשץ, טאמאשאוו, טולישקאוו. טורצק. טושין, טוקאשין. טערעספאל;

יאבלאנא, יאדאוו. ינאוו. יעדוואבנע יעזשארנא;

לעשנא לעאוטשין, ליפנא לוטוטאוו, לאפי. לאסקארסעוו, לעשיצא. לאעאוו. לאמזא, לאוויטש, לוקאוו;

מאנילניצא, מארדי, מראזי, משאשנאוו, מישיניעץ. מאציעיאוויץ מאקאוו מאלקיניא, מאלי־פלאצק. מאזאוויעצק, מעזעריטש. מינסק־מאזאוויעצק. מלאווא

נאדארזין, נאסיעלסק, נאווא מיאסטא גאוואנראד, גאווידוואר, נור;

סאכאטשעוו, סאקאלאוו, סאקאל סאקיעלייעדשארי, סאסנאוויץ, סטאוויסק, סטאשעק, סאניקי. סאבאנאקי, סעראצק, סיעראדז, סיערפץ, סקירניעוויץ, סניא־סאבין.

פלאצק פאריסאוו, פארטשעוו, פארזענטשעוו, פיאסאצא, פיאטאק. יאטניצא. לאשקי, לאנסק. ארעביצע, פארעמבי פרעסניץ פראשקא פרושקאוו פולטוסק, פאלעניצא;

קאליש, קאלושין, קארטשעוו, קערנאציא, קלאבוצק קלאדאווא, קאלנא, קאל ביעלי קאלא קאנסטאנטינאוו, קאוואל, קאזמינצק. קראסנאסיעלסק קראסניע זווין קיזעפיין. קוטנא;

ראדזימין, ראדזין, ראדזילאוו, ראדזיעגאוו, ראסיעז, ראיגראד. ראווא. רעמבערטאוו, ראזאן, רודקא ריקי. רופין;

שעפאטאוו, שטעשושין, שרוסק

געלד נאך די אויסגערעכנטע שטעדט און שטעדטלאך קען געשיקט ווערען פריי אהן קאסטען דורך די פאלגענדע 27 אפיסעס פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע:

**גרויס ניו־יארק:** 20 עקסטשיינדזש פליים. 175 איסט בראדוויי, 98 צווייטע עוועניו, 1821 באסטאן ראוד (ב.) 1878 פיטקין עוועניו (ברוקלין).

סיראקיוז, נ. י. 339 אנאנדיידזש קאונטי סייווינגס בייגק בילדינג.

דער מארש פון די באלשעוויקעס אין קרים מאכט ניט קיין פארשריט, און ווי מ'ג'ט איבער, פאדערען די אליאירטע פון נען. ווראנגעל, דאס ער זאל שנעל דארטען אנקומען אים צו ראטעווען די־זאנע.



## הומאר און וויצן

**גיטא קיין חלה אום פסח**

אן עושר א קמצן האט אמאל גענומען אן אורח אויף שבת. זעהענדיג אויף'ן טיש א פלאש כרמל קאניאק, האט ער אנגעפאנגען אריינצו'כום'ן איין גלעזעל נאך'ן אנדערען. דעם עושר האט עס ניט געשמעקט און ער זאגט צום אורח:

— קאניאק טרינקט מען ניט, נור מען טונקט.

— איך ווייס אפ'לו, אז קאניאק טרינקט מען, נור אז איהר זאגט טונקען זאל זיין טונקען — האט דער אורח געענטפערט און האט אנגעגאסען א גלעזעל קאניאק און גענומען טונקען מיט חלה, ביז דער קאניאק אין פלאש האט אנגעהויבען גוסס'ען.

דער גביר זעהענדיג אז ער האט נאך ערגער געמאכט, האט זיך געווענדעט צום אורח:

— האט איהר אמאהל געלערענט חומש?

— געוויס — האט דער אורח געענטפערט.

— אויב אזוי וועל איך אייך עפעס פרעגען: עס שטעהט אין חומש אז ווען די אידען זיינען ארויס פון מצרים האט זיי משה געשפאלטען דעם ים. איז דאך א פראגע, צו וואס האבען די אידען געדארפט אנקומען צו משה'ן? זיי האבען דאך געקענט נעהמען וייבע חלה און איסטינקען דעם ים?

— זיי וואלטען עס זיכער געוועזן געטאן — האט דער אורח געענטפערט — נור דאן איז געוועזן פסח, איז ניט געווען קיין חלה.

**דער גליקליכסטער**

זלמן — קענסטו מיר ניט זאגען ווער עס איז געוועזן דער גליקליכסטער מענש אין דער וועלט.

קלמן — אדם הראשון!

זלמן — פאר וואס?

קלמן — דערפאר ווייל ער האט קיין שוויגער ניט געהאט.

**אז באגראבען איז אויך טוידט.**

א שדכן האט פארלויבט פאר דער כלה דעם חתן: — איהר ווייסט, פרייל'ין — האט ער געזאגט — דער חתן איז א גוטער סטאליאר.

העריט אן אנדערער דעם נאמען פון דעם סטאליאר און זאגט: — עט, ער איז א „באטשער" נישט קיין סטאליאר. אט האט ער געמאכט א טרונע האט דער מת געהענגט פון איהר אנטלייפען.

— ני'ן, מאכט דאס פריילין, אזא חתן ויל איך נישט. איך וויל אז אויב מען באגראבט אימיצען אין זיינער א טרונע זאל ער זי נישט קענען צעברעכען.

**זי איז אויך א מענש**

קומט איינער צו א שוסטער און הייסט זיך מאכען דעם רעכטען שוך גאנץ לו'ז, ווייל ער האט אויף דער פוס הינער אויגען.

דער שוסטער ברענגט איהם אפ די

שיך ערשט דער לינקער איז אויך צו לויז.

— איך האב דאך נאר הינער אויגען אויף דער רעכטער פוס — האט דער מאן טענות.

— ס'אלרייט — מ'שט זיך ארייַן די פרוי — איך בין אויך א מענש, איך האב אויפ'ן לינקען פוס, א הינער אויג. צבות לאה שווארץ.

**זי איז א אידישקע**

אין א וואגאן פון דער רוסישער באהן-ליניע איז געזעסען א יונגע איד'שע מיידעל, געגענאיבער אויף א צוויוטער באנק איז געזעסען א רוסישער אפיצער, א פארביסענער אנטיסעמיט און געהאלטען אין איין חוזק מאכען פון אידען, און דערצעהלען מעשה'לעך צו א'ניגע צוהערער. די מיידעל פון לאנגווייל' האט א גענייען געטאן. דער אפיצער דערזעהענדיג זי גענעצען, רופט זיך אפ שפאטיש: — זייט פארזיכטיג באריש'נא. איהר עפענט אזוי גרויס א'יער מויל, אז איהר קענט מיך נאך איינשלינגען!

— איהר האט ניט וואס מורא האבען — רופט זיך אפ די מיידעל — איך וועל אייך ניט איינשלינגען. איך בין א אידישקע און אידען עסען ניט קיין חזיר פלייש.

מענדעל בן ר' חיים הכהן.

**פיים עקזאמען.**

פראפעסאר: קענט איהר מיר זאגען וואס איז די שטראף פאר ב'גאמי?

צוקונפטיגער לויער: — צוויי שוויגערס.

פנחס גליקמאן.

**אמת און שקר**

„דער ליגען לעבט נאר אין דונקעלן די וואהרהייט אין ליכט.
דער ליגען ווערט ערשט אויסגעטראכט די וואהרהייט אבער ניכט".

פנחס גל'קמאן.

**זי פאסט זיך פאר'ן דזשאב**

מר. שאנטין: — ביי וואס האט איהר בעפאר געארבייט?

מיידעל: (וואס וויל ווערען א קאנדוקטארקע) — א סיילסליידי ביי קארסעטס.

מר. שאנטין: — זייט איהר אויף א קאר ווי געוואונשען.



# די דעי נוירסערי

א מיטינג פון דעם דעי נוירסערי פרויען פאראיין וועט פארקומען דעם

## 12טען אפריל אין עטינגערס האל!

(קאר. בענטאן און סט. ענטוויין).

אלע וואס זיי איז ליעב די אי דעע פון דער דעי נוירסערי זאלען קומען. די וואס קענען נישט אנוועזענד זיין, זאלען צושיקען זייער נאמען און אדרעס צו מרס. ראוט 104 בענטאן סט. וועט מען זיי פארעכנען פאר מעמבערס פון דער דעי נוירסערי.



## ... אין פארק

(הומאריסטע)
פון חכם עתיק

איך האב זיך דערוויל באנוצט מיט דער געלעגענהייט און אנגעפאנגען איהר זיך צו ערקלעהרען אין ליעבע.

— מעג איך וויסען ווי מען רופט אייך?

— צעלאצעלדי.

— צעלאצעלדי! איך שווער אייך, דאס איך בין בארייט צו ווערען אייער קנעכט — האב איך דעקלאמאטאריש אויסגעשריען — טאפט אן מיין שטעטען, וועט איהר זעהן ווי הי'ס איך ליעב אייך! אויב איהר וועט 'נר פארלאנגען, צעלאצעלדי, וועל איך צוליעב אייך ווערען א וועגעטאריאנער; צוליעב איך וועל איך אפילו אזוינע בר'יטע הויזען ווי טשארלי טשאפלין אנטון. נור אפשר פארלאנגט איהר נאך אן אייזקרים סאדא? זאגט, שעהמט אייך ניט. מיר זענען דאך עפעס היימישע מענשען, איך וועל אי'ער בקשה באלד ערפילען.

צו דעם לעצטען האט זי איינגעשטימט.

דערהערענדיג דאס, איז דער בחור איפגעשפרונגען, פון גרויס איפרעגונג ארייסגענאפט פון קעשענע א טיכעל און זיך אפגעווישט דאס פנים, און מיך מיט שמאלין א פרעג געטאן:

— מיסטער, איך וו'ל וויסען אייער נאמען און אדרעס.

איך האב איהם דערלאנגט מיין ווי זיט'קארט.

נעמענדיג ביי מיר דאס וויזיט'קארטעל, האט דער בחור צווישען די צייהן ארויסגעברומט: „ווארט או'ס; איך וועל דיר נאך ציינען ווער איך בין!" און איז מיט שנעלע טריט אוועק.

— ליעבע צעלאצעלדי! — האב איך פון דאס ניי אנגעפאנגען — איהר ווייסט נאר'ניט ווי צעלאצעלד'ש איך פיהל איצט זיצענדיג מיט אייך אליין! קענט איהר מיר טייערע זאגען, וויפיעל לעפעל זאלין מען דארף אריינשיטען אין א טעפעל זופ? איך האב דאך שוין אפשר זעקס מאנאטען קיין באטעמ'ש ביסעל זופ ניט געגעסען. מיין באלעבאסטע ווייסט ניט וויפיעל זאלץ ארייַנצושיטען. איז איי'ן טאג די זופ שטארק געזאלצען און אויף דעם צווייטען טאג גארניט.

דאס מיידעל האט ניט געוואוסט וואס צו טאן, אנהייבען לאכען אדער זיך בייזערען אויף מיר.

— דו שעהנסטע אבצעהגיעהריגע באשעפעניש פון דער וועלט — האב איך פארגעזעצט — גאלדענער שטערען פון מ'ין הימעל! איך האב שוין לאנג געטרוימט פון אזא שעהנע גאטורקינד, וואס זאל מיר קענען ענטפער געבען, ווי לאנג א קרויט דארף זיך קאכען, ווייל ווען מיין באלעבאסטע קאכט א קרויט, איז עס אימער פארברענט און מיר ברוכט זיך, דאס איך עס געקאכטע סיגארען.

איך בעט אי'ך, צעלאצעלדי, גיט מיר אן ענטפער אויף מיינע פראגען און רעטעט א יונגען הומאריסט. איבער די ניט פארענטפערטע פראגען איז מיין „אין זיך" אזוי פערדארבען, דאס איך אליין קען מ'ך קוים דערקענען.

ביי די ווערטער אין פלוצלונג אנגעקומען איהר בחור'ל מיט נאך צוויי בחורים אנגעטאן אין געקעסטעלטע העטעס און קורצע רעקלאך, זיי האבען זיך א לאז געטאן צו מיר... און ווער ווייסט וואס פון מיר וואלט געווארען ווען די גאנצע מעשה וואלט ניט געווען קיין אויסגעטראכטע.

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(פארטזעצונג)

דזשאזעף איז שטאלץ, צו שטאלץ און אן איינגעשפארטער. ער בויגט זיך נישט, אפילו פאר איהם, פאר זיין פאפא, וועמען ער און אלע דא אין הויז, רעספעקטירען און אכטען, — אפילו ער קען איהם נישט בויגען.

פאר איטליכען איז דעם ריכטער פארבשטיין'ס ווארט א געזעץ.

פאר זיין „באי", מוז זיין ווארט זיין א פר'ינדליכעס. וואס אז מען וויל פאלגט מען און אז מען וויל נישט, קימערט מען זיך נישט דערפאר.

פארבשטיין האט זיך שוין געהאט איינגעוואהנט און זיך געווארנט, אז באטש זאל קיין ערגסטערעס נישט פאסירען.

אבער זיין וואונש איז נ'שט ערפילט געווארען...

אין א שעהנעם פריה מארגען איז דזשאזעף אהיים געקומען, האט אויפגערופען די מוטער אין א זייט און ווי א גימעדריגער בן יחיד זי געבעטען, אז טאמער'ן'עט מען אהער ברענגען א גרויסען קוישעל מ'ט בלומען, זאל זי באצאהלען.

— עי דארף דאס — זאגט ער — האבען אין זיין סטודיא.

די מוטער האט זיין בקשה געפאלגט.

מיט א טאג שפעטער — ווידער בלומען.

האט זי שוין באצאהלט.

עס פארלויפט איין טאג און עס קומט אן א צווייטער, א דריטער און א פיערטער — אלע טאג ברענגט מען פאר דעם יונגען הער'ל פארבשטיין גאנצע שאכטען און קוישלאך מיט בלומען.

— הער נור אויס, מיין זוהן — זאגט איהם איין טאג די מאדאם פארבשטיין — איך ווייס אז דו ביזט א ליעבהאבער פון בלומען, דארויף ביזטו דאך א קינסטלער. אבער ב'זט עפעס פלוצים געווארען א צו שטארקער בלומען ליעבהאבער. איך האב אין איין וואך באצאהלט פופציג דאלאר פאר בלומען, א מיז יענע, וואס דו אליין קויפסט פאר מיזומן געלד.

דזשאזעף איז געבליעבען שטעהן, ווי א אינגעל, ווען מען כאפט איהם ביי טאן א נארישקייט. ער האט גערדעהט זיינע ווידעגע הענדשקעס און געשווינגען.

די מוטער האט געקוקט אויף איהם און אין הארצען איז ביי איהר געוואקסען א חשד.

— מיין „באי" וויל דער מאמען גאר נישט ענטפער'ן? — האט זי איהם א'ן א צארטען טאן געפרעגט — מיין „באי" האט סודות, אויף וועלכע די מאמע איז נישט באגליבט, הא, דזשאזעף.

דזשאזעף האט אויפגעהויבען זיינע שעהנע, טיפע און גוטע אויגען צו דער מוטער, האט געקוקט אויף איהר א רגע און דאן א פאר געטאן און א'ף איהרע אקסלען.

— מאמא, דיין „באי" איז שלעכט... טרייב איהם אוועק פון זיך. ער איז נ'ט ווערט צו האבען אזא גוטע, אזא נאבעלע מאמע.

די מאדאם פארבשטיין האט דערפיהלט ווי אומיצער, וואס שטויסט זיך אן, אז ער דארף באלד או'סהערען א שלעכטע בשורה. דאך האט זי קלינגענדיג א לאך געטאן און מיט צערטליכקייט געגלעט איהר בחור'ל.

— קום, קום, מיין ליעבער קינסטלער, הערצעהל, דעבצעהל... עפעס א נאריש קייט אפגעטאן, הא?

— מא-מא! — האט דזשאזעף דאס ווארט אויסגעצויגען און מיט פארא'בעל ז'ך אפגערוקט פון דער מוטער.

דער פרוי איז אראפ א שטיין פון הארצען.

הייסט דאס אז איהר קינד פיהלט זיך נישט, חלילה, אין קיין עולה, האט ער, הייסט עס קיינע נאר'שקייטען נישט געטאן, קיין זינד!

איז זי צו איהם א שפאן צוגעטראטען און איהם ביים אויער א כאפ געטאן: — איז דען דאס א קאלע נארישקייט, אז דו געטרויסט נ'שט דער מאמען, הא, דזשאזעף? קוק מיר גלייך אין די אויגען און זאג מיר: האט מאמא נישט פארדיענט אז דו זאלסט פאר איהר אפענהערציג זיין...

דזשאזעף איז אונטער דער מוטערס הייד ווי וואקס צעגאנגען געווארען.

די מאמע א'ז געטרעבט. אודאי איז זי געטרעבט. ער א'ז שלעכט. ער איז זינדיג. ער וועט שוין מעהר אזעלכע עולות נישט טאן, נור פון דעסטוועגען ווי אזוי דערצעהלט מען דעם איצטיגען פיר דער מאמען? ווי אזוי עפענט מען פאר איהר דאס הארץ?

מילא פאר איהר אליין א'ז נאך ניט אזא גוואלד. אבער — דער פאפא.

ווי, אז זי וועט דערצעהלען דעם פאפא...

און זי מוז דאך איהם דאס דערצעהלען.

ער קען בעטען אז זי זאל מוחל בעסער מען פארשווייגען, אבער דאס — — —

— מאמא, טייערע מאמא, קום ארויף צו מיר אין דער סטודיא.

ער האט זי אונטער ארם ארויפגעפיהרט. האט זי פריהער געזעצט אויף איין שטוהל, נאכדעם אויף א צווייטען, נאכדעם האט ער גאר געבעטען זי זאל זיך מיט איהם אויף דעם דיוואן זעצען. דא וועט איהם באקוועמער זיין.

די מאדאם פארבשטיין, ווי דאס רוב קלוגע מוטערס, האט ז'ך שוין גענומען אנשטויבען וואס דזשאזעף וויל איהר זאגען. נור זי האט זיך געמאכט נישט וויסענדיג.

מיט דער פולער ערנסטקייט האט זי איהם געפאלגט ווי אזוי ער האט מוש'טירט מיט איהר.

סוף כל סוף האט ער זיך ווי ס'נישט איז, אויסגעקליבען א פלאץ. האט זיך אוועקגעזעצט. האט געבעטען די מוטער זי זאל זיך זעצען נעבען איהם און אנגעהויבען צו רעדען.

א ווארט צו א ווארט האט זיך נישט געקלעפט. ער האט זיך פארענטפערט פאר די בלומען. האט דערמאהנט זיין פארא'אהר'גע נסיעה קיין ענגלאנד און פראנקרייך, האט איהר באוויזן פארשידענע קאפיעס, האט איהר באוויזן א קליינע צייכענונג פון א מיידעל, וועלכע ער האט פאהרענדיג אויף זיין נסיעה קיין אייראפא געצייכענט און וועגען וועלכער ער האט שוין מיט איהר אמאל גערעדט.

— דו געדענקסט, מאמעלע, אט די צייכנונג, דאס איז אט יענע צייכנונג, וועגען וועלכער איך האב דיר אנומעלטען דערצעהלט... א שעהן פארטרעטעל, נישט אמת?... זעה מאמע, דאס פנים, זעה די אויגען, און בלוי זיינען זיי די אויגען, ווי די הימלען, און דאס מו'ל זעה. פארמאכט איז עס. און אזוי פארמאכטער הייד דערצעהלען דיר די דינע ליפען אזוי פיעל, אזוי פיעל. און זעה מאמע, די מאהרעטשקע. — ווי וואגענדיג! און איבגאנצען מאכט דאס פנ'ם אן איינדרוק פון א מיידעל, וואס האט א סך שוין איבערגעלעבט. א סך שוין דורכגעמאכט און וואס פארשטעה טא סך... ווי שעהן, מאמע, זי איז, דו ווייסט — — — — —

— אבער, מיין זוהן, — שלאגט זי איהם איבער — וואו איז דיין סוד?

— אט דא'א, מאמע, אט דא איז דער סוד.

ז' בעט איהם, ער זאל רעדען קלאהרע רייד, נישט פארשטעלט, נישט אויפ'ן וואונק.

און ער זאגט נאך אמאל איבער די איינענע רייד, אז אט אין דעם בילדעל ליעגט זיין סוד.

ווען זי פערעמט זיך איהם או'ספרעגען און צודרינגליך זיין, זאגט ער איהר דאן ארויס קורץ און שארף, אז אט דאס מיידעל האט ער ליעב.

— מאמא, ווען דו וואלסט זי גע זעהן, ווען דו וואלסט מיט איהר נור פינף מינוט גערעדט — — דו וואלסט זי גלייך ליעב באקומען. איטליבער מוז זי ליעב באקומען. זי איז אזא שעהנינקע, אזא קלוגע, אזא ליעבענקע!

די מוטער איז געבליעבען זיצען ווי געפרעגט:

עס איז פאר איהר קיין איבעראשונג נישט געווען: האט שוין פארשטאנען פון זיין צעמישט זיין, אז ער איז פארליעבט. אבער אין דער מיידעל נאר פון דער צייכנונג — — א מיידעל, מיט וועלכער ער איז אמאל אין איין וואגאן געפאהרען, אדער אויף איין שיף...

— וואסזשע געהער זי זיך אן מיט די בלומען? — האט די מוטער אין א ווייטע ארום געפרעגט.

דזשאזעף האט גענומען שטאמלען:

— פארשטעהסט, מאמע, זי איז זעהר עלענד... זי און א שוועסטער. מעהר נישט... פארשטעהסט... גר'נע, ארימע, די שוועסטער, א קראנקע, א טשאכאטאטש'נע.

די מוטער האט מיט גרויסע אויגען געקוקט אויף איהר בחור'ל, וואס פלאנטערט זיך און ווייס נישט ווי ארויסצודרעהען זיך.

— רעד דאך קלאהרע רייד, דזשאזעף — האט זי איהם געזאגט הארט.

— וואס זשע, נאך נישט קלאהר? — האט דזשאזעף געפרעגט מ'ט א שמייכעל.

נון, ער וועט דאס מאכען קלאהר און פארשטענדליך: מיט דעם מיידעל האט ער זיך אויף דעם וועג פון לאנדאן קיין אמעריקא באקענט. ער האט פון ווייטענס זי באמערקט און האט גענומען מאהלען א צייכנונג פון איהר. זי איז תמיד געזעסען פארגראבען אין ד' הענט און אויף קיינעם נישט געקוקט... מיט אזוי פיעל טרויער, מיט אזוי פיעל צער האט זי אויף איטליכען געקוקט... איין טאג האט די שוועסטער איהרע באמערקט ווי ער קוקט אויף איהר און צייכענט זי. דערמאלט האט ער זיך באקענט מיט איהר. געמיינט האט ער אז ער וועט זי שוין קיינמאל נישט זעהן... אז ער וועט פון איהר, אויסער אן א'ילענדיגע צייכנונג נישט האבען איהר בילד; וועט עס ניט קענען מאהלען. דאס האט איהם נישט ווייניג עגמת נפש פארשאפט.

נור אט איז א נס געשעהן!

ער האט פארביי א בלומען געשעפט דורכגעשפאציערט און איז אריין קויפען א בלום.

די בלומען קראם איז א שמאלע און א לאנגע. ווי נור ער איז אריין אין קראם האט ער דאס מיידעל פונקט אנטקעגען דערזעהן.

פון דעמאלט אן געהט ער אלע טאג צו איהר. ער האט שוין ביי איהר געפועלט, אז אזוי גיך ווי מען וועט זי איינלאדען, וועט זי קומען צו זיי אין הויז און ער וועט קענען מאהלען איהר בילד.

— אבער, אום גאטעס ווילען — איז די מוטער שוין געווארען אויפגעבראכט — ווער איז זי, אט דאס מיידעל?

דזשאזעף האט אראפגעלאזט די הענט. האט די אויגען אנגעשטעלט אויף איין פונקט ערגעץ אויף דער וואנד און האט אין געצעהלטע ווערטער געענטפערט:

— דאס ווייס איך נישט מאמא.

(פארטזעצונג פאלגט)

## צו יעדען לענדלארד פון דעטראיט

די האוטאן סעמענט באקס קא. וועלכע האבען אנגעפאנגען זייערע נארבעדזש און איש רעסעפטיקאלס ביזנעס מיט דריי יאהר צוריק זיינען געצוואונגען געווען צו זוכען א גרעסערען פלאץ אויף אויסצואר ברייטען זייער ארטיקעל.

די האוטאן סעמענט באקס קא. מאכט א ביליגערע און בעסערע סעמענטענע באקס ווי אלע אנדערע פירמעס אין דעטראיט, מר. האוטאן איז אויפגעהאדערט געווארען ביי די סעמענט ביזנעס און ער־האט געהאט 25 יאהר עקספיריענס אין סעמענט און קאנקריט קאנסטרוקשאן. מר. האוטאן איז בעפאר געווען מיט די ער האוטאן און סאן, מעלקאנסאן האוטאן קא., יונייטעד פיועל און סופליי קא. און איז גוט באוואוסט צו אלע גרויסע קאנטראקטארס אין דעטראיט.

מר. האוטאן זעלבסט איז דער מענעדזשער פון די ביזנעס, דערפאר דארף ער ניט צאהלען קיין גרויסע סאלאריעס צו מענעדזשערס און סטאק האלדערס און דאס מיינט א דאפעלטע סייווינג פיר אייך ביים קויפען די רעסעפטיקאלס

דיזע סעמענטענע נארבעדזש און איש באקסעס ווערען פארקויפט פון פעקטארי גלייך צו אייך דארום האט איהר א שאנס צו סייווען אויף יעדער באקס פון 3 ביז 15 דאל. פרעגט אייער שכן וועלכער האט שוין אזא סארט באקס און איהר וועט זיך איבערצייגען אין דער ריכטיגקייט פון אלסדינג וואס דא איז געזאגט געווארען. ער האט אייך איינגעארדנט אזוי די באקסעס אז עס זאלען בשום אופן ניט קענען אריין קיין פליגען און איבערהויפט קיינע באצילען וועלכע פערשפרייטען פערשידענע קראנקהייטען דארום ווערען דיזע באקסעס פארעכנעט פאר די סאניטארישסטע אין דיעזער ליין, ווען איהר דארפט האבען אזא מין סארט באקס באשטעלט דאס ביי מר. האוטאן און ער וועט אייך צייגען זיי צו סייווען געלד. זיין נייע פעקטארי איז אויף 820 לאפאיעט עוו. וו. אויפ'ן קארנער 21טע סטריט. זיין טעלעפאן איז וועסט 3982

נארטוויי 4194

## עלייעס שטימען צו זם גריכישען איינדרינגען אין טערקיי

אטענס, אפריל 7. — דער העכסטער מיליטערישער ראט האט באפארמעבטיגט דער גריכישער ארמיי איינצודרינגען אין דער טערקישער קליין אזי, כדי צו באוואפענען זיך גענען אן אנפאל פון מוסטאפא קעמאל. אין קאנסטאנטינאפאל איז צוזאמענגעשטעלט געווארען א נייער קאבינעט אונטער דעם גרויס וועזיר דער מאד פעריד פאשא.

## קומט און מיר וועלען אלע צו זאמען בעגלייטען דעם יום טוב

א ליטעראריש מוזיקאלישער קאנצערט וועט געגעבען ווערען היינט דעם 11־טען אפריל 2.30 ביי טאג אין לייבאר לייסעאום, און וועלכער די בעסטע ליטעראר־ארישע קרעפטען, פון שטאדט וועלען אנטהייל נעמען, אלע בחורים, מיידלאך און סתם יונגע לייט זיינען איינגעלאדען צו דיעזען קאנצערט וואו זיי וועלען ווירקליך פערברענגען א גוטען איינגענעמען אווענט.

קומט! און ברענגט מיט אייערע פריינד איינטריט פריי.

ארראנזשירט פון די וואלונטירען פון דער פיפעלס רעליעף.

Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד,
[...]פס אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.

## דער פרויען מערדער „די בלויע בארד"

פון ב. י. ג—ן

ניט איין מאל טרעפט עס אין די ספערען פון געזען און גערעכטיגקייט, וואס מען זאל פארוואנדלען א מערדער אין א משוגענעם.

הערי טהאו איז ניט דער ערשטער און איינציגער מיליאנערסקער מערדער וואס לעבט א גוטען טאג אין א פריוואטען חדר פון א משוגעים הויז, באטש זיין ארט — לויט דעם קאדעקס — דארף זיין די תליה.

בכלל איז דאס שוין א וואכעדיגער ענין, אז די אדוואקאטען און די נייע ווי און די אלטע לעהרער זאלען זיך מטהן און געריכט אזוי לאנג ביי א מארד פראצעס ביז זיי פארשיקען דעם מערדער אין א משוגעים הויז.

מיט איינעם אזא מין מערדער איז זיך די וויסענשאפט אזוי באגאנגען. די וויסענשאפט האט לעצטענס ארונטערגענומען א באוואוסטען מערדער, אינטער איהרע השגחה־פאלעס און פון א מערדער געמאכט פון איהם א משוגענעם.

איין קליינער אונטערשיעד:

די אדוואקאטען טיען דאס אים צו ראטעווען זייערע קליענטען פון דער תליה, די וויסענשאפט האט דאס געטאן ניט מעהר ווי צו ראטעווען דעם נאמען וואס דער מערדער אדער משוגענער איז שוין לאנג איבערגעפוילט געווארען אין קבר. מען האט איהם נאך מיט הונדערטע יאהרען צוריק איפגעהאנגען.

דער האזיגער מערדער, אדער משוגענער איז א היסטארישער מערדער און האט געלעבט אין פערצעהנטען יאהרהונדערט. פיטער, איפערהיטעפט ראמאנען זיינען וועגען איהם פארפאסט געווארען, זיין נאמען איז מסתמא אויך דעם אידישען לעזער באקאנט: „בלויע בארד" רופט מען איהם אין די ראמאנען.

געווען איז ער א גרויסער פראנצויזישער מיוחס, און אריסטאקראט. זיין אמת'ער נאמען — באראן זשילס ד'רעץ.

פאר'משפט געווארען צו דער תליה איז ער אין יאהר 1440 פאר דער באשולדיגונג אז ער האט ערמארדעט פיעלע קליינע קינדער און פרויען. צווישען די לעצטע אויך זיינע אייגענע זעקס ווייבער. און ווען ער וואלט ניט געווען התונה געהאט צום זיבעטען מאהל, וואלט מען נאך אזוי גיך איהם נישט געווען ענטדעקט.

ווען ער האט גענומען די זיבעטע פרוי האט ער איהר באוויזען זיין וואהנונג, וועלכע איז געווען א פעסטונג אין פולען זינען פון ווארט און אנווייזענדיג אויף איין חדר האט ער איהר אנגעזאגט: „אט דאס צימער טארסטו נישט באטרעטען."

און דא האט זיך זיין נארישקייט ארויסגעוויזען.

עס פארשטעהט זיך אז ווען מ'זאגט בכלל א מענשען אז עפעס טאר ער ניט, ווערט ער נייגעריג. בפרט א פרוי, וועלכע האט א שם מיט איהר נייגעריגקייט. האט זי, ווי מען קען זיך משער זיין, אנגעווענדעט אלע מיטלען און מעגליכקייטען און איז אריין איין מאל אין דעם דאזיגען אפגעשלאסענעם חדר.

און ווען די נייגעריגע פרוי איז אריין אין דעם חדר האט זי דערזעהן דעם באראן'ס פריהערדיגע זעקס דערהרג'עטע ווייבער.

זי איז נאטירליך, באלד אנטלאפען געווארען פון דעם פאלאץ, זי האט געלאזט וויסען וואו ניטיג איז, די געשיכטע איז — באלד האט זיך געוויעם א גאנצע פאנטאסטישע באשרייבונג וועגען דעם לעגענדארישען באראן.

עס איז ערשינען שפעטער א בוך „די בלויע בארד", וואו עס ווערט דערצעהלט, אז דער דאזיגער באראן האט אומגעבראכט אין 9 יאהר צייט 513 מענשליכע לעבענס (פרויען און קינדער). אומגעבראכט האט ער זיי אויף א שרעקליכען אופן: ער פלעגט זיי פייניגען און שניידען פון זיי איברים־ווייז.

א מורא איז באפאלען גאנץ פראנקרייך און אומגעגענד.

ניט לאנג צוריק האט די וויסענשאפט זיך געגריפען און האט ענטדעקט אז דער דאזיגער שרעקליכער מערדער, וועלכער האט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער מענשליכער געשיכטע איז גארנישט געווען קיין מערדער — נאר א וויסענשאפטסמאן, וועלכער האט געזוכט צו פארענטפערען געוויסע כירורגישע פראגען. דאס, וואס די היינטיגע וויסענשאפטסלייט טוען מיט חיות, דאס האט דער באראן געטאן מיט מענשען.

דער באראן איז געווען א מורא'דיגער מיסטיקער און פאנאטיקער און זיינע איספארשונגען און האט געגלויבט, אז צוליב דער וויסענשאפט מעג ער טאן אלעס וואס ער וויל.

עס איז קלאהר פון דער לעצטער אונטערזוכונג, אז ער האט געוואלט דערגעהן א מאלך אין דער פראגע: צי ס'איז מעגליך אפצושניידען איין אבר פון איין מענשען און דעם זעלבען אבר אריינזעצען אין אן אנדער מענשען.

צווישען די דאקומענטען פון דעם באראן האט מען געפונען אין פארמענטס אויך וועלכע עס שטעהט פארשריבען: אז ער האט געמאכט א מערקווירדיגע אפעראציע אויף זיין יונגער פרוי. ער האט אפגעשניטען איהר ארם און איהם צוגעזעצט צו דעם ארט וואו עס איז דער ארם פון א שווארצער (די שווארצע פרוי איז געווען זיין דינסט; ער האט זי פריהער אפערירט און אראפגע[...]מען דעם ארם).

דעפי קומט א באשרייבונג ווי ער פלעגט אויסקוועטשען זיינע קרבנות אין א צימער פון וואנען מ'האט נישט געקענט הערען זייערע קולות. ער פלעגט זיי פייניגען און שניידען פון זיי איברים ווייז צוליב דער וויסענשאפט. אזוי למשל האט ער געפראבירט איבערצוזעצען די נירען פון איין מענשען אין אן אנדערען.

דיזעלבע ענטדעקונג האט דר. [...]אס (פונם ראקפעלער אינסטיטוט) געמאכט. אבער ער האט עקספערימענטירט אויף חיות, ניט אויף מענשען.

אלענפאלס האט מען איצט פעסטגעשטעלט, אז דער באראן האט געהאט א גרויסען באגריף אין אנאטאמיע און האט פארשטאנען כירורגיע.

נישט מעהר וואס ער איז געווען א פאנאטיקער א גרויסער, און האט געגלייבט באמונה שלמה, אז ער האט א רעכט לשם וויסענשאפט צו קוילען, מאטערען יונגע קינדער און יונגע פרויען.

מענער־קרבנות האט ער ניט גענומען. ער האט מורא געהאט צו זאטשעפען מיט א מאן. א מאן, וואס ער געוואוסט, איז פיזיש שטארק און וועט זיך נישט לאזען שניידען אזוי לייכט.

פרויען און קינדער האט ער געקענט בייקומען.

אט וואס איז די געשיכטע פון דער „בלויער בארד".

# ערב קאנסטרוקטיווע הילף אין פוילען

עס וועט נישט נעהמען מעהר ווי דריי חדשים ביז וואנען די דערוויילעגע הילף, וואס די דזשאינט'ס דיסטריביושאן קאמיטע גיט ערשט די מלחמה געליטענע אידען אין אייראפא, וועט פערוואנדעלט ווערען אין אמת'ער קאנסטרוקטיווער ארבייט, און אייניגע שריט אויף דעם וועג זענען שוין געמאכט געווארען.

זייענדיג אין פאריז אויפ'ן וועג קיין ווארשא, האט דר. באגען איבערגענומען מיט נחום סאקאלאוו די פראגע וועגען עפענען אין אמעריקא א מארק פאר אייניגע פון די וויכטיגסטע אידישע אינדוסטריען אין פוילען. פאר דער מלחמה זענען צעהנדליגער טויזענדער אידישע ארבייטער אין פוילען באשעפטיגט געוועזען אין דער יעדער בראנזשע און ביי שטריקערייען (עמבראידערי). דער מארק דערפאר איז געוועזען רוסלאנד. די מלחמה האט ביי די אלע צעהנדליגע טויזענדער צוגענומען די דעם מארק און די רויהע מאטעריאלען צו פראדוצירען. צו דער זעלבער צייט ליידען די היינטיגע סחורות אין אמעריקא בעצי'גען פון פראנקרייך, און עס איז נישטא קיין סיבה פארוואס די זעלבע ארטיקלען זאלען ניט קענען קומען קיין אמעריקא פון פוילען. ווען די אידישע ארבייטער אין פוילען זאלען באזארגט ווערען מיט מאטעריאל און עס זאל דאס פאר זיי געעפענט ווערען דער מארק פאר פרייער קאנקורענץ מיט די פראנצויזישע ארטיקלען, די באגען שטודירט איצט די לאגע און פערבינדונג מיט דעם פראן און פילען און די זעלבע פראגע באשעפטיגט אויך זעהר ערנסט די יונגע דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע. ווען דער פלאן זאל קענען דורכגעפיהרט ווערען און גיבען מיינט עס, אז א שווערער טייל פון דער אידישער ארבייטסלאזיגקייטס פראבלעם אין פוילען וועט גלייך געלייזט געווארען.

עטוואס אין דעם וועג צו בעזארגען די אידישע בעלי מלאכות א'י שוין דערווייל געטאן געווארען דורבעט, וואס מען האט זיי צוריקגעגעבען זייערע אינסטרומענטען, וועלכע מען האט ביי זיי צוגענומען אין צייט פון דער מלחמה. ב'י דער גרויסער איפבויאונגס ארבייט, וואס דארף זיך ערשט אנהויבען אין די רוב'ע געגענדען, וועט פיעלע פון זיי נאך שווער זיין צו קריגען באשעפטיגונג.

אבער דאס איז בלויז א התחלה. אז ביז די אמת'ע קאנסטרוקטיווע ארבייט וועט זיך אנהויבען, מיז דערווייל צוגעזעהן ווערען דער בארען דערפאר און מען מיז געפינען א לייזונג צו די פיעלע רעליעף־פראבלעמען פון וועלכע די פוילישע אידען ליידען ביי היינטיגען טאג. איינע פון זיי איז די פראבלעם פון איבערשיקען פריוואטע געלדער, וואס האט די לעצטע צייט אנגעמאכט אזוי פיעל טומעל סיי אויף דער, סיי אויף יענער זייט ים. די געלדער וואס ווערען געשיקט פון היגע אידען צו זייערע קרובים אין פוילען און ליטא, האבען זיך געשלעפט אין וועג חדשים לאנג. זענען געבליבען אין די הענד פון פריוואטע באנקירען, וועלכע האבען נישט אלע מאל געהאט די מעגליכקייט איבערצושיקען עס. און נאך ערגער איז געוועזען מיט דעם געלד, וואס איז אדרעסירט געווארען אין די קלענערע שטעדטלאך, צוליעב דעם שרעקליכען פערקעהר אין פוילען פלעגט דויערען זעהר לאנג ביז וואנען דאס געלד האט געקענט דערגרייכען. דערצו איז צוגעקומען, די מיספערשטענדליסע מ'ט'ן אויסטויש פון די געלדער. צוליעב דעם פאלען פון דעם פוילישען מארק האט דאס געלד, וואס איז געווען לאנג אין וועג, פארלארען א גרויסען טייל פון זיין ווערטה, און ווען עס פלעגט ענדליך אנקומען, זענען די ארימע אידען דארטען געוועזען אונטער איינדרוק, אז זיי ווערען באשווינדעלט. די אלע שוועריגקייטען און מיספערשטענדנישען זענען ערשט בעזייטיגט געווארען דורך דעם יוניט, וועלכער איז צוזאמען מיט דר. באגען מיט א חודש צוריק אנגעקומען קיי'ן פוילען. פון די 24 מענשען, פון וועלכע דער יוניט באשטעהט, זענען 12 ספעציעל באשטימט געווארען ארויסצופאהרען אין דער פראווינץ און פערזענליך פארטיילען די אלע געלדער, וועלכע זענען באשטימט געווארען פאר די פארשיעדענע שטעדטלאך. די באהן־פארקעהר אין פוילען קען זיי קיין שטער[...] ניט זיין, ווייל זיי באנוצען זיך צו דעם צוועק מיט זייערע אייגענע אויטאמאבילען, אזוי אז עס נעהמט נישט מעהר ווי עטליכע טעג ביז וואנען די געלדער, וואס קומען אן קיין ווארשא, ווערען איבערגעשיקט אין די פארשיעדענע שטעדטלאך. ביי דער שנעלקייט, מיט וועלכער דאס ווערט געטאן, ווערט אויך אויסגעמיטען די מיספערשטענדניש צוליב'ן פאלען פון פוילישען מארק. דאס געלד ווערט אויסגעצאהלט לויט'ן קורס פון יענעם טאג.

דאס באנוצען זיך מיט די אייגענע פארקעהר מיטלען גיט אויף דעם יוניט און אנדער זעהר וויכטיגע מעגליכקייט מיט דער ערלויבניש פון דער פוילישער מיליטער־מאכט געהען זיי נאך די פוילישע ארמיי; און אין יעדער נייעם שטעדטעל וואס ווערט גענומען פון די פאליאקען, קענען זיי גלייך אריינברענגען זייער הילף. טויזענדער פונטען פון פלייש און אנדערע שפייזען, ווי אויך קליידער און אנדערע נויטיגע זאכען זענען אזוי ארום פארטיילט געווארען א'ן די שטעדט און שטעדטלעך, וואס זענען ערשט ניט לאנג צוריק געעפענט געווארען.

אנדערע גרופען פון דעם יוניט זענען ארויסגעשיקט געווארען אין די באלטישע געגענדען, אין דער ליטא, און גאליציען און זיי ארגאניזירען דארט די הילפס פארטיילונג אויפ'ן פלאץ.

די צווייטע פראגע, פון וועלכער די הילפס ארבייט האט געליטען און וועלכע איז זעהר וויכטיג פאר דער קומענדער קאנסטרוקטיווער ארבייט איז די ארגאניזאציע פון דער געלדער פארטיילונג. בלויז אין ליטא, וואו די הילפס ארבייט איז ארגאניזירט געווארען ערשט נישט לאנג צוריק, נאך דער פויל'שער אקופאציע, זענען פאראן קאמיטעטען, אין וועלכע די גאנצע אידישע באפעלקערונג איז פראפארציאנעל פערטראטען. אין פוילען איז אבער די פערטיילונג פון די געלדער געלעגען אין די הענט פון ציוני'נע קאמיטעטען, וועלכע זענען ארגאניזירט געווארען נאך בשעת דער דייטשער אקופאציע און וואו די פארטרעטערשאפט איז נישט געווען ווי געהעריג. די אלע קאמיטעטען מוזען רעארגאניזירט ווערען אויף א דעמאקראטישען יסוד, בפרט נאך ווען פאר זיי וועט אין גיכען פארשטעהן צו ארבייטען אין די הענט די צי[...] איפבויאונג פון גאנצען עקאנאמישען אידישען לעבען. די דאזיגע רעארגאניזירונג אבער מוז נעהמען צ'יט; און ביז דאס וועט דורכגעפיהרט ווערען, זענען געגרינדעט געווארען צייטווייליגע קאמיטעטען, אין וועלכע עס זענען פארטראטען די אנגעזעהענסטע פארשטעהער פון יעדער אידישער גרופע. אין צייטווייליגען קאמיטעט, וואס איז געגרינדעט געווארען אין ווארשא, זענען אריין: [...] מערעס, (בונד) און דעפוטאט דר. [...] שיפפער (פועלי ציון) אלס פארטרעטער פון דער ארבייטערשאפט, נאטאנסאן און גינזבורג אלס פארטרעטער פון דער [...]מינע, דעפוטאט פארבשטיין פון מזרחי און פרייעס פון די חסידים. עהנליכע קאמיטעטען זענען אויך געגרינדעט געווארען אין אנדערע שטעדט, און זיי וועלען עקזיסטירען אזוי לאנג ביז די ארבייט וועט איבערגעהן צו א געוועהלטער פארטרעטערשאפט.

דאס זענען דערווייל די ערשטע שריט פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע אין פוילען אויפ'ן וועג צו קאנסטרוקטיווער הילף און צו פאלקאמער דעמאקראטיזירונג פון דער ארבייט, וואס איז דערמיט פארבונדען. איינע פון די וויכטיגסטע ארבייטען, וואס די פארטרעטער פון דער קאמיטע טוען איצט אין די מלחמה לענדער, איז צו זאמלען מאטעריאלען וועגען דער לאגע פון די אידען אין אלע געגענדען און שטעדט, פון וועלכע מיר זענען ביז איצט געוועזען אפגעשניטען. די אפיציעלע לאגע אין וועלכע עס געפינען זיך די מיטגלידער פון דער קאמיטע אין די מלחמה לענדער גיט זיי א מעגליכקייט אנצוקומען אין אזעלכע פלעצער, וואס זענען פאר אנדערע פארמאכט, אזוי ווי אין פאל מיט די שטעדט, וואס ווערען פארנומען פון פוילישען מיליטער. א'ן היגען אפיס פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע קומט דעריבער אן אריינצופליסען א גאנצע רייהע בעריכטען און מאטעריאלען וועגען דער אידישער לאגע אין די מלחמה לענדער, וואס זענען פון גרעסטען אינטערעס סיי פאר דער ארבייט פון דער קאמיטע אזוי אויך פאר די אידען פון אמעריקא אין אלגעמיין. און די דאזיגע מאטעריאלען, וואס וועלען נאך אין גיכען ארויסגעגעבען ווערען אין דער עפענטליכקייט, וועלען עפענען דעם פארהאנג פון דער מלחמה אויף די פארשידענסטע ווינקלען פון אידישען ישוב אין מזרח אייראפא.

## דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע בעשטימט נאהענט צו 1,250,000 פאר הילפס ארבייט אין אפריל

א סומע פון נאהענט צו א מיליאן מיט א פיערטעל איז דורך דער עקזעקוטיווע פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע באשטימט געווארען אויף איהר לעצטער זיצונג פאר הילפס־ארבייט אין אייראפא און ארץ־ישראל אין פארלויף פון חודש אפריל. די איינצעלנע סומען, פאר פערשיעדענע לענדער און צוועקען, זענען ווי פאלגט:

פאר מעדיצינישער הילף אין רוסלאנד און אוקראינא, אז די קאמיסיע וואס פאהרט אפען זאל גלייך קענען אנפאנגען איהר ארבייט — $500,000 און פאר דער קאפענהאגענער קאמיטע, וואס שיקט מעדיצין קיין אוקראינא — 70,000 קראנען.

פאר אלגעמיינער הילפס־ארבייט אין פוילען אין אפריל — $300,000.

פאר ליטא, לאטוויא און די באלטישע פראווינצען $50,000.

פאר רומעניען $85,000. פאר ארץ־ישראל איז בעשטימט געווארען א סומע פון $155,000, וועלכע נעהמט אריין פארשידענע צוועקען: הילפס־ארבייט אין אלגעמיין $70,000. פאר אלעפא, ביירוט און דמשק $5,000 פאר די שטראוס און דרייפיס קיכען אין די מאנאטען אפריל, מאי און יוני $30,000. פאר דעם מעדיקאל יוניט $50,000. פאר אלגעמיינער הילף אין דייטשלאנד $100,000,000 פאר טערקיי $22,000 און פאר שפיין פאר די אידען אין אונגרן $50,000.

אויסער דעם איז בעשלאסען געווארען צו שיקען 500 נעה־מאשינען, פארים נאדלען און אנדערע „שניידעריי־ארטיקלען" קיין וויען.

# גרויסע מאדערנע ת"ת אין אוקלאנד

זכור אותו האיש לטוב ויהושע בן גמלא שמו, שאלמלא הוא נשתכחה תורה מישראל; שבא ותקן שיהו מושיבין מלמדי תינוקות בכל מדינה ומדינה, בכל עיר ועיר, ומכניסין אותם כבן שש ושבע (ב"ב כ"א)

די פראגע פון דער אידישער ערציהונג אינם אקלאנדער געגענד איז איצט געווארען די ברענענדסטע און וויכטיגסטע פראגע פאר אלע יעניגע אידען אין אקלאנד וועמען דער גורל און די צוקונפט פון דער אידישער יוגענד איז הייליג און טייער

די דאזיגע פראגע מוז איצט אוועקגעשטעלט ווערען אויף דער טאגעסארדנונג פון דער אידישער געזעלשאפטליכער טעטיגקייט אין אקלאנד, און טאר ניט, און וועט ניט אפגעלעגט ווערען ביז זי וועט פאלשטענדיג ניט פארענטפערט ווערען.

צוליעב פיעלע און פארשידענע סבות איז די אידישע באפעלקערונג אין אקלאנד די לעצטע צייט אומגעהייער שטארק פארגרעסערט געווארען, און די אזוינע ערשיינונג הערט ניט אויף. די אידישע מאסען פארלאזען די אלטע אידישע געגענדען און ציהען זיך אריבער קיין אקלאנד און אומגעגענד.

אקלאנד האלט אין ווערען א גרויסע קאמפאקטע אידישע סביבה. און צוזאמען מיט'ן דאזיגען שנעלען וואוקס פון דער אידישער באפעלקערונג איז אויך אויסגעוואקסען און רייף געווארען די פראגע פון געבען די דארטיגע אידישע קינדער א אידישע ערציהונג. דער „ולמדתם את בניכם" מוז אין אקלאנד ווערען א ווירקליכקייט. עס איז פאר אונז קלאר, אז פיעלע, פיעלע אנדערע וויכטיגע פראבלעמען זיינען געשאפען געווארען מיט דער פארגרעסערונג פון דעם אקלאנדער אידישען ישוב, אבער קיינער פון זיי איז ניט אזוי דרינגענד וויכטיג און אקטועל ווי די ערציהונגס־פראגע.

אלע כחות פונם אקלאנדער יודענטום מיזען קאנצענטרירט ווערען ארום דער דאזיגער פראגע. די גאנצע ענערגיע מיז פארשוועגדעט ווערען בכדי די הונדערטער קינדער אין אקלאנד זאלען ניט פארלארען געהן פאר אונזער פאלק; מיר מיזען זיי ארויסראטעווען פונ'ם תהום פון אסימילאציע אין וועלכען זיי זינקען אראפ בלויז צוליעב דעם, וואס עס פעהלט א גרויסער אידישער ערציהונגס אנשטאלט וואו אונזערע קינדער זאלען קענען קריגען א ווירדיגע נאציאנאל־העברעאישע ערציהונג.

אמת, ס'האבען זיך שוין מיט עטליכע יאהר צוריק געפונען אין אקלאנד אייניגע אידען מיט אידישע הערצער, וועלכע האבען באגריפען די וויכטיגקייט פון דיעזער פראבלעם; זיי האבען פראבירט געזעהן וואס עס קען ערווארטען יענעם געגענד אויב קיין תלמוד־תורה וועט ניט געבויט ווערען; זיי האבען געפיהלט אז הונדערטער קינדער וועלען אפגעריסען ווערען פונ'ם אידישען שרש און וועלען פארפרעמדט ווערען פון אונזערע גייסטיגע אוצרות, די פיהרער פון דער אהבת־אחים שוהל האבען נאך דאן באשלאסען צו גרינדען אין שוהל א תלמוד־תורה און געבען אונזערע קינדער א אידישע ערציהונג. עס זיינען אבער די גרויסע מאסען צו הילף נישט געקומען, ווייל די נויט איז נאך ניט געווען אזוי קענטיג און [...], און די תלמוד תורה האט, דעריבער, געקעמפט און קעמפט נאך איצטער אויך שווער און פארצווייפעלט פאר איהר עקזיסטענץ, ווייל פלאץ אינ'ם דאזיגען אנשטאלט איז בלויז דא פאר 210 קינדער, און געוועגדעט האבען זיך דעם דאזיגען חול־המועד־פסח אריבער 800 קינדער. די מנהלים זענען געצוואונגען געווען די מעהרסטע פון זיי צו שיקען א היים ווייל ס'איז קיין פלאץ ניטא.

די פיהרער פון דער תלמוד־תורה האבען די בעסטע לעהרער אנגעשטעלט, די גוט־באקאנטע פעדאגאגען יוסף חני, ס. מיכלין און יעקב ליפשיץ, אין וועמענס הענט דער יונגער דור קען מיט זיכערהייט אנפערטרויט ווערען.

אבער ביי דעם דארף עס ניט, קען עס ניט און טאר עס ניט פארבלייבען. עס וועט זיין א פארברעכען געגען אלע הייליגקייטען און אידעאלען פון אונזער נאציאנאלען קיום צו דערלאזען אז הונדערטער אידישע קינדער זאלען פון אונז אפגעריסען ווערען בלויז צוליעב דעם, וואס ס'איז פאר זיי קיין פלאץ ניטא.

א גרויסע און מאדערנע ת"ת אינם הארץ פון אקלאנד דארף און זאל ווערען דער אויסגעשריי פון אלע ערנסטע און אויפריכטיגע אידען אין אקלאנד!

צוליעב דיעזען צוועק רופען מיר איין זונטאג דעם 11טען אפריל אסרו חג של פסח אום 4 א זייגער נאכמיטאג אין שוהל אהבת אחים א גרויסע פאלקס פארזאמלונג וואו די דאזיגע פראגע וועט אלזייטיג און גרינדליך באשפראכען ווערען פון באוואוסטע רעדנער, ווי רבי איזשישקין, ל. זאלאטקאף פון שיקאגא, יוסף חני און רבי הורוויץ.

אויף דער דאזיגער פארזאמלונג וועט געלעגט ווערען דער גרונדשטיין פארן אנפאנג פון בויען א מאדערנע גרויסע ת"ת וועלכע וועט ערמעגליכען אלע אידישע קינדער פון אוקלאנד צו קריגען א גרינדליכע נאציאנאל אידישע ערציהונג.

מיט דרך ארץ,

די פערוואלטונגס קאמיטע פון דעם אקלאנדער בית־ספר אהבת אחים.



## צוזאמענשטויס צווישען סאציאליסטען און פאליי אין קאפענהאגען

קאפענהאגען, אפריל 5 — לעבען דער געבייד פון דעם אויסערן־מיניסטעריום איז פארגעקומען א צוזאמענשטויס צווישען עקסטרעמע סאציאליסטען און דער פאליציי. דער רעזולטאט איז, וואס פיעלע זענען פארוואונדעט געווארען אויף ביידע זייטען.

א פאליציי אויטאמאביל איז פארניכטעט געווארען. דאס איז דער איינציגער פאל פון אומרוהען אין גאנצען משך פון דעם איצטיגען מיניסטעריען קריזיס.

The only Jewish Paper Printed in Michigan

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

347-49 HASTINGS STREET Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. 730 authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Monday, April 12th 1920 Vol. 2, No 50 מאנטאג אפריל 12, 1920

# היינט אווענט שליסען זיך אלע היגע פאבריקען

## פאליטישע נייעס בקיצור

### סקאטישען „האם-רול" געפאדערט אין גלאזגאו

גלאזגאו, אפריל 10. — אויף א פארזאמלונג, וואס איז היינט דא אפגעהאלטען געווארען, איז אנגענומען געווארען א רעזאלוציע, וועלכע פארלאנגט פון דער ענגלישער רעגירונג דורכצופיהרען אן „האם-רול" פאר סקאטלאנד. אויף דער פארזאמלונג האבען גערעדט צוויי מיטגליעדער פון ענגלישען פארלאמענט.

### ארבייטער קאנדידאט געווינט וואהלען צום ענגלישען פארלאמענט

לאנדאן, אפריל 10. — דזש. מ. מיל, אן ארבייטער קאנדידאט, איז ערוועהלט געווארען אין דארטפארד צום ענגלישען פארלאמענט מיט א גרויסער מאיאריטעט. דער ארבייטער קאנדידאט האט געצויגען 13,610 שטימען, אין דער צייט, וואס זיינע ביידע געגנער האבען באקומען צוזאמען 8,783 שטימען.

### ארמענער סאלדאטען פון אמעריקאנער ארמיי בעטען אנערקענונג פאר ארמעניען

וואשינגטאן, אפריל 10. — 500 ארמענער, געוועזענע סאלדאטען אין דער אמעריקאנער ארמיי אין איראפא, וועלען קומענדען מיטוואך דערלאנגען מר. ווילסאנ'ען א פעטיציע צו אנערקענען די אונאפהענגיגקייט פון דער ארמענישער רעפובליק. די זעלבע פעטיציע וועט אויך איבערגעגעבען ווערען צום קאנגרעס. ס'ווערט פאראנשטאלט פאר זיי א מיליטערישער מארש, נאך וועלכען זיי וועלען דערלאנגען מעמאראנדומס וועגען ארמעניען צו סענאטאר לאדזש און קאנגרעסמאן פארטער.

### סענארא שטאט רייסט זיך אפ פון קאראנזא'ן

אגוא פריעטא, סענארא, מעקסיקא, אפריל 10. — דער שטאט-קאנגרעס האט אנגענומען א רעזאלוציע אויף א געהיימער זיצונג אין הערמאזילא, אין וועלכער ס'ווערט געזאגט, דאס דער סענארא שטאט אנערקענט ניט די צענטראלע רעגירונג פון קאראנזא'ן, און אז דער שטאט וועט מיט אלע מעגליכע כחות זיך געגענשטעלען דעם אריינדרינגען פון קאראנזא'ס טרופען אין דיזען שטאט.

### דעמאקראטישע סענאטארען פלאנעווען פיליבוסטער געגען שלום-רעזאלוציע

וואשינגטאן, אפריל 10. — ווי ס'זעהט אויס וועט דער סענאט ניט אזוי שנעל שטימען איבער דער שלום-רעזאלוציע, וואס דער קאנגרעס האט לעצטען פרייטאג אווענט אנגענומען. די דעמאקראטישע סענאטארען פלאנעווען צו פארציהען די דעבאטען איבער דער רעזאלוציע און פאראורזאכען א פיליבוסטער. סענאטאר היטשקאק האט געזאגט, [...] ער וועט פארשלאגען די נאציאנען-ליגע אלס אן „אמענדמענט" צו דער רעזאלוציע.

### ענגלאנד שליסט אפמאך מיט סאוועטען

קאפענהאגען, אפריל 10. — ס'ווערט אפיציעל באריכטעט, דאס די ענגלישע דעלעגאציע האט פארענדיגט איהרע פארהאנדלונגען מיט די סאוועטען פארשטעהער בנוגע קאמערציעלע באציהונגען צווישען ענגלאנד און רוסלאנד.

### ...יקטער זאגט גענעראל סטרייק אלס פאליטישע וואפע איז געזעצליך

באסטאן, אפריל 10. — פעדעראלער ריכטער, דזשארדזש ענדערסאן, האט, אין פארלויף פון א פארהער וועגען 12 ... ראדיקאלען, וועלכע זענען פארשפט געווארען צו דעפארטירט ווערען, ... אויסגעדריקט, דאס ווי ווייט ס'איז איהם באוואוסט איז ניטא „קיין שום געזעץ פון א גענוג דורכ'ן קאנגרעס, וועלכער זאל פארבאטען א גענעראל סטרייק אלס פאליטישע וואפע".

## היגע שפייז שפעקולאנטען רייסען שוין די הויט באציטענס

שפייז שפעקולאנטען האבען זיך שוין באנוצט מיט דער געלעגענהייט פון דעם סטרייק, און האבען שוין גענומען שניידען די הויט פון'ם עולם באציטענס.

שבת אין דער פריה האבען זיך פאטייטאס נאך פארקויפט פאר 5 דאלאר א בושעל און ביינאכט איז שוין דער פרייז געשטיגען ביז 12 און 13 דאלאר א זאק. דער פרייז פון מערען איז געשטיגען ביז $3 א בושעל. פאסטערנאק ווערט פארקויפט אויף $3 און $3.50 א בושעל און סאלאט ווערט פארקויפט אויף דרייסיג סענט א פונט.

עס ווערט ארויסגעגעבען א ווארנונג צו פרויען ניט אנצוקויפען זיך מיט צו פיעל שפייז, ווייל אויסער דעם, וואס די פרייזען זיינען יעצט הימעל-הויך, קען עס נאך ברענגען דערצו, אז עס זאל נאך טייערער ווערען.

מר. ג. וו. ברענטש דער הויפט פון דער דעטראיטער ביורא און מארקעטס האט ארויסגעגעבען א ראט צו פרויען זיי זאלען באנוצען ווייניגער פאטייטאס און מעהר רייז אין פארלויף פון סטרייק. ווען די דאזיגע עצה זאל אויסגעפאלגט ווערען, פארזיכערט מר. ברענטש אז אייב וועלען פרייזען פון פאטייטאס ניט שטייגען העכער ווי יעצט.

שבת פארנאכט איז קלאהר געווארען, אז די פלוצלינג איינגעבומטע פרייזען אויף פאטייטאס זיינען עטוואס געפאלען. דאס איז געקומען א דאנק דעם, וואס עס זיינען אהער איבערגעפיהרט געווארען עטליכע קארלאדס מיט פאטייטאס פון ווינדזאר אויף מאטאר טראקס.

די ל. אין קעדי האלסייל גראסערי פירמע האט שבת אריינגעקראגען פיעל שפייז ביי עקספרעס דורך די עלעקטריק ליינס. בעאמטע פון דיזער פירמע האבען ערקלעהרט, אז פון זייער זייט וועלען הערוויל די פרייזען אויף גראסערי ארטיקלען ניט שטייגען. זיי האבען אבער ניט געוואלט פארזיכערן אויף ווי לאנג זייער גוטהארציגקייט וועט אנהאלטען.

זינט דער סטרייק האט זיך אנגעפאנגען, איז קיין איין שיפמענט פון עופות ניט אריינגעקומען.

דער פרייז פון עופות לעצטען שבת איז געווען 50 סענט א פונט.

## ארום א האלבער מיליאן ארבייטער וועלען בלייבען אהן ארבייט, ווייל עס וועט ניט זיין קיין עלעקטריציטעט. — עדיסאן קאמפאניע שניידט אפ דעם עלעקטריק סופלאי היינט בייטאג, ביז אן אומבאדייטענדען מינימום. — 4,000 סטרייקען ביז יעצט אין דעטראיט. — צאהל פארגרעסערט זיך — גאמפערס זאגט: „ס'איז ניטא קיין באהן סטרייק".

עס ווערט ערווארטעט אז אלע דעטראיטער פעקטארים זאלען זיך צומאכען היינט בייטאג, אלס רעזולטאט פון דעם באשלוס וואס די עדיסאן קאמפאני האט אנגענומען ארונטערצושניידען דעם עלעקטריק סופלאי ביז אן אומבאדייטענדען מינימום.

עס פיהלט זיך שוין א שפייז מאנגעל אין שטאדט. עס ווערט געפלאנט זיך צו באנוצען מיט אויטא-טראקס אויף אריינצוברענגען קוילען און שפייז קיין דעטראיט.

לעצטען שבת האבען זיך די אינזשעניערען און [...]מען אפיציעל אנגעשלאסען אין סטרייק און די צאהל פון סטרייקער האט דערגרייכט ביז 4 טויזענד.

### די לאגע אין אלגעמיין

עס איז זיכער, אז די רעגירונג וועט זיך אריינמישען אין סטרייק.

עס קומען אן באריכטען, דאס מעהר ווי טויזענד ארבייטער סטרייקען אין קליוולאנד, 1,200 אין מילואקי, און דער סטרייק פארשפרייט זיך אין פיעלע אנדערע שטעדט.

דער סטרייק האט אויך אנגעגריפען קענעדע. די גרענד טראנק סוויטשמען פון ברידזשבורי זיינען ארויס אין סטרייק. די סוויטשמען פון ווינדזער האלטען ביים ערקלעהרען א סטרייק היינט אין דער פריה.

פאלמער פארזיכערט, אז די רעגירונג קען זיך בלויז אריינמישען נאך א שטודיום פון דער סיטואציע.

סאוואנא, דזשארדזשיא, אפריל 10. פעדעראלע דיסטריקט אטארניס זיינען אינסטרואירט געווארען צו באשטימען אויף ווי ווייט דער סטרייק באריהרט די נויטיגסטע לעבענס מיטלען.

אטארני דזשענעראל פאלמער האט דא היינט ערקלעהרט, אז עס וועט קיין זאך ניט געטאן ווערען, ביז די רעגירונג וועט ניט האבען געמאכט א פאלשטענדיגע אונטערזוכונג אין דער סיטואציע. „איך האב טעלעגראפירט צום אסיסטענט יונייטעד סטייטס אטורני אין וואשינגטאן, אז ער האט פולע רעכט צו האנדלען אין דער סיטואציע אין פאל עס וועט נויטיג זיין" האט מר. פאלמער געזאגט.

### עס איז ניטא קיין באהן סטרייק זאגט גאמפערס

פילאדעלפיא, אפריל 10. — „עס איז ניטא קיין סטרייק פון אייזענבאהן ארבייטער" — האט סעמיועל גאמפערס דא היינט ערקלעהרט, באלד ווי ער איז אראפ פון טריין פון נוארק.

'געדענקט — האט דער פרעזידענט פון דער אמעריקאן פעדעריישאן אוו לייבאר געזאגט — דער קאנגרעס האט פארבאטען סטרייקס אויף די אייזענבאהנען, אבער עס איז ניטא קיין געזעץ וואס זאל אפהאלטען איינציגע ארבייטער צו פארלאזען זייערע דזשאבס, אויב זיי געפינען פאר נויטיג. אבער וויסען זאלט איהר אז עס איז ניטא קיין סטרייק פון אייזענבאהן ארבייטער".

מר. גאמפערס האט זיך ענטזאגט צו קאמענטירען וועגען זיין מיסיאן קיין פילאדעלפיא. אבער עס איז זיכער, אז זיין קומען אהער איז אין פארבינדונג מיט'ן באהן סטרייק.

### רעגירונג ווארענט אריינמישונג

שיקאגא, אפריל 10. — די פעדעראלע רעגירונג וועט זיך זיכער אריינמישען אין סטרייק, אין פאל עס זאל ניט קומען צו א סעטעלמענט אין די נעקסטע 48 שטונדען.

דיסטריקט אטארני קליין האט נאך א קאנפערענץ מיט די בעאמטע פון דער בראדערהוד אוו רעילוועי אינזשינירס, ארויסגעגעבען א סטייטמענט, אז די רעגירונג האט די מאכט זיך אריינצומישען אין דער סיטואציע, ווייל דער סטרייק האט אפגעשטעלט דעם שפייז-פארקעהר.

מר. קליין האט אויך אפגעהאלטען א קאנפערענץ מיט בעאמטע פון דעם דעפארטמענט אוו דזשאסטיס, וואס האט אנגעהאלטען פרייטאג א גאנצע נאכט.

דער סטרייק האט זיך פארשפרייט אין נאך 11 דיסטריקטס און באריכטען פון זיבען שטעדט צייגען, אז די רייהען פון די סטרייקער ווערען פארגרעסערט.

אלע קוילען מינען פון סאוטה אילינאי, האבען פאקטיש זיך צוגעשלאסען, ווייל עס זיינען ניטא קיין טריינס צו צונעהמען די קוילען. פון העריסבורג, איל. ווערט באריכטעט, אז דארטען האבען 25 קוילען-מינען זיך צוגעמאכט, און 20 טויזענד קוילען-גרעבער אין דיזען סטייט זיינען ארבייטסלאז.

דריי שפייז פלענטס אין שיקאגא דיסטריקט האבען זיך היינט צוגעמאכט.

## עקס-אמבאסאדאר עלקוס קומט קיין דעטראיט

דזשארדזש איבראם י. עלקוס, געוועזענער אמעריקאנער אמבאסאדאר אין טערקיי און באוואוסטער אידישער כלל-טוער, וועט קומענדען זונטאג זיין אין דעטראיט און וועט אדרעסירען 2 מיטינגען: איינעם אין טעמפעל בית אל, 10:30 אין דער פריה, וואו ער וועט אדרעסירען די מיטגליעדער פון דער ארדער בני ברית און 3 אזייגער בייטאג, וועט ער אדרעסירען א מיטינג אונטער דער אויפזיכט פון פאטריאטיק פאנד, אויך אין טעמפעל בית אל.

דזשארדזש עלקוס ווערט באטראכט אלס אויטאריטעט איבער קליין-אזיאטישע ענינים. ער וועט דערצעהלען זיינע ערפאהרונגען אין טערקיי אין צייט פון מלחמה און וועט אויך באהאנדלען די איצטיגע און צוקונפטיגע אויסזיכטען פון דער קליין-אזיאטישער פראבלעם.

דזשארדזש עלקוס איז באשטימט געווארען אלס אמבאסאדאר קיין טערקיי נאכדעם ווי הענרי מארגענטוי איז צוריקגערופען געווארען און האט רעזיגנירט נאכדעם ווי אמעריקע איז אריין אין דער וועלט-מלחמה. ער איז א טעטיגער ציוניסט און א טוער אין פארשיעדענע אידישע ענינים.

## אויף דעטראיטער גאסען

### צוויי פרויען ארעסטירט פון פרויען-דעטעקטיווס

מיני האווארד, 24 יאהר אלט 211 אדאמס עוו., און עטעל דייווים, 24 יאהר אלט, פון טאלידא, זיינען לעצטען שבת ארעסטירט געווארען אויף דער קלאגע פון גנבה.

מיס אלבערטין ראזין און מיס לא-לא דיופי, דעטעקטיווס אין א וואודוואורד עוועניו סטאר פון פרויען-קליידער, האבען דערזעהן ווי די צוויי פרויען זיינען אריינגעקומען אין סטאר ארום 2.30 בייטאג און זיך אוועקגעשטעלט נעבען א 350 דאלארדיגען טי-גאון און ניט אפגעטראטען. עס איז זיי געווארען אויפפאלענד, און זיי האבען שוין פון די צוויי פרויען קיין אויג ניט ארונטערגענומען.

און אזוי ווי דאס הארץ האט זיי געזאגט: באלד האבען זיי דערזעהן, ווי איינע האט אונטערגעלעגט דעם מאנטעל אונטער איהר קאוט און זיך געלאזט געהן צו דער טיר.

די פרויען דעטעקטיווס זיינען זיי נאכגעגאנגען און ווען זיי זיינען אנגעקומען אויף לאפאיעט בולווארד און שעלבי סטריט, האבען די דעטעקטיווס אפגעשטעלט די פרויען, צוגענומען דעם מאנטעל און א פארבייפאהרענדער רייטענדער פאליסמאן האט צוגענומען די פרויען אין פאליס-סטיישאן.

### „אפגענארט דעם גנב"

אראן סטאפעל פון 255 בייקער סט. האט לעצטען שבת שפאצירט אויף וואודוואורד עוו., און אן אומבאקאנטער מאן איז צו איהם צוגעגאנגען און איהם געפרעגט:

„זייט איהר פאראינטערעסירט אין דיימאנדס?"

אראן, וועלכער איז געווען זעהר טשיקאווע אויף אזעלכע זאכען, האט דעם אומבאקאנטען פארזיכערט, אז ער איז גוואלדיג פאראינטערעסירט אין דיימאנדס.

באלד האט דער אומבאקאנטער ארויסגענומען א גרויסען דיימאנד-רינג א פאר „דיימאנד רינגען און דערצעהלט:

„איך האב עס געגנב'עט אין מאנטרעאל, און אזוי ווי איך מוז גלייך אנטלויפען פון דאנען, וועל איך זיי צו דיר פארקויפען ביליג. — $1,100.

אראנ'ס אינטערעס איז געוואקסען און דער חברה מאן האט עס באמערקט האט ער איהם אנגעזאגט, אז אויב ער שטעלט זיך לאנג דינגען, נעהמט ער שוין א טיקעט און פאהרט אפ. — ער האט קיין צייט ניט.

אראן איז מיט איהם געגאנגען ביז'ן דיפא. דער אומבאקאנטער האט גענומען א טיקעט קיין אקלאהאמא און אראן, ניט וועלענדיג פארליערען די געלעגענהייט, האט ער איהם באצאהלט $1,100 און דער בארגיין איז געווען געמאכט.

אבער ווען אראן האט די „דיימאנדס" אריינגעטראגען צו א דזשועלערי, האט מען איהם איבערגעגעבען, אז זיינע דיימאנדס זיינען „א פיינע קוואליטעט פון „פייסט" שטיינער.

אראן וועט שוין איצט פארזאגען א צעהנטען צו קויפען געגנב'עטע סחורה.

### איז זיך מודה אין באראובען א שניידער שאפ

מארק בראק, 18 יאהר אלט, איינער פון די באשולדיגטע אין דער שניידער שאפ רויבעריי אויף 925 וואודוואורד עוו., וועלכע באלאנגט צו א. ס. קרעניץ, האט זיך לעצטען שבת מודה געווען און אריינגעשלעפט נאך 6 באיעס.

לויט בראקס מעשה, איז די גלעזערנע פענסטער פון שאפ אויפגעבראכען געווארען און 1,800 יארד ווארע איז אוועקגעפיהרט געווארען אין אן אויטאמאביל. די רויבעריי איז פארגעקומען דעם 7-טען אפריל.

## פייזעל ערקלעהרט ווילסאנ'ען נויטווענדיגקייט פון זעלבסטשטענדיגען סיריען

דמשק, אפריל 10. — די באריכטען, וואס געוויסע פראנצויזישע פאליטיקער האבען פארשפרייט, דאס די אראבער וואלטען וועלען קומען אין פארשטענדניש מיט פראנקרייך און אנגעהמען א פראנצויזישען מאנדאט, אט די באריכטען ווייזען זיך ארויס צו זיין ניט ריכטיג. פרינץ פייזעל און די איבעריגע טוער פון דער נייעד סיראנישער קעניגרייך זענען איינשטימיג מיט דער מיינונג, דאס עס איז אן אונמעגליכקייט אנצונעהמען פארשיידענע מאנדאטען איבער באזונדערע טיילען פון דער אראבישער טעריטאריע.

ווי ס'זעהט אויס, זענען זיי גענייגט אנצונעהמען דעם ענגלישען מאנדאט, אויב אמעריקא וועט זיך ענטזאגען אנטיילצונעהמען אין די ענינים פון דעם נאהענטען מזרח.

אין זיין בריעף צו פרעזידענט ווילסאן, זאגט פרינץ פייזעל, דאס דער אראבישער דיסטריקט — דאס נייע סיריען, וועלכע נעהמט אריין אויך פאלעסטינא, ערדזאן און מעסאפאטאמיען — האט געוואלטירט געגען קאליפ'ס אויפרוף און האט צו נישט געמאכט דעם רוף צו א הייליגען קריעג אין דער מאהאמעדאנער וועלט. דאס איז געטאן געווארען — זאגט ער — ווייל די עלייעס האבען צוגעזאגט צו ערפילען די האפנונגען פון די אראבער. „אייערע פרינציפען זענען פון די עלייעס אנגענומען געווארען — זאגט פייזעל — און זיי, די עלייעס האבען ערקלעהרט דעם וועלט-קריעג אלס א באפרייאונגס באוועגונג, וואס האט ניט קיין עראבערונגס ציעל".

פייזעל דערצעהלט דאן, ווי אזוי די עלייעס האבען באלד נאכ'ן וואפענשטילשטאנד צווישען זיך געשלאסען א געהיימען אפמאך, לויט וועלכען סיריען איז צוטיילט געווארען אויף 4 דיסטריקטען, אונטער פארשיידענע אדמיניסטראציעס. דאס פאלק, זאגט פייזעל, איז פון דעם אויפגערייצט, און כדי צו פארמיידען א גרויסע געפאהר, וואס קען פארקומען פון אן אויפשטאנד אין סיריען, איז נויטווענדיג געווען איינצורופען א קאנסטיטואירענדע פארזאמלונג, וואו ער, פייזעל, איז ערוועהלט געווארען אלס קעניג, און דאס לאנד האט פראקלאמירט זיין אונאפהענגיגקייט, א זאך, וואס איז אין אנקלאנג מיט די פרינציפען און ערקלעהרונגען פון די עלייעס.

### אונגארען בעט זעלבסט-באשטימונג

פאריז, אפריל 10. — פון א זיכערער קוועלע האט מען זיך דערוואוסט, אז אונגארן וועט דעם שלום-אפמאך ניט אונטערשרייבען, ווייל דארט ווערט ניט אנגעוויזען דאס רעכט פון א פלעבעסציט אין די טעריטאריעס, וואס זענען פון אונגארן אפגעריסען געווארען. די שלום-דעלעגאטען האבען ערפאהרען, דאס זייערע פאדערונגען וועגען א פלעבעסציט וועלען ענטזאגט ווערען, און ס'ווערט ערווארטעט, דאס גראף אפאנאי, הויפט פון דער אונגארישער שלום דעלעגאציע, וועט גאר ניט קומען מעהר קיין נויעל, צו פארהאנדלען ווייטער וועגען שלום.

### אין מארגענדיגען נומער „וועג"

אן אינטערעסאנטע קארעספאנדענץ פון אייראפא פון אונזער קאפענהאגענער קארעספאנדענט ש. פאן.

אין מישיגאן סטייט רעדט מען איצט וועגען באקעמפען די רענט פראפיטערס; דער גאווערנאר האט שוין זיינע פלענער פארעפענטליכט. איז עס כדאי אז די היגע אידען זאלען זיך באקענען מיט די נייע „ישועות", וועגען וועלכע עס שרייבט אין מארגענדיגען „וועג" אונזער רעדאקטאר פ. י. גאלדשטיין.

ווי אזוי פוילען האט זיך אויפגעפיהרט אין ווילנע — וועגען דעם וועט דער לעזער געפינען א קורצען, אבער שוידערליכען באריכט אין מארגענדיגען „וועג".

ניט לאנג צוריק האט גאנץ אמעריקא געשטורמט מיט א סענסאציע וועגען א מוטער, וועלכע האט דערטרונקען איהר קינד, אום צו געווינען די ליעבע פון איהר. לייענט אין מארגענדיגען נומער די איינצעלהייטען פון דיזער סענזאציאנעלער פאסירונג אויף דער לעצטער זייט פון „וועג" געשריבען פון ב. י. ג.

## די יו. אר. זוכט אינדזשאנקשען געגען קאר פלאן

צוויי אינדזשאנקשאן-קלאגען זיינען אריינגעקומען לעצטען שבת אין יונייטעד סטייטס דיסטריקט קאורט געגען דער פארווירקליכונג פון מעיאר קאוזענס קאר פלאן.

איינע איז אריינגעקומען פון דער די. יו. אר., וועלכע פארלאנגט, אז דעם מעיארס פלאן זאל בלאקירט ווערען אויף דעם גרונד, וואס איהרע קאנסטיטוציאנעלע רעכטע ווערען אנגעגריפען דורך דעם וואס די שטאדט וויל איהר צווינגען אנטזוועלדער צו פארקויפען איהרע ליניען צו דער שטאדט פאר א פרייז וואס דיא שטאדט וויל צאהלען, אדער אין גאנצען אוועקנעהמען איהרע טרעקס פון שטאט.

די צווייטע קלאגע איז אריינגעבראכט געווארען פון ... טראסט קאמפאני, ... צו זיין ... אין דער פארט וויין און ... רעילוועי קאמפאני, דורך א מארטגיידזש וואס זי האט פון איהר נעקראגען.

ביידע אינדזשאנקשאנס קלאגען אן מעיאר קאוזענס, קאנטראלער העגרי סטייפענס, די דריי מיטגליעדער פון דער רעילוועי קאמישאן און די מיטגליעדער פון סיטי קאונסיל און בעטען עס זאל ארויסגעגעבען ווערען א פערמאנענטע אינדזשאנקשאן געגען דעם שטאדטישען פראיעקט, וואס איז גוט געהייסען געווארען פון די היגע בירגער לעצטען מאנטאג.

זייער פארלאנג ענטהאלט אויך א פונקט, אז ניט נאר זאל דער קאוזענס פלאן פארבאטען ווערען פארלויפיג, נאר אז די קאורט זאל ערקלעהרען דעם פראיעקט אלס נול פאר אלע מאהל.

עס איז זעלבסטפארשטענדליך אז עס איז נאך א גרויסע פראגע צי די די. יו. אר. וועט דאס אויספיהרען געגען דעם ווילען פון א גאנצער שטאדט שטעלט מען זיך נישט.

## 12 מיליאן דאל. נויטיג צו פארבעסערען היגע וואסער-לייטונג

דער דעטראיטער סיטי קאונסיל האט לעצטע וואך אנגענומען א רעזאלוציע פאר א נייער באנד אישו פון 12 מיליאן דאלאר, וואס וועט גענומען ווערען צו א רעפערענדום אין די פריימערי וואהלען אין אויגוסט פון היינטיגען יאהר.

די רעזאלוציע איז אריינגעטראגען געווארען פון אלדערמאן נאגעל. פארשלאגענדיג די דאזיגע רעזאלוציע האט דער אלדערמאן געזאגט:

„עס איז צייט אז מיר זאלען אננעהמען ממשות'דיגע מיטלען צו עטאבלירען אין דעטראיט א „פילטריישאן" פלאנט, וואס זאל אונז פארזיכערען מיט א ריינע וואסער-לייטונג און אין דער זעלבער צייט דארפען מיר זעהען מאכען געוויסע אויסברייטערונגען אין דער וואסער-לייטונג. די באנד אישו וואס איך שלאג פאר, וועט באשאפען א פאנד, וואס וועט ערשטענס פארזארגען דער וואטער קאמישאן מיט 7 מיליאן, אום צו מאכען איינע פארבעסערונגען אין דער וואסער לייטונג אין פארלויף פון די קומענדע דריי יאהר, און די איבעריגע פינף מיליאן דאלאר וועט באנוצט ווערען פאר א פילטריישאן פלאנט. (דער פראצעס פון דורכזייען די וואסער)

„דעטראיט איז שוין מיעד פון טרינקען גיפטיגע וואסער — האט דער אלדערמאן ווייטער ערקלעהרט — און דער איינציגער וועג ווי אזוי צו באשאפען א פילטריישאן פלאנט איז צו קריגען די נויטיגע סומע וואס דער פלאנט דארף קאסטען".

### עלייעס וועלען פארהאנדלען רוהר-לאגע אין סאן רעמא

פאריז, אפריל 10. — לויט דער „עקא דע פארי" וועלען די אליאירטע פרעמיער'ען פארהאנדלען די אלע פראגען, וואס זענען ארויסגעקומען פון דער רוהר-סיטואציע אויף דער קאנפערענץ אין סאן-רעמא.

לאיד דזשארדזש פארלאזט היינט לאנדאן און פאהרט אפ קיין איטאליען צו זיין אנוועזענד אויף דער סאן-רעמא'ער פרעמיערען קאנפערענץ.

## CLASSIFIED

**איך זוך** א פארטנער צו מאניופעקט־שורען פאפ, אלעס רעדי צו אנפאנגען ארבעטען, מוז האבען ביז $2000 פרעגען מ. סקלעש

**150 Mercer St.**

ווינדזאר קענערע.

**באקאנטמאכונג**, מיר מאכען בא־קאנט אלע אונזערע קאסטימערס אז פון היינט אן וועט ארנזער סטאר זיין **צוגעמאכט זונטאג**. מאי עהרליך 317 הייסטינגס קאר. אדאמס.

**פארלאנגט** א מיידעל פאר א בעקע־ריי סטאר. מוז קאנען לעזען און שריי־בען ענגליש. שבת איז צוגעמאכט. פרעגען: ציון בייקינג קא. 271 מאנט קאלם (12)

**גראסערי און קענדי סטארס** צו פארקויפען אויך א מאשין צו מאכען סעלטצער; נוצבאר פאר קענדי סטארס אויך. פרעגען: ה. סאליטער, 545 ריווארד סט. (11)

**א גראסערי** און בוטשער סטאר צו פארקויפען אורזאכע פארטנערשיפ קע־נען ניט דורכקומען, פרייז 3000 דא־לאר. 1200 דאלאר קעש און באלאנס אין 60 טעג; פרעגען מר. ווער־זשביטסקי, 125 ווינלאט סט. העמט רעמק (16)

**פארלאנגט** עקספיריענסד סיילעסמאן אין א דזשענטס קלאטהינג און פורני־שינג סטאר, גוטע רעפערענס, שטענ־דיגער דזשאב און גוט באצאהלט פרע־גען 355-357 מישיגאן עוו. טשערי 1311 אר.

**א קארנער הויז** צו פארקויפען, סעווען מייל ראוד אויסגעצייכענט פאר געזאלין סטיישאן גראסערע אדער סאפט דרינקס סטאר. פרעגען 115 העמילטאן בלווד.

**נייע סטארס** צו פאררענטען אויף ראסעל סט. צווישען פילאדעלפיא און קארנער וועלינגטאן א גוטער לאקיי־שאן פאר עני ביזנעס. זיך פרעגען ביי מארים זאנוט 200 בראש סט.

**א רום** צו פאררענטען פאר א באי, 345 פארנסווארטה טעל. נארטוויי 2237 ראבעליו.

**[פ]ארלאנגט** עקספיריענסד קעכין אין א כשר'ן רעסטאראן, גוט באצאהלט, סטעדי פאזישאן, זיך מעלדען אין 44 בראדוויי יעדען טאג נאך דינער.

**רומס** מאדערנע פורניטשור צו פאר־קויפען די פארטי וועלכע וועט די פורניטשור קויפען קען אויך די רומס רענטען. מיר מוזען גלייך די שטאדט פארלאזען צוליעב אן אויסערגעוועהנ־ליכען צופאל זיך פרעגען מ. אלטער־מאן 97 ווילקינס סט.

**ווארע ביליג פאר סטאר־קי־פערס און פעדלערס**
ספעציעלע פרייזען פאר ריטיילערס
**מאקס ראזינסקי**
353-355 הייסטינגס, קאר. קאלומביא

ווילט איהר אייערע
**שלעסער, שליסלען קארפענ־טער זעגען, טולס און אנדערע ארבייט**
גוט געמאכט און גאראנטירט?
טו קומט צו
**מ. דאמניטץ,**
245 מאנטקאלמסט.

**Reliable Store Fixture Co.**

מיר האבען א גרויסע אויסוואהל פון אלערהאנד סטאר פיקסטשורס, וואל קייסעס, שאו קייסעס, אייז באקסעס, קאנטארס, שעלווס, סייפס סקיילס רעדזשיסטערס, נייע און געיווטע. פרייזען מעסיגע. ערענטליכע בעהאנד־לונג. 2 סטארס.
**רעלייבל סטאר פיקטשור קא**
305 גרעשיאט עוועניו
טעל. קאדילאק 2445
277 מישיגאן עוועניו
טעל. קאדילאק 4924 עם.

**לאיער מתתיהו ליסס** האט גע־עפנט א ברענטש אפיס פאר די אווענ־דען אין 325 וועסטמיניסטער סט. טעל העמלאק 533 דאבליו דאן טאון אפיס. 928 טשעמבער אף קאמערס בלדג. סטיט אין גריסוואלד סט. טעל. טשערי 3978

---

**דער בעסטער מוהל אין שטאט און מסדר קידושין**
**חזן דוד גאלדען**



**אין 248 איסט האי סטריט**
טעלעפאן, מעין 4420

**ניט** אייערע קינדער א מאדערנע אידי־שע ערציהונג שיקט זיי אין דער מענ־דעלע פאלקס שולע 204 איסט הענ־קאק. עס ווערען געעפענט נייע קלא־סען פאר אנפאנגערס, אויך שילער פיר די העכערע קלאסען, אין שולע לע־רענט מען אידיש העברעאיש, געשיכ־טע און לעגענדע, די שולע איז אפען יעדען טאג פון 4 ביז 7 זונטאג פון 9 ביז 12.30

— **באקאנטמאכונג** —
**רעוו. א. קאצער**
וואס איז רעקאמענדירט פאר'ן בעסטען
**מוהל**
זייט די לעצטע 20 יאהר
האט געמופט פון 263 פארנסווארט
אין
140 מערבורג קאר. בראש
טעלעפאן: מארקעט 827

**דר.**
**ה. סטאריקאף**
**דענטיסט**
דער פלאץ פאר גוטע ארבייט
גוטע בעהאנדלונג — ליבעראלע פרייזען.
**490 הייסטינגס סטריט**

**אוקלאנדער אידען**
פיקסען זייערע
**ציינער**
ביי
**Dr. H. Goodman**
דענטיסט
געמופט פון 427 וואוואורד
737 אוקלאנד עוו.

# פארד קארס
# און אנדערע קארס

קומט און קלייבט אויס פון אונזער גרויסען סטאק. מיר קויפען פאר קעש און פאר־קויפען אויף לאנגע טערמינען

**Maurice W. Fox Co.**
**Boulevard Near Oakland**

**פאר סמוקערס מבינים**
***DURAND***

האט א 25 יאהריגע רעפוטאציע. גע־מאכט נאר פון רייגער האוואנא. פרובירט היינט א דוראנד. איהר וועט קיין חרטה ניט האבען. פאדערט דו־ראנד ביי אייער דיעלער.

**DAVIS CIGAR MFG. CO**

געמאכט אין דעטראיט.

**קאפלאן'ס בארגיין סטאר**
483 הייסטינגס סטריט
קענט איהר קויפען אלעס פון די פאל נענדע לייגס:
קאמפליט דרעס גודס ליין פון סילקס, וואלענס און קאטין גודס. פערשידענע [...]ענסי ארטיקלען ווי, בעד ספרעדס, קויר־טענס; טייבעל קאווערס; שעמס און סקארפס. קאמפליט ליין אין לעידים פענ־סי אנדערוועהר און קארסעטס. מענער פארנישינגס און אהנדערוועהר.
**ספעשעל! ספעשעל!**
א גרויסער אסארטמענט אין וואלענס פאר מענער און בייס סוטס און קאוטס. א קאמפליט ליין פון טיילאר און דרעס־מייקערס טרימינגס.

---

**קוואסעלאוו און קאטליער'ס**
האלסייל און ריטייל
**דריי גודס, מענס און לײדיס פורנישינגס, נאטי גודס א. ז. וו.**
454 הייסטינגס סטריט

**צום דעטראיטער פובליקום!**
יעדער איינער דארף וויסען: אז אויגען זיינען די איידעלסטע ארגאנען אין דעם מענשליכען קערפער. ווען איהר ליידעט פון אירגענד וועלכע קאפשמערצען אדער נערוועזיטעט, דאן געהט צו אן ערנסטען, עהרליכען אפטאמעטריסט, ער וועט אייך פארזיכטיג און וויסענשאפטליך צופאסען די ריכטיגע ברילען.
די ריכטיג צוגעפאסטע ברילען וועט אייך ערלייזען פון אלע אייערע טראבעלס. נעהמט צו אייער גוט באקאנטען
**אפטאמעטריסט**
**Frosh O. D.**
אין 204 קלינג'ס בילדינג וועלכע געפינט זיך אין 308 הייסטינגס סט. קעגענאיבער עהרליך'ס דזשולערי סטאר.

**דר. ל. ע. בעילער**
ספעציאליסט אויף אויגען, אויערען, נאז און האלדז קראנקהייטען 164 גרעשיאט עוו קאפפין טעאטער בלדג. טעל. מעין 2702

**שעכטער'ס**
**דראג סטאר**
477 הייסטינגס סט.
טעלעפאן, טשערי 5763
פרעסקריפשאנס פארפערטיגט מיט די גרעסטע פינקטליכקייט
צו יעדער צייט

**ל. ה. רייבלין**
**פון אהבת אחים שוהל**
(אוקלאנד)
נעהמט אן **סדור קדושין**
און אנדערע שמחות מיט די בעסטע צופרידענהייט.
**511 קעמערון עוועניו**
טעל. העמלאק 1130 ראבעליו

**מאושען־פיקטשור אפרייטארס**
לערענט זיך פאר
לייכטע און ריינע ארבייט, קורצע שטונ־דען, גוטע ווידזשעס קוואליפיקיישאן גאראנטירט.
**Movie Operator's School**
**33 Sproat St**
מאנטאג, מיטוואך און פרייטאג 7:30 אבענד.

**אונגארישער כשר רעסטאראן**
בעסטע אונגארישע מאכלים;
**דזשיי סיגעל און בארשי**
אייגענטהימער
337 הייסטינגס סט.

TELEPHONE CANAL 187
VIENNA SAUSAGE MFG. CO.
Manufacturers of the Celebrated Vienna Pure Hygeia Beef Sausages
Smoked & Pickled Beef Tongues, Etc.
U. S. INSPECTION ESTABLISHMENT 462
1215-1217 S. HALSTED ST. CHICAGO.

אונזערע
**דעטראיטער אגענטען**
זיינען
**דזשיי לעפקאווסקי און סאנס**
**בראדוויי מארקעט**

**צו אלע דעטראיטער פעדלערס!**
— די —
**סטענדערד באָרעל קא.**
האט געמופט דעם אפיס אין
**52 נאפאלעאן סט.**
טעל. טשערי 8158
מיר צאהלען די בעסטע פרייזען פאר אלערליי באָרעלס.
**דוד האפמאן**, מענעדזשער

---

# עניים ואביונים
## אדער גליקליכע און אומגליקליכע

ראמאן — פון מרדכי ספעקטאר

ענדליך האבען זיך צווישען עולם גע־פונען אזעלכע וואס האבען זיך אנגערו־פען אז זיי ווילען נעהמען די קראנקע צו זיך איבער נאכט. דא האט זיך ערשט דע־מאנט ר' שמואל בער אז עס פאסט ניט פאר איהם, זי ליגט אויף זיין פריזבע, צו איהם האט מען זי געבראכט. פרעמדע וואס זענען ניט קיין גבאים ווילען זי ארייננלאזען און ער ניט. האט ער באלד געהייסען די קראנקע אידענע זאל אי־בערנעכטיגען ביי איהם אין שטוב. דעם עולם איז דאס זעהר געפעלען פון זייער גבאי און זיי זיינען זיך שטיל צוגאנגען, ר' שמואל בער איז געוועזען אוודאי צו־פרידען, וואס קיינער וועט אויף איהם א שלעכט ווארט ניט זאגען און מען וועט איהם נאך לויבען.

שפעטער, ר' שמואל בערס ווייב, האט ווי אן עהרליכע אידענע א גבאיטע רח־מנות געקריגען אויף דער ארימער קראנ־קער, אויסגעבעט פאר איהר א ווייך בע־טעל. זי אנידערגעלעגט און געפרעגט זי:

— וואס טהוט איך וועה ליעבע אידע־נע. דארף מען שיקען נאך א דאקטאר?

— ניין, איך דארף קיין דאקטאר ניט. אי קויף זיך אברוהען, איך בין זעהר [...] איך האף מארגען צו ווערען געזונד, ווען ניט וועל איך מוזען אריין אין הקדש, דארטען זענען דא דאקטוירים.

יאה, האט אין גאר ניט דערקענט אז זי רעדט מיט איהר אייגענע מוטער. עס האבען איהר במעט אלע אברים וועה גע־טאן, דער קאפ האט זיך איהר געדרעהט זי האט גאר ניט געזעהן ארום זיך. זי האט נא[ר] געוואלט זיין אליין, זיך אב־רוהען, זיך איבערשלאפען און פון א דאק־טאר, פון עסען האט זי זיך אבגעזאגט. קוים האט מען זי איינגעבעטען איבערטרי־קען א גלאז טהעע מיט א שטיקעל ווייסע בולקע.

דאס האט אויף איהר זעהר ניט גע־ווירקט און איז אויף איהר ווייכען געלע־גער געשמאק אנטשלאפען געווארען. אין שטיבער האט מען איבערגעלאזט א לעמ־פעל ברענען די גאנצע נאכט. די קעכין וואס שלאפט שטענדיג אין קיך, האט מען געהייסען איבער היינטיגע נאכט זיך לייגען אין שטיבעל וואו די קראנקע איז, טאמער וועט זי זיך אויפכאפען און עפעס ווילען.

* * *

זינט ר' שמואל בער'ן האט אנגעהויבען גערן בעסער אין כפרט נאך זינט ער איז געווארען נאך אמאל גבאי, האבען אין זיין שטוב אנגעהויבען אריינצוגעהן עפ־טער מענשען, זעלטען איז געוועזען אין אבענד אז עס זאלען זיך ביי טהעע ניט געפינען א 2 פרעמדע און א 5 אייגענע מענשען, שטענדיגע איינגעהערס. וועה־רענד שבת צו נאכטס, איז די שטוב גע־וועזען במעט פול מיט היימישע. דאס פארשטעהט מען אויך אז צווישען דיא היימישע האבען זיך אויך גערעכענט ר' אהרן דער קאמיסיאנער און פיאדאר אי־וואנאוויטש.

פיאדאר פלעגט קומען זעהר זעלטען, ווייל ער איז געוועזען זעהר פארנומען מיט זיינע געשעפטען. ר' אהרן דעסגליי־כען, נאר זינד עס האט זיך איבער דיא פאגראמען אויסגעלאזט דיא קאמיסיעס. און ער איז געקומען אהיים, האט ער אבענד צייט אנגעהויבען אריינצוקומען אפטער. היינטיגען אבענד איז ער אויך געוועזען ביי ר' שמואל בער'ן. פריהער האבען זיי גערעדט פון אלערליי פאטש־טען, נאר איבער דער קראנקער אידענע האבען זיי אנגעהויבען רעדען פון הקדש, אהרן האט געזאגט אז עס איז זעהר ניט גוט וואס עס איז אין דעם היגען הקדש אנגעפיהרט אז ביינאכט זאל מען ניט אריינגעהמען קיין קראנקען און ר' שמואל בער האט פון זיין ארט דערוויזען אז ביי־נאכט איז ניט מעגליך. קיין דעזשורנע דאקטוירים האט דער הקדש ניט און מען קען ניט וויסען ווער עס איז קראנק און ווער ניט — געה גלויב איין קבצן! פאר איין יאכעס מיט א פריש בולקע וועט ער זיך אלע מאנטאג און דאנערשטאג מא־כען קראנק, אהרן איז אויך באשטאנען אז אנדערש קען ניט זיין.

— איך וואלט שוין פונדעסטוועגען געגעבען אין קויטעל פאר דער אידענע, נאר ווער ווייסט צי דארטען איז דא א לידיג ארט! דאס הקדש איז שטענדיג פול מיט קראנקע, אויב דיא אידענע איז טאקי באמת קראנק וועט מען מוזען מאר־גען אויסשרייבען איינעם.

12 דעם זייגער האבען שוין אלע ביי ר' שמואל בער'ן אין שטוב געשלאפען. אין אלע פענסטער איז געוועזען פינסטער נאר ביי דער קראנקער אידענע אין שטי־בעל האט דאס לעמפעל געלויכטען. דיא קעכין האט זי תמיד זעהר געשמאק גע־שלאפען, לאה האט זיך אנגעהויבען ארו־קוקען. זי איז זעהר פארוואונדערט גע־ווארען ווען זי האט דערזעהן אז זי ליגט אין א ווייך בעט מיט א קישען צו קאפ־פענס, מיט ווייסע לייליעך, זי האט שוין לאנג אויף א ווייך געלעגער נישט גע־שלאפען. נאך דעם איבערשלאפען זיך האט זי זיך געפוהלט זעהר גוט, און גע־פיהלט ווי אלע איהרע צובראכענע ביי־נער האבען זיך אויסגעגלייכט, מיט פאר־גנוגען איז זי געלעגען אזוי רוהיג. אין דער שטיל ארום איהר איז אזוי ליכטיג, אזוי ריין, א גוטע לופט; דאס אלעס האט אויף איהר אזוי גוט געווירקט אז זיא איז פאלקאמען געקומען צו זיך, צו איהרע אלע געדאנקען, צוביסלעכווייז האט זי זיך אנגעהויבען דערמאנען וואס איז מיט איהר היינטיגען טאג פארגעקומען. נאר וואו געפינט זי זיך איצטער? אין הקדש? צי אין א שטוב ביי א גוטען מענ־שען וואס האט אויף איהר רחמנות גע־האט?

פלוצים האט זי זיך מיט גרויס שרעק און מיט גרויס וואונדער אויפגעהויבען די קאפ פון קישען און האט ניט אראבגע־נומען די אויגען פון דעם מעשענעם חנוכה לעמפעל מיט דיא מעשענע פיגע־לעך וואס עס איז געהאנגען אויף דער וואנד.

— גאט! דאס איז דאך מיין טאטענס חנוכה לעמפעל. איך געדענק ווי היינט א גאנצען יאהר פלעגט עס הענגען פאר א ציערונג אויף דער וואנד, נאר ערב חנוכה פלעג איך עס אראבנעהמען, אברייבען אויסרייניגען און אנגיסען בוימעל פריהער אין איין רעהרעל, אויף מארגען אין 2 א. ז. וו. ויא דער טאטע האט געהייסען אין שטעלען עס ביי דער טהיר אויף א ביינקעל און ער פלעגט אלע אבענד אויף א שעה זיך מיט א ניגון בענשען חנוכה ליכטלעך, ווען איך בין געוועזען נאך א קליין מיידעלע פלעג איך זיין זעהר פרעהליך אז פרעג יאבען פון דעם לאנגען שטיקעל סטאטשיק וואס דער טאטע פלעגט זאגען אז ער איז א שמש, און היום אב די איבריגע ליכטלעך זאלען ברענען. איך האב גאר פארגעסען אז איך געפין זיך איצט אין ר. אין מיין געבורטסשטאט פאהרענדיג ווען איך האב דערזעהן דיא שטאדט, האב איך זיך דערפרעהט וואס אט באלד, באלד וועל איך זיין אין דער היים, איך וועל זעהן מיין קינד, און דערנאך אפשר וועלען רחמנות האבען אויף מיר מיינע עלטערען און וועל ווי־טער ווערען ביי זיי א קינד. נאר דער טויט פון ר' זלמינע האט מיר באלד דעם קאפ פארשלאגען, איך האב שוין פארגע־סען אן אלעס און דערנאך ווען מען האט מיר געזאגט אז שיינדעלע מיט רייזלען זענען אוועקגעפאהרען, די מענשען פאר־קויפען הילע די מעקלערקע האט זי גע־געבען א שטעלע, איז מיר פינסטער געווא־רען אין מיינע אויגען, איך האב געפילט ווי איך ווער אן מיינע כוחות, איך בין געפאלען ווי א דערהרגעטע. איך האב זיך אין גאנצען פארגעסען וואו איך געפין זיך וואס עס טהוט זיך מיט מיר. איך האב אפילו פארגעסען אז איך געפין זיך אין דער שטאדט ר.

זי האט זיך ווייטער מעהר אנגעהוי־בען ארומקוקען און דאס ווייטער א סך דערקענט. זי האט כמעט אויסגעשריגען:

— גאט, איך געפין זיך ביי מיינע על־טערען אין שטוב! אין מיין געוועזענער ספאלנע, דורך דעם פענסטער בין איך פון מיינע עלטערען אנטלאפען. אלעס איז מיר דא אזוי באקאנט. די אידענע וואס האט מיך איינגערעקט און איינגע־הילט און אויסגעפרעגט מיך צו זאל איך עפעס — איז געוועזען מיין מוטער!... איך האב זי ניט דערקענט, אוי ווי זי איז פארעלטערט געווארען, ווי שווער איז זי צו דערקענען! גאר אן אלטע אידענע גע־ווארען, נאך עלטער פון מיר! גאר איין אלטע אידענע געווארען, ווי שווער איז זי צו דערקענען. זי האט מיך ניט דערקענט ווי האט איהר טאכטער ניט דערקענט!... און ווער קען מיך גאר דערקענען? ווער וועט דען אין מיין פארפינסטערט פנים גאר גלויבען אז איך בין די לאה!... גאט! וואס זאל איך איצט טהאן? צו זאל איך טאנצען פאר פרייד, צו זאל איך וויינען פאר צרות?!...

אין איהר הארץ איז פארגעקומען ביי־דע זאכען. עס האט זיך איהר געפרייט און געוויינט, דער קאפ האט ווייטער אנגע־הויבען דרעהען זיך ווי פריהער.

— וואס זאל איך איצט טהאן? זאגען זיי איך בין זייער טאכטער? וואס זשע וועט דערפון זיין? עס קען זיין אז איך וועל זיי מיט דעם נייעס ווייטער אומ־גליקליך מאכען. געווים האבען זיי שוין אן מיר לאנג פארגעסען און לעבען גע־ווים גליקליך, וואס האב איך זיי אומ־גליקליך צו מאכען אויפרייצען דיא אל־טע וואונדען? געווים האבען זיי ניט גע־עקט קיין חאניג פון מיין אנטלויפען.. און ויעדער ווער ווייסט צו זיי וועלען מי צונעהמען ווי א טאכטער, ווי א קינד? דען וואס בין איך? נידריג.. און פארדאר־בען.. פארדיע איך דען מיינע עלטערען זאלען מיך צוריק צונעהמען און א קינד? בארעכענדיג אלעס וואלט געווען זעהר נאריש ווען זיי זאלען מי דערקענען, ווען איך זאל זיי אויסזאגען.. נאר לאז זיין, זיי וועלען זיך דערפרעהען מיט מיר און וועלען מיך צונעהמען ווי א קינד וואס וועט זיין דענסטמאל, וואס וועט פון מיר דענסטמאל זיין? איך בין שוין סאי ווי סאי א פארפאלענע. איך קען מעהר ביי מיינע עלטערען ניט ערווארטען נאר ווי זיצען ביי זיי און עסען און טרינקען: נאר אויב אזוי וועל איך שוין ניט טאהן דערמאנען אז איך האב א טאכטער וואס איך האב זי ליעב, איך וועל זיין זאט, לע־בען רוהיג און זי מיט שיינדעלען ר' זא־מינעס קינד, כוטשען זיך ערגיץ דארט. עס קען זיין אז זי פלאגען זיך אין אזוי־נע ערטער ווי איך. א ניין, ראסוועט ניט זיין, איך וויים איצטער אלע וועגען וואו זיי צו געפינען. איך האב אלעס אליין אי־בערגעלעבט. איך וועל זי געפינען און וועל זיי ארויסראטעווען כל זמן זיי זע־נען נאך יונג, לאז איך נאך אביסעל קו־מען צו זיך, לאז איך נאר לעבען! און דערנאך וועל איך קומען צו מיינע עלטע־רען, ווי אזוי עס וועט שוין דערנאך זיין מעג זיין, אלין איינס איך וועל שוין סיי ווי סאי זיין גליקליך, סאי איך וועל לע־בען סאי איך וועל שטארבען..

זי האט זיך שטרענג ענטשלאסען ניט דערלאזען מען זאל זיא דערקענען: ניט אויסזאגען ווער זי איז, ביז וועט ניט גע־פינען דיא קינדער, דיא גאנצע נאכט האט זי זעהר פיעל געוויינט און געלאכט פאר פרייד און פאר צער; איהר וואלט זיך שוין אוי בלייבען אויף אייביג דא ביי איהרע עלטערען. נאר, איהר רחועלע, שיינדעלע!..

(פארטזעצונג פאלגט)

---

# אין גיכען
# פאנגען
# מיר אָן
# צו
# דרוקען
# א
# נייעם
# ראמאן

---

**JUDGE GAINEY**

HAVANA CIGARS




NORMAN BROS. 973 MICHIGAN WEST 117C

# א קענעדער ליטוואק'על

פון י. יאמפאלסקי

בין איך מיר א ליטוואקעל און רעד מיר מיט דער „סין". — טא וואס איז אזוינס?

געבוירען בין איך אין פינסק, גע-לערענט האב איך אין מינסק, געגעסען טעג און געשלאפען אויף דער ערד.

איך קען האלטען א דרוש, קען אויך ליטעראטור, האב שוין „געשריבען קא-ראזשפאנדענטשיעס" אין די גאזעטען.

בין שוין אויך געווען אין וואלאזין, האב איך אבער דארט פארפיהרט מיט די בחורים, האט מען מיך פון ישיבה ארויסגעשטופט. איז געקומען דער טאטע און זאגט מיר: זוהן! ווילסטו לערנען גאט'ס תורה אדער ווילסטו בעסער זיין א מענץ? זאג איך: א מענץ. זאגט ער: טא נא דיר א רובל און פאהר אין די וועלט! א קאפ האסטו א גוטע און שכל האסטו אויך'ט טא גיה און זיי מצליח.

בין איך געגאנגען פון שטאדט צו שטאדט און ס'איז געווען ניט שלעכט! אומעדום געהאלטען א דרוש אז די ווייבער האבען זיך פארגאסען אין געוויין! איך האב אנגעצויגען א תוספות פון „ביצה שנולדה ביום טוב" מיט'ן דין פון „בתולת נשאת ליום הרביעי" און ס'איז ארויס ערעפן א רמז אויף „ימות המשיח", און מיט א פסוק פון קינות און סליחות האב איך באקלאגט די אפיקורסים וואס זיצען אהן א היטעל און זיינען מחלל שבת, און ס'איז ארויס א פאר גראשען אויף הוצאות, אין א צווייט סטעדטעל, און אזוי האב איך מיך גע-דרעהט פון איין סטאדט אין דער אנ-דערער ביז איך בין אריין קיין ראסיע.

אין ראסיע איז מיר סוין געגאנגען בעסער אבער די מענטשען... דאס הייסט די מענטשען זיינען ניט סלעכט, אבער דער לאסען זייערע: אויף בעבלאך זא-גען זיי פאסאלים, אויף בולבעס זאגען זיי קארטאפעל, האט איהר געהערט א לשון? יעצט זאלט איהר הערען א דאווי-נען! זיי זאגען „ברוך שאמר" פאר „הודו", פרייטאג צו נאכטס זאגען זיי „רזא דשבת". פשוט'ע חמורים זאג איך, אייך: די טאטעס פאהרען צו די רביים, די קינ-דער לערנען פשוט'ע גמרא, האבען תמיד ליעב צו זינגען, לעזען ביבלאך און זא-גען אויף „גו" — „גי", און כמועט מיט ווי האבען זיי פיינד א ליטוואק און רו-פען איהם „צלם קאפ"!

דאך גערך געבען זיי. אומעדום האב איך באקומען פאר מיין דרוש עטליכע רובעל. נו, האב איך מיך אנגעהויבען לערנען שחיטות עופות. דערווייל האט זיך אין מיר פארטשעפעט א ווייביל ביז איך אנטלאפען אין אן אנדער סטאדט און האב געשריבען דעם טאטען א בריע-פעלע אז איך פאהר קיין אמעריקא. בא-גען געהאט אין ארבייט, אמת, ניט קיין אזוי: כיין טייערער זוהן יודקעלע! זיי וויסען אז דער פערד'ל איז גע'פגר'ט און חיים'קע איז געשטארבען. ברײנקע וויל בוין א חתן און די מאמינקע ליגט קראנק. בכן קום איך דיך בעטען ווי אין פסוק שטעהט 'אתיתי, לחנך' זאלסט אונז סיקען כאטש א צעהן רובל ס'זאל זיין אין הויז כאטש א ביסעל בולבעס מיט בעבלאך און דערפאר וועט דיך גאט בענטשען. פון מיר דיין פאטער הקטן פייוקע.

טא וואס מיינט איהר האב איך גע-טאן? גאר ניט! איך האב איהם געשענקט א דרוש, געמאכט זעקס רובל מיט קא-פיקעס האב איך זיי איהם איבערגעשיקט, געלאזט גריסען ברײנקען מיט דער מא-מינקע און בין אוועק קיין אמעריקא.

געקומען קיין אמעריקא האב איך מיך גענומען צו דער מלאכה — עס געהט ניט! די אמעריקאנער האבען פיינד דרוש. זיי האבען ליעב א ספיטש. האב איך אנגעהויבען ארומטראגען פייפערס און מיך געלערענט ספיטשען. און אז איך האב סוין געקענט ספיטשען, בין איך גע-ווארען א קאנטרי פעדלער מיט סוס-פענדערס און זייגערלאך. דערווייל קום איך אן אין א קליין סטעדטיל און ווען איך האב די גאנצע וואך אפגעפעדלט, האב איך שבת געגעבען א ספיטש. זאגען מיר די אידען: וואס דארפט איהר זיין א פעדלער, א מעהר ווערט ביי אונז א רעווערנד, דאס הייסט א שוחט און א מלמד! טראכט איך מיר: רבונו של עולם, וואס קען גאך בעסער זיין! און האב מיר געקויפט א סטאפ פייפ און בין געווארען א רעווערנד. און האב אנגעהויבען לער-נען ענגליש, און בין געווארען א יוצא ונכנס ביי אלע בעלי בתים. האב אנגע-הויבען פיהרען דאס סטעדטילע ביי דער נאז. עפים בין איך דאך א ליטווישע קאפ און זיי זענען געווען לויטער פוילישע גנבים. ביז ס'איז געווארען א גרויס מחלוקת און דער פרעזידענט פון סוהל האט מיר אים סבת ביים עמוד געגעבען א פלעם אין די צורה, בין איך אים שבת אוועק אין אן אנדער סטאדט אין די וועסט און בין דארט געווארען רב. וואס איז דען אזוינס? אין מינסק האב איך געלערענט, אין וואלאזין בין איך געווע[ן],

שחיטה קען איך, ספיטשען קען איך אויך, א הורמנא האב איך באקומען, בין איך געווארען רב.

די סטאדט האט געזאגט: א רב דארף א רביצין. האב איך געזאגט: זאל די סטאדט מיר געבען א רביצין, וועל איך זי נעהמען. האט די סטאדט אויסגעפונען ביי א פיינעם בעל הבית א סעהנע בתולה, האבען מיר געמאכט תנאים און צוויי מאנאט ספעטער חתונה און זיבען מאנאט נאך דער חתונה האט זי געהאט א זיבעבעלע. דאס איז מיין ערסטער זוהן זאל לעבען! אויף דעם ברית איז געווען די גאנצע סטאדט און ביים ספיטש האב איך זיי עקספלײנט דעם דין פון א אלמנה וגרושה וואס טארען ניט חתונה האבען ביז דריי מאנאט נאכ'ן גט אדער נאכ'ן מאנס טויט. ווארים טאמער וועט זי זיבען מאנאט נאך דער חתונה הא-בען א קינד וועט דאך זיין א ספק צו דאס קינד איז א נייגטיל און עס געהערט לראשון צום ערסטען מאן אדער א זיבע-טעל און עס געהערט לאחרון צום לעצטען מאן, אבער ביי א בתולה — האב איך אויסגעפיהרט — אז זי האט א זיבעבעלע — איז דער מאן אי דער ראשון אי דער אחרון — וואס כן איז עס א כשר קינד אליבא דכולא עלמא. דער דרוש איז גע-ווען פלאי פלאים! דאך האט זיך ביים טיש פארדרעהט א מחלוקת'ל, און עס האט זיך אזוי פארקאכט, אז איך האב ענדליך געמוזט אנטלויפען מיט איהר און מיט'ן זיבעבעלע אין א דריטער סטאדט קיין קענעדע.

דא איז א אנדער וועלט; קענעדא איז טאקי אויך אמעריקא, אבער דא זיינען פארא! פיעל פוילישע און רומענישע און מיהל"סאפט איז א גרויסע ביזנעס. ביז איך פריהער געווארען א היברו טיטשער און א בעל קורא. האב איך געזעהן אז ס'געהט ניט, בין איך געווארען א ביזנעס מאן און א מעמבער אין דריי סאסייעטיס. איך האב סוין געוואלט ווי-דער ארויסנעהמען דעם קלינגעל און ווע-רען א סוחט, מוהל און רב, אבער ווען איך האב דערזעהן אז מיינע ביזנעס גע-

העז ניט סלעכט, האב איך געסלאגען כפרה און האב אנגעהויבען, ספיטשען אין סאסייעטיס, סרייבען קארעספאנדענצעס אין דער רעדאקציע און האב מיך גענומען מישען אין קהל'ישע־ענינים און בין גע-ווארען א פאליטישען.

איך בין מיר א ליטוואקעל און קיי-נער קען מיר פארדרעהען א קאפ. איך בין פול אומעדום און קען ספיטשען, קען סרייבען, מיין לאסען איז דער אמת'ער, דער סענסטער. קומען זיי, די רוסישע, די פוילישע און די רומענישע און זאגען גאר אז אמעריקא איז זייערס, אט דאס א — א פייג! איך לאז מיר ניט ספייען אין פנים. זאגט מיר א פוילישער: ליטוואק גנב! זאג איך איהם צוויי מאל: פוילישער חזיר! זאגט מיר א רומענישער: צלם קאפ! זאג איך איהם: רומענישע מאמא-ליגע! קענסטו זאגען קאדיש?

נייו! זאל אפילו משיח קומען וועלען זיי ניט אויספיהרען. מען מוז לערנען אין די תלמוד תורות אויף אונזערע לאסען, סרייבען און ספיטשען — אויף אונזערען לאסען, דאווענען אין די סוהה-לען — אויף אונזערען לאסען — און זא-לען זיי זיך לערנען ביי ג'אונז!

זי זאגען אז זיי זענען סמאטער אין ביזנעס? ס'איז סקר וכזב. ווען איך בין געווען א טיטשער האב איך פארדיענט ווען איך האב געסכט'ן עופות — האב איך פארדיענט. ווען איך האב געספיטשט — האב איך פארדיענט. ווען איך האב געפעדלט מיט סמאטעס — האב איך פארדיענט. יעצט אין מיין ביזנעס — האב אנך סוין א דאנק גאט צוויי פרא-פערטעס אפגעספארט. און אייב ריעל עסטייט וועט זיך א הויב טאן וועל איך איבער א יאהר אם ירצה השם מופען קיין אפטאון און איך הער די וועלט ווי דעם פאר א יאהרינען סניי און איך סעהם מיך ניט וואס איך בין א ליטוואק.

א ליטוואק איז סעהנער פון א פויי-ליסען, און קלינער, קען בעסער לערנען, האט א סעהנערען לאסען און א בעסערע ספראך.

ברוך אתה, געליבטע ביזטו גאט טעשני ליטוואק!

# טרויער פארזאמלונג אין לאנדאן

דאס לאנדאנער איד. קאר. ביורא איז מודיע, אז טויזענדער אידישע מענער און פרויען זיינען געקומען אין די „מייל ענד עמפייר" צו דער הזכרת נשמות פון די פאגראם קרבנות אין אוקראינא.

דער הזכרת פארזאמלונג איז ארראנזשירט געווארען פון פארבאנד פון די אוקראינער אידען.

דר. יאכעלמאן איז געווען טשער-מאן, אונטערשטיצט פון רב הכלל דר. הערץ, דר. מאקס נארדוי, דר. שמריהו לעווין, ה' קאטין, אמעריקאנער שליח נאך אוקראינא, רבי דר. רייכעס, ה' פאדלי-שעווסקי פון ווארשא און אנדערע.

נאכדעם ווי דער [..]פון האט גע-מאכט א אל מלא רחמים און די ארקעס-טרא אונטער דער לייטונג פון פראפע-סאר שטויב האט געשפיעלט דעם טרויער מארש, האלט דר. יאכעלמאן דער פארזי-צענדער פון פארבאנד א זעהר ריהרענדע רעדע געהאלטען.

דר. יאכעלמאן אפעלירט צו די אנ-וועזענדע אז זיי זאלען אלע צוזאמען שאפען די נויטיגע מיטלען און שטעלען דעם פארבאנד פון די אוקראינער אידען, אין לאנדאן אין אזא לאגע, דאס מע זאל קענען קומען אמשנעלסטען און לינדערן די ליידען פון די אונגליקליכע אידען אין אוקראינא.

הגם ער פיהלט זיך שוואך, האט ער דאך באשלאסען אין נאמען פון פאר-באנד פון די אוקראינער אידען אפצופא-רען נאך אוקראינא און זעהן ווי ווייט מעגליך צו העלפען אונזערע שוועסטער און ברידער, און די יתומים וואס זיינען דארט פארבליבען אהן עלטערן.

דר. יאכעלמאן האט באטאנט אז די רייכע ענגלישע אידען קימערן זיך ווע-ניג און דערפאר אפעלירט ער צו די מא-סען, וועלכע האבען אין אוקראינא איי-גענע [..] זיי זאלען זיך אנשטרענגען און געבען מער ווי זיי קענען.

עס ווערען נאכהער פארגעלעזען די בריעף וואס זיינען ערהאלטען געווארען פון די פערזאנען וואס האבען קיין מעג-ליכקייט ניט געהאט צו קומען צו דער הזכרה.

דער באקאנטער אידישער שריפט-שטעלער ה' ישראל זאנגוויל האט צוגע-שיקט פאלגענדען בריעף:

„עס טוט מיר באמת לייד, וואס זיי-ענדיג לעצטענס אזוי פיעל פארנומען מיט עפענטליכע ארויסטרעטונגען, אין פאר

מיר איצט אונמעגליך צו קומען נאך אמאל קיין לאנדאן, צו אייער פארזאמלונג. נאר האבענדיג דר. יאכעלמאן פאר א פאר-זיצענדער און הר. מאקס נארדוי אלס א הויפט רעדנער דארפט איר געוויס נישט האבען מיין הילף נאך מער: דער צוועק פאר וועלכען איר פארזאמעלט זיך רעדט שוין פאר זיך גופא".

„ס'איז שוין הונדערטער יארען, זייט אידען זיינען אויסגעקוילעט גע-ווארען אין אזא גרויסער צאהל, אדער געבראכט געווארען צו אזא מורא'דיגען צושטאנד, איך בין אבער נישט זיכער אז די איצטיגע אוקראינישע רעגירונג איז אין דעם אלעמען שולדיג. ווייל דאס גאנ-צע לאנד איז חרוב געווארען פון אלער-ליי הוליגאנישע סאלדאטען, מיט זייערע אנטיסעמיטישע פיהרער בראש. מיר מו-זען גיכער באשולדיגען דעם אלגעמיינעם כאאס פון אייראפא און די אלגעמיינע שוצלאזיגקייט פון אונזער פאלק, וואס האט אין משך פון די שלום-יארען ניט געהעריג ארגאניזירט זיינע כוחות. איך שיק איין עטליכע עקזעמפלאר פון א פא עמע וואס איך האב געשריבען הויפט-זעכליך וועגען די אוקראינישע שפיטות וועלכע איז איצט אפגעדרוקט מיט אן אידישער איבערזעצונג איך האב די דא זינגע קאפיעס ספעציעל אויטאגראפירט, האפענדיג אז אימיצער פון די פארזאמעל-טע וועט זיי אפקויפען לטובת דעם פאנד"

מיט מיין ברכה צו אייער גרויסען פארזאמלונג.

אייער ערגעבענסטער,

ישראל זאנגוויל

דר. גאסטער האט אויך צוגעשיקט א בריעף, אין וועלכער ער שרייבט:

„איך וואלט זיכער געקומען, ווען עס זאלען נישט זיין אין וועג אנדערע אנגעלעגענהייטען וואס זיינען פון פריה-ער ארראנזשירט געווארען, און וועלכע איך קען בשום אופן נישט אפלעגען.

„עס איז זעהר באדויערענדם ווערט וואס דיזער אפיעל פאר די אוקראינער אי-דען איז געקומען אזוי שפעט, אין א צייט ווען די מענשענס צדקה און אפפערווי-ליגקייט איז אזוי שטארק אנגעשטרענגט און זיי פאנגען זיך שוין אן צוריקהאל-טען.

„די שרעקליכע שוידערליכקייטען פון דיזע טראגעדיעס, שטייגען טויזענ-דער מאל אריבער די פון פוילען, וועלכע האבען צעריסען די מחות פון די מענשען אויף טויזענדער שטיקער. און וועלכע זיי האבען ערפאהרען נאך אין דער צייט ווען זיי זיינען געווען גרייט מיט אלץ און

אלעם אי צו פראטעסטירען אי צו העל-פען.

„די קאטאסטראפע אין אוקראינא איז שום ספק אונפארגלייכבאר, און די וואס האבען אונטערדריקט די ידיעות ווע-גען די שחיטות האבען באגאנגען א פאר-ברעכען וואס שרייט צום הימעל.

„הערפאר איז עס מעהר ווי נויטיג פאר אונזער פאלק צו קומען צו הילף איצט, ווען עס איז נאך פאראן א מעג-ליכקייט צו רעטען — און איך ווינשאי-ער פארזאמלונג דעם ערפאלג וואס ער פארדינט מיט רעכט.

אייער ערגעבענסטער,

ס. גאסטער

דער סעקרעטאר לעזט אויך טע-לעגראמען און בריעף וואס זיינען ערהאל-טען געווארען פון פיעלע פערזאנען און אינסטיטוציעס. און דער פארזיצענדער גיט דאס ווארט צום רב הכלל דר. הערץ.

דער רב הכלל זאגט:

„מיט טיעפען צער מוז איך פאר אייך דא שטעהן און זיך מודה זיין, אין אונזער שרעקליכער הילפלאזיגקייט, און אין דער שאנדע וואס דאס אידישע פאלק איז אזוי אונבאהאלפען אין א צייט פון אזעלכע שוידערליכע, טייפלישע אונזיני-גע שחיטות, ווען דריי מיליאן אידען פון אוקראינא ווערען פארטרונקען אין בלוט, און עס שטעהן נאציאנען, עס שטעהן רע-גירונגען און ווילען אונז נישט העלפען; זיי ווילען נישט העלפען אין גרעסטען מארטירערטום וואס די וועלט האט ווען עס איז געזעהן.

„ווען אט די רעגירונגען פון דער אנטאנט וואלטען געוואלט, וואלטען זיי נישט צוגעלאזען די שחיטות, אבער עס איז שוין צו שפעט. וועמען זאלען מ[יר] באשולדיגען? און אפילו ווען מיר זא-לען באשולדיגען וואס פאר א נוצען קע-נען מיר דערמיט ברענגען. מיר זיינען אזוי הילפלאז. די שחיטות פון פעטלורא און אנדערע — ימח שמם וזכרם — הא-בען איבערגעשטיגען אלע רציחות אין דער וועלט.

„מיר האבען דא גרויסע אידען. מיר האבען [..]ישע רעפוטאטען אין פאר-לאמענט און אפילו א טשיעף רבי, און וואס האבען זיי געטון?

„האבען דען די אלע אידישע דע-פוטאטען און די אנדערע איינפלוסרייכע אידען ערהויבען זייערע שטימען געגען דעם שענדליכען אויסשלאכטען פון טויי-זענדער אידען? גרויס איז אונזער שאנ-דע אונזער נישטיגקייט אונזער הילפלא-זיגקייט, אז מיר זאלען זיך נישט קענען העלפען אין אזא שרעקליכען מאמענט. דער איינציגער וועג וואס בלייבט פאר אונז פארלויפיג, איז צו באזארגען די הונגעריגע קרבנות מיט ברויט, די נא-קעטע מיט קליידער, א פאראייניגט פאלק דארפען מיר ווערען! שטאלץ דארפען מיר אויפהויבען אונזערע קעפ! מיר מו-זען אויפהערען צו וויינען! הויבט אויף אייערע קעפ! ס'איז שוין צייט אז מיר זאלען זיך אליין קענען העלפען!

ה' פאדלישעווסקי, דער שליח פון די פוילישע אידען זאגט:

„איך וועל אייך דא נישט דערצעה-לען וואס מיר ווייסען פון די שחיטות אין אוקראינא. מיר, זייערע שכנים האבען איבער זיך געהאט זעהר שווארצע וואל-קענס, מיר זיינען ארומגעגאנגען און גע-ציטערט, אט וועט אונז טרעפען דער שרעקליכער דונער קראך.

„איך וויל אבער צו אייך רעדען ווע-גען נאר אן אנדער פאגראם, וועגען א גייסטיגען פאגראם געגען אוקראינער אי-דענטום.

„ווען אונזער א שליח איז לעצטענס געקומען פון דער טייל אוקראינא, וואס איז פארנומען געווארען פון פוילישען מי-ליטער, האט ער אונז איבערגעגעבען אז אין דער טייל פון אוקראינא איז קיין זכר נישט געבליבען פון קיין אידישער קהלה א אידישע חדר, אדער שולע.

איך אפעליר צו אייך, אז ווען איר וועט געבען, זאלט איר אייך נישט פאר-געסען צו געבען, און א סך, פאר דעם הייליגען צוועק צו רעטען נישט נאר דעם גוף, נאר אויך די נשמות פון אונזערע אונגליקליכע קינדער אין אוקראינא.

ה' ש. גאלדענבערג, דער עהרען סעק-רעטאר פון פארבאנד, זאגט:

„איך בין אויך איינער פון די אוק-ראינער, וועלכער האט דארט איבערגע-לאזט א פאמיליע און נאהנטע קרובים. רעדען טאר מען שוין מער נישט. מען מוז טאן. מיר האבען געזוכט אלע וועגען ווי אזוי צו קומען נאהענט אויפ'ן פלאץ און העלפען אונזערע אומגליקליכע. העלפט דעם פארבאנד כדי דער פארבאנד זאל זיי דארט קענען העלפען אין אוק-ראינא. לאמיר וויסען וואס דארט קומט פאר אויפ'ן פלאץ. אט האבען מיר ערשט נעכטען ערהאלטען א ידיעה אז עס איז פארגעקומען א נייער פאגראם אין סטאר-ראדום. דער פארבאנד וועט זוכען אלע מעגליכקייטען אהין צו קומען.

„איך קען אייך שוין איצט מיט-טיילען אז מיט דער אינטערנאציאנאלער קאמיסיע פון דער שלום קאנפערענץ, וואס פארט אפ צו מאכען אויספארשונ-גען אין דער סאוויעט רוסלאנד, וועלען און אויך מיטפארען מיטגלידער פון אמערי-

קאנער דזשאינט דיסטריביושאן קאמי-טעט און עס איז צו האפען, אז איר וועט דעם פארבאנד מיטהעלפען און דער פאר-באנד וועט טהון אלץ וואס איז מעגליך, דורך אלע וועגען צו קומען און ברענגען די הילף אין וועלכער אונזערע אייגענע נויטיגען זיך.

„איך אפעליר צו אייך, גיט וויפיעל איר קענט און מער ווי איר קענט. נעמט א ביישפיעל פון רוסישען אידענטהום, ווי אזוי זיי האבען געהאלפען אין דער צייט פון די גרושים. ווען די ערשטע קאוונער גירושים זיינען געקומען נאך יעקאטערינאסלאוו, זיינען 100 טויזענד אידען געווען ביי דער באהן זיי באגעג-נען, האט דער גובערנאטאר טעלעגרא-פירט נאך פעטערבורג: "שיקט מיר מער נישט קיין פליכטלינגע, איר מאכט מיר חרוב מיין גובערניע, די אידען טהון איצט מער גאר נישט נאר זיי העלפען די גרושים". נעמט אייך אויך א ביישפיעל פון די אידען אין באקו — בלויז עטליכע אידען, וועלכע האבען לעצטענס אויף איין פארזאמלונג געזאמעלט פאר די אוק-ראינער קרבנות 9 מיליאן רובעל.

דר. מאקס נארדוי, איז ניט אבטענגר אויף זיין שווערע פארקיהלונג געקומען צו דער הזכרה. ער איז געווען הייזעריג און דעריבער האט ער אנגעשריבען זיין רע-דע און רעוו. דר. דייכעס האט איר פאר-געלעזען.

„מיינע ברידער און שוועסטער!

א שטארקע פארקיהלונג האט ביי מיר אוועקגענומען מיין שטימע, און עס טהוט מיר לייד, וואס איך האב קיין שום מעגליכקייט אייך פערזענליך צו אדרע-סירען. נישט איר האט פארלוירען נאר איך. אלץ וואס איך וואלט אייך געקענט פארשטעלען איז א ווידערהאלונג פון די אונאויסדריקבארע שוידערליכקייטען פון די געשעהענישען וואס אונזערע אומגליק-ליכע שוועסטער און ברידער לעבען אי-בער אין אוקראינער גהינום, וואס זיי הא-בען דארט אויסצושטעהן. איך וואלט אייך געווען דערצעהלט זאכען וואס זיי-נען אייך שוין גוט באקאנט, וועלכע הא-בען זיך איינגעקריצט מיט א העליש פייע-ער אין אייערע מחות. פאר מיר וואלט דאס איבערדערצעהלען די שוידערליכע סצענעס פון שענדונגען, אויסשלאכטונ-גען, רויבערייען, גנבה און אונזיניגע צע-שטערונג געווען א מיטעל פון אויסלעדי-גען מיין נשמה פון א אונערטרעגליכע משא פון פארצווייפלונג; דאס אויסלע-דיגען פון מיין אנגעווייטאגט הארץ פון ביטערניש וואס פיהלט עס אן ביז אי-בערגאנג.

„איך מוז מיר אבער באגניגען מיט טראגען און שטילשווייגען מיין טיע-פען צער.

„איך באגרייפט יעדער איינער, און אלע צוזאמען, די לאגע פון אונזער פאלק אין דעם פארשאלטענעם לאנד פון מארד און לוסט. מיר קענען נישט, צו באדויע-רען, לעבעדיג מאכען די קרבנות וואס זיי-נען אומגעקומען אין די פאגראמען מיר קענען אבער רעטען די אומגליקליכע קינ-דער, וועמענס עלטערן זיינען צעשניטען געווארען אויף שטיקער אונטער זייערע קינדערשע אייגעלעך; די פרויען און זקנים וועלכע זיינען געבליבען ווי אויפ'ן וואסער, מיר זאלען אויף זיי השגחה גע-

בען און מיר וועלען אפשר קענען העל-פען פיעלע פון די וואס האבען זיך גע-רעטעט פון די לאנדעס בלוטדורשטיגע רוצחים אנטלויפען פון לאנד, וואו זיי ווערען משוגע פאר מורא פאר דער נעק-סטער שטונדע, וואו זיי פיהלען כסדר ווי דאס מעסער שניידט זייער פלייש, וואו זיי מוזען זיך באגעגנען אויף דער גאס מיט די בעסטיאלע פנים'ער פון די וואס קוקען אויף זיי מיט א טייפלישען שמייכעל אין זייער נסיסה שטונדע.

„איך קען אידישע הערצער און אי-דישע נשמות, און אפיעל צו זיי איז נאך קיינמאל נישט אפגעגאנגען אהן א שטורמדיגען גרויסען ענטפער.

„איך בין זיכער דאס איר מיינע שוועסטער און ברידער וועט אויסשטרע-קען אייערע הענד צו אונזערע ברידער אין דער עת צרה, ווייל זיי קוקען צו אייך נאך הילף.

מר. קאין דער שליח פון די אמע-ריקאנער אידען נאך אוקראינא מאכט א הייסען אפיעל צו די פארזאמלטע, אז אלע צוזאמען, מיט די אמעריקאנער אי-דען, זאלען העלפען דורכברעכען דעם אייזערנעם מויער און צוקומען צו די אומ-גליקליכע, זיי פערזענליך איבערגעבען הילף און וועמען מען וועט נאר קענען, ארויסראטעווען פון דעם גהינום.

מר. קאין האט אנגעצייגט וואס די אוקראינישע אידען האבען געגעבען דעם אידישען פאלק. די גאונים פון חסידיזם, און אויך דעם גרעסטען אידישען הומאר-יסט שלום עליכם.

ער אפעלירט נאכאמאל אז ווען די טעלעגראמען וועלען אנפאנגען צו קר-מען אז מען האט געפונען די קרובים, זאל יעדער איינער שיקען הילף.

מר. מארים מייער זאגט:

מיר זיינען זיך ווידער צוזאמענגע-קומען צו טרויערן נאך אונצעהליגע אי-דישע קרבנות, וועלכע זיינען געפאלען אין די שוידערליכע פאגראמען. וואלטען מיר וועניגסטענס געהאט די זיכערהייט, אז דאס איז דער לעצטער טרויער פאר-זאמלונג, וואס מיר וועלען אפהאלטען, וואלט דאס פארוואנדעלט אונזער טרוי-ער אין פרייד. אבער צום גרויסען בא-דויערען ווייסען מיר נאך נישט ווען צו דער שוידערליכער טראגעדיע וועט אן ענ-דע נעהמען. אויב עס געפינען זיך אזעל-כע, וועלכע מיינען, אז מען איבער-טרייבט דעם אומגליק מאכען זיי צום באדויערען א גרויסען טעות. אט ערשט שטעהענדיג אויף דער ביהנע האט מען מיר איבערגעגעבען א בריוועל, וועלכעס איינער פון אייך האט ערהאלטען. דאס בריוועל קומט פון א שטעדטעל קי-טאראד אין אוקראינא, און עס לויטעט.

„ליבער זון מאטעל, שטארק זיך מיין זון און לעה איבער מיין בריעף מיט דער ביטערער בשורה, אז די ביזט געווארען א יתום נאך דיין פאטער, און זאג קדיש. דען נאר וואס איז אין אונזער שטעדטעל א גרויסער אומגליק געשעהן, מען האט אין א פארטאג 73 אידען אויסגע'הרג'-עט צווישען וועלכע עס צעהלט זיך אויך דיין פאטער. ער איז אויך צווישען די קרושים, וועלכע מען האט אויסגע'הרג'-עט. סאלדאטען זיינען באפאלען דאס שטעדטעל און זיי האבען דערשאסען ווע מען זיי האבען נאר דערטאפט, מאנס-לייט, פרויען און אפילו קינדער".

ער זאגט: „מיר דארפען פארערען פון די מעכטע, וואס זוכען צוריקצושטע-לען דעם וועלטשלום, אז זיי זאלען היי-סען יענע רעגירונגען אפשטעלען זייערע העצעס און אקציעס געגען די פרעמדע אידען".

לסוף, רופט ער אז מען זאל זיך נישט צופרידען שטעלען מיט דער שטי-צע וואס ס'איז ביי דער פארזאמלונג גע-שאפען געווארען, זאנדערן מען זאל ווע-כענטליך ביטראגען צו העלפען די אומ-גליקליכע אוקראינער אידען.

דר. שמריהו לעווין ערקלערט, ווי גרויס ס'איז דער אונגליק יעצט מיט די אידען אין אוקראינא, טארען מיר זיך דאך נישט באשרענקען בלויז אויף דער מאמענטאלער הילף וואס דארף געגעבען ווערען. די הילף איז אבסאלוט נויטיג, אבער מען טאר נישט פארגעסען אז ווי-פיעל מען זאל נישט געבען וועט עס זיין ווי א טראפען אין ים. מיר מוזען באגריי-פען, אז דער אומגליק איז א נאציאנאלער און נישט אלס יחידים וועלען מיר קענען אין דעם אומגליק העלפען. זאנדערן אלס א נאציאן.

די סבה פון פאגראמען איז איינע: מען הרגעט אונזערע ברידער, ווייל מען באטראכט אונז פאר פרעמדע. און אויב מיר ווילען זיך רעטען פון די אומגליק-קען מוזען מיר שאפען פאר זיך א ווינ-קעל, וואו מיר זאלען קיין פרעמדע נישט זיין, און וואס זאל פאר אונז שאפען א פלאץ אלס פאלק צווישען פעלקער.

דר. לעווין זאגט, אז ער וואלט גע-וואלט האבען איין נקמה אין די וואס טא-בען פאגראמען, און די נקמה זאל זיין דאס זייערע קינדער זאלען ווערען מענ-שען, און זיי זאלען זיך שעהמען וואס זיי קומען ארויס פון אזעלכע ווילדע ברו-אים. מיר דארפען נישט פארצווייפלען, מיר דארפען נישט אויפגעבען די האפ-נונג אין דער מענשהייט; מיר דארפען נישט זאגען צו די פעלקער אז זיי זיינען ווילד. מיר דארפען די מענשהייט ערהוי-בען צו העכערע מדרגות. דער רעדנער ענדיגט, מיט א הייסען אויפרוף צו שטי-צען דר. יאכעלמאן און די אלע וואס שטעהן אין דער שפיצע פון דער הילפס-ארבייט פאר די געליטענע פון די פאג-ראמען.

דר. יאכעלמאן האלט דאן נאך א ווארימע שלום רעדע, אין וועלכער ער זאגט, אז ער האפט אויך, אז אידען וועלען באקומען פאלעסטינא און צוריק-שטעלען זייער נאציאנאלע היים, אבער מען טאר נישט פארנאכלעסיגען די הילפס ארבייט. צו רעטען וויפיעל מען קען נאר פון דעם שרעקליכען חורבן, וואס האט די אידען אין אוקראינא ארומ-גענומען. ער דריקט אויס די האפנונג, אז די רעדעס וואס זיינען געהאלטען געווא-רען וועלען האבען זייער ווירקונג, און די אידישע באפעלקערונג וועט העלפען מיט אלע כחות אין דער הילפס ארבייט.

עס ווערט מיטגעטיילט, אז די קאל-לעקשאן, וואס איז געמאכט געווארען האט אריינגעבראכט איבער 600 פונט.

# דער וועג

**THE DETROIT JEWISH DAILY**

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.

347-49 Hastings St., Detroit, Mich. — Main 3715

J. RABINOWITZ, Pres. — JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.

B. I. GOLDSTEIN, Editor

(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)

Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.


## אן אייגענע באמערקונג

צו דער פראגע פון דער אידיש-האספיטאל-באוועגונג

איך לייען אייפמערקזאם די דעבאטע אין דער דעטראיט'ער אינגא-בע „פארווערטס“ מכח דער פראגע: צי דארף דעטראיט א אידישען האס-פיטאל?

איך לייען די בריעף אייפמערקזאם, ווייל מיר, אלס א נייעם מענשען אין דיזער שטאדט, וואלט די דעבאטע באהאפט-געבען געשילדעלטע פאק-טען פון דער אבט יאהריגער עקזיסטענץ פון דיזער באוועגונג און מיך איך באקענען מיט ממשות'דיגע איחוזאבען פון די געגנער.

אזוי גיך, ווי איך האב זיך באקענט מיט די היגע אנשטאלטען און מיט די באוועגונגען פאר נייע נאך נישט-געפייעטע אנשטאלטען, האט מיך די אידעע פון בויען א אידישען שפיטאל אין דעטראיט מעהר פארקלאמערט. דוקא דערפאר, וואס דאס איז א גרויסע פינאנציעלע אונטערנעהמונג, וואס לאזט זיך נישט אפקומען מיט א נאמען, מיט איין לייטארטיקעל, צי מיט א פאר קהלי, אדער ווי מען רופט דאס: פארעניע אייפריפען.

איך מוז אבער מודה זיין, אז אייז'ן פלאין האב איך זיך נישט געבאפט אז באם אן ארגאניזאציע, אדער ריכטיגער געזאגט א פאראיין וואס עקזיס-טירט אין אזא שטאדט ווי דעטראיט אבט יאהר און האט שוין עטליכע מאל, צי באטש איין מאל אונטערגעפראבען זיין טעטיגקייט. האט מן הסתם עפעס אזא אינטערעסאנטעס אין זיין פארגאנגענהייט, וואס איך מוז דאס דערבאיים וויסען.

איך האב זיך דעריבער ערשט געכאפט ווען איך האב געלייענט די הקדמה צו דער פארווערטס-דעבאטע. איך האב געזעהן ווי דער שרייבער האט אנגעדייטעט, און מען מוז מודה זיין אז ער האט עס געטאן אפיסער פארזיכטיג, אבער פארט גענוג קענטיג אין גערייכט, אז ער אלס היגער תושב ווייס געשיכטליכע פאקטען פון דער האספיטאל באוועגונג, פון וועלכע איך האב קיין ידיעה נישט. איך האב זיך אויך געקענט אנשטויסען, אז די קע-מענדע דעבאטאנטען וועלען פאר מיר דיזע פאקטען איינציגווייז אויסשטע-לען אזוי, אז איך זאל האבען א גענויען באגריף פון דעם, וואס ס'איז איצט איז געשעהן.

פון די ביז איצטיגע בריעף איז מיר דערווייל דאס נישט נאר קלאהר געווארען, באטש איך האב שוין מעגליכקייט געהאט זיך משער צו זיין פון וואנען עס האט זיך גענומען דער חשד וואס דער אנפיהרער פון דער דע-באטע האט אויף אייניגע מתעסקים פון דער האספיטאל אסאסיאיישאן. פיעלע דעבאטאנטען האבען דיזען חשד פארשטארקערט, אבער נישט דאס האב איך געזוכט אין די בריעף; דאס אינטערעסירט מיך כלל וכלל נישט, ווארים דא איז דאך — לויט מיין הית דעת — נישט די פראגע צו דער אדער יענער מתעסק איז פון 7 אדער פון 14 קערעט. די פראגע איז דאך ארומגעוויקעלט געווארען ארום דעם פרינציפ: צי דארף מען, אדער צי קען מען זיך אהן דעם אידישען שפיטאל באגעהן.

אלס צייטונגס מענש האב איך אפשר נים געווען פארארפט צי-פיער ערהאלטען פון אמאטארען בריעף-שרייבער, וואס קענען אמבעסטען זיך צו-הערען צו מאמענטאנע געפיהלען, סימפאטיען און אנטיפאטיען און נישט געשיכטליכע אפהאנדלונגען, מיט וועלכען עס וועט זיך אפשר אמאל אימי-צער פאראינטערעסירען.

וואס איך האב זיך אבער דערוואוסט פון דער דעבאטע איז, אז א גרויסער רוב פון די מתעסקים אין דער היברו האספיטאל אסאסיאיישאן זיינען שטארקע אנהענגער פון דעם „פארווערטס“ און אייניגע איך פיערציהן קערעטנע סאציאליסטען.

דאס האב איך זיך דערוואוסט אויף די לעצטע צוויי מיטינגען פון דער אסאסיאיישאן און פון דעם ערשטען בריעף מכח דער דעבאטע אים פריי-טאגדיגען „פארווערטס“.

די שרייבערין מרס. מאמארין האט גאנץ לאגיש אנגעווארפען א פאר פ א ק ט ע ן וואס דארפען ארויסגעלאזט דעם וויגט פון די זעגלען פיי די — אזוי צו זאגען — פרינציפיעלע געגנער פון א אידישען שפיטאל. און אט דיזע פאקטען באטש נישט נייע פאר מיר, וועלען אבער צווינגען פיעלע ראדיקאלע געגנער צו פארטראכטען זיך איב זיי קענען באגרינדען זייער געגנערשאפט און צו איז עס יושר'דיג.

די שרייבערין באווארענט זיך כמעט אין אויסגעבען זאך מיט א סאציאליסטישען מאמר, אפער פרינציפ און דאך קומט עס אויס פון איהר ער-ווארבענער פראקטיק, אז דעטראיטער אידען און דוקא די פראגרעסיווע, דארפען בויען, אדער העלפען בויען א אידישען שפיטאל.

אס איז זי אליין געלעגען א פאר וואכען אין א קריסטליכען שפיטאל און עס האט זיך איהר אזוי איינגעגעסען די פיינדליכע ספערע און אפילו אנטיסעמיטישע אנדייטונגען און אנצוהערענישען, אז זי האט זיך ארייגע-ווארפען אין א באוועגונג פון א אידישען שפיטאל.

און ווארים זאל מאכע דער אידישער פריידענקער זיך נישט פאר-טראכטען אויך [illegible] לאגע פון זיין פרומען קרוב, אדער חבר, פיי וועמען טריפות איז נישט נאר איבעלדיג פון רעליגיעזען שטאנדפונקט, נאר פשוט מוקצה מחמת מיאוס?

און מאכע די שרייבערין גופא, באטש נישט קיין פרומע און באטש זי האט נישט „געקעהרט“ פאר א אידישען שפיטאל, האט פונדעסטוועגען זיך נישט געקענט פארדייען קיין טריפה מאכלים.

עס האבט זיך מיר, אז בלויז צוליעב דעם איינעם בריעף איז כדאי גע-ווען די דעבאטע.

ווארים די שרייבערין איז נישט געקומען מיט השערות און מיט גלאט טאוען, וואס דארפען ערשט געפינען באשטעטיגונג.

זי האט אליין געהאט די פראקטיק! זי קומט דערום מיט פאקטען.

דערצו איז זי אין דער האספיטאל באוועגונג און קען דערום אויך דער-צעהלען א פאר אמת'ע אורזאכען ווארים די באוועגונג איז שטיל געווען א טיקעל צייט און איך זאגען א פאר ווערטער וועגען די מתעסקים, מיט וועלכע זי קומט זיך צונויף צו די מיטינגען יעדע וואך.

זאל מען דיזען בריעף אין אכט נעהמען. מוז דער פועל יוצא ביים פארנגעשרייטענעם און פרייגעזאנענעם אידען זיין: — דעטראיט'ער אידען מוזען בויען א שפיטאל און — ווי זאגט דער שרייבער פון לעצטען בריעף אין דער אייגענער אויסגאבע — די בויער דארפען דעצהרי מאסען; די פער-זענגעפער. און פון אזעלכע באשטעהט דאך אייגענטליך די היברו האספי-טאל אסאסיאיישאן.

## די לינקע זייט פון מעשה-אלבאני

פון א. אלמי (עליאש)

דער פראצעס איבער די אויסגע-שלאסענע אסעמבלילייט אין אלבאני האט זיך פאריגען דינסטאג געענדיגט און די „דזשודישערי - קאמיטע“ האט ארויסגעטראגען איהר ענטשיידונג, אז די סאציאליסטישע אסעמבלילייט זאלען בלייבען אין דרויסען.

אבער נישט דאס אינטערעסירט מיך אין דעם מאמענט. עס איז, אייגענטליך מעהר געווען אין די אינטערעסען פון דער רעאקציע, אז די אויסגעשלאסענע זאלען צוריק געווען פארנעהמען זייערע פלעצער און דערמיט פיעלוויינ'ג פאר-גלעטען די באגאנגענע שאנד-טאט פון סוויט'ן און זיין חברה; און וואס עס איז נישט גוט פאר דער רעאקציע, איז במילא גוט פאר דער פארטיי, וועלכע די אויסגעשלאסענע פארטרעטען. ווייל דער פאקט וועט פאר איהר שאפען מעהר פראפאגאנדע ווי הונדערטער בראשורען און פראקלאמאציעס.

נאך... ווי געזאגט, אינטערעסירט מיך נישט איצט אט די זייט פון מעשה-אלבאני, וועלכע איז שוין, אגב, פון אלע זייטען גענוג ארומגערעדט געווארען. איך וויל איצט דא באריהרען א גאנץ אנדער פונקט, א רעליאטען פונקט, וועל-כער איז נאך כמעט נישט באריהרט גע-ווארען און [illegible] אפציעטערט.

איך מיין דא די האלטונג פון די אויסגעשלאסענע אליין און פון זייערע אפיציעלע פארטיידיגער, איבערהויפט פון הילקוויט'ן. ווי געוועהנליך איז די סאציאליסטישע פרעסע געווען אין גוואַר-דיגער התפעלות פון יעדער פראזע, וואס דער אדער יענער אויסגעשלאסענער אסעמבלימאן אדער זייערע א פארטיי-רעדנער האט ארויסגערעדט ביים משפט און מ'האט דערביי, נאטירליך, נישט פארבייגעלאזט קיין אפציאצען, איב אלץ וואס זיי האבען געזאגט, איז, ווירקליך, שווער הויך, אזוי ראניש און דער עיקר — סאציאליסטיש...

דאס איז אן אלטע פארטיי - קראנק הייט אין די סאציאליסטישע פארטיי איז נישט פריי דערפון פונקט ווי די רעפובלי-קאנישע, דעמאקראטישע און אנדערע אזעלכע פארטייען. אויב איינער איז „איזנאשיך“ איז ער אייטער קריטיק און אלץ, וואס ער זאגט איז קלינ'אין שעה.

און יעדער, וואס האט זיך צוגע-הערט, פון דער נאהענטער אדער פון דער ווייטען, צו דער פארטיידיגונג פון די אויסגעשלאסענע סאציאליסטען, האט גע-מוזט ארויסטראגען א מאדנעם איינדרוק פון דער איט פארטיידיגונג, וועלכע איז ניכער געווען א מין פארענטפערן זיך.

ווייזט-אויס, אז פון דער סאציא-ליסטישער פרעסע איז די „ג י י ע וו ע ל ט“ געווען די איינציגע, וואס האט געהאט דעם מוט צו געדענקען חסרונות אין אייגענע מענשען. איך געדענק פון א קליינעם נאטיץ אין „פאר-ווערטס“, אז אויף א זיצונג פון דער סא-ציאליסטישער עקזעקוטיווע איז באשלא-סען געווארען אויסצופאדערן פון דער „נייע וועלט“ אן איבערזעצונג פון דעם ארטיקעל, און וועלכען ס'איז קריטיקירט געווארען הילקוויט'ס האלטונג ביים פראצעס אין אלבאני.

לייידער האב איך דאס דערמאנטע ארטיקעל נישט געלעזען, אבער יעדער, וואס האט נאכגעפאלגט הילקוויט'ס רע-דעס ביים סאציאליסטען-פראצעס קען זיך לייכט אנשטויסען פארוואס די „נייע וועלט“, וועלכע האט זיך שוין פיעל מאל אויסגעצייכענט מיט איהר מוט, איז גע-גען איהם ארויסגעטראטען.

די אנדערע סאציאליסטישע צייטונ-גען וואס האבען טאנצייען און טאנצאוים געשאטען באמבאסטישע מליצה וועגען דער סאציאליסטישער פארטיידיגונג, הא-בען אלחלוטין אויסגעלאזט און פארשוויי-גען הילקוויט'ס ערקלערונגען, ביי דעם משפט וואס האבען גאנץ וועניג הארמא-נירט מיט דער דיקטאטור פון פראלע-טאריאט. פאר וואס האט קיין סאציאליס-טישע צייטונג ניט געפאט געגנע מיט ארויסצוטרעטען געגען הילקוויט'ס ער-קלערונג, למשל, אז ער און די גאנצע אמעריקאנער סאציאליסטישע פארטיי וואלט זיך מיט וואפען געשטעלט גע-גען די באלשעוויקעס, אויב זיי וואלטען מיט גוואלד פארכאפט די מאכט אין אמע-ריקע?...

פאקטיש איז דאס הויפט-גערויכט פון דער פארטיידיגונג אין אלבאני גע-לעגט געווארען אויף באווייזען — אז די סאציאליסטען זענען קיין סאציאליסטען נישט...

דאס איז, יעדענפאלס, דער איינ-דרוק וואס יעדער אומפארטייאישער באַ-אבאכטער האט געמוזט ארויסטראגען.

שטעלט זיך פאר וואס פארא איינדרוק ס'וואלט, למשל, געמאכט, ווען א רעלי-גיעז-פארפאלגטער איד זאל געהמען באַ-ווייזען זיינע פארפאלגער, אז ער איז גאר קיין איד נישט און זיי פארפאלגען איהם דערפאר אומזיסט און אומנישט — אנשטאט צו באווייזען, אז ער האט א רעכט צו זיין א איד און פארערן זיין עקזיסטענץ-בארעכטיגונג.

די אויסגעשלאסענע אסעמבלילייט און זייערע אדוואקאטען האבען די גאנ-צע צייט פון פראצעס ווי געזוכט צו באַ-ווייזען, אז זיי זענען קיין „רויטע“ נישט, שוין אפגערעדט פון באלשעוויקעס, און דערפאר זענען זיי בארעכטיגט צו זייע-רע פלעצער אין פארלאמענט פון שטאט ניו-יארק.

לעזט מען פאר ביים פראצעס א בראַ-שורע וועגען דער דיקטאטור פון פראלע-טאריאט, וואס איז ארויסגעגעבען געוואַ-רען פון דער אידישער סאציאליסטישער פעדעראציע, באמיהט זיך די פארטיידי-גונג צו באווייזען, אז מ'האט, חלילה, דערמיט קיין ביז נישט געמיינט. ס'איז גלאט א מין פארעווע אפהאנדלונג, אדער נאר א גומילאסטיקע, וואס לאזט זיך צי-הען אהין און אהער, פאר לענגין און גע-גען, לעניג'ען — און, נאטירליך, האט עס די סאציאליסטישע פעדעראציע געצילט מאהע נעגען לעניג'ען...

יאלדמאן דערצעהלט עפעס א סענ-טימענטאל-ריהרענדע געשיכטע, אז ער האט זיך אין פארלויף פון וועלכע 8 יאהר ארויפגעארבייט אין אמעריקע פון אן ארעם איינגער ביז — אן אדוואקאט און געזעצמאכער — א מעשה וואס האט צום ענין קיין שייכות נישט און האט, דאכט זיך, איין צוועק: צו דער-וועקען סימפאטיע פון סוויט'ס באנדע. א מעשה, וואס קריכט שוין גלאט פון האלז, ווייל זי איז שוין אומצעהליגע מאל פריי-הער דערצעהלט געווארען, פון אנדערע, כמעט מיט די זעלבע איינצעלהייטען...

פארשטעהט זיך, אז עס איז נישט אנגענעהם — און געפעהרליך — זיך מודה צו זיין אין רויטקייט, בפרט אין באלשעוויסטישער רויטקייט טא ווער הייסט זיי זיך פריהער שפיעלען מיט פולווער, אויב זיי האבען מורא פאר מלחמה? נאך וואס מאכען פריהער דעם וואזשנעם אנשטעל און דערנאך דערשרעק-קען זיך? אין אלגעמיין האט די פאר-טיידיגונג געטראגען דעם איינדרוק, אז מ'האט דא צו טאן נישט מיט קיין „רויטע“, פאר וועלכע די וועלט שרעקט זיך אזוי, נאר מיט ליבעראלען, אומ-שעדליכע רעפארמער.

אויב עס איז אמת, אז אין אלבאני איז געשטאנען פאר'ן משפט דער אינ-טערנאציאנאלער סאציאליזם, האט דער סאציאליזם, בפרט אין זיין מאסקווער קאליר, פארשפיעלט, און בפרט ווען די אויסגעשלאסענע אסעמבליילייט זאלען גע-ווען געווען. אבער דאס איז נישט-מעהר ווי א באהויפטונג, אויס דער פשוט'ער אורזאך, וואס דער אינטער-נאציאנאלער סאציאליזם און דער באל-שעוויסטישער אדער אנטי-באלשעוויס-טישער נעשטאלט, האט נישט באפאל-מעכטיגט די אמעריקאנער סאציאליסטען ליבעראלען איהם צו פארטיידיגען...

## 9 מאנאטליכער בעריכט

אידישער נאציאנאלפאנד ביורא פיר אמעריקא

55 פינפטע עוו.

ניויארק, נ. י.

אריינגעקומען פון דעם 1-טען דזשון 1919, ביז דעם 1-טען מארטש, 1920.

| | |
|---|---|
| אלגעמיינע נדבות | $56,724.33 |
| נאציאנאלפאנד באקסעס | 9,886,92 |
| נאציאנאלפאנד סטעמפס | 2,161,56 |
| בוימער נדבות | 4,023,28 |
| גאלדען בוך | 7,688,66 |
| דונאם לאנד נדבות | 7,278,47 |
| זעלבסט בעשטייערונג | 80,00 |
| גארדוי גארטען שטארט | 546,00 |
| צוזאמען | $88,389,23 |

## „מאנטשעסטער גארדיען“ אטא-קירט פוילען און רעניקינען און פארטיידיגט די אידען

די זעהר פראמינענטע און איינ-פלוסרייכע צייטונג „מאנטשעסטער גאר-דיען“ דרוקט א זעהר שארפען עדיטאריעל געגען פוילען און וועלכען זי ווייזט אן אז ווען נים די אידען וואלט שוין אין די פוילישע שטעדט לאנג געווען אויס-געבראכען א רעוואלוציע. די פוילישע רע-גירונג פרובירט א ראנק איהר ווירטשאפט און אנטיסעמיטיזם גרויסען שאדען צו איהר אייגען לאנד און ווען נים דער גרו-סער פראצענט פון אידען וואס וואוינען אין די שטעדט און וואגען נים אנצו-שליסען זיך אן דער רעוואלוציע וואלט שוין די איצטיגע פוילישע רעגירונג לאנג נים עקזיסטירט. די צייטונג ווייזט ווייטער אויף, אז פון איהר 15 מיליארדען רובל [?] חובות האט פוילען דאס גאנצע געלד פארשוועגדעט אויף דער ארמעע נאר צוויי פראצענט איז געגאנגען אויף ערציהונג און איין פראצענט פאר עפענטליכער גע-זונדהייט. 235 טויזענד ארבייטער הרע-גען זיך איצט ארום אהן ארבייט ווען נים די דזשוינט דיסטריביושאן קאמיטע וואלט א גרויסער פראצענט פון די אי-דען שוין לאנג אויסגעשטארבען פון הונ-גער.

און אן אנדערען עדיטאריעל אונ-טער'ן נאמען „דעניקין'ס פאגראמען“ זאגט די זעלבע צייטונג אז עס איז שוין די העכסטע צייט אז די קריסטליכע גע-מיינדען אויף דער גאנצער וועלט זאלען זיך דערמאנען אז ס'איז זייער הייליגע פליכט אפצושטעלען זייער איינ-פלוס און צו ווירקען אז עס זאל געמאכט ווערען א סוף צו די שרעקליכע מערדע-רייען פון די רוסישע אנטיסעמיטען.

## אידישע פארטייען אין טשעכא-סלאוואקיען שטעלען ארויס אייגענע קאנדידאטען

די פאראייניגטע אידישע פארטייען אין טשעכא-סלאוואקיע שטעלען ארויס אייגענע קאנדידאטען צום פארלאמענט און סענאט. די שאנסען פאר זייער ער-וועהלונג זיינען זעהר גוט.

## נייער פאגראם אין אונגארן. 300 קרבנות

די אונגארישע ווייסע גוואַרדיע האט פאראנשטאלט א שרעקליכען פאגראם אין דער שטאדט סאקא. 300 הרוגים דאס האט פאסירט נאך דעם וואס די רומענער האבען זיך פון דארט צוריקגעצויגען, די רומענער האבען זיך דערנאך אומגעקעהרט און שטרענג באשטראפט די פאגראם-שטשיקעס

## די פאליטישע וואך

פון ז. ק.

(שרום)

„יוערטייזער“ און „הומאניטעט“ זע-נען פאריפען, וואס ווערען באניצט נאר דאן, ווען ס'לוינט זיך. אט די ציזען אמת האט די פריינ רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען באוויזען מיט איי-נינע טעג צוריק, ווען זי האט ענטזאגט דעם פארלאנג פון רויטען-קרייץ צו העל-פען דער באפעלקערונג פון סאוועטען רוס-לאנד.

אין דעם סטייטמענט, וואס דער סטייט דעפארטמענט האט פארעפענט-ליכט, ווערט געזאגט, אז די אמעריקאנער רעגירונג „איז ניט גענייגט צו געבען אן אפיציעלע ערלויבעניש צו באניצען באצי-הונגען צווישען א האלב-אפיציעלער אר-גאניזאציע, ווי דער רויטער קרייץ, און דעם סאוועטען „עזשים“.

דער סטייט-דעפארטמענט האט דער-ווייל ניט פארעפענטליכט דעם טעקסט פון דעם פארלאנג, וואס דער רויטער קרייץ האט צוגעשיקט וועגען הילפס אר-ביים אין סאוועטען רוסלאנד, ס'איז אבער, ווייטער, אז דער פארלאנג איז גע-קומען אין צוזאמענהאנג מיט דעם, וואס דער רויטער קרייץ האט זיך געווענ-דעט צום ראט פון דער נאציאנאלען ליגע וועגען פארבינדען צענטראל-אייראפא פון דער פארשטעהענדער קאטאסטראפע, וואס ווערט איהר געדראהט פון די פיעל עפידעמיעס, וועלכע הערשען איצט דאר-טען. דער רויטער קרייץ האט דאן גע-בעטען צו צוגרייטען טראנספארטאציאנס מיטלען און נייטיגע מעדיקאמענטען, הא-פענדיג אליין צו זיין בכח צו צושטע-לען די נויטיגע צאהל דאקטוירים, דער ראט פון דער נאציאנאלער ליגע האט צו-געזאגט צו טאן אלץ וואס ס'איז מעג-ליך, אום צו ערפילען דעם פארלאנג פון רויטען קרייץ.

ווי ס'איז צו זעהן פון דעם פארעפענט-ליכטען סטייטמענט פון סטייט-דעפארט-מענט, האט דער אמעריקאנער רויטער קרייץ פון אונזער רעגירונג נים געבעטען קיין מאטעריעלער הילף פאר דער ליידענ-דער באפעלקערונג פון סאוועטען - רוס-לאנד. ער האט מעהר ניט ווי פארלאנגט פאספארטען פאר א הילפס-עקספעדיציע אין דעם סאוועטען-לאנד. און אויך דאס האט אונזער וואשינגטאנ'ער רע-גירונג ענטזאגט.

און מערקווירדיג איז, וואס גראדע אין דער זעלבער צייט, וואס די פרייע אמע-ריקא, דורך איהר רעגירונג, ענטזאגט אויסצושטרעקען א הילפס האנט צו די פיעל מיליאנענדיגער ליידענדער רוסישער באפעלקערונג, לייענען צעהנדליגע מי-ליאנען בירגער פון די פאראייניגטע שטא-טען באריכטען וועגען די פארשיידענע עפידעמיעס, וועלכע בושעווען אונרח-מנות'דיג אין דער גרויסער, ברייטער רוס-לאנד. אפילו א בירגער פון אונזער פריי-ער רעפובליק פארשטעהט גאנץ גוט, אז עפידעמיעס זענען נים אויסקלייבעריש, ווייסען נים פון געשלעכט, אדער עלטער, אפילו אויך נים פון „ווייסע“ אדער „רוי-טע“ רוסען.

שוין לאנג, זעהר לאנג, ווען דער העכסטער פארשטעהער פונ'ם אמעריקא-נעם פאלק האט געערטפערטיגען דער רוי-טישער פראבלעם אלס א פראווידענץ - און „עסיד טעסט“ — פון דער אויפ-ריכטיגקייט פון די אלאיאירטע רעגירונ-גען. איז דען דאס נים קיין איראניע פון דער געשיכטע, וואס גראדע אין דער אפיציעלער שטעלונג פון דער אמערי-קאנער רעגירונג צום רוסישען פאלק בעהרט אייפריכטיגקייט? מיט וואס דען קען מען ערקלעהרען די עקשנות'דיגע טייבקייט פון אונזער רעגירונג צו די אונ-מענשליכע ליידען פון רוסישען פאלק, אויב נים מיט קאפיטאליסטישער גלייכ-גילטיגקייט?

אט די קאפיטאל-בריטישע גלייכגילטיג-קייט צו מענשליכע ליידען, וואס איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר די האנדלונגען און טאטען פון די איצטיגע וועלט - רעגירער, אט דיזע און רחמנות'דיגקייט וועט נים באוועגט ווערען דורך הומאני-טאַ'ע איבערפארערונגען פון דעם רויטען קרייץ, ווייל „הומאניטעט“, ווען ס'לוינט זיך נים, איז א באנריף אהן א נשמה.

* * *

דעם 19-טען מערץ, האט דער אמערי-קאנער סענאט זיך ענטזאגט צו ראטיפי-צירען דעם ווערסאלער שלום אפמאך. און פונקט מיט דריי וואכען שפעטער, דעם 9-טען אפריל, האט דער אמעריקא-נער קאנגרעס מיט 242 געגען 150 שטי-מען אנגענומען א רעזאלוציע, וועלכע ער-קלעהרט, ערשטענס, דעם קריעגס-צו-שטאנד מיט דייטשלאנד אלס פארענ-דיגט און צווייטענס, רופט זי צוריק אלע קריעגס-צייטען געזעצען.

וואס מ'זאל נים דענקען וועגען די פארטיזאנישע צוועקען פון דער רעפוב-ליקאנער פארטיי, וועלכע האט אינ'ם קאנגרעס דורכגעפיהרט דיזע שלום - רעזאלוציע, אלענפאלס דארף די רעזא-לוציע זעלבסט באגריסט ווערען. ווארים אויך די דעמאקראטישע פארטיי, וועל-כע „שטעהט אזוי שטאהל און אייזען“ פאר'ן פרעזידענט ווילסאן, איז דאך אויך מעהר אויסען די אינערליכע פאליטיק פונ'ם לאנד, ווי די אינטערעסען פון וויר-קליכען שלום.

מ'קען דאך נים אפלייקענען דעם פאקט, אז דאס אמעריקאניש פאלק ליידט פון דער אונגארמאלער לאגע, וואס טעכ-ניש איז אמעריקא נאך אלץ אין קריעג מיט דייטשלאנד, דער פרעזידענט האט נאך אלץ די מאכט, וועלכע איז איהם געגעבען געווארען אין צייט פון קריעג. דיזע מאכט קען פון איהם ווילקיריש אויסגענוצט ווערען אויף פארשיידענע אופנים, ווי דאס האבען אונז באוויזען די געשעהענישען מיט א פאר מאנאטען צוריק. צו איינער און דערזעלבער צייט, האט מר. ווילסאן ערקלעהרט דער 100 מיליאנ'דיגער באפעלקערונג פון די פאר-איינינטע שטאטען, אז קריעגס צושטאנד מיט דייטשלאנד עקזיסטירט יע און עק-זיסירט נים. קריעגס-צושטאנד מיט דייטשלאנד האט יע עקזיסטירט, ווען דער אינדזשאנקשאן געגען סטרייקס איז ארויסגעגעבען געווארען, און אין דער זעלבער צייט האט געהערשט פריערען מיט דייטשלאנד, ווען דער קריעגס - צייטיגער פראהיבישאן אקט איז פונ'ם פרעזידענט וועטאאירט געווארען. מיט די זעלבע אבנארמאלער סיטואציע ווי די אנ-גענומענע שלום-רעזאלוציע פון 9-טען אפריל מאכען א סוף. דאס לאנד האט קיין זאך צו פארלירען און אלץ צו געווי-נען, אויב דיזע רעזאלוציע וועט דורכ-געפיהרט אין לעבען. לעת-עתה האט נאך דער פרעזידענט די מאכט ארויפצו-לעגען זיין וועטא אויף דער שלום-רע-זאלוציע זיינע מאטיוון וועלען גע-ווים זיין, אז דער ווירקליכער וועלט פריעדען פאדערט, דאס... ער זאל זיין עקשנות אויספיהרען, ס'איז אבער גאנץ מעגליך, דאס, סוף כל סוף, וועלען זיך אין קאנגרעס געפינען די נויטיגע צוויי דריטעל שטימען דורכצופיהרען די שלום-רעזאלוציע געגען ווילען פון מר. ווילסאן. אז ס'איז דא א גרונד פאר אזא האפנונג, קען מען זעהן פונ'ם פאקט, וואס 20 דע-מאקראטען האבען געשטימט פאר דער רעזאלוציע, נים קוקענדיג, וואס פרעזי-דענט ווילסאן האט באשלאסען צו מא-כען דעם ווערסאלער שלום פאר דעם הויפט שטרייט-פונקט אין די קומענדע נאוועמבער - וואהלען. ס'איז נים אונ-מעגליך, דאס פיעל פון די דעמאקראטי-שע קאנגרעסלייט וועלען אפלערנען עטוואס פון די אומגעהויער גרויסע נצחו-נות, וואס די געגנער פון אונזער פרעזי-דענט האבען אפגעהאלטען דיזע וואך אין מישיגען און וויסקאנסין שטאטען.

ס'איז דאך כמעט א פאקט, דאס דער קאליפארנער סענאטאר דזשאנסאן האט אזוי זיגרייך געוואונען די „מישיגען פריימעריס“ נאר צוליעב זיין אויסגע-שפראכענער געגנערשאפט צו דער נא-ציאנען-ליגע. און לאפאלעט'ס זיג אין וויסקאנסין שטאט איז דאך אויך נאר א דאנק דעם, וואס די בירגער פון דיזען שטאט האבען געפונען אין דיזען סע-נאטאר א מוטיגען קעמפער געגען ווילסאנ'ס שלום פאליטיק.

און אויב קיינע סמנים פון דער עפענט-ליכער מיינונג האבען אירגענד וועלכע באדייטונג, דאן איז צו האפען, אז די שלום-רעזאלוציע וועט נאך דעם פרעזי-דענט'ס וועטא, געפינען מעהר אונטער-שטיצער צווישען די דעמאקראטישע רייהען, וועלכע וועלען איינזעהן, אז געהן געגען שטראם איז נים שטענדיג זיכער.

## ליעדער

פון ארטור עסעלען

### אין פיין

עס ווילט זיך אפט אליין,

זיך אויף צוויי'ען שפאלטען,

ערגעץ אין א גרוב,

דאס קראנקע העלפט

באהאלטען.

וואלטען גרינגער ווערען

מיינע לעבענס-שרעקען,

פאר א האלבען — אפשר

וואלטען פריידען קלעקען.

שווער, א זעהר-שווער,

פון זיך אליין אנטרינען,

און מינוטען שווערע —

ערגעץ טרייסט געפינען...

### .2

### פאר'ן שפיגעל

דעק אויף דעם שלייער פון דיין

פנים,

זעה די קנייטשען, די סמנים,

בונטע טיפע קארבען.

קען א מענש פארשמירען —

קען א מענש פארפארבען —

ס'אייגען עלענד פנים?

קוק זיך איין אין שפיגעל,

ווער נאר נים דערשראקען,

קען א מענש אין דרייסיג

ווערען שוין א זקן?

זעה דיין יונגער קערפער

האט זיך איינגעבויגען,

און שוין אויסגעלאשען

זיינען דיינע אויגען.

---

טהו א פליק די האר

וואס זיינען גראה געווארען,

טהו א שפיי אין שפיגעל,

ציטער אויף פון צארען...

# פוילען און דעניקין

(פעליטאן)
פון פאל

ביז איצט האבען די פוילישע צייטונ־גען געהאט אין ארבייט, אמת, ניט קיין לייכטע — אויפצוזוכען דעם ספר היחוס פון די באלשעוויסטישע גדולים. און פון די, וועלכע זענען ניט גענוג כשר לויט זייער „שולחן ערוך״.

זי האט שוין פאר דעם געהאט ספּע־ציעלע פאך־מענער און „היסטאריקער״, וועלבע פלעגען אויסרעכענען די צייט פון זייער געבורטס־טאג און אין וועלכע אידישען שטעדטעל, און אפילו געפונען מענשען, וועלכע זענען געווען אויף זיי־ער ברית (געוויינטליך ביי א רב אין שטוב, ווארים אין וועלכע אנדער׳ שטוב קען ערצווינגען ווערען א באלשעוויק, אז ניט אין א רבנישע!) פון אידישע בלוט אפּ־גערעדט. — וועלכער באלשעוויק איז ניט קיין איד?..

אמאל, זיינען געוועזען אלע רייטשען — אידען. היינט — די באלשעוויקעס. און באלד, באלד.. די ענגלענדער מיט די אמעריקאנער, והראיה זיי ווילען דאך מאכען שלום מיט די באלשעוויקעס.

— נו, זענען זיי ניט קיין אידען?..

זיי האבען שוין זייער שטיקעל ארבעט געענדיגט, שוין אלע באלשעוויקעס — אידען, און זענען שוין, לויט די באלשע־וויסטישע פרעסע, אמת כשרע אידען. די רייטשען — שוין א אלטע אנטדעקונג, אפילו ואיו שפּראך, און עס איז איבער־הויפּט ניט כדאי איצט צו ריידען וועגען ברמינן.

מכח די ענגלענדער וואלט אפילו ניט געשאט א קוק צו טאן. א בלעטער צו טאן אין זייער ספר־הזכרונות, אבער עס לוינט נאך ניט מיט זיי אנצוהויבען; עס איז נאך מיט מזרח־גאליציען ניט קלאר. און, אז עס איז דא צייט, דארף מען א קוק טאן אין אייגענעם טעפּעל, ווער עס איז מאחינו? — אבער ניט אין יענעם אפּיקורסישען לאגער, דארט זענען דאך לויטער אידען, נאר דארט, ביי די „שיי־נע״ מענשען, ביי די מארטירער, וואס נערען על קדוש השם, און, אז מען לאזט זיך זוכען, געפינט מען, בפרט נאך ביי די פוילישע „היסטאריקער״. אזעלכע בריה׳ס! און געפונען האט מען דוקא א ריכטיגען עכט: — רב דעניקין בכבודו!

און דער „היסטאריקער״ פון פוילישען „ווידנא״ „ליבערום״ — צעהט זיך פון שמחה. „א אמת׳ער פאליאק דעניקין — שרייבט ער. — אין איהם פליסט די ריי־נע שליאכטישע בלוט, געבארען אויף פּוי־לישע ערד, זיין מאמע א געטרייע פּוילי־שע טאכטער, קען אפילו ניט גוט רוסיש, און דער „געערטער היסטאריקער״ דריקט אוים זיין האפנונג, אז דער זון פון פּוי־לען וועט געוויס ענדיגען זיין היילינע ארבייט — אויסקוילענען אלע אידען — באלשעוויקעס״.

זעהט איהר, אמת געזאגט, גלויבען שטארק אין דערין — גלויב איך ניט.

— נאר על פי השכל הישר, איז עס גאנץ פסיכאלאגיש ריכטיג, ווארום אזא פאגראמשטשיק צו זיין, פאסט נאר פאר א זוהן פון פוילישען פאלק, און מען קען איהם רוהיג ארויסגעבען א פוילישע מעט־ריקע, בפרט נאך, אז די פוילישע פרעסע זאגט, זי איז דאך שוין אן אלטע נמאנטע.

איך, פון מיין זייט, פארגין זי מיט׳ן גאנצען הארצען, דעם „תכשיט״ און ביי מיר איז קיין ספק, אז די רוסישע פאלק איז אויך מוחל דעם כבוד צו האבען אזא „גדול״. נאר מיר דוכט זיך, אז די פּוי־לישע פרעסע האט דא א גאנצען טעות אין דעניקינען. זי האט זיך דא דערשראָ־קען, אז דעניקין זאל ניט מקיים זיין זיין לעצטע הבטחה, ניט צו מאכען קיין פּא־גראמען. זי האלט דעניקינען פאר א גרויסען בעל־בטוח, זי פארשטייט ניט קיין דיפּלאמאטישע קונצען. מ׳דארף איהר טרייסטען און זאגען, אז זי קען רוהיג זיין. דעניקין קען זיך אהנא פּאג־ראמטשעל אויף אידען ניט באגיין און וועט עס מקיים זיין אפילו אהן א פּוי־לישען פּאס, עד האט שוין דערויף די חזקה..

אט מיט וועמען א פאלק יחוסט זיך!

(„אידישע שטימע״ קאוונא)

# פרויען וואס האבען באצאהלט מיליאנען פאר ליעבע

ליעבע איז נאך גאר ניט א זאך פון דער פארגאנגענהייט. און אבוואהל ביי מאנכע יונגע לייט שטעהט דער נדן הע־כער פון ליעבע און ביי מאנכע מיידלאך איז דער עיקר דעם בחור׳ס באנק־ביכעל און „פיידע״ זענען נאך אבער פאראן גענוג מענער און פרויען, וועלכע וועלען מקריב זיין אלעס פאר דער ליעבע און וועלען אייסשטעהן ליידען און פיין אבי נאר צו ערדייכען זייער אידעאל.

א ראיה, אויב איהר ווילט, קענט איהר נעהמען פון די געוועזענע יונגע אלמנה מרס. דזשאהן דזשייקאב אסטאר און די איצטיגע יונגע ווייבעל. מרס. דיק.

א קליינינקייט דאס איז. די ווייבעלע האט דאך אויפגעגעבען א ירושה פון $5,000,000 אבי נור צו קענען ליעבען און ווערען געליעבט. איז עס דען ניט דער בעסטער באוויז אז נאך אויך היינט צו טאג געפינען זיך אזעלכע ביי וועמען ליע־בע שטעהט העכער פון געלד, און אז פאר׳ן קלאנג פון דער מטבע וועלען זיי ניט פארקויפען זייער הארץ און זייערע געפיהלען?

יעדע, מאנכע וועלען אפילו קענען אונטערמורמלען אז נאך אלעם דעם האט די געוועזענע מרס. אסטאר גאר ניט גע־אפּפערט אזוי פיעל. זי האט חלילה ניט איפגעגעבען אן אפּיטיקו פון 5 מיליאן דאלאר אום צו געהן הייראטען מיט אן ארעמען יונגמאטשיק. איהר איצטיגער בעל הבית׳ל איז אויך א מיליאנטשיק, און זי האט אייגענטליך גאר ניט אדער זעהר ווייניג פארלארען.

פון דעסטוועגען קען מען עס אבער אויך ניט אוועקמאכען מיט׳ן האנד.

מרס. אסטאר איז געוועזען נאר א יונ־גע מיידעל, ווען זי האט געהייראט מיט דעם פיעלפאכען מיליאנער דזשאהן דזש. אסטאר. ער איז געוועזען איבער צוויי מאל אזוי אלט ווי זי.

צו זי האט איהם געהייראטה אויס ליעבע צו פאר זיין געלד, איז קיינעמ׳ס עסק ניט. יעדענפאלס האט זי זיך ניט געהאט אויף וואס צו באקלאגען און דאס יונגע ווייבעלע האט זיך געפיהלט גליק־ליך.

מרס. אסטאר און איהר מאן זענען גע־וועזען פּאסאזשירען אויף דער „טיטאניק״, און מר. אסטאר איז דערטרונקען געווא־רען ווערענד מרס. אסטאר האט זיך גע־רעטעט.

אין זיין צוואה האט אסטאר פאר איהר אפּגעשריבען דעם איינקונפט פון פינף מיליאן דאלאר. ער האט עס אבער איבער־געלאזען בתנאי אז זי וועט בלייבען אונ־פארהייראטה. אזוי גיך ווי זי וועט היי־ראטען זאל זי פארלירען דאס פארמע־גען.

איבער 4 יאהר צייט האט די יונגע אלמנה אייסגעהיט די צואה. ענדליך האט זי זיך אבער באגעגנט מיט איהר יונגער פריינד און האט באשלאסען איהם צו הייראטהען און אויפגעבען איהר ירושה פון ערשטען מאן.

מרס. אסטאר איז אבער ניט די איינ־ציגע וואס האט עס געטאן. שוין געווען א ווייבעל וואס האט זיך אפּגעזאגט פון א ירושה פון צעהן מיליאן דאלאר, אבי צו קענען הייראטען דעם מאן וואס זי ליעבט, און יענער מאן איז גראדע ווייט געווען פון זיין מיליאנער.

ריעזע ווייבעל איז עס די באסטאנער מרס. מערי טהאר גארלאנד גרין. איהר ערשטער מאן האט איהר געהאט איבער־

(שלוס אויף פיידוש 6)



# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(פיערטעס קאפיטעל)

— די אידישע מאמע.

דזשאזעף האט געוואלט אז די מאמע זאל איהם נישט אנדערש נור צוזאגען, אז זי וועט דעם פאטער נישט דערצעהלען פון זיין סוד, ביז זי וועט נישט, אליין פריהער קענען דאס מיידעל.

די מוטער האט צוערשט געפרובירט מיט א ברוגז׳ן טאן אפווענדען איהם פון אזא עולה.

דאס איז דאך אן אונגעבעט! דאס איז דאך נישט גלאט קיין סוד פון געבען איהם א פאר איבעריגע דאלאר אדער אפילו א פאר הונדערט דאלאר איבערי־גע. אין קליינינקייט: זיך אויסקלייבען א מיידעל, עפעס א גרינע, און ערשט אריבערגעקומענע; נישט מען ווייס ווער זי איז, וואס זי איז.. א בלומען פאר־קויפערקע. ווער ווייס.. ווער ווייס..

ניין, אזא זאך קען מען נישט פאר־שווייגען, קען מען נישט פארבעהאלטען. איין מיטעל איז פאראן, א מיטעל וואס וועט אי נישט אומרוהיג מאכען דזשא־זעפ׳ן, אי די מאמע וועט איהר פאר־שפּרעכען קענען האלטען, דעם סוד ניט ארויסצוגעבען, און אי דער פאטער וועט קענען זיך דערוויסען, אז אין דזשאזעפ׳ס לעבען קומט פאר עפעס א נייעס, א וויכ־טיגע נייעס..

וויל ער דאך, דזשאזעף, מאהלען דאס בילד פון׳ם מיידעל.

דאס מיידעל, ווייטער, וויל יא קומען נור וואסערע. זי וויל מען זאל זי איינ־לאדען — דאס קען נישט זיין! איינלא־דען? ווי אזוי? ווי נעהמט מען און מען לאדעט איין א מיידעל, א גרינע, א בלומען פארקויפערין? צי דערפאר וואס דזשאזעף׳ן חלומ׳ט זיך אז זי איז די שעהנקייט אליין, די גוטסקייט אליין?

ניין! דאס קען מען נישט, דאס פאסט נישט!

האט די מאמע אזא׳ן עצה:

זאל ער איהר זאגען, פארזיכערן, אז די מוטער וועט נישט האבען דאגעגען, נור אדרבה וועט נאך צופריעדען זיין מיט איהרע וויזיטען. די מוטער וויל זעהן קענען יענעם פריילין, פון וועלכער דזשאזעף האט א צייכנונג אויפ׳ן שיף געמאכט.

וועט זי קומען איין מאל, א צווייטען מאל, די הויז מענשען וועלען זעהן זיי־ער באציהונגען צום מיידעל, באציהונגען אזעלכע, וואס מען קען נישט האבען צו גלאט א מאדעל און דאן, דאן — — —

חוץ דעם וועט מען זעהן ווער דאס איז. וועט אפשר אויסקומען, וועט מען געוואויר ווערען פון וואנען זי איז, ווער זענען איהרע עלטערען, וואס איהרע מעגליכקייטען אין דעם נייעם לאנד זע־נען, אדער קענען זיין — — —

מיט איין ווארט, זאל די מאמע זי זעהן. זי זאגט צו איהר „באי״ העלפען איהם, אויב געוועהנליך, עס וועט איהר געפעלען זיין כאטש דער קרן.

זי וועט שוין דערקענען. א מאמעס הארץ נארט מען נישט.

און די מאראם פארבשטיין בעט בלויז גאט אז דאס מיידעל זאל איהר געפעלען, אזוי געפעלען, אז זי זאל אויך נישט וועלען נאכפרעגען זיך אויף קיין יחוס, זאל נישט וועלען וויסען פון איהר פּראָ־פעסיע, פון איהר שטאנד..

אוי, ווי זי וויל נישט ענטויישען איהר ׳באי׳, דעם איין איינציגען, וועמען זי האט אזוי ליעב..

אבער איז עס דען מעגליך? וועט זי דען קענען מסכים זיין אז איהר בן יחיד, אין וועמען זי שפיגעלט זיך במיש, אז ער זאל זיך פארליעבען אין אבי וועמען?

און ער, דער פאטער?

ער טרוימט צו טאן דעם שעהנסטען שידוך מיט איהם. די קאהן׳ס האט ער אין זינען. ער האט איהר שוין נישט איין מאל געגעבען אנצוהערעניש, אז די מיס קאהן וואלט געווען א פּאסיגע פאר פאר זייער קינסטלער.

„אונזער קינסטלער״, אזוי טאקע רופט דער ריכטער פארבשטיין דעם בן יחיד זיינעם. „אונזער קינסטלער״. ער מיינט אז דורך „זיין קינסטלער״ זאל ער נאך העכער שטייגען געזעלשאפטליך און פּאָ־ליטיש. „א שידוך מיט די קאהן׳ס —

און פלוצים — א מיידעל אהן עלטע־רען, א מיידעל, א בלומען־פארקויפערקע! א גרינע.

עס איז שרעקליך!

ער וועט עס נישט דערלאזען. דער אלטער וועט מיט אלע מיטלען באקעמפ־פען, אזא מין אומגעלומפּערטען שידוך.

און זי, די מאמע?

זי — א מאמע.. א מאמעס הארץ. ווער קען עס מעסטען דאס הארץ פון א מאמען, פון א אידישער מאמע? — זי וואלט שוין באשטאנען.. מילא, אוודאי האט זי זיך געוואונשען א שעהנערן שידוך, אוודאי זיינען די קאהן׳ס שעה־נערע מחותנים, האט זי דאך ניט מעהר ווי איין זוהן. נור מילא, וואס קען מען טאן? א קינד איז ער דאך, ער וויל זיך גליקליך זיין אויף זיין שטייגער. עס איז נישט צו מאכען.. זי וואלט שוין בא־שטאנען, ווי זשע זאל זי איהר אייגען קינד שטערען אין זיין גליק? יא, זי וועט באשטעהן, זאל זי אקארשט קענען דאס מיידעל.

אוודאי זעהט זי שוין אז צווישען דעם קאנפליקט פון פאטער און זוהן וועט אויסקומען מעהר פון ביידען איהר צו לייקען. זי וועט מיטפיהלען דעם פאטער און וועט מיטפיהלען דעם זוהן.. דער פאטער וועט זי וועלען האבען אויף זיין זייט און דער זוהן וועט וועלען אז זי זאל זיין אויף זיין צד.

אה, עס שטעקט איהר פאר א שווערע צייט!

וויפיעל טרעהרען וועט זי אויף אהיר מיט ווייד באצייגנעם קישען מוזען אלע נאכט אויסגיסען!

ניראלין וועט רעכט זיין. זי נעהמט זיך גאט פאר אז ארויסהעלפער. ער וועט איהר שוין לערנען ווי אזוי ארויסצוקור־מען פריעדליך אויך פון דער דאזיגער צארפלאנטערטער פראגע.

דער עיקר בלייבט, טאקע פארט: זאל נור דאס מיידעל קומען, זאל מען זי ליר זעהן.

דזשאזעף האט אויך געהאט נישט קיין קרינג שטיקעל ארבייט.

אוודאי איז איהם שוין אצינד לייב־טער געווארען א סך. אבער די גרעסטע שווערינקייט שטעהט איהם ערשט פאר. ביז דער מאמע — האט ער תמיד גע־וואנסט — אז ער וועט פועל׳ן. דערויף איז זי דאך א מאמע. מען דארף נור קע־נען די מאמע. מען דארף וויסען ווי אזוי ארומעט ביי איהר עפּעס אויסצובעטלען. ביים מיידעל וועט ער אפשר אויך פועל׳ן אז זי זאל קומען אהן אן אפיציעלער איינלאדונג. ער וועט איהר טאקע ער־קלעהרען אז אזא איינלאדונג איז ניט לויט דעם שולחן ערוך פון די אריסטא־קראטישע ספערען, נישט קוקענדיג דער־רויף וואס זיין פאטער, דער ריכטער, שפּיעלט די ראלע — און די יאהל צייטען — אלס דעמאקראט.

איז מיט איהר, מיט׳ן מיידעל, וועט ער שוין אויך ארורכקומען.

דער פאטער — — —

אט דא איז די הויפט שווערינקייט.

דאס איז אזא בארג, וואס ארומגעהן איהם, דארף געדויערען ימים ושנים, און אריבערשפרינגען — איז אזוי גוט ווי אונמעגליך.

נור פּרובירען דארף מען.

אלע מיטלען דארף מען איינפּרובי־רען. אלע מיטלען וועט ער אנגעהמען.

ווארום ער פיהלט אז ער קען צוליעב דעם מיידעל טאן אלעס, אלעס.

ער האט דער מאמען דעם אמת געע־זאגט: נאך אויף דער שיף ווען ער איז געפאהרען און האט זי אויף דעם צווי־טען דעק דערזעהן. נאך דאמאלס האט ער זיך אין איהר פארליעבט. ער האט דערזעהן זי אין א טוך דעם קאפ ארומ־געהילט, ביים צוים פון שיף איז זי גע־שטאנען און געקוקט ווי הינטען פון דער שיף ציהט זיך דער פאס ים, א צעשני־טענער, א מילך־ווייסער און א שוימענ־דיגער פאס..

און ווייט איז דער ברייט און אין דער טיעף, אין אלע פיער זייטען איז ים.

דער טאג איז געווען א שעהנער, די זון האט געוואריעמט די פלעכע פון׳ם ים. אלע צווישענדעק פאסאזשירען האבען זיך פון זייערע בעטלעך ארויסגערוקט אויף דער לופט. זיי האבען געאטעמט אין זיך און געקוויקט מיט דער ים־לופט.

ער האט זיך ביים ווינקעל אוועקגע־שטעלט און קיין אויג נישט אראפגענו־מען פון דער וואונדערבארער בלאנדינקע, וועמעס פנים איז געווען דעמאלט ווייס ווי אט־דער שניי צעשניטענער ים, וואס וואס ציהט זיך אפּון פון דער אונטער דעם שניידערשארף פון דער ריעזיגער שיף און איהרע האהר זעהט זיך נור א קריינ־דעל ארויס. און איהרע אויגען — איין מאל האט ער זיך מיט זיי באגעגענט, איין מאל, אבער ווען ער זאל זי שוין מעהר אין׳ם גאנצען לעבען נישט זעהן, וועט ער זיי נישט פארגעסען, אט די דאַ־זיגע בלויע אויגען..

ער האט זיך באקענט מיט איהר און געהערט איהר שטימע: — „איהר מאהלט מיין בילד, זאגט מיין שוועסטער״..

דאס זיינען איהרע ערשטע ווערטער געוועזען. ער האט זי קוים פארשטאנען, ער קען קיין אידיש נישט, ער קען אויך קיין רוסיש נישט. אביסעל דייטש, אביסעל פראנצויזיש, א סך ענגליש, אביסעל שפּאַ־ניש און נאר א קליין ביסעלע איטאליע־ניש.

זי קען אביסעלע דייטש, אביסעלע פראנצויזיש, א גוט׳ן רוסיש און נאך א בעסערן אידיש, און אויך אביסעל העב־רעאיש.

— העברעאיש? אזוי? דאס פריילין קען העברעאיש, די שפראך פון׳ם סידור און פון דער „בייבעל״! דאס פרעגט איהם זעהר. דאס איז פאר איהם א סור־פּריז, דאס ערשטע מאל אין זיין לעבען הערט ער אז א יונגע מיידעל זאל קענען די אריגינעלע שפראך פון׳ם סידור און בייבעל. זיין טאטע קען ער פארזיכערען ראווענט גוט אין׳ם סידור. די מאמע אויך אביסעלע. איהם האט מען אמאל געלערענט אין דער רעפארמישער סאנ־דעי סקוהל, אבער ער זאל עס אנהויבען צו געדענקען.. שא.. אט וועט ער זיך יא דערמאהנען.. ווארט — ברוך, יא באא־רוך! ער געדענקט עס דאס ווארט, א גאנץ בלעטעל מיט בארוכ׳ס געדענקט ער שטעהט אין׳ם סידור.

און זי לאכט פון איהם. און זאגט איהם אויסזוענג אין ברכה א צווייטע — אך ווי פיין!

ווי העל זי לאכט!

איהרע ליפען, ווען זיי זענען פאר־שלאסען, געבען זיי איהר דעם אויסדרוק פון א שטרענגען מענשען, ווען זי לאכט אבער, איז אזוי אנגענעהם, אזוי ליעב.. זאל תמיד לאכען דאס פריילין, בעט ער. לאכען קלינגענדיג, העל גלעקעלדיג. ווערט זי פלוצים ערנסט. איהרע אויגען ווערען גרעסער, שטרענגער, קאלטער און טיעפער..

דער קאכענדיגער ים איז אפשר נישט אזוי טיעף.

— ווי זאל איך אייך רופען, מאדמוא־זעל? — פרעגט דזשאזעף.

— מיין נאמען איז.. מרים רובינאוו.

— און אייער שוועסטער?

— חנה רובינאוו.

— אין אמעריקא וועט אייער שוועס־טער הייסען אנא, אדער העני רובינאוו און איהר מיס — — — —

— דערווייל — האט מרים רובינאוו איהם איבערגעשלאגען — זיינען מיר נאך נישט אין אמעריקא, הייס איך נאך דער־ווייל ווי איך הייס: מרים רובינאוו.

(פארטזעצונג פאלגט)

# פריטץ קרייזלער

פון ישראל ראבינאוויטש

(וועגען זיין קאנצערט פון לעצטען פריי טאג אין ארקעסטרא האל)

נאך חפיז׳ן, אז מען הערט קרייז־לער׳ן שפּיעלענדיג אזא קאמפאזיציע ווי „קאנטשערטא נומ 2 אין רע־מינאר״ — וויניאווסקי — בלייבט גאר ניט פון וואס באגייסטערט צו ווערען.

אבער נאכדעם ווי איינער האט זיך שוין געהאט אנגעהערט פון פארשידענע גרויסע פידעל־שפּיעלער, שפּיעלענדיג אזעלכע כאראקטעריסטיש־קרייזלערישע קאמפאזיציעס ווי, „סלאווישער טאנץ״, „ראנדינא״, אדער „ליעבעס־פרייד״ — און קריגט פלוצלונג א געלעגענהייט זיך צו הערען פון קרייזלער׳ן אליין — אט־דא דערזעהט מען ערשט דעם באזונדער פלאץ, וואס ער פארנעהמט ביים סאמע אויבען אן, צווישען די פאר גרעסטע פון אלע גרויסע פידעל־שפּיעלער.

פון ריין־טעכנישען שטאנדפונקט גע־נומען איז דוכט זיך מיר ניטא נאך א פידעל־שפּיעלער, וואס זאל אזוי פיעל אי־בערראשען ווי חפיז. אין ערשטען מר־אומענט פונ׳ם דערמאנטען וויניאווסקי־קאנטשערטא זיינען דא איינינע פא־סאזשען, ווי צום ביישפּיעל, דער בא־וואוסטער בראמאטישער גליטש (סלייד) מיט׳ן דריטען פינגער אויף דער סטרונע „די״, אדער די עטליכע איבערלויפענדע קאדענצען, וואס גרייכען די העכסטע טאן שטופע פון דער פידעל — ביז צום סאמע „ברידזש״ — אט די דאזיגע עטליכע פאסאזשען ווערען פון חפיז׳ן באהערשט מיט אזא קאלאסאלע לייכטקייט, אז דער מבין דערזעהט בשעת מעשה א נייעם „מעשה בראשית״ אין פידעל טעכ־ניק... דו זיצסט און דו ווערסט נשתומם, ווי אזוי די העכסטע פידעל־נאטע, וועל־כער איז פאר אנדערע פידעל־שפּיעלער דער געפעהרליכסטער פונקט, ווערט פון חפיז׳ן ארויסגעבראכט במעט פויגעל־אר־טיג — די טאן־קוואליטעט קומט ביי איהם ארוים אזוי ריין, אט גלייך ווי דא וואלט זיך געהאנדעלט מיט א נאטע אין דער ערשטע פאזיציע.

האבענדיג אין זינען חפיז׳עס באזונ־דערע בריליאנטקייט אין די דערמאנטע עטליכע פאסאזשען און הערענדיג די זעלביגע לעצטען פרייטאג אווענט פון קרייזלער׳ן, האב איך שוין שיעור בא־שלאסען, אז עס איז ניטא דער פידעל־שפּיעלער ביי היינטיגער צייט, וואס זאל קענען זיך פארגלייכען מיט חפיז׳עס גרוים קנים.

און ווירקליך, לויט מיינע מבינות ווערט דער וויניאווסקי־קאנטשערטא פון קיינעם ניט געשפּיעלט מיט אזוי פיעל זיכערקייט ווי חפיז — אפילו ניט קרייז־לער.

אבער.. באלד איז געקומען דער דריט־טער טייל פון פראגראם און אט־דא האט זיך באוויזען קרייזלער׳ס וואונדער.

שוין אין ערשטען נומער, „סאנאטא מי־מאזשאר״ — באך — האט זיך שוין געמערקט, אז קרייזלער באזיצט א גאנץ באזונדערע אייגענטימליכקייט — א טענ־צערישען עלאסטיציזם. קרייזלער׳ס גאנ־צער וואונדער ליעגט אין זיין רעכטער האנט. אזא גראציעזע בויגען־טעכניק האב איך נאך ניט געהערט פון קיין אנ־דער פידעל־שפּיעלער. ווי דורך א גע־היימען שפּרוך ארבייט זיין בויגען און דאס צו פארדאנקען ווערען די מוזיקא־לישע ריטמען, ביי איהם ארויסגעבראכט אזוי בולט, די פארשידענע סטאקאטא שטריכען אזוי לעבעדיג און ועל כלם — צו פארדאנקען אט־די כשופ׳דיגקייט פון זיין בויגען — געלינגט איהם ארויסצו־ברענגען די פארשידענע ליכט־און־שא־טענדיגקייטען*) אין דער מוזיק, ווי קיין אנדער פידעל־שפּיעלער.

אמבעסטען איז קרייזלער אין זיינע אייגענע קאמפאזיציעס — אריגינעלע אדער באארבייטע. אזא קאמפאזיציע ווי „סלאווישער טאנץ״ — דוואראק־קרייזלער — איז נאר פאר איהם אליין געשאפען און ניט פאר קיין אנדערען. דער גאנצער דריטער טייל פון זיין פראג־ראם לעצטען פרייטאג, איז געווען א כא־ראקטעריסטיש־קרייזלערישער. זיין ריט־מישער עלאסטיציזם האט אויפגעטאן אמת׳ן וואונדער אין די „וואריאציעס אויף א טעמא פון קארעלי״ — טארטיני. אזוי גוט ווי אין „פרעליוד און אלעגרא״ — פוגנאני. דא האט געשפּיעלט קרייז־לער דער אינטערפּרעטאר, דער גרויסער מוזיקער. די שטיפערישע „ליעבענס־פרייד״ פון אט די צוויי שטיקער איז ארויסגע־בראכט געווארען קלאהר און דייטליך און ס׳איז קיין ברעקעל ספק ניט געבליבען, אז אזוי פארטייטשען קען איין קרייז־לער און — בלויז קרייזלער.

אין אלגעמיין איז קרייזלער מעהר אייראפּייער ווי אלע אנדערע אידישע פי־דעל־שפּיעלער. זיין אפּיעל איז אוניווער־סאל און ריין פון אריענטאליזם. ער איז דער איינציגער אידישער פידעל־שפּיע־לער, אויף וועלכען מיר קענען ניט אנ־ווייזען, אז ער איז אין גאנצען אונזע־רער. ער איז אלעמען׳ס צו א אידען קען עלמאן פיליכט בעסער אפּעליערען; אבער צום אלגעמיינעם געשמאק, וואס זוכט אן אוניווערסאלען טעם — איז קרייזלער פיעל נעהענטער.

* * *

א ריעזיג־גרויסער עולם איז געקו־מען לעצטען פרייטאג אין ארקעסטרא האל הערען קרייזלער׳ן. הונדערטער מענ־שען זיינען ענטוישטע אוועק צוריק, ווייל עס איז ניט געווען מעהר קיין פלאץ. די ענטוזיאסטישע אויפנאהמע, וואס קרייז־לער האט געקראגען האט באוויזען, אז דעטראיט האט שוין שלום געמאכט מיט׳ן „שונא״, כאטש אונזערע דיפּלאמאטען זיינען נאך ניט פארטיג...

קרייזלער׳ס צוריקקעהר אויף דער אינטערנאציאנאלער קאנצערט־ביהנע און די ווארימע אויפנאהמע וואס ער קריגט פון מיליאנען פארהערער — איז דער בעסטער באוויז, אז די פעלקער היילען זיך אוים פון זייער משוגעת, וואס האט זיי ארומגעכאפּט און געהאלטען גאנצע פינף יאהר...

*) קאליר שפּיעלט אין דער מוזיק פונקט אזא גרויסע ראליע ווי אין דער מאלעריי. עס איז דא א גאנצע מוזיקא־לישע טעאריע, וואס ציהט א פאראלעל צווישען די קאלירען אין מאלעריי און די פארשידענע קאליר־שטריכען אין מוזיק. עס ווערט צום ביישפּיעל אנגעוויזען, אז די „פיאנא״ און „פארטא״ שטריכען, זיי־נען אין דער מוזיק פונקט דאס זעלבע, וואס בלוי און רויט אין מאלעריי. דער איינדרוק פון זייער קאנטראסט, איז פונקט דער זעלבער כאטש זיי שפּיעג־לען זיך ניט אפּ פאר אונזער אויג, נאר ווירקען אויף דער פאנטאזיע דורך אונ־זער חוש־השמיעה.

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט

ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער

וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפאריייטעד

אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.


## ווילט איהר יונג זיין?

פון ב. י. ג—ן

פאראן מענשען וואס וואלטען אפגעגעבען מי ידע וויפיעל אום צו זיין יונג.

ווערט דאך די יוגענד אזוי שעהן באזונגען!

ווער איז עס נים מקנא דעם עלטערען מאן, אדער דער עלטערער פרוי, וואס האלט זיך יונג?

עס זיינען דא צייטען ווען איהר דערוואוסט זיך אז דער אדער יענער פרוי איז שוין געווארען זעכציג יאהר, אדער אפילו פופציג יאהר. ווערט איהר פארוואונדערט: — ווי, אט דיעזע יונגע און שעהנע דאמע איז שוין אלט פופציג יאהר?

איהר ווענט זי מקנא, ווארים איהר אליין, קען זיין, ווענט א סך יונגער און זעהט פונדעסטוועגען, אוים א סך עלטער איידער יענע דאמע.

די גאנצע וועלט איז מקנא די בארימטע שוישפילערין, די „געט ליבע סאראה".

שרה בערנהארד איז שוין א באבע, זי האט שוין אייניקלעך און פונדעסטוועגען פלעגט זי ביז נים לאנג צוריק (איידער מען האט איהר געמוזט, איבער א קראנקהייט, אפשניידען א פוס) שפיעלען יונגע ראלען און אין לעבען איז זי געווען יונג, און אפילו אצינד איז זי נאך יונגער אין לעבען, ווי אנדערע וואס זיינען העלפט יאהרען פון איהר.

אין איטאליען איז פאראן א באריטאן, אן אפערא זינגער איבער זעכציג יאהר אלט. אין אמעריקא איז ער ווייניגער באקאנט, ווייל ער וויל דעם ים נים אריבערפאהרען. אייראפא, אבער, רעכענט איהם פאר דעם גרעסטען אפערא זינגער אין דער היינטיגער צייט.

און אלט איז ער שוין איבער זעכציג יאהר און דאך האלט ער זיך יונג, ווי גלייך ער וואלט איצט האלב יאהרען אלט געווען.

עס זיינען פאראן מיידלעך און די אנהייב פון די צוואנציגער יאהרען, וואס קוקען אוים פאראלטערט, אפשר עלטער איידער זייערע מאמעס.

די זעלבע מיידלעך וואלטען דאך אפגעגעבען זייער גאנצע ענערגיע אפי אויסצוזעהן יונג.

ווארים אין דער אמת'ן איז דאך נים די פודרע דער עיקר. מען קען אן אלטען פנים באפודערען און באפארבען און פארט זעט זיך די עלטער ארויסקוקען גאנץ בולט.

ושעהנערס נאך: ווען א געזיכט הויבט אן צו וועלקען און מען הויבט דאס אן צו באפאהבען, עקלט עס. דאס בלייך בלוט זעצט ארוים דורך דער פודרע און דורך די פארבען.

מען קען אבער אמאל יא אפנארען דורך פארב, דורך קינסטליכע אדער בעסער געזאגט: געקינסטעלטע מיטלען. וויפיעל זשע אבער געדויערט דאס?

און היין דעם ווייסט מען דאך ווי אזוי די מענשען קוקען אוים אזויבע אפנארער. זאגען זאגט מען זיי נארנים. נאר אין הארצען טראכט זיך איטליכער, וועהענדיג אזא אפנארער: „שוין אז אך און אז וועה. אז ער וויל מיך אפנארען מיט געקינסטעלטע מיטלען. זעה איך הען נים זיינע אמת'ע יאהרען פון דורך דער פארב?"

פארקעהרט זשע קוקט מען מיט קנאה צו דעם וואס עלטערט זיך נים דורך נאטירליכע מיטלען. ווארים צו מיר אליין שטרעבען צו דעם, אדער נים, ווייסען מיר אבער אז א מענש דארף און זאל שטרעבען, אז די נאטור אליין זאל איהם האלטען יונג.

און נאך אלעמען איז עס גאר נים אזוי שווער צו באהויפטען.

מען דארף נאר וויסען ווי אזוי צו צווינגען די נאטור צו האלטען אייך יונג און דאן דארף מען דאס וועלען. ו י ע ל ע ן, דאס איז אן עיקר גדול.

מען ווערט אין כעס און מען קאכט זיך, דאס ווערען אפט אין כעס איז א סימן אז איהר ווילט זיך נים באהערשען. וואלט מען זיך אבער באהערשט, וואלט מען אזוי שנעל נים פאראלטערט געווארען. כעס איז א שליח צו פארעלטערען דעם מענשענס געזיכט. די קנייטשען אויף'ן פנים קומען פון כעס.

כעס איז דאס פייער פון דעם מענשענס נשמה. און ווי פייער פארברענט עס נים נאר דאס פנים אליין, נאר אויך דעם גאנצען קערפער, דאס הארץ, דעם שכל, דעם געדאנק, דאס געזיכט און די גאנצע פיגור.

קוקט זיך צו און איהר וועט מודה זיין אז דאס רוב גוטע מענשען זיינען קוועפטיגער, פילעכט, דאגעגען זיינען גיפטיגע מענשען מאגער, דאר און אויסגעטריקענט. זיי זיינען אויך פול מיט קנייטשען, איבערהויפט ביים טייל פנים וואס ארום האלדז.

ווייטער איז צום יונג בלייבען און האלטען זעהר שעדליך דאס האווען און דאס יאגען און כאפען זיך.

יאגט זיך ניטט! כאפט זיך ניטט! — האט צייט!

דאס יאגען פארדארבט דעם מאגען. דאס ווידער האט שוין אויך א שטארקע ווירקונג אויף דעם געזיכט.

שעדליך איז אמעהרסטען דער געיעג נאך פארגעניגען. ניט נאר דער געיעג, נאר מאקע די פארגעניגענס גופא זיינען שעדליך און מאכען אלט און צעקריישט פאר דער צייט.

אום צו האלטען זיך יונג מוז מען זיין זעהר אפט אויף דער פרייער לופט. און נים בלויז זיין אויף דער פרייער לופט, נאר מאקע זי לויפ האבען. דאס שפאצירען זאל נים זיין קיין לוקסוס, נאר א ליעבע צו דער פרישער לופט און צו דער נאטור.

שלאפען גענוג, נים אויסשלאפען זיך איז דער ערגסטער שליח פון דער עלטער. דאס נים אויסשלאפען זיך פארעלטערט זעהר גיך.

דענקען יונג, האבען א יונג הארץ — דאס איז זעהר וויכטיג.

די געדאנקען פון דעם מענשען מוזען זיך אפשפיגלען אויף זיין געזיכט. דענקט מען יונג און שעהן, מוז דאס געזיכט אויסזעהן יונג.

אין קורצען איז עס אזוי: — אז מען וויל קען מען אפילו יונג זיין און פארבלייבען יונג.

## פרוען וואס באצאהלען מיליאנען

(שלוס פון זייט 5)

געלאזט צעהן מיליאן דאלאר, אבער אויף בתנאי אז זי וועט בלייבען אונפערהייראטה. האט זי זיך אבער פארליעבט אין א לאיער און ניט אכטענדיג וואס זי האט געמוזט אויפגעבען די ירושה האט זי מיט איהם געהייראט.

דאס אינטערעסאנטסטע דערביי איז נאך וואס מרס. גרין איז לאנג ניט געבליבען מיט איהר נייעם בעל הבית'ל. אין א קורצער צייט נאך איהר חתונה האט זי זיך מיט איהם צעשיידט. און זי האט פארלארען ביידע זאכען: אי די ירושה און אי דעם מאן פאר וועמען זי האט עס מקריב געווען.

די אלמנה מרס. רונלאפ האט זיך געלאזט פארקלענערען א ירושה פון 2 מיליאן דאלאר אויף 50 טויזענד דאלאר אום צו הייראטען דעם מאן וואס זי האט געליעבט. און אן אנדער פרוי האט אין גאנצען אויפגעגעבען א גרויסע ירושה צו הייראטען א מעסענדזשער באי.

רייכע מיידלאך וואס זאגען זיך אפ פון זייערע עלטערענס עשירות און הייראטען ארימע יונגע לייט זענען פאראן אין די צעהנדליגע.

פאסירען פאסירט אפילו דאס מאנכע פון זיי האבען דערנאך חרטה און לאזען איבער זייערע קבצנישע מענער און גיהען צוריק צו זייערע עלטערען און זייערע מענער ווערען געמאכט פאר „לייט".

א סך בלייבען אבער גליקליך און צופריעדען מיט זייערע מענער און ארימקייט און דחקות.

—:: —:: —

## דר. באגען פאהרט צוריק קיין אמעריקא.

פון ווארשא טעלעגראפירט מען, אז דר. באגען, דער הויפט-פארטרעטער פון דער דזשוינט דיסטריביושאן קאמיטע פאהרט אב צוריק קיין אמעריקא, די אורזאכע איז וואס ער קאן ניט קומען צו קיין אויסגלייך מיט די לאקאלע כלל-טוער וועלכע זיינען נעגען זיינע מעטאדען אין דער רעליעף ארבייט.

## פוילישע רעגירונג פארלאנגט יאצקאנ'ען

פון ווארשא טעלעגראפירט מען אז דער פראצעס נעגען דעם ווארשעווער „היינט" פאר איינעם שארפע עדיטאריעלס נעגען דער רעגירונג איז אפגעלעגט געווארען. די פוילישע רעגירונג פארלאנגט אז יאצקאן זאל תיכף צוריק קומען קיין ווארשא. ווי באקאנט געפינט זיך איצט יאצקאן (דער רעדאקטאר פון „היינט") אויפ'ן וועג קיין אמעריקא.

—:: —:: —

## 1750 פעסער כשר'ן פלייש געשיקט קיין דייטשלאנד

מיט-דער הילף פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע זענען פון ניו יארק ארויסגעשיקט געווארען 1750 פעסער כשר'ע פלייש קיין דייטשלאנד פאר די ארימע פרומע אידען אין דייטשלאנד גופא און באזונדערס פאר די פליכטלינגע פון פוילען און אנדערע מזרח-לענדער, וואס געפינען זיך דארטען. פאר די פלייש גופא האט באצאהלט די דייטשע רעגירונג, און די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע האט גענומען אויף זיך די הוצאות פון טראנספארט.

לויט די ידיעות וואס די קאמיטע האט געקראגען, זענען 1000 פעסער פלייש שוין אנגעקומען קיין דייטשלאנד, און 750 פעסער געפינען זיך אויפ'ן וועג אהין.

## פון סענטראל רעליעף

דאס איז די ליסטע פון דעם מאנאט מערץ געזאמעלט פאר דער סענטראל רעליעף דורך מר. קאפלאן:

| | |
|---|---|
| מר. קאפלאן 483 הייסטינגס | $ 40.00 |
| מר. קאפיעטץ 580 גרעשיעט | 10,00 |
| מר. גאלדסמיט 26 ווילקינס | 10,00 |
| מר. פיעלדמאן 682 הייסטינגס | 10,00 |
| מר. ראבינן 313 פעררי | 10,00 |
| מר. פעלדמאן 313 פעררי | 10,00 |
| מר. באטווינק 133 דזשעפר. | 7,50 |
| מר. לעווין 198 רענדאלף | 5,00 |
| מר. שעכטער 479 הייסטינגס | 5,00 |
| מר. סאלאמאן 197 הורסקין | 5,00 |
| מר. קארף 230 ווינדער | 3,00 |
| מר. פרידענבערג ניוארק | 2,00 |
| מיס קאטאק 491 הייסטינגס | 2,00 |
| מר. גאלדבערג 30 שארלאטע | 1,00 |
| מר. קאץ 486 בייקער | 1,00 |
| מר. פארבער 1545 סט. עלליאט | 1,00 |
| מר. אראהן 252 אלפרעד | 1,00 |
| מר. צווייגענבוים 230 ווינדער | 1,00 |
| מר. פאגעל 431 ביאביען | 1,00 |
| מר. לעווענסאן 516 ענטווין | 1.00 |
| מר. קאררט 91 ברידי | 1,00 |
| | $127.50 |

The only Jewish Paper Printed in Michigan

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

347-49 HASTINGS STREET Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. [illegible] authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Tuesday, April 13th 1920 Vol. 2, No 51 דינסטאג אפריל 13, 1920

# פעקטארים געשלאסען, 50,000 ארבייטסלאזע

## סאוועטען וועלען עלייעס נויטען פוילען צו שליסען שלום

מאסקווא, אפריל 12 — מר. טשי־טשערין, דער באלשעוויסטישער אויסערן מיניסטער האט לעצטען דאנערשטאג איבערגעשיקט א נאטע צו פוילען, דאס צוליעב אלס, וואס פוילען האלט זיך ביי איהריגעס, אז באריסאוו זאל זיין דער פלאץ פאר דער שלום־קאנפערענץ, גע־פינט די רוסישע סאוועטען רעגירונג פאר נויטיג צו לאזען וויסען די רעגירונ־גען פון די פאראייניגטע שטאטען, ענג־לאנד, פראנקרייך און איטאליען, אז דאס באנייען פון קאמערציעלע פארהעל־טניסע מיט דיזע לענדער וועט פיעל גע־שטערט ווערען, אויב רוסלאנד וועט ניט קענען מאכען שלום און אנווענדען איהר גאנצע ענערגיע פאר'ן עקאנאמישען צו־ריקבוי.

מר. טשיטשערין ווייזט דאן אן, דאס ס'האט נאך קיינמאל פאסירט, דאס א פלאץ פאר שלום־אונטערהאנדלונגען זאל אויסגעקליבען ווערען אין א קריעגס טעריטאריע. ער זאגט ווייטער, דאס רוסלאנד וויל אן אלגעמיינעם שלום, און אז „די עלייעס קענען ניט פון זיך אראפ־נעהמען די פאראנטווארטליכקייט פאר איצטיגען צושטאנד, ווייל זייער איינ־פלוס וואלט געמוזט ווירקען אויף פוי־לען אנצונעהמען א מעהר פריעדליכע שטעלונג".

אנפאל אויף דעם פוילישען פראנט אין מאזירער געגענד איז צוריקגעשטויסען געווארען. דער אנגריף איז געמאכט געווארען, לויט דער איבערזעצונג פון קריעגס־דעפארטמענט, אום צו נויטען פוילען אנצונעהמען די שלום־פאדערונ־גען פון דער סאוועטען רעגירונג.

דער שלאכט איז געווען פארביטערט הויפטזעכליך אין דער נאכבארשאפט פון קאלינקעוויץ, וואו די באלשעוויקעס הא־בען זיך אנגעשטרענגט, צו פארכאפען די באהן סטאנציע. צו דער זעלבער צייט, האבען זיי אטאקירט מאזיר. דער באריכט פון פוילישען קריעגס דעפארטמענט פאר־זיכערט, אז די רויטע ארמיי איז צוריק־געשטויסען געווארען. ס'קומען אבער נאך אלץ פאר ארטילעריע דועלען.

פוילען זעצט פארט איהרע פארבע־רייטונגען וועגען שיקען א שלום דעלע־גאציע קיין באריסאוו, וואו ס'ווערט ער־ווארטעט א קאנפערענץ מיט סאוועטען פארשטעהער דעם 17־טען אפריל.

### פוילען ערווארט שלום אדער קריעג

לעצטען שבת האט מר. פאטעק, דער פוילישער אויסערן־מיניסטער, ערקלערט אין אן אינטערוויו דאס ער ערווארט אן ענטשיידענען ענטפער פון דער סאוועטען רעגירונג, אן ענטפער, וועלכער דארף מיינען שלום אדער קריעג. מר. פאטעק האט ווידערהאלט, אז „פוילען פיהרט אן א פארטיידיגונגס־קריעג" און ווען די באלשעוויקעס וואלטען אויף אונז ניט אנגעפאלען, וואלטען קיינע שלאכטען ניט פארגעקומען.

### פוילען מעלדעט ווידער זיעגען

ווארשא, אפריל 12 — דער קריעגס דעפארטמענט האט היינט ארויסגעגעבען א בארגכט דאס דער באלשעוויסטישער

## די לאגע פון סטרייק בקיצור

די דעטראיטער עדיסאן קאמפ. האט נעכטען 5 א זייגער פארנאכט אפגע־שניטען די דאמפף און עלעקטריציטעט פון פעקטארים זי וועט בלויז געבען דאמף און עלעקטריציטעט צו שפייז אינדוס־טריען.

ווייניגסטענס 50.000 מענשען זיי־נען דורכדעם געבליבען אהן ארבייט

מעיאר קאוזענס האט ערקלעהרט קריעגס צושטאנד אין דעטראיט, אין דעם פארברויך פון שפייז און עלעקטריצי־טעט.

באהן מאגנאטען אנאנסירען, אז שיקאגאר סטרייק איז כמעט געבראכען.

עס ווערט באריכטעט אז סטרייקער אין דער וועסט קעהרען זיך ביסלאכווייז אום צו דער ארבייט, אבער אין דער איסט פארשטארקט זיך דער סטרייק יעדען מינוט.

עס ווערט אלייבצייטיג געמעלדעט, אז סטרייקער אין קאלאמבוס, אהייא, אר קאן, אהייא, פארט וועין אינד., און סא גינאו מישיגען, האבען זיך אומגעקעהרט צו דער ארבייט.

באהן סטרייק אין ניויארק און פי־לאדעלפיא האלט ביי הונדערט פראצענט.

די סענטראל רייליאוד פון ניו־דזשוירזי, האט אפגעשטאפט איהר גאנ־צער פאסאזשיר־פארקעהר.

א סטייטמענט ארויסגעגעבען פון ווייסען הויז ערקלעהרט: „די רעגיערונג פאלגט נאך די ענטוויקלונג פונ'ם סטרייק א שטעלונג וועט גענומען ווערען אויב נוי־טיג.

די וואשינגטאנער רעגיערונג האט באשטימט א נייע רייליאוד לייבאר באָרד, צו באטראכטען דעם שכירות־פארלאנג פון די סטרייקער. דער סענאט וועט זיך פארלויפיג ניט אריינמישען אין סטרייק.

די שאפמען אין פיטסבורג האבען נעכטען גענומען צו אן אפשטימונג זיי־ער אנשליסונג אן סטרייק.

צוואנציג טויזענד מענשען ארבייטס־לאז, אין די שטאהל־פעקטארים פון יאנג סטאן; ניין טויזענד ארבייטסלאז אין גע־רי; שיקאגא'ר פעקינג פלאנטס זיינען נאך אלץ פארקריפעלט.

**מעיאר קאוזענס גיט ארויס ווארנונג צו אלע וואס באנוצען עלעקטרישע ארוועטייזינג סיינס, זיי זאלען זאפארט דאס אפשטאפען. — ווארענט אויך געגען אנזאמלונג פון שפייז — עלעקטריק אפגעשניטען נעכטען 5 א זייגער. — איבער 50 טויזענט ארביי־טער געבליבען ארבייטסלאז. — סטרייק אין ניויארק און פילאדעלפיא פארגרעסערט זיך — סטרייקער פארלאנגען אנערקענונג פון נייער יוניאן. — שפייז עמבארגא אין דעטראיט פאלקאם. — גאמפערס באשולדיגט קאנגרעס אין סטרייק. — באהן מאגנא־טען באריהמען זיך, אז דער סטרייק אין שיקאגא איז געבראכען. —**

דעטראיט קעהרט זיך אום צו א מין קריעגס־צושטאנד אינ'ם געברויך פון שפייז און עלעקטריק, לויט א דעקלא־ראציע נעכטען ארויסגעגעבען פון מע־יאר קאוזענס, נאך א קאנפערענץ וואס ער האט נעכטען אפגעהאלטען מיט דעם וויים־פרעזידענט פון דער דעטראיט עדי־סאן קאמפאניע, מר. א. סי. מארשאל.

מר. מארשאל האט דעם מעיאר פאר־זיכערט, אז ער זעהט ניט קיין אויסוועג צו ענדערען דעם באשלוס פון דער קאמ־פאניע און [illegible] א זייגער פארנאכט איז דער באשלוס דורכגעפיהרט געווארען דורך אפשניידען די עלעקטריציטעט פון די פעקטארים.

דער מעיאר האט אויך אפגעהאלטען א קאנפערענץ מיט דעם מארקעט־די־רעקטאר, מר. וו. ג. ברענטש און נאך דער קאנפערענץ האט ער ארויסגעגעבען א ווארנונג, אז מען זאל אפהיטען די געזע־צען וואס זיינען געווען אין קראפט אין צייט פון מלחמה בנוגע דער אנזאמלונג פון שפייז. ער האט אויך ערקלעהרט די מלחמה־געזעצען גילטיג אינ'ם געברויך פון עלעקטריציטעט.

די עדיסאן קאמפ. האט נעכטען ארויס־געגעבען פאלגענדע ווארנונג צו דעטראי־טער פעקטארים:

„מיר ווארנען אלע פלאנטס, זיי זא־לען אויפהערען אפערירען 5 א זייגער, מאנטאג פארנאכט אין פאל עס וועט זיך ארויסווייזען, אז א געוויסע פעקטארי האט ניט אויסגעפאלגט די ווארנונג, וועט־לען מיר זאפארט נעהמען שריט, און אפ־שניידען די „סורוויז".

„די סיטואציע איז אזוי קריטיש, אז דיזער שריט איז אבסאלוט נויטיג, אום היימען זאלען פארזארגט ווערען מיט ליכט"

רייליאוד באאמטע האבען זיך נעכ־טען אנטזאגט ארויסצוגעבען אן ערקלע־רונג, ווען זיי וועלען זיין פארטיג אויפ־צונעהמען קאמיטעס פון די סטרייקער, אום צו דיסקוטירען זייערע פאדערונגען. איינינע האבען זיך געקלאגט, אז עס איז פשוט פאר זיי אוממעגליך צו פאר־האנדלען מיט די סטרייקער, ווייל די גאנ־צע מאכט ליגט אין די הענט פון דער רעגיערונג.

א באהן עקספערט האט נעכטען ער־קלעהרט, אז אין פאל דער סטרייק זאל אנהאלטען נאך א וואך, וועלען א האל־בער מיליאן ארבייטער בלייבען לעדיג אין דעטראיט.

די נעכטיגע האנדלונג פון דער עדי־סאן קאמפאניע האט זאפארט ארויסגע־שטויסען איבער 52 טויזענד ארבייטער פון זייערע דזשאבס.

לויט אן ערקלעהרונג נעכטען ארויסגע־געבען פון מר. מעקנעלי פון דער עדיסאן קאמפ., זיינען די מעהרסטע פעקטארים אין שטאדט אפהענגיג אן דיעזער קאמפ. פאר לייטס און פאווער ארויסגעשלאסען זיי־נען בלויז די גרעסטע פעקטארים, אזעל־כע ווי דאדזש בראדערס, פאקארד מא־טאר קאר קאמפ., און די פארד מאטאר קאמפ.

### געז קאמפאניע האט דערווייל גענוג קויהלען

טשארלס וו. בענעט, דער וויים־פרעזי־דענט און דזשענעראל מענעדזשער פון די דעטראיט סיטי געז קאמפ., האט גע־נוג קויהלען אויף דריי וואכען צייט. ער האט אויך צוגעגעבען, אז די האנדלונג פון דער עדיסאן קאמפ., וועט אויך איינ־שפארען פיעל געז, צוליב דער פארמא־כונג פון די פעקטארים.

### רייליאוד טשיעף שטארק ברוגז אויף די סטרייקער

דער פרעזידענט פון דער פיער מאר־קעט רייליאוד, האט נעכטען ארויסגעגע־בען א סטייטמענט, אז זיין קאמפאניע וועט קיין מאל ניט פיהרען קיין פארהאנד־לונגען מיט די „געזעץ־ברעכער" ער האט זיך געקלאגט, אז די סוויטשמען האבען אוועקגעלעגט די ארבייט אפילו ניט גע־בענדיג נאטיס. די פיער מארקעט רייל־וועי האט א קאנטראקט מיט דער אנ־יאן פון די ארבייטער און ביי דיעזען קאנ־טראקט — זאגט ער — וועט זיך די קאמפאניע האלטען. ער האט פונדעסטוועגען זיך אנטזאגט צו זאגען, אויף ווי לאנג זיין קאמפאניע וועט קענען אזוי אנהאל־טען איהר עקשנות.

כמעט אלע מענעדזשערס פון די דע־טראיטער קאמפאניעס האבען נעכטען ארויסגעגעבען סטייטמענטס און אלע שרייען אין איין טענה: „די ארבייטער האבען געבראכען דעם קאנטראקט, און מיר ווייסען ניט ווען מיר וועלען קענען אנפאנגען פיהרען פארהאנדלונגען מיט זיי".

### סטרייקערס האלטען אפ באגייסטערטען מיטינג

די דעטראיטער באהן סטרייקער האבען לעצטען זונטאג אפגעהאלטען א באגייסטערטען מיטינג אין לייבאר ליי־סעאום. עס זיינען אפגעגעבען געווארען באריכטען, אז די ארבייטערס פאדערונ־גען זיינען איבערגעגעבען געווארען צו די באאמטע פון אלע רייליאודס.

אז די סטרייקער גרייטען זיך ארויס־צוסטרייקען די גאנצע היינטיגע וואך פאר זיכער, איז צו זעהן פון דעם פאקט, וואס ביים מיטינג איז אנאנסירט געווא־רען, אז דער לייבאר לייסעאום איז גע־רענט געווארען פאר אלע טאג ביז פריי־טאג, מיט א באדינגונג צו האלטען די האלס ווייטער אויב די סטרייקער וועלען געפינען פאר נויטיג.

### איז דער סטרייק אין שיקאגא געבראכען?

שיקאגא אפריל 12. — ס. ב. גריר, דער וויים־פרעזידענט פון דער שיקאגא מילוואקי און סט. פאול רייליאוד, האט היינט ארויסגעגעבען א סטייטמענט, אז „דער רוקען פונ'ם סטרייק איז געבראר כען" און אז „עס זעהט זיך דער אנפאנג פון דער ענדע"

עס קומען אן באריכטען פון אלע וועסטערען געגענדען, אז די כחות פון די סטרייקער האבען זיך אויסגעשעפט און מאסען ארבייטער קעהרען זיך אום צו זייערע דזשאבס.

אבער אין דער זעלבער צייט ווייר־זען באריכטען, אז אין דער איסט פאר־שטארקט זיך דער סטרייק יעדע מינוט.

### גאמפערס באשולדיגט דעם קאנגרעס אין איצטיגע סטרייק

קליוולאנד, אפריל 12 — סעמיועל גאמפערס, דער פרעזידענט פון דער אמע־ריקאן פעדערישאן אוו לייבאר, האט היינט ארויסגעגעבען א לענגליכען סטייט מענט, אין וועלכען ער פארשפרעכט די פולע שטיצע פון דער אמעריקען פעדע־ריישאן אוו לייבאר צו די אלטע בראדער הודס פון די אייזענבאהן־ארבייטער. ער האט אבער צוגעגעבען, אז די סטרייקערס לענען פאר קריוודעס וועלכע מוזען גוט געמאכט ווערען זאפארט. ער זאגט, אז ער האט נאך פאראויסגעזעהן דעם טרא בעל אין דער צייט, ווען דער קומענס־עש ביל איז געווען בעפאר דעם קאנגרעס.

מר. גאמפערס האט אויסגעדריקט זיין גלויבען, אז דער סטרייק וועט באלד קומען צו אן ענד.

„דער סטרייק איז א טעות", האט ער געזאגט, די סטרייקער קענען ניט איינ־זעהן אז די וועלט איז ניט באשאפען געווארען אין איין טאג. פראגרעס קומט נאך יאהרען ארבייט און אויסדויער

„ווען זייער כעס וועט פאראיבער ווע־לען זיי איינזעהן אז דאס בעסטע איז זיך אומצוקעהרען צו דער ארבייט". האט גאמפערס געזאגט.

ער האט אבער צוגעגעבען אז ניט די ארבייטער זיינען שולדיג וואס מען טאר ניט סטרייקען, נאר אזעלכע מענער ווי סענאטאר קאמינס און גאווערנאר עלען פון קענזעס, וועלכע זיינען פאראנט־[illegible] פאר'ן [illegible] געזעץ, וואס נעהמט אוועק פון אייזענבאהן ארבייטער דאס רעכט צו סטרייקען.

### סטרייק בושעוועט אין גאנצען פילאדעלפיא-דיסטריקט

פילאדעלפיא אפריל 12 — די סטרייק כוואליע אין און ארום פילאדעלפיא איז היינט נאך פארגרעסערט געווארען. פיע־לע באהן־ארבייטער וואס האבען נאך ביז היינט געארבייט זיינען היינט ארויס אין סטרייק. עס ווערט געשאצט אז ארום 5 טויזענד ארבייטער האבען זיך היינט אנגעשלאסען אן די רייהען פון די סטריי־קער

### מאטאר טריין מיט געזאלין פאהרט ארויס פון פלינט

פלינט, אפריל 12. — א טריין פון מא טאר טראקס האט היינט אין דער פריה פארלאזט פלינט נאך דעטראיט. די דא זיגע טריין פיהרט געזאלין

### הואווער פאהרט אדרעסירען א אידישע פארזאמלונג און פיהלט גלות-סטרייק

ניויארק אפריל 12 — אלס רעזולטאט פון אייזענבאהן סטרייק איז הערבערט הואווער געווען געצוואונגען נעכטען צו־שטעהן אויף די פיס 6 שטונדען צייט, ווען ער איז געפאהרען פון פילאדעלפיא קיין ניויארק, די טריין איז געווען אזוי אנגעפאקט, אז עס איז ניט געווען קיין פלאץ וואו צו זעצען זיך.

מר. הואווער האט פארלאזען פילא דעלפיא 3 א זייגער ביינאג און איז אהער אנגעקומען 9 אין אוונט צו אדרע סירען א אידישע פארזאמלונג פאר די מלחמה־ליידענדע

---

### פראנקרייך וועט ארויסציהען איהרע סאלדאטען, אויב עבערטס סאלדאטען פארלאזען רוהר געגענד.

לאנדאן, אפריל 12. — די לעצטע נא טע, וואס פראנקרייך האט צוגעשיקט ווע גען איהר ארייגדרינגען אין דייטשלאנד, איז דא היינט ערהאלטען געווארען, ס'ווערט אין דער נאטע פארזיכערט, דאס פראנקרייך וועט ארויסציהען איהרע טרו פען פון פראנקפורט און די אנדערע דייט שע שטעדט, גלייך ווי דייטשע רעגירונג וועט צוריקרופען איהרע סאלדאטען פון דעם רוהר־געגענד. פראנקרייך זאגט אויך צו, דאס זי וועט זיך מישב זיין מיט די עלייעס אין איהרע קינפטיגער טעטיג קייט.

דער היגער אויסערן מיניסטעריום האט ניט ערהאלטען קיינע ענטפערס צו זיין נאטע וועגען פראנצויזישען פארנעה־מען פון פראנקפורט. דער יאפאנעזישער אמבאסאדאר, באראן מאטזואי, האט אונ אפיציעל ערקלעהרט, דאס יאפאן האט ניט קיין אויסזעצונג צום פראנצויזישען שריט.

---

פאריז, אפריל 12 — דער ענגלישער אמבאסאדאר האט היינט איבערגעגע־בען מילעראנען דעם ענטפער פון זיין רעגירונג צו דער פראנצויזישער נאטע פון נעכטען אוונט. דער פראנצויזישער פרעמיער האט זיך ענטזאגט צו פארעפ־פענטליכען דעם ענטפער.

ס'ווערט דא אפגעלייקענט דער באר־ריכט, אז פראנקרייך פלאנעוועט צו פארנעהמען מאנהיים און הידעלבורג.

## פאליטישע נייעס בקיצור

### נייער וואהלען-געזעץ אנגענו־מען אין דענמארק

קאפענהאגען, אפריל 12 — דער ניי־ער וואהלען געזעץ איז אנגענומען געווא רען אין ביידע הייזער. די וואהלען זענען באשטימט געווארען אויף דעם 22־טען אפריל.

### שטאהל ארבייטער אינדאסי־רען דעבס'ען

גערי, אינ., אפריל 12 — דעבס איז אינדאסירט געווארען אלס פרעזידענט קאנדידאט אויף א פארזאמלונג פון שטאהל־ארבייטער.

### וויניפעג'ער ארבייטער פארטיי נעהמט אן סאציאליסטישע פלאטפארמע

וויניפעג, אפריל 12 — דער ערשטער פונקט אין דער פלאטפארמע, וואס די הי גע ארבייטער פארטיי האט ארויסגע־שטעלט צו די קומענדע פראווינציעלע וואהלען, איז דאס קאפיטאליסטישע אייגענטום זאל איבערגעהן אין סאציאלען אייגענטום, און אז פראדוקציע זאל זיין פאר'ן נוץ, ניט פאר פראפיט.

### גאנץ קאווקאז וועט מעגליך ווערען באלשעוויסטיש

קאנסטאנטינאפאל, אפריל 12 די גע־פאהר, אז גאנץ קאווקאז און טראנס־קאווקאז זאלען ווערען באלשעוויסטיש, פאר אורזאכט דא מעהר אונרוהיגקייט, ווי די סיריאנישע און אנאטאלישע סיטואציעס.

### סאוועטען באשטעלען 500 לא־קאמאטיווען ביי אמעריקאנער פירמע

לאנדאן, אפריל 12. — א דעפעש פון שטאקהאלם מעלדעט, דאס די רוסישע קא מערציעלע דעלעגאציע אין רעוועל האט באשטעלט ביי אן אמעריקאנער פירמע 520 לאקאמאטיוועו, וועלכע דאר־פען צוגעשטעלט ווערען צו א באשטימ־טער צייט אין רעוועל, און פאר וועלכע די סאוועטען רעגירונג וועט באצאהלען מיט גאלד.

### גענעראל סטרייק אין אירלאנד

דובלין, אפריל 12. — די באאמטע פון דעם אירישען טרייד־יוניאן קאנג־רעס און פון דער לייבאר פארטיי הא־בען היינט ארויסגעלאזט אן אופרוף צו די ארבייטער פון אירלאנד צו א גענע־ראל סטרייק אויף מארגען־אלס פרא־טעסט געגען דער באהאנדלונג פון פא־ליטישע ארעסטירטע.

### ענגלאנד בעט נאציאנען ליגע צו אנערקענען ארמעניען

פאריז, אפריל 12. — נעכטען איז פאר געקומען די פיערטע זיצונג פון דער נא־ציאנען ליגע. הערבערט פישער, ענגלי־שער בילדונגס מיניסטער האט געלייענט א באריכט וועגען ארמעניען און האט בא וויזען, דאס דער בעסטער מיטעל פאר ארמענישער זעלבסטשטענדיגקייט איז, אז איינע פון די גרויסע מעכטע זאל אנ־נעהמען א מאנדאט איבער ארמעניען

### יאפאן פארנעהמט אזורי באהן ליניע

האנאלולו, אפריל 12 — לויט א טע־לעגראמע פון טאקיא, האבען די יאפא־נעזישע טרופען פארכאפט די גאנצע או־זורי באהן ליניע צווישען וולאדיוואסטאק און כאבאראווסק.

די אוזורי ליניע צווישען דיזע שטעדט איז ארום 400 מייל לאנג און אויף איהר געפינען זיך צוויי וויכטיגע שטעדט ניקאלסק און אזורי.

---

### דייטשלאנד פאנגט אן צוריקצו־ציהען איהרע סאלדאטען פון רוהר-געגענד

בערלין, אפריל 12 — ס'ווערט האלב אפיציעל געמעלדעט, דאס די רעגירונג פאנגט אן ארויסצוציהען פון דעם רוהר־געגענד די אלע סאלדאטען, וואס זענען דארטען שוין מעהר ניט נויטיג.

---

## „עלעוויטאר" פאלט אראפ אין ניו-יארק

ניו יארק, אפריל 12 — א ניינט עוו. „עלעוויטאר" איז היינט אראפ פון די רעלסען און איין קאר איז אראפגעפא־לען אויף דער גאס. דער עקסידענט איז פארגעקומען צוליעב א צוזאמענשטויס פון צוויי „עלעוויטארס".

די קארס האבען זיך גלייך אנגעצונ־דען און פון 5 האספיטאלען האט מען ארויסגערופען אמבולאנסען.

דער צוזאמענשטויס איז פארגעקו־מען אין א צייט, ווען די קארס זענען גע־ווען איבערגעפאקט מיט ארבייטער צו דעם פינאנציעלען דיסטריקט.

ס'ווערט איבערגעגעבען, דאס מעהר פון א פאר צעהנדליג פערזאן זענען פאר־וואונדעט געווארען. דער צוזאמענשטויס האט פאסירט לעבען דעם „סוויטש" צווי־שען אלבאני און רעקטאר סטריטס.

א מאטארמאן איז נאך אלע וואר־שיינליכקייטען דערהרג'עט געווארען.

---

### ליטא שיקט נאטע קיין מאסקווא בעטענדיג אנערקענונג

ווארשא, אפריל 12 — לויט א דעפע־שע פון ווילנא, האט די ליטווינישע רע־גירונג איבערגעשיקט א נאטע קיין מאסקווא, בעטענדיג די סאוועטען, דאס זיי זאלען אנערקענען ליטא'ס אונאפ־הענגיגקייט, ליטא פאדערט, אז זי זאל קריגען גראדנא, קאוונא און סוואלקי; ווילנא זאל זיין די הויפט שטאדט.

## תלמוד-תורה מאס-מיטינג אין אוקלאנד א ריזיגער ערפאלג

**אן אומבאדייטענד - קליינער עולם זאמעלט די סומע פון $2,853.00 — מען גלויבט, אז די פולע סומע פון 50 טויזענד דאלאר וועט געזאמעלט ווערען אין א גאנץ קורצער צייט. — רעדעס רופען ארויס גרויס באגייסטערונג.**



דער מאס־מיטינג אין אהבת־אחים שוהל, אוקלאנד, לעצטען זונטאג האט איבערשטיגען אלע ערווארטונגען. דער עולם איז דוקא געווען ניט זעהר גרויס, אבער דער פאר האט דער אנוועזענדער קליינער עולם ארויסגעוויזען אזא ווא־רימקייט, אזא ברייט־הארציגקייט און אזא ענטוזיאזם פאר דעם צוועק, צו ליעב וועלכען דער מיטינג איז גערופען געווארען, אז עס איז געווען פשוט א פערזענליכער־פארגעניגען פאר איינעם בייצוואוינען דיזע עכט־אידישע פאר־זאמלונג.

בלויז דריי רעדנער האבען אדרע־סירט די פארזאמלונג רבי ה[illegible]וויטש, רבי איישישקין און א לעהרער פון דער אוק־לאנדער תלמוד תורה מר. יוסף חגי.

דער לעצטער האט פאקטיש גע־שטורעמט די פארזאמלונג מיט זיין פראכטפאלער רעדע, ער האט זיך פאק־טיש אריינגעריסען אין די הערצער פון די אנוועזענדע.

נאך א קורצער הקדמה, אין וועלכער ער האט געבעטען דעם עולם, אז מען זאל אויף איהם ניט קוקען ווי אויף א נוגע כדבר צוליעב פערזענליכע אינטערעסען ווייל ער איז צופעליג א לעהרער אין אוק לאנדער תלמוד־תורה, נאר ווי אויף איינעם וועמען די פראגע פון אידישער ערציהונג ריהרט אן ביז די טיעפסטע טיעפעני־שען פון דער נשמה — האט ער געגעבען א קורצען מייסטערהאפטען איבער־בליק וועגען דעם איצטיגען קולטורעלען חורבן וואס עס לעבען דורך די אידען אין רוסלאנד, פוילען און גאליציען און האט אויסגעבראכט, אז דער אלטער רעזער־

וואוער פון דער א[illegible]טור — רוס לאנד — פון [illegible] אידען פון דער גאנצער [illegible]בען ביז מיט איינינע יאהר[illegible] [illegible]צווינגען זייער גאנצע גייס־טיגע [illegible], איז איצט חרוב געווארען און עס פאלט דער גורל אויף די אידען פון אמעריקא צו עטאבלירען אט דעם גייס־טיגען רעזערוואר אין דיעזען לאנד.

און איבערגעהענדיג צו דער פרא־גע פון אידישער ערציהונג, האט מר. חגי גענומען שילדערען א טראגיש בילד וועגען דעם „גייסטיגען פאגראם", וואס אי־דען אין אמעריקא האבען ביז היינט גע־מאכט אויף זייערע אייגענע קינדער. ער האט אויפגעוויזען ווי פרעמד עס זיי־נען די אמעריקאניש־ערצויגענע אידישע קינדער צו זייערע עלטערען און די עלטערען — צו זייערע קינדער; ער האט אויסגעבראכט, אז ניט נאר זיינען די אמעריקאניש - ערצויגענע קינדער ניט קיין אידען, נאר זיינען אפילו קיין גאנ־צע מענשען אויך ניט, ווייל —

„עס איז ניטא — האט ער געזאגט — אזא זאך ווי איין טיפ מענש, פונקט ווי עס איז ניטא קיין איין טיפ בוים; מענשען זיינען איינגעטיילט אין פעלקער און יעדער דור פון א פאלק ניט איבער זיין גייסטיגע ירושה צו א צווייטען, און אזוי ווערט באשאפען די קולטור פון א פאלק־אין וועלכער עס שפיגלען זיך אפ אלע כאראקטעריסטיקס פון דעם טיפ מענש, וואס שטעלט צוזאמען דעם אדער יענעם פאלק.

„אבער ווען איינער ווערט פלוצלונג אוועקגעריסען פון זיין קולטור, ווערט ער

שלוס אויף זייט 6

# עניים ואביונים
## אדער גליקליכע און אומגליקליכע

ראמאן — פון מרדכי ספעקטאר

איך מארגען אבענד ביי טהעע, האבען זיך ווי תמיד ביי ר' שמואל בערם טיש איך געפונען עטליכע פון די הייליגע איינגעקערס ר' שמואל בער איז עפעס געווען ווי ניט צופריעדען מיט זיך און האט געקלאגט פאר אהרנ'ען.

— מיר האבען געבעטען געהעדט וועגען אונזער הקדיש, איך האב אייך באלד געזאגט אז איך האב מורא איך זאל פאר דער אידענע קיין ארט ניט געפינען. היינט בין איך צוליעב דער קראנקער געוועזען אין הקדיש און. חאטש צורים זיך איז ניט דא וועמען אויסצושרייבען. קייגער שטארבט ניט און קיינער ווערט ניט געזונט! דערווייל איז געווארען נאכט און איך האב גאר ניט אויסגעפיהרט: אפשר מארגען ווער איך איינע אויסשרייבען. היינט זעהט וואס מען טראגט איבער אז מע' איז א גבאי, יעדער זידעלט און זאגט דעה'ת, און מען מוז נאך שווייגען ווארום זאגט עפעס א וואָרט ועט מען דיך באלד אבשיטען מיט קויטען.

— איך פארשטעה ניט, האט איינער פון די הויזיגע זיך אנגערופען, אז עס איז באמת ניטא קיין ארט וואס זשע קענט איהר טהאן?

— וואס איך קען טהאן! עס איז אדאי שלעכט דערווייל ליגט זי מיט מיין שפרה אין די קעבין. קלאגען זיך זעהר אז זי קענען פון איהר ניט איבערטראגען. זיי האבען שוין ביידע קיין קאפ פון איהר. איך האב שוין אויף זיי רחמנות געהאט, זיי איבערגעביטען און געזעצט א שעה נעבען דער קראנקער און האב געמיינט אז איך באקום דעם שלאף פון איהר, עפעס איז זי משוגע צו וואס. זי ... מעהר ניט נאר ער וויינט און לאכט

— וואס הייסט עס? האבען אלע געפרעגט, וואס זאגט דער דאקטאר?

— זי האט דעם דאקטאר אפילו ניט געלאזט צוגעהן צו זיך. דער דאקטאר האט געזאגט אז דא קען ער מיט איהר גאר ניט מאכען, ער וועט שיקאבוארטען ביז זי וועט ארויס אין הקדש, דערווייל קומען מיר אב.

— וואס זשע ארט איך, לאז זי ווייגען און לאכען.

— זי לאזט אבער קיינעם ניט רוהען זי ווארפט זיך אויף מיר. איך שפרה, האפט זיך קושען ווייגען און לאכען, ווען זי האפט אן ביי דער האנד איז ניט מעגליך ארויסצורייסען.

— זי רעדט גאר ניט? וואס זאגט זי? וואס איז איהר קראנקהייט?

— זי רעדט זעהר ווייניג און ענטפערט א וואָרט איבער דעם צעהנטען. ווען די קעבין וויצט נעבען איהר איז זי אביסעל שטילער, נאר די קעבין איז שוין אויך פארמיטשעט אוי וויל ניט זיצען נעבען איהר שטענדיג. איצטער מוז ווייטער זיצען נעבען איהר שפרה. מען האט מיר צוגעזאגט אז מען וועט מיר שיקען א מענשען איבער נאכט. איך וואַרט שוין נערן ער זאל קומען.

צווישען די הויזישע האבען זיך אנגערופען איניגע אז זיי ווילען איבערבייטען שפרה'ן; ר' שמואל בער האט זי זעהר געדאנקט, אהרן איז געגאנגען דער ערשטער, שפרה האט איהם מיט פיעל דאנק אבגעטרעטען איהר בענקעל און אהרן האט זיך געזעצט נעבען דער קראנקער.

ער האט זיך פון ר' שמואל בערם דערציהלונג, באלד פאראינטערעסירט פאר דער קראנקער און האט אנגעהויבען קוקען אויף איהר. קיין אויג ניט אראבגענומען, לאה איז געלעגען אויף איהר געלעגער שטיל און אלעס געענטפערט וואס ער האט געפרעגט. איהם האט הנאה געטאן וואס ער איז אויך אזא גליקליכער ווי דיא קעבין, וואס דער חולה פיהרט זיך שטיל.

— וואס איז אייער קרענק, וואס טוט אייך וועה? וואס האט אייך דער דאקטאר געזאגט? האט ער אלץ געפרעגט.

— איך בין שלאף. איך בין זעהר שוואך. נאר איך האף אין עטליכע טעג ארום וועו איך וועל זיך אויסרוהען וועל איך אין גאנצען ווערען געזונד.

מעהר האט זיך אהרן ביי איהר ניט געקענט דערפרעגען און האט ווייטער געקוקט אויף איהר; פארשטעהט זיך אז עס איז ניט מעגליך געווען זי זאל איהם דערקענען. זי האט אהרקען געקענט פאר א דאר קליין אינגעלע און איצטער איז ער אזוי אויסגעוואקסען און פארוואקסען מיט א געדיכטער באַרד. איבער דער באַרד איז שטענדיג שוער צו דערקענען די מענשען וואס מען האט געקענט נאך אלס יונגע לייט. לאה האט זיך פאראינטערעסירט ווער איז דער מענש וואס איז אזא איין שטוב, טאמער אן אירעם אדער

א קרוב און האט איהם וועגען דעם געפרעגט.

— איך בין דא א גוטער באקאנטער. איך געה ארויין אפט אהער — האט ער געענטפערט.

מעהר האבען זי ניט גערעדט. אהרן האט מעהר אנגעהויבען קוקען אויף איהר עפעס איז איהם אין איהר א סך געוועזען באקאנט נאר וואס — איז איהם ניט ארויסגעקומען אויף די געדאנקען.

ווען ער זאל איצטער זעהן לאהן אין איהרע ארימע, אלטע צוריסענע קליידער, מיט דיא גרויסע צעריסענע פרעמדע שיך וואלט ער אין איהר קיין מאל גאר ניט דערקענט. נאר די אביזנטע לאה איז איצטער אין איהרע קליידער ניט געגאנגען, זי איז געלעגען אין א ריין בעט מיט ווייסע ליילעכער. דערצו נאך די אייגען, די האר און א מענשען ווערט אלעס איבערגעביטען. דאס פנים ווערט עלטער, די באקען איינגעפאלען. די נאז גרעסער און א מאל פונקט פארקעהרט, דאס פנים פולער און שענער. קיין לאנגע נאז זעהט זיך ניט ארויס; מיט איין וואָרט אלעס בייט זיך אין דעם מענשען. נאך דעם מענשענס לאנגען נאך, נאך דעם מענשעס אויגען ווילען פון קיין שום לאנג ניט וועסען. דיא אויגען בלייבען שטענדיג אין איין שטאנד. פארענדערען זיך קיין מאל ניט — די נאטור פונקט ווי דער מענש בייט זיך אוועק שטענדיג ווי די פאנאדרע אין דרויסען בייט זיך. א מאל איז שעהן, ווארים, טרוקען, א מאל קאלט, נאס און אמאל אלעס צוזאמען א. ז. וו. נאר די זון מיט דער לבנה באווייזען זיך שטענדיג אין איין געשטאלט מיט זייער שטענדיגען נאטירליכען קאליר.

אהרן האט אמאל ליעב געהאט דיא צוויי אויגען, זייער אין קוק פלעגט ביי איהם אין הארצען אנמאכען א גאנצען טאראראם א גאנצען שטורמווינד. איין בליק זייערע פלעגט זיין הארץ דערווארעמען, קאָט מאכען און ווייטער דערווארעמען. זיין הארץ האט פיעל יאהרען טאג טעגליך געקלאפט איבער דיא אויגען; היינט האט ער געקענט פארגעסען דיא צוויי אויגען? אַ ניין! חאטש די 2 אויגען וואס זענען אמאל געזעסען אין א יונג לייבטיג געזונד פנים און איצטער אין פארדארטע, פארשמאכטע, פארטראכט פנים. האט אהרן זיי דאך דערקענט; ווען דיא צוויי אויגען זאל ער פלוצים זעהן ניט אין קיין מענשענס געשטאלט, נאר אין דער בלאטע, וואלט ער זיי אויך געוועזען דערקענט. ווארום דיא פאר אויגען וואס מען האט אמאל ליעב געהאט, פארגעסט מען קיין מאל ניט. זיי שטעהן שטענדיג פאר דיא אויגען, אהרן האט זיי באלד דערקענט און האט ניט געוואוסט ביי וועמען זיי געפינען זיך; ער האט זיי געפרעגט.

— איהר זענט מיר זעהר קענטליך, נאר איך קען ניט געדענקען וואו איך האב אייך געזעהן.

לאה איז געווארען בלייך און האט גע ענטפערט:

— אפשר האב איך אמאל ביי אייך א נדבה גענומען.

— ניין, ניט דערפון קענט איהר מיר זיין אזוי קענטליך.

עס איז קיין רעדע ניט אז עס איז איהם אפילו אויף דעם כח ניט אויפגעקומען אז דאס איז לאה. ער האט זיך גלאט אינטערעסירט צו וויסען פאר וואס איז איהם די ארימע אידענע אזוי גוט באקאנט. א קשיא וואס עס טרעפט זיך אויף דער וועלט האט ער זיך געטראכט. אפשר איז זי אמאל געוועזען א קעבין ביי זיינע עלטערן אהער ערגיץ אויף די אכסניות וואס ער פלעגט אבטעהן חדשים ווייז און איז איצט אבגעקומען אז זי מוז בעטען נדבות.

— ווייטער קענט איהר מיך ניט קענען.

— זענט איהר אפשר געוועזען אמאל אין ארעם?

— יא איך בין געוועזען.

— האט איה ערגיץ געדיענט?

— יא.

— און וועלכער אכסניא?

— און קיין שום אכסניא, נאר ביי א באלעבאסטע.

אהרן האט ווייטער אבגעלאזט דיא הענט און זיך געטראכט: איך קען פראם ניט אנזעהן. איך מעג שווערען אז איך האב זי ערגיץ געזעהן און געוועזען באקאנט, זאל זיך עס מיר אויסווייזען?

דערווייל איז אנגעקומען די קעבין און געבראכט עפעס דער קראנקער און זיא אנגערופען ביים נאמען „לאה" אהרן איז בלייך געווארען: זאל עס מעגליך זיין?

מען זאגט א ווערטעל: „ווי אזוי יעדער וויל אזוי לייגט ער דעם בריעף"; איינער לייגט איבער פראסט ווי אזוי עס איז אנגעשריבען. דער צווייטער מאכט פשטים, דער דריטער לייגט צווישען די שורות, מיט איין וואָרט יעדער טייטשט דעם בריעף ווי אזוי ער וויל ד. ה. עס זאל אין בריעף אזוי שטעהן ווי איהם לייגט. דער לייענט גאר איבער אן פשטים וואס איז ניט שטארק פאראינטערעסירט אין דעם בריעף.

ניט איהר און ניט דער גאנצער עולם פון ד. האט ניט געמאכט קיין פשטים און זיך איבערפרעגען: ווי קומט די ארימע אידענע צו ליגען ביים גבאי אין שטוב דיא אורזאכע איז זעהן גוט באקאנט און קיינער וואונדערט זיך, גאר ניט דערוויף; אהרן וואס עס איז איהם אויך גוט באקאנט די אורזאכע דערפון איז איהם אויך אויף דעם מוח ניט אויפגעקומען ער זאל פרעגען פאר וואס זי ליגט ביי איהם. נאר איצטער אז ער האט זיך פאר אינטערעסירט מיט דער אידענעס און האט דערהערט דעם נאמען לאה, איז איהם באלד איינגעפאלען: „אז דאס וואס זי ליגט דא איז ניט אומזיסט"; ער האט אנגעהויבען חושד צו זיין אז דאס איז לאה און איז זעהר דערשראקען געווארען און זיך אליין ניט געגלויבט. גור באלד נאכדעם ווי די קעבין איז אוועקגעגאנגען האט ער זיך מיט איהרע אויגען ווייטער באגעגענט. ער האט שוין פון גאר ניט געטראכט. דער קאפ האט זיך מיט איהם אנגעהויבען דרעהען אז ער האט אליין ניט פארשטאנען; ער האט איהר גלייך געזאגט:

— לאה, דאס זענט איהר? גאט! ווי איהר זענט פארענדערט געווארען!

יא, נאר אהרן איז געוועזען דער איינציגער מענש וואס איז איהם שטאַרק געוועזען צו דערקענען לאה'ן ביי איהר איצטיגער לאגע. טרעהרען האבען זיך איהם אנגעהויבען גיסען פון די אויגען ניט וועגען זיין ליעבע, ביי זייער איצטיגער טרויעריגער לאגע האט עס ניט געקאנט זיין, נאר דיא אמאליגע „שטארקע ליעבע" צו איהר האט זיך איצט פארביטערט ביי איהם אין שטארקען רחמנות!

(פארטזעצונג פאלגט)

## וואס דער „וועג" געהער זיך אן מיט אייך

# „דער וועג"

איז געגרינדעט געווארען פון דעטראיט׳ער אידען, פאר דע-
טראיט׳ער אידען.

„דער וועג" שפיגעלט אפ אלע פאסירונגען אין דער אידי-
שער גאס אויף אן אומפארטייאישען אופן.

אין דער קורצער צייט זינט „דער וועג" איז אונטער דער
איצטיגער רעדאקציע, זיינען אין „וועג" געדרוקט געווארען
ארטיקלען, סקיצען און הומאריסקעס פון די בעסטע אידי-
שע שרייבער און פעליטאניסטען.

„דער וועג" דרוקט אלע וואך ענטפערס אויף פראגען וואס
האבען צו טאן מיט געריכט און געזעץ.

„דער וועג" דרוקט אלע וואך א ליסטע פון אידען און אידא
פא וואס זוכען אדער לאזען גריסען זייערע קרובים אין דע-
טראיט און אומגעגענד.

„דער וועג" איז א אידישע דעטראיטער צייטונג און איהר
קענט זיך נישט פארגינען זי נישט צו לעזען.

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(פינפטער קאפיטעל)

די בלומען פארקויפערין

דזשאזעף האט די מוטער ניט אפ־געגנארט.

אזוי טאקע איז עס געווען: — אין אמעריקא האט ער זי מעהר נישט גע־זעהן. עס איז אוועק א קארג יאהר זינט ער האט זיך מיט מרים רובינאוו און מיט איהר שוועסטער חנה אפגעזעגנט.

ער האט שוין אפילו געהאט איבערגע־געבען די האפנונג ווען עס איז זי צו זעהן.

געבענקט און געדענקט פון איהר האט ער זעהר א סך, ובפרט די ערשטע צייט. אלע וויילע פלעגט ער ארויסכאפען און באטראכטען די צייכנונג פון מרים'ס געזיכט, וואס ביי איהם אין'ם טאשען־ביכעל. ער פלעגט לאנג קוקען אויף דער צייכנונג און איהם האט זיך געדוכט, אז דאס זעהט ער זי א לעבעדיגע מיט איה־רע טיפע, בלויע אויגען, מיט איהר פארשלאסען שטרענג מויל. אט דוכט זיך איהם, אז ער הערט איהר שטימע, א קלינגענדיגע, א ווייכע און א צערטעל־דיגע. אט הערט ער איהר געלעכטער, וועלכעס ער האט איין איינציג מאל גע־הערט; אט זעהט ער ווי זי פאדערט ארום די חולאים פון דער יםיקראנקהייט, ווי זי צערטעלט און גלעט איהר בלאסע, אינ־גערע שוועסטער. וואס ליגט אנגע־שפארט צו איהר, ווי א פארצווייפעלטע בת יחידה צו א מאמע..

כאטש איין מאל נאך זי זעהן. איין מאל.

אבער ער האט געמוזט איבערגעבען ווייטע האפנונג.

ער האט איהר אפילו געגעבען א ווי־זיט־קארטעל און געבעטען זי, אז ווען זי וועט זיך נויטיגען אין א פריינד זאל זי זיך ווענדען צו איהם. אבער אט זיינען שוין אוועק אזוי פיעל חדשים און ער הערט נישט פון איהר און זעהט נישט פון איהר קיין בריוועל.

און ווער ווייס צי האט זי נישט זיין קארטעל באלד ערגעץ ארויסגעווארפען?

ווארום האט ער איהר אדרעס נישט גענומען?

ער האט זיך האט נישט געקענט פאר־געבען! ווי איז מען עס אזוי דום און נאר־ריש און מען נעהמט נישט ביי איהר קיין אדרעס, אדער כאטש נאכפרעגען זיך ביי איהר, צי ביי דער שוועסטער וואו־הין זיי פאהרען. ווען זיי האבען אין [illegible] נייער, גרויסער פרעמדער וועלט.

ער האט עס נישט געפרעגט.

ער איז געווען זיכער אז אין א פאר טעג ארום וועט זי איהם שרייבען וואו זי געפינט זיך, אדער וועט איהם אפטע־לעפאנירען.

זי פארפאהרט דאך מסתמא אין דעם אידישען קווארטאל. און דארטען איז דאך די פאמיליע פארבשטיין גוט באר־קאנט. וועט מען נור געוואויר ווערען, אז זי קען זיך מיט פארבשטיין'ס זוהן, וועט מען איהר מסתמא באלד ראטהען, אז זי זאל די באקאנטשאפט אויסנו־צען.

אזוי האט ער געמיינט, געהאפט.

און זיין האפנונג איז אן אומזיסטע געווען.

* * *

נור אט לויפט ער איין מאל פארביי א בלומען געשעפט.

און אינערליכע קראפט האט איהם א ציה געטאן צום שויפענסטער.

יא, אן אינערליכע קראפט!

ער גייט דאך אזוי אפט דורך דיע־זען בלומען־געשעפט! קיינמאל איז איהם נישט איינגעפאלען א קוק צו טאן אויף די בלומען אין'ם שויפענסטער. ווארים בלומען קויפט ער נאר תמיד אין דעם „סוטי פלאוער עמפאריום', דאס גרעסטע רייכסטע, בלומען־געשעפט אין שטאדט. דארטען קען ער זעהן א[illegible]קען. וואס וועט ער קוקען אין דעם ארימען בלומען־קרעמעל?..

טאקע נור עפעס אן אינ[illegible]נקטער אינסטינקטיווער געפיהל האט איהם א ציה געטאן. אט לאז ער א קוק טאן אויף אדערא וואזאנע..

א שעהנע וואזאנע איז דאס געווען.

ער באטראכט זי אויף אלע זייטען און — אך, ס'אר א קענטליך געזיכט איהם האט פלוצים א בליסטשע געטאן אין די אויגען.

עס האט איהם אין קראם ארויין אריינ־געטראגען.

ניין, עס האט איהם נישט אפגענארט.

דאס איז זי!

מערי, מערי רובינאוו..

— איך, איהר דערקענט מיך? דאס בין איך. איהר געדענקט אויף דער שיף?

ער האט זיך געפלאנטערט, גערעדט דייטש, ענגליש.

דעם חוט האלט ער אין דער האנד, שטעהט געגען מערי רובינאוו און קוקט אויף איהר צעמישט און פארשעהמט.

— איך האב אויף דער שיף געצייכענט אייער פארטרעט.. איהר געדענקט, דזשאזעף פארבשטיין?..

„מערי שמייכעלט, גיט א לעג אוועק איהר ביכעלע מיט דעם שרייבהענטעל און דערלאנגט איהם גאר פריינדליך די האנד.

— אוודאי, אוודאי געדענק איך אייך — ענטפערט זי אין א גלאטען ענגליש.

זי געדענקט איהם גאנץ גוט. אפילו זיין וויזיט קארטעל האט זי באהאלטען.

די באלעבאסטע פון דער קראם איז אריין, ווי א ווינד, האט א מעסט געטאן דזשאזעף'ן פון'ם קאפ ביז די שפיץ פינ־גער, און זיך געלאזט צו די שאפעס מיט די וואזאנעס.

— נעהמט, זייט אזוי פריינדליך — זאגט דזשאזעף — אייער ביכעלע און גייענט ארויף מיין „ארדער".

פופצעהן דאלאר האט דאס צעטעל אנגעטראפען.

— גוט.

און ער איז צוריק דער באלעבאסטע. דערלאנגט איהר זיין קארטעל: — „אויף דעם אדרעס אפשיקען סי א חי".

די קרעמערין גיט א קוק אויפ'ן קאר־טעל און פארשווינדט באלד הינטער דעם פארהאנג. דארטען זוכט זי אין דער די־רעקטארי א מינוט און קומט צוריק ארויס, מיט א שיינענדיג געזיכט, א צו־מישטע אביסעל.

— זאל דער הערר פארבשטיין זיצען א ווײלע. מיס רובינאוו, איהר דארפט אייער גאסט אויפנעהמען העפליכער — און אליין טראגט זי איהם אונטער א שטול. אן שטעקט איהם אריין די שענ־סטע בלום אין לאץ — איך האף, אז איך וועל דעם הערר פארבשטיין האבען פאר א שטענדיגען קונה.

— יא, ער וועט זיין א שטענדיגער קונה!

אלע טאג דארף ער בלומען.

עס מאכט נישט אויס וויפיעל און וואסערע.

זאל די מיס רובינאוו אליין אויס־קלויבען, וועלכע איהר געפעהלט, און זאל זי זיי אפשיקען אויף דעם אדרעס פון קארטעל.

און אלע טאג קומט ער.

אמת, ער זיצט אפילו אביסעלע צו פיעל אין קראם. אבער דאס שטערט נישט, אדרבה, הלואי וואלט ער גארנישט אוועקגעגאנגען. ווער עס קומט אריין, דערצעהלט די באלעבאסטע גלייך, אז דאס איז דעם ריכטער פארבשטיין'ס זוהן, דער מאהלער, דער קינסטלער, און ער, דער גרויסער קינסטלער זאגט אז אין דער גאנצער שטאדט קען ער נישט גע־פינען אזעלכע שעהנע, פראכטפאלע בלו־מען, ווי ביי איהר אין קראם..

חוץ דעם ברענגט ער אלע טאג אן אנדער פריינד, אן אנדער חבר.

אט איז ער נעכטען צוגעפאהרען מיט דער מאדאם קאן, די מיליאנערשע און מען האט געמאכט אן 'ארדער' אויף הונדערטער..

אה, יא, דזשאזעף פארבשטיין איז געווען זעהר אן אנגעלעגטער גאסט ביי דער קרעמערין און — אויך ביי מערי'ן.

חוץ דעם וואס אלע „ארדערס' זיינען דורכגעגאנגען דורך איהר ביכעל און זי האט געמיינט האפען אויף א גרעסערער הוספה, האט זי טאקע זיך אנגעהויבען צו פאראינטערעסירען אן אט דעם קינסט־לער.

— ער איז א גאר אנגענעהמער בחור

— האט זי געטראכט, קוקענדיג אויף איהם.

ער רעדט אזוי שעהן, זעהט אויס צו זיין גאר א גוטער. איז גוט געלערענט און האט נישט קיין איין מדה פון די אמעריקאנער ספארטס, וועלכע מערי האט נישט געקענט דולדען.

(פארזעצונג פאלגט)

# דר. טשלענאוו אלס קעמפפער און טרוימער

צו דעם צווייטען יאהרצייט

פון מ. כהן

פאראן 'קעמפפער' און פאראן „טרוי־מער".

„קעמפער' — דאס זענען מענשען, וועלכע גלויבען אז זיי האבען שוין גע־פונען דעם לעצטען „אמת'ן' אמת, און אין נאמען פון אט דעם אמת קעמפען זיי געגען דער „געגענווארט', געגען די באדינגונגען פון דער קאנקרעטער ווירק־ליכקייט, געגען דעם אינוועניגסטען 'עשקר', וואס איז אין זיי פארבארגען. אזעלכע קעמפער זענען פעסט איבער־צייגט, אז דער אמת, פאר וועלכען זיי שטרייטען, איז דער העכסטער, און ווען ער וועט פארווירקליכט ווערען אין לע־בען, וועט קומען דער איביגער פרידען אויף דער וועלט, און די מענשהייט וועט זיין אזוי געבענטשט און גליקליך, אז עס וועט שוין קיין ארט ניט זיין פאר ראדי־קאלע, רעוואלוציאנערע איבערקעהרונ־גען..

ווי טיעף מיר זאלען ניט אכטען און שעצען אזעלכע קעמפער פאר זייער קאמף געגען דער „צעפוילטער" ווירקליכקייט, מוזען מיר שטרייטען אויך געגען זיי פאר זייער גלויבען אין זייער איינציגען און לעצטען אמת. ווארום איבערדעם, וואס אזא גלויבען זאגט עדות אויף געד־דאנקען־באגרענעצקייט און גייסטיגער קורצזיכטיגקייט, ליגט אייגענטליך די איינציגע צופוילקייט פון דער „אפשטאר־בענדער געגענווארט' פון דעם פארגיי־ענדען „היינט" אויך אין יענעם גלויבען וועלכעס וואס וויל ניט אנערקענען קיין שום אנדערע רעליה, א חוץ זיינס, און וואס „פארמעסט זיך' איביג צו געוועלטיגען אויף דער וועלט. אזעלכע קעמפפער זע־נען שטענדיג שאוויניסטען, באגרענעצ־טע פאליטיקער, פעדאנטען, וועלכע זע־נען נישט פעהיג צו ענטוויקלונג און פארשריט און וואס אין זיי אליין, אין זייער אינערליכסטער פארגלייווערטקייט ליגט שוין זייער פסקדין, דער פסקדין, וואס פארמישפט זיי צום טויט און אונ־טערגאנג..

גאר פון אן אנדער שניט זענען די „טרוימער'.

דאס זיינען מענשען, געלייטערטע פון דעם באשעפער מיט אן „אידעאלער" און רייגער נשמה, וואס קענען ניט צו־פרידען זיין מיט קיין שום „ווירקליכ־קייט', מיט קיין 'געגענווארט' זייער נשמה שטרעבט שטענדיג נאך גראנדיע־זערען און שעהנערען, טרוימט וועגען אומענדליכער שעהנקייט און גערעכטיג־קייט, אזעלכע טרוימער, אידער זיי דער־גרייכען צו זעהן א העלפט פון זייער חלום רעאליזירט אין לעבען, ווערט שוין דער דאזיגער טרוים פריקרע, און זיי טראגען זיך שוין ארום מיט נייע חלומות, מיט נייע אידעאלען. אזעלכע טרוימער באשאפען וועלטען און צושטערען זיי, באשאפען און שטערען, זייער זעעל ווייס ניט פון רוה, איז קיין מאל ניט זאט, שטענדיג „באנייען' זיי, שטענדיג שא־פען זיי..

אזעלכע טרוימער, ווייל זיי גלויבען ניט פעסט אין קיין זאך, אין קיין אידע־אל, ווייל זיי בייטען אזוי אפט זייערע גלויבענס, זייערע אידעאלען, ווייל זיי האבען ניט קיין פעסטע איבערצייגונג און אויך אין דעם, פארוואס זיי שטהיי־טען וואס זיי ווילט זיך באשאפען — פארמאגען זיי ניט די אינוויינינגסטע, אויסגעשמידטע קראפט צו שטרייטען שטארק און לאנג פאר זייער טרוים גע־גען דער ביטערער און שווערהאפטער ווירקליכקייט. אויף א קליינער ווײלע „פלאקערען זיי אויף', האלטען מלחמה מיט אן אויסערסטער התלהבות פאר דעם אדער יענעם טרוים, אידעאל, — און באלד פארשווינדט דער חלום, לעשט זיך אויס דער הייליגער פייער. עס ווערט איי סקאמף, ס'ווערט ווייטער שטיל, ביז עס קומט די צייט פון א נייער התלהבות פאר א נייעם אריבערגעהענדען חלום.

ניט די טרוימער וועלען צושטערען די אלטע וועלט, און ניט די „קעמפער" וועלען אויסבויען א נייע וועלט. ווי די, אזוי יענע, האבען אינוויינינגסטע דעפעקטען, וואס מאכען זיי מסוגל צו גאנצער אר־בעט.

וועניג זענען פאראן אזעלכע גליקליכע

(שלוס אויף זייט 6)

# דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע'ס קאמיסיע קיין סאוועט רוסלאנד

די וויכטיגסטע געשעהעניש וואס מען האט געקענט ערווארטען אין דער הילפס ארבייט פאר די אידישע מלחמה געליטע־נע האט נעכטען פאסירט. די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע האט פון סטייט דעפארטמענט געקראגען א אפיציעלע ער־לויבניש צו שיקען קיין סאוועט רוסלאנד איהר אוקראינישע קאמיסיע, וואס באר־שטעהט פון פראפעסאר איזראעל פריד־לאנדער, מאקס פיין, ריכטער הערי פי־שער פון שיקאגא און מארדים קאהן פון פילאדעלפיא. דאס וועט זיין די ערשטע אמעריקאנער קאמיסיע, וואס קומט אריין קיין רוסלאנד זינט עס איז איינגעפיהרט געווארען די הערשאפט פון דער סאוויע־טען רעגיערונג.

די ערלויבניש גופא, אזוי אויך די בא־דינגונגען, אויף וועלכע די ערלויבניש איז געגעבען געווארען, איז געקומען אין א בריעף פון אונטער סעקרעטער אוו סטייט פריינק ל. פאלק צו מר. לואי מארשאל, וועלכער האט זיך ווענען דער ערלויב־ניש געווענדעט אין נאמען פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע. די באדינגונגען זיינען:

1) דער צוועק פון דער קאמיסיע זאל זיין בלויז צו געבען הילף צו די ליידענ־דע און זיי טארען נישט נעהמען מיט זיך קיינע זאכען, וועלכע זאלען קענען גע־נוצט ווערען פאר מיליטערישען געברויך, אין פאל אז זיי וועלען פארהאלטען ווע־רען.

2) אזוי ווי די רעגיערונג פון די פאר־איינגטע שטאאטען האט נישט קיין פארשטעהער אין דער באטרעפענדער טע־ריטאריע און האט נישט קיינע באציהונ־גען מיט יענע, וועלכע זיינען דארטען אין קאנטראל, וועט זי דעריבער אויך נישט קענען געבען קיין שוץ צו דער קא־מיסיע. אויב די קאמיסיע געהט זאל זי עס טהאן אויף איהר אייגענער ריזיק און קומען מיט דער לאקאלער מאכט אין אזעלכע פארשטענדיגונגען, וואס זאל אין קיין פאל נישט אריינמישען די רע־גירונג פון די פאראייניגטע שטאאטען.

אין אלגעמיין — שרייבט מר. פאלק ווייטער — מוז פארשטאנען ווערען, אז עס איז דער וואונש פון סטייט דעפארט־מענט צו פארלייכטערען די פארטיילונג פון הילף אין סאוועט רוסלאנד צו אונ־שולדיגע ליידענדע. עס איז אבער נויטיג אנצונעהמען אלע מעגליכע פארזיכטס־מיטלען, אז די מאטעריאלען, וועלכע ווע־לען אריינגעבראכט ווערען, זאלען נישט ווערען מיסגעברויכט".

די באמיהונגען פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע צו קריגען די וויכטיגע ערלויבניש, ווי אויך די אויס־פארשונג וועגען דעם, אויב די קאמיסיע וועט קענען אריינקומען אין סאוועט־רוסלאנד, האלטען שוין אן איינגע וואכען. אין זיין בריעף צום סטייט דעפארט־מענט, אין וועלכען ער האט זיך געווענ־דעט וועגען דער ערלויבניש, האט מר. לואי מארשאל אנגעוויזען אויף די שרעק־ליכע באריכטען, וואס קומען פון אוקרא־אינא און געזאגט צווישען אנדערעס:

„נישט נאר וואס טויזענדער אידען זיינען אומגעקומען פון די שחיטות, אבער הונגער און טיפוס בושעווען אזוי, אז עס מוז קומען צו א אומבארעכנטער קאטאסטראפע, אויב עס וועט נישט גע־פונען ווערען קיין וועג, ווי אזוי מען זאל קענען גלייך אריינברענגען אהין מעדי־צין און שפייז און פארטיילען עס צווי־שען די ליידענדע".

די ידיעה וועגען דעם, אז די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע האט געקראגען די ערלויבניש, איז שוין טעלעגראפירט געווארען צו די מיטגליעדער פון דער קא־מיסיע, וועלכע געפינען זיך איצט אין ווארשא. זיי וועלען גלייך אנהויבען די השתדלות וועגען דעם, אז די סאוועט רע־גירונג זאל זיי ערלויבען אריינצוקומען אין לאנד און באזארגען מיט דער נויטי־גער שוץ. אויף וויפיעל די דזשאינט דיס־טריביושאן קאמיטע דא גלויבט, וועט די סאוועט רעגירונג נישט האבען לאנגען אז די קאמיסיע וואס באצוועקט צו טאן בלויז הילפס ארבייט, זאל קענען אריינ־קומען אין לאנד, און מען ערווארט אין קורצען צו הערען דא די נאכריכט, אז די מיטגליעדער פון דער קאמיסיע זענען אפגעפאהרען און אז זיי האבען פון דער סאוועט רעגירונג די נויטיגע גאראנ־טיעס.

די ידיעה וועגען דער ערלויבניש אריינצוקומען קיין סאוועט רוסלאנד איז אין די קרייזען פון דער דזשאינט דיסט־ריביושאן קאמיטע אויפגענומען געווא־רען מיט פרי דאון ערנסט. „רוסלאנד איז געוועזען די איינציגע שטערונג צו פאר־שפרייטען די הילף פון די אמעריקאנער אידען צו די אידען פון אלע מלחמה לענ־דער — האט נעכטען ערקלערט פעליקס מ. ווארבורג, דער טשערמאן פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע — און מיר האפען, אז דאס אריינקומען פון אונ־זער קאמיסיע קיין רוסלאנד וועט זיין דער ערשטער שריט צו דעם, אז דאס גרויסע רוסלאנד מיט איהרע מיליאנען אידען זאל זיך ויעדער עפענען פאר אונ־זער הילפס ארבייט. דער צוועק פון דער קאמיסיע איז אויסצופארשען די לאגע און ברענגען אזוי פיעל הילף וויפיעל עס איז נאך מעגליך און דאבי האבען אונ־זערע פארשטעהער געקראגען אינסטרוק־ציעס אויסצומיידען יעדען שריט, וואס קען אויסגענוצט ווערען אויף א פא־ליטישען אופן. פארשטעהט זיך, אז דיא עפענונג פון רוסלאנד פאר אונזער הילפס ארבייט וועט פארלאנגען גרעסערע סומען און גרעסערע אנשטרענגונג פון אונז אלע מען, אבער די אמעריקאנער אידען ווי־סען, וואס זייערע ברידער אין רוסלאנד ערווארטען פון זיי, און מיר האפען, אז מיר וועלען נישט האבען קיינע שטערונ־גען אין זאמלען דא אין אמעריקע יענע גרויסע סומען וואס זיינען נויטיג צו רא־טעווען אונזערע ברידער אין אוקראינא און סאוועט רוסלאנד פון זייער שרעקלי־כער לאגע.

מר. ווארבורג דארף אויך אבהאלטען א קאנפערענץ מיט די פארשטעהער פון אמעריקאנער רויטען קרייץ און אנדערע הילפס ארגאניזאציעס, כדי צו ברענגען צו א גרויסער קאאפעראציע אין דער גרוי־סער הילפס ארבייט, וואס דארף זיך ערשט אנהויבען אין רוסלאנד.

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד

מעין אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.


## ליעבע און מוטער־געפיהלען

פון ב. י. ג—ן

1.

קען עס מעגליך זיין, אז אן עדעלע און אינטעליגענטע פרוי זאל ער־מארדען איהר קינד אויף א מורא'דיגען אופן, כדי דורכדעם צו געווינען די ליעבע פון איהר מאן?

איך וועל נישט אורטיילען פריהער.

איך וועל דעם ענטפער אויף דער געשטעלטער פראגע נישט ארויס־זאגען.

לאמיר פריהער וויסען די פאקטען און די פאקטען, ווי זיי זיינען גע־וועו איבערגעגעבען אין די צייטונגען, זיינען ווי פאלגט.

אין אטלאנטיק סיטי האט דאס פאסירט.

א פרוי אבט און דרייסיג יאהר אלט ערקלעהרט, אז פרייטאג, דעם 12טען דעצעמבער פיינאכט זיינען איהר באפאלען צוויי נעגערס און האבען געקידנעפט איהר 6 יעהריגען אינגעל דושיימס. די פאליציי זאגט, אז די פרוי אליין האט אריינגעווארפען איהר קינד אין ים. די פאליציי גלויבט אז זי האט עס געטאן אים פארצווייפלונג וואס זי קען נישט צוריקגעווינען די ליעבע פון איהר מאן, פון וועמען זי איז געווען אפגעזונדערט פאר די לעצטע פיער יאהר.

דעם קינד'ס קערפער איז געפונען געווארען ביים ברעג ים, פיער בלאק פון דעם וואנטנאר פיער, דעק פלאץ וואו מרס. בלעיק האט ערקלעהרט אז עס איז אטאקירט געווארען.

באלד נאכדעם ווי דעם קינד'ס קערפער איז געפונען געווארען ביים ברעג ים איז מרס. בלעיק אפיציעל אנגעקלאגט געווארען אין מארד און זי איז אפגעפיהרט געווארען פון איהר היים אלס פריזאנער נאך דעם אטלאנ־טיק סיטי האספיטאל.

מרס. בלעיק האט קאלטבלוטיג אויסגעהערט דעם ווארענט און האט נים ארויסגעוויזען קיין שום איבעררא'שונג. ווען דער טשיעף אף פאלים האט פארגעלעזען דעם ווארענט באשולדיגענדיג זי אין דעם מארד פון איהר קינד.

ווען מען האט געפרעגט דעם טשיעף אף פאלים וואס ער דענקט וועגען מרס. בלעיק'ס „קידנעפינג" געשיכטע, האט ער ערקלעהרט אז זי האט דערצעהלט אזוי פיעל פארשידענע מעשיות, אז מען קען קיינע נים גלוי־בען. זי איז געווען אין א זעהר נע רוועזען צושטאנד און זיך געפונען די ערשטע טעג אונטער דער אויפזיכט פון א דאקטאר.

דער טשיעף אף פאלים האט שפעטער מיט א נאג געהאט א קאנפע־רענץ מיט מר. בלעיק אבער קיינער ווייס נים וואס עס איז פארגעקומען אויף דער קאנפערענץ. בלעיק האט זיך אנטזאגט צו ענטפערען פראגען. ער האט בלויז ערקלעהרט אז מרס. בלעיק ליידעט פון שטארקע נערוועזע־שע אנפעלע פאר די לעצטע זעקס יאהר.

ווען מרס. בלעיק איז צוערשט געבראכט געווארען אין האספיטאל אלס פריזאנער, האט זי ארויסגעצייגט גרויס ביטערקייט קעגען טשיעף אף פאלים פאר באשולדיגען איהר אין דעם טויט פון איהר קינד. נאכדעם האט זי אנגעהויבען צו קלאגען, אז זי וויל שטארבען, אז זי האט שוין מעהר נים פאר וואס צו לעבען. זי האט געהאלטען אין איין וויינען און קלאגען אז זי וועט עס נים אריבערטראגען.

דער טשיעף אף פאלים באהויפטעט, אז מרס. בלעיק האט נים אריינ־געווארפען איהר קינד אין ים אים נקמה נאר אים ארויסצירופען סימפאטיע פון איהר מאן, גלייבענדיג אז זי וועט איהר מאנ'ס ליעבע אין צוטרויען גע־ווינען דורך דעם מיטעל.

ווען מען האט איהר מאן אויסגעפרעגט אין פאליציי הויז איז עס גע־ווען מיט'ן צוועק אויסצוגעפינען ביי איהם די חשדנות וואס זיין ווייב באזיצט.

בלעיק האט אבער נים געמאכט קיין שום שלעכטע באמערקונג וועגען זיין פרוי. ער האט בלויז ערקלעהרט אז זי האט איהם געהאלטען אין איין נאכפאלגען פון פלאץ צו פלאץ און האט אימער באוויזען צו געפינען א וואהנונג נים ווייט פון איהם. ער האט ערקלעהרט אז זי פלעגט עס מאן, ווייל זי האט זעהר ליעב געהאט די קינדער.

נאכדעם ווי זי האט דערקלעהרט אז מען האט איהר קינד געקידנעפט, האט די פאליציי ארומגעזוכט דאס אינגעל א גאנצע נאכט.

א געוויסער סעמיועל בלעיר, וועלכער האט שפאצירט ביים ברעג ים האט באמערקט ארומשווימענדיג ביים ברעג א אינגעל. ווען מען האט דעם אינגעל ארויסגעצויגען, האט מען געזעהן אז ער איז צו'נהרג'עט, צו־שלאגען.

ווען בלעיק האט דערזעהן זיין קינד'ס טויטען קערפער האט ער זיך שטארק פאנאנדערגעוויינט. ווען דער טשיעף אף פאלים און דעטעקטיווס זיינען געקומען צו מרס. בלעיק האבען זיי איהר געפונען ליגענדיג אין בעט פיל געקלייקעט. זי איז נים געווען אזוי היסטעריש ווי פאריגע נאכט, אבער איז געווען זעהר נערוועז. די נייעס אז איהר קינד'ס קערפער איז געפונען געווארען האט זי געקראגען ווען זי איז שוין געווען אין האספי־טאל און באלד נאכדעם איז פארגעלעזען געווארען דער ווארענט, באשול־דיגענדיג זי אין ערמארדען איהר קינד.

מר. און מרס. בלעיק האבען געוואוינט אין פילאדעלפיא איידער זיי האבען זיך געשיידט.

שפעטער איז צעשיקט געווארען פון אטלאנטיק סיטי די פארטועצונג פון די סענזאציאנעלע נייעס. עס איז דערצעהלט געווארען, אז מרס. בלעיק האט פאלגענדע שבועה געגעבען:

„איך שווער פאר גאט אז איך האב נים געטויטעט מיין קינד. ער איז געקידנעפט געווארען, ווי איך האב ערקלעהרט".

מיט דיזע ווערטער האט מרס. בלעיק וועלכע ווערט באשולדיגט אין אריינווארפען איהר קינד אין ים, ווידער געלייקענט איהר שולד אין דעם קינד'ס טויט. די פאליציי האט זיך אבער געהאלטען פעסט אז זי האט איהר אינגעל דערטרונקען, גלייבענדיג אז זי וועט דורכדעם צוריקגעווינען די ליעבע פון איהר מאן, פון וועמען זי איז געשיידט פאר די לעצטע פיער יאהר.

עס איז גאנץ מעגליך אז מרס. בלעיק וועט אין גאנצען נים פראצע־סירט ווערען. זי איז יעצט אונטער ארעסט.

און ווי ס'הייבט אין אזעלכע פעלע איז דער פארברעכער געריהרט פון זינען. קיין קלאהרער מענש וועט דאך נישט אריינווארפען אין ים אן אייגען קינד. מסתמא איז דער פארברעכער משוגע.

א דאקטאר (סאודער) האט אונ טערזוכט די מרס. בלעיק און אויסגע־

---

פוגען, אז זי איז נישט ביים פולען פארשטאנד; אז זי האט אפטמאל געליטען פון נערוועזיטעט. איבערהויפט פון זינט זי איז געשיעדען (סעפערייטעד) פון איהר מאן.

שפעטער האט מען זיך דערוואוסט, אז דושיימס, דאס דערטרונקענע אינגעל, איז געווען א שטומער, דאס האט פארשטארקט די באשולדיגונג.

סאודער האט ערקלעהרט אז מרס. בלעיק האט געגלויבט, אז איהר מאן דערווייטערט זיך פון איהר דערפאר וואס דאס אינגעל איז געווען א שטומער און האט דארום געגלויבט אז דאס קינד איז איהר און וועג פאר צוריק צו געווינען איהר מאנ'ס ליעבע. דער טשיעף אף פאלים איז גע־ווען איינשטימיג מיט דיזער באהויפטונג.

## קושען

פון א. ס.-ימאן

ס'וועט דער וואוט פון טייפעל'ס ווילדקייט
אין דעם דראנג, וואו שווערדען קלינגלען —
מעהר דעם קלאנג, פון מיינע קישען,
קיינמאל, קיינמאל, פרעך פארשלינגען...

און א נאכט פון דיקען שאטען,
וועל איך קישען, קישען טינקען
און ווי גינגאלד, שטערען, שטראלען
וועלען מינגלען, הארצענס פינקען...
און אויף דיינע ליפען — קינד מיינס,
וועל איך קישען, — זינגען צינדען
און אין שאטענ — זאנפטע קישען
וועט א טרום זיין צער דערלינדען!

און ווי טייוער בריצען — שפיזען
אויף דעם פרוך פון ימים הוואליעס,
וועל איך פאנגען מיין געליעבטען —
קישען, קישען, שענקען אלעס...
איך וועל קישען פייערצונגען
צו דעם הימעלס פליען עמהער
און די פלאמען וועלען וועקען
יונגע הערצער, נייע געטער...

און אין שיט פון קושענפייער
וועלען קוישען, נאלען, קלינגען.
און א באר פון נייע קינדער
וועלען נייע לידער זינגען.

ס'וועט דער וואוט פון טייפעל'ס ווילדקייט
אין דעם דראנג, וואו שווערדען קלינגען
מעהר דעם קלאנג פון מיינע קישען
קיינמאל, קיינמאל, פרעך פארשלינגען...

## ת"ה אין אוקלאנד א ריזיגער ערפאלג

שלוס פון זייט 1

אוועקגעריסען פון זיך און ער בלאנד־זשעט ארום אין א פרעמדער וועלט, אין וועלכער ער קען זיך נים פאלקאם איינ־פאסען. די טראגעדיע פון דעם אמערי־קאניש - ערצויגענעם אידישען יונגען־מאן, איז וואס ער קען נים ווערען קיין פאלשטענדיגער אמעריקאנער, ווייל טיעף אין זיין בלוט טראגט ער כאראקטעריס־טיקס גאנץ פארשידען פון די אמת'ע אמעריקאנישע. דער רעזולטאט איז און ער איז נים קיין אמעריקאנער און נים קיין איד. ער איז א האלבער אמעריקאנער און א האלבער גארנישט".

און ווען מר. חני האט אויסגעשרי־ען: „איהר קענט גיט אייערע אייגענע קינדער", האט זיך געפיהלט, אז הער־צער זיינען געווארען צעוואהוימט און מתות האבען באגריפען דעם ביטערען אמת.

דער רעדנער איז צוגעטראטען צו עקר הענין און האט געפרעגט: ווער גיט די ערשטע גרויסע סומע אלס התחלה פאר דעם 50 טויזענד דאלאר פאנד וואס איז נויטיג צו בויען א תלמוד־תורה אין אוקלאנד האבען זיך גענומען שיטען הונ דערטער דאלארס און אין א קאה־צער האלבער שטונדע איז געשאפען געווארען די סומע פון $2,853.00

פאלגענדע זיינען די מנדבים:

מר. סלאמאוויטש — — — — $300

### צו הונדערט דאלאר

סעם לינדענבוים; בן שורין, מיס בע־לא ריטין; מר. רעי, מרס סאלאווער; מר. זעליגסאן; עמער בייקינג קאמפ; מר. ווילענסקי; מר סאלאוועי;

### צו 50 דאלאר

מר. קוועל; מר. א. שורין; מר. מ. שולמאן; מר. בעלינסקי, מר. קארפ; מר. דייווידסאן; מר גליסט; מר סעם קאהן; 100 דעלמאר סטריט; מר. שלום פיינ־מאן; מר. סולקין; מר. מעדאון; מר. פעלד־מאן; מר. ראזענפעלד; מר. סעם בארין; מר. בייקער; מר. בעלינקי

### צו 25 דאלאר

מר. קאבאטסקי; מר. קורצמאן; מר. סעם קאהן, גודווין סטריט; מר. ליעבער־מאן; לעווין בעקערי; מר. פאלעק; מר. טאר גאוון; מר טושמאן; מר. בראשנא, מר. מענדעל אקסעלראד; פיינמאן שוב; הען דושייקאב; מר. ליפשיץ, מר. פעלצערס־קין; מר. דינקין; מר ווינטרויב; מר. פינ קעלשטיין; מר פ. גארעליק; מר. גלאנץ, מר. א. לעווין; מר. לאפידוס; מר. הא ניגמאן ראסעל סטריט מר. קאמין; מר. האניגמאן, האלברוק סטריט, מר. סאראס מר פרידמאן;

### צו 15 דאלאר

מר. בען; מר. רודמאן,

### צו 10 דאלאר

מר עקסעל; מר גאלדענבערג; מר. אי־לינסקי; מר. לאזאראוו; מר. הארוויטש. 44 קארדאו סט.; רחל שניידער; רב חיר וויטש, מר. ראבינאוויטש, 620 קעמראן סטריט; מרס שעפקין; מרס יארעסלאוו, מרס. ליוואי, 649 קעמראן סט.; מרס. וואים מילער, 29 דעלמאר

### צו 5 דאלאר

מרס. קינסבורסקי; מרס גאלדמאן; מר. דורין; מר. קליין; מרס. גאלעסניק

### צו 2 דאלאר

מר ביגעלמאן; מרס. לאנג; מר. סעם סאלאוועי; מר ריטין; מרס. בארדין; מרס פיטאשניק; מר. פאלאק;

### צו 1 דאלאר

סיליע שורין; יוסף קאהן; מיס פיינ־מאן ניוסטאט; מרס. קורצמאן; מיס שור ריץ, מרס. גלעס; מרס. פערטיל; מרס. וויסמאן; מרס. פאלישוק; משה קאין, אהן א נאמען.

די מעהרסטע קלענערע ביישטייערונ־גען ווי צו $1 און $2 זיינען צוגעטראגען געווארען פון קליינע קינדער

נאך דער געלד־זאמלונג האט גע־קראגען דאס ווארט רבי איישישקין, און נאך א גייסטרייכע רעדע איז געקומען. ער האט מיט פרייד באגריסט און גע־בענשט דעם קליינעם עולם, וואס האט ארויסגעוויזען אזא ברייט־הארציגקייט און אויסגעדריקט דעם געדאנק, אז צווי־שען אמעריקאנער אידען געהט אן פאר די לעצטע עטליכע יאהר א גייסטיגע אויפלעבונג, ער האט געשילדערט, ווי אזוי אין די נויארקער ישיבות ווערען אידישע קינדער ערצויגען אלס גע־בילדעטע מענשען און געבילדעטע אידען ער האט, זאגט ער, אין יענע ישיבות גע־טראפען אמעריקאניש געבוירענע יונגע לייט, וואס זיינען קלאהר אין ש"ס ופוסקים און באזיצען אין דער זעלבער צייט אן אוניווערזיטעט בילדונג.

רבי איישישקין האט אגיטירט, אז אין אוקלאנדער תלמוד תורה, וועלכע וועט זיכער אין גיכען געבויט ווערען זאל אנגענומען ווערען די פאראקיאל סיס־טעם, וועלכע ווערט פראקטיצירט פון די נויארקער ישיבות און וועלכע איז לעצ טענס אנגענומען געווארען פון דער וויל קינס סטריט תלמוד־תורה, אום די קינ־דער זאלען זייער־סקוהל בילדונג קריגען אין תלמוד תורה גופא און נים דארפען לויפען פון פאבליק סקוהל אין תלמוד תורה אריין.

רבי איישישקין האט אויך אפע־לירט צו די אנוועזענדע פרויען זיי זא־לען גרינדען א לידיעס עקזילערי צו ארבייטען פאר דעם תלמוד־תורה בנין אין אוקלאנד, און אז־דער אפיעל האט גע מאכט די געווינשטע ווירקונג איז צו זעהן פון דעם פאקט, וואס עס האט אין גאנ־צען גענומען 10 מינוט און איינע א מרס. א. סאלי האט שוין געהאט ארומגעקלי־בען אלע פרויען ארום זיך און האט אנאנ־סירט, אז א לייקיעס עקזילערי איז פאק־טיש געגרינדעט

מיט א מערקווירדיגער באגייסטע־רונג האט זיך דער מיטינג געשלאסען און עס איז קיין ברעקעל ספק נים געבליבען, אז אין גיכען וועט אוקלאנד האבען א תלמוד־תורה מיט וועלכער אלע דעטראי־טער אידען וועלען מעגען שטאלצירען.

אין גיכען וועלען קאמיטעס ארויס־געהן באזוכען אלע אידען פון אוקלאנד און וועלען געבעטען ווערען בייצושטיי־ערען זייער טייל פאר דער תלמוד־תורה.

## ד"ר. טשלענאוו

שלוס פון זייט 5

בע, וואס האבען זוכה געווען צום קאמף און טרוים צוזאמען, וואס פארמאגען די גרויסע אינגוויינגסטע קראפט צו זיין ווי צווישען די צושטערער פון'ם אלטען, אזוי אויך צווישען די בויער פונ'ם נייעם. די לעצטע אין גלות און די ערשטע צו גאולה. אזעלכע גליקליכע זענען אויס־נאהמים נאטורען, און צו זיי געהערט אויך דער־יבער טשלענאוו.

טשלענאוו איז געווען א טרוימער. קיין מאל איז ער נים פארגליווערט געווארען אויף איין טויטען פונקט. שטענדיג איז ער געגאנגען פאראויס, שטענדיג עוואלו־ציאנירט. זיין געדאנק, זיין אנשוואונגס־קראפט האט שטענדיג געארבעט, א מיי־נונג נים געהיט. דארום איז ער שטענ־דיג געגאנגען מיט'ן שטראם פון נייעם לעבען, קיין מאל נים געבליבען „אויסערן לאגער". ער האט אין זיך געניג קראפט און מיט געהאט זיך זעלבסט צו קריטי־קירען, זיך זעלבסט גיבר צו זיין, גריבלען זיך און זוכען אלץ נייע אידעאלען, נייע וועגען. דערפאר האט זיך זיין ציוניזם שטענדיג ענטוויקעלט, שטענדיג עוואלו־ציאנירט, כסדר אריינגענומען נייע עלע־מענטען. דער געפיהל פון קליינליכער צופרידענהייט מיט זיך אליין, מיט זיין אייגענער אידעען־וועלט — איז איהם פרעמד געווען, פארקערט, ער האט שטענדיג געצווייפעלט, שטענדיג גע־פריפט און אויסגעפארשט און שטענדיג עטוואס נייעס געפונען. ניטא אין זיין לע־בען קיין איין תקופה אהן א נייעם אויפ־טו. דערפאר איז טשלענאוו קיינמאל נים אלט געווארען. זיינע חלומות האבען שטענדיג באקומען א נייעם אינהאלט אין יבבם מיט דער צייט. ער איז געווען א קעמפער טרוימער, וואס האט קיינמאל נים געהויבט, אז ער האט דעם שפיץ דערגרייכט, אז ער איז געקומען צום אב־סאלוטען אמת. דעריין ליגט דער סוד פון זיין גרויסקייט, דערפאר איז ער געשטא־נען אן דער שפיץ פון דער באוועגונג ביי אלע פארשיידענע ענדערונגען אין ציוניס־טישען לעבען.

און עס קען זיין, אז אין א געוויסער מאס האט ער מיטגעווירקט די דאזיגע ענדערונגען, אפשר אויך זייער באשאפע־נעווען.

אבער צוזאמען מיט דעם איז טשלע־נאוו א מוטיגער און שטארקער קעמפער געווען, אין א משך פון זעקס און דרייסיג יאהר איז ער אין די ערשטע רייהען געשטאנען און געקעמפט געגען די קליינ־ליכקייטען און לעבערליבקייטען פון אונ־זער גלות־לעבען, מיט טיעפען ברענג־דיגען גלויבען, פול מיט צארן און שטאלץ איז ער ארויסגעטראטען געגען יעדען וואס האט געוואלט אנרירען און אנגרייפען די אמונה אין גאולה און אויפלעבונג. גע־קעמפט האט טשלענאוו און געטרוימט, געטרוימט און געקעמפט און ווי א קעמפער העלדיש אויף זיין פאסט גע־פאלען.

ווער געדענקט עס נים דעם ליעבהאר־ציגען, גוטמוטיגען, שטילען טשלענאוו, מיט זיינע סימפאטישע מאנערען, מיט זיין מילדער שפראך, וואס האט אזוי גע־ווירקט אויף יעדען מיט וועמען ער איז אין באריהרונג געקומען.

אבער ווער געדענקט אויך נים טשלע־נאוו'ן דעם בייזען הארטען קעמפער, וואס האט נים געשאינט זיינע געגנער וואס זיין פארקער מיט מענשען זיין אפ־שאצונג פון לעבען איז דורכגעדרונגען גע־ווען מיט שטרענגען משפט און שטאר־קער קריטיק, איז ער דען אפט נים גע־ווען פא ראנז דער סימוואל פון העל־דישקייט, ענערגיע, איבערגעבענקייט און גלויבען? יא, וועניג איז די צאהל גריק־ליכע, אין וועלכע ס'זענען פאראייניגט די שעהנקייט פון טרוים מיט דער שטאר־קייט פון קאמפף — און איינער פון זיי איז געווען טשלענאוו.

ער איז געווען גלייכצייטיג אי א קעמפפער, אי א טרוימער...

(„פאר'ן פאלק" — מינסק)

## רבי איישישקין וועגען היברו האספיטאל

דער „יזכר" זאגען „אחרון של פסח" אין „צית דוד" שוהל, איז געווען איינ־דרוקספאל, עס זיינען געבראכט געווא־רען, די „יתומים און יתומות, פון דעם „בית יתומים", אין שוהל צום יזכור זא־גען, אין באגלייטונג פון די דירעקטארען פון „בית יתומים", הרב איישישקין האט אין זיין רעדע דערמאנט, אז אין דיזען „יזכור" זאגען, זיינען צוגעקומען פיעל יזכור זאגער, די יתומים און יתומות פון דעם בית יתומים וואס איז געעפענט גע־ווארען מיט איניגע מאנאטען צוריק, און ווידער זיינען צוגעקומען יזכור זאגער וועלכע האבען יעצט ערהאלטען לעטערס מיט שלעכטע נאכריכטען פון זייער אר־טער היים, אז זייערע עלטערן, זיינען שוין מעהר ניטא בעולם החיים.

דער רב האט אפעלירט, אז מען זאל מקיים זיין, וואס מען זאגט אין יזכור „בעבור שאני נודר לצדקה", בע־טען פאר זייערע נשמות און געבען צדקה, אין אהן צווייפעל די שעהנסטע בלומען געלעגט אויף זייערע קברים. ער האט דער־מאנט אז אזוי ווי עס איז אויפגעשטעלט געווארען א „בית יתומים" וועלכער איז אן עהרע פיר דער היגער שטאדט, די יתומים און יתומות ווערען ערצויגען אין דעם אידישען גייסט, אזוי אויך מוז און עס איז זעהר נויטיג, אויפצובויען א אידישען האספיטאל, אזוי ווי דער „בית ישראל האספיטאל" אין ניו־יארק און נאך אזעלכע, ער זאל זיין א שטאלץ און אן עהרע פיר דעם אידישען רייכען פובלי־קום אין דעטראיט.

ער האט אפעלירט אז מען זאל ווע־רען מעמבערס אין דעם „היברו האספי־טאל אסאסיאיישאן", מען זאל זיך אנ־שליסען און ווערען מיטגלידער און אר־בייטער, ביז יעצט איז די באוועגונג פון אידישען האספיטאל געווען שטיל, פאראליזירט, איבער די שלעכטע אלגע־מיינע אומשטענדען, נור יעצט, באדארף מען אנהויבען טאן גוטע ארבייט. דעטר־ראיטער אידישע באפעלקערונג איז גרויס, און אלע שיכטען פון פאלק מוז־זען מיט פעראייניגטע קרעפטען, ארביי־טען פיר אזא וויכטיגען אנשטאלט, ווי א אידישען כשר'ן האספיטאל.

### רעזאלושאן פון דער היברו האספיטאל אסאסיאיישאן

נעהמענדיג אין אנבעטראכט: דאס מר. מארקוס קאטץ, אלס א ביזנעסמאן האט אבגעגעבען זיין ווערטהפאלע צייט פאר דער בעוועגונג צו בויען א אידישען האספיטאל.

נאכדעם ווי צוויי פרעזידענטען הא־בען האבען אונטערזוכט די פינאנז ביכער און האבען איינגעפונען דאס ער האט זיין אמט אלס פינאנץ סעק. גע־פיהרט טהעטיג און ערליך.

זיי עס בעשלאסען צו פערעפענטלי־כען דורך דער פרעסע די אנערקענונג און דאנקבארקייט פאר זיין טהעטיגקייט און מיר ווינשען מר. קאטץ ערפאלג און אלע זיינע אונטערנעהמונגען.

היברו האספיטאל אסאסיאיישאן

פעטטינגער, ה. ספיוואק

פרעס קאמיטע.

The only Jewish Paper Printed in Michigan

# דער וועג
The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

Published Daily by DER WEG PUBLISHING CO.

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. 779 authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. | DETROIT, MICH., Wednesday, April 14th 1920 Vol. 2, No 52 | מיטוואך אפריל 14, 1920

# ווילסאן רופט קאבינעט-מיטינג דיסקוטירען סטרייק

## קאוזענס וויל דורכפיהרען געזעץ געגען הויכע רענט

מעיאר קאוזענס האט געבעטען אויפגענומען די קריטישע לאגע, וואס איז פאראורזאכט געווארען איבער גאנץ שטאדט דורך הויכע רענט.

ערשיינענדיג פאר'ן קאנסיל, האט ער פארלאנגט, דאס מ'זאל באטראכטען די ראטזאמקייט פון בעטען גאווערנאר סליפער, דאס ער זאל פאררופען א ספעציעלע סעסיע פון דער לעדזשיסלייטשור כדי דורכצופיהרען אנטי-רענט פראפיטירונג געזעץ, ווי ס'איז אנגענומען געווארען פון דער ניו-יארקער אסעמבלי. ער האט אויך געבעטען דעם קאנסיל אויסצוהערען איינינע פון די אונגעהערטע פאלען וועגען געהעכערטע רענט.

פאר די לעצטע פאר וואכען איז דעם מעיאר'ס אפיס געווען איינפאך באפאלען פון פארצווייפעלטע טענענטס, וועמען די לענדלארדס האבען געדראהט ארויסצואווארפען פון די וואוינונגען צוליעב זייער ניט אימשטאנד צו זיין צו באצאהלען די געפאדערטע הויכע רענט, און ניט קענענדיג געפינען קיין דירות קומט זיי אויס צו וואלגערן זיך אויף די גאסען. די פאסט פלעגט פאר די לעצטע צייט ברענגען צום מעיאר נאך פיעל מיער בריעף וועגען דעם דאזיגען ענין, ווי פערזענליכע באזוכען.

„די לאגע איז קריטיש — האט מר. קאוזענס געזאגט — און דער קארפאריישאן לאיער זאגט מיר, דאס לויט די עקזיסטירענדע געזעצען, זענען מיר הילפלאז אין אונזערע פארזוכען צו פארבעסערען די לאגע. מר. גרעזבוק, דער אטארני-דזשענעראל, האט מיר געראטען, דאס מיר זאלען פארלאנגען א ספעציעלע סעסיע פון דער לעדזשיסלייטשור, כדי דורכצופיהרען אזעלכע געזעצען“.

„אין דער צייט, וואס איהר וועט באטראכטען די פראגע פון בעטען א ספעציעלע סעסיע — האט דער מעיאר פארגעזעצט — וואלט איהר געקענט אויסהערען פאלען פון אומ'רחמנות'דיגער רענט פראפיטירונג. אפשר, וועט די עפענטליכקייט נויטען די רענט פראפיטירער צו ווערען אנשטענדיגער“.

דער קאנסיל האט באשלאסען אויף היינט, מיטוואך, צו מאכען אן עפענטליכען פארהער, וואו לענדלארדס און טענענטס וועלען פארברענגען זייערע טענות. זיי וועלען דאן אויך באטראכטען, צי עס איז ראטזאם צו איינרופען א ספעציעלע סעסיע אנצונעהמען געזעצען געגען רענט פראפיטירונג.

דער מעיאר האט דאן פארגעלעזען אלס ביישפיעל א בריעף פון א מוטער פון 4 קינדער, וועלכע קלאגט זיך, דאס זי קען ניט קריגען קיין פלעט.

דער בריעף לעזט זיך ווי פאלגט:

„איך באאונרוהיג אייך ווידער, אבער איך בין פשוט פארצווייפעלט און איך ווייס ניט צו וועמען זיך צו ווענדען. איך קען ניט געפינען קיין הויז, אדער א פלעט. לעצטען דאנערשטאג האט מיך מיין לענדלארד גערופען אין געריכט און דער ריכטער האט מיר געגעבען צייט ביז מאי ארויסצוציהען זיך. איך האב איהם דערציהלט, ווי אזוי איך בין געגאנגען פאר מיילען אין בלאטע איבערלאזענדיג מיינע 4 קליינע קינדער מיט מיינע שכנים, און קיין הויז האב איך נאך אלץ ניט. איך האב דעם ריכטער געפרעגט, צי ער וועט מיך אויף דער גאס ארויסווארפען, האט ער געענטפערט, אז דאס געזעץ הייסט עס. דער ריכטער האט מיר געזאגט, דאס פיעל הונדערטע פאמיליעס געפינען זיך אין מיינע לאגע — און דאס איז א פריי לאנד, גאט ווייס וואס פון אונז וועט ווערען, אויב ס'זאל עפעס פאר אונז ניט געטאן ווערען.

„איך האב זיך זעהר געשעמט צו ערשיינען אין געריכט, — דעם ערשטען מאל אין מיין לעבען. איך קען מעהר פון $35 א מאנאט ניט צאהלען, ווייל מיין מאן פארדיענט ניט מעהר פון 60 סענט א שטונדע.

„איך בין פארצווייפעלט, האפענדיג, דאס איהר וועט ניט פארלאזען אונז, דאנק איך אייך

מרס. לעסטער פּיורי, 1026 איסט לאון עוו.

געבעטען פריה איז דעם פראסעקיוטאר'ס אפיס געווען איבערגעפאקט פון מענער און פרויען, וועלכע האבען זיך באקלאגט, דאס זיי מוזען פארלאזען זייערע פלעטס, אדער צאהלען א הויכען רענט, וואס איז ניט נאך זייערע כחות.

ביז 10.30 אין דערפריה, האט אסיסטענט-פראסעקיוטאר, זייערס פערזענליך אויפגענומען 35 קלאגעס.

מר. זייערס האט געזאגט, דאס פלעטס פאר וועלכע מ'האט מיט א יאהר צוריק געצאהלט $40 א מאנאט, [illegible] איצט $80 און $100

## פאליציי לייט ווילען רעפערענדום [illegible] געהאלט

די באאמטע פון מעטראפאליטען קלוב האבען באשלאסען צו זאמלען אונטערשריפטען פאר א פעטיציע, דאס די פאדערונגען פון דער פאליציי און פייערלייט וועגען א מינימום געהאלט פון $2,500 א יאהר זאלען דורך א ספעציעלען געזעץ גוטגעהייסען ווערען. דיעזער באשלוס וועט אויסגעפיהרט ווערען אין 24 שטונדען, אויב דער קאנסיל וועט היינט ניט נאכגעבען זייערע פאדערונגען.

לויט דער מיינונג פון דעם קלוב'ס לאיער, מר. ווילסאן, וועט דער געזעץ-פארשלאג פון א מינימום געהאלט פון $2,500 א יאהר איבערגעגעבען ווערען צו אפשטימען אין די קומענדע אוגוסט-פריימערים. פארשטעהער פון'ם קלוב זאגען, דאס זיי וועלען ניט האבען קיין שוועריגקייט אין קריגען די נויטיגע צאהל אונטערשריפטען, ווייל אין זייער לעצטען קאמפיין האבען זיי אין א קורצער צייט באקומען 80,000 חתימות.

### דר. אינטשעס, פאלים קאמישאנער, געגען „הויכע“ פאדערונגען פון פאליציי

אין א ביולעטין, וואס פאלים-קאמישאנער האט געבעטען ארויסגעלאזט צו דער היגער פאליציי, ווערט געזאגט, אז דעטראיט'ער פאליציי-לייט ווערען באצאהלט אמבעסטען און זייער געהאלט איז פיעל מעהר, ווי ס'באקומען מעכאניקער אין דעטראיט'ער פאבריקען און אין בילדונג טרייד.

ס'ווערט אנגעוויזען אין ביולעטין, דאס פון דעם ערשטען יולי, וועט אן ערפאהרענער פאטרולמאן באקומען $2,160 א יאהר, אין דער צייט, וואס אין ניו-יארק באקומט אזעלכער נאר $1,900. אויסער דעם, דארף א ניויארקער פאטרולמאן זיין אין דינסט 6 יאהר, איידער ער באקומט דיעזען געהאלט און דא, אין דעטראיט, קען מען עס באקומען אין משך פון איין יאהר דינסט.

דר. אינטשעס ווייזט אן, דאס געמעגריג אין אנבאטראכט די פארשיידענע „בענעפיטען“, ווי וואקאציע, קראנקהייט בענעפיט, פרייע מעדיצינישע באזארגונג וועט די שכירות פון א פאטרולמאן אויס מאכען $8 א טאג, און דעם פאבריק-ארבייטער'ס לוין איז ווייניגער פון 7.60 דאלאר און דעם ארבייטערס אין בילדונג טרייד נאך פיעל ווייניגער.

## גענעראל סטרייק אין איירלאנד ערפאלגרייך

דובלין, אפריל 13. — דער גענעראל סטרייק איבער גאנץ איירלאנד, אלס פראטעסט געגען דער שלעכטער באהאנדלונג פון ארעסטירטע, האט זיך אנגעפאנגען נעכטען אווענט. אלע פאבריקען זענען געשלאסען, דער באהן-פארקעהר איז פאראליזירט, און אפילו די רעגירונגס דעפארטמענטס ליידען אויך, ווייל די קלוירקס זענען מעהרסטענס צוגעשטאנען צו דער סטרייק באוועגונג.

די באהן סטרייקערס האבען דעמאנסטרירט איבער די הויפט גאסען, דובלין איז אהן באלייכטונג פון נעכטען אווענט אן.

די מוניציפאלע פייערלייט האבען אויך פארלאזט די פייער סטיישאנס.

א גרויסער עולם האט זיך צונויפגעזאמעלט פאר דער מאונדזשאי טורמע, וואו דער הונגער סטרייק קומט פאר, די רעגירונג האט ארויסגעשיקט טענקס און צוטריבען די פארזאמלטע.

דער פארזיצענדער פון דער מאונדזשאי טורמע, די באזוכענדע ריכטער און מעדיצינישע באאמטע האבען אלע רעזיגנירט. דער לעצטער באריכט איז, אז די הונגער סטרייקענדע ארעסטירטע האלטען ביים שטארבען.

## רעגירונג גרויזאמער פון צאר, זאגט היגער קאנגרעסמאן

וואשינגטאן, אפריל 13. — קאנגרעסמאן טשארלס א. ניקאלס, האט היינט ערקלעהרט פאר'ן דעפארטמענט אוו לייבאר, אז אין דער הינזיכט פון מאטערען ראדיקאלען, ווערען אין אמעריקע אנגעווענדעט אלע צארסקע מעטאדען, נאר מיט איין אונטערשיעד, וואס דעם צארס פאליציי-אגענטען האבען ארויסגעוויזען א היבש ביסעל מעהר פעהיגקייטען ווי די אמעריקאנישע.

ער האט ערקלעהרט:

„איך האב געפונען די רעקארדס פון טויזענדע קייסעס, און אין יעדער איינער פון זיי מערקט זיך, אז מענשען ווערען געהאלטען אין געפענגעניש אהן א משפט, און פיעלע פון זיי זיינען זאגאר ארעסטירט געווארען אהן א ווארענט. ווען איך וואלט דאס אלעס ניט געזעהן מיט מיינע אייגענע אויגען, וואלט איך קיין מאל ניט געגלויבט, אז אזא אונאמעריקאנישע טאט זאל אפגעטאן ווערען ביי אונז אין לאנד — א טאט וואס געהט להיפוך אלע פרייע אינסטיטוציעס פון אונזער לאנד.

### דערמאנט די ארעסטירטע ראדיקאלען אין דעטראיט

"איך האב איבערגעגעבען צום אסיסטענט סעקרעטער, פאסט א ליסט פון 174 מענער וועלכע ווערען געהאלטען אין פארט וועין, אין דעטראיט, 48 פון די דאזיגע מענער זיינען ארעסטירט געווארען אהן א ווארענט. אלע 174 באשולדיגטע זיינען שוין דריי מאנאטען צייט אין פריזאן אהן א משפט. איך האב געפאדערט מען זאל זאפארט אפאלדינגען די דאזיגע קייסעס, ענטוועדער דורך א טרייעל, דורך באפרייאונג אדער דורך דעפארטירען. מר. פאסט האט פארזיכערט, אז די קייסעס וועלען אויפגענומען ווערען זאפארט".

### טויזענדער אין פריזאן אהן א משפט

מר. ניקאלס האט אויפגעוויזען, אז זינט פאלמער מיט זיינע משרתים האבען זיך גענומען רודפ'ן ראדיקאלען, האט מען ארעסטירט טויזענדער בלמרשטדינגע קאמוניסטען אהן ווארענט און משפטים.

אין שארפע ווערטער האט מר. ניקאלס אטאקירט די האנדלונג פון דעם דעפארטמענט אוו דזשאסטיס און אויפגעוויזען, אז אפילו אין רוסלאנד, אין די צארישע צייטען, האט מען געגעבען מעהר גערעכטיגקייט צו באשולדיגטע אין ראדיקאליזם ווי דא אין אמעריקע.

---

וואשינגטאן, אפריל 13. — פרעזידענט ווילסאן האט היינט אויסערוועהלט א ריילוועי לייבאר באארד און האט גערופען א סוציעלען קאבינעט-מיטינג פאר מארגען (היינט) צו דיסקוטירען די אלגעמיינע סטרייק-סיטואציע.

### דעפארטמענט אוו דזשאסטיס מישט זיך אריין

וואשינגטאן אפריל 13. — די פענסילווייניא און ניו-יארק סענטראל ריילראודס, זיינען היינט אויפגעפאדערט געווארען פון דעם דעפארטמענט אוו דזשאסטיס זיי זאלען ארייננשיקען די נעמען פון אלע זייערע סטרייקענדע ארבייטער און פון די סטרייק-אנפיהרער.

### וואוד ווארפט אוועק אלע ארבייט און לויפט ברעכען דעם סטרייק

באסטאן, אפריל 13. — מעדזשאר דזשענעראל לעאנארד וואוד, האט היינט אוועקגעווארפען זיין גאנצע קאמפיין-ארבייט און איז שנעל אפגעפאהרען נאך שיקאגא איבערצונעהמען זיינע פליכטען אלס קאמאנדינג דזשענעראל פון דעם סענטראל דעפארטמענט און וועט קאנצענטרירען זיין טעטיגקייט אויף צו ברעכען דעם סטרייק.

### נעמען פון דער ריילוועי לייבאר באארד

וואשינגטאן אפריל 13. — די ניי באשטימטע ריילוועי לייבאר באארד באשטעהט פון פאלגענדע פערזאנען:

פארשטעהער פון פובליקום: דזשארדזש וו. האנגער, וואשינגטאן; הענרי האנט, סינסינעטי, ר. מ. בארטאן, טענעסי.

פארשטעהער פון די ריילראודס: דזש. הארייס בייקער; דזש. ה. עליאט און וומ. ל. פארק.

פארשטעהער פון די ארבייטער: אלבערט פיליפס; א. א. וואיטאן און דזשיימס. דזש. פאסטער.

די נייע באארד וועט אויטאריזירט ווערען צו מיטען אין וואשינגטאן און זאפארט אויפנעהמען די קרייודעס פון די באהן ארבייטער וואס זיינען יעצט אין סטרייק.

## בעטען ערשטע 100.000 ד. באנדס פאר'ן קאר-פלאן

געבעטען איז אין קאנסיל אריינגעבראכט געווארען די רעזאלוציע, וואס די סטריט ריילוועי קאמישאן האט אנגענומען, ארויסצולאזען די ערשטע $100.000 באנדס פון דער 15 מיליאן'דיגער הלואה, וועלכע איז גוטגעהייסען געווארען לעצטען 5-טען אפריל.

דיעזע באנדס וועלען טראגען 5 פראצענט אויסצוצאהלען יעדען האלב-יאהר און זיי וועלען באשטעהן פון 50 דאלאר'דיגע און 100 דאלארדיגע באנדס. זיי וועלען פארקויפט ווערען דעם ערשטען מאי. קיינע מישיגען'ער טעקסעס וועלען ניט זיין גילטיג אויף דיעזע באנדס.

אנבאטען צו קויפען דיעזע באנדס וועלען קענען געמאכט ווערען פון דעם 20-טען אפריל אין דעם אפיס פון שטאדט קאנטראלער.

קלארענס ווילקאקס, דער קארפאריישאן לאיער, האט ערקלעהרט, דאס נאך זיין מיינונג, וועט די קלאגע פון דער די. יו. אר. געגען דער געזעצליכקייט פון קאוזענס קאר-פלאן ניט אפהאלטען די שטאדט פון ארויסצולאזען די באנדס.

נעכטען 5 פארנאכט האט מעיאר קאוזענס געהאט א קאנפערענץ מיט דער ריילוועי קאמישאן אין איהר נייעם אפיס. ס'איז דארט באטראכט געווארען די פראגע, וועלכע קאר-ליניעס זאלען פריהער אויפגעבויעט ווערען.

## היגע לאקאמאטיוו-ארבייטער גרייטען זיך ארויסצוגעהן אין סימפאטיע-סטרייק

**גיבען ארויס ווארנונג, אז זיי וועלען זיך אנשליסען אן די סטרייקענדע יארד-ארבייטער, אין פאל מען זאל אימפארטירען סטרייק ברעכער. — קאר קאמפאניע שטעלט אפ 15 פראצענט קארס צוליב עלעקטריק מאנגעל. — דעטראיט האט פארלארען 7.500 וואגאנען מיט פראכט זינט דער סטרייק האט זיך אנגעפאנגען. ארום א האלבער מיליאן מענשען ארבייטסלאז אין דעטראיט. — דאון טאון געגענד זעהט אויס פינסטער ווי אין מלחמה-צייט. — סברא אז אויך די גאר גרויסע פלענטס וועלען אין גיכען אפגעשטאפט ווערען.**

נאך א מיטינג וואס איז אפגעהאלטען געווארען לעצטען מאנטאג פון די דעטראיט לאדזשעס אוו די בראדערהוד אוו לאקאמאטיוו פיירמען, איז ארויסגעגעבען געווארען א ווארנונג, אז אויב די ריילראוד אדמיניסטראציע וועט זוכען צו אימפארטירען סטרייקברעכער וועלען זיי ארויס אין סימפאטיע סטרייק מיט די אינדזשינערען.

אלע לאקאמאטיוו ארבייטער זיינען געווען איינשטימיג אין זייער אויסדרוק פון סימפאטיע מיט די סטרייקער, וועלכע ווערען פון אלע זייטען באשימפט און פארלוימדעט אלס „אוטלאו'ס“ „רעבעלען“ און וואס ניט?

קיין אפיציעלע שטעלונג האט נאך די בראדערהוד פון די לאקאמאטיוו ארבייטער ניט גענומען, אבער די מאיאריטעט פון די מעמבערס האבען אויסגעדריקט זייער פארלאנג, אז דאס אלגעמיינע פובליקום זאל וויסען זייער שטעלונג.

א באאמטער פון די לאקאמאטיוו פיירמען, האט ארויסגעגעבען פאלגענדען סטייטמענט:

„ביים מיטינג וואס אונזער עקזעקוטיווע האט געהאט מיט רעגירונגס-באאמטע איידער די באהנען זיינען איבערגעגאנגען צוריק אין פריוואטע הענט, איז איינשטימיג באשלאסען געווארען, אז עס זאל באשטימט ווערען א ווידזש באארד פון 9 מיטגליעדער, אין איינקלאנג מיט דעם טראנספארטיישאן געזעץ פון 1920, וועלכע זאל האבען צו שליכטען אלע ווידזש סכסוכים.

אבער צוליב דער פארנאכלעסיגונג פון דער רעגירונגס זייט צו עטאבלירען אזא באארד, און צוליב דעם שטענדיגען שטייגען פון'ם יקרות, האט די געדולד געפלאצט ווארטענדיג. מיר ווילען בלייבען לאיאל צו אונזער רעגירונג און צו אונזערע ארגאניזאציעס, אבער עס איז פשוט אוממעגליך צו מאכען א לעבען מיט א פאמיליע ביי היינטיגע ווידזשעס, וואס מאכט אויס פון $4.16 ביז $4.28 א טאג פאר 8 שטונדען ארבייט.

„אט פאר דיעזע אורזאכען“, זאגט ווייטער דער סטייטמענט, „פארלאנגען מיר א שנעלען סעטעלמענט“.

### 7.500 קארס מיט פראכט פארלארען פאר דעטראיט

מיט דער דעמאראליזירונג פון'ם פראכט-פארקעהר, איז דעטראיט בארויבט פון 7,500 קארלאדס מיט פראכט.

לויט א סטייטמענט ארויסגעגעבען פון וו. ד. טראמפי דער מענעדזשער פון דער דעטראיטער טערמינעל ריילראוד, פלעגט דעטראיט אין נארמאלע צייטען ארייננקריגען 1.500 פראכט קארס א טאג. פון דיעזער צאהל, זיינען 500 קארס געלאדען מיט קויהלען, 200 מיט שפייז און די איבעריגע מיט פארשיעדענע אנדערע פראדוקטען.

### סטרייק לאגע אין דעטראיט

עס ווערט געשאצט, אז פון 70 ביז הונדערט טויזענד מענשען זיינען יעצט ארבייטסלאז אין דעטראיט, אלס רעזולטאט פון'ם מאנגעל אין עלעקטרישער קראפט.

ס'איז שוין היינט דער זעקסטער טאג, וואס דער פראכט-פארקעהר אין דעטראיט איז פאלשטענדיג דעמאראליזירט.

די היגע סטרייקער שטעהען פעסט און איינגעשפארט, און פונקט די זעלבע עקשנות ווייזען נאך ארויס די ריילראוד-באאמטע.

דעטראיט לעבט יעצט דורך א מערקווירדיגען קריזיס. אויסער דעם גרויסען פארלוסט אין ווידזשעס און אין האנדעל איז דער שפייז-צושטאנד אזעלכער, אז נאר א נס, אדער א שנעלער סעטעלמענט פון'ם סטרייק קען ראטעווען די שטאדט פון הונגער.

בלויז איינינע גרויסע פעקטארים, וואס האבען אייגענע עלעקטריציטעט, אדער דאמפף, זיינען געבליבען אפען. אלע קלענערע פלאנטס, וואס זיינען אפערירט געווארען דורך די עלעקטריק פון דער עדיסאן קאמפ., זיינען יעצט אין א שטיל-שטאנד.

און עס איז יעצט זיכער, אז אפילו די גרעסערע פלאנטס קענען בלויז אנגעהן א פאר טעג מיט זייערע אייגענע קויהלען, אין פאל דער סטרייק זאל ווייטער אנגעהן. די אורזאכע איז, וואס זיי קריגען ניט אריין קיין רויהע מאטעריאלען און האבען ניט גענוג פלאץ צו האלטען ביי זיך די פארטיגע פראדוקטען.

א קענוועס געבעטען פריה אין די גרעסערע פעקטארים, וואס זיינען געווען געצוואונגען זיך צו פארמאכען, האט באוויזען, אז 6 טויזענד מענשען זיינען ארבייטסלאז ביי דער קאדילאק מאטאר קאר קא., 6 טויזענד ביי די סטודעבייקער פלענטס, 2,500 ביי דער טימקען דעטראיט עקסל קאמפ. און 4000 ביי דער פישער באדי קארפארייטאן.

די פארד קאמפ. זעצט פאר די ארבייט אין פולער קראפט אין היילאנד פארק פלאנט, אבער איינינע פארד דעפארטמענט אין ריווער רוזש זיינען אין גאנצען אפגעשטעלט.

די האדסאן מאטאר קא. האט באריכטעט, אז ביי איהר זיינען יעצט 5 טויזענד מענשען ארבייטסלאז, אומגעפעהר ארום 1,200 מענשען זיינען ארבייטסלאז אין דעם נארטהוועי פלאנט, און ארום 2,500 ביי דער וואדסווארטה מאנופעקטשורינג קאמפ.

די די. יו. אר האט אפגעשטעלט 15 פראצענט פון איהרע קארס ווייל אויך די קארס זיינען שטארק באריהרט געווארען פון דעם עלעקטריק מאנגעל. דאס האט פאראורזאכט, אז דריי הונדערט קאנדוקטארען און מאטארלייט זיינען געבליבען ארבייטסלאז.

אין דעטראיטער אינדוסטריען זיינען באשעפטיגט ארום 250.000 מענער און פרויען. דער יעהרליכער פעי-ראל באטרעפט איבער $450,000,000. ביז איצט זיינען א העלפט פון דיעזער צאהל אומבאשעפטיגט. דער טעגליכער פארלוסט פון ווידזשעס טרעפט אן $750,000.

מאנטאג אווענט האט דער דאון טאון פון דעטראיט אויסגעזעהן ווי אין מלחמה צייט — פינסטער. די מעהרסטע עלעקטרישע סיינס זיינען געווען אויסגעלאשען און געבעטען אויף דער נאכט איז נאך די פינסטערניש געווען א גרעסערע.

### געז קאמפאניע גיט ארויס ווארנונג

די דעטראיט געז קאמפ., האט ארויסגעגעבען א ווארנונג צום פובליקום, מען זאל זעהן ווי ווייט מעגליך באשרענקען דעם געברויך פון געז, ווייל איהר קויהלען זאפאס האלט זיך אין אויסשעפען.

### באארד אוו קאמערס שיקט א מעסעדזש צום פרעזידענט

מר. טשארלס ה. קאמפבעל, דער פרעזידענט פון דער באארד אוו קאמערס, האט לעצטען מאנטאג געשיקט דעם פאלגענדען מעסעדזש צו פרעזידענט ווילסאן:

„די דעטראיטער באארד אוו קאמערס בעט, אז עס זאל וואס שנעלער צוזאמענגעשטעלט ווערען די לייבאר באארד, ווי עס ווערט פארגעשריבען אין דעם 1920 טראנספארטיישאן עקט. א גרופע סטרייקענדע סוויטשמען אין דיעזער שטאדט האבען פאראורזאכט אזא צושטאנד, אז עס האלט דערביי אז הונדערט טויזענד מענשען זאלען בלייבען אהן ארבייט, אלס צוגאב צו דער פארקריפלונג פון דעם פארקעהר פון שפייז או אנדערע נויטיגע לעבענס-מיטלען פון אונזער באפעלקערונג“.

### סטרייקערס קריגען ניט קיין ענטפער

די ארדערענס אסאסיאיישאן האט זיך נעכטען נאך געפיהלט פונקט אין דער זעלבער לאגע, וואס לעצטען שבת, ווען זיי האבען איבערגעגעבען זייערע פאדערונגען צו די ריילראוד-באאמטע. זיי האבען קיין שום ענטפער ניט געקראגען אויף זייערע פאדערונגען.

די סטרייקער שטעהן אבער פעסט און זיינען ענטשלאסען צו קעמפען ביז א זיעג.

### א מאטאר טראק פארקעהר צווישען טאלידא און דעטראיט

פ. ל. בענק, דער מענעדזשינג סעקרעטערי פון דער דעטראיט טראנספארטיישאן, איז לעצטען מאנטאג אפגעפארען קיין טאלידא, צו עטאבלירען א טראק-ליניע פון דארטען ביז דעטראיט פאר דער צייט פון סטרייק.

## סאוועטען באשענקען קלעמענסאן מיט „רויטע פאהן“

פאריז, אפריל 13. — די סאוועטען רעגירונג האט באשאנקען קלעמענסא'ן, מיט א רויטער פאהן — פאר זיין גרויסע ראלע אין דער ענטוויקלונג פון דער אינטערנאציאנאלער רעוואלוציע“

## וואס דער „וועג“ געהער זיך אן מיט אייך

# „דער וועג“

איז געגרינדעט געווארען פון דעטראיט׳ער אידען. פאר דע-
טראיט׳ער אידען.
„דער וועג“ שפיגעלט אפ אלע פאסירונגען אין דער אידי-
שער גאס אויף אן אומפארטייאישען אופן.
אין דער קורצער צייט זינט „דער וועג“ איז אונטער דער
איצטיגער רעדאקציע, זיינען אין „וועג“ געדרוקט געווארען
ארטיקלען, סקיצען און הומארעסקעס פון די בעסטע אידי-
שע שרייבער און פעליטאניסטען.
„דער וועג“ דרוקט אלע וואך ענטפערס אויף פראגען וואס
האבען צו טאן מיט געריכט און געזעץ.
„דער וועג“ דרוקט אלע וואך א ליסטע פון אידען אין איירא
פא וואס זוכען אדער לאזען גריסען זייערע קרובים אין דע-
טראיט און אומגעגענד.
„דער וועג“ איז א אידישע דעטראיטער צייטונג און איהר
קענט זיך נישט פארגינען זי נישט צו לעזען.

# דער וועג

**THE DETROIT JEWISH DAILY**

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.

347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715

J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.

B. I. GOLDSTEIN, Editor

(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)

Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.


# די באשטימונג פון הערי ב. קיידאן אלס מוניסיפאל ריכטער

אונזער גאווערנאר סליפער האט ארויסגעוויזן מיט יושר און פאליטישען פארשטאנד מיט זיין באשטימען דעם אידישען יונגען לאיער מר. הערי ב. קיידאן אלס ריכטער אין דעם „מוניסיפאל קאורט“.

פאר אלעמען האט דער גאווערנאר — ווי געזאגט — באדארפט האבען מיט אזא'ן „אפאינטמענט“ צו מאכען. און אט פאר וואס:

עס איז קיין סוד נישט אז מר. קיידאן, ווערענדיג דער ערשטער געהילף פון דעם פראסעקיוטינג אטאירני האט נאך דעם טויט פונם פראסעקיוטינג אטאירני באדארפט די שטעלע איבערנעמען, אפ'ריש'ענען זיין טיטול און אמט. אבער די ריכטער האבען אן אנדער יושר און אן אנדער באגריף, וועגען קאלעגיאלער עטיק געהאט און האבען אן אנדערען אויף דעם שטול פון פראסעקיוטינג אטאירני איינגעזעצט, א קריסט, געוויינליך.

דאס איז געווען אן עפענטליכע באליידיגונג, און דער יונגער אידישער אדוואקאט האט פארשטאנען די דאזיגע אומפריינדליכע אנצוהערעניש און ...

...

אין דאס וועט זיין צו פארדאנקען דער טאקטיק פון דעם גאווערנאר.

דער שרייבער פון דיזע צייטען געהער נישט צו קיין איינע פון די צוויי הערשענדע פארטייען און מאכט ווייל א זייטיגער מענש איז עס אונז שלאגען אין צייט פון א קאמפיין א דאנק דער דאזיגער באשטימונג.

וואריום ווי מען גיט אונז איבער איז דער געוועזענער געהילף פון פראסעקיוטינג אטאירני און איצטיגער ריכטער פון מוניציפאלען געריכט, ה' הערי ב. קיידאן, ארומגערינגעלט מיט פילע פריינד און פארערער, וועלכע וועלען געדענקען און אפשאצען דעם גאווערנאר'ס איצטיגע טאט.

די אידישע גאס, אויף וועלכע ריכטער קיידאן איז ערצויגען געוואָרען און וועלכע באטראכט עס פאר אן עהרע צו האבען איהרן א מענשען אלס דעם ערשטען ריכטער אין דעם ערשטען מוניציפאלען געריכט, וועט דאס מסתמא אויך געדענקען.

# דער סטרייק פון די אייזענבאהנער

מען האט זיך געמעגט ריכטען אז דער אינדוסטריעלער פרידען, וועלכער איז סבלומרשט איינגעשטעלט געווארען דורך די הבטחות פון פרעזידענט ווילסאן און מיט וועלכע — אבע אוראָ — די ארבייטער זיינען געפליכטן אימצופרידען, וועט לאנג נישט אנהאלטען.

די אייזענבאהן ארבייטער האבען זיינט די לעצטע חדשים געדראהעט מיט א סטרייק.

און ווי מען זאל נישט קוקען אויף דעם סכסוך, מוז מען דאך מודה זיין, אז די קאמפראמיסען, צו וועלכע מען האט זיי מיט א פאר חדשים צוריק צוגעזאגען, האבען נישט געקענט אויף לאנג פארהיטען זייערע געמיטער.

...

# שפריצען

### אפגעוועהנט זיך

דער עקס קייזער, ווילהעלם דער לעצטער, פון דייטשלאנד האט זאגט דעם אויפשטאנד פון פאן קאפ"ן אויפגעהערט צו זעגען האלץ אין דעם אמעראנגען שלאס.

קיין וואונדער נישט. ער האט זיך געליבען צוריק צו ווערען קייזער א דער ווייל זיך אפגעוועהנט פון נוצליכער ארבייט.

* * *

### מאלע וואס מ'טארף נישט

דער רעפארם ראבי רושאזע סילווערמאן פון דעם ניו יארקער טעמפעל עמאנועל האט ערקלערט, אז אידען דארפען נישט קיין וויין אויף פסח און אנדערע יום טובים.

נו, און אז אידען דארפען די רעפארם מיט אלע רעפארם־ראבינער אויף כפרות — זענען זיי דען פונדעסטוועגען נישט טאָ?

* * *

### אט דא ליגט דער הונט באגראבען

...

### בועז און רות

...

### עס ציהט זיי

...

### ערהערט די תפלה

...

### אפשר וועט דאס העלפען

...

### נייע טעריטאריאליסטען

...

### א קעניגליכע רעפובליק

...

# אוקלאנדער אידען האבען גלענצענד אויסגעהאלטען דעם עקזאמען

פון ד. ראוויטש

וועגען דעם מיטינג לעצטען זונטאג אין „אהבת אחים“ שוהל פאר דער אויפבויאונג פון א תלמוד־תורה אין אוקלאנד.

ערשט מיט 3-5 יאהר צוריק איז אין אוקלאנד געווען שווער צוזאמענצוקליבען א מנין אידען, ווען איינער האט געהאט יאהרצייט, אבער איצט איז אין עהנליכען פאל. און יעצט איז אין אוקלאנד אויסגעוואקסען א אידישע קהלה, מיט וועלכער אלע אידען פון דעטראיט מעגען שטאלצירן ...

טען זונטאג אין אהבת אחים שוהל, פאר דער אויפבויאונג פון א מאדערנער גרויסער תלמוד־תורה אין אוקלאנד.

מען מוז אבער צוגעבען, אז צו דער שעהנסטער ניט־געהערטער „רעדע“ פון ...

... הונדערטער, צוויי הונדערטער, הונדערטער און פופציגער און און א קארגער האלבער שטונדע האט אנגעהענגט א סומע פון $2,853.00 און איהר דארפט ניט פארגעסען, אז אוקלאנדער אידען זיינען נאך אלעמען ניט קיין בראצקי'ס. די דאזיגע בייסטייערונגען זיינען ניט ...

... וועלכע ער ווייס גאר ניט. עפעס הערט ער, אז אלע רעדען פון א רעזיג אידישער קולטור. וואו איז זי? וואס איז דאס פאר א קולטור? פאר איהם איז זי פארשלאסען! זיך אנגעלערענט, זיך אנגעלערען מיט אלץ און אלעמען, געווארען א געבילדעטער מאן — און די גייסטיגע ירושה פון זיין פאלק איז איהם פרעמד ...

...

... פון אבער דערפאר קענען זיי ווארפען דרייר פון דעטראיט!

# דער רייכער און דער נאר

(אן אראבישע ערצעהלונג)

פון מאקס קיפפעל

...

— קיינמאל ניט. ווייל פון יענער וועלט וואוהין איך קלייב מיך צו געהן, קומט מען מעהר ניט צוריק.

— אבער דו קענסט דאך מיט דיר מיטנעהמען דיין פארמעגען, און לעבען דארט אזוי גליקליך ווי דו האסט דא געלעבט. — זאגט צו איהם דער קלאון.

— לייזער קען איך פון מיין פארמעגען גארניט מיטנעהמען. איך מוז אלעס דא איבערלאזען.

— אז דו קאנסט קיין שום פארמעגען ניט מיטנעהמען, טא וואס פאר אנדערע מעשים טובים האסט דו פארבערייטעט ווי זאלען דיך דארט בעגעגענען?

— איך האב מיר גארנישט פארבערייט דערפאר מאכט מיר דעם שיידען אזוי שווער.

— וואס? — זאגט צו איהם דער קלאון — אזא רייכער מאן ווי דו, וואס האט געלעבט אזוי פיעל יאהרען אין לוקסוס, רייכטהום און וואוילטאג, און אין די אלע יאהרען האסטו גאר קיינע מעשים טובים ניט אנגעגרייט פאר יענער וועלט? ראן, נעהער דער מעדאל צו דיר, דען דו ביזט דער גרעסטער נאר וואס די וועלט האט נאך אמאל געהאט.

אזוי רייענדיג האט דער קלאון דעם מעדאל פון זיך ארונטערגענומען, און איהם אלי האסאנען אויף דער ברוסט צוגעשפיגעלט, און איז אוועק צוריק צו זיין ארטען בעל הבית.

# זונען־אויפגאנג

פון ארטור עסעלין

רויטע שפיצען, פייער קוואלען,
ניסען טרעפ זיך אוים פון גאלד,
פארבענרייכע, גליהמיראזשען
אויפ'ן הימעל אויסגעמאלט;
בליטענשנען, נעבעל־שלייער,
רעקען צו דעם שטילען טייך.
לונגע, ווייכע ווינטען וועהען,
גלעטען — רעגען מיך צו גלייך.
ווייכע ענטלאך ווי פארגאפטע
שווימען, זוכען עפעס שטום,
טרוימען יונגע, אפגעהאקטע,
שוועבען אין דער לופט ארום.
אויף די בוימער, אן־בארויטעלט,
גלאנצען פרוכטען, ראסע־פריש,
קומען פייגעל ערשט ערוואכטע,
אנגענדיג צום פריהשטיקטיש...

**STATEMENT OF THE OWNERSHIP, MANAGEMENT, CIRCULATION, ETC., REQUIRED BY THE ACT OF CONGRESS OF AUGUST 24, 1912.**

Of Der Weg, published daily, except Saturday and Jewish holidays, at Detroit, Michigan, for April, 1920.

State of Michigan, County of Wayne, ss:

Before me, a Notary Public, in and for the State and county aforesaid, personally appeared Jacob R. Leemon, who, having been duly sworn according to law, deposes and says that he is the Business Manager of the Der Weg Publishing Company, and that the following is, to the best of his knowledge and belief, a true statement of the ownership, management (and if a daily paper, the circulation), etc., of the aforesaid publication for the date shown in the above caption, required by the Act of August 24, 1912, embodied in section 443, Postal Laws and Regulations, printed on the reverse of this form, to wit:

1. That the names and addresses of the publisher, editor, managing editor, and business managers are: Publisher, Der Weg Publishing Company, Detroit, Michigan; Editor, B. I. Goldstein, 1196 St. Antoine, Detroit; Managing Editor, none; Business Managers, Joseph R. Leemon, 135 Watson St., Detroit.

2. That the owners are: (Give names and addresses of individual owners, or, if a corporation, give its name and the names and addresses of stockholders owning or holding 1 per cent or more of the total amount of stock.) Joseph R. Leemon, 135 Watson St., Detroit; Clarence A. Brandes, New York City; Harry Becker, 226 Brewster St., Detroit.

3. That the known bondholders, mortgagees, and other security holders owning or holding 1 per cent or more of total amount of bonds, mortgages, or other securities are: (If there are none, so state.) None.

4. That the two paragraphs next above, giving the names of the owners, stockholders, and security holders, if any, contain not only the list of stockholders and security holders as they appear upon the books of the company, but also, in cases where the stockholder or security holder appears upon the books of the company as trustee or in any other fiduciary relation, the name of the person or corporation for whom such trustee is acting, is given also that the said two paragraphs contain statements embracing affiant's full knowledge and belief as to the circumstances and conditions under which stockholders and security holders who do not appear upon the books of the company as trustees, hold stock and securities in a capacity other than that of a bona fide owner; and this affiant has no reason to believe that any other person, association, or corporation has any interest direct or indirect in the said stock, bonds, or other securities than as so stated by him.

5. That the average number of copies of each issue of this publication sold or distributed through the mails or otherwise, to paid subscribers during the six months preceding the date shown above is 2,900. (This information is required from daily publications only.)

JOS. R. LEEMON.

Sworn to and subscribed before me this 8th day of April, 1920.

MORTIMER J. LISS.

(Seal.) (My commission expires Feb. 21, 1923.)

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

עס זיינען פאראיבער עטליכע טעג.

דזשאזעף פיהרט שוין אפ מערי'ן אויף זיין אויטאמאביל. ער איז שוין מיט איהר היימיש. נור מערי נעהמט עפעס אלעס אויף אזוי ערנסט, אזוי אנ־געצויגען. מיט איהם געהן עסען — דאס קען ער נישט פועל'ן. זי וועט נישט געהן עסען אין קיין רעסטאראן און בפרט שוין מיט א בחור. צי ס'איז אין אמעריקא א מאדע אזא — נו, וועט זי אין מאל זונדיגען קעגען דער אמעריקאנער מאדע. דאס איז בלויז די ערשטע זינד, דער ערשטער חטא. זאל דזשאזעף זיין אויפמערקזאמער וועט ער נאך א סך חטאים אלעלבע אויסגעפינען אויף איהר.

צו איהם אהיים וועט זי נישט געהן. אהן דער איינלאדונג פון זיין מוטער.

צו זיך? — ניין, זי קען איהם צו זיך נישט איינלאדען. זי האט נישט וואוהין. די שוועסטער איז קראנק. דאס הויז — ארים. ניין, זי וועט איהם נישט ערלויבען ארויפצוקומען.

עס העלפט נישט זיין בעטען.

און צי האט זי איהם ליעב?

ער קען דאס נישט וויסען אקוראט.

זי שמייכעלט צו איהם זיס און פריינדליך, זי עמפפאנגט איהם אזוי הארציג, זי פרעגט איהם אויס אויף זיי־נע ארבייטען; זי פיהרט מיט איהם דיס־קוסיאנען מכח דעם לעבען אין אמעריקא. רעדט מיט איהם א סך וועגען איהר שוועסטער. נור פונדעסטוועגען, אז ער האט זי אנומעלטען געבעטען זי זאל מיט איהם ארויספאהרען נאך וועסטשעסטער אוי־סער שטאדט, האט זי ענטזאגט; האט ער זי איינגעלאדען צו אפערא, האט זי ענט־זאגט; האט ער זי איינגעלאדען אין טע־אטער, אין א וואדעוויל, פאר א שפא־צירער — האט זי אלץ ענטזאגט. און ווען ער האט איין מאל אנגענומען איהר האלד און זי געגלעט א ווייל, האט זי איהם דורכדרינגענד א קוק געטאן אין פנים אריין און האט שטיל און פאמע־ליך איהר האנד פון זיינע ארויסגעצוי־גען...

ווער ווייס ווייס, צי האט זי איהם ליעב, אדער נישט.

ער האט שוין א סך מאל געוואלט מיט איהר אפען רעדען וועגען דעם, אבער יעדעס מאל, ווען ער וויל מיט איהר וועגען דעם ריידען, פארליערט ער דאס לשון...

און ווען ענדליך ער האט שוין אמאל יא אנגעהויבען צו ריידען און געבעטן איהר אנצוהערעניש, האט זי איהם גע־ענטפערט קורץ און שארף —

— דזשאזעף, איך וויים, אז איהר זענט מיר א פריינד. טוט זשע מיר א געפעלינקייט און רעדט נישט מיט מיר וועגען אזעלכע זאכען וואס זענען געגען מיין אייגענער פערזאן, מיין אייגענעם לע־בען אדער צוקונפט. איך האב אייך שוין געזאגט, אז ביי מיר איז א שוועסטער קראנק און איך קען קיין שום זאך ניט אין זינען האבען ביז איך זעה זי נישט פאלקאם געזונד.

— קען איך באהילפיג זיין?

מערי האט א כאפ געטאן זיין האנד:

— יא, דזשאזעף, איהר וועט מיר מע־גען באהילפיג זיין. מען דארף זיך משתדל זיין, אז מען זאל זי ארויסשיקען אויף א ראטשע.

דאס איז געווען ס'ערשטע מאל וואס מערי האט אנגענומען זיינע א טובה.

אבער דזשאזעף האט געענטפערט, אז זיך משתדל זיין, וויל ער נישט. וואס ער פארלאנגט דורכאויס איז, אז זי זאל ביי איהם אנגעהמען א קליינע סו־מע געלד אלס הלואה. קיין סך האט ער נישט. ער קען נאך נישט פארדיענען פיעל. אבער ער האט א פאר הונדערט דאלאר, וועלכע ער פארלאנגט זי זאל ליהען ביי איהם.

און — ווידער האט זי ענטזאגט.

עס האט נישט געהאלפען זיין בעטען, עס האט נישט געהאלפען אפילו ווען ער האט איהר דערמאהנט אן איהר'ע פליכ־טען צו דער שוועסטער.

סוף כל סוף איז געבליבען, אז ער זאל גאראנטירען דער בלומען קרעמער'ן און מערי וועט ביי איהר נעהמען פאר א חודש שבידות אין פאראויס.

וואלט ער דערפון געדרונגען, אז זי האט איהם נישט ליעב.

ווען ער גיט אבער א קוק אריין אין דער קראם און זי דערזעהט איהם, באר־מערקט ער גוט, ווי זי קוקט אויף איהם; — ווי די פארב אויף איהר פנים רוי־טעלט זיך און ווען זי גייט צו צו איהם און הויבט איהם אויסצופרעגען אויף זיין פארגאנגענעם טאג, אויף זיין אר־בייט, פיהלט ער דעמאלט ווי נאהענט ער איז איהר.

און ער איז אונמיסטען אין טאג נים געקומען.

אה, ער וועט דעם טאג נישט פאר־

געוואָרען. יענעם גאנצען טאג האט ער זיך אין זיין סטודיא באהאלטען. ער האט זיך געוואלט פאראינטערעסירען אין ליי־ענען, אין ארבייטען, אין שפיעלען אויף דער פיאנא — קיין זאך האט אבער זיי־נע געדאנקען נישט געקענט אפרייסען פון מערי'ן.

און ווען מען האט איהם פארנאכט צום טעלעפאן גערופען און ער האט דער־הערט מערי'ס שטימע, האט ער פאר פרייד געוואלט טאנצען, שפרינגען, לויי־פען...

— איז מיט אייך קיין זאך ניט גע־שעהען?

— ניין מערי.

— וואורום זשע האט מען אייך נישט געזעהן?

און איהר קול האט געציטערט.

ער האט, דוכט זיך, געהערט ווי איהר שטימע שווימט אין טרעהרען ארום.

— איך קום באלד, מערי.

און ער איז געקומען... נאך פאר „באלד" געקומען.

זי האט איהם אויפגענומען, מיט א קאלטען, פארגליווערטען, צעמישטען שמייכעל.

— וואורום זענט איהר נישט געקומען היינט? — דאס איז געווען איהר ערשטע פראגע.

— איך האב... הם... געווען פארשטעהט איהר, פארנומען... כ'האב... איך... יא, דאס בילד, אויסוועניג מאהל'ן איך עס.

— דזשאזעף איהר זענט א שלעכטער.

ער וואלט זיך צעוויינט, ווי ריהרענד איהר טאן איז געווען; ווי פול אנגעזאפט מיט טרעהרען איז איהר שטימע.

— מערי...

מעהר ווי דאס איינע ווארט האט ער נישט געקענט ארויסריידען.

— דזשאזעף, איך האב באשלאסען נעקסטען זונטאג קומען צו אייך, ווי איהר האט געבעטען.

צו דזשאזעף'ס פרייד איז קיין גרעני־ניץ נישט געווען.

שוין א פאר טעג אז ער בעט זי דאס.

שוין א פאר טעג אז ער הערט נישט אויף צורעדען איהר זי זאל קומען צו גיי. עס וועט הייסען אז זי נעהט אלס מארעל. זי האט אלץ ענטזאגט. איצט באשטעהט זי. זי וועט קומען.

— ווי גוט איהר זענט, מערי.

— איהר ווייסט, דזשאזעף, אז מעהר האב איך קיינעם נישט אויף גאטס ברייטער און ווייטער וועלט. און אויך איהר ווילט נישט קומען...

— מערי — שלאגט ער איהר איבער

— מערי, איך וועל שוין קומען. אלע טאג וועל איך קומען.

ווי א קינד וואס געפינט ווער א חשוב'ע זאך, אזוי האט זיך דזשאזעף געפרעהט. ער האט גערעדט מיט איהר וועגען אלץ און אלעס. געשפרונגען פון איין טעמא צו דער אנדערער. עס האט זיך זיין פרייד אנגעזעהן אזוי, אז מערי האט איהם אויפמערקזאם געמאכט — „דזשאזעף, איך האב אייך איבעראשט, ווי עס זעהט אויס?

און דזשאזעף האט נישט פערליי־קענט. אוודאי, אוודאי האט זי איהם אי־בעראשט או זער דאנקט איהר פאר דער פרעהליכער איבעראשונג.

און ווען ער איז אהיים געקומען איז ער אריין צו דער מוטער אין צימער, זי איז געלעגען אויף א סאפקע און געדרע־מעלט.

— מאמא, טייערע מאמעניו. זי וועט זונטאג קומען. זונטאג. הערסט מאמע־ניו, זונטאג. היינט האט מען שוין נישט וואס צו רעכענען. בלייבט נאך שבת און זונטאג. ניין, זונטאג איז אויך נישטא וואס צו רעכענען. בלייבט איין טאג. שבת. און נאך דעם איינעם טאג קומט זי אהער. הערסט מאמעניו. איין — — —

— זונטאג נאך — האט די מוטער קאלט און מיט א טאן פון אן ענטוישטען געזאגט — זונטאג, ווען דער פאפא איז אין דער היים, ווען לילי וועט זיין אין דער היים. אפשר וועלען געסט זיין. די שולץ'ס וועלען אפשר קומען. די קאהן'ס.

דזשאזעף האט מאמענטאל פארשטא־נען, אז די מוטער איז גערעכט, אז זונ־טאג גראד, איז דער איינציגער טאג פון דער וואך, ווען ס'וואלט גלייכער גע־ווען אז זי זאל נישט קומען.

ניר פארפאלען.

(פארטזעצונג פאלגט)

# אידישע נייעס פון אלע וועלט טיילען

## שרעקליכע פארפאלגונגען גע־גען די אידען אין דייטשלאנד

פון בערלין איז מען מודיע, אז פאר דעם לעצטען חודש איז איבער גאנץ דייטשלאנד אויסגעבראכען א שרעקלי־כער שטורם פון שנאה געגען די אידען אין דייטשלאנד.

אנגעהויבען האט זיך די אנטיסעמי־טישע אגיטאציע געגען די מזרח־אידען אין דער גאנצער אלדייטשער פרעסע מיט דער „דייטשער טאגעסצייטונג" בראש. אין לויף פון'ם לעצטען חודש האט מען אין דער דייטשער פרעסע געקענט לעזען שפאלטענלאנגע ארטיקלען אין וועלכע מען האט אנאויפהערליך געהעצט געגען די אידען בכלל און געגען די מזרח־אי־דען בפרט.

די אנטיסעמיטישע פיהרער האבען דאס זייערינע דורכגעפירט. לאנגזאם זע־נען די אנטיסעמיטישע באשטרעבונגען איבערגעגאנגען אויך צו דער דייטשער רעגירונג און די פארפאלגונגען געגען די אידען אין דייטשלאנד האט שוין לעצ־טענס צוגענומען א גאנץ אפיציעלען כא־ראקטער.

די גאנצע אידישע פרעסע האט ערשט ניט לאנג צוריק באריכטעט וועגען דער אנטיסעמיטישער רעדע, וואס עס האט געהאלטען דער דייטשער אינערן־מיניס־טער הייניע, אין'ם פרייסישען לאנדטאג, וואו ער האט ערקלערט, אז די מזרח־אידען זענען א געפעהרליכער עלעמענט פאר'ן לאנד און, אז די פראגע פון די פוי־לישע אידען, וועלכע געפונען זיך אין דייטשלאנד, מוז געלעזט ווערען דערמיט. וואס די דייטשע רעגירונג וועט זיין גע־צוואונגען צו אינטערנירען אלע פוילישע אידען אין קאנצענטראציאנס־לאגערן.

אין זיין רעדע האט זיך הייניע דאן אויסגעדריקט, אז ער געפינט זיך אין א זעהר א שלעכטער לאגע בנוגע דער אי־דענפראגע. הייניע האט דאן ערקלערט: איך האב דעם גרעסטען מיטגעפיהל צו די ארימע אידען, וועלכע זענען אנטלא־פען פון פוילען און געזוכט שוץ ביי אונז. עס איז אפשר נישט מעהר ווי אונ־זער פליכט צו באשיצען די ארימע פליכט־לינגע געגען די רעפרעסיעס, וואס די ראָ־זישע מענשען האבען געהאט אויסצו־שטעהן פון די פאליאקען.

אבער ווי מיר האבען ארויסגע־זעהן, האט הייניע ווייטער ערקלערט, זע־נען די מעהרסטע מזרח־אידען, וועלכע זענען געקומען נאך דייטשלאנד באלשע־

מענט, וועלכען מיר קאנען נישט ערלוי־בען, אז זיי זאלען ארומגעהן אין לאנד פראנק און פריי, איך וועל אבער זיין דער ערשטער, וועלכער וועל זיך שטעלען גע־גען דעם, דאס מען זאל די דאזיגע אי־דען אויסליפערן אין די הענד פון די פוי־לישע הענקער, וועלכע וועלען זיי צווינ־גען אריינטרעטען אין דער פוילישער אר־מעע און זיי דאן הייסען קעמפען געגען אונז, דערפאר וואלט איך פארגעשלא־גען, אז מען זאל די מזרח־אידען אינ־טערנירען.

מיט די דאזיגע ווערטער האט היי־נע, וועלכער האלט זיך פאר א סאציא־ליסט, זיך געזוכט צו שמייכלען צו דער עפענטליכער מיינונג ארויסוויזענדיג זיין טיפען מיטגעפיל צו „די ארימע אידישע פליכטלינגע". פארוואס האט אבער דער סאציאליסטישער מיניסטער פון דער דייטשער רעפובליק ערקלערט, אז ער וועט זעהן צו באקעמפען די אזוי שרעקליכע אנטיסעמיטישע אגיטאציע וואס ווערט בסדר אנגעפירט אין דער דייט־שער פרעסע. די פוילישע אידען אין דייטשלאנד באטראכטען היינעס רעדע פארו אן איינפאכע פראוואקאציע. הייניע איז אן אויסגעשפראכענער אנטיסעמיט און ער האט דאס שוין נישט איינמאל ארויסגעוויזען גאנץ אפען ערקלערענדיג די אידען פאר באראבארען...

צוליעב דער ברייטער און אלגעמיי־נער שארפער שטעלונג פון דער ליבערא־לער פרעסע אין דייטשלאנד ווי אויך אין אויסלאנד און איבערהויפט די שטעלונג פון דער אידישער פרעסע געגען די רעדע פון הייניע'ן זוכט ער יעצט נקמה צו נעה־מען אין די אידישע פליכטלינגע, וועל־כע געפינען זיך אין דייטשלאנד, אויף דעם באפעהל פון הייניען האט די בער־לינער פאליציי צוזאמען מיט סאלדאטען דורכגעפיהרט א גאנצע רייהע פון רא־ציעס, וועלכע זענען פארגעקומען איבער דער גאנצער געגענד פון דער גראנאדיר שטראסע און בעת דער ראציע זענען ארעסטירט געווארען איבער 2000 אי־דען, וועלכע וויל איצט ארויסשיקען פון דייטשלאנד.

די בערלינער „אידישע רונדשאו" באטראכט די דאזיגע ראציעס אויף די אידען אין בערלין אלס א שטילען פאג־ראם. אין די הייזער וואו די פאליציי איז אריינגעדרינגען האט מען ארויסגעשלעפט מענער פרויען און קינדער פון די בעט־טען און זיי אזוי אבגעפירט אויף דער

ברוטאל. ביי איינע פון די לעצטע רא־ציעס אויף אידען אין בערלין האט די דייטשע פאליציי קאנפיסקירט פאר איין מיליאן אידיש האב און גוטס.

(ד. א. ק.)

## פוילישע אידען לעבען איבער דעם קריטישסטען מאמענט

פון דר. ב. באגען, דער דירעקטאר פון דער הילפס ארבייט אין פוילען האט די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע גע־קראגען פאלגענדען קייבעל מיט דער אויפפאָדערונג צו שיקען נייע סומען געלד פאר אלץ וואקסענדער נויט:

„ווארשא, מארץ 26. — ביי די אידען פון פוילען הויבט זיך איצט אן דער פע־ריאד פון קומען צו זיך נאך דער קא־טאסטראפע פון דער מלחמה. און זיי לע־בען איצט איבער דעם קריטישסטען מא־מענט אין זייער עקזיסטענץ. אין מזרח־פוילען הערשען די מגפות פון טיפוס און כאלערא, טויזענדער שטארבען אויס, און צו אונז קומען אן אונאויפהערליכע בי־טעס פון די האספיטעלער, וואס בעטען לייוואנד, מעדיצין און אויסשטאטונג. אין די חרוב'ע שטעטלאך לעבען די אי־דען אין חורבות. אנדערע האבען גאר קיין דאך נישט איבערן קאפ. מיר קריגען בסדר בקשות וועגען בויען הייזער פאר די דאכלאזע. הונדערטער טויזענדער הונ־גען, און דארפען האבען שפייז פארציעס עס איז אויך נויטיג א שטארקערע טע־טיגקייט, צו באזארגען די טויזענדער מלחמה־יתומים. פון אלע טיילען פון לאנד קומען אן בקשות וועגען אינסטרו־מענטען און רויהע מאטעריאלען אז זיי זאלען קענען צוריק צוטרעטען צו זייע־רע מלאכות און מאכען א לעבען פאר זיך. אונזערע געלדער נעהען [illegible], און ביי דער נויט, וואס איז אזוי גרויס, קע־נען מיר זיך נישט אן עצה געבען מיט די פאנדען, וואס מיר האבען צום פאר־ווענדען. נייע סומען געלדער זענען גלייך נויטיג.

ד"ר. ב. באגען.

## רומענישער הילפס־דירעקטאר אפעלירט נאך הילף.

די דזשאינט דיסטריביושאן קאמי־טע האט נעכטען געקראגען א ריהרענדע קייבעל פון מר. אלעקסאנדער לאנדעס־קא, דעם בעקאנטען סינסינעטער באנ־קיר און כלל־טוער, וועלכער פיהרט איצט אן די הילפס־ארבייט אין גאנץ רו־מעניען. מר. לאנדעסקא טעלעגראפירט:

„בלויז אמעריקא איז אימשטאנד צו ראטעווען די טויזענדער אומשולדיגע נפשות, וועלכע שטעהען אין געפאהר אומצוקומען אין רומעניען, ווי אויך אין אנדערע לענדער. קינדער דארפען הא־בען שפייז און קליידער. די פיעלע קראנ־קע צווישען זיי נויטיגען זיך אין מילך און מעדיצין און א דאך איבער'ן קאפ. די גאנצע בעפעלקערונג איז אפגעשוואכט פון הונגער און ליידען. די נויט איז פיל גרעסער ווי מען קען זיך פארשטעלען ביי אונז אין אמעריקא און יעדער דאלאר קען פשוט ראטעווען א לעבען. מיינע שטאדט־לייט אין סינסינעטי זאלען עס פארשטעהן און זיין די ערשטע אין די ביישטייערונגען".

## 6,000,000 מארק פאר קאאפערא־טיווען און ערד ארבייטער אין פוילען.

אז דער איבערגאנג צו קאנסטרוקטי־ווער הילף אין פוילען ווערט אלץ דייט־ליכער איז צו זעהן פון א דעפעשע, וואס די דזשאינט דיסטריביושאן קאמי־טע האט נעכטען געקראגען פון איהר ווארשעווער אפיס.

פון די געלדער, וואס יעדער קאמי־טעט אין יעדער שטאדט קריגט פאר הילפס־ארבייט — ווערט געזאגט אין דער דעפעשע — ווערט א בעדייטענדער טייל אוועקגעגעבען פאר די קאאפעראטיוון, פאר הלואות און אנדערע מיטלען פון קאנסטרוקטיווער רעליעף. אנצייגען די גענויע סומען פון געלדער, וואס זענען אוועק פאר דער קאנסטרוקטיווער הילף איז דערווייל אונמעגליך, ווייל מען וואלט געדארפט צונויפנעהמען די חשבונות פון אלע קאמיטעטען איבער'ן לאנד. אונזער קא־מיטע האט אבער אויסגעגעבען ספעציע־לע סומען צו די דערמאהנטע צוועקען, און די סומען פון לעצטען מאי און זע־נען:

פאר הלואות צו בעלי מלאכות און הענדלער 650,000 מארק.

שטיצע צו פארשיעדענע קאאפעראטיוון 3,855,00 מארק.

שטיצע פאר אידישע ערד ארבייטער, 1,285,000 מארק.

ווי געזאגט זענען דאס נאר ספעציעלע געלדער וועלכע נעהמען נישט אריין די שטיצע פון דעם מין, וואס יעדער קאמי־טעט באזונדער גיעט צו זיינע לאקאלע קאאפעראטיוון, בעלי־מלאכות און ערד ארבייטער.

## קורלאנדער אידען דאנקען פאר מצות

די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע האט נעכטען געקראגען פאלגענדע קיי־בעל פון ראבינער נוראק אין ליבוי:

„די מצות זענען אנגעקומען און פאר ריקאנער אידען דעם הערצליכען דאנק פון די קורלאנדער אידען.

ראבינער נוראק.

## געלד ארויסגעשיקט קיין לי־בוי, ריגא און קאוונא.

פון ווארשעווער אפיס פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע איז נעכטען אנגעקומען פאלגענדער קייבעל; „דער מיטגליעד פון דעם יוניט קאופ־מאן איז מאנטאג, דעם 29־טען מארץ ארויסגעפאהרען מיט די הילפס געלדער און פריוואטע זענדונגען קיין ריגא, לי־בוי און קאוונא".

## די דרייפוס קיכען אין ירושלים

א זעהר כאראקטעריסטיש בילד פון דער נויט, וואס הערשט אין ירושלים, און דער פארשיעדענפארביגקייט פון דער אידישער באפעלקערונג, וואס נוי־טיגט זיך אין הילף, גיעט דער בא־ריכט פון די דרייפוס קיכען, וואס די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע האט איצט באקומען.

צווישען די וואס קומען נאך ברויט, זופ און מעהל אין די קיכען געפינען זיך נייעס 3 אידען פון אלע לענדער און פון יעדען מין. עס איז גענוג בלויז צו געבען עט־ליכע צעטלען פון די, וואס קומען נאך מיטאגען און מעהל, אזוי ווי זיי ווערען אנגעגעבען אין באריכט, כדי עס זאל זיך באקומען דאס פולע בילד.

אין פארלויף פון די לעצטע פיער חדשים — דערצעהלט דער באריכט — זענען אויסגעטיילט געווארען 154.200 מיטאגען פון זופ און ברויט צו פאלגענ־דע תלמוד תורה'ס: עץ חיים, חיי עולם, מאה שערים, ישיבת ציון, ספרדים, דורש ציון, תימנים, מאראקאנער, בוכארער און בבל'ער, גרוזינער און פעסיער און צו די שולען: אליאנס שולע פאר יונגלעך, האנד ווערקער שולע עוועלינא דע ראטשילד־שולע העברעאישע קינדער שולע און דעם קינדער גארטען ביי דער ספרדישער תלמוד תורה.

115.938 פארציעס מעהל און זופ זענען אויסגעטיילט געווארען צו די ארי־מע פאמיליעס פון פאלגענדע קהילות: פראים חסידים ספרדים, פאראקאנער, אלעפא און גרוזינער, תימניער און פליכט־לינגע פון איראפא.

40,000 קילאגראם מעהל זענען אויס־געטיילט געווארען צו רבנים, ארימע פא־מיליעס און ישיבות סי פון דער אשכנזי־שער אזוי אויך פון דער ספרדישער גע־מיינדע, צווישען זיי אלמנות, יתומים, פליכטלינגע, ארבייטער, קרעמער, הענד־לער פון מאראקאנער, גרוזינער תימניער פערסיער און צו די רבנים און תלמידים פון די פאלגענדע ישיבות: אהל משה, אור חדש, חיי עולם מאה שערים עץ חיים שערי השמים, תורת חיים.

## באראנקט פון פוילען

די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע האט נאר וואס ערהאלטען אן אפיציע־לע קאמוניקאציע פון פוילישען מיניס־טער פאר געזונדהייט, אין וועלכען די קאמיטע ווערט געדאנקט פאר איהר ביי־טראג צום רעליעף פאנד פאר קינדער אין פוילען. דער בריעף לעזט זיך ווי פאלגט:

„צו דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע, 20 עקסטשיינדזש פלייס, ניויארק סיטי.

„געעהרטע העררען,

„אין נאמען פון דער פוילישער רע־פובליק און פון דער מלוכה קאמיטע איבער קינדער רעליעף, האב איך די עהרע צו אדרעסירען צו דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע אונזער טיעפ־סטען דאנק. די פוילישע אפטיילונג פון דעם אייראפייאישען קינדער פאנד וואס די אמעריקאנער רעליעף אדמי־ניסטריישאן פערוואלטעט האט אונז געמעלדעט וועגען אייער גרויסמוטי־היגען ביטראג צו דער קינדער הילף ארבייט אין דיזען לאנד.

„אונזערע פריינד אין אמעריקא מיט זייערע גרויסע הומאניטארע פלענער גיבען ניט נור לעבען און געזונד צו

(שלום אויף פיידוש 6)

# דער טאג
**The Detroit Jewish Daily**

Published Daily by WEG PUBLISHING CO.

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. 1?? authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. — DETROIT, MICH., Friday, April 16th 1920 Vol. 2, No 54 — פרייטאג אפריל 16, 1920


# 30 סטרייק־פיהרער ארעסטירט אין שיקאגא

שיקאגא, אפריל 15. — דזשאהן גרונא, דער פרעזידענט פון דער שיקאגא יארד מענס אסאסיאיישאן, איז ארעסטירט געווארען פון פעדעראלע אגענטען, וועלכע זיינען היינט באפאלען א מיטינג פון די סטרייקער, וועלכען גרונא האט אדרעסירט.

צוזאמען מיט גרונא'ן זיינען אויך ארעסטירט געווארען נאך 6 פאלגענדע סטרייק־פיהרער:

דזשאזעף סקאט, טראסטי פון דער שיקאגא'ר יארדמענס אסס'ן; א. וו. קייסי, סעקרעטער; מארטין, דזש. קעני, וויס־פרעזידענט פון לאדזש נומ. 3 שיקאגא יארד מענס אסס'ן, א. לאראבעל, טראסטי פון דער אסס'ן און מייקעל עלגאס, טרעזשורער פון דער אינדזשינמענס אסאסיאיישאן.

ווארענטס זענען ארויסגעגעבען געווארען צו ארעסטירען נאך 23 סטרייק־פיהרער. אלע ווארענטס זיינען באזירט אויף דער איבערטרעטונג פונ'ם אזוי גערופענעם „לעווער עקט".

א וויטערער באריכט מעלדעט, אז די 23 זיינען שוין ארעסטירט.

די רעגירונג באריהמט זיך, דאס מיט'ן ארעסט פון דיעזע 30 סטרייק פיהרער האט זי געבראכען דעם סטרייק.

## וויטערע באריכטען אז דער סטרייק אין דער וועסט איז געבראכען

שיקאגא אפריל 15. — וויטערע באריכטען פון אייזענבאהן־צענטרען אין דער צענטראל־וועסט און אויף דעם פאסיפישען ברעג, ווייזען, אז דער סטרייק אין די דאזיגע געגענדען זיינען כמעט געבראכען.

אין דער זעלבע צייט קומען אלץ מעהר באשטעטיגענדע באריכטען פון אהייא סטייט, אז דארטען איז די לאגע וויט נים פרעהלאך. נאך טויזענדער ארבייטער זיינען ארויסגעשטויסען געווארען פון פארשידענע סעקטארים, אלס רעזולטאט פון דער דעמאראליזאציע אין דעם באהן־פארקעהר.

אויף ווי וויט אמת עס זיינען די באריכטען, אז אין צענטראל וועסט איז ...

דער סטרייק כמעט געבראכען, איז שווער צו זאגען. די סטרייקערס אליין לייקענען דאס אפ. זיי זאגען, אז זייערע רייהען זיינען געבליבען שטארק און אין דער זעלבער צייט לייקענען זיי ענטשיעדען אפ פאלמער'ס באשולדיגונג, אז א ראדיקאלער איינפלוס שטעהט הינטער'ן סטרייק.

## פאלמער זעהט א „רויטען" איינפלוס אין באהן סטרייק.

וואשינגטאן, אפריל 15. — אטארני דזשענעראל פאלמער האט היינט ארויס געגעבען א סטייטמענט, אז די זעלבע ראדיקאלע קרעפטען, וועלכע זיינען געווען פאראנטווארטליך פאר'ן שטאהל סטרייק שטעהען אונטער'ן סטרייק.

מר. פאלמער האט דערצעהלט, אז באריכטען זיינען אנגעקומען צום דעפארטמענט אוו דזשאסטיס, וואס באווייזען, אז וויליאם ז. פאסטער, א פיהרער פונם דורכגעפאלענעם שטאהל סטרייק, קארל פעטערסאן, א. ע. ראוז און אנדערע ראדיקאלען, זיינען פארבונדען מיט־דער אנפיהרונג פונ"ם איצטיגען סטרייק

## „פאלמער איז א ליגנער" זאגט פאסטער

פיטסבורג, אפריל 15. — „אטארני דזשענעראל פאלמער איז א ליגנער און איך האב א גרויסען פארדאכט, אז ער וויים עס. זיינע באשולדיגונגען געגען מיר ווי באריכטעט אין די צייטונגען, זיינען ניט מעהר ווי בלאף.

## דעטראיטער פעדעריישאן אוו לייבאר נעהמט אויף דעם סטרייק

די דעטראיטער פעדעריישאן אף לייבאר, האט ביי איהר מיטינג לעצטען מיטוואך אווענט אנגענומען א רעזאלוציע, צו שטעהן „מיט הארץ און נשמה" צו שטיצען די סטרייקענדע באהן ארבייטער.

די רעזאלוציע, וועלכע איז פארגעשלאגען געווארען פונ'ם ביזנעס־אייזשענט, מר. פרענק מארטעל, לעזט זיך ווי פאלגט:

„די דעטראיטער פעדעריישאן אף לייבאר, דריקט אוים צוטרויען און סימפאטיע צו די סטרייקענדע באהן ארבייטער און באגריסט די ארט און ווייזע ווי דער סטרייק ווערט געפיהרט. די סטרייקער האבען אויפגעריהרט די עפענטליכע מיינונג פון אמעריקא און געווען ווי באוויזענסווערטיג זיי זיינען באהאנדעלט געווארען פון די יעניגע, וועמען פליכט עס איז געווען צו זעהן, אז זיי זאלען קריגען אן אנשטענדיגען לוין פאר זייער ארבייט.

„זאלען די סטרייקער זיך ניט שרעקען, וואס זייער האנדלונג האט געבראכט דערצו, אז אנדערע אינדוסטריען זאלען אפגעשטעלט ווערען. מיר פאר־שטעהן זייער קאמף און מיר זיינען הארץ און נשמה מיט זיי".

צווישען אנדערעם ווערט אויך אין דער רעזאלוציע באדויערט, דעם פאקט, וואס די צייטונגען זיינען ארוים מיט באהויפטונגען, אז דער סטרייק איז גערופען געווארען אהן דער סאנקציע פון די באאמטע פון די אינטערנייש'אנאל יוניאנס, וועלכע די סטרייקענדע באהן־ארבייטער זיינען מעמבערס דאס ווערט פון דער היגער פעדעריישאן נענצליך אפ געלייקענט. זי ערקלעהרט, אז די וואס האבען גערופען דיעזען סטרייק האבען בלויז געטאן א פליכט, וואס מאנכע יוניאן באאמטע האבען ניט געוואלט טאן, באלד נאך דעם ווי עס־קאמינג ביל איז דורכגעגאנגען.

די רעזאלוציע באשולדיגט אויך מאנכע ארבייטער־פיהרער אין אפענער סטרייק־ברעכעריי.

## לענדלארדס וועלען מוזען אויס־הערען קלאגעס פון טענענטס

קומענדען מאנטאג, 2 אזייגער בייטאג, וועט אין סיטי קאונסיל פארקומען א פארהער וועגען הויכען רענט. א מענליבקייט וועט דאן געגעבען ווערען די לענדלארדס צו „ערקלעהרען" די אורזאכען, ווארום זיי רייסען די הויט פון זייערע טענענטס. נעגען די לענדלארדס וועלען ארויסטרעטען זייערע טענענטס, פאליציי, מיידזשאר ראיהעל, הויפט אינטערזובער פון העלטה דעפארטמענט, ה. מעקפערסאן פון דער קאמיונ'טי יוניאן, און דזש. סייערס, אסיסטענט פראסעקיוטאר.

נאך א לאנגער דיסקוסיע אין קאונסיל איבער דער רענט פראגע, האט מען ...

קאונסילמאן סיימאנס האט דאן באהויפטעט, אז מען באשולדיגט אומזיסט די לענדלארדס און אז איהם אליין זענען באוואוסט פיעל פאלען, וואו די לענדלארדס האבען קיין געלט ניט געמאכט.

קאונסילמאן נאגעל האט געזאגט, דאס מיר קענען קיינע געזעצע נעגען הויכען רענט ניט אננעהמען און אלץ וואס מיר קענען טאן איז עפענטליך צו פארדאמען די לענדלארדס וואס נעהמען צו הויכע רענט, אלס פראפיטירער, אזוי דאס זיי זאלען זיך שעהמען.

סטייטמענט, וואו עס ווערט געזאגט, דאס דער איינציגער ווירקזאמער מיטעל געגען דער ארגיע פון רענט פראפיטירונג וואלט געווען א געזעץ געגען הויכען רענט, אבער איצט, ווען אזא געזעץ איז ניטא, איז אלץ, וואס די געזעלשאפט ליבע באאמטע קענען טאן איז עפענטליך צו פארדאמען די הויט שינדעריי פון די לענדלארדס.

„די רענט שווינדלער און אנדערע פראפיטירער גיסען איינפאך געזאלץ אויף דעם פייער פון אומרוהה, וועלכער ברענט שוין אזוי אויך גענוג — זאגט זיך א'ן סטייטמענט — דיעזע פראזיטען ...

### רענט־שווינדלער בעסטע פראפאגאנדיסטען פון באלשעוויזם, זאגט אסיסטענט פראסעקיוטאר

## אויף דעטראיטער גאסען

מאן געפונען באוואוסטלאז מיט 16 מעסער־שניטען אויף קליוולאנד עוו.

ניק לאפוט, פון 145 קליוולאנד עוו., איז נעכטען פריה געפונען געווארען פון א פאליסמאן אין א באוואוסטלאזען צושטאנד, מיט 16 מעסער שניטען אויף זיין קאפ, פלייצע און זייטע, נעבען א פארקאן ניט ווייט פון זיין היים.

לאפוט האט פארלאזען זיין הויז ארום 6:30 נעכטען פריה, און צוויי אומבאקאנטע מענער, וואס זיינען געלעגען באהאלטען הינטער א פארקאן, זיינען איהם באפאלען מיט מעסערס און איהם געמאכט 5 וואונדען אין קאפ 8 אין פלייצע און דריי אין זייט.

מען דענקט אז ניט רויבעריי איז געווען דער מאטיוו פון דער אטאקע, נאר נקמה א שנאה.

לאפוט איז פארהייראט און האט 2 קינדער. דאקטוירים גיבען ניט קיין האפנונגען, אז ער זאל בלייבען לעבען.

6 יאהריג אינגעלע דער'הרג'עט פון אן אויטאמאביל

לעא קאפאנסקי, 6 יאהר אלט, פון 88 רוזוועלט עוו., איז נעכטען געשטארבען אין רעסיווינג האספיטאל נאך דעם ווי ...

## אידישע הונגער־סטרייקער באפרייט

## נענעראל סטרייק צוריקגערופען

## פיפל'ס רעליעף באנייעט קאמפיין פאר קינדער היימען

## טעלעפאן קא. וויל העכערען דעם פרייז

## מילך הענדלער בעטען זיך אי בער און פאלגען אוים באפעהל

## ביי דער „ק'?"? אסס'ן

## מיטינג פון מוטערס ארגאניזאציע

## וועגען לעבעוויץ'ער רעליעף

מוט אלעם בין איך גרייט איהר אומקעה־
רען איהר טאָכטער. אויב זי לעבט נאָך
לאָז זי זעהן, לאָז זי וויסען אַז איך בין
ניט אַ מערדער..

פיאָדאָר מיט אהרן'ען האָבען זיך גע־
נומען ערנסט דערצו, און באַלד איבער־
גענעבען די גאַנצע ריעלאַ פון חייקען
מיט דעם רויטען בעל עגלה דעם סליערא־
ואַטעל די סליערסטווא האָט אַל מאָהל
באַקומען מעהר נייע פאַקטען ווי ווי גי־
בען זיך אַב מיט דעם מסחר פון אַ סך
יאָהרען און האָבען שוין אַ סך אומשול־
דיגע מיידלעך אומגליקליך געמאַכט. ווע

נען דעם פאַקט וואָס רחל איז פאַרפאַלען
געוואָרען ווי אין וואַסער אַריין, האָט
אהרן מיט נאָך עדות דערוויזען ווי זי
האָט זיך געפונען ביי חייקען אין שטוב,
דורך אַ סך בריעף וואָס ער האָט געפו־
נען האָט מען זיך דערוואוסט ווי לעדער
באַרג פון אהעם מיט זיין גאַנצער חברה
זענען פאַרמישט אין דעם פאַרקויפען די
דריי מיידלעך, נאָך מעהר האָט געפינען
די אויגען אהרקע סיבירניק וועלכען מען
האָט אַרויסגערופען פון סיביר פאַר איין
עדות, ער האָט מיט פייער דערצעהלט
פון אלע פאַרברעכען און דעם גידערינגען
מסחר.

---

# ראָזענפעלד'ס
## רוסישע טערקישע באַד

פאַר אַלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע בעהאַנדלונג
גרויסע וואַנעס
צוויי כשרע מקוואות
טוויין פאַר פרויען יעדען מיטוואָך. 1846 אַלפּיער סט. ביטווין ענטווין און בוביען.

---

נייעס פאַר אָקלאַנד!
אַ פּערסט קלעס קלינינג, ריפּיירינג און טיילאָרינג שאָפּ ווי אויך
דרעסמייקינג האָט זיך געעפענט
— אויף —
# 759 אָקלאַנד
ניער וועסטמינסטער, נעקסט צו דער קאָ־אָפּעראַטיווער בעקערי אונטער דעם נאָמען
**The Sunlight Cleaning and Dyeing Co.**
אונזער גוטע אַרבייט און מעסיגע פּרייזען וועלען איך מאַכען פאַר אונזער שטענדי־
גען קאַסטומער.

---



אונזערע ספּעשעל מאַשינען סיווען אַרבייט.

אונזערע איבערגעבילטע מאַשינען סיווען גלייך.

## קויפט פון מאַנופעקטשורער און סייווט דעם ריטייל פּראָפיט

מיר פאַרקויפען די בעסטע אין דער ליין פון נעה מאַשינען
פיר יעדער סטיטשינג אַפּרייקשאַן, אַ חוץ די נייע און ספּעשעל
נעה מאַשינען פאַרקויפען מיר אַ ביסעל אַבגעניצטע מאַשינען.
דאָס גיט אייך אַ געלעגענהייט צום סייווען פיעל געלד דערביי!

**A. C. Payer**
119 E. Jefferson — טעלעפאָן טשערי 1813

---

# שוואַרץ'ס פאַרנסוואָרט
## רוסיש־טערקישע, עלעקטרישע באַד

מיט גרויסע מאַרבעל וואַנעס, 2 כשר'ה מיקוואות, עלעקטריק קעבינעטס. גוט פאַר
פאַרקיהלונג, רומאַטיזם, בראַנקייטעס און פאַר אַלע וועלכע ווילען האָבען אַ גוטע
בלוט סירקולייש אַן. זעהר אַ שעהנע רעסטינג רום פאַר שלאָפען נעכט. מיר פאַר־
זיכערן אויך די בעטען וועכענטליך פאַר ריזאָנייבל פּרייזען. סטריקטלי ריין און
גוטע בעהאַנדלונג.

260 פאַרנסוואָרט־צווישען הייסטינגס און סט. ענטווין
שוויץ פאַר פרויען יעדען מיטוואָך

---




**JUDGE GAINEY**
HAVANA [C]IGARS
NORMAN BROS. 973 MICHIGAN WEST 2170

---

# עניים ואביונים
## אדער גליקליכע און אומגליקליכע

ראָמאַן — פון מרדכי ספּעקטאָר

(פאָרזעצונג)

— לאָה! האָט ער געזאָגט מיט אַ צי־
טערדיגן קול, איהר דאַרפט ניט־געהן און
קענט גאָר ניט טהאָן, איהר זייט אָרים
און קראַנק. ניט איהר זענט אין שטאַנד
אויסצוהעלפען אומגליקליכע. איהר
זענט אליין צופיעל אומגליקליך. איהר
דאַרפט זיך אָברוהען איהר זאָלט ווערען
געזונד. איהר וועט נאָך אַ סך לעבען. עס
וועט אייך נאָך זיין גוט און אַ סך גוטס
וע[ט]. איהר לעבט ניט אומזיסט און
זענט ניט קיין פאַרפאַלענע ווי איהר
מיינט. איהר האָט פאַר מיר אַ נייע וועלט
אויפגעעפענט. איהר וועט אלעס שפּע־
טער וויסען, ביז אהער איז אלעס געווע־
זען פאַר יעדען פינסטער. איצטער איז
אַ[ל]ץ אָפען, אַ סך דערצעהלען דאַרף איך
אייך ניט, עס איז איבריג. איך קען אייך
נאָר זאָגען אויב עס וועט נאָך זיין אַ
מעגליכקייט וועט איהר נאָך זעהן אייער
קינד און ר' זלמן'ס טאָכטער אויך..

נים מיט איהר קול האָט זי עפּעס
[ג]עוואָלד אויסגעשריען פאַר פרייד. זי איז
[א]יבער פון בעט ניט אַראָבגעפאַלען און
זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד. זי איז
אַריינגעפאַלען אין אַ גרויס היץ און גע־
יערט פון פייער.

ער האָט געזעהן אַז ער האָט געטאָן
אַ גרויסען פעהלער וואָס. ער האָט איהר
אַזוי פּלוצים געזאָגט. ער האָט אַזוי פיער־
ניט געוואוסט אַז דאָס קען אייף איהר
אַזוי שטאַרק ווירקען. ער איז שוין ניט
אוועקגעגאַנגען ביז דער דאָקטאָר איז
געקומען. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז
ווען זי זאָל ניט זיין אַזוי שטאַרק שוואַך,
וואָלט דאָס באַלד איבערגעגאַנגען. נאָר
אַיעט האָט ער פאַריכערט אַז ביז מאָר־
גען וועט דאָס איבערגעהן. און ווי דער
שטייגער אי באַרוהיגט אהרנען אַז זיא
וועט גיך אין גאַנצען ווערען געזונד.

### 23
### אין אַ קליינער צייט אַרים

אַכט טאָג איז אוועקגעגאַנגען פון
דער צייט און אהרן האָט אויסגעפּיעט פון
אַלעם געוואָהר צו ווערען. אין אַנהויב
ווי באַלד ער איז פון לאה'ן געוואָהר גע־
וואָרען וואָס פאַר אַ לייט עס זענען הייי־
קע מיט איהר אידים דעם רויטען בעל
עגלה האָט ער זיך באַלד דערמאָנט אין
דעם אומגליקליכען מיידעל רחל וואָס
איז אַנטלאָפען פון דעם סטעפּקיווער פאַ־
גראָם און ער צוזאַמען מיט דיא פאַר־
שוינגען פון דעם רויטען בעל עגלה האָבען
זי באַגעגענט אין וועג און זי מיטגענומען.
ער האָט אָנגעהויבען צו פאַרשטעהן פאַר
וואָס דער בעל עגלה האָט איהם אַזוי איינ
געדעדט אַז דאָס מיידעל זאָל דערווייל
בלייבען ביי איהם און ער וועט זי אַבי־
פיהרען צוריק אהיים. מיט איין וואָרט
און די אַכט טאָג איז ער געוואָהר געוואָ־
רען ווער די רחל פון סטעפּקיווע איז. ווי
איהר רייכער חתן סאָלאָמאָן ווילט זי, ווי
מיט ליבט און ער געפינט זיך צוריעב
דעם אין אָדעס, ווייל ער האָט געהאָט ווע
גען דעם אַ שטיקעל ידיעה, און אייך אי־
בער דעם ווייל אין דער צייט זינט עס
האָבען זיך אָנגעהויבען די פּאָגראָמען, און
אַ סך אידישע טעכטער זענען געוואָרען
אָרים און עלענד, האָט זיך דער שרעקלי־
כער מסחר אין אָדעס אָנגעהויבען גרע־
סער צופיהרען, אַזוי אַז מען האָט וועגען
דעם שטאַרק אָנגעהויבען רעדען אין דיא
היגע פענסטער. די רעגיערונג האָט אויך
פון דער צייט אָנגעהויבען באַקומען אַ
סך ידיעות פון דעם מסחר, און אין דער
אָדעסער סיסקנאַיע פּאָליציע האָט מען
פאַרמעהרט די צאָהל פון די סיסקנאַיע
אַגענטען ווי זאָלען געפינען דיא פאַר־
ברעכער..

בכלל איז די געשיכטע ווי דעם רייכען
סאָלאָמאָנ'ס כלה איז פאַרפאַלען געוואָרען
ווי אין וואַסער אַריין, געווען באַקענט
יעדען אין דעם גאַנצען געגענט פון ר'.

אהרן האָט באַלד איבערגעגעבען פיא־
דאָרען אַז לאה איז דאָ אין ר'. אויף איהם
האָט דאָס נייעס ניט ווייניגער געווירקט
ווי אויף לאה'ן ווען ער האָט איהר צוגע־
זאָגט צו ברענגען איהר טאָכטער.

— קען דאָס זיין, האָט פיאָדאָר מיט
ציטערניש געפרעגט, און אין אַזאַ שרעק
ליכער לאַגע זאָגסטו געפינט זי זיך איצט
[ד]י ליגט אין הקדש! מיט אַלעם וואָס איך
פאַרמאָג נאָר, בין איך גרייט איך זאָל
די אומגליקליכע העלפען. לאָמיר געהען
צו איהר, איך וויל זי זעהן, איך וועל פאַ־
לען פאַר איהר. זי בעטען און וויינען זי
זאָל מיר מוחל זיין, איך בין גרייט אויף
אַלעס.

— זי ווייסט ניט אַז דו ביזט דאָ.
מיר האָבען דערמאָנט דיין נאָמען נאָר
זי וויל ניט הערען מעהר פון איהם.

פיאָדאָר איז געוואָרען בלאַס ווי די
וואַנד. ער האָט ניט געקענט רעדען פאַר
גרויס איבערראַשונג און שרעק, און האָט
אַלעס ווייטער איבערגעהזערט: זי וויל
מיין נאָמען ניט דערמאָנען! אַ ווי שטאַל
און שלעכט זי איז. זי וויל נאָר ניט
רחמנות האָבען אויף מיין האַרץ וואָס
קוועהלט זיך אפשר ניט ווייניגער ווי
זי אין גאַנצען אויף דער וועלט. זי רע־
כענט זיך פאַר דער נידריגער אָרימער
פרוי און שטאָלצירט אַקעגען מיר! אַז
די אביונטע וויל מיין נאָמען ניט דער־
מאָנען, עס שטעהט איהר ניט אָן מיט
מיר זיך צו באַגעגענען, זי אַנטלויפט פון
מיר, זי וויל פון מיר ניט וויסען, אָ! דאָס
איז שרעקליך! איך קען עס ניט איבער־
טראָגען.. בין איך דען נידריגער פון
איהר?

ער האָט זיך באמת איצטער געפיהלט
נידריגער פון דעראָרימערלאָה!

אהרן האָט זיך דערשראָקען פאַר איהם
ער האָט קיין מאָל ניט געזעהן אויף
איהם אַזאַ שרעקליך געזיכט. עס האָט
איהם זעהר באַנג געטאָן וואָס ער האָט
איהם נאָר אויפגעבלאָזען זיינע אַלטע
וואונדען נאָר עס איז שוין געוועזן פאַר־
פאַלען, ער האָט שוין געמוזט איהם ווייי־
טער דערצעהלען. פיאָדאָר האָט עס פון
איהם געפאָדערט און ער האָט ניט גע־
קענט אַבזאָגען און ווייטער האָט ער באַ־
דאַרפט האָבען פיאָדאָרן ער זאָל איהם
מיטהעלפען גליקליך מאַכען די אומגליק־
ליכע לאה.

און ער האָט איהם איבערגעגעבען
אַלעס וואָס לאה האָט איהם דערצעהלט.
אַלעס וואָס זי האָט איבערגעלעבט, אי־
בערגעליטען און איבערגעטראָגען.

— און שטעל זיך פאָר, האָט אהרן
ווייטער גערעדט, זי וויל זיך ניט לאָזען
דערקענען צו איהרע עלטערן, צו איהרע
פריינד. אַ גליקוואָס איך האָב זי דער־
קענט.

דאָס איז שרעקליך! אי האָב זי ניט
געקענט פאַר אַזאַ שלעכטע. זי זאָל קענען
אַזוי לאַנג געדענקען וואָס יענער האָט
איהר געטאָן שלעכטס, נאָר פאַר וואָס
איז זי אין כעס אויף איהרע עלטערן,
אויף איהרע פריינד?

— ניין די האָסט אַ טעות, לאה איז
נאָר ניט אַזוי שלעכט ווי דו מיינסט. צו
די עלטערן האָט זי גאָר ניט, נאָר אי־
בער צוויי אורזאַכען וויל זי זיך צו זיי
דערווייל ניט דערקענען. ערשטענס וואָנט
זי, אַז זי וויל ניט אויפרייסען די אַלטע
וואונדען, לאָזען זיי זיך לעבען האָטש
אויף דער עלטער רוהיג. און צווייטענס
וויל זי קיינער זאָל זי ניט שטערען צו גע
פינען איהר קינד. איהרע עלטערן וואָל־
טען ניט דערלאָזט..

פיאָדאָר איז איהם אַריינגעפאַלען אין
דיא רייד:

— וואָס פאַר אַ קינד, זי האָט דען אַ
קינד, זי האָט דען אַ מאַן?

— ניין, זי האָט ניט קיין מאַן. איהר
קינד דאַרף שוין איצטער זיין אַ מיידעל
פון אַ יאָהר 14 און אפשר 15. האָט
אהרן געזאָגט און אַראָבגעלאָזט די איי־
גען אויף דער ערד. פיאָדאָר האָט אויך
אַראָבגעלאָזט די אויגען אויף דער ערד.
פיאָדאָר האָט אויך אַראָבגעלאָזט דעם
קאָפּ.. נאָר באַלד האָט ער זיך אויפגע־
כאַפּט:

— דאָס קינד איז מיין טאָכטער!
וואו זשע איז זי, וואו איז זי פאַרפאַלען?
זאָג וואו איז זי? קוועל מיך ניט, איך וועל
געהן צו איהר, איך וועל איהר זאָגען אַז
איך בין איהר פאָטער, זי אי מיין טאָכ־
טער.. אי קוועל קענען שוין לעבען רוהיג.
איהר מוטער וועט אויך זעהן, אַז איך
בין ניט אַזאַ מערדער ווי זי האַלט מיך.

אהרן האָט איהם דערצעהלט אין וואָס
פאַר אַ שרעקליכע האַנד זיין טאָכטער
מיט ר' זלמנ'ס טאָכטער געפינען זיך.
ער האָט איהם אויך באַקאַנט מיט דער
גאַנצער קאָמפּאַניע סוחרים, וועד חייקע
די מעקלערין איז אויך ווי איהר אידים
דער רויטער בעל עגלה האָט התמנות גע־
קריגען אויף דעם מיידעל וואָס איז אַנט־
לאָפען געוואָרען פון סטעפּקיווער פאָג־
ראָם. מיט איין וואָרט ער האָט איהם
ענטדעקט אלעס און דערוויזען ווי 2 איז
4 אַז מען קען די גאַנצע חברה איבערגע־
בען פאַר סוד און די אומגליקליכע קינ־
דער ראַטעווען.

— דו קענסט זיך נאָר ניט פאַרשטע־
לען, האָט אהרן געזאָגט ווי גליקליך דיא
אומגליקליכע מוטער וואָלט זיך געפיהלט
ווען זי זאָל קענען זעהן איהר קינד, קראַנ
קערהייד רייסט זי זיך פון בעט. זי וויל
אליין לויפען און געהן.

— איך האָב אומגליקליך געמאַכט
לאה'ן נאָר איך וועל י גליקליך מאַכען.

---

דער בעסטער מוהל אין שטאָט
און מסדר קידושין
חזן דוד גאָלדען



אין 248 איסט האַי סטריט
טעלעפאָן, מעין 4420

---

גיט אייערע קינדער אַ מאָדערנע אידי־
שע־ערציהונג, שיקט זיי אין דער מענ־
דערע פאָלקס שולע 204 איסט הענ־
קאָק. עס ווערען געעפענט נייע קלאַ־
סען פאַר אָנפאַנגערס, אויך שיקער פיר
די העכערע קלאַסען, אין שולע לע־
רענט מען אידיש העברעאיש. געשיכ־
טע און ליטעראַטור. די שולע איז אָפען
יעדען טאָג פון 4 ביז 7 זונטאָג פון 9
ביז 12.30

---

באַקאַנטמאַכונג —
רעוו. אַ. קאַצער
וואָס איז רעקאָמענדירט פאַר'ן
בעסטען
מוהל
זייט די לעצטע 20 יאָהר
האָט געמופט פון 263 פאַרנסוואָרט
אין
140 מערטין, קאָר. בראָש
טע־עפאָן: מאַרקעט 827

---

דר.
ה. סטאַריקאָף
דענטיסט

דער פּלאַץ פאַר גוטע אַרבייט
גוטע בעהאַנדלונג — ליבעראַלע
פּרייזען.
490 הייסטינגס סטריט

---

אָקלאַנדער אידען
פיקסען זייערע
ציינער
ביי
**Dr. H. Goodman**
דענטיסט
געמופט פון 427 וואָדוואַרד
737 אָקלאַנד עוו.

---

# פאָרד קאַרס
# און אַנדערע קאַרס

קומט און קליבט אויס פון
אונזער גרויסען סטאָק. מיר
קויפען פאַר קעש און פאַר־
קויפען אויף לאַנגע
טערמינען

**Maurice W. Fox Co.**
**Boulevard Near Oakland**

---

פאַר סמוקערס מבינים
**DURAND**

שוין 25 יאָהריגע רעפּוטאַציע. נע־
מאַכט נאָר פון רייננער האַוואַנאַ.
פּרייזיט היינט אַ דוראַנד. איהר וועט
ניין חרטה ניט האָבען. פאָדערט דעם
דוראַנד ביי אייער דוילער.

**DAVIS CIGAR MFG. CO**
געמאַכט אין דעטראָיט.

---

קאַפּלאַנ'ס באַרגיין סטאָר
483 הייסטינגס סטריט
פּעכט איהר קויפען אַלעס פון די פאַל
נעגערע ליינס:
קאַמפּלים דרעס גודס ליין פון סילקס,
וואָלענס און קאָטין גודס. פערשיעדענע
פענסי אַרטיקלען ווי, בעד ספּרעדס, קורר
טענס; טייבעל קאַווערס; שעמס און
סקאַרפּס. קאַמפּלים ליין אין ליידיס פענ־
סי אַנדערוועהר און קאָרסעטס. מענס
פאַרנישינגס און אַנדערוועהר.

ספּעשעל! ספּעשעל!
אַ גרויסער אַסאָרטמענט אין וואָלענס
פאַר מענער און ביייס סוטס און קאָטס.
אַ קאַמפּלים ליין פון טיילאָר און דרעס־
מייקערס טרימינגס.

---

קוואָסעלאָוו און קאַטליערס
האָלסייל און ריטייל
דריי גודס, מענס און ליידיס
פיירנישינגס, נאָטי גודס א. ז. וו.
454 הייסטינגס סטריט

---

צום דעטראָיטער פּובליקום!
יעדער איינער דאַרף וויסען: אַז אויגען
זיינען די איידעלסטע אָרגאַנען אין דעם
מענשליכען קערפּער. ווען איהר ליידעט
פון אייגענער וועלכע קאָפּשמערצען אדער
נערוועזיטעט, דאַן נעהמט צו אַן ערנסטען,
ערהליכען אָפּטאָמעטריסט, ער וועט אייך
אָרנטליך און וויסענשאַפטליך צופּאַסען
די נייטיגע ברילען.

די ריכטיג צוגעפּאַסטע ברילען וועט
אייך ערלייזען פון אלע אייערע טראָבעלס.
געהט צו אייער גוט באַקאַנטען

אָפּטאָמעטריסט
**Frosh O. D.**
אין 204 קלינג'ס בילדינג וועלכע געפינט
זיך אין 308 הייסטינגס סט. קעגענאיבער
עהרליך'ס דזשועלערי סטאָר.

---

# דר. ל. ע. בעלער

ספּעציאַליסט אויף אויגען, אויערען,
נאָז און האַלדז קראַנקהייטען, 164
גרעשיאָט עוו קאָפּען טעאַטער בלדג.
טעל. מעין 2702

---

# שעכטער'ס
## דראָג סטאָר

477 הייסטינגס סט.
טעלעפאָן, טשערי 5763
פּריסקריפּשאָנס פּאַרפּערטעט מיט
די גרעסטע פּינקטליכקייט
צו יעדער צייט

---

רעוו. ל. ה. רייכלין
פון אהבת אחים שוהל
(אָקלאַנד)
עהמט אָן: סדור קידושין
און אַנדערע שמחות מיט די בעסטע
עיפערידענהייט.
511 קעמעראָן עוועניו
טעל. העמלאָק 1130 דאָבעליו

---

מאָשען־פּיקטשור אָפּערייטאָרס
לערענט זיך פאַר
לייכטע און ריינע אַרבייט, קורצע שטונ־
דען, גוטע ווידזשעס קוואַליפיקיישאַן
גאַראַנטירט.
**Movie Operator's School**
**33 Sproat St**
מאָנטאָג, מיטוואָך און פרייטאָג
7:30 אָבענד.

---

איינגאַרישער כשר רעסטאָראַן
בעסטע איינגאַרישע מאָכלים;
דזשיי סיגעל און באַרשי
אייגענטהימער
387 הייסטינגס סט.

---

TELEPHONE CANAL 197
VIENNA SAUSAGE MFG. CO.
Manufacturers of the Celebrated Vienna Pure Hygeia Beef Sausages, Smoked & Pickled Beef Tongues, Etc.
1215-1217 S. HALSTED ST. CHICAGO.

אונזערע
דעטראָיטער אַגענטען
זיינען
דזשיי לעפּקאָווסקי און סאָנס
בראָדוויי מאַרקעט

---

צו אַלע דעטראָיטער פּעדלערס!
— די —
סטענדערד באַרעל קאָ.
האָט געמופט דעם אָפיס אין
52 נאַפּאָלעאָן סט.
טעל. טשערי 8158
מיר צאָהלען די בעסטע פּרייזען פאַר
אַלערליי באָטלס.
דוד האָפמאַן, מענעדזשער

---

# CLASSIFIED

**אַ 12 אַפּאַרטמענט.** סאָליד בריק,
צו פאַרקויפען: דריי יאָהר געבילט
אַלעס מאָדערנע. געפינט זיך אין אַ גו־
טען געגענד קליינע מאָנאַטליכע פּיי־
מענטס. גוטע איינקונפט. איינצאָהלען
$7000 פּרייז זעהר בילינ פאַר איינ־
צעלהייטען פרעגט העמלאָק 231 רז.

**8 פעמיליע** פריים, כמעט נייע; אויף
דער וועסט סייד. 5 רומס און באַטה,
סטים היט. רענט $60,00 איינצאָק־
יען $6,500 און $175 אַ מאָנאַט,
ברענגט $2540 נעט. פרעגען; גאַר־
פיעלד 2693 דאָבליו

**פורנישד רום** פאַר אַ קאָפּעל אָהן
קינדער אויף העגדרי, ניער ענטווין
סטריט, רופט אָפּ מאַרקעט 3323 דאָבליו

**צופאַרקויפען** אַ צוויי סטאָרי ביז־
נעס האַרנער רייאַרד נעבען הענקאָק.
עקסטרא לאָט; 61 פוס פראָנט. פרע־
גען; 300 הענקאָק איינגענטימער 16)

**צו פאַרקויפען** אַ גוטע
פּריוואַט סטאָר און אַ גוטען ביזנעס
סעקשאַן, זעהר ביליג, זיבער צו מאַ־
כען געלד. אורזאַכע אייג'ן פּלאַן. פרע
גען; באָקס 108 — 15

**צו פאַרקויפען** אַ לאָנטש טראָק צי־
זאַמען מיט אַ גוטען איינגעטרייטען
סטענד, אינקאָם ביז $75 אַ טאָג אוי־
זאַבע אַ פרוי אליין קען ניטאָטען
רען פרעגען; 186 בענטאָן סט.

**צו פאַרקויפען** איין דריי פאַמיליע
פרעט אין קליי עוועניו נעבען אָקלאַנד
פרעגען; ביי מר. זימערמאַן ראַסעל
סטריט 1706

**פאַרלאַנגט** אַ גוטע הויזקיפּערין פאַר
איין רעספּעקטעבל פאַמיליע סטעדי
אַרבייט פרעגען; 668 בראָש סט. מר.
שרייבער

---

## „אַדווערטייזט אין וועג"

---

**אַ גראָסערי** און בוטשער סטאָר צו
פאַרקויפען אורזאַכע פאַרטנערשיפּ הע
גען ניט דורכקומען. פּרייז 3000 דאָ־
לאַר 1200 דאָלאַר קעש און באַלאַנס
אין 60 טעגן; פרעגען מר. ווייס —
זשיבאָטסקי, 125 וויינדאָט סט. העמט
רעמק 16)

---

וואָרע ביליג פאַר סטאָר־קי־
פּערס און פּעדלערס
ספּעציעלע פּרייזען פאַר ריטיילערס
מאַקס ראָזינסקי
353-355 הייסטינגס, קאָר. קאָלומביא

---

ווילט איהר אייערע
שלעפער, שליסלען קאָרפּען־
טער וועגען, טולס און אַנדערע
אַרבייט
ניט געמאַכט און גאַראַנטירט?
טו קומט צו
מ. דאַמניטץ
245 מאָנטקאַלם סט.

---

**Reliable Store Fixture Co.**
מיר האָבען אַ גרויסען אויסוואָהל פון
אַלערהאַנד סטאָר פיקסטשורס, וואָל
קייסעס, שאָו קייסעס, אייז באָקסעס,
קאַונטערס, שעלווס, פּייפּס, סקיילס
גרינדסטערס, נייע און גענוצטע.
פּרייזען מעסיגע. אָרענטליכע בעהאַנד־
לונג. 2 סטאָרס.
רעליאַבל סטאָר פיקסטשור קאָ
305 גרעשיאָט עוועניו
טעל. קאַדילאַק 2445
277 מישיגאַן עוועניו
טעל. קאַדילאַק 4924 עם.

---

לאַיער מתתיהו ליסס האָט גע־
עפענט אַ ברענטש אָפיס פאַר די אַוועג־
רען און 325 וועסטמינסטער סט. טעל.
העמלאָק 533 דאָבליו דאָן טאָון אָפיס,
928 טשעמבער אָף קאָמערס בלדג.
סטייט און גריסוואָלד סט. טעל.
טשערי 3978

# ווי אזוי קען דיזע באנק באהויפטען צו צאהלען 5 פראצענט אויף אייערע סייווינגס

# ?

## אן ערקלערונג וועגען דער פאליסי

**Jas. A. Hoyt**

**President**

יעדען טאג קומט אונז אויס צו האבען ווי מען פרעגט אונז: „ווי אזוי קענט איהר צאהלען פינף פראצענט אויף סייווינגס?

עס איז דעריבער די אויפגאבע פון דיזער ערקלעהרונג קלאהר צו מאכען ווי אזוי אונזער אינסטיטושאן ארבעט און דאס וועט שוין פארענטפערען די שווערע פראגע.

דיזע באנק טוט א גרויסען וואליום ביזנעס טעגליך מיט קאמערשעל קאנסערנס און איינצעלנע מענשען.

איינע פון די פרינציפען פון דער באנק איז צו בארגען געלט אויפן מאריס פלאן. די לייטע מיט וועמען מיר טוען ביזנעס זיינען מענער און פרויען פון גוטען כאראקטער. — די בעסטע קאסטימער אין דער וועלט.

זיי בארגען געלט פאר לעגיטימע צוועקען ווי צום ביישפיל: —

צו פינאנסירען זייערע געשעפטען.

צו דיסקאונטען בילס<br>
צו צאהלען חובות.<br>
צו קויפען א היים.

די נויטווענדיגקייט פון דער הלואה דארף איבערציגט ווערען צו אונזער קאמיטעט.

אויב דאס קען ניט באוויזען ווערען ווערט די הלואה ענטזאגט קורץ און שארף.

דיזע לייטע געבען אונז זייערע נאוטס, ריכטיג ענדארסירט פון צוויי קא־מייקערס, (גוט זאגערס), אדער דורך א גוטען ווערטפולען משכן. אויף אזא פארזיכערונג (סעקיורי־טי) בארגען מיר געלט און מיר רעכנען 6 פראצענט און אויך אן אינוועסטיגיישאן פי. זיי צאהלען אונז צוריק אין פארלויף פון א יאהר דורך וועכענטליכע אדער מאנאטליכע אפצאהלונגען.

די סומע געלט וואס מיר האבען פארליהען אין 1919, האט באטראפען דריי מיליאן דאלאר $3.000.000

דער פראצענט פון פארלוסט דורך דעם יאהר 1919 איז געווען כמעט גאר ניט.

הלואות וואס מיר האבען איצטער באטרעפען איבער $3.500.000

* * *

דיזע געלדער פארלייהען מיר אויף דעם מאריס פלאן, פונקט ווי אנדערע בענק טוען דאס אויף ריעל עסטייט. — עס רעפרעזענטירט מיט זיך די סייווינגס פון פלייסיגע אויסגערעכענטע מענשען.

איהר געפינט אלזא אז אונזער ערפאלג איז די אורזאכע פאר וואס מיר קענען צאהלען 5 פראצענט, ווייל חוץ דיסקאונט, קירעווען זיך די געלדער ביי אונז איבער יעדע וואך און ווערען נארמאל פארליהען אויף וועכענטליכע און מאנאטליכע צאהלונגען, דעריבער אלזא קענען מיר אפארדען צו צאהלען 5 פראצענט.

אונזערע באאמטע און פארוואלטער באווייזען דעם כאראקטער פון דער באנק, וואס איז ארגאניזירט און ווערט אפערירט אונטער דער אינדאסטריעל באנק און מישיגאן.

* * *

סערטיפיקאטס קענען געקויפט ווערען פאר $50, $100 און $500 אדער עהנליכע סומען.

זיי קענען אויך געקויפט ווערען אויף א באזיס פון אפצאהלונגען אויף וואס איהר באקומט 5 פראצענט אויב דאס ליגט ביי אונז 90 טעג. אייער געלט קענט איהר ארויסציהען צו יעדער צייט אין איינקלאנג מיט די טערמס פון אייער סערטיפיקאט.

# Industrial Bank of Detroit

**307 Griswold St — First Floor Farwell Bldg**

**Capital: $500,000.00 — Resources: $4,160,000.00**

OFFICERS

Chairman of the Board......EUGENE W. LEWIS<br>
President......JAMES A. HOYT<br>
Vice-President......FRANK P. JOHNSTON<br>
Vice-President......FRED G. AUSTIN<br>
Vice-President......S. T. CRAPO<br>
Secretary......R. H. DOUGHTY<br>
Treasurer......G. F. TURNBULL<br>
Assistant Treasurer......A. G. ROPP<br>
Assistant Treasurer......H. C. SPARKS

DIRECTORS

H. W. ALDEN<br>
FRED G. AUSTIN<br>
HOWARD BONBRIGHT<br>
FRANK W. BROOKS<br>
LEO M. BUTZEL<br>
HUG HCHALMERS<br>
S. T. CRAPO<br>
R. H. DOUGHTY<br>
COLEMAN DU PONT<br>
GEO. E. EDMUNDS<br>
C. A. GRINNELL<br>
J. F. HARTZ<br>
JAMES G. HEASLET<br>
JAMES M. HIBBARD<br>
JAMES A. HOYT<br>
FRANK W. HUBBARD<br>
W. H. JENNINGS<br>
HARRY M. JEWETT<br>
FRANK P. JOHNSTON<br>
JULIAN H. KROLIK<br>
EUGENE W. LEWIS<br>
E. E. MAC CRONE<br>
PHELPS NEWBERRY<br>
WITTER J. PEABODY<br>
WITTER J. PEABODY<br>
M. L. PULCHER<br>
JOHN G. RUMNEY<br>
WM. E. WOODWARD

Attorneys, STEVENSON, CARPENTER, BUTZEL & BACKUS

## ...נו אי ציוניסטען אין דעטראיט

דער ציוניזם אין אמעריקא געפינט ...ך איצט אין א קריטישע לאגע. די פאר־ ...ירענע האלבע און גאנצע אמת'ן, וועל־ ...ע די אידישע צייטונגען דרוקען וועגען ...רץ ישראל, צוזאמען מיט דער אלגעמיי־ ...ער אפאטיע צו אלע באוועגונגען וועל־ ...ע עקזיסטירען איצט אויף דער אידי־ ...ער גאס, שטעלען אין געפאהר די פאר־ ...ציעס, וועלכע דער ציוניזם האט ער־ ...ארבען אין די אידישע מאסען פאר די ...עצטע עטליכע יאהר. די יעניגע, וועל־ ...ע שטעהען איצט א דער שפיצע פון די ...ארשידענע ציוניסטישע ארגאניזאציעס ...ין אמעריקא זעהען ניט איין די נויטיג־ ...יט אדער זיינען ניט פעהיג צו אונ־ ...ערנעהמען עטוואס, וועלכעס זאל ווייד־ ...ען אלס געגענגיפט געגען דער דאזי־ ...ער געפאהר. דעריבער איז די פליכט ...ון אלע אמת־באוואוסטזיניגע ציוניס־ ...ען, צוזאמענצונעהמען זייערע קרעפטען און זיך שטעלען אנקעגען דיזע פאר־ ...צווייפעלטע לאגע.

א באוועגונג געהט איצט אן איבערן ...אנצען לאנד. א באוועגונג, וועלכע ...עהמט אין זיך אריין אלע יונגע, ראדי־ ...אלע און עכט ציוניסטישע קרעפטען ...ין אלע לאנדען, זיך צו ארגאניזירען ...ין א קערפערשאפט, וועלכע זאל האבען ...עם ווילען און קראפט צו רעאגירען אויף ...י אידישע מאסען פון אמעריקא צו גונס ...ען דעם ציוניזם און צו גונסטען דער ...אשאפונג אין ארץ ישראל א שטאט, ...אזירט אויף מאדערנע, סאציאליסטישע ...סודות.

א בארעטהונג, פון אלע ראדיקאלע, ...כט ציוניסטישע קרעפטען אין דעטראיט ...וועגען דער דאזיגער לאגע, וועט פארקו־ ...מען זונטאג, 3 א זייגער בייטאג, דעם ...11־טען אפריל, ביי חבר גורעוויץ אין ...ויז, 331 טהעאדאר סט., אפסטערז.

צו דיזער בארעטהונג וועלען אנוועז־ ...ענד זיין חבר עמנואל ניומאן, פון ניו־ ...ארק, בילדונגס דירעקטאר פון דער ...ציוניסטישער ארגאניזאציע און פיהרער ...און דער אפאזיציע אויף דער לעצטער ...קאנווענשאן אין שיקאגא, און חבר עפ־ ...שטיין, פון די אינדעפענדענט פועלי ציון, ...און קליוולאנד.

איהר זייט זעהר ערנסט געבעטען צו ...קומען צו דיזען מיטינג.

מיט ציון'ס גרוס,

ד י ק א מ י ט ע.

## רבי איזמאן וועגען הייס־טינגס סטריטער אידען

## אין בעצוג בו דעם לייטארטיקעל אין „וועג" פון 1־טען אפריל

...ווערטער רעדאקטאר פון „וועג".

אין אייער עדיטאריעל פון דעם 1־טען ... ת. גיט איהר, ה' רעדאקטאר איבער ...די טענה פון א אידישען גראסערימאן פון הייסטינגס סטריט, ווי ער, דער אי־ ...דישער גראסערי מאן, רעכענט אויס א גאנצען צעטעל מיט עולות, וואס אידען פון הייסטינגס סטריט באגעהען און ער באדרויערט שטארק דעם חורבן־התמודית און דעם חלול־שבת — דאס האלטען אפען שבת די סטארס א. אז. וו.

יענער גראסערימאן רעכענט אויך אויס אנדערע עולות קענען אידען פון הייס־טינגס סטריט — אז זיי גיבען ניט גע־נוג פאר דעם בית־יתומים, פאר די ת"ת, פאר ארץ־ישראל, פאר „מזרחי" פאר דעם אידישען האספיטאל און נאך און נאך.

און אויף אייער פראגע, הער רעדאק־טאר, „אויף וועמען עס ליגט די שולד", ענטפערט יענער גראסערימאן: „אויף די רבנים".

איך גלויב, אז איהר הער רעדאקטאר, וועט זיכער צופרידען אויסצוהערען דעם צווייטען צד, אום איהר זאלט קענען אור־טיילען אויף ווי ווייט יענער גראסערי־מאן איז גערעכט מיט זיינע טענות.

און אזוי ווי איהר האט מיין נאמען דערמאנט אין אייער עדיטאריעל, וויל איך די זאך קלאהר מאכען פון מיין שטאנדפונקט.

דעם גראסערימאנ'ס באשולדיגונגען, אז מען גיט ווייניג פאר די דערמאנטע אינסטיטוציעס — צו די באשולדיגונגען זיינען ריכטיג אדער ניט — איינס איז זיכער: די רבנים זיינען אין דעם זיכער ניט שולדיג. מיר קענען בלויז אויפמונ־טערען אידען צום געבען, אבער ווי נאר עס קומט צום געבען, בלייבט די דעה אין גאנצען ביי די געבער אדער ביי די ניט־געבער.

און אפשר איז פאר מאנכע טאקע שווער צו געבען, ווייל וויפיעל איינער האט, אדער האט געהאט, שטעקט עס אין א דעפאזיט אויף „פראפערטי" און דערווייל איז מען פארענגט אין מזומן.

אבער דאס זיינען אלץ זאכען, וואס איך לאז איבער פאר אנדערע צו ענט־פערען. וואס מיך אינטערעסירט, איז זיין טענה צו די אידען פאר האלטען אפען די סטארס אום שבת.

עס קומט אייך ווירקליך א דאנק, הער רעדאקטאר, פאר'ן אויפהויבען עפענט־ליך אט די דאזיגע אנגעוועהטאגטע פרא

(שלוס אויף זייט 5)

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

**ראמאן פון ב. איסאיעוויטש**

(זעקסטעס קאפיטעל)

מרים האלט וואָרט

פונקט לויט א זייגער, ווי זי האט פארשפראכען, איז מרים רובינאוו צוגע-פאָרען צו דער וואהנונג פון דעם ריכ-טער אייבראהם פארבשטיין.

דער דינער האט פאר איהר די טיר געעפענט און זי איז אין זאל אריינגע-לאזט.

די זאל איז געווען א רייכע, א באַ-קוועמע מיט אלע איינריכטונגען, וואס זאגען עדות, אז אהער קומען די „סמעט-טענע" פון דער געזעלשאפט. די סאמע זאטע, רייכע, וואס לעבען אין לוקסוס און וואילטאג.

דזשאזעף האט זי ביי דער שועל שוין אויסגעוואַרט.

ער האט זי צוגעפיהרט צו דער מוטער, צו דעם פאטער, צו דער שוועסטער — דאס איז אינזער קליינע פאמי-ליע.

— מערי רובינאוו.

— עס פרעהט מיר זעהר — האט דער פאטער זיך טיף פארנייגט און מיט זיינע ברוינע אויגען דורכגענומען דאס מיידעל.

די מוטער האט באטראכט דאס מיי-דעל, הינטען ארום, האט נעכאפט א קוק אויף איהר פריזור, אויף איהר טואלעט, פון וועלכען אפילו א קלענערער מבין, איידער די מאדאם פארבשטיין, וואלט גלייך פארשטאנען, אז דאס מיידעל גע-הער ניט צו יענער קלאסע מענשען, וואס קומען אזוי אפט אהער.

די איינציגע איז געווען לילי, וואס האט אפילו זי נישט געוואלט אנקוקען ווי געהעריג.

וואס פאר א מחותנ'טע איז זי מיט דער שלעפערין, עפעס א מארעל, וואס קומט צו דזשאזעף'ן, דעם „גרויסען קינסטלער". עס איז שוין מן הסתם פון יענע מארעלען וואס מען ברענגט אויף זיי — אזוי האט לילי ביי זיך מסתמא א טראכט געטאן.

דאך האט אויך זי מיט נישט ווייניג שפאנונג באטראכט איהר קליידונג.

אבער באלד האט זי זיך אפגעקעהרט פון איהר.

ווען זי וואלט נישט געווען ערצויגען געווארען אין אזא דעליקאטנע ספערע, וואלט זי זיך אפשר געוועז צעלאכט פון מרים'ס הלבשה.

מרים ווידער איז געווען ביי זיך זי-כער, אז לויט איהר שטאנד געהט זי זעהר נעט געקליידעט. זי האט זיך אויך נישט פארלוירען אין דער רייכער זאל. צווישען די רייך געקליידעטע מענער און פרויען, באטש דער אמת איז, אז אזא רייכקייט האט זי נישט ערווארטעט.

ווער ווייס צו וואלט זי גאר אהער געקומען, ווען זי זאל געווען וויסען, אז דא איז אזא רייך הויז.

זי האט טאקע צוליעב דעם געוואלט קומען אהער, דאס איז געווען דאס איינ-ציגע און דאס וויכטיגע, וואס האט זי אהער געצויגען.

אט זאל זי איין מאל פאר אלע מאל וויסען ווער איז ער אזוינס דער ריכטער פארבשטיין, וועגען וועלכען זי האט שוין אזוי פיעל געהערט דערציילען.

אין דעריפאר אליין האט זי, געהערט א סך דערציילען וועגען די פארבשטיינס וויל זי האט זיך אינטערעסירט צו ווי-סען, ווער דזשאזעף איז, ווער זיין פא-טער איז.

צו דזשאזעף'ן — האט זי געפיהלט — איז זי נישט גלייכגילטיג. נאך פאה-רענדיג אויף דער שיף האט זי דאס גע-פיהלט און דערום טאקע האט זי איהם אויסגעמיעדען.

ווי נור זי איז אראפ פון דער שיף און ווי נור זי איז פארווארפען געווא-רען אין אן ארימען טענעמענט הויז צו איהרער א לאנדס פרוי, האט זי באלד ארויסגענומען דאס וויזיט-קארטעל, וואס דזשאזעף האט איהר געגעבען, און גע-נומען זיך נאכפרעגען וועגען דעם דזשא-זעף פארבשטיין.

און אזוי גיך ווי זי איז געוואוירע גע-ווארען, אז זיין פאטער איז אן איינפלוס-רייכער מענש, א ריכטער, א גרויסער עושר און אז די גאנצע שטוב דארטען באדט זיך אין רייכטהום און אין לוק-סוס, איז זי אריין אין צימער צו זיך, האט געעפענט דעם געפאַכטענעם קארב, וואס זי האט מיט זיך פון רוסלאנד גע-בראכט, און האט טיעף, טיעף אראפגע-לייגט דאס קארטעל.

מעהר האט זי נישט געפרעגט אויף די פארבשטיינ'ס.

ווען דער יונגערער שוועסטער, חנה'ן איז ערגער געווארען און זי האט געמוזט איבערגעבען איהר ארבייט אין פאבריק פון פאפיר - קעסטעלעך, האט מרים גע-מוזט נאך שווערער זיך אנשטרענגען ביי דער ארבייט, האט דעמאלט חנה פאר געלעגט אז מרים זאל אפשר פארט פרו-בירען איהר מזל מיט דעם קארטעל פונם מאהלער.

אבער מרים האט גוטמוטיג געשמייכעלט:

— ס'איז אן אמעריקאנער ספארט, א „זשענטעלמען", א בריה מיט דער צונג... א פאליטישען. ווען עס וועט קומען צו טאן עפעס פאר דיר, וועט ער דיר אין בעסטען פאל געבען רעקאמענדאציע צו א צדקה חברה, מוחל...

שווער האט מרים געארבייט אין דער פאבריק פון פאפירקעסטעלעך. זי האט געמוזט ארבייטען פאר דער שוועסטער אויך, און די שוועסטער ווערט וואס א מאל אלץ בלאסער און בלאסער. זי הוסט קען דעם שטיב נט פארטראגען און אפטמאל כאפט זי זיך ביים הארצען.

מרים ארבייט „אווערטיים", זי אר-בייט מיט אלע כחות. קיין דאקטוירים און רעצעפטען פאר דער שוועסטער קען מען פון די שכירות זיך נישט ערלויבען. פון א קלייד איז שוין אפגערעדט. מען וואלט כאטש באדארפט די דירה אומ-בייטען...

איז אונטערגעשפרונגען סלעק און דאס מזל פון די צוויי שוועסטער איז געווארען נאך ביטערער.

מרים האט זיך נישט געקענט פאר-גינען אפילו איין טאג ליידיג צו געהן. זי איז ארומגעלאפען מיט א צייטונג פון איין פאבריק צו דער אנדערער, האט גע-זוכט, געפרעגט, אויסגענוצט זכות אבות און — אומזיסט!

אויף דעם צווייטען טאג האט זי גע-נומען זוכען אן אנדער באשעפטיגונג צווישען די „פארלאנגט'ס". דארטען האט זי אויסגעפונען די בלומען קראם.

א צווייענדיגע ארבייט האט זי דא געהאט: אי זיך לערנען סארטירען, אי זיך לערנען פארקויפען. זי איז דא גע-ווען מעהר פארנומען ווי אין פאבריק, די שכירות באטש נישט קיין קלענערע, אבער אויך נישט קיין גרעסערע.

עס זיינען אבער אנדערע מעלות גע-ווען.

די ארבייט איז א ריינערע, א לייכ-טערע און אן אנגענעהמערע.

עס זיינען אויך געווען גוטע אויסזיכ-טען. דערצו איז די ספערע געווען אן עדעלע, א מעהר ראפינירטע.

מרים האט זיך ביי איהר נייער באר שעפטיגונג געפיהלט א סך בעסער. דעם ערשטען טאג ווען זי האט נור די שוועל אריבערגעטראטען, האט זיך איהר גע-דאכט, אז דא האט איהר מזל זיך אומ-געווענדעט צו דער בעסערער זייט דאס לעבען, האט זיך געדוכט האט דא צי'ן איהר א שמייכעל געטאן.

זי האט אפילו באלד אויסגעפונען, אז זיער באַלעבאסטע איז א בייזע פרוי, א שטרענגע, זעהר א פינקטליכע און האט א שטארקען באַגעהר אויסצונוצען, צו עקספלואטירען איהרע דריי מיידלאך, וואס ארבייטען ביי איהר. פארט אבער איז עס דא אנגענעהמער ווי אין פאב-ריק.

במילא איז מרים נישט געווען קיין אפגעארערין. זי האט איהר ארבייט גע-טאן בשלמות. האט געארבייט געטריי, און האט מיט קונים געוואוסט זעהר ניך ווי ארומצוגעהן.

נאך'ן ערשטען חודש איז די באלע-באסטע צו איהר צוגעקומען און געזאגט, אז זי וויל זי וועניגער האבען ביים סאר-טירען די בלומען און מעהר אין קראם, און אזוי ווי אין קראם מוז זי אלע טאג קומען מיט א ריינער בלוזע און א! אלגעמיין זיך קליידען שעהנער, דערום איז זי איהר מוסיף אויף די שכירות, ס'זאל איהר קלעקען מעהר אויף הלבשה.

דאס איז געווען די ערשטע שמחה. די ערשטע האפנונג, וואס הייבט זיך אן צו פארווירקליכען.

אין קראם ביי דער ארבייט האט זי נחת געהאט: זי האט די ארבייט ליעב געהאט. סארטירען און בינדען בלומען איז ביי איהר געווען א פארגעניגען. רייר-דען מיט קונים און פארקויפען איז איהר אוודאי אנגענעהם געווען.

אזוי גיך אבער ווי זי האט זיך גענו-מען אנטאן אויף אהיים צו געהן, האט איהר שוין גענומען קלאפען אין הארצען: ווער ווייס וואס חנה טוט?

מרים האט זיך געכאפט, אז חנה'ן ווערט נישט בעסער.

אויף קיין דאקטוירים און רעצעפטען האט אלץ נישט געקלעקט.

און אט איז שוין באלד עכטער זו-מער, חנה וואלט באדארפט האבען א ראסטע.

אין האספיטאל האט מען איהר טווי-זענד מאל ווידערהאלט: מיס רובינאוו, אייער שוועסטער מוז אפזיין כאטש איין זומער צייט אין א סאניטאריום.

זי וואלט באדארפט געהן, לויפען, זיך משתדל זיין.

האט זי פשוט קיין צייט נישט.

איהר ארבייט אפילו אויף איין טאג.

חנה אליין איז שוין אויך געווען אין א פאר וואהלטעטיגע אנשטאלטען, וואו-הין מרים האט זי געשיקט, אבער אומע-טום לענט מען אפ אויף איבערמארגען, אויף שפעטער מיט א חודש, אויף נעקס-טען וועאן. פון איין פלאץ שיקט מען זי צום צווייטען, פון איין אינסטיטושאן צום אנדערען, און אומעדום זאגט מען איהר, אז עס זיינען פאראן געפעהרלי-כערע חולאים, איידער זי. זי קען ווארטען.

מרים ווייס אז זי וואלט באדארפט אויפען און ערגעץ בעטען, שרייען, ליאר-מען, גוואלדעווען. זי האט אבער די צייט נישט.

איין מאנטאג האט זי זיך אפגעבעטען ביי דער בלומען קרעמערין. אומעדום איז זי אין דעם איינעם טאג אויסגע-ווען.

עס האט אבער נישט געהאלפען איהר-בעטען, עס האבען נישט געווירקט איה-רע פראטעסטען.

איינס האט זי אויסגעפונען: מען דארף פראטעקציע. אין אמעריקא שפילט פראטעקציע א גרויסע ראלע. דער וואס האט פראטעקציע איז דא נעגליכען צו איינעם וואס פאהרט מיט א שנעלצוג, ער טוט גאר נישט און דאך באוועגט ער זיך וואס אמאל אלץ מעהר פארווערטס...

די רצה איז נור געווען ביים אהיים קומען, דאמאלט פלעגט זי זיך דערמאה-נען אז חנה'ן און — —

פראטעקציע.

זי האט געפרעגט ביי איהרע צוויי חבר'טעס אין דער בלומען קראם. זי האט געפרעגט די באלעבאסטע. האבען זיי נישט געוואוסט וואס צו ענטפערען איהר וועגען דעם.

„אוודאי, ווען איהר זאלט קריגען גו-טע פראטעקציע וואלט אייער שוועסטער געקענט זעהר לייכט אנקומען אין דעם בעסטען סאניטאריום".

מרים האט זיך שוין געהאט מיאש געווען, ווארים זי האט דאך דא קיינעם נישט. ווער וועט זיך דא משתדל זיין פאר איהר? זי איז דאך אזוי עלענד דא און אומעדום... ווער וועט איהר געבען פראטעקציע? ווער קען זי און וועמען קען זי?

עלענד אליין.

אליין, מיט א קראנקער שוועסטער...

דאס איינציגע נאהענטע באשעפעניש. וואס זי פארמאגט אין דער גרויסער ברייטער וועלט איז איהר שוועסטער...

(פארזעצונג פאלגט)

# פאפירענע קליידער

**פון א. אלמי**

אין אמעריקא האט מען
אין מאנכע געגענדען שוין
אנגעהויבען איינפיהרען פא-
פירענע קליידער, אזוי ווי
אין דייטשלאנד און עסט
רייך.

אין דורכשניט קאסט א
פאפירענער סוט — פאר מאן
אדער פרוי, 35 סענט.

(פון די צייטונגען)

מאכען וועט מען קליידער
באלד דא פון פאפיר:
ביליג וועט עס קאסטען —
אך, ווי גוט איז מיר!

גיעב איך דאן מיין ווייבעל
פינף און דרייסי'ג סענט:
גייה און מאך א סוטעל,
פיין, אינטעליגענט.

און פון שרייב-פאפירען
קלעפ איך דעמאלס אויס
צוויי פאר פיינע הויזען,
פאר דער גאס און הויז

צוויי פאר פיינע הויזען,
רעקעל און קאמזויל
און א פראק א שטייפען —
כ'זאג אייך, ס'איז מיר וואויל.

נעהם איך טינט און פעדער
און איך שרייב מיר אן
אויף די הויזען מיינע
דאן א פעליטאן.

אויפ'ן וועסטעל מיינעם
שרייב איך אן א ליעד —
אט אזוי מיט גראמען,
אז עס ברענט און גליהט.

אויפ'ן רעקעל שרייב איך
אן ארטיקעל אויך
וועגען אלץ און גארנישט,
וועגען ווינד און רויך.

נעהם איך דאן מיין שטעקעל
לאז זיך טריט ביי טריט
צום רעדאקטאר מיינעם — —
אויף שעהנעם הייסטינגס סטריט.

קום איך אין רעדאקציע
און איך ציה זיך אויס
אויפ'ן טיש דעם לאנגען,
אין מיין גאנצער גרויס.

כאפט דער העד רעדאקטאר
באלד זיין גרויסע שער
לעזט די הויזען מיינע,
קוקט אהין, אהער.

און דאן נעהמט ער לעזען
ס'רעקעל מיט דער וועסט:
קנייטשט און קנייטשט דעם שטערן
און ער לעזט און לעזט.

פלוצים נעהמט ער מורמלען:
„טרייף א שורה בקיון!"
און ער שערט א שטיקעל
פון מיין רעקעל אויס.

און ער טראגט צום זעצער
דעמאלט מיך אהין
און ער לעגט אוועק מיך
דארט, אויף דער מאשין.

איינמאל ווערט דאס בלוט מיר
אויפגעקאכט און היים:
זאג איך: העד רעדאקטאר,
הערט, איך וויל א רעיז.

זאגט ער דאך מסתמא:
„וואס? א רעיז — א פייג!"

העד איך אויס דעם ענטפער
און איך מאך א שוויין.

וואס-זשע מיינט איהר טו איך?
אט, אזוי ווי פריהער:
כ'מאך א נייעם סוט מיר
פון א ווייס פאפיר.

אויפ'ן קאלנער שרייב איך
„נייע [illegible]טונג" אן:
אויפ'ן פלייצע — נייעס,
ווי א „בלאט" דארף טאן.

עדיטאריעלס שרייב איך
פארענט אויפ'ן ראק:
און ארטיקלען אויב'עט
פשוט אויפ'ן שאק.

ליעדער אויף די הויזען
מיט דעם בעסטען סטיל
און אויף די מאנזשעטען
אדווערטייזמענטס פיעל.

האב איך מיר א צייטונג
דאן פאר זיך אליין
און איך וועל מיר גאנצע
טעג אין גאסען געהן.

ס'וועט מיין גליק ק יונגרעניץ
דעמאלט ניט געהאט:
יעדען טאג א סוטעל,
יעדען טאג א „בלאט".

## רבי אייזמאן

(שלוס פון זייט 3)

גע. יעדער איינער וועט באשטעטיגען, אז איך לאז קיין מאל ניט דורך אין מיי-נע דרשות די פראגע פון חלול-שבת.

און איך האף, אז איהר, ה' רעדאק-טאר, וועט, מיט אייער טאלאנטפולער פען פיעל מיטווירקען אין דער פארשטאר-קערונג פון שבת-רוה. און לאזט מיר אייך זאגען, אז טאקע נאר דורך אייער ווער-טער צייטונג וועט מעגליך זיין שאפען אן עפענטליכע מיינונג איבער דער אנגע-וועהטאגטער פראגע פון חלול-שבת; וועט מעגליך זיין זיך צוזאמענריידען איינער מיט דעם צווייטען און איינ-זעהן, ווי שעדליך עס איז פאר א אידען, וואס גלויבט אין אידישקייט און וויל זעהן די אויפלעבונג פון אלע אידישע טראדיציעס און אין דער זעלבער צייט ניט אפהיטען דעם שבת. די שכינה קען ניט רוהען אויף דעם אידען, סיידען ער האט א נשמה-יתרה; און נשמה-יתרה האט דער איד בלויז דעמאלט, ווען ער היט אפ שבת. די דאפעלטע נשמה וואס דער איד באזיצט, האט איהם געגעבען כח און גוט אריבערצוטראגען אלע צרות און ענויים קשים. איך זאג אפען, אז אלע אונזערע אנשטרענגונגען צו לערנען אונ-זערע קינדער אידישקייט וועט קיין ער-פאלג ניט האבען, אין פאל דער שבת זאל פארשוועכט ווערען. מיר קענען אונ-זערע קינדער אויסלערנען קדיש זאגען, מיר קענען אבער דעם קינד ניט איבער-געבען דעם פולען גייסט פון אידענטום, סיידען מיר זאלען שלום שליסען מיט אונזער שבת מלכתא און איהר צוריק ארייננפיהרען אין שטוב און אין סטאר.

און איך גלויב, אז נאך אלעמען איז נאר ניט אזא שווערע זאך צו פועל'ן מיט גוטען, מען זאל אפהיטען שבת. עס פעה-לען נאר טוער אין דעם, איך רוף צו אלע מתעסקים, מענער אדער פרויען: אגיטירט מען זאל אפהיטען דעם הייליגען שבת ו"ד יצליח.

ברגשי כבוד,

יוסף הלוי אייזענמאן
רבי ד'פ'ה

# ביאליסטאקער

## דער ערשטער יעהרליכער דענס און באלל

גענעבען ביי דעם

## ביאליסטאקער פעראיין פון דעטראיט

זונטאג אבענד דעם 18טען אפריל

## אין לייבאר לייסעאום

קיין איין ביאליסטאקער פון דעטראיט ווי אויך פון גאנצען אומגעגענד ארום ביאליסטאק טאר ניט פארפעלען אנווע-זענד צו זיין צו דיזען דענס און באל, ווייל יעדער סענט וואס עס וועט געזאמעלט ווערען ביי דיזער אונטערנעה-מונג ווערט אפגעשיקט גלייך קיין ביאליסטאק. דאס מיינט פארברענגענדיג א לייסטרייכען און שעהנעם אווענד דא אין לייבאר לייסעאום צווישען לאנדסלייט און באקאנטע וועט איהר אין דערזעלבער צייט טאהן א נאבעלע און גוטע זאך העלפענדיג אונזערע ברידער און שוועסטער אין דער חרוב געווארענער היים ביאליסטאק.

# ניט קיין פעקעדזש נאר א שפייז דרעפט

פון דער אמעריקאנער סטייט בענק, דעטראיט צו דער הוווער אדמיניס-טראציע ווערהויז אין פוילען, עסטרייך, אונגארן, דייטשלאנד און טשעכאסלאוואקיע. קיינע עקסטרא טשארדזשעס. בלויז 10 דאלאר פאר דיא שפייז וואס געפינט זיך איצט אין ווערהויז פון די אויסגערעכענטע לענ-דער. אידען קריגען אנשטאט בייקאן מאזאלא אדער אן אנדער פעטס וואס איז פארעווע. זעהט זיך מיט מר. עלען אין דער


ORIGINAL. NOT TRANSFERABLE — GOOD ONLY IF PRESENTED WITHIN 90 DAYS FROM DATE OF ISSUE

FOOD DRAFT

No. 0000

ADMINISTERED BY AND FOR THE PROFIT OF THE EUROPEAN CHILDREN'S FUND

To American Relief Administration Warehouse at Warsaw, Poland — Date March. 17-1920

Please deliver on presentation to Mary Polkowski

Or his properly constituted representative One Packages

Designated as letter A Hereon, being the equivalent of $ 10#

IN CASE OF EMERGENCY WE RESERVE THE RIGHT TO SUBSTITUTE COMMODITIES OF EQUAL FOOD VALUE

| A | B | C | D |
|---|---|---|---|
| 24½ lbs. Flour, 10 lbs. Beans, 8 lbs. Bacon, 8 cans Milk | 140 lbs. Flour, 50 lbs. Beans, 16 lbs. Bacon, 15 lbs. Lard, 12 lbs. Corned Beef, 48 cans Milk | 24½ lbs. Flour, 10 lbs. Beans, 7½ lbs. Cottonseed Oil, 12 cans Milk | 140 lbs. Flour, 50 lbs. Beans, 45 lbs. Cottonseed Oil, 48 cans Milk |
| $10 | $50 | $10 | $50 |

American Relief Administration

Herbert Hoover

THE AMERICAN STATE BANK OF DETROIT

DETROIT, MICH., U. S. A.

The Gift of John Polkowski

Address Detroit. Mich. Signature Fred W. Allen

THE COST OF THIS FOOD DRAFT AS SHOWN ABOVE COVERS ALL EXPENSE TO PURCHASER INCLUDING ANY BANKING CHANGES



**AMERICAN STATE BANK** 115 GRISWOLD ST. DETROIT, MICH.



# קאנקריט

## גארבעדזש און אש רע-סעפטיקאלס

מאניופעקטשורד ביי די

## האוטאן סעמענט באקס קא.

820 לאפאיעט עוו. קאר. 21טע סטר.

אונזערע באקסעס זיינען ביליגער און בעסער פון אלע אנדערע באקסעס גע-מאכט אין דעטראיט. מיר האלטען אונזערע רעסעפטיקאלס דיזענפעקטעס אזוי אז קיין שום ריח קען זיך פון זיי ניט דערטראגען און דאס איז די אורזאך וואס זיי ציהען ניט צו קיין פליגען און מיקראבען.

## פרעגט אייער שכן וועלכער האט שוין אזא רעסעפטיקאל

אייער נעקסטען אורדער פיר א סעמענט גארבעדזש אדער טש באקס באשטעלט ביי אונז און דערביי וועט איהר סייווען פון 3 ביז 15 דאל. אויף אייער אר-דער.



אונזער רעסעפטיקאלס זיינען אונטער דער אויפזיכט פון דער באארד אוו העלט

פעקטארי: 820 לאפאיעט עוו. טעל. וועסט 2982

אגענט: נ. יאפפע, 994 ענטוויין סט. טעל. נארטוויי 4194

ווארט ניט ביז וואנען די באָרד אוו העלט וועט אייך צווינ-גען צו קויפען דעם סארט גארבעדזש באקס. קויפט דאס באַ צייטענס און פערמיידט טראַבעל.

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט

ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער־

וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד

אפיס: 347־49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715


## איפערזוכט

פון ב. י. ג—ן

איך האב אמת זאגענדיג שוין לאנג ערווארטעט אזא מין בריוועל, ווי דעם וואס איך האב ענדע וואך באקומען, אין וועלכען א יונגע פרוי קלאגט זיך, וואס איהר מאן איז . . . נישט איפערזיכטיג.

דעם לעזער קען זיך דוכטען אז דאס איז א נארישע קלאגע, א נאריש בריוועל, ווארים ווי הייסט זיך באקלאגען אויף אזא זאך, וואס מען דארף מיט דאנקבארקייט אנערקענען פאר גוט און וואויל.

אבער דער לעזער וואלט א טעות געהאט ווען ער וואלט דענקען, אז די פרוי איז שטארק צופריעדען מיט א מאן א נים איפערזיכטיגען איז, ווי געזאגט, האב איך שוין לאנג ערווארטעט, אז עטליכע וועט זיך געפינען איין פרוי צווישען די לעזער וואס זאל זיך באקלאגען אויף איהר „באליע", וואס רום איהר מאן באציהט זיך אזוי גלייכגילטיג צו איהר באנעהמונג מיט פרעמדע און באקאנטע יונגעליים.

ווארים איך וויים אז כמעט אלע מיידלעך דענקען וועגען זייערע צוקינפטיגע מאנען, שטעלען זיי זיך פאר, אז זיי וועלען זיין מיט אלע מעלות און צווישען די אלע מעלות ווערט אויך פארדעכענט די מעלה וואס זיי וועלען זיין אפיסעלע איפערזיכטיג.

און דאך איז דאס נישט קיין מעלה, ווייל נים אלע מאנען וואס האבען באמת ליעב זייערע פרויען זיינען איפערזיכטיג און נישט אלע וואס זיינען איפערזיכטיג, האבען באמת און איפריכטיג ליעב.

דאס רוב פרויען מיינען אז א מאן וואס גלייבט נישט זיין פרוי און וואס ווערט נערוועז און ברוגז ווען אימיצער אנדערש מאכט איהר א קאמפלימענט, אז אזא מאן האט מסתמא זעהר שטארק ליעב.

עס הייבט זיך גארנישט אן!

עס קען זעהר שעהן געמאהלט זיין אז אט דער דאזיגער איגרוהיגער און נערוועזער מאן קימערט זיך זעהר וועגען זיין פרוי.

איניגע פרויען מעסטען דעם מאנס ליעבע לויט זיין איפערזוכט: א ביסעל איפערזיכטיג, האט ער מן הסתם א ביסעל ליעב, א סך איפערזיכטיג, — שטארקער ליעב.

דאס איז א זעהר פאלשע רעכנונג.

אמת מאקע אז עס איז גאנץ נאטירליך אז דאס וואס מען האט ליעב וויל מען נישט אנווערען, און אז א מאן האט ליעב א פרוי, וואלט ער נישט וועלען, אז א פרעמדער זאל זי פארפיהרען.

אבער דאס איז דאך נישט איפערזוכט.

איפערזוכט איז באליידיגונג!

ווען א מאן איז חושד זיין פרוי ביי יעדער מינע וואס זי מאכט, ביי יעדער ווארט וואס זי רעדט ארויס צו אן אנדער מאן, דעמאלט מוז זיך די פרוי פיהלען באליידיגט.

אזעלכע מאנען דערשטיקען די ליעבע אין דער פרוי מיט זייערע אייגענע הענט, ווארים די פרוי פיהלט ווי זי ווערט באליידיגט, ווי מען גלייבט איהר נישט די טריט.

נארישע פרויען אבער מיינענדיג, אז איפערזוכט איז ליעבע, טרייבען אמאל זיך אליין ארויין אין די מיעסטע זאכען אום ארויסצורופען איפערזוכט ביים מאן.

עס זיינען אבער פאראן אויך אזעלכע וועמען דעם מאנ'ס איפערזוכט און נאכשפיאנירען האט געפיהרט דערצו וואס די פרוי האט להכעיס דעם מאן, זיך געלאזט אריינגארען אין דער נעץ פון א פרעמדען פון א שארלאטאן.

איפערזוכט איז א געפעהרליכע מחלה און נים איין פאמיליען לעבען איז דורך איהר רואינירט געווארען.

ווארים ליעבע מיט איפערזוכט זיינען צוויי באזונדערע זאכען, ליעבע בויעט און איפערזוכט רואינירט.

אין יעדענם איפערזוכט איז פאראן מעהר אייגענליעבע ווי ליעבע.

און זעהר לייכט קען מען זיי דערקענען.

די איפערזוכט אים ליעבע ברענגט און בעט די צווייטע (איפערזוכט אים אייגענליעבע) שרייט, ווארפט און שילט.

פאראן אזעלכע מענער וואס באגעהען א מארד אויס איפערזוכט.

די דאזיגע מענער ווערען מעהרסטענטיילס פריגעשפראכען פון די ריכטער, אבער דאס איז נאך אלין קיין באווייז נישט אז זיינען דעם מארד באגאנגען אים ליעבע און נישט אייגענליעבע.

דער מאן וואס מיסטרויעט זיין פרוי ווערט מיט דער צייט א בראנגיש קראנקער, עס ענטוויקעלט זיך ביי איהם א בראנגישע איפערזוכט, וואס פארגיפטעט איהם און זיין פרוי דאס לעבען אין די יאהרען.

„די יונגע פרוי" (אזוי חתמ'עט זי זיך), וואס האט זיך אין איהר בריעף פאר אונז באקלאגט אז איהר מאן, מיט וועמען זי האט צוריק מיט א יאהר און עטליכע חדשים חתונה געהאט, האט זי נישט ליעב און גים אן אלס אורזאכע דאס, וואס ער איז נים איפערזיכטיג. — די דאזיגע „יונגע פרוי" האט דעם טעם פון איפערזוכט נישט געפיהלט און גלייך ווי אלע איהר'ס גלייבען האט זי זיך איינגערעדט אז א מאן וואס האט ליעב זיין פרוי דארף זיין מיסטרויאיש צו איהר. עס ווילט זיך זאגען דער יונגער פרוי זי זאל זיך גליקליך שעצען און זאל מיט געהעריגען רעספעקט זיך באציהען צו איהר מאן, דוקא דערפאר וואס ער איז נישט איפערזיכטיג.

„די יונגע פרוי" איז אפשר צו יונג נאך, אז זי זאל פארשטעהן וואס פאר אן אומגליק עס איז אן איפערזיכטיגער מאן און וואס פאר א צרות זי קען זיך אויסשטעהן פון אזא מאן.

זאל זי אבער זיך בעסער צוקוקען צום לעבען פון איהרע „גליקליכע" חבר'טעס, וועמעס מאנען זיינען יא איפערזיכטיג, וועט זי ערשט דעמאלט וויסען אז זי בענקט נאך צרות און נאך א לעבען פון טרעהרען.

## קויפט א פרינץ פאר 14 מיליאן דאלאר.

אינטערעסאנטע אייגנצעלהייטען וועגען דעם שידוך צווישען דער אמעריקאנער מיליאנערשע מרס. וו. ב. לידס און דעם גריכישען פרינץ קריסטאפאר ווערען איבערגעגעבען אין „ניו לידער".

דער פרינץ קריסטאפאר איז א אינגערער ברודער פון דעם געוועזענעם גריכישען קעניג קאנסטאנטין, וועמען מען האט אראפגעזעצט פון זיין טראהן, א יחוס האט ער גאר א גרויסען. ערשטענס איז ער דער פעטער פון דעם איצטיגען גריכישען קעניג אלעקסאנדער. ער איז אויך א פלימעניק צו קעניגין אלעקסאנדרא פון ענגלאנד און דאס מיינט קעניג דזשארדזש' אן ערשטער קאזין. ער איז אויך א קאזין צום קעניג פון דענמארק. ער האט זיך אויך אנגעקעהרט מיט דער קייזערליכער פאמיליע פון רוסלאנד. ניקאלאי'ס מוהמע איז געווען זיינע א מוהמע. פאלגליך איז ער מיט ניקאלאיען געווען שוועסטער־קינדער.

ווי איהר זעהט איז דער פרינץ געווען איינגעטונקט אין יחוס. פערצעהן מיליאן דאלאר געהען אבער ניט צו פוס און ווען מען פאקט זיי אלע איין מאכען זיי אויך א שווערען פעקעל יחוס.

דער יחוס צעטעל פון דער אלמנה מיט די פערצעהן מיליאן דאלאר איז גאר א קורצער. אלין וואס מען וויים איז אז זי האט חתונה געהאט איינמאל מיט א קליוולאנדער (ג. ה. וואורטהינגטאן) און האט זיך גע'גט מיט איהם אין 1898. שפעטער האט זי חתונה געהאט מיט וו. ב. לידס, א שטאהל מאגנאט און ער איז געשטארבען איבערלאזענדיג איהר זיין פארמעגען. אויב א שעהנער פנים קאן צוגערעכנט ווערען צום יחוס צעטעל, וועט דאס צעטעל א קליין ביסעלע לענגער ווערען. די מרס. לידס איז ניט קיין מיאוס'ע. זי איז אבער דערפאר שוין ניט קיין יונגע אויך. זי איז שוין נעהנטער צו פערציג ווי דרייסיג.

דער פרינץ איז ניט מעהר ווי 32 יאהר אלט.

באקאנט האט זי זיך מיט'ן פרינץ דורך דער גרעפין טארבי, דעם רוסישען גרויס פירסט מיכאיל"ס ווייב. זי האט דאן געוואהנט אין אייראפא און די אריינגעהער צו איהר אין הויז זענען געווען אזעלכע פערזענליכקייטען ווי לארד קורזאן, לארד קיטשנער, לארד דאזבערי און אנדערע הויכע פערזענליכקייטען.

אז דער פרינץ האט זיך צו איהר גע־שדכנ'ט, האט יעדער איינער געוואוסט, און מען האט עס ערווארטעט. איז אבער אנגעקומען די מלחמה.

קעניג קאנסטאנטינ'ס ווייב איז ווילהעלם האהענצאלערנס א שוועסטער. ווען די מלחמה האט אויסגעבראכען און גריכענלאנד האט געדארפט באשטימען מיט וועמען זי זאל געהן, — מיט דייטשלאנד אדער מיט די עלאים, האט די קעניגין סאפיא געארבייט מעשים, ניט צו דערלאזען אז גריכענלאנד זאל אריין אין קריעג. פרעמיער ווענעזעלאס וועלכער איז געווען א פראעלאי, האט ווידער געארבייט פאר די עלאים. ביז מען האט ענדליך געפיהרט דערצו, אז מען האט דעם קעניג ארונטערגעזעצט און ער מיט זיין ווייב זענען אנטלאפען אין דער שווייץ.

די קעניגין האט דאן פארהאסט די עלאים, אמעריקא בתוכם, און הערענדיג וועגען דעם שידוך צווישען איהר שוואגער און דער אמעריקאנער ביליאנערשע, האט זי געמאכט געוואלדען איהר מאן זאל שטערען דעם שידוך. פארשטעהט זיך אז שטערען האבען זיי שוין נים געקאנט. גלייך ווי די מלחמה האט זיך גע־ענדיגט האט דאס פארעל אנגעהויבען רעדען וועגען חתונה האבען.

די מרס. לידס האט זיך ואנאר אביסעל אונטערגע'שמד'ט אין א גריכיש קאטוילישער קירכע און מען האט איהר געגעבען א הייליגען נאמען אנאסטאסיע און מען האט זיך גענומען גרייטען צו דער חתונה. מען האט איינגעלאדען דעם געוועזענעם קעניג קאנסטאנטין מיט דער געוועזענער קעניגין סאפיא. דער קעניג האט שוין געוואלט געהן צו דער חתונה עס איז דאך א ברודער. אבער די קעניגין האט אייפגעפענט איהר פה קדוש אויף איהם און גענומען טענה'ן:

„איך וועל נים געהן צו דער חתונה און דו זאלסט ניט געהן. דו קענסט פארמיידען די חתונה און זיין געגען איהר ביז דער לעצטער מינוט. זי איז א געפעהרליכע אמעריקאנערין און די אמעריקאנער זענען געווען די אורזאכע פון אונזער אומגליק. זייער פרעזידענט ווילסאן האט עס בעאיינפלוסט די עלאים מען זאל דיך ארונטערזעצען פון טראן און אריינשלעפען גריכענלאנד אין דער מלחמה. די אמעריקאנער האבען געוואונען די מלחמה צעקלאפט די דייטשען. ווען נים די אמעריקאנער וואלסטו, ווי אויך מיין ברודער ווילהעלם, נאך געזעסען אויף'ן טראן.

— אבער די מלחמה איז דאך שוין פאראיבער. די עלאים האבען געוואונען. אונזער זוהן איז קעניג. און ער וועט דארפען האבען פארבינדונגען מיט די עלאים און אמעריקא און די רייכע שעהנע אמעריקאנערין קאן דאך אונז צו־ניץ קומען — האט גע"טענה'ט דער עקס קייזער.

— איך וויל גאר נים האבען צו טאן מיט די אמעריקאנער, אויסער זיי ארויסווארפען פון הויז. איך וועל קיינמאל נים פארגעבען אדער פארגעסען די יעניגע וואס האבען רואינירט מיין מאן און מיין ברודער. ווען דו וואלסט געהאט א ביסעל מוט, וואלסטו נים ארויסגעוויזען קיין נייגונג צו די מענשען. איך וועל צו דער חתונה נים געהן און פארווער דיר צו געהן. אויב דו וועסט אבער פרובען נים פאלגען, וועל איך מאכען אן עפענטליכען סקאנדאל.

און דער עקס־קעניג האט געפאלגט, אבער דאס האט נישט געשטערט דעם ברודער זיינעם חתונה צו האבען מיט דער 14 מיליאן דאלארדיגער אלמנה.

——::——::——

### דער גביר מיט דעם שדכן

א גביר האט געהאט א זוהן חתונה צו מאכען, איז געקומען צו איהם א שדכן רייידען א שידוך.

איך האב פאר איהם א כלה א פארשיין — האט דער שדכן געזאגט.

ער האט מיט איהם אפגערעדט מען זאל צוזאמען פאהרען זיך זעהן. זיי זיינען זיך צוזויפגעפאהרען מיט די מחותנים. דער גביר האט דערזעהן אז די כלה איז א גרויסע מיאוסקייט; זיינען זיי פאנאנדערגעפאהרען מיט נישט.

דער גביר איז געקומען אהיים, איז דער שדכן געקומען צו איהם אין פרעגט:

— וואס הערט זיך?

דער גביר האט צו איהם אויסגעלאזען אלע בייזע חלומות פאר וואס ער האט איהם אפגענארט.

— איך בין נים שולדיג — האט דער שדכן געזאגט — מעגט מיר גלויבען. אנטקעגען מיין ווייב איז זי א פארשוין.

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

Published Daily by WEG PUBLISHING CO.

347-49 HASTINGS STREET Telephone Main 3735

Published and distributed under permit No. 7?? authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Sunday, April 18th 1920 Vol. 2, No 55 זונטאג אפריל 18, 1920

# רויטע פאהן פלאטערט אין וולאדיוואסטאק

## שיקאגא'ר סטרייקער שטעהען פעסט אויף זייערע פאדערונגען

שיקאגא אפריל 17. — ווי ס'זעהט אוים, איז די האפנונג, אז דער באהן סטרייק זאל זיך היינט ענדיגען, געוועזן ניט קיין באגרינדעטע ווארום היינט נאכמיטאג האבען די באאמטע פון דער נייער יוניאן ניט נאר ווידערהאלט זייערע פריערדיגע פאדערונגען, נאר זיי האבען נאך ארויסגעשטעלט נייע באדינגונגען.

א קלאגע האט זיך אינדערפריה פארשפרייט, דאס ביי דער היינטיגער פארזאמלונג פון די סטרייקער, וועלען די פיהרער ראטען זיי אומצוקעהרען זיך צו דער ארבייט.

נאך דער פארזאמלונג, האט דזשאהן גרונאו, דער פרעזידענט פון דער שיקאגא'ר יארדסמען אסאסיאיישאן, וועלכער האט ארויסגערופען דעם ערשטען סטרייק ארויסגעגעבען דעם פאלגענדען סטייטמענט:

„אויף א פארזאמלונג פון די העכסטע באאמטע פון דער שיקאגא'ר יארדסמען אסאסיאיישאן, איז איינשטימיג באשלאסען געווארען, דאס די אריגינעלע פאדערונגען זאלען בלייבען אין קראפט, אויך מוז אנערקענט ווערען אז דאס, וואס באלאנגט די סוויטשמען און זייערע ארויסהעלפער, זענען מיר זייערע פארשטעהער. אויך פאדערען מיר דאס קיינער פון די סטרייקענדע זאל ניט ליידען צוליעב דעם, וואס ער האט פארלאזט די ארבייט און יעדער זאל ווערען אנגעשטעלט אויף זיין פלאץ, וואס ער האט פאר'ן סטרייק פארנומען.

(אונטערגעשריבען)

דזשאהן גרונאו.

די פאדערונג, אז די „רעבעלירענדע" ארגאניזאציע זאל זיין די פאראנטווארטליכע קערפערשאפט פון די סוויטשמען, וואלט מיינען, אז 66 טויזענט מיטגליעדער פון דער „בראדערהוד אוו רייל־וועי טריינמען" זאלען אריבערגעהן צו דער נייער ארגאניזאציע. אויך וועלען, אויב די פאדערונג זאל נאכגעגעבען ווערען, צוגענומען ווערען 50 טויזענט מיטגליעדער פון דער „סוויטשמען יוניאן אוו נארט אמעריקא".

די גענעראל פארוואלטער פון די באהנען און די יוניאן־באאמטע האבען געגעבען די סטרייקער צייט ביז היינט אוונט אומצוקעהרען זיך צו דער ארבייט אויב וועלען זיי באשטראפט ווערען דורכ'ן פארלירען געוויסע פריווילעגיעס.

מר. גרונאו האט היינט ערקלעהרט, דאס ער איז גרייט אנצופיהרען דעם סטרייק, ניט קוקענדיג וואס מ'האט אים און נאך 24 סטרייק פיהרער ארעסטירט פאר'ן איבערטרעטען דעם לעווער אקט.

די באהן באאמטע נעהמען אן מיט לעז צו פארבייטען מיט סטרייק־ברעכער די פלעצער פון די סטרייקער, וועלכע וועלען זיך ניט אומקעהרען צו דער ארבייט, נאכדעם ווי די צייט פון ארויסגעגעבער [illegible]

קיינע נייע פאסירונגען זענען אין דעם נעם אולטימאטום וועט פאראיבער. אהייא סטרייק ניט פארגעקומען. עטליכע הונדערט טויזענט ארבייטער זענען ארבייטסלאז, ווייל ס'איז א גרויסער מאנגעל אין קוילען און רויע מאטריאלען.

גאווערנאר סטיפענס פון קאליפארניע האט טעלעגראפירט פרעזידענט ווילסאן, דאס צוליעב דעם סטרייק וועלען די פרוכט הענדלער פון זיין סטייט האבען היזקות אויף 4 מיליאן דאלאר, ווייל די פרוכט וואס געפינען זיך אויפ'ן וועג וועט ווערען פאליע.

אין לאס אנדזשעלאס האבען די סטרייק פיהרער ערקלעהרט, דאס קיינע צוגען וועלען ניט ערלויבט ווערען אויסער פאסט צוגען און די, וואס פיהרען מילך.

### קליוולאנדער סטרייקער ווילען זיך אומקעהרען, אויב זייער יוניאן ווערט אנערקענט

קליוולאנד, אפריל 17. — די מיטגליעדער פון דער קליוולאנד יארדסמען אסאסיאיישאן האבען טעלעגראפירט דער „רייל־ראוד לייבאר באארד" אין וואשינגטאן, דאס זיי זענען ווילינג אומצוקעהרען זיך צו דער ארבייט, אויב זייער נייע ארגאניזאציע וועט אנערקענט ווערען.

די סטרייקער אין קליוולאנד האלטען זיך ענטשלאסען און דער סטרייק איז הארט אין פולען גאנג.

### סטרייקער אין פיטסבורג באשליסען אומצוקעהרען זיך

פיטסבורג, אפריל 17. — אויף א ספעציעלער פארזאמלונג פון די היגע סטרייקער איז באשלאסען געווארען זיך אומצוקעהרען צו דער ארבייט. די באהן באאמטע ערקלעהרען, דאס דיעזער באשלוס מיינט, אז די פאסאזשיר צוגען וועלען אנהויבען צו פונקציאנירען ווי געווען.

### ס'ווערט ערווארטעט 4000 סטרייקער זאלען צוריקגעהן צו דער ארבייט אין טאלידא

טאלידא אפריל 17. — ס'ווערט פאר אויסגעזאגט, דאס אלע היגע 4000 סטרייקער וועלען היינט אוונט צוריקגעהן צו דער ארבייט.

מ'דענקט, דאס אויף דער פארזאמלונג, וואס ס'וועט היינט אפגעהאלטען ווערען, וועט באשלאסען ווערען אומצוקעהרען זיך צו דער ארבייט, אויב קיינער פון די סטרייקענדע וועט ניט ליידען פאר'ן סטרייקען.

### „לייבאר באארד" פאנגט אן פארהער וועגען באהן „ארבייטער'ס פאדערונגען

וואשינגטאן, אפריל 17. — היינט האט די „רייל־ראוד לייבאר באארד" אנגעפאנגען דעם פארהער פון די פאדערונגען, וואס זענען ארויסגעשטעלט געווארען פון די 2 מיליאן באהן ארבייטער. דער ערשטער האט גערעדט וו. ג. לי, וויים־פרעזידענט פון דער בראדערהוד אוו טריינמען, פארלעגענדיג די פאדערונגען פון די באהן אנגעשטעלטע.

מען דענקט, דאס דער פארהער וועט פאר'נעהמען פון צוויי ביז דריי וואכען.

### פאלמער'ס באשולדיגונג איז נאריש, זאגט מאריסאן

וואשינגטאן, אפריל 17. סטייטמענט, וואס פר[illegible] סעקרעטאר פון דע[illegible] פעדערייישאן האט [illegible] ארויסגעגעבען, ווערט אפגעלייקענט די באשולדיגונג פון אטארני דזשענעראל פאלמער, אז דער איצטיגער באהן סטרייק איז א רעזולטאט פון ראדיקאלע פראפאגאנדיסטען. מר. מאריסאן זאגט, דאס די אונטערזוכונג פון די באהן באאמטע גיט צו, אז דער סטרייק איז נאר צוליעב העכערען לוין און האט גארניט צו טאן מיט ראדיקאלער פאליטיק.

„אויב אין אמעריקא וואלטען זיך געפונען גענוג רעוואלוציאנערע כחות, דאס זיי זאלען קענען ארויסרופען דעם איצטיגען סטרייק — ווערט געזאגט אין סטייטמענט — דאן וואלט די לאגע געווים געווען ערנסט, אבער ס'זענען ניטא אזעלכע כחות. די אבסאלוטער דורכפאל פון מר. פאלמער צו פארשטעהן די סיטואציע איז איבערראשענד."

ניט קוקענדיג, וואס די אמעריקאן פעדערייישאן אוו לייבאר האט דעם סטרייק פארדאמט, זאגט מאריסאן, איז די באשולדיגונג פון אטארני דזשענעראל א נארישע. „אין דער צייט וואס מר. פאלמער דענקט אנצונעהמען רעפרעסיווע מיטלען געגען סטרייק און באטראכט דעם סטרייק גופא אלס פארברעכען, באריכטען די באהן אייגנטהימער אז דער סטרייק איז א רעזולטאט פון עקאנאמישע באדינגונגען".

„די אונטערזוכונג, וואס די באהן אייגענטהימער האבען געמאכט באווייזט — זאגט מר. מאריסאן ווייטער — אז דער סטרייק איז א ריין־אמעריקאנער און איז ווייט פון באלשעוויזם, אי דאבעליו־דאבעליו'איזם".

### גענעראל וואוד לייקענט אויך אפ פאלמער'ס באשולדיגונג

שיקאגא, אפריל 17. — גענעראל לעאנארד וואוד, וועלכער איז די לעצטע טעג געקומען אין שיקאגא אונטערזוכען דעם סטרייק, האט נעכטען ערקלעהרט, דאס מר. פאלמער האט „איבערגעבאפט די מאס" מיט זיין אומגעלומפערטען סטייטמענט, אז דער באהן סטרייק איז א רעזולטאט פון א רעוואלוציאנערער באוועגונג.

---

וולאדיוואסטאק, אפריל 17. — גרויסע שלאכטען צווישען רוסישע און יאפאנעזישע סאלדאטען קומען פאר לעבען כאבאראווסק, אויף דעם אמור טייך. ביידע צדדים האבען געליטען גרויסע פארלוסטען.

די יאפאנעזער האבען פארנומען פיעל שטעדט אויף דער לענג פון דעם אוסורי טייך; הונדערטע רוסען אנטלויפען און באהאלטען זיך צווישען די בערג, פון וואנען זיי פיהרען אן א גערילא־קאמף.

די יאפאנעזער ארעסטירען נאך אלץ רוסישע בירגער אין וולאדיוואסטאק, אבער די רעגירונגס געביידעס קעהרען זיך אום צו די רוסען און די רויטע פאהן פלאקערט צוריק אויף זיי.

גענעראל קראקאוועטסקי, קאמאנדיר פון די טרופען פון דער פראוויזארישער רעגירונג, איז ארונטערגעזעצט געווארען. זיין פלאץ האט פארנומען גענעראל באלדעריאוו, געוועזענער הויפט קאמאנדיר פון דער אמסק'ער אל־רוסישער רעגירונג. ער האט פון זיין אמט רעזיגנירט, ווען אדמיראל קאלטשאק האט פארלאזט די מאכט.

### ארבייטער אומרוהען אין שפאניען

מאדריד, אפריל 15. — אין דער צייט פון די ארבייטער אומרוהען אין דעם אסטוריאס געגענד זענען 15 ארבייטער דערהרג'עט געווארען און 80 שווער פארוואונדעט געווארען. ווי מען גיט איבער, איז „ארדנונג" צוריק איינגעשטעלט.

---

## אלענבי ענטזאגט אראבישען פארלאנג אונטערצודריקען ציוניזם אין פאלעסטינא

### אראבער דראהען מיט אידישע פאגראמען, אויב ציוניסטישע פיהרער ווערען ניט אין 5 טעג צייט ארויסגעטריבען

לאנדאן, אפריל 17. — די ציוניסטישע ארגאניזאציע מעלדעט, דאס פון זיכערע קוועלען זענען אנגעקומען אינפארמאציעס, אז די אראבער האבען געפאדערט פון דער ענגלישער אדמיניסטראציע אונטערצודריקען די פאלעסטינא'ר ציוניסטישע קאמיסיע, ארויסצוטרייבען אין 5 טעג צייט די ציוניסטישע פיהרער, און פונאנדערלאזען דעם אידישען באטאליאן. די אראבער האבען געדראהט צו מאכען פאגראמען אויף דער אידישער באפעלקערונג, אויב זייערע פאדערונגען וועלען ניט נאכגעגעבען ווערען.

לויט די באריכטע, האט די ענגלישע אדמיניסטראציע באשלאסען נאכצוקומען דיעזע פאדערונגען, אבער פעלדמארשאל אלענבי, קאמאנדיר פון דער ענגלישער ארמיי אין פאלעסטינא, האט וועטאאירט דיעזען באשלוס.

## פאן קאפ ארעסטירט אין שוועדען

סטאקהאלם, אפריל 17. — דר. וואלפגאנג קאפ, דער אנפיהרער פון דער רעאקציאנערער פארשווערונג אין בערלין, איז נעכטען ארעסטירט געווארען. ער איז אריבערגעקומען אין שוועדען מיט א ריפט שיף דעם 10טען אפריל. ער האט אפראזירט זיינע וואנסען, אבער א שוועדישער באאמטער האט איהם דערקענט.

דר. קאפ האט לעצטע מיטוואך פארבראכט אין א לוסטיגער געזעלשאפט פון שוועדישע אינזשינערען, וועלכע האבען ניט געוואוסט, ווער זייער „גאסט" איז.

פאן קאפ איז געווען זעהר אויפגערעגט, ווען ער איז ארעסטירט געווארען. ער האט זיך מודה געווען דאס ער איז ער, וועלכער ס'האט די דייטשע פארשווערונג פאראורזאכט.

ער האט ביי זיך געהאט א פאלשען פאספארט אויפ'ן נאמען „קאפניץ". די שוועדישע באאמטע קענען איהם ארויסשיקען פון לאנד פאר דיעזען איבערטרעטען פונ'ם געזעץ. אין דיעזען פאל, וועט ער אבער האבען די מעגליכקייט צו באשטימען דאס לאנד, וואוהין ער זאל ארויסגעשיקט ווערען.

דערווייל איז נאך קיין באשטימטעס ניט באשלאסען געווארען. אלענפאלס איז זיכער, דאס ער וועט ניט ווערען איבערגעגעבען קיין דייטשלאנד, וואו ער ווערט געזוכט צוליעב א פאליטישען פארברעכען. די דייטשע רעגירונג האט ביז איצט ניט געפאדערט זיין אויסליפערונג.

## משה טאלטשין אין וועג

אין היינטיגען נומער „וועג" וועט דער לעזער געפינען אן ערשטע קורצע ערצעהלונג פון דעם באקאנטען בעלעטריסט און פובליציסט משה טאלטשין.

פאר די דעטראיט'ער וואס קענען משה טאלטשין פערזענליך און פון שריפטען וועט זיכער זיין אייגגענעהם צו וויסען, אז מר. טאלטשין וועט ווערען אן אפטער גאסט אין „וועג".

מר. טאלטשין האט געצויגען אויפמערקזאמקייט נאך אין רוסלאנד וואו ער האט געשריבען אונטער'ן נאמען „א ווינטערפעלד" און אין ניויארק האט ער אין כמעט אלע אידישע צייטונגען און וואכענבלעטער מיטגעארבייט.

וועגען מר. טאלטשין אלס סקיצען שרייבער וועט מאי זיין אויספיהרליכער צו שרייבען. מיר וועלען דאס טאן נאכדעם ווי מיר וועלען האבען אפגעדרוקט עטליכע פון זיינע אמת שעהנע סקיצען און אינטערעסאנטע ערצעהלונגען.

## דע־וואלערא אויפגענומען אין ניואָרלעאנס געגען ענגלישען פראטעסט.

ניו־ארלעאנס, אפריל 17. — ניט קוקענדיג אויף דעם פראטעסט, וואס די ענגלישע רעגירונג האט צוגעשיקט דורך איהר גענעראל קאונסיל, איז איאמאן דע־וואלערא, פרעזידענט פון דער אירישער רעפובליק אפיציעל אויפגענומען געווארען נעכטען אוונט פון די שטאדט באאמטע.

ער האט אויך באקומען דעם טיטול „דאקטאר אוו לאו" אין דעם היגען לאיאלא אוניווערזיטעט.

---

## לענדלארד ארעסטירט נאכ'ן ארויסשטעלען טענאנטס פוירניטשור

### קראוד צווינגט איהם אונטערצושרייבען א באגייעטען ליעס פאר 6 מאנאטען נאכדעם ווי ער האט זיינע טענאנטס ארויסגעשטעלט אין סטריט.

צו פארדאנקען דעם פאקט, וואס אין דעטראיט איז דא א פאליצ"י, האט זיך דזשעראם ג. מור, א לענדלארד, וועלכער האט א הויז אין 1130 3־טע סטריט, גערעטעוועט פון אן אויפגערעגטען מאב וועלכער האט געוואלט ניט אנדערש, נאר אוועקשיקען איהם אויף יענער וועלט.

אנגעפאנגען האט זיך די געשיכטע, ווען מור מיט זיין דזשעניטאר האבען זיך א נעהם געטאן ארויסצושטעלען די פוירניטשור פון זיינע צוויי שכנים, פון דעם, דערמאנטען פלעט. צום ערשטען האט ער געמאכט א פרווו ארויסצושטעלען די פוירניטשור אין גאס פון א געוויסער מרס. דזשאדזש וואסלער, וועמעס שווינדזיכטיגער מאן עם געפינט זיך ערגעץ אין א סאניטאריום און זי איז יעצט די איינציגע שפייזערין פון איהרע צוויי קליינע קינדער, דאס האט פאסירט לעצטען פרייטאג, 10 א זייגער אין דער פריה שכנים און פארבייגעהער זענען אנגעקומען און דערזעהן די הארצרייסענדע סצענע, ווי עס שטעהען די אלמנה מיט איהרע צוויי קינדער און גיסען מיט ביטערע טרעהרען. עס האט לאנג ניט גענומען און הונדערטער מענשען האבען זיך ארומגעקליבען ארום פלאץ און גענומען סטראשען דעם לענדלארד, אז אין פאל ער סטאפט ניט זאפארט זיין עכטלענדלארדישע ארבייט, איז ער מיט'ן לעבען ניט זיכער.

מרס. וואסלער'ס פוירניטשור איז שוין געווען אין גאנצען ארויסגעשטעלט אין דרויסען און מור מיט זיין דזשעניטאר האבען שוין געהאט געהאלטען אין מיטען פון „ארויסמופען" די פוירניטשור פון אן אלטער פרוי מיט'ן נאמען מרס. ארא ריים. די אויפרעגונג פונ'ם קראוד האט געשטיגען און האבען געגעבען דעם לענדלארד אן אולטימאטום, ער זאל גלייך ווידער אריינמופען די פוירניטשור צוריק אין הויז, אדער...

מר. מור האט דערזעהן, אז עס האלט שמאל, האט ער באשלאסען אפצושטאפען די ארבייט און זיך פארשלאסען אין זיין וואוינונג, וועלכער איז נעקסט צו דער דערמאנטען פלעט, 1136 דריטע סטריט.

אין א פאר שעה שפעטער, האט א „קאמיטע" פון דעם קראוד אפגעווארט דעם לענדלארד ווען ער איז ארוים פון זיין וואוינונג. אין האנט האבען זיי געהאלטען א געדרוקטע ליעס און מיט זיי איז מיטגעגאנגען רידזש. טערי, אן אויטאריזירטער נאטארי.

— ווילט איהר אונטערשרייבען דעם דאזיגען ליעס מיט אייער גוטען ווילען?

— האט איינער פון דער קאמיטע געפרעגט.

מור האט אנגעקוקט די „קאמיטע", צווישען וועלכע עס האבען זיך געפונען מענער און פרויען און דערזעהן, אז אויסער דער „קאמיטע" שטעהט א גרויסער קראוד, וועלכער איז גרייט אויף דאס ערגסטע...

— יא! — האט דער לענדלארד געענטפערט — איך וואלט יעצט אונטערגעשריבען אלץ אין דער וועלט...

נאכדעם ווי ער האט אוועקגעלעגט זיין חתימה אויף דעם ליעס, איז דער דאקומענט איבערגעגעבען געווארען צו מרס. וואסלער אין די הענט, און צו איהר פרייד איז קיין גרענעץ ניט געווען, ווען זי האט דערזעהן, אז זי האט דאס הויז פאר נאך 6 מאנאטען...

איינער פון דעם קראוד האט באלד געכאפט א שטיק פוירניטשור, איבערגעגעבען עס צום לענדלארד אין די הענט און אויסגעשריהען מיט אן אקאמפאנימענט פונ'ם גאנצען קראוד:

— מופ עס צוריק!..

מור, וועלכער איז געבאך געווען שטארק אויפגערעגט, האט געגעבען א וואונק צום דזשעניטאר, און פלייסיג האבען זיי זיך א נעהם געטאן צו דער ארבייט פון איבערמופען דאס, וואס זיי האבען זי פריהער געהאט ארויסגעמופט...

עס האט ניט גענומען לאנג און די פוירניטשור פון ביידע טענאנטס זיינען געווען צוריק אויף זייערע אלטע פלעצער.

אבער דערמיט איז נאך מור ניט געווען פארטיג.

מיט א שעה שפעטער איז אסיסטענט פראסעקיוטאר דזשעראוש סייערס געקומען אין יענעם אפארטמענט אויספארשען די קלאגע, וואס מען האט צו איהם אריינגעבראכט געגען דעם לענדלארד, אז ער האט צובראכען א שפיגעל און נאך א שטיק פוירניטשור וואס באלאנגט צו מרס. ריים, ווען ער האט עס געהאלטען אין שלעפען הין און צוריק.

אויסגעפארשט די קיים, האט זיך מר. סייערס אומגעקעהרט אין זיין אפיס און ארויסגעגעבען א ווארענט צו ארעסטירען דעם לענדלארד אויף דער קלאגע פון „שעדיגען פרעמדעס אייגענטום מיט א כיון"...

הכלל, פאליסלייט זיינען אוועק צום לענדלארד און איהם געבעטען מחילה, ער זאל מיט זיי געהן אין בעטהון פאליס סטיישאן. ער איז דארטען אפגעזעסען ביז שפעט אין אוונט און איז דערנאך באפרייעט געווארען דורך א באפעהל פון פאליס דזשאדזש העסטאן.

נעכטען אין דער פריה, איז מור ערשיענען אין דזשאדזש קאטער'ס קאורט און זיין קיים פון „שעדיגען פרעמדעס אייגענטום" איז אפגעלעגט געווארען ביז דעם 26־טען ה. מ. און איז געשטעלט געווארען אונטער $500 בייל.

דאס שענסטע איז וואס דער „ליעס" וועלכען מור איז געווען געצוואונגען אונטערצושרייבען, איז אויף $70 א מאנאט רענט. די זעלבע סומע, וואס ער האט געקראגען פון זיינע טענאנטס ביז יעצט. דאס האט אין גאנצען צושטערט מור'ס פלענער. ער האט געפלאנעוועט אויסצופוירנישען דעם פלעט און פאררענטען איהם פאר $150 א מאנאט. די שכנים זאגען, אז ער האט זיך שוין זאגאר אנגעגרייט מיט פוירניטשור פאר דיעזען צוועק.

---

## אויף דעטראיטער גאסען

### באנדיטען רויבען $3,000 פון קאלעקטאר

הערי מעקולאן, פון 86 ריד פלייס איז פרייטאג באפאלען געווארען פון דריי באוואפענטע באנדיטען, וועלכע האבען פון איהם גערויבט $3,000.

מר. מעקולאן איז א קאלעקטאר פאר דער ס. פ. סמיטה טשיין אוו גראסעריס. דאס דאזיגע געלד האט ער געזאמעלט פון פארשידענע סטארס.

באפאלען זיינען איהם די באנדיטען אויף האווארד און 23־טע סטריטס, ווען ער האט געהאלטען ביי'ם פאהרען א היים.

### וואכמאן פון האוז אף קארעקשאן באשולדיגט אין העלפען אנטלויפען פריזאנערס

אירווינג ליטז, א וואכמאן אין האוז אף קארעקשאן, איז לעצטען פרייטאג ארעסטירט געווארען אויף דער קלאגע, אז ער האט געהאלפען אנטלויפען די צוויי פריזאנערס בענקס טאמפקינס ('א ניגער) און ערווין גודווין, דעם 6־טען אפריל.

די דעטעקטיווס וואס האבען ארעסטירט ליטז'ען זאגען, אז ער האט, די גאנצע צייט, וואס ער איז דארט געווען אנגעשטעלט אלס וואכמאן געהאלפען פריזאנערס אנטלויפען.

נעכטען האט זיך ליטז מודה געווען אין פראסעקיוטאר'ס אפיס, אז ער האט גענומען געלד פון די ארעסטאנטען.

### טאנצט אין מוטער חוה'ס קלייד און ווערט ארעסטירט

פרייטאג, ארום 11 א זייגער אין אוונט, האבען זיך ארום טויזענד מענער צוזאמענגעקליבען אין האל אויף בעטהון עוו., און באאבאכטעט א טאנץ פון מיס קארין פולער, וועלכע איז בלויז געווען געקליידעט אין א מאסקע און אין א מיט־אלאנישען" גארמענט.

זי האט געטאנצט און דער עולם האט געקוועלט.

אבער פלוצלונג האבען זיך אריינגעריסען פאליס און אפגעשטעלט דעם טאנץ, צוטריבען דעם עולם און ארעסטירט די טענצערין מיט נאך צוויי מיידלאך. די אנדערע צוויי מיידלאך זיינען דזשעסי מאראן און דזש: לייפציגער, פון 291 קאמאנוועלטה עוו.

### טראגט דעם סוד פון זיין טויט מיט זיך אין קבר

לעצטען פרייטאג אוונט, איז וויליאם סטאדלער 31 יאהר אלט, פון 308 טראמבעל סטריט, געפונען געווארען מיט א קויל אין בויך, אין א גסיסה־צושטאנד.

פאליס האבען פריהער געמיינט, אז ער איז שכור, און האבען איהם צוגענומען אין פאליס־סטיישאן, וואו די וואונד איז ענדעקט געווארען.

מען האט איהם אויף שנעל אפגעפיהרט אין רעסיווינג האספיטאל, וואו ער איז באלד געשטארבען.

פאר'ן טויט האט סטאדלער זיך אנטזאגט צו דערצעהלען ווי אזוי ער איז געשאסען געווארען. מען האט געבראכט זיין ברודער, און א גלח — עס האט ניט געהאלפען. ער איז ווייזט אוים, געווען ענטשלאסען קיינעם ניט צו דערצעהלען דעם סוד.

דער געשטארבענער איז געווען אן אינזשעניער ביי די פארד בלעסט פארנייסעס.

### א מיטינג פון די שערהאלדערס פון „וועג"

וועט אפגעהאלטען ווערען נעקסטען מיטוואך אוונט (8 א זייגער) אין עטינגערס האל.

עס וועלען ארומגערעדט ווערען פארשידענע פראגען, וואס דארפען אינטערעסירען די יעניגע וואס זיינען פאראינטערעסירט אין דער צייטונג.

## הומאר און וויץ

### מעהר ניט ,ווערט

אטאירני דזשענעראל פאלמער האט
ן א רעדע אין דעטראיט ערקלעהרט,
ז די סאציאליסטישע פארטיי איז א
טר'ה און שטארק געטאדעלט ספיקער
ניט פאר סוספענדירען די פינף סאצ'א-
סטען פון דער סטייט אסעמבלי.
וואלט מר. פאלמער זיך ניט געקלי-
ן לויפען אלס פרעזידענט קאנדידאט,
אלט ער ווערט געווען אן עהרען קרייז.
ווי אבער א'ז מר. פאלמער מעהר ווי
פאל מאל'סינארעט ניט ווערט.

* * *

### אן השגה

עקס סעקרעטערי לעין האט אין א
טיטמענט ערקלעהרט, אז אונזער רע-
ערונג מוז האבען בלויז „רענקענדע
טאטסמענער'.
אביסעל צופיעל פארלאנגט, מר. לעין
ן אזא יקרות צייט.. אגב, או'ב דאס
ן די אורזאכע פארוואס מר. לעין האט
זיגנירט, באווייזט עס אז ער איז א
נסעקווענטער מענש..

* * *

דער אמעריקאנער פינאנסיר וואנדער-
פ האט ערקלעהרט, אז דער העכסטער
וטה פון די על'יעס איז פאראנט -
ארטליך פאר דער קאנטר-רעוואלוציע
ן דייטשלאנד.
דאכט זיך, אז מר. וואנדערליפ איז
ביסעל אונגערעכט, ווייל ווער, ווער, ער
ייסט דאך יא, אז דער העכסטער ראט
ז ניט פאראנטווארטליך..

* * *

### א ספאסיבא

די פראנצויזישע צייטונג וועלכע
יסט אויף פראסט אידיש די „עכא פון
אריז' רופט פרעזידענט ווילסאן „אי-
אט'.
קאמיר האפען, אז דאס איז ניט די
כא פון פראנקרייך. אזוי אונדאנקבאר
אן דאך אזא העפליכע לאנד ווי פראנק-
ייך זיכער ניט זיין. א פשיטא נאך צו
'נעם וואס האט ממש זיינע אידעאלען
ן רעפוטאציע מקריב געווען פאר איהר

* * *

### ר'זאל שכל האבען

וועז „גענאסע' נאסקע וואלט אנשטאט
האלטען זיין געפאנצערטע פויסט
ויף די גענאסען בעסער געהאלטען זיין
ויזערנעם קנאפעל אויף דעם קייזער'ס
נעראלען, וואלטען די רעאקציאנערען
ן „רעוואלוציאנערען' ניט געווארען..

* * *

### א פראגע

צווישען ענגלאנד און פראנקרייך איז
יצט ענטשטאנען א שטארקער סכסוך
וועגען דער דייטשער פראגע. לאיד
זשארדזש וויל שלום מיט דייטשלאנד,
ועהרענד מילעראן וויל דוקא אנפיהרען
קריעג ביז צום ענדע.
א'צט איז די פראגע, ווער ארבייט
באמת פאר די אינטערעסען פון פראנק-
רייך, מילעראן אדער לאיד דזשארדזש?

* * *

### א גוטער סמן

די אונערמיערליכע „מארגען פאסט'
איז ארויס מיט אן אטאקע אויפ'ן ציו-
ניזם: זי וויל ניט דערלאזען אז מען זאל
גרינדען א יודענשטאאט אין פאלעסטינא
און זי העצט די אראבער —און פרומע
קריסטען געגען דער איד'שער געפאהר
און זי ווארנט אויך די ענגלישע יאהודים
אז זיי זאלען ניט וואגען צו שטיצען די
אונערהערטע פאדערונגען פון זייערע
רעליגיאנס-ברי'דער.
די „מארנינג פאסט' וועט דארפען
אויפשטעהן נאך פריהער אויפ'ן טאג, אז
זיי זאלען קענען שטערען די אידען צו
צוריק קריגען זייער היימלאנד. נאר או'ב
זי בילט, איז א סמן, אז דער איד געהט
שוין אהין.

* * *

### זיי האבען אבסאלוט רעכט

דער אידישער הויפט' ריכטער אין
לאנד, האט רעזיגנירט פון זיין אמט צו-
ליעב די אנטיסעמ'טישע פראטעסטען פון
די פוילישע אונטער-ריכטער, וועלכע הא-
בען געפונען, אז דאס איז אונטער זייער
ווירדע צו אנערקענען א אידען אלס פרע-
זידענט פון זייער הויכען געריכט.
אזא, זאך זיי צו האבען א אידישען
טשיף דזשאסטיס, קענען נור די „אונ-
קולטורעלע', „בארבארישע' ענגלענדער,
אבער ניט די טרעגער פון דער מיטעל-
אלטערליכער הויכער ציוויליזאציאן —
די יאסנאוועלמאזשנע פוילישע פאנעס!

* * *

דער וועג

THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor

(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)

Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

# ווידער די רענט פראגע

דער קאמף מיט די רענט פראפיטערס, מעג ער ווי ערנסט גענומען ווערען פון דעם מעיאר, פון דעם שטאדט קאונסיל, פון דעם גאווערנאר און פון אלע אנדערע, וועט דאך ניט לעזען די פראגע.

כל זמן אין שטאדט פעהלען — לויט דער מעלדונג אין דאנערשטאג-דיגען נומער „וועג" — 30,402 וואהנונגען, און כל זמן — לויט דערזעלבער מעלדונג — 152,010 נפשות האבען נישט וואו צו וואהנען און מוזען זיך וואלגערן אין געפאקטע און ענגע חדרים, אדער אין פערדס-שטאלען; כל זמן איבער הונדערט מיט צוויי און פופציג טויזענד נפשות וועלען ארומלויפען איבער די גאסען און זוכען אן ארט וואו דעם קאפ אנצושפארען — ביז אזא מצב וועט אנהאלטען, וועלען אלע קאמפען מיט די לענדלארדס זיין ארויסגעווארפען.

א לענדלארד האט ליידיגע פינף אדער זעקס צימערן; ער ווייס פון דעם מאנגעל אין דירות און הייסט זיך געבען א הויכע פרייז. לאמיר זאגען אז ער הייסט זיך באצאהלען צוויי מאל אזוי פיעל, אדער אפילו דריי מאל אזוי פיעל וויפיעל די וואהנונג האט אין אמת'ן די ווערט. איז אזוי גיך ווי עס זיינען פאראן טויזענדער מענשען וואס קוקען ארויס אויף א וואהנונג, וועט זיך שוין געפינען א בעלן, וועלכער וועט באצאהלען די פאַ-בעלהאפטע פרייז, ובפרט אז אין דער אמת'ן זיינען פאראן מעהר קלאגעס וועגען דעם מאנגעל אין דירות איידער אויף דעם הויכען דירה געלט.

אמת טאקע אז אונזער שטאדט איז נישט באזעצט מיט פאמע רייכע; פאראן טויזענדע ארבייטער וואס זיינען אזוי „גליקליך" צו ארבייטען ביי דעם „גדיב הידוע" הענרי פארד און פיעלע אנדערע וואס ארבייטען ביי אנדערע עהנליכע און ערגערע „פאטריאטען" און „ליבעראלען", וועלכע צאהלען אזא הויזוש, וואס קלעקט נישט אויף הויכען דירה געלד. פונדעסטוועגען זיינען אין כלל גענומען די פאַרדינסטען אין דעטראיט נישט קיין שלעכטע און די פיזוקע אין דער פאר'ים פון א לענדלארד דאס אפצווינגען.

און קיין איינער פון די, וועלכע זוכען א וואהנונג, וועלען נישט גייען צו קלאגען דעם לענדלארד, למאי ער וויל פון זיי הויכע דירה געלד. זיי וויסען איינס: איצט וואהנען זיי אפשר א גאנצע פאמיליע אין איין צימער און עפעס א נס איז געשעהן וואס ביי א לענדלארד האט זיך אפגעליידיגט א וואהנונג און מען דארף זעהן די וואהנונג וואס גיכער פארכאפען, כדי עס זאל נישט אנטשפרינגען אן אנדער בעלן.

וועט בכן דער קאמף דא נישט העלפען. עס זיינען דא בעלנים וואס לאזען זיך עקספלואטירען און דער עקספלואטאטאר ניצט אויס די געלעגענהייט.

מען וואלט אבער געקענט גרינדען טענענטס יוניאנס, וועלכע זאלען קריגען די סימפאטיע און שטיצע פון דעם געזעץ אום דער וואס האט שוין א דירה, זאל נישט מורא האבען אלע מאנאט פאר א נייעם „רעיז" אין דירה געלד און מען וואלט געקענט אויך דא שאפען א באוועגונג, א פאנד, א קא-אפעראציע, אדער אן אונטערנעהמונג מיט אן אנדער נאמען צו בויען דא הייזער.

אט פיהלט סיאטעל (וואשינגטאן) אויך א מאנגעל אין דירות זייט דעם יאהר 1918, און די טשעמבער אף קאמערס פון סיאטעל האט אט וואס צו דערצעהלען ווי אזוי זי באקעמפט די רענט-פראפיטערס און דעם וואה-נונגס-מאנגעל; דער באריכט פון דער סיאטעל'ער טשעמבער אף קאמערס לייענט זיך ווי פאלגט:

„אונזער קריעגס-קאמיטעט האט באשטימט י. פ. דאגלעס אלס טשער-מאן פון א קאמיטע וואס זאל ערמוטיגען צו בויען הייזער. די מעטראפא-ליטאן בילדינג קאמפאני האט געגעבען פלאץ דער קאמיטע פאר איהר הויפט אפיס און די „מאר האמס-ביורא" האט זיך ערעפענט. דעם 15טען אוי-גוסט, פאריגעס יאהר, האט זיך אנגעהויבען די ארבייט פון דער ביורא און מיט דער מאטא „בויט א הויז!" האט מען באנוצט פאלגענדע מיטלען:

1) מען האט ארגאניזירט א „סעקאנד מארטגייזש קאמפאני" (ביז דעמאלט איז אין סיאטעל אזא קאמפאניע נישט געווען). יעדער, וואס האט געבויעט א הויז האט באקומען 500 דאלאר אלס „סעקאנד מארטגייזש" אויף מאנאטליכע אויסצאהלונגען.

2) מען האט געצוואונגען יעדען ביזנעס מאן, יעדען פארמעגליכען צו בויען א הויז, ניט קוקענדיג דעריף וואס ער איז פון פריהער שוין א הויז באזיצער. ביי אנדערע האט מען גע'פועל'ט צו בויען מעהר ווי איין הויז.

די סעקאנד מארטגייזש קאמפאניע מיט איהר 200,000 דאלארדיגען פאנד איז געווען א גרויסער ערפאלג.

דער צווייטער פלאן האט פארוואנדעלט דעם קאמפיין אין א פאטריא-טישען דרייו. מען האט פובליצירט די נעמען פון די יעניגע וואס פארמא-גען לעדיגע לאטס און עס איז פשוט געווען א שאנדע ווען איינער האט גע-האט צו פיעל ליידיגע לאטס און פארבויעט זיי נישט. אויף אזא אופן האט מען דעם 3טען סעפטעמבער געצוואונגען 450 ביזנעסלייט צו פארבויען זייערע לאטס. אין געצעהלטע פינף טעג זיינען 3650 הייזער געווען גע-בויעט. אנדערע צוויי טויזענד הייזער האט מען ביז'ן 1טען נאוועמבער צוגעבויעט.

ווי עס איז צו זעהן האט מען קארגע זעקס טויזענד הייזער (נישט איינצעלנע וואהנונגען) אויפגעבויעט אין סיאטעל אין געצעהלטע טעג. ווארום זאל מען אזא באוועגונג נים שאפען אין דעטראיט?

מיט רופען עדות, מיט מאכען פאמפ און אנשטעל, מיט אנפיהרען קאמף פון ווערטער און פראזען, וועט מען גארנישט אויפטאן.

דארטען וואו מען האט מיט אן אמת געוואלט לייזען די וואהנונגס-פראבלעמע, האט מען נישט גערעדט, נאר געטוהן מעשים.

# שפריצע

## איינגעברענגט אן ארביט

דער סאוויעטען קאנגרעס אין מאס-קווע האט אנגענומען א שפאסיגע רע-זאלוציע צו באשענקען זשארזש קלע-מאנסא'ן און דעם ענגלישען קריעגס מי-ניסטער ווינסטאן טשוירטשיל מ'ט די העכסטע אויסצייכנונגען פון דער רוסי-שער רעוואלוציע — פאר די גרויסע פאר-דיענסטען, וואס די לעצטע האבען פאר דער סאציאלער רעוואלוציע.

די רעזאלוציע א'ז אזוי שפאסיג, אז עס איז אפילו פאר אונז נישט נויטיג צו מאכען דערצו א וויציגע באמערקונג און די באלשעוויקעס פארדיענען א דאנק פאר איינברענגען אן ארבייט.

* * *

## קיין וואונדער נישט

דער פאפיער קרות ווערט אלץ גרע-סער און גרעסער אין די פאראייניגטע שטאטען און אין אנדערע לענדער.

קיין וואונדער נישט: אין די לעצטע עטליכע יאהר זענען געמאכט געווארען אזוי פיעל פארשפרעכונגען, פי'עדליכע הבטחות, און אלע זענען געבליבען אויפ'ן פאפיר — אז עס פעהלט אויס אצינד איים פאפיר.

* * *

## בהמות פעהלען נישט

דייטשלאנד האט צוגעשטעלט פראנק-רייך עטליכע און צוואנציג טויזענט בהמות.

פונדעסטוועגען מאך איך א וועט, אז אין דייטשלאנד זענען געבליבען נאך גענוג בהמות, איבערהויפט צווישען די דארטיגע אידישע אסימילאטארען.

* * *

## איצט ווייסען מיר שוין

ענדליך איז אין קאנגרעס ערקלעהרט געווארען בקולי-רם, אז אמעריקא איז שוין אין שלום-צושטאנד.

א דאנק דעם קאנגרעס! אזוי האבע מ'ר עס טאקע נישט געוואוסט. אבער פרעזידענט ווילסאן אפנים גלויבט נאך נישט, אז אמעריקא איז אין שלום און ער וועט, ווייזט אויס, דעם שלום נישט אונטערשרייבען.

* * *

## מיר האבען זיך טאקע געוואונדערט

עס ווייזט זיך ארויס, אז ג'י, די אראבי-שע דעמאנסטראציעס קענען אין און אין ארץ-ישראל האבען זיך באטייליגט בלויז קריסטליכע אראבער. די מאהאמעדאנישע אראבער האבען נישט קיין אנטייל גע-נומען.

מיר האבען זיך טאקע לכתחילה גע-וואונדערט, אז די קריסטליכע ליעבע זאל זיך ביי אזא געלעגענהייט, ווי אן אנפאל אויף אידען, נישט ארויסווייזען..

* * *

## שולדיג א הוב

די טענאנטס אין ניו יארק און אין אנדערע שטעדט פאדערען, אז די שטאט זאל בויען הייזער.

גאנץ גערעכט: די שטאדט איז טא-קע שולדיג א חוב: אלעמאל בויט מען הייזער ביז עס ווערט א שטאדט. איצט זאל די שטאדט בויען הייזער, ביז — ביז עס וועט בילינער ווערען רענט.

* * *

## דער אמת'ער פעסט

אין דער הויפט שטאדט פון אונגארן, וואו עס הערשט א שרעקליכער תוהו ובהו, זענען אין דער לעצטער צייט פא-פולער געווארען אלערליי מזרח העלי-גיאנען, איבערהויפט די בודאיסטישע רעליגיע.

אויב די אמונה פון בודהא וועט דארט האבען ערפאלג, וועט עס זיין א ריכטיגע בודא-פעסט..

* * *

## טאקע א פאדראס

אין פו'לען וועלען אידען שטרענג באשטראפט פאר רעדען אידיש דורכ'ן טעלעפאן.

דאך זענען נאך די פאליאקען אומ-צופריעדען וואס זיי קענען נישט דורכ'ן טעלעפאן רעם אידען באלד אפשניידען די בארד פאר רעדען אידיש.

* * *

אמאל האט מען זיך אויך געוואונ-

## דערט

מ'וואונדערט זיך: סטייטש, ווי קע-נען אייזענבאהן ארבייטער סטרייקען אהן דער הסכמה פון זייערע פיהרער?

אט פונקט אזוי פלעגען זיך אמאל אונזערע זיידעס וואונדערן: ווי אזוי א וואגען קען פאהרען אהן פערד..

# נאך דעם זיג קומט די ארבייט

פון יצחק זאר.

עס איז געקומען די צייט פון בויען. פון פראקטישער בויענדער ארבייט פאר דער אידישען פאלק.

אונזער באפרייאונגס אידעאל האט גע-וואונען. די וועלט, די ראדיקאלע און די קאנסערוואטיווע האט אנערקענט, אז מיר האבען דאס רעכט צו זיין פריי אלס פאלק, צו בויען אונזער שטאאט, אונ-זער אידישע היים. א גרויסער מאראלי-שער זיג. ספעציעל פאר די, וועלכע הא-בען נעדארפט דעם הכשר פון דער וועלט פאר זייערע אייגענע שטימונגען.

יעצט ווייסען מיר שוין אלע, אז דאס וואס מיר ווילען, איז ניט קיין פאנטא-זיע; אז עס ליגט זיך אויפ'ן שכל דער פראקטישער און אידעאליסטישער העלפט פון דער מענשהייט. קיינער איז אין פרינציפ ניט געגען. קיינעם קומט דער ציוניזם ניט אוים מעהר ווילד אלס פאר לאנג, אלס אידעאל און א סך, נאר א סך זיינען גרייט אונז צו העלפען, ווען מיר וועלען די ארבייט אנפאנגען.

אבער אנפאנגען מוזען מיר. טאן די אר-בייט מוזען מיר. א פשוטער אמת, וואס איז געווען זעהר קלאר פאר דעם וועלט קריג אבער וואס איז פארדונקעלט גע-ווארען וועהרענד דער מלחמה. עס האט זיך געדוכט־א סך פון די ערנסטע אי-דען — אז די הויפט זאך איז די הסכמה פון פעלקער. די אלגעמיינע אנערקענונג פון אונזערע רעכט, די פרינציפען ער-קלערונג מצד די גוים.

עס וועט זיין איבריג איצט צו פרע-גען קשיות, עס איז נעווען אזא שטימונג, אזא גלויבען, אזא איבערצייגונג אויב איר ווילט. און מיר האבען געזינגט — מא-ראליש. דאס איז דער איינציגער זיג פאר א קבוץ, פאר אזא פאליטיש שוואך פאלק, ווי מיר אידען זיינען.

און וואס ווייזט אונז דער טעארעטי-שער נצחון? וואס גיט אונז די אלגעמיי-נע אנערקענונג? זיינען מיר נעהענטער פון ציעל? האבען מיר עטוואס געוואונען אין פראקטישען זין? א פוסטער זיג אין פליג, או ציטט רעדפאר, ווייל מיר האבען פארגעסען דעם אלטען אמת: א פאלק מוז דאס לאנד באזיצען און עלבסטשטענדיג דארט צו ווערען.

סימפאטיע איז א גוטע זאך; א סך בע-סער ווי שנאה אפטמאל ערפאלגס. עס וועט אונז צו נוץ קומען — שפע-טער. דאס וואס די וועלט האט אפ-ציעל און האלב אפיציעל מסכים געווען צום ציוניזם. אבער אונזער גאולה וועט דורך דעם ניט קומען.

בויען, לאנגזאם בויען, שטעל ווי די אומשטענדען וועלען ערלויבען, אבער בויען מוזען מיר, ניטא מעהר קיין קאמף פאר אנערקענונג; ניטא מעהר קיין ריין פאליטישע ארבייט. פראקטישע ארבייט דארף איצט דעם איבען אן פארנעה-מען! יעדער נייער שטיין אין דעם פונ-דאמענט פון אונזער ישוב, אין ארץ ישראל, איז נאך א שטאפעל צו דעם הייבען ציעל. די דער ענטגילטיגער נא-ציאנאלער באפרייאונג; יעדע קאנסטרוק-טיווע ארבייט אין ארץ ישראל וועט פאר שטארקען אונזער פאזיציע אין דער וועלט; יעדער פראקטישער שריט אויף דעם וועג וועט אונז געבען אלץ מעהר געלעגענהייט און מעגליכקייט די גוטע ווינשע פון די ניט־אידען אויסצונוצען.

מיר וועלען זיין פאליטיש פונקט אזוי ווייט פון אונזער לאנד, ווי דאס לאנד איז געאגראפיש — ווייט פון אונז.

און פראקטישע ארבייט מיינט ניט דוקא בויען מיט א מאל צענדליגע קאָ-לאניען אדער אויסארבייטען פלענער פאר א מאסען-קאלאניזאציע, אלץ וואס העלפט דעם ישוב, ווי קליין עס זאל ניט זיין אן און פאר זיך, העלפט דעם גרוי-סען אלגעמיינעם צוועק.

פראקטישע ארבייט מיינט אויך ניט שאפען א רייך קאפיטאליסטישע, א ריין סאציאליסטישע אדער נעצייכטע קאא-פעראטיווע אידישע געזעלשאפט. מען דארף ניט קיין פאראייניגונג פון אלעמען פאר איין סארט ארבייט; מען דארף ניט קיין כל ישראל פאליטיק. יעדער פארטיי קען און דארף טאן, וואס ער האלט פאר זיין חוב, דער רעזולטאט פון אלערליי פראקטישע ארבייטען וועט זיין א וואקסענדער אידישער ישוב, וואו די קלאסען און פארטייען וועלען שוין זיין געצוואונגען אויסצוקעמפען די לעי-בענס פארמען, וועלכע וועלען זיין מעה-צוגעפאסט צום לאנד און פאלק.

דער עיקר איז טאן און טאן וואס מעהר, די אויסערליכע לאגע וועט זיך שוין במילא ענדערן און די פאליטישע לאגע וועט זיך במילא בעסערן אין הכלל און אין פראפארציע מיט דעם וואוקס און דער מאכט פון די אידען אין ארץ ישראל.

ווער עס קען אליין בויען ארץ ישראל, איז אודאי גוט. קיינער קען אזוי ניט העלפען זיין פאלק און לאנד ווי דער, וואס איז אליין אויפ'ן פלאץ און איז דע ריבער א טייל און א שאפענדע קראפט פון דעם פאלקס קערפער.

אבער ניט אלע קענען אין דער זעל-בער צייט דעם זעלבען זכות האבען, און עס בלייבט גענוג ארבייט פאר די, וועל-כע קענען פון דער ווייטענס העלפען.

ניט אלע אידישע ארבייטער קענען איצט אין ארץ ישראל זיין, און ניט אלע אפילו פון די וואס וואלטען גערן געפאה-רען, וואלטען געקאנט זיך איינארדנען דארט אבער אלע קענען העלפען די, וואס זיינען שוין דארט און צוגרייטען בעסע-רע באדינגונגען פאר די, וואס קומען און וועלען קומען און אלץ וואקסענדער צאהל.

די פארהעלטעניסמעסי'ג קליינע צאהל אידישע ארבייטער, וואס זיינען אין ארץ ישראל טראגען אויף זיך דעם גאנצען לאסט פון נייעם ישוב. זיי זיינען אונזע בעסטע גרונדלעגער און צוקונפט בויער און זיי ווייזען אונז, וואס מען קען דארט טאן און ווי מען קען און מען דארף טא.

אויב מיר קאנען נאך ניט זיין צווישען יענע, וואס טוען פאר אונז יעצט די אר-בייט, לאמיר טאן פון דאנען, וואס מיר קאנען אום זיי צו העלפען אין דער גרוי-סער ארבייט, לאמיר זיי געבן די מיט-לען פאר די נייע פארמען פון ארבייט, וועלכע זיי פיהרען דארט איין און פיה-רען דארט אן.

אויב מיר קאנען נאך ניט זיין אין ארץ ישראל לאמיר לכל הפחות ארץ ישראל העלפען דורך דעם פאלעסטינא ארבייטער פאנד"

די ארבייט קען שוין איצט ניט אויס-קוקען קליין, באטש מען האט זי צו יעדער צייט געקאנט מאכען אזוי גרויס, ווי מען וואלט ערנסט געוואלט. מיר האבען דאך שוין געוואונען א מאראלישען זיג; מיר האבען דאך ערקעמפט דעם גרעס-טען טייל פון אונזער אנערקענונגס-ציעל. בלייבט דאך הויפטזעכליך די פראקטישע ארבייט, די אין פלוג גרינגע און דאך פרוטבארע ארבייט און צו-קונפטרייכע ארבייט.

„דער פאלעסטינא ארבייטער פאנד" איז ניט היינט געגרינדעט געווארען, און זאמלונגען פאר איהם אין חודש מאי, זיי נען ניט קיין נייעם אויף דער אידישער גאס, אבער זיין גרויסע פראקטישע ווערט איז קיינמאל ניט געווען אזוי בולט ווי היינט, נאכדעם ווי מיר האבען קלאר און דייטליך דערזעהן, אז מען דארף קודם כל, דעם ישוב אין ארץ ישראל האבען, אום דאס לאנד זאל ווירקליך און פאלי-טיש אונזערע ווערען.

# מזל טוב! סאנינא ווערט פטור פון דער וואסער פאמפע

דאס שטעטעל סאנינאו פון מישי-גאן מט'ט נעהט שוין, מיט מזל פטור ווערען פון איהר וואסער-פאמפע און אנשטאט דעם וועט מען דארטען איינ-פיהרען א מאדערנע וואסער-לייטונג מיט אלע פיטשעריקעס, אט טאקע ווי אין א גרויסער שטאט.

די וואסער פאמפע אין סאנינאו, איז, דארפט איהר וויסען זיין, ניט בכלל א פאמפע, וואס גיט וואסער, נאר א רע-גולע אינסטיטוציע, מיט א ריזיגער פאר-גאנגענהייט, מען קען זאגען, מיט „טרא-דיציעס" . . .

אוי, ווען די פאמפע אין סאנינאו זאל אנהויבען רעדען, וויפיעל סודות זי וואלט אנטפלעקט. פופציג און זיעבע-ציג יאהר איז די ראזיגע וואסער-פאמ-פע אפגעשטאנען אין שטעטעל און גע-שטערט דעם שלום-בית פון די דארטיגע איינוואהנער. ניט איין גט איז ארויס-געקומען און ניט איין מאל האבען זיך מאן און ווייב ביי די האר געריסען — און אלץ צוליעב דער וואסער-פאמפע.

דער לעזער קען שטעלען די קשיה: וואס האט א פאמפע צו טאן מיט שלום-בית?

וועלה, א קשיה איז עס טאקע, אבער אין סאנינאו איז די קשיה קיין קשיה ניט.

ווארים אין סאנינאו, אז א בחור איז נעגאנגען חתונה, האבען מיט א מיי-דעל, האט ער פריהער אויסגעפראבירט די שטארקייט פון דער מיידעלס מוסקלען, איידער מען איז געגאנגען צו דער חופה. ווארים צו האבען א שוואכע פלונית'טע אין סאנינאו איז אן אומגליק. שוואכע מענשען קענען דארטען פון דער וואסער-פאמפע גאר ניט ארויסקריגען, ווייל אום אנצושעפען אן עמר וואסער פון דער סאנינאו'ער פאמפע, פאדערט זיך די כחות פון א שטאהל-טראסט, אדער לכל הפחות פון א דושעק דעמזי.

נו, נו, פרעגט שוין ניט וואס ס'פלעגט זיך אפטאן, און וואס ס'טוט זיך נאך יעצט אפ! ווען מ'דארף אן עמער וואס-סער, איז הימעל עפען זיך! דער מאן זאגט: „איך בין ניט פון אייזען" און די פרוי זאגט: „איך האב ניט קיין מענער-'שע כחות". באשליסט מען שוין צו געהן ביידע צוזאמען, מיט פאראייניגטע כחות, צערייסען זיך די „פאראייניגטע כחות אויפ'ן וועג", מחמת די קריעג וואס האט זיך אנגעפאנגען אין הויז צופלאמט זיך ערשט אויפ'ן רעכטען אמת, ווען מען דער-זעהט די פאמפע... און וואס זשע מיינט איהר איז דער רעזולטאט? אוי, אידישע קינדער! דער רעזולטאט איז ניט פרעה-ליך . . . און — און אלץ איז שולדיג די פאמפע.

ענדליך האבען זיך די איינוואוינער פון סאנינאו ארומגעזעהן, אז ווייטער אריבערטראגען די שרעקליכע פאמפע צרות, איז אוממעגליך און —

דעם 24-טען פעברואר איז באשלא-סען געווארען פון דער דארטיגער אד-מיניסטראציע צו באשטימען א בודושעט פון $500,000 באנדס אלס א אנפאנגס-סומע פאר דער איינריכטונג פון א מא-דערנע וואסער לייטונג, וואס זאל זיך ציהען פון דעם סאנינארבעי.

אלזא לאמיר אלע אפגעבען מזל טוב צו די איינוואוינער פון סאנינאו, וועל-כע געהען פטור ווערען פון זייער 75 יאהריגער זקנה, וועלכע האט זיי פאר-שאפט אזוי פיעל, אזוי פיעל צרות!

# לידער

פון אסתר בעקערמאן

## זוכעניש

א שטילע נאכט: — —
אין גרוי געהילט איז די וועלט —
אין גרוי אויך מיין נשמה:..
איך זוך: — —
זוך דעם וועג — דעם וועג צו ליכט
און קען איהם ניט געפינען!..
שטערנלאז איז די נאכט
טיעף מיין נשמה: — —
אזוי מיר — ווי די וואלקענס
וואס שלעפען זיך לאנגזאם אין
דער לופטען.

איך זוך: — —
זוך דעם וועג צו זיך,
און קען איהם ניט געפינען! —
ניט געפינען!..

## טרעהרען

איז דאס הארץ מיר פול מיט באנגען
און מיט אנגסטען פול דער קאפ
טראכט איך, — און פון מיינע באקען
קייקלען טרעהרען זיך אראפ.

כ'האב זיי פיעלע שוין פארלארען
אין די גרויע לעבענס טעג..
אך! ווי לאנג נאך, וועלען פליסען
טרעהרען אויף מיין וואנדער וועג

# אינטעראסאנטע קאנפערענץ

פיעלע נויארקער אנגעזעהענע אידען וועלען זיך באטייליגען אין א נאציאנא-לער קאנפערענץ וועגען אימיגראציאן. די קאנפערענץ וועט האבען איין זיצונג אין דער פריה און א צווייטע נאכמיטאג.

אויסער אידישע פארשטעהער, וועלען אויף'ן קאנפערענץ זיין אנוועזענד וויכטיגע פארטרעטער פון אנדערע ראַ-סען-גרופען, און פארשטעהער פון אמע-ריקאנער אינדוסטריע, פינאנץ, אגריקול-טור, און די ארבייטער באוועגונגען. די קאנפערענץ ווערט פאררופען פון די „אינטער-רייסיעל קאונסיל" פון 120 בראדוויי, אן ארגאניזאציע וואו די פרעמד געבארענע אזוי גוט ווי היגע געבארענע זיינען פארטראטען.

די פארטרעטער צו דער קאנפערענץ זיינען אויסגעקליבען געווארען פון דיא נאציאנאלע, ברידערליכע און געזעלשאפ-ליכע ארגאניזאציעס צווישען די פאר-שיעדענע ראסען, אום יעדער ראסען-שטאנדפונקט זאל קענען פריי אויסגע-שפראכען ווערען. די פארטרעטער וועלען נאך פיעלע וויכטיגע דיסקוסיעס דאר-פען שטימען איבער געוויסע רעזאלו-ציעס וועלכע וועלען פארגעלעגט ווערען. די רעזאלוציעס וועלען באצוועקען א-צושלאגען צום קאנגרעס פון די פאראיי-ניגטע שטאאטען, א באשטימטע פאלי-טיק אין דער הינזיכט פון אימיגראציע, וועלכע זאל זיין אין אנקלאנג מיט דיא בעסטע נאציאנאלע אינטערעסען פון אמעריקא, און זאל צו זעלבער צייט, צוי-גען אנערקענונג צו די פארשיעדענע ראַ-סען אין אמעריקא פאר אלעס וואס זיי האבען געטאן צו העלפען אויפבויען די לאנד, אינדוסטריעל און אויף אנדערע געביעטען.

צוזאמען מיט די אנדערע אידישע פארשטעהער, זיינען אויך איינגעלאדען די פערמאנענטע מיטגליעדער פון דער „אינטער רייסיעל קאונסילס" אידישע קאנפערענץ קאמיטע. די וועלען ניט נאר נעהמען אנטייל אין די דיסקוסיעל, נאר וועלען העלפען אויסארבייטען די רעקא-מענדאציעס וועלכע וועלען צוגעשטעלט ווערען צום קאנגרעס. דער טשערמאן איז דזשאדזש אטא ראזאלסקי.

איינע פון די פראגען וועלכע די קאנ-פערענץ וועט אויפנעהמען וועט זיין די ענטוויקלונג פון א בעסערער פארשטענ-דיגונג צווישען די פרעמד-געבארענע אין אמעריקא. עס וועלען אויך פארהאנדעלט ווערען געזעצע וועלכע האבען א שייכות מיט די פרעמד געבארענע, געזעצע וועגען אימיגראציע און נאטוראליזאציע, און די געענדערטע אינטערנאציאנאלע באדינגונגען וועלכע ריהרען אן אונזער נאציאנאלע פאליטיק. ספעציעלע אויפ-מערקזאמקייט וועט מען אויך שענקען די פראגען פון אריינלאזען, אויפנעהמען און שטיצען דעם אימיגראנט, און דיא ווירקונגען פון אימיגראציע אויף די איצ-טיגע צושטענדע אין אינדוסטריע און אגריקולטור.

„דאס זיינען אלץ פראגען וועלכע ווע-לען אייך אינטערעסירען" האט געשרי-בען דזשענעראל קאולמאן דו פאנט אין זיין אויפרוף צו די פארשיעדענע ראסען פארטרעטער „און מיר גלויבען אז איהר קענט ניט פעהלען ביי א קאנפערענץ, וועלכער וועט פארמולירען נאציאנאלע און אינטערנאציאנאלע ווענדונגען וועל-כע וועלען באריהרען דעם וואוילשטאנד פון אייער ראסע ווי אין אמעריקא אזוי אויך אין דער פרעמד".

די „אינטער רייסיעל קאונסיל" איז ארגאניזירט געווארען לעצטען יאהר פאר זעצען די ראסען-ארבייט וועלכע די רע-גירונג האט אנגעפיהרט אין דער צייט פון דער מלחמה, און פאר וועלכע דער אמעריקאנער קאנגרעס האט זיך ענט-זאגט אפצושטימען די נויטיגע סומע אום די ארבייט זאל קענען אנגעהן אויך אין צייט פון שלום.

(שלוס אויף זייטע 6)

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(זיעבעטעס קאפיטעל)

### איף דער בקשה פון א שטארבענ־דען טאטען

ערשט מיט דזשאזעף'ס בעגעגעניש אין דער בלומען־קראם איז איהר ארויפגעקומען אויפ'ן זינען: און אפשר זאל זי זיך ווענדען צו איהם נאך פראטעקציע? און אפשר זאל ער ערגעץ אויסווירקען, אז מען זאל איהר שוועסטער צונעהמען אין א סאניטאריום?

דער געדאנק האט איהר נ'שט אפגע־לאזט.

יעדען מאל ווען זי האט זיך מיט דזשאזעף'ן געזעהן, האט זי דאס איהם געוואלט זאגען, אבער יעדעס מאל האט זי דאס אפגעלעגט אויף מארגען.

— זאל זיין.. זי וועט שוין מארגען זיכער זיך אנגעהמען מיט מוט און וועט א'הם זאגען. יא, מארגען וועט זי שוין זיכער מוטיגער זיין.

אין אמת'ן אבער איז נישט אין מוט די מניעה געווען.

וואס מעהר זי האט זיך אין דזשאזעף'ן פאראינטערעסירט, וואס צוגעצויגענער זי א'ז צו איהם געווארען, וואס שטאר־קער איהר הארץ האט זיך געצאפעלט ביי זיין קומען און א'ועקגעהן, אלץ מעהר האט זי זיך געוואלט פון איהם אפרוי־סען.

זי האט גוט געוואוסט וואס פאר א טיפער גרובען עס ליגט צווישען א'הר און צווישען דעם רייכען ריכטערס זוהן. זי האט געוואוסט, אז ווען זי זאל זיך אין איהם פארליבען איז דאס א האפ־נונגסלאזע ליבע.

דער רייכער און פראמינענטער ריכ־טער וועט באין אופן נישט מסכים זיין צו אזא שידוך.

וואלט דזשאזעף נישט געווען כאטש קיין קינסטלער, וואס מוז מי יודע ווי־פיעל יאהרען נאך אויסגעהאלטען ווע־רען און אונטערגעשטיצט ווערען, וואלט זי נאך געקענט האפען אז דזשאזעף זאל להכעיס זיינע עלטערן חתונה האבען מיט איהר.

ער וועט דאס אפשר איצט אויך ווע־לען.

האט זי אבער א רעכט צו נעהמען אן אומבאהאלפענעם קונסטלער, וועלכער איז ערצויגען געווארען אין כל טוב און איהם אראפשלעפען א'ן ארימקייט און אין דחקות?

וואלט דאך אזא בונד געווען דער גרעסטער אומגליק פאר איהם און איך פאר איהר.

און ווער קען דען וויסען וואס דער סוף קען זיין פון אזא בונד?

ניין, זי מוז מיט חשבון לעבען. זי מוז קענען רעגירען מיט איהרע געפיה־לען. זי וועט איהר ליעבע אונטערדריקען.

און באלד, האט זי זיך גענומען איינרי־דען, אז אייגענטליך איז דאס נאך ק'ין ליעבע ניט.

נישט מעהר זי איז עלענד. זעהר עלענד. און דא קומט א יונגערמאן און באציהט זיך פריינדליך און באט איהר אלע מאל זיין הילף, ווארום זאל זי זיין הילף נישט אננעהמען?

זי וועט איהם פאר א פריינד פארדע־כענען. איין און איינציגע פריינד.

ער וועט איהר העלפען באשטאטען די שוועסטער.

דאס מוז זי! קיין זאך, ק'ין געפעלי־קייטען פאר זיך!.. אבער חנה'ן — פון איהרעט וועגען מוז זי אוועק קוקען, און זי וועט איהם טאקע זאגען: עס ליעגט א מיידעל קראנק און מען מוז זי בא־שטאטען אויף א דאטשע. ער — איז ר'יך, ער האט באקאנטשאפט. אין די „הויכע פענסטער" זיין פאטער איז אן איינפלוסרייכער מענש, זאל ער זאגען דערפאר.

עהלעי חנה איז נאר א ווילד פרעמ־דע, נו, וואלט זי דען נישט געבעטען ביי איהם פאר איהר? אוודאי וואלט זי גע־בעטען!

דזשאזעף וויעדער — האט דוקא נ'ט געוואלט זיך משתדל זיין פאר חנה'ן.

ער האט איהר באוויזען מיט ראיות, אז דאס בעסטע איז אין א פריוואטען הויז. א פריוואטע דאטשע, די סאניטא־ריומס זיינען אפשר גוט, אבער שוין פאר געפעהרליך קראנקע, פאר האפנונגס־לאזע חולאים.

אט זאל זי ביי איהם נעהמען די פאר הונדערט דאלאר וואס ער האט אין באנק.

שיער נישט האט מען' זיך אונטערגע־געבען און גענומען ביי איהם די אנגע־באטענע סומע.

זי האט מיט איהם קיינמאל א גלאז טהע נישט געטרונקען, קיינמאל איהם נישט געלאזט אויסגעבען פון איהרעט־וועגען אפילו נישט וואס א גלאז סעל־צער־וואסער באטרעפט. אבער פון חנה'ס וועגען..

און גאט ווייס ווי חנה איז איהר טייער.

— מרים, מיין טאכטער — האט דער פאטער איהרער אויפ'ן טויט־בעט צו איהר געזאגט — מרים, איך לאז דיר קיין רויבע ירושה נישט איבער, דחקות, עניות און — א קראנק שוועסטערל. זיי צו איהר גוט, ווי די ביסט געווען גוט צו איהר און צו מיר ביזאהער.

דאס איז געווען דעם טאטענס בקשה אויפ'ן טויטענבעט.

מיט די לעצטע גסיסה כחות האט ער די ווערטער קוים ארויסגעשיפעט.

נאר צי האט ער עס דען באדארפט א'הר זאגען?

וואס דען, פאר וועמעס דען וועגען וועט זי איצטער לעבען, אויב נישט פאר חנה'ס וועגען?

און צי האט זי דען אמאל געלעבט פאר זיך? צי האט זי דען אמאל איינציגע שעה געהאט פאר זיך אליין? און צי א'ז נישט איהר יונג לעבען איין לאנגער וועג פון מארטירערטום?

אוודאי וועט זי לעבען אצינד פאר חנה'ס וועגען.

ביז איצט האט זי געלעבט פון טא־טענס וועגען און פון חנה'ס וועגען און איצט אז דער טאטע איז נ'שטא — —

מרים קוקט זיך ארום אין שטיבעל און פאלט אראפ אויף דער שוועסטערס אקסלען — „מיין טייערע אומגליקליכע שוועסטער"..

איין איינציגע טרייסט, איז פאר איהר די שוועסטער.

די מאמע איז שוין לאנג טויט.

אליין האט מרים אויסגעניאנטשעט חנה'ן.

מען האט דעם־פאטער אפילו גערעדט שידוכים: „ווי, עס פאסט דאך נישט.. א רב, אן אלמן.. ביז'וואנען אין דער שיעור?"

אבער דער רב האט אפילו נישט גע־וואלט הערען פון נאך אמאל חתונה הא־בען.

און אפשר וואלט ער שפעטער מרוצה געווארען, איז אן אנדער צופאל אונטער־געשפרונגען: דעם ברודער זיינער איז אוועק שבת פון שטעטעל.

אוועק, מיט א גו'איש פוהרעל אנט־לאפען פון שטעטעל..

דער ברודער איז כל ימיו געווען אן אפיקורס, וואס האט איהם, דעם רב, מבייש געווען און א סך צרות פאר־שאפט.

האט ער איהם תמיד געטריבען פון זיך: „פאהר דיר אוועק — האט ער זיך תמיד ביי א'הם געבעטען — פאהר זיך דיר אוועק, נאדיר וויפיעל דו ווילסט אויף הוצאות, אבי זיי מיך נישט מבייש. עס איז דאך א גוואלד, קריעה צו ר'יי־סען. נעהמסט און שערסט זיך אפ די פאות. מילא, דאווענסט ניט. ועהט דאס אין רבנו של עולם. אבער אפיטגעהן תרבות רע, הפקר. און אט האט געזאגט ר' מיכל דעם רב'ס, אז זיין שוועסטער האט זיך געזעהן רייבערען אום שבת.. גוואלד, דאס איז דאך שוין פשוט שמד.. מחלל שבת ז'ין בפרהסיא..

— יא, ברודער — פרעגט ער, ענט־פערען מיט צו להכעיס — אוועקפאה־רען וועל איך טאקע, אבער איידער איך'ל אוועקפאהרען מוז איך דיינע באלעבא־טים מקצר ימים זיין.

טענה'ט ער מיט איהם, דער רב, אז ז'י הערען איהם ווי דעם פאר־אייאהרי־גען שנעע, אז מעהר פון אלעמען האט ער אליין די צרות. אז איהם איז מען שוין מקצר ימים צוליעב איהם, אז מען וועט סוף כל סוף ברענגען אן אנדער רב איבער איהם, דעם אפיקורס און שמד'־ניק.

אבער יענער לאכט דערפון. ער איז זיכער, אז מען וועט נ'שט ברענגען. און ער וועט זיינע באלעבאטים אפטאן אזא שפיצעל, אז זיי וועלען איהם האבען צו געדענקען.

און אט דאס איז דאס שפיצעל גע־ווען: אום שבת איז ער פון שטעדטעל אנטלאפען.

האט מען ארויסגעלאזט א קלאנג, אז ער איז אוועק זיך שמד'ען, אז אט דער און יענער האט אליין געהערט פון א גלח אז „אבראמקע" א'ז געווארען א פראוואסלאווניער. און אט האט יענער גע־הערט אויפ'ן יאריד אין ל., אז א גוי האט זיך באריהמט, אז ער האט אליין געזעהן דעם „ראבינא בראטשיק" אין קלויס־טער..

די ראזינע קלאנגען האבען דערפיהרט דערצו, וואס מען האט טאקע געבראכט אן אנדער רב.

און מר'ם'ס טאטע איז געווארען א מלמד.

זי איז דעמאלט נאך כמעט א קינד געווען. אבער זי געדענקט גוט דעם חורבן וואס ביי זיי אין שטוב איז פארגעקומען. דער פאטער איז פאר צער און פארדרוס גרוי און אלט געווארען פאר דער־צייט.

האט אנגעהויבען צו קרענקען. דאס משמדות האט אלע זמן ביי א'הם א שטיק לעבען צוגענומען. ער האט די ער־נידעריגונג נישט געקענט אריבערטראגען. ביז ער איז סוף־כל־סוף אזוי קראנק גע־ווארען, אז ער האט שוין געמוזט אויפ־הערען צו קנעלען.

אינצ'גווייז, ביסלעכווייז האט מען פון דער שטוב אלצדינג ארויסגעטראגען, פאר־משכנ'ט, פארקויפט.

נאכדעם ווי מען האט שוין די חפצים אויספארקויפט, האט מען זיך גענומען צום טייערסטען, צום חשוב'סטען: די ספרים.

ביי יעדעס ספר'ל, וואס ער פלעגט אפגעבען דעם פאקענטרעגער, פלעגט ער ביטער זיפצען און שטיל אויך א טרעהר פארגיסען..

איין קליין, פיצעל תנך'ל, איינגע־פאסט אין א ברעקעלע, וואס א באלע־באס האט איהם אמאל במתנה געבראכט פון א יאריד, דאס האט ער מרים'ן איוועקגעגעבען, און ווען זי האט אמאל א זאג געטאן, אז זי וועט עס פארקויפען, האט ער זיך מורא'דיג געבייזערט: „די מאמע האט עס נאך פון דיינטוועגען באהאלטען, זאלסט נישט וואגען, הערסט מרים'ל.. דאס נישט. דער מא־מע'ס מתנה און מיין מתנה. מישטיינס געזאגט".

און מרים האט געפאלגט.

נאך'ן טאטענס טויט האט זי פאר־קויפט זיין „שטאט" אין מזרח, פאר־קויפט דאס איבעריגע ביסעל ספרים און באלעבאטישקייט, האט געקויפט צוויי שיפס־קארטען און זיך געלאזט אין דער ווייטער וועלט אריין.

עלענד, איינע אליין, מיט א קראנקער שוועסטער..

דאס בקלאקעל האט זי נעהיט.

אויך א פאר ספרים האט זי מיטגע־פיהרט.

די איינצ'גע ירושה.

דערמיט איז זי ק'ין אמעריקא געקו־מען.

דא האט זי קיינעם נישט געהאט, אן אדרעס בלויז צו א לאנדס פרוי.. א פינסטערע טענעמענט חורבה, וואו חנה'ן איז ק'ין געזונט נישט צוגעקומען. מען מוז זי פון דער אומגליקליכער חורבה וואס פריהער ארויסנעהמען.

(פארזעצונג פאלגט)

# אויפ'ן בריק

(סקיצע)

פון משה טאלטשין

אויף א באנק וואס שטעהט אין מי־טען פון דעם הויבען בריק, זיצען זיי ב'ידע.

די ארומיגע בענק זענען ליידיג. בלויז אויף איינעם, וואס איז ווייט אן א זייט, זיצט א מיטעליעהר'גער טרעמפ, פארבלאנדזשעט אהער פון דער „בויע־רי". ער זיצט מיט אן אראפגעלאזטען קאפ אין דרעמעלט, האלטענדיג די רעכ־טע האנט ווייט פארשטעקט אונטער דעם צעריסענעם רעקעל.

צייטענווייז געהט דורך א פארביי־געהער, אן ארעמער איינוואוינער פון יענער זייט בריק, וועמען עס האט אויס־געפעהלט צוויי סענט אויף באצאהלען „קאר־פעיר", און ער מוז געהן צופוס, באטש עס ווייט זיך א'הם ניט.

פון הינטען הערט זיך דער אונ־אויפהערליכער שטארקער גערויש פון די קארס און עלעוועיטארס, וואס יא־גען זיך אלע ווילדע איינע נאך דער אנדערע, און אי'נע אנטקעגען דער צווייטער. דער גאנצער בריק האלט אין איין ציטערן.

סיליע גיסט שטיין'ס האר מיט אזא אפגעהיטקייט און מ'ט אזא ליעבע, ווי דאס וואלט געווען איהר איינציגע שליחות אויף דער וועלט.

זי וואונדערט־זיך, און עס פאדריסט איהר, פארוואס ער זיצט א שווייגענ'גער און אימעטיגער.

— די שלאפסט טעם? — פרעגט זי און קוקט איהם אין די אויגען אריין.

— ניין, — ענטפערט ער איהר — וואס איז דען?

— גארנישט.

ז' שווייגט א ווייל. הערט זיך איין צום הייסען פון די קארס און קוקט אראפ אויף די פיעל פארביגע עלעקטרי־שע לעמפעלעך, וועלכענס שיין עס שפי־געלט זיך אפ אין וואסער, און גיט איהם נ'ט א מאל א פרעג:

— פארוואס זאלסטו ניט באשרייבען די בריק?

— דארף מען דאך פריהער קענען! — ענטפערט ער איהר מיט א שמייכעל.

סיליע איז פון זיין ענטפער ניט צו־פריעדען.

— אויב דו קענסט מאהלען בילדער פון דער אלטער היים, וואס דו האסט שוין עטליכע יאהר ניט געזעהן, דארפ־סטו אויך קענען געבען א בילד פון דא־נען. האסט עס דאך פאר די אויגען, נעהמסט מען אויך און מען באשרייבט עס. דעם בריק מיט'ן ריווער מ'ט די עלעק־טרישע לעמפעלעך.

סיליע וואס איז אויפגעצויגען פון קינדערווייז אויף אין ניו יארק, ליעבט שטיין'ס סקיצען, ווייל ער שרייבט זיי. אבער ד' בילדער וואס ער מאהלט, דאס לעבען וואס ער באשרייבט, זיינען פאר איהר פרעמד.

— שרייב עפעס פון אמעריקאנער לעבען, פון דעם ניו יארקער — בעט זי זיך אפט ביי איהם.

ער זאגט איהר צו, און טוט זיך ווי־טער זיינס, — מאלט בילדער פון דער אלטער וויטער היים.

— וועסטו באשרייבען די בריק? — פרעגט זי און טוליעט זיך נעהנטער צו איהם.

— יא, געוויס! — זאגט ער איהר צו — טאקע גוט, וואס דו האסט מיך דערמאהנט. נאך היינט, אז איך וועל קו־מע צו היים, נעהם איך זיך דערצו. ווייסט, סיליע, ווי אזוי איך וועל דאס אנהויבען?

— ווי אזוי?! — ווערט זי נייגעריג.

ער הויבט אן מיט א שטיל פאר־טראכטע קול:

„..שפעט אין אבענד. שטיל און רוהיג איז ארום.

— עס איז ניט שטיל — פארריכט זי איהם — הערסט ניט דאס קלאפען פון אונטען?

ער מאכט זיך אבער ניט הערענדיג, און מאלט ווייטער דאס בילד פון דעם בריק:

„די לבנה, א בלאסע, א פולע לאזט זיך פון א וואלקענדל ארויס, און נעהט זיך איהר וועג איבער דעם בלויען הי־מעל, וואס איז מיט פינקעלדיגע שטערן פארזעעט. אויפ'ן בריק הינטער'ן שטעד־טעל..

— באראבא! — צעלאכט זי זיך.

— „אויפ'ן בריק הינטער'ן שטעדטעל".. א שעהן „שטעדטעלע" ניו יארק!

ער לאזט איהר לאכען, און מאלט ווייטער דאס בילד פון דעם בריק מ'ט א שטיל פארטראכט קול, און וועלכע עס הערט זיך א טיפע בענקשאפט:

„..אויפ'ן בריק הינטער'ן שטעדטעל שטעהט א יונג פארליעבט פאאר'ל. זיי הערען זיך איין, ווי א שמאל וואסער'ל פליעסט אונטען, קוקען פון וואנען עס דערטראגט זיך צו זיי דער פרישער ריח פון גראז. ביידע שווייגען. זייערע הער־צער זענען פול. און אלע מאל ווען איי־נער פון זיי וויל עפענען דאס מויל צו ריידען א ווארט, טראגט דער צווייטער צו צו איהם די ליפען צו, און אנשטאט ווערטער הערען זיך קושען.

— ווי אזוי הייסט זי, דאס פארליעב־טע פאארעל? — פרעגט סיליע.

— ער ה'יסט שטיין.

— און זי הייסט סיליע! — וויל זי פון זיין מויל דעם נאמען ארויסכאפען.

— זי איז א בלאנד מיידעל מיט קלאה־רע אויגען און א'ז אזא גרויסער נאר, אז דו קענסט זיך עס גאר ניט פאר־שטעלען..

די לעצטע ווערטער זאגט סיליע ארוים מיט אזא חן, אז סעם פארגעסט בשעת מעשה אינגאנצען אן יענער מיי־דעל דארטען אויפ'ן בריק, וואס איז איהם ביז א'צט קיינמאל פון די געדאנ־קען ניט ארוים. ער דריקט זי צו זיך, און קושט זי, און ווי א גליקליך קינד שעפ־טשעט ער:

— סאניטשקע..

— סיליע הייסט ז'! — שרייט סי־ליע אוים כמעט וויינענדיג.

איהר ברייט געעפענטע אויגען, איהר שלאנקער קערפער בויגט זיך אוים, און מ'ט איהרע רינג ראזע ליפען עסט זי זיך איין אין זיינע, ווי זי וואלט ווע־לען ארויסציהען פון זיין מויל דעם נא־מען פון דעם אונבאקאנטען מיידעל, און צוזאמען מיט'ן נאמען — דאס מיידעל אין גאנצען פון זיין זכרון ארויסרייסען.

פון דער ווייטענס זיצט דער טרעמפ וואס האט אהערצו פון דער „בויערי" פארבלאנדזשעט, און קוקט אויף זיי מיט א'ין אויג.

א קללה רוהט אויף זיינע ליפען.

——::——

טערקי' שיקט א דעלעגאציע קיין אמעריקא, צו בעטען ביי ווילסאן מיט־לייד פאר טערקיי.

די צרה איז אבער, וואס פרעזידענט ווילסאן פארשטעהט נישט קיין טערקיש און ער וועט דארום טערקי'ן גארנישט קענען העלפען.

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט

ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער

וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד

פון אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.


## קינדער ליגנערס. אין דער היים און נים אין שולע

פון ב. י. ג—ן.

קינדער ערציהונג איז א גרויס קענטניש. עס איז א קונסט, עס איז אויך א לעהרע, אדער וויסענשאפט, וואס מען קען דערגרייכען נאך פיעלע יאהרען שטודירען.

איידער א קינדער לעהרער באקומט זיין דיפלאמא, מוז ער שטודירען און שטודירען.

פאראן אבער עלטערען, וואס האבען נים געלערענט און נים שטודירט און פונקטסטוועלען זייגען זיי די ערציהער פון זייערע קינדער.

און זאל קומען אימיצער און זיי זאגען אז זיי זייגען נים פאסיג צו ערציהען זייערע קינדער וועלען זיי נאך ברוגז זיין.

דערקלעהרט מען זיי, אז קינדער ערציהונג איז נים קיין געוועהנהיים, איז נים קיין ארבייט, אז דאס איז נים קיין הפקר זאך, וואס יעדער קען באזיצען, דאס איז נים קיין קרוין וואס יעדער איינער קען עס קויפען, וועלען זיי זיך אויסלאכען.

די מעהר אינטעליגענטע עלטערען ווייסען אבער, אז אום צו קענען ערציהען א קינד מוז מען א סך לערנען און א סך שטודירען. זיי וועלען דערום נים פארפייפאזען קיין איין געלעגענהיים וואו זיי קענען עפעס לערנען מכח דער האויגער וויסענשאפט.

איך האב שוין אויף דיעזען פלאץ א סך מאל געשריבען מכח קינדער ערציהונג. איך גלויב באמונה שלמה, אז דאס זייגען אפשר די נוצליכסטע ארטיקלען וואס עלטערען דארפען לייענען מיט גרויס אויפמערקזאמקייט. יעצט איך האב דערהערט פאריגע וואך אז א לעהרערין געהט האלטען א פארטראג פאר מוטערס, האב איך דערים די געלעגענהיים נים אויסגעלאזט און צו האבען נאכדעם שטאף פאר אן ארטיקעל אויף דיעזען פלאץ מכח קינדער ערציהונג.

די לעהרערין האט גערעדט דאס מאל וועגען די מוטערס וואס זאגען ליגענס זייערע קינדער.

דאס ערשטע וואס א מוטער ווייס, איז נים צו זאגען קיין ליגען דעם קליינעם שלער.

איב מוטערס ווייסען דאס, מיזען דאס אויך ווייסען די עלטערען. איבערהויפט די מוטערס. א קינד מוז זיין איבערצייגט אז זיין לעהרער, זיין פאטער און בודאי זיין מוטער זאגען איהם תמיד דעם אמת. זאגט מען עפעס דעם קינד, מוז דאס זיין דער ריינער אמת, אהן א שמין ליגען.

מוטערס נארען אמאל אפ זייערע קינדער. ווילענדיג אז דאס קינד זאל געהן שלאפען אין צייט, אז עס זאל עסען וואס מען גיט דעם, אדער עס זאל אפהיטען דאס מלבוש'על, זאגט מען דעם קינד, אז דערפאר וועט מען דעם מארגען מיטנעהמען אין א מאווינג פיקטשור טעאטער, אדער מען וועט דעם קויפען א שפיעלכעל.

די מוטער פארגעסט אבער אן איהר פארשפרעכען. זי האט נאר אפשר פון דער לכתחילה אינזינען געהאט אפצונארען דאס קינד.

פריהער — זייגען עלטערען געוועהנט — צוצוזאגען דעם קינד כל הגליקען. דאס קינד איז נאאיוו און גלויבט. נאכדעם דערוויסט זיך ערשט דאס קינד, אז מען האט איהם אפגענארט.

אזוי איין מאל, א צווייטען מאל ביז דאס קינד דערוויסט זיך, סוף כל סוף, אז די מוטער איז א ליגנערין. וואס זי זאגט-צו, איז עס נאר אום אויסצונארען ביים קינד וואס זי וויל. שפעטער מוז דאס קינד, נאטירליכערווייזע, אויפהערען צו גלויבען דער מוטער.

עס דארף נאר דאס קינד איין מאל אריינגעהמען אין געדאנק דעם באשלוס, אז די מוטער איז א ליגנערין און נאכדעם וועט שוין געהן שווער זיין פון דעם קינד דעם באשלוס ארויסצורייסען. דער חשד וועט לאנג בלייבען אין דעם יונגען מח'ל.

די קינדער האבען מעהר קיין רעספעקט נים.

חידוש'ען זיך נאכדעם די עלטערען: סטייטש פאר'ן לעהרער האבען די קינדער דרך ארץ און פאר מאמע טאטע נים.

ווייסט איהר פארוואס דאס איז אזוי? — ווייל די לעהרער זאגען די קינדער קיין ליגענס נים. ווייל זיי האבען צום לעהרער נים פארלוירען דעם צוטרויען, ווייל מען האט זיי אין סקהל נים געבלאפט.

די קינדער ווערען ליגנערס, ווייל אזוי זייגען האך צו זיי אויך זייערע מוטערס. אז די מאמע מעג זאגען א ליגען, ווארום זאל עס דעם קינד נים דערלויבט זיין? — אזוי בעגען זיי זיך אליין, די קליינע אפגענארטע קינדער.

מאר מען שוין אזא קינד נים סטראשען.

סטראשעט מען א קינד, ווערט דאס א „כראנישער ליגנער". וואס עפעס ער וועט טאן א זאך וואס די עלטערען קענען שלאגען דערפאר, וועט דאס קינד שוין אויסגעפינען א ליגען צו פארענטפערען זיך.

פאר א פארברעכען אפילו דארף מען נים סטראשען.

עס איז שוין בעסער א וועג צו טאן איידער סטראשען אז מען וועט איהם שלאגען שפעטער, אדער מארגען.

א מוטער זאגט אמאל צום קינד: „ווארט, ווארט זאל נאר דער טאטע דערוויסען, אז די האסט דאס צעבראכען, וועט ער דיך שוין אנשלאגען".

אין ערשטענס, ווייס דאס קינד, אז דער טאטע איז שלעכט; די מוטער שלאגט נים, נאר שלאגען וועט דער פאטער. דאס איז אלזא קלאהר, אז דער פאטער איז ערגער פון דער מוטער; צווייטענס פארגעסט אין מעהרערע פעלע די מוטער צו דערציילען דעם פאטער פון דער עולה וואס דאס קינד האט געטאן. ווערט שוין ביים קינד געבוירען א חשד אז די מוטער איז א בלאפערקע. אט האט זי געזאגט, אז זי וועט יא דערציילען דעם פאטער, צום סוף האט זי איהם אפגענארט. און דריטענס הייבט אן דאס קינד אויסצוקלערען מיטלען ווי אזוי זיך אויסצובעהאלטען מיט זיינע עולות, אז סיי די מוטער און סיי דער פאטער זאלען פון זיי נים ווייסען.

דאכט זיך אזא אומשולדיגער סטראשונאק: — „ווארט, איך'ל דערציילען דעם פאטען" — ווירקט אין דרייען שלעכט אויף דעם קינד. ער דארפט דעם אמת, די נאאיוויטעט פון דעם קינד.

אין שולע מאכט זיך אויך אז דאס קינד זאל זאגען א ליגען ווייל עס ... פאר א שטראף. אבער די לעהרער מיידען דאס, ווי ווייט מעגליך אויס. ... דעם ווייס דאס קינד, אז קיין בלאף געהט דא נים אן: ער ... נים די אויראקען און מיז א געגיגעטערען תירוץ אנגעבען. אהן קיינע ... אשינקעס, און אויך דאס וואלט באדארפט אפגעשאפט ווערען.

## טעטיגקייט פאר אוקראינער פארבאנד

מר. יונה אבראמאוויץ, וועלכער איז געוועזן א דעלעגאט פון אומאנער פאראיין צו דער פילאדעלפיער קאנפערענץ, און מיט ענע הורוויץ זייגען אלס דעלעגירטע פון א עקזעקוטיוו מיטינג פארופען לעצטען דאנערשטאג אין לייבאר ליסעאום, באפאלמעכטיגט צו מודיע זיין, אז די אוקראינער אידען אין דעטראיט וועלען זיך ארגאניזירען און דער נאהענטער צוקונפט אלס א שטארקער פארבאנד אויף דעמאקראטישע יסודות.

דער פריהערדיגער פארבאנד, וועלכענס עקזעקוטיווע האט פארופען דעם דערמאהנטען מיטינג, איז גרייט זיך אויפצולייזען אלס פארבאנד און פארבלייבען אלס ארגאניזאציע, בתנאי אז א נייער פארבאנד זאל זיך גרינדען, וואס זאל טאן די נויטיגע און ווייטיגע ארבייט לטובת די אוקראינער אידען און וועלכער זאל אין זיך פאראייניגען אלע עלעמענטען און ארע פאראיינען און לאנדסמאנשאפטען.

ביים מיטינג פון לעצטען דאנערשטאג איז באשלאסען געווארען צו פארופען אן אלגעמיינע קאנפערענץ פון די דעלעגאטען פון אלע אוקראינער פאראיינען, ארגאניזאציעס און לאנדסמאנשאפטען אום צו באטראכטען פלענער און וועגען ווי אזוי צו ארגאניזירען א שטארקען אוקראינער פארבאנד.

צו דיעזען צוועק זייגען ערוועהלט געווארען קאמיטעס צו באזוכען די ארגאניזאציעס און לאנדסמאנשאפט פאראיינען און זיי איינלאדען צו דער קאנפערענץ, וואס וועט שטאטפינדען מיטוואך דעם הטען מאי.

## דער גוירסערי

א מיטינג איז אפגעהאלטען געווארען לעצטען מיטוואך, דעם 12טען אפריל אין עטינגער'ס האל, קאר בעגטאן און סט. ענטויין.

עס איז אריינגעקומען דיים אין דאנייישאנס אויף דער סומע פון 60 דאלאר.

עס זענען ביים מיטינג דיסקוטירט געווארען פארשיעדענע פראגען בנוגע דיעזען פאראיין און עס איז אויסגערעכט געווארען דער געדאנק, אז די אידישע דע' נוירסערי וועט האבען דעם גרעסטען ערפאלג, וואס איינענד אן ארגאניזאציע האט וועןעס־איז געמאכט.

מיט אכטונג,

די קאמיטע.

## עס שנארעט זיך אין דעטראיט

ווי ס'זעהט אויס, וועט דעטראיט ווערען אין גיכען א שטאדט מיט לייטען גלייך. ביז היינט איז דעטראיט געוועזן אין הלכות שנארעריי א היבש ביסעל הינטערשטעליג, אבער מיט דער גרינדונג פון א שנארער אסאסיאיישאן בק"ק דעטראיט, איז עס געווארען גאנץ לעבעדיג, אלע סמנים ווייזען, אז די דעטראיטער שנארער וועלען האבען ערפאלג.

לעצטען זונטאג אווענט האבען די דעטראיטער שנארער. אריינגעשנארעוועט

גאנץ באלעבאטיש. דער אווענט איז געווען גאנץ פיין באזוכט, אזוי פיין, אז פיעלע האבען גאנץ פיין נים געהאט וואו צו שטעהן אויף זייערע אייגענע פיס.

יענקעל שלמה'ס פארלעזונג האט געמאכט א „שרעקליכען" ערפאלג. יעדער איינער האט געפיהלט ממש ווי ער ווערט א כעלמער מלמד.. „משה דער גרויסער האט אויך גאנץ פיין גע.. נאר — שוין!

„דער גרינער" האט דעקלאמירט ביאליקס „איינס און צוויי" פראכטפול. וואס פראכטפול קען הייסען, איין צרה נאר: ער איז אביסעלע „דאסיג" אויף דער אויסשפראך, כ"ל, וועגען מלמד קען דער שרייבער (אומשטיינס נעזאגט) נאר נים זאגען, ווייל ער איז געווען, נים פאר קיין שנארער געראכט שטארק פארנומען און נים געהאט קיין צייט זיך צוצוהערען, אבער דער מיניסטער פון אינערליכע און אויסערליכע אנגעלעגענהייטען פארזיכערט, אז ס'איז געווען... (וואס — ווייס ער נים...)

היינט אווענט וועט שוין זיין נאר אנדערש, מ'וועט פיאנעווען אויף א פיאנע: (איהר הערט? — נים קיין טאפטשאן, נים קיין קאנאפע, נאר טאקע אן אמת'ע פיאנע!) און די פידעלדיגע פידלער וועלען פידעלדיג שפיהלען פידלען און —

ר' איד.וייט זיך מטריח און קומט צו געהן וועט איהר שוין אליין אויסגעפינען!

פארגעסט נים, אז דאס איז היינט ביינאכט! — נים מארגען, נים אייערנעכטען און נים איין איבער צוויי וואכען נאר היינט.אווענט

און עס חתמ'עט זיך מיט גרויס דרך ארץ,

מרמרמיניסטער פון פאלקסבילדונג.

ערשטער טראנספארט געציינ שוין אנגעקומען קיין פוילען.

ניו-יארק, אפריל 14. — די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע האט נעכטען נעקראגען פון איהר ווארשאווער אפיס פאלגענדע טעלעגראפישע מיטטיילונג:

די ערשטע שריט צו דער עקאנאמישער צוריק אויפבויאונג פון די פוילישע אידען ווערען געמאכט מיט ערפאלג. דער ערשטער טראנספארט פון אינסטרומענטען פאר סטאליארס, שניידערס, שוסטער און אנדערע בעלי־מלאכות, וואס איז געשיקט געווארען פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע איז שוין אנגעקומען און ווערט פארטיילט צווישען די בעלי מלאכות.

די פארטיילונג פון מצות אויף פסח איבער גאנץ פוילען איז געוועזן א גרויסער ערפאלג. איבער הונדערט פופציג טויזענד פערזאן האבען נעקראגען מצה אין ווארשא אליין. דאס איז געוועזן דער ערשטער פסח פאר די לעצטע פינף יאהר ווען קיין איד אין ווארשא איז נישט געבליבען הונגעריג.

## אינטערראסען קאנפערענץ

(שלום פון זייטע 4)

איצט ווערט די ראסען ארבייט דורכגעפיהרט דורך ראסען קאנפערענץ קאמיטעס. די קאמיטעס ארבייטען צוזאמען מיט די אינדוסטריעלע, קאמערציעלע און פינאנציעלע פארטרעטער פון דעם „קאונסיל". זיי בעראטהען זיך מיט מיטגליעדער פון דער „קאונסיל" איבער פראגען פון אינדוסטריעלער פאליטיק, וועלכע גרייפט אן די פרעמד געבארענע ארבייטער, און אויך וועגען אזעלכע אינטערנאציאנאלע פראגען וועלכע האבען צו טאן מיט די טעטיגקייטען פון דער „אינטער רייסיעל קאונסיל".

### זי ווייס נים..

איינער האט גענומען אן אורח אויף שבת. מען האט געגעבען דעם אורח א חלק פיש. די פיש האט נים גוט געשמעקט. האט דער אורח גענומען דיא שטיקעל פיש און האט צוגעלעגט צום אויער.

— וואס טהוט איהר דאס? — פרעגט איהם דער בעל הבית.

— מיינער א פעטער האט זיך דערטרונקען — האט געענטפערט דער אורח — האב איך געפרעגט ביי די שטיקעל פיש אפשר ווייס זי עפעס א גרוס פון מיין פעטער.

— נו, וואס זאגט די פיש? — האט דער בעל הבית געפרעגט.

— זי זאגט — האט געענטפערט דער אורח — אז זי איז שוין לאנג פון וואסער ווייס זי נים..

### א שמעק טאבאק א גמילות חסד

איין ארעמאן האט געוואלט טהאן גמילות חסדים. ער האט אבער נים געהאט מיט וואס, האט ער זיך מישב געווען און האט געקויפט שמעק טאבאק. איז געקומען דער גמילות חסד טענה'ן פאר'ן רבש"ע און האט געזאגט: „איך בין דאך איינער פון די דריי זאכען אויף וואס די וועלט שטעהט אויף זיי: תורה, עבודה און גמילות חסדים. פאר וואס פטר'ט מיך דער אריטאן אפ מיט א שמעק טאבאק?

— זארג נים — האט איהם רבש"ע געענטפערט — עס איז פאראן אנדערע תורה און עבודה וואס זייגען קיין שמעק טאבאק אויך נים ווערט.

### א פראגע.

אלזא, ס'איז שוין אזוי גוט ווי זיכער אז אונזער עקסשפיין ארמיניסטראטאר הואווער וועט לויפען פאר פרעזידענט.

די פראגע איז מיט וואס וועט מר. הואווער אונז־שפייזען, מיט שטרוי אדער מיט האבער..?

Published Daily by

WEG PUBLISHING CO.

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע
אידישע צייטונג
געדרוקט אין
מישיגאן סטייט

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. 1?? authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Monday, April 19th 1920 Vol. 2, No 56 מאנטאג אפריל 19, 1920

# קראסין שלאגט אפיציעל פאר שלום צו עלייעס

פאריז, אפריל 18. — מ. שעווילי, פראנצויזישער דעלעגאט פון דער עקאנאמישער קאמיסיע אין קאפענהאגען, האט געבעטען אפיציעל באליבטעס, דאס קראסין, הויפט פארשטעהער פון דער באלשעוויסטישער מיסיע אין קאפענהאגען, האט פארגעשלאגען א זאפארטיגע שלום קאנפערענץ צווישען די עלייעס און סאוועטען רוסלאנד און איינעם פון די נייטראלע לענדער.

מ. שעווילי האט אויך געזאגט, דאס קראסין האט אינפארמירט די אליאירטע עקאנאמישע קאמיסיע, דאס די מאסקווא סאוועטען רעגירונג וועט ניט איינשטימען צו אירגענד וועלכע אפמאכען וועגען קאמערציעלע באציהונגען, סיידען די בלאקאדע וועט גענצליך אראפגענומען ווערען און פריעדען וועט צוריק איינגעשטעלט ווערען.

שלום און וויזט אן אויף דער קריגערישער שטעלונג פון פוילען.

## וואשינגטאן באזארגט וועגען יאפאנעזישער טעטיגקייט אין סיביר

וואשינגטאן, אפריל 18. — די אקטיוויטעט פון דער יאפאנעזישער ארמיי אין ווייטען מזרח, ארום וולאדיוואסטאק כאבאראווסק און ניקאלסק, הויפט ארויס אין די הויכע דיפלאמאטישע קרייזען גרויס אונרוהיגקייט. די צוזאמענשטויסען צווישען יאפאנעזער און רוסישע סאלדאטען און צווישען יאפאנעזישע טרופען און טשעכען אויף דעם גאנצען שטח פון באיקאל ביז'ן יאפאנעזישען ים, ווייזען, ערנסטער. די בעאמטע פון הויכען סטייט דעפארטמענט גיבען צו, דאס זיי ווייסען ניט פון דער ריכטיגער אורזאך פון די צוזאמענשטויסען און וואס איז דער אמת'ער ציעל פון יאפאן'ס מיליטערישער טעטיגקייט.

עפענט אין מאסקווא. באגריסט דעם צו זאמענפאהר האבען מיראם האריגין (די פריי פון פארשטאנענעם פארזיצענדער פון דער סאוועט עקזעקוטיוועס), ביכאריין און קארל ראדעק. די רעדנער האבען אנגעוויזען אויף דער גרויסער פאראנטווארטליכקייט, וואס ס'ליגט אויף דיא רוסישע ארבייטער, וועלכע דארפען ווייזען דער וועלט, אז עס איז מעגליך אויפצובויען קאמערץ און אינדוסטריע אונטער א קאמוניסטישער סיסטעם.

## דעניקינס "יורש" נעהמט זיך צו דער ארבייט

סעוואסטאפאל, אפריל 17. — גענעראל ווראנגעל, וועלכער האט איבערגענומען די קאמאנדע פון דעניקינ'ען, האט 3 טעג נאך זיין אנקומען אהער, פינאנצירעלאזט 294 שטאב ארגאניזאציעס און איוועקגעשיקט וויטערע מיטגליעדער צום פראנט, איניגע האט ער רויגעריכטעט.

גען. ווראנגעל האט פאר צייטונגסלייטע זיך אויסגעדריקט, דאס זיין איינציגע ציעל איז צו באקעמפען די באלשעוויקעס און דאן איבערלאזען צום רוסישען פאלק צו באשטימען די רעגירונגס פארם. ער איז אן אבסאלוטער דיקטאטאר און וויל ניט דיסקוטירען קיינע פאליטישע פראגען.

גען. ווראנגעל האט שוין צוזאמענגעשטעלט זיין קאבינעט. פראפ. סטרואווע איז נאמינירט געווארען אלס אויסערן מיניסטער און פראפ. בערנאדסקי — אלס פינאנס מיניסטער.

## טראצקי וויל פארבייטען שטעהענדיגע ארמיי דורך מיליץ

מאסקווא, אפריל 6 (פארשפעטיגט). — ליעאן טראצקי האט אויף דער קאמוניסטישער קאנווענשאן פארגעשלאגען מבטל צו מאכען די שטעהענדיגע ארמיי און פארמירען א מיליץ פון שטאדטישע און אגריקולטורעלע ארבייטער.

ער האט אנגעוויזען, דאס גלייכצייטיג מיט דער דעמאביליזאציע פון דער ארמיי דארף די מיליץ צוזאמענגעשטעלט ווערען כדי ניט אפצושוואכען די פארטיידיגונג פונ'ם לאנד.

דער רויטער צוזאמענפאהר פון דיא רוסישע "טרייד יוניאנס" האט זיך גע־

## סאוועטען גיבען ניט קלאהרען ענטפער אויף ענגלאנד'ס ביטע וועגען אמנעסטיע פאר דעניקינ'ס ארמיי

לאנדאן, אפריל 18. — ווי ס'איז געווען געמעלדעט, האט לארד קורזאן, ענגלישער אויסערן מיניסטער, געבעטען די סאוועטען רעגירונג צו שענקען אמנעסטיע פאר דעניקין און זיין ארמיי. געבעטען איז ערהאלטען געווארען דער ענטפער פון דער סאוועטען רעגירונג, וואו עס ווערט געזאגט, דאס די מאסקווער רעגירונג נעהמט אויף זיך קיינע אחריות, אויסער, וואס זי וועט האנדלען לויט דעם באפעהל פון דער הומאניטעט. די סאוועטען רעגירונג גיבט דערוויילע אויף די אלגעמיינע פאלקס־איקק פארלאנג פאר אן אלגעמיינעם

## דושאן ריעד לעבט, פארשפארט אין פינלאנדישער טורמע

וואשינגטאן, אפריל 18.

דזשאן ריעד, דער באוואוסטער אמעריקאנער שרייבער און ראדיקאל, איז ארעסטירט אין אבא, פינלאנד, דיעזע ידיעה איז געבעטען אנגעקומען צו הויכען סטייט דעפארטמענט פון אמעריקאנעם פארשטעהער אין העלזינגפארס. דיעזע בעגנאבריכט האט אויך ערהאלטען די פינאנדיש רעגיערונג.

ריעד איז ארעסטירט געווארען אויף א שיף, וואס איז אפגעגאנגען קיין שוועדען. ער ווערט באשולדיגט אין אריבערפיהרען קאנטראבאנד. מ'האט ביי איהם געפונען פיער גערט, פארשפאנדענע פון די סאוועטען רעגירונג, פאטאגראפיעס און פיסטאליעטען.

## ענגלאנד און פראנקרייך אין פאר שטענדניש אין ריין פראגע

מארסעי, אפריל 17. — לאיד דזשארדזש, דער ענגלישער פרעמיער, איז דא היינט אנגעקומען. ער האט ערקלערט, אז דער דיספוט צווישען פראנקרייך'ס אריינדרינגען אין דייטשלאנד איז געלעזט געווארען.

"די מחלוקת איז געווארען געווארען — האט דער ענגלישער פרעמיער געזאגט — דורך איניגקייט און מיטווירקונג פון די אליאירטע. איצט ווען דער שלום פון נצחון איז געקומען, מוזען מיר פארטזעצען צו זיין פאראייניגט. דאס וועלען מיר טאן אין סאן רעמא. קיין זאך איז נאך ניט פארענדיגט, און מיר מוזען זיין פאראייניגט".

## דריי דעטראיטער פראמינענטע בירגער פועל'ען באפרייאונג פון ארעסטירטע בירגער

ה"ה באטצעל, פאופ און קאמבעל נעהמען אויף זיך פאר אנטווארטליכקייט צו צושטעלען ארויסגעלאזענע ראדיקאלען, אויב זיי וועלען דארפען דעפארטירט ווערען.

וואשינגטאן, אפריל 18. — דריי פראמינענטע דעטראיט'ער איינוואוינער, פרעד מ. באטצעל, גוסט. פאופ און עלען קאמבעל, האבען פארגעשלאגען דעם ארבייטס מיניסטער צו באפרייען 141 ארעסטירטע "פרעמדע" וועלכע ווערען געהאלטען אין פארט וועין, נעהמענדיג אויף זיך די פאראנטווארטליכקייט צו צושטעלען די ארויסגעלאזענע, ווען מען וועט זיי דארפען האבען. געבעטען האט לואיס פ. פאסט, אסיסטענט ארבייטס מיניסטער, איינגעוויליגט אויף דיעזען פארשלאג.

מר. פאסט האט טעלעגראפירט צו די פערזאנען, דעם דעטראיט'ער אימיגראציאנס אינספעקטאר, דאס ער זאל איבערגעבען צו די איבענאנטנטע פערזאנען די "רעקארדס" פון די 141 ארעסטירטע און געבען זיי א געלעגענהייט פערזענליך צו זעהן זיך מיט די ארעסטירטע. צו דער זעלבער צייט האט ער טעלעגראפירט צו מר. קאמבעל, דאס יעדער ארעסטירטער, פאר וועמען באטצעל, קאמבעל און פאופ וועלען איינוויליגען צו זיין פאראנטוואָרטליך, וועט גלייך באפרייט ווערען, ביז דער באפעהל צו דעפארטירען וועט ארויסגעגעבען ווערען.

מר. פאסט האט געבעטען ערקלערט, דאס עס וועלען דא אויסזוכען, דאס די ארעסטירטע, וועלכע וועלען פאר'משפט געווארען צו דעפארטירט ווערען, וועלען אינגיכען אריסגעעיצט ווערען, ווייל די אינטער־האנדלונגען וועגען אן ערלויבניש פאר די ארעסטירטע אריינצוקומען אין רוסלאנד מאבען גרייסען פארטשריט און, לויט אלע וואהרשיינליכקייטען, וועלען די רוסישע האפענס שנעל געעפענט ווערען.

## קאר־ארבייטער ווילען גרעסערע שכירות

היינטיגע וואך וועט א קאמיטע פון די הינע קאר־ארבייטער זיך זעהן מיט די באאמטע פון דער די יו אר און פארלעגען זייערע פארדערונגען פאר גרעסערע ווידזשעס און וועלען פארלאנגען אז דער "רעיז" זאל אריין אין קראפט דעם 1־טען מאי.

זייערע פאדערונגען זיינען:

פאר די ערשטע דריי מאנאטען — 95 סענט א שטונדע; נעקסטע 9 מאנאטען 98 סענט א שטונדע און $1 א שטונדע דערנאך.

פאר אלע ווערטיים ווילען זיי "טיים ענד עי העף". זונטאג און ימים טובים זאל מעהר ניט געארבייט ווערען ווי 8 שטונדען א טאג.

די דאזיגע פאדערונגען, מיינען א העכערונג ביז 15 פראצענט אין פראפארציע מיט דער "סקייל און ווידזש", וואס די יו אר ארבייטער קריגען יעצט.

## שפייז־שפעקולאנטען אין דעטראיט און אנדערע שטעדט געשטעלט צום משפט

די רעגירונג איז אויפמערקזאם געמאכט געווארען, אז שפעקולאנטען האלטען זייערע סטאקס בחדרי חדרים אום אנצוהאלטען די איצטיגע הויכע פרייזען.

די פעדעראל גרענד דזשורי האט היינט פרייטאג ארויסגעגעבען אינדיימענטס געגען צוויי בוטשערס און צוויי פאטייטא־סוחרים. די אינדייטעטע זיינען:

אנדרו ב. בראון, בוטשער, 981 12טע סטריט, פאר פארקויפען "ראונד סטייק" איף 45 סענט א פונט.

פרענק ע. בייטס, בוטשער, 283 טיירמאן סטריט, אויף צוויי קלאגען: גערעכענט 48 סענט א פונט "ראונד סטייק" און 55 סענט א פונט פארטהויז סטייק.

בענדזשעמין ב. שווארץ, איינגענטימער פון סטענדס אין די איסטערן און וועסטערן מארקעטס, קלאגע — גערעכענט $14 א 150־פונטיגען זאק פאטייטאס.

דזשייקאב מ. סמיטה, 52 וואוד־ברידזש סטריט, דריי קלאגען: אז ער האט פארקויפט פינף 150־פונטיגע פאטייטאס צו $11.50, 10 זעק צו $12 און צוויי זעק צו $11.

אגענטען פון דעפארטמענט אף דזשאסטים ערקלעהרען, אז קומענדע וואך וועלען ענהליכע אינדייטמענטס ארויסגעגעבען ווערען געגען א סך פראפיטירער.

## האוואט באפרייט

פיטסבורג, קענ. אפריל 18. — ריכטער קוראן האט נעכטען באפוילען אלעקסאנדער האוואט, ער זאל צוריקרופען דעם סטרייק פון די 11 טויזענט קוילען גרעבער: די יוניאן באאמטע איז געגעבען געווארען צייט ביז'ן 27־טען אפריל אויסצופאלגען דיעזען באפעהל.

צו דער זעלבער צייט, האט ריכטער קוראן ניט געהאלטען די באנדס, וואס זענען געגעבען געווארען פאר די ארעסטירטע יוניאן באאמטע. די שעריפס זענען אינפארמירט געווארען צו באפרייען האוואט'ען און די איבעריגע דריי ארעסטירטע.

## גאווערנאר סליפער הייסט באקעמפפען לענדלארדס מיט "פאבליסיטי"

גאווערנאר סליפער, וועלכער איז איצט אין דעטראיט, האט ארויסגעגעבען א סטייטמענט, אז די בעסטע וואפע געגען הויז־שינדערישע לענדלארדס איז — "רחמנות'לאזע פאבליסיטי".

"איך גלויב ניט — האט דער גאווערנאר געזאגט — אז אלע לענדלארדס זיינען גלייכע פראפיטירער, אבער עס זיינען זיכער פאראן איינגע וואס זוכען אויסצונוצען די געלעגענהייט און רייסען וואס העכערע רענט. אזעלכע מענער דארפען געשטעמפעלט ווערען אלס אזעלכע אין דער עפענטליכקייט און איך גלויב ניט, אויב עס איז דא א בעסערער מיטעל ווי פארהאמען זיי דורך די צייטונגען.

## פארמערס ענטזאגען זיך צו פארקויפען מילך אויף דעם נייעם פרייז

די דזשאהן ישאף קרימערי קא. האט ערקלעהרט, אז צוויי און צוואנציג פארמערס האבען זיך אנטזאגט צוצושטעלען מילך אויף דעם נייעם פרייז, וואס איז פיקסירט געווארען פון דער פעיר פרייז באורד דאס מיינט, אז איהר מילך סופלאי וועט פארקלענערט ווערען אויף 250 גאלאן. עס ווערט ערווארטעט, אז פיעלע אנדערע פארמערס זאלען נאכטאן דעם ביישפיעל, און אזוי ארום וועט זיך פיהלען א מאנגעל אין מילך אין דעטראיט.

## שפייז שפעקולאנטען ארעסטירט אין ניויארק

ניויארק אפריל 17 — פעדעראלע אגענטען האבען געמאכט א סעריע פון "רעידס" אויף שפייז־שפעקולאנטען און האבען ארעסטירט פיער באאמטע פון גרויסע שפייז־פירמע אויף דער באשולדיגונג פון פראפיטירען אין דער צייט פון סטרייק.

די ארעסטירטע זיינען:

לואיס דזשאזעף, ברוקלינער מענעדזשער פון דער ווילסאן און קאמפ פעקינג פירמע.

יודזשין א. סאליוואן, דער פרעזידענט פון דער יודזשין סאליוואן קאמפ.

דזשאהן פלעמינג, וויס־פרעזידענט דער ניויארק און ניו דזשוירזי פראדיוס קאמפ.

העגרי שולט, מענעדזשער פון דער זעלבער קאמפאניע.

## 30 שיקאגאר פראפיטירער וועלען היינט אינדייטעד ווערען

שיקאגא אפריל 17. — דרייסיג גרויסע שפייז־סוחרים וועלען היינט אינדייטעד אויף דער באשולדיגונג פון פראפיטירונג אין צייט פון סטרייק, לויט א באריכט היינט ארויסגעגעבען פון דעם פעדעראל בילדינג.

## לאיד דזשארדזש שולדיג אין מארד, ערקלעהרט אירישע דזשורי

קארק, אירלאנד, אפריל 18. — די דזשורי, וועלכע האט אונטערזוכט דעם מארד פון דעם היגען לארד מעיאר מעקקורטען, האט נעכטען ארויסגעטראגען א באשולדיגונגס ווערדיקט פון אבזיכטליכען מארד געגען דעם ענגלישען פרעמיער לאיד דזשארדזש. דער ווערדיקט באשולדיגט אויך אין מארד לארד פרענטש, יאן מעקפערסאן און איניגע פאליציי־אינספעקטארס.

אין דעם ווערדיקט זאגט זיך פאלגענדעס:

"מיר געפינען, דאס דער פארשטארבענער טאמאס מעקקורטען, לארד מעיאר פון קארק, איז געשטארבען דורך קוילען וואונדען; דאס ער איז אבזיכטליך ערמארדעט געווארען אונטער אומשטענדען פון העכסט הארטהערציגער ברוטאליטעט, דאס דער מארד איז ארגאניזירט און אויסגעפיהרט געווארען דורך דער "ראיעל אירייש קאנסטעבולערי", אנגעוויזען אפיציעל פון דער ענגלישער רעגירונג, און מיר ברענגען ארויס א ווערדיקט פון אבזיכטליכען מארד געגען דייוויד לאיד דזשארדזש, פרעמיער פון ענגלאנד און נאך פיעל אנדערע הויכע ענגלישע בעאמטע.

דער ווערדיקט געגען לאיד דזשארדזש איז געווען אן איבערראשונג פארשטעהט זיך. דער ווערדיקט געגען די הויכע ענגלישע בעאמטע וועט קיין ווירקונג ניט האבען. אנדערש אבער איז מיט דער באשולדיגונג געגען די פאליציי בעאמטע וועלכע וואלטען געדארפט ווערען גלייך ארעסטירט.

לארד פרענטש און די איבעריגע האבען ערהאלטען "סאמאנס" צו ערשיינען פאר דער דזשורי, וועלכע זיי האבען איגנארירט, און דאס, גלויבט מען, האט

————::————

## ענגלישע קאוואלעריע געשיקט קיין אירלאנד

לאנדאן, אפריל 17. — די "איוונינג סטאר" מעלדעט, דאס ענגלישע קאוואלעריע איז באפוילען געווארען אפצופאהרען קיין אירלאנד. דער ערשטער טראנספארט פון דראגונס וועט קומענדען מיטוואך אפפאהרען קיין דובלין.

————::————

## 12 יאהריגע מיידעל פארשוואונדען פון דער היים

ארא בודרי, 12 יאהר אלט איז לעצטענס פארשוואונדען פון איהר היים, 351 טשיראדין בולווארד און מ'ווייס ניט וואו זי איז.

איהר מוטער זאגט, אז איהר פארשוואונדענע טאכטער האט זיך איינגערעדט, אז זי וויל זיין אן אקטריסע און אויך, איז איהרע א פריינדין, וועלכע שפיעלט אין א ביליגער וואדעוויל הויז, פלעגט איהר אלעמאל צורעדען צו אנטלויפען פון דער היים.

————::————

## א מיטינג פון די שערהאלדערס פון "וועג"

וועט אפגעהאלטען ווערען נעקסטען מיטוואך אווענט (8 א זייגער) אין עסטינגערס האל.

עס וועלען ארומגערעדט ווערען וויכטיגע פראגען, וואס דארפען אין דערסיגען די יעניגע וואס זיינען פאראינטערעסירט אין דער צייטונג.

————::————

# היגער ריילראוד באאמטע זוכען סטרייק ברעכער צווישען פעקטארי ארבייטער

הענרי שירער, דער סופעראינטענדענט פון דער מישיגאן סענטראל רעילוועי קא. האט ארויסגעגעבען א סטייטמענט, אז צווישען די היגע ארבייטער פון די פעקטארים וואס האבען זיך פארמאכט צוליעב דעם סטרייק, געפינען זיך א סך געוועזענע באהן־ארבייטער, וועלכע זיינען ווילינג זיך צו שטעלען ארבייטען אין די אייזענבאהן יארדס.

ער באריהמט זיך, אז די דאזיגע ארבייטער בעטען זיך פשוט, מען זאל זיי צונעהמען ארבייטען אין די רעילוועי יארדס.

"דאס איז ניט קיין פראגע פון אנשטעלען סטרייק ברעכער", האט מר. שירער ערקלעהרט. "מיר ווילען דאס גאר ניט טאן. מיר נוצען בלויז אויס דעם אנבאט וואס די ארבייטסלאזע פעקטארי־ארבייטער האבען אונז געמאכט אום צוריק איינשטעלען א שטיקעל פראכט פאר קעהר פון די נויטיגסטע פראדוקטען".

ניער יוניאן אין מישיגאן סטייט און נים ווארטען אויף דער אינקארפארירונג פון דעם טשארטער בלענק, וואס מען האט צו זיי צוגעשיקט פון דער שיקאגא יארדמענס אססאסיאיישאן, ווייל עס איז נאך ניט זיכער אויב די געזעצען פון שטאט אילינאי וועלען ערלויבען דער שיקאגא'ר אססאסיאיישאן ארויסצוגעבען טשארטערס צו קערפערשאפטען אין אנדערע שטאטען.

עס איז באשלאסען געווארען צו שיקען לאיער לוק קיין אילינאי, אום אויסצוגעפינען, אויב דער סטרייק אין דעטראיט קען געזעצליך אנגעפיהרט ווערען געמיינשאפטליך מיט דער שיקאגא יארדמענס אססאסיאיישאן. אין פאל דאס איז מעגליך, וועלען אפיסערס פון די דעטראיטער יארדמען געהמען זאפארטיגע שריט צו טשארטערען די דעטראיט'ער ארגאניזאציע אלס לאקאל נומ. 27 פון דער שיקאגא יארדמענס אססאסיאיישאן.

### סטרייק ניט אומגעזעצליך, זאגט לאיער לוק

אדרעסירענדיג דעם סטרייקער מיטינג לעצטען שבת, האט לאיער לוק צווישען אנדערעס געזאגט:

"איהר מוזט זיך אויספיהרען אין א געזעצליכען וועג. עס מאכט ניט אויס וואס מ'שרייבט אויף אייך, אז איהר זענט "אוטלאוס" מענשען וואס שטעהען אויסער געזעץ) איהר זענט עס ניט. איך בין זיכער, אז יעדער איינער פון אייך וויל קריגען דעם "רעיז" אויף א געזעצליכען שטייגער. איהר האט ארויסגעבען צו זיין ענטשטימונג פון דער שלעכטער באהאנדלונג. וואס איהר האט געקראגען, איך גלויב, אז אייער צד איז נאך ניט גענוג אויסגעהערט געווארען. דאס איז א זאך, וואס האט נאך ערשט געטאן ווערען. אבער "איהר קענט כאפען מעהר מיט האניג, איידער מיט עסיג".

אגט אן ארטער שפריכווארט. הערט זיך צו צו די יעניגע וואס ראטען אייך אנצונעמען אומגעזעצליכע מיטלען. עס איז ניט קיין אייפערזאמקייט צו אזעלכע מענשען וואס ראטען אייך צו טאן זאכען, דורך וועלכע איהר קענט פארלירען דעם צוטרויען פונ'ם עולם. איך בין זיכער, אז דאס פובליקום איז האט אין נשמה מיט אייך".

### ריילראוד פרעזידענט וויל ריידען צו די סטרייקער

אנדריו ה. גרין, דער מענעדזשער פון דער כאלווי פראסט קאמפאניע און פון דער דעלרעי קאנעקטינג ריילראוד קא. האט צוגעשיקט א פארלאנג צו די סטרייקער זיי זאלען אים [illegible] רעפרעזענטאנטען [illegible] האבען באשלאסען [illegible] איהם צו ערלויבען ריידען, [illegible] אויף איינלאדען אים פאר היינט בייטאג און ארדכה הערען, וואס ער האט צו זאגען.

### קליוולאנדער ארבייטער אויף פאסטטריינס אנטזאגען זיך צו קעמפען

קליוולאנד, אפריל 17. — היינט איז פארגעקומען דער ערשטער ברוך אין דעם פאסאזשיר טריין פארקעהר, ווען א מאנשאפט פון 15 סוויטשמען, האבען אוועקגעלעגט די ארבייט אויס פראטעסט וואס מען וויל זיי זאלען ארבייטען ביי פאסאזירען טריינס. זיי האבען ערקלעהרט אז זיי זיינען ווילינג צו ארבייטען ביי פארט טריינס, אבער זיי ווילען ניט צורעגען א פינגער ביי פאסאזשיר טריינס.

### סטרייקער שרעקען זיך וועניג אפ פאר די פלענער פון די קאמפאניעס

די דעטראיטער באהן סטרייקער שטעהען נאך אלץ מיט דער זעלבער פעסטקייט און זיינען ענטשלאסען זיך ניט אומצוקעהרען ארבייטען, ביז זייערע פאדערונגען וועלען נאכגעגעבען ווערען.

לעצטען שבת בייטאג, האבען זיי אפגעהאלטען א מיטינג אין לייבאר לייסעאום און האבען באשלאסען ניט צו ענדערען זייער שטעלונג אויף א האר. דער באשלוס פון דעם מיטינג איז אין קורצען געווען אזוי: "מיר וועלען זיך בלויז אומקעהרען צו דער ארבייט אויף אונזערע אייגענע באדינגונגען".

די סטרייקער האבען ביים מיטינג אויסגעהערט דעם ראט פון זייער לאיער וויליאם לוק, אז זיי זאלען פארלויפיג ארויסנעהמען א טשארטער פאר זייער

## וואס דער "וועג" געהער זיך און מיט אייך

# "דער וועג"

איז געגרינדעט געווארען פון דעטראיט'ער אידען, פאר דע-
טראיט'ער אידען.

"דער וועג" שפיגעלט אפ אלע פאסירונגען אין דער אידי-
שער גאס אויף אן אומפארטייאישען אופן.

אין דער קורצער צייט זינט "דער וועג" איז אונטער דער
איצטיגער רעדאקציע, זיינען אין "וועג" געדרוקט געווארען
ארטיקלען, סקיצען און הומארעסקעס פון די בעסטע אידי-
שע שרייבער און פעליטאניסטען.

"דער וועג" דרוקט אלע וואך ענטפערס אויף פראגען וואס
האבען צו טאן מיט געריכט און געזעץ.

"דער וועג" דרוקט אלע וואך א ליסטע פון אידען אין איירא
פא וואס זוכען אדער לאזען גריסען זייערע קרובים אין דע-
טראיט און אומגעגענד.

"דער וועג" איז א אידישע דעטראיטער צייטונג און איהר
קענט זיך נישט פארגינען זי נישט צו לעזען.

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(אבטעם קאפיטעל)

ביי'ן רובטער פארבשטיין צו גאסט

צוליעב איהר, (צוליעב חנה'ן), באַ-שליסט מרים צו לייהען ביי איהר באַ-לעבאסטע הונדערט דאלאר אויף דזשאָ-זעפ'ס גוט־הייסען.

דאס איז די ערשטע טובה וואס זי נעהמט אן פון איהם, זי מיידט אויס זיינע טובות אלע מאל. זי וויל איהם אויך קיין שום וועג נישט ארויסווייזען איהרע געפיהלען. זי לאזט איהם אויך נישט אויסריידען א ווארט וועגען זיינע געפיהלען צו איהר. עס איז גלייכער זי זאל זיי נישט וויסען, און זאל ער אויך נישט וויסען איהרע באַ-ציהונגען, איהרע געפיהלען.

נאר וועהעטיג, אז זי קען שוין איין טאג אהן איהם נישט אויסקומען; אז ווען ער איז איין טאג נישט געקומען האט זי געמוזט איהם אפטעלעפאנירען, האט זי פארשטאנען, אז זי נארט זיך אפ אומזיסט..

יענעם טאג ווען דזשאזעף איז נישט געקומען צו איהר אין דער בלומען־קראם, האט זי זיך קיין ארט נישט גע-קענט געפינען.

עלף א זייגער. דאס איז זיין צייט, ווען ער קומט צו איהר אין קראם אלע טאג.

איז געווארען צוועלף, איינס, צוויי, דריי..

זי לויפט פון איין שאפע צו דער צווייטער, אלעס פאלט איהר פון די הענט. מיט די קונים רעדט זי ווי א נעבטוגע.. זי מאכט טעותים.

עס איז א סקאנדאל! מען דארף זיך נעהמען אין די הענט אריין. שוין זעהען קען זי זיך איינרעדען, אז זי זאל ליעב האבען דזשאזעף'ן? עס איז דאך א זי-כערע מוטשעניש, א זיכערע פלאגעניש. אמת ער האט זי ליעב. זי ווייס עס זעהר גוט. ער האט שוין עטליכע מאל אנגע-הויבען איהר ארויס צו ווייזען זיינע גע-פיהלען צו איהר. זי האט איהם אלע מאל נישט געלאזט דערענדיגען.

אבער זי דארף, זי מוז קלוגער זיין, מוז פארזיכטיג זיין.

ניין, זאל ער נישט קומען. זאל ער נישט! זי וועט איהם בעטען אז ער זאל שוין קיין מאל נישט קומען. קיינמאל נישט. זי מוז איהם אויסמיידען!

א נייער אומגליק פלעכט זיך, וועבט זיך איבער איהר, זי מוז אנטלויפען, אנ-טלויפען..

מיט די אייגענע הענט וועט זי, דארף און מוז דערווערגען יעדען געפיהל, וואס ציהט איהר צו'ן איהם.

מי קומט זי צו'ן איהם?

ער איז א קינסטלער. א לייכטזיני-גער. ער פיהלט נישט דעם אומגליק, אין וועלכען ער שלעפט זי.

זי אבער איז א פראקטישע. זי וועט פארבשטיין'ס שנור קיינמאל נישט קע-נען זיין. קיינמאל נישט. און איצט איז נאך צייט, איצט.

און זי נעהמט מיט בונה זיך ארומ-קוקען אין קראם, וואו דארף מען עפעס איבערשטעלען?

יא, די שוין פענסטער דארף מען אומבייטען.

זי ווארפט זיך מיט חשק אויף דער וויסטאוועקע. אבער עס געהט איהר עפעס נישט. עפעס איז עס אזוי לעפיש, אזוי נישט קלעפעדיג. זעה נאר, די ליליעס שטעלט זי גאר ביים זייט, און וואוהין האט זי פאררוקט די «אמעריקאן ביו-טיס» אין מיטען קומט איהר אויס אוועקצושטעלען די בלומען מיט די סא-מע שרייענדיגסטע קאלירען.

ניין, עס געהט עפעס היינט נישט אבער עס מאכט נישט אויס. דער ערש-טער טאג איז דאך דאס דערוויול.

מארגען וועט שוין זיין לייכטער.

וואלט זי נור וויסען וואס מיט איהם איז. מעהר וויל זי נישט.. עס ארט זי כמעט נישט וואס ער איז נישט געקו-מען, עס טוט איהר גאר הנאה.. וואס דען האט זי געמיינט? נישט מעהר. א פריינד. יא, זאל זיין א פריינד. א פרעמדער א באקאנטער וואס קען עס זיין וואס ער איז נישט געקומען? א מענש. זאל זיין א באקאנטער קונה, קומט ער אלע טאג. און פלוצים קומט ער נישט. מעג זי דאך זיין פאראינטע-רעסירט צו וויסען, ווארום ער איז נישט געקומען.. נור מאלע וואס — נעהמט זי וויעדער איינ'טענה'ן מיט זיך — מאלע וואס. איז ער טאקע מחויב אלע טאג צו קומען? האט זיך איהם נישט גע-וואלט דאס מאל קומען, קומט ער ניט. ווען ס'זאל זיין אן אנדערער, וואלט איהר אפילו נישט געקומען אויפ'ן זינען צו וועלען וויסען ווארום ער קומט ניט. אט פרעגט נישט די אנדערע דא, אין קראם, אויף איהם.. ווערמען, אין דער אמת'ן ליגט עס אין זינען וואס איינער קומט נישט?..

אזוי א גאנצען טאג.

זי האט גע'טענה'ט מיט זיך, זי האט זיך גע'מוסר'ט, געבייזערט נאך אויף זיך אליין און פארט האט זי פארנאכט איהם אפטעלעפאנירט.

ווי מען וואלט זי מיט א שטריק גע-צויגען צום טעלעפאן..

אזוי גיך ווי זי איז פארנאכט אליין געבליעבען אין קראם, איז זי גלייך צו צום טעלעפאן.

אין דעמאלט האט זי באשלאסען צו שפיעלען אן אפענע קארט: זי וועט געהן צו די פארבשטיינס! זאל זי זעהן מיט וועמען זי דארף א קאמף פארפיהרען. זאל זי זעהן צי איז נישט איהר קאמף א פארשפיעלטער נאך איידער זי נעהמט זיך צו איהם..

זי מוז דאך איהר האריץ אין קאן שטעלען, אין מוז אויך די קאריערע פון דזשאזעף'ן אין קאן שטעלען און אפשר טאקע זיין לעבען..

און אפשר איז עס נור א שרעק, אן אומזיסטע שרעק. מען מוז זעהן. מען מוז די פארבשטיין'ס באזוכען. זונטאג דריי א זייגער וועט זי קומען.

און זי איז צו דער באשטימטער צייט געקומען.

דאס רייכקייט ביי די פארבשטיין'ס אין הויז האט זי איבעראשט, אבער פארלוירען האט זי זיך נישט.

זי האט זיך ארומגעקוקט פריי, האט איטליכען באגריסט אויף דעם אמערי-קאנעם שמייכעל, מיט דער פולער עטי-קעטע.

אבער ביי דעם ערשטען שפאן אויף די טייערע קאווערען איז איהר אפ-מאך געווען א פעסטער און א זי-כערער..

דזשאזעף איז פאר איהר פארלוירען! דאס איז איהר פעסטער באשלוס גע-ווען.

וואלט זי געווען געזעהן די ברוינע הורבנהמעגדיגע אויגען פון דעם אלטען ריכטער פריהער, וואלט זי געווען גע-זעהן זיינע ווייסע זילבערנע האהר און זיין שטרענגען, קלוגען פנים; — וואלט זי געהאט די מינדעסטע השגה פון דעם רייכקייט דא אין שטוב, און פון דעם החבת און לוקסוס — וואלט זי אין קיין פאל אפילו איצט נישט געווען געקו-מען.

און אזוי איז שוין איהר האלטונג גע-ווען: א מאדעל. זי איז געקומען, הייסט עס, מאדעלירען. זי האט מיט קיינעם קיינע אלגעמיינע אינטערעסען נישט און זוכט אויך נישט צו האבען אזעלכע.

זי איז געקומען, וועט אפזיצען איהר צייט און — אוועק.. אנטלויפען ווי פאר פייער.

זעהר קלוג האט זי געטאן וואס זי האט די הונדערט דאלאר נאך נישט גע-נומען ביי איהר באלעבאסטע אויף דזשאזעף'ס ערבות (גוט הייסען). זי וועט אפשר גאר אינגאנצען דאס פלאץ וואו זי ארבייט, אומבייטען. דזשאזעף זאל זי נישט קענען אויפזוכען. יא, זי וועט אנטלויפען.

און ווי זאנדערבאר דאס איז!

ערשט מיט א פאר טעג פריהער איז איהר שווער געווען איין טאג אהן דזשא-זעף'ן איבערצולעבען. און איצט איז איהר דער באשלוס גאר לייכט אנגעקו-מען..

זי האט זיך אליין געוואונדערט דע-רויף.

ווען זי איז אריין מיט דזשאזעף'ן אין זיין סטודיא, האט זי נישט געווארט ביז ער וועט פון איהר דעם מאנטעל אראפ-נעהמען. זי האט אליין זיך געגעבען א טו־אויס דעם מאנטעל, דעם הוט; האט א פארדיכט געטאן די האהר און אהן לאנגע טענות שוין ארויף אויף דער שטול.

— נו, דזשאזעף צו דער ארבייט.

דזשאזעף האט איהר ערנסטקייט אנ-גענומען פאר א וויץ. איז ער צו איהר צו, האט איהר געקושט די הענט. מערי האט זעהר העפליך איהרע הענט צוריק-געצויגען און מיט א פרעמדער מינע און מיט אן ערנסטען פנים איהם וויעדער אמאל געבעטען אז ער זאל זיך נעהמען פאר זיין ארבייט.

דזשאזעף האט געפאלגט. ער האט גע-מוזט פאלגען. אין איהר בליק איז געלע-גען אזוי פיעל שטרענגקייט און איהר בעטען איז געווען אזוי באפעהלעריש, אז ער האט זיך נישט געקענט העלפען.

ער האט ליכטיגער געמאכט, האט גענומען צוגרייטען זיך, האט אויסגע-מאסטען ווי אזוי און וואו זי זאל זיצען, וואו ער וועט שטעהן, האט גערדעהט די שטול און דעם מאלבערט אין אלע זייטען און האט שוין גענומען דעם מאנ-טעל אנטאן.

ווי אפגעמאכט פון פריהער, האט די מוטער אנגעקלאפט. דזשאזעף האט גע-עפענט.

— דו וועסט ארונטערגעהן אויף א פאאר מינוט. פאפא דארף דיך. איך וועל דערוויול אונטערהאלטען דאס פריילין רובינאוו.

— אויב ער איז פארנומען, וועל איך קומען אן אנדערש מאל — האט מרים בנעימות געזאגט.

אבער די מוטער האט פארשפארט דזשאזעף'ן צעמישט צו ווערען און האט מרים'ן שטארק איבער געבעטען: בלויז א פאאר מינוט, פריילין.. געה דזשאזעף. די מיס רובינאוו וועט מוזען מוחל זיין. בלויז א פאר מינוט..

מערי האט געמוזט נאכגעבען.

(פארטזעצונג פאלגט)

# קלארא

(א פאנטאזיע..)

פון מרים קארפילאוו

קלארא, א מיידעל, מיט א הויכע נשמה, האט אין איינציגען אבער זעהר גרויסען וואונש געהאט. און דאס איז: צו געפינען זיך צווישען אזעלכע מענ-שען, וועלכע זי זאל קענען פארגעטערען.

צו איהר גרויסען ענטוזיאזם האט זי איינמאל אנגעטראפען איינעם, א שרייבער. און ער האט איהר געזאגט דאס אזעלכע מענשען ווי זי זוכט, קען זי נאר אין זיין קרייז געפינען.

אלעס וואס ער האט איהר געהאט וועגען זיך צו זאגען איז געווען דאס: ער איז דער בעסטער שרייבער פון אלע שרייבער. ער איז א גאון. א טאלאנט וואס האט צו זיך קיין גלייכען ניט. אין א באווייז, ווי שטארק ער'ט ליעב די קונסט, קען ער געבען דורך דעם וואס ער מאכט פון איהר קיין לעבען ניט. ער וויל ניט מאכען א פראפעסיע פון דער קונסט.

דאס איז געווען זעהר פיין פון איהם, פונדעסטוועגען האט זי איהם פארגעטערען דערפאר ניט געקענט און זי האט נאך געוואלט מיט די איבעריגע שוואכערע טאלאנטען זיך באקאנען. זי האט איהם געבעטען ער זאל זי אין זיין קרייז אמאל נעהמען.

— גוט, — האט ער געזאגט.

און וואס וועט מיך דערפון ארויס-קומען? וואס וועל איך דערפאר האבען?

— וואס וואלט איהר דערפאר ווע-לען האבען?

— ליעבע..

— ליעבע!

— יא, יא, ליעבע.

— כ'האב עס פון אייך ניט ער-ווארטעט.

— ניט? וואס? וואס בין איך, א האליקער שניידער, וואס? וואס מיינט איהר, איז מיין נשמה א ראזשינקע? — אלזא?

— איהר.. איהר האט מיך שוין ליעב?

— מעהר־ווייניגער.

— און ווילט מיך איצט מאל ליע-בען?

— פון צייט צו צייט. — אלזא?

— איך בין אזא וואס וויל אז מ'זאל מיך אייביג ליעבען..

— אייביג ליעבען? — — ניין, דאס קען איך ניט צוזאגען. א מענש מיט א ליטעראריש נשמה, האט ער געזאגט, — קען נישט אייביג ליעבען — איינע. אזא מענש, אז ס'זאל זיך אפשטעלען אייביג אויף איינער, וועט עס פשוט הייסען צו פארלירען די מעגליכקייט אויף האבען א סך, און דאס איז שוין א קלאפ, א טויט־קלאפ פאר דער קונסט, פאר זיין גייסט, פאר אלץ! דער קינסטלער־אליין איז, פערשטעהט איהר מיך, ניט איינער נאר א סך אין איינעם. דעריבער איז פאר איהם איין ליעבע ווי... ווי פאר א פערד א צוקערלעקאך, ס'קלעקט קוים אויף איין צאהן.

— א משל.. — האט קלארא שטיל אויסגערופען.

— דער פאקט איז, — האט ער ווי-דער געזאגט — אז א מענש מיט אזא קאמפליצירטע נשמה ווי מיינע איז, מוז האבען מעהר ליעבעס פון א מענשען מיט א פרימיטיווען כאראקטער. דער פרימיטיווער, איינפאכער מענש האלט די גאנצע ליעבע זיינע פאר זיך. ווען איך, דער קינסטלער, מוז זיך מיט איהר מיט אלעמען טיילען. איך נעהם זי אין פאר דעם אז זי זאל מיך באגייסטערן און גיעב זי דערנאך ארויס צו מיינע לעזער וועלכע ווערען פאר איהר די כפרה.

און צו ווייזען איהר דעם אונטער-שיעד פון זיך ביז אנדערע האט ער איהר איידער זי האט איינגעוויליגט איהר ליעבע איהם דערפאר צו געבען, אין זיין קרייז, צוגעזאגט, אריינצוברייגנען.

—. אט דא איז מיין שטענדיגער פלאץ — האט ער קלארא'ן אנגעוויזען אויף א טישעל וואס איז געשטאנען ביי צוויי טירען אויף איינער וועלכע ס'איז געווען «לידיס» און אויף דער צווייטער «דזשענטעלמען».

פון דאנען, האט ער איהר ערקלערט, — קען מען אלץ הערען און גלייך זעהן ווער ס'קומט אהער אריין. אט איז מנשה איינער פון די «יונגע». און וויים ווי צו האלטען א פען אין האנד.

— העי, דו, לאפאצא! — האט ער צו מנשה'ן אויסגערופען — פערקוידע - וועדיי נע האלאבליעס און קום צו אהער!

— וואס איז? — איז דער «לאפאצא» צוגעקומען.

— נא, ווער גע'הרג'עט, ב'קען זיך מיט א שעהנע מיידעל. נעהם א טשער אין ווער צוזעצט. נאר הויב ניט אן צו פראווען קיין הינטישע שטיק, אז דו ווילסט מיט איהר ריידען ווי א מענש איז אירקייט, אז דו ווילסט אבער —

— א, הער שוין אויף צו נודיען! — האט איהם מנשה אינטערבראכען. זאג בעסער וואס איך זאל דא נעהמען אויף דיין רעכענונג.

— א מכה!

— אה, שאדרא — פארדאן! — האט ער זיך פאר קלארא'ן א נייג געטאן, זיך געזעצט נעבען איהר און גענומען זא-גען ווי לאנג זי קען זיך שוין מיט דער אידישער ליטעראטור און צי האט זי איהם, מנשה'ן, א סך געלעזען?..

— לייענער — האט זי, ווי פארלא-רען, געזאגט.

— אה, — האט ער זי געטרייסט, — איהר קענט מיך נאך לעזען, און לאזט מיך אייך זאגען, איהר וועט דערביי א סך געווינען. איך בין אן ארגינעלער שרייבער, כ'האב א באזונדערן סטיל און זעהר א פיינ'גע שפראך, מיר פער-לען קיינמאל ניט אויס קיין ווערטער.

— אקעגען דעם וואס מ'זאגט סטיל, — האט זיך קלארא'ס באגלייטער אפ-געריפען — סטיל האב איך, קיינער קען נאך אזוי ניט בריען א זאץ ווי איך. און קיינער קען מיר ניט נאכמאכען.

— נו, נאכמאכען אז מ'וויל, קען מען אלעמען — האט מנשה מיט'ן האנד א מאך געטאן. — אנו, זאל ווער באווייזען א קונץ און מיך נאכ-מאכען!

— דיך נאכצומאכען — האט מנשה געזאגט — הייסט ניט איינעם נאר א סך, ווייל די מאכסט אלעמען נאך.

— און דיך נאכמאכען, — האט יע-נער געענטפערט — הייסט קיינעם ניט נאכצומאכען: ס'איז ניטא וועמען. פאר-שטעהסט?

— ביזט א אידיאט!

— ס'דאס וואס דו ביזט!

— מ'לאכט פון דיין באבע!

— ט'אט האסטו דיר א פראסק אין באק.

— כ'פלעט דיר גלייך דעם מת!

— שטעל אוועק די צוקערפושקע!

— טו לאז אפ מיין האנט — — —

— סעי, — איז דער קאפע קיפער צוגעקומען, — אז איהר ווילט זיך פיי-טען, טו געהט אין סטריט.

זיי האבען אין סטריט ניט געוואלט געהן. אין סטריט איז געגאנגען א רע-גען. אלע האבען זיך ארום זיי געקלי-בען און זיי איז מיט אלעמען געווען פרעהליכער.

איינער פון די אלע האט זיך דער-ווייל צו קלארא'ן צוגעזעצט און געזאגט אז ער איז א רעאליסטישער שרייבער און א אימפרעסיאניסט. און ביי וואס פאר א ליעב וואוינט זי. צי האט זי א באזונדער צימער און צי האט דער צי-מער א באזונדערען אריינגאנג און ווען קען מען צו איהר קומען. און וואס רעכנט זי וועגען ליעבען בכלל און פרייע ליעבע בפרט א. ז. וו. און ז. וו.

עטליכע, א סך האבען זיך איהר דארט אליין פארגעשטעלט און דער-צעהלט וואס פאר א גרויסע זשעניען זיי זיינען און ווען זי איז פון דארט אוועק געגאנגען איז זי געווען זעהר אומעדיג. זי האט געמיינט, זי וועט געפינען ווע-מען פון זיי צו פארגעטערען און זי האט ניט געפונען ווייל.. זיי האבען זיך שוין אלע אליין פארגעטערט.



# דר. נארדוי און די ענגלישע פרעסע

דר. מאקס נארדוי האט אויפגענומען די פארשטעהער פון דער ענגלישער פרע-סע. די קאנפערענציזאל פון דער צענט-ראלער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין לאנדאן איז געווען פול געפאקט מיט קא-רעספאנדענטען, זשורנאליסטען און פרעס־לייט, וועלכע האבען פארטראטען די וויכטיגסטע ענגלישע און אידישע ציי-טונגען. נארדוי האט געמאכט זעהר א טיעפען איינדרוק אויף אלע אנוועזענדע. ער האט שנעל געענטפערט אויף אלע פראגען אין א פליסיגען רייכען ענגליש. ער האט גערעדט מיט פאטאס פון א נביא און טעמפעראמענט פון א יונגען מאן. ער איז געווען פול מיט וויץ, הו-מאר און שלאגווערטער, וואס האט מיט זיך מיטגעריסען די צוהערער ארויסרו-פענדיג אלגעמיינע פארוואונדערונג.

א באזונדער אינטערעס האט ארויס-גערופען דר. נארדוי'ס שטעלונג צו דער באלפאר דעקלאראציע. «ענגלאנד'ס גרוי-סע ערוועקט אין אונז דאס געפיהל — האט דער רעדנער אין איינדרוקספולע ווערטער באמערקט — אז נאך א צוויי טויזענד יעהריגער פינסטערער נאכט דערנעהענטערט זיך ענדליך דער ליכטי-גער מארגען». מיר האבען געמיינט, אז אונזער משיח וועט זיין אן איינצעלנע פערזאן, איצט אבער פיהלען מיר, אז דאס וועט זיין א קאלעקטיווע איינהייט און איהר נאמען, דארף זיין ענגלאנד.

דאס אידישע פאלק האט שוין געהאט א סך פאלשע משיח'ן, מיר זיינען אבער פעסט איבערצייגט, אז מיט ענגלאנד וועלען מיר די וועלכע ערפארונג נישט דורכ-מאכען. די ענטוישונג וואלט געווען צו גרויזאם.

אויף דער פראגע, אויב עס איז מעג-ליך א אידישע רעגירונג אין פאלעסטי-נא, האט דר. נארדוי געענטפערט: «ווען גרויס בריטאניע זאל זאגען: «מיר זיינען די מאנדאטארען, אט, האט איהר פא-לעסטינא», וואלט די וועלט נתפעל גע-ווארען, ווי שנעל מיר אידען וואלטען גע-שאפען אונזער רעגירונג. עס וועט שוין געפיהרט א גרויסע קאנקורענץ — האט דר. נארדוי שמייכלענדיג צוגעגע-בען — צווישען די לייט, וואס ווילען פארנעמען רעגירונגס־אמטען.

א סענסאציע האט ארויסגערופען דר. נארדוי'ס ערקלעהרונג, אז די אלע אידען, וואס ווילען זיך באזעצען אין פאלעסטי-נא און זיינען נישט בכח דאס צו טאן וארען האבען די רעכט צו ערווערבען די אידישע נאציאנאליטעט אין די לענדער אין וועלכע די אידען וואוינען.

אלס גרעניצען פאר פאלעסטינא פאר-דערט דר. נארדוי אין צפון דעם בארג חרמון, אין דרום — מצרים, אין מערב — דעם מיטעללענדישען ים און אין מזרח חורן ביז דער באגדאד אייזענבאהן.

די ענגלישע פרעסע האט געווידמעט דעם אינטערוויו ציוניסטישען פיהרער וואר-מע ארטיקלען אין נאטיצען. די «פאל-מאל» שרייבט: «דער פאטריארך פון ישראל, מיט וועלכען די אידען מעגען שטאלצירען». ווער עס קומט נאר מיט איהם אין באריהרונג — זאגט די ציי-טונג — טראגט אויך דעם איינדרוק פון א גרויסע פערזענליכקייט.

די «איווינג סטאנדארד» שרייבט: «נארדוי האט גערעדט איבער דער צו-קונפט פון פאלעסטינא מיט דער שפראך פון א נביא. קלאסישע און ביבלישע צי-טאטען און אילוזיעס פון טויטע און לע-בעדיגע שפראכען, נעמען פון היסטא-רישע פערזענליכקייטען האבען געפאלגט איינס נאך'ן אנדערען.

אפילו דער אסימילאטארישער «דזשו איש גארדיען» באצייכענט נארדוי'ס אנ-קומען קיין לאנדאן אלס א וויכטיגע ער-אייגנים.

## דעטראיט אויף דער לינקער לייט

(שלוס פון זייטע 4)

ראבעריז" און אפילו ניט פון דער ניו'ער איזענבאהן־יוניאן, נאר פון דער כשר'ער אמעריקאן פעררייישאן אף לייבאר, און שרייט אויס בפני כל עם ועדה, אז זי שטעהט «הארץ און נשמה" (הארט ענד סאול) מיט די סטרייקער.

נו, קען מען היינטיגע צייטען זיין א מאמין און גלויבען, וואס מע זאגט?

ניין, זאג איך! ס'איז ווי ר' ברוך'ל וואלט געזאגט: «גוניש מיט גיש!' בלאף האמבאג איז — אלץ וואס ס'לוינט זיך.

און אז מיר האלטען שוין ביי אזעלכע שעהנע זאכען, ווי בלאף און האמבאג וואלט שוין ניט געשאדט זיך צו געבען א ווייליטשקע א שטעל אפ אויף אונזער סי-טי קאונסיל, וועלכער גרייט זיך ארויסצו-הערען די טענות פון די טענאנטס געגען די לענדלארדס.

איהר הערט? אינזער סיטי קאונסיל האט נאך ביז היינט נארנישטניט גע-הערט . . . ערוועהלט איז דאך אונזער סי-טי קאונסיל געווארען פון די בירגער, וואס באפעלקערען דעם שטערען מארס, מא פון וואנען זאל אינזער קאונסיל ווי-סען וואס אין דעטראיט טוט זיך?

דער איינציגער אלדערמאן, וועלכער ווייס יא אביסעל, וואס ס'טוט זיך אין דעטראיט, איז קאנסילמאן סיימאנס, אורזאכע — ער איז, פארשטעהט איהר מיר, אליין א לענדלארד.. פאר איהם איז די זאך קלאהר, וואס קען קלעהרער ניט זיין אז אט וואס פאר א זיסע רייד' עס האבען געטאן טין, טריפען פון זיינע ליפען, ביי א קאונסיל מיטינג לעצטע וואך:

„מ'באשולדיגט אומזיסט די לענד-לארדס. מיר אליין זיינען באוואוסט פאר-לען, וואס לענדלארדס האבען קיין פראפיטען ניט געמאכט. איך בין אליין א לענדלארד און האבען פאר מיינע אפארט-מענטס ניט מעהר ווי 35 דאלאר א מאנאט און דאך האבען מיינע טענענטס ארייגעבראכט קלאגען". . .

איהר הערט ווערטער? — ציקער-זים!

אלדערמאן סיימאנס האט שוין פאר-דינט קרעדיט נאר מיט דעם אליין, וואס ער ווייס וואס ס'טוט זיך אין שטאדט און נאך איידער אלע אנדערע אלדערמען האבען עפעס געהערט פון א סכסוך צווישען לענדלארדס און טע-נאנטס, ווייס ער שוין גענוי ווער ס'איז גערעכט און ווער — אומגערעכט . . .

אט אזעלכע פארטרעטער דארפען מיר האבען!

ווען אלע פארטרעטער אין סיטי קאונסיל וואלטען געווען אזוי קאנסעק-ווענט ווי אלדערמאן סיימאנס, וואלט די רענט־פראגע שוין לאנג געווען געלעזט און די הינע בירגער וואלטען געוואוסט איין מאל פאר אלע מאל, אז זיי דארפען זיך איינגעוואוינען שלאפען אונטער גאט'ס הימלען.

אזוי ווייס מען נאך דערוויול גאר ניט וואס צו טאן. עפעס טומלט אונזער קאונסיל, אז אט געהט ער רופען א מי-טינג מיט'ן צוועק צו זידלען די לענד-לארדס און אט געהט ער ברענגען משיח'ן און אט געהט ער אפשאפען רעגענס און שטורמווינטען — קורץ, ער געהט ווייזען וואונדער!

ווארטען מיר.

און דערוויול קריגען מיר אלע טאג בריעוולאך פון אונזערע לענדלארדס, אז אין פאל מיר'ן ניט אויפהערען עסען און זיך קליידען און נאך אזעלכע איבעריגע לוקסוסען און מיר'ן ניט באשליסען דעם גאנצען פעי ענוועלאפ אוועקצוגעבען צו „זיין מאיעסטעט" — מוזען מיר־תיכף ומיד זיך איינפאקען און געהן זוכען א דירה ערגעץ אין ריווער רוזש . . .

און די טעלעפאן קאמפאניע וויל ניט אנדערש, נאר, אז מיר זאלען איהר אוועק געבען א וואך וויידזשעס פאר איין מאל ריידען אין טעלעפאן; און שפייזשפע-קולאנטען ווילען ניט אנדערש נאר $13 פאר א זעקעל קארטאפעל און ס'גאנצע באנקעבעל פאר א פונט פאסטערניאק.

אט אזוי זעהט אויס דעטראיט אויף דער לינקער זייט היינטיגע וואך און ס'איז דא א האפנונג, אז נעקסטע וואך וועט זי אויסזעהן נאך שעהנער.

אז מיר'ן לעבען, וועלען מיר זעהן.

### איין האנד שטראפט, אייגע דערבארעמט

איטאליען האט ווידער איינגעפיהרט שפייזקארטען פאר דער גאנצער באַ-פעלקערונג, ווייל דער דוחק אויף שפייז איז איצט פונקט אזוי גרויס ווי אין דער צייט פון מלחמה.

נאך א גליק וואס זיי האבען דארטען קארטען, ווייל ווען ניט די קארטען, וואל-טען זיי מסתמא אין גאנצען מוזען שטאר-בען פון הונגער.

די קאנוויענשאן פון די קליידער פאב-ריקאנטען האט באשלאסען אז פאר קו-מענדע סעזאן זאלען אין די קליידער געמאכט ווערען טיעפע קעשענעס.

צו וואס? פרעגען די לעזער, כדי די פראפיטירער זאלען קאנען נאך טיעפער קריכען אין דעם פאלקס קעשענעס.

אלזא, אמעריקא באשטעהט פעסט אויף דעם אז דער טערק זאל מופען פון קאנסטאנטינאפאל.

זאל אונזער אנקעל סעם איהם ווייזען דעם רענט אזוי הויך ווי זיינע לענד-לארדס די טענענטס, וועט ער שוין יע-דענפאלס מופען..

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט

ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער

וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד

אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.


## סטענאגראפערס און בוכפיהרערס

פון ב. י. ג—ן

די פרייז וואס מען צאלט אין דעטראיט און אין אנדערע צענטערן פאר אפיס־ארבייט

סטענאגראפיע און ענגלישע באשעפטיגונגען אין אפיסעס איז געווען די מעהרסטע ארבייט פון מיידלעך. זייענדיג אין אן אפיס האט דאס מיידעל געקענט האלטען איהר טואלעט אין ארדנונג; איהרע נעגעל געפוצטע און דער פריזור — לויט דער לעצטער מאדע.

די פארדיענסטען פון אזעלכע אפיס מיידלאך האט פאר די לעצטע יאהרען ניט געשטיגען העכער. ווי אין די פריהערדיגע יאהרען; זיי זיינען תמיד געשטאנען אונטער דער שוין פון איין גרויסער טייפרייטינג קאמפאני, וועלכע האט געטאן פאר די סטענאגראפערס און טייפרייטערס אלעס וואס זי האט געקענט. די זעלבע קאמפאני האט אויך געפיהרט די רעקארדען פון די פארדיענסטען פון די מיידלעך און פרויען וואס זיינען באשעפטיגט אין אפיסעס.

די דאזיגע רעקארדען באווייזען אז אין דעם יאהר 1916 זיינען די דורכשניטליכע וועכענטליכע פארדיענסטען פון סטענאגראפערינס, אין די גרעסטע פיער שטעדט פון אמעריקא געווען, ווי פאלגט:

אין ניוארק — $12.90 א וואך; אין שיקאגא — $12.44 א וואך; אין פילאדעלפיא — $11.45; אין באסטאן — $10.45 א וואך.

איצט שטעהען די פארדיענסטען אויף אזא שטופע:

אין ניוארק — $13.21 א וואך; שיקאגא — $13.02; פילאדעלפיא — $11.66; באסטאן — $11.67 וועכענטליך.

אין דער סטאטיסטיק בלייבט עס, בכן, אז פאר די לעצטע צעהן יאהר האבען די שכירות פון די סטענאגראפערינס און טייפרייטערינס געוואקסען — אין ניוארק אויף 31 סענט; שיקאגא — 58 סענט; פילאדעלפיא — 21 סענט און באסטאן אויף איין דאלאר מיט 2 סענט.

די קלענערע אמעריקאנער שטעדט האבען שוין מעהר געהעכערט די פרייזען פון די מיידלעך. אזוי למשל האט דעטראיט געצאהלט אין יאהר 1906 א דורכשניטליכע שכירות פון $8.72 א וואך; וועהרענד פאר־יאהרען האט מען דא געצאהלט $13.52 (א הוספה פון $4.80); ריטשמאנד האט מוסיף געווען אין דער זעלבער צייט $4.46; סאן פראנציסקא צאהלט די העכסטע פרייז די סטענאגראפערינס און טייפרייטערינס: דארטען באקומט מען דורכשניטליך $15.10 (מיט צעהן יאהר צוריק — $13.62) פיטסבורג — די שטאדט וואו מען איז אזוי שטארק געוועהן פאראינטערעסירט מיט אמוניציע — האט מען געצאהלט מיט 2 יאהר צוריק $11.69 און פון קיין גרויסע הוספות הערט מען ניט.

מען קען דערפון ניט דרינגען, אז אלע טייפרייטינג און סטענאגראפער אנגעשטעלטע זיינען איצט, אין דער צייט פון יקרות, געבליבען ביי דעם זעלבען פינאנציעלען מצב ווי מיט יאהרען צוריק.

ווען עס ווערט דא אנגעגעבען סטאטיסטישע ציפער מכח די סטענאגראפערס און די אנדערע, מיינט עס נאך דורכשניטליך, איינצאהמען אבער זיינען פאראן אין טאקע זעהר א סך אויך.

אזעלכע וואס געהען ארויס פון'ם כלל זיינען פאראן אין איטליכער גרויסער און קליינער שטאדט. זיי גרויס אבער זייער צאהל זאל נישט זיין, זיינען זיי פארט ניט אזוי פיעל, אז זיי זאלען קענען צוניפשטעלען אזא סכום, אז עס זאל זיך לוינען צו רעדען דא פון נאך איין ערליי אפיס אנגעשטעלטע וואס געהען ניט אריין און דעם הדרכשנים.

עס דארף פון דעם הורכשנים ארויסגעלאזט ווערען נאר יענע מיידעל. וועלכע קען עטליכע שפראכען. די וויכטיגסטע: פראנצויזיש, דייטש און שפאניש. א מיידעל וואס באזיצט די דריי שפראכען קען איצטיגע צייט א סך מעהר פארדיענען, ווייל אין דער לעצטער צייט האט אמעריקא אינדוסטריעלע פארבינדונגען מיט פרעמדע לענדער, איבערהויפט זיינען אבער פראנצויזיש, דייטש און שפאניש וויכטיג.

נאך איין אפיס באשעפטיגונג דארף ארויסגעהן פון כלל און דאס איז — בוכפיהרונג.

די פרוי וואס איז אנגעשטעלט ביי דיעזער באשעפטיגונג איז אין אלע פעלע מעהר זעלבסטשטענדיג, ווי דער מאן; שוין דערפאר אליין, וואס דער בוכפיהרער איז ס'רוב מאל א פאמיליע מאן און דארף האבען מעהר און איז מעהר צוגעבונדען צו זיין שטעלע, איידער דאס מיידעל, וואס איז באשעפטיגט ביי דערזעלבער פראפעסיע.

דאס רוב אזעלכע מיידלעך, וואס זיינען באשעפטיגט ביי בוקקיפינג, זיינען ניט קיין יונגע. א בעל הבית וועט ניט פארטרויען זיינע אקאונטס, זיין געלד און די חשבונות פון זיין אפיס צו א יונג מיידעל. פאר אזא צוועק זוכט ער א געזעצטע און פארשטאנדיגע.

פינף און צוואנציג דאלאר א וואך איז א געוועהנליכע שכירות פאר א בוקקיפערין. א מיידעל מיט געשעפטס פעהיגקייטען קען א סך מעהר פארדיענען.

דאס זיינען, בכן, יוצאים מן הכלל.

בלייבט עס, הכלל, א פאקט אז די אפיס מיידלעך, גלייך מיט די "סיילס לידיס" האבען ניט פראגרעסירט אפילו אין די יארען פון גרויסען יקרות.

אפילו די פרויען וואס וואשען פאדלאגעס, אפילו די פרויען וואס טוען די "שווארצעסטע" ארבייט פארדיענען איצטער מעהר.

אין שיקאגא למשל האבען די פרויען וואס פלעגען וואשען די פאדלאגעס אין די דעפארטמענטס סטארס פארדיענט זעקס דאלאר א וואך; היינט נעהמען דיעזעלבע פרויען פון ניין ביז צוועלף דאלאר און באקומען נאך איין אדער צוויי מאלצייטען אומזיסט פון דער קיך וואס איז אין דער דעפארטמענט סטאר.

זיי האבען, הייסט עס, זיך ארויפגעארבייט אויף 50 און מאנכע אויך אויף גאנצע הונדערט פראצענט.

אמת טאקע די טייפרייטינג באשעפטיגונג איז א לייכטע, קיין פארגעניגען ארבייט געטריבען מען די מיידלעך ביי דער פראפעסיע ניט אן; עס איז אבער אן ארבייט וואס באצאהלט זיך ניט.

אידישע מיידלעך וועלכע זיינען מעהרסטענס באשעפטיגט ביי דער פראפעסיע וואלטען דאס באדארפט אין אכט נעהמען; מיידלעך וואס האבען פרעה זיך צו געהמען צו דער פראפעסיע, וואלטען באדארפט זיך אריינטראכטען אין די פאקטען, וואס זיינען געבראכט געווארען אין דיעזען ארטיקעל.

## פון ציון דיסטריקט

די אפיסערס און די באארד או די רעקטארס פון דעם ציון דיסטריקט פון דעטראיט האט די עהרע צו מעלדען צו אלע גוט שטעהענדע מעמבערס פון דיסטריקט אז די עלעקשאן פון די דעלעגאטען צום 24טען ציון קאנווענשאן וועט שטאטפינדען פון 29־טען אפריל ביז דעם 5־טען מאי.

קיינע עלעקשאן פלעצער וועלען ניט זיין. די באלאטס וועלען ארויסגעשיקט ווערען צו יעדען מעמבער דורך דער פאסט.

די פאלגענדע זיינען די קאנדידאטען פאר די דעלעגאטען, נור דריי וועלען עלעקטעט ווערען.

דר. נ. א. אראנשטאם
פרעד מ. באטצעל
קעפטיין איזאאר לעווין
י. מילער
מ. ח. זאקהיים

א גרופע פון 25 גוטשטעהנדע מעמבערס קענען נאמענירען זייער קאנדידאט און צושיקען זיין נאמען צו די ציון ביורא פון דעטראיט 826 טשאמבער או קאמערס בילדינג.

לואיס גראנעט, טשערמאן פון עלעקשאן קאמיטע.

## אין דער מזרחי באוועגונג
## א קייבעל פון ארץ ישראל
## מזרחי וועגען פאגראם אין ירושלים.

אין מזרחי אפיס איז ערהאלטען געווארען פאלגענדע קייבעל:

„משא נמירוב" איז ערשינען אין ירושלים, אין א גרויסען פארמאט, אין הונדערטער עקזעמפלארען. זייט מודיע. פרושיב זיינען איבעריג.

## דער מזרחי אין א נייע היים.

די טעג האט זיך דער מזרחי איבערגעצויגען אין זיין נייע היים, 138-40 צווייטע סטריט ניויארק, דאס גרויסע הויז, וואו עס איז אמאל געווען דער „הר המזרחי האספיטאל" איז אפגעקויפט געווארען פון בית־מדרש למורים של המזרחי. דאס הויז איז ניי אויפגעפיקסט געווארען באופן עס זאל פאסען פאר די פערשיעדענע דעפארטמענטס פון מזרחי. אין דאס נייע הויז געפינט זיך דער מזרחי אפיס, די רעדאקציע פון „העברי", דער „בית המדרש למורים" און דער אפיס פון „מזרחי־וועלט". די חנוכת הבית וועט אין גיכען געפייערט ווערען.

## הרב בערלין שוין אויפן וועג.

הרב בערלין איז שוין אין לאנדאן אויף זיין וועג צוריק קיין ניויארק. הרב בערלין האט באזוכט פיעל שטעדט אין פוילען און אין ליטא, אומעטום האט מען איהם פאראהלטען צוליעב דער מזרחי ארבייט. זיין רייזע האט זיך דאריבער פארצויגען און ער האט ניט געקענט קומען אויף פסח קיין ניויארק. ער האט גע האלטען פסח אין לאנדאן און וועט די טעג ארויספאהרען פון דארטען מיט דער ערשטער שיף.

## דער קאמפיין פאר'ן קרן ארץ ישראל.

די פסח וואך איז אומעטום אויסגענוצט געווארען פאר'ן קרן ארץ ישראל, אין אלע שוהלען זיינען געמאכט געווארען אפילס און דער עולם האט זיך וואריעם אפגערופען.

אין סינסינעטי האבען די פסח וואך געוויילט הרב יוסף מאיר מרגלית פון מאנטרעאל, קענעדע און מר. שמריה כהן פון מזרחי אפיס. זיי האבען אויסגענוצט די געלעגענהייט פאר מזרחי פראפאגאנדע, הרב מרגלית האט געמאכט א ווארעמען אפיל פאר'ן קרן ארץ ישראל, וואס האט אריינגעבראכט א היבשע סומע.

אין שיקאגא געהט דער קאמפיין אן גאנץ לעבעדיג. די מזרחים ארבייטען צוזאמען מיט די אלגעמיינע ציוניסטען.

אין ניויארק זיינען די פסח וואך געמאכט געווארען אפילס אין אלע גרעסערע שוהלען.

## מזרחי מיטינגען

אין פאל ריווער איז אפגעהאלטען געווארען א מזרחי מיטינג, עס איז געזאמעלט געווארען א היבשע סומע פאר'ן סומע פאר'ן קרן ארץ ישראל און עס זיינען צוגעקומען נייע מעמבערס. עס זיינען אויך געווען וואהלען פאר בעאמטע. עס זיינען געוועהלט געווארען: דוד רחלין — פרעזידענט. יעקב מרדכי בערגשטיין טרעזשורער, בן ציון פיינשטיין — וויים פרעזידענט, משה ראטנער סעקרעטאר.

א מזרחי מאס מיטינג וועט אפגעהאלטען ווערען אין ריטשמאנד וואַ. זונטאג דעם 25טען אפריל, הרב גאלד וועט ספעציעל קומען צו אדרעסירען דעם מיטינג.

## דער מזרחי און די שוהל־אידען פון הרב חיים יחזקאל מאזעסאן

די גרינדער פון פיהרער פון אלע אידיש־ארטאדאקסישע אנשטאלטען אין אמעריקא געדענקען נאך זעהר גוט די גרויסע שוועריגקייטען וואס האבען בעגעגנט, ביז זיי איז געלונגען צו פאראינטערעסירען די שוהל־אידען אין זייערע אנשטאלטען. עס איז כמעט געווען אונמעגליך צו ריידען צו די שוהל אידען פון קיין אנדערע אידישע אינטערעסען, אויסער זייער אייגענע שוהל - אנטערעסען, וועלכע זיינען הויפטזעכליך בעשטאנען פון: קרקע, קראנקען־בענעפיט, שבעה־געלד אדער א סיום ספר־תורה, א חנוכת א באהר, א סעודה פון חברה משניות, חברה קדישא, א. א. וו.

בילעבווייז האט מען דאך אנגעהויבען אריינצודרינגען אין די שוהלען און פאראינטערעסירט זיי מיט אידישע אנשטאלטען, וועלכע ווארגען פאר די קערפערליך ליידענדע ווי" האספיטעלער מושבי־זקנים, בתי יתומים, גמילות חסדים, מלביש ערומים, לחם עניים וכדומה ווייל מען האט נאר פשוט מורא געהאט טאמער דארף מען חלילה אליין צו זיי אנקומען

שווערער איז שוין צוגעגאנגען מיט אנשטאלטען, וועלכע האבען די אויפגאבע צו זארגען פאר'ן אידישען גייסט, פאר די אידישע תורה ומצוות ווי תלמוד תורות, ישבות, א. א. וו.

צום שווערסטען איז אנגעקומען אריינצוברענגען די אידעע פון ציוניזם אין די ארטאדאקסישע שוהלען אריין, ער שטענס, צוליעב די מיינונגס פערשידענהייט וועגען דער גאולה העתידה, צווייטענס, און הויפטזעכליך, צוליעב די אינטאקטישע פיהרונג און האנדלונג פון מאנכע ציוניסטישע פיהרער און רעדנער, אנשטאט צו בעלעהרען, צו קומען צו א פארשטענדניש מיט די פרומע אידען פון זייער שטאנדפונקט, האבען מאנכע רעדנער קיין בעסערע אגיטאציאנס מיטלען ניט געפונען ווי נאר חוזק צו מאכען, אפ צולאכען און אפצושפעטען און פיעלע מאל טרעטען אויף די געפיהלען פון די שוהל־אידען בדבור ובמעשה און דאס האט געבראכט דערצו, אז די שוהלען זיינען פשוט געווען פערשלאסען פאר'ן ציוניזם.

זייט אבער דער גרינדונג פון דעם מזרחי אין אמעריקא האט זיך די בעציהונג פון די שוהל־אידען צום ציוניזם געענדערט צום גוטען. אלע שולען, און אפילו חסידים שטיבלעך, זיינען יעצט אפען פאר די מזרחים, דער מזרחי אפיס איז פשוט ניט ביכולת צו ערפילען דעם גרויסען פערלאנג פון די שוהלען אין גרויטער ניויארק און איבערן לאנד פאר מזרחי־רעדנער. דיעזע ערשיינונג איז א גאנץ נאטירליכע. צום ערשטען מאל אבען די שוהל אידען דערזעהן ציוניסטישע רעדנער, וועלכע זיינען זייער גלייבען, וועלכע טראגען אויף זיך דעם גאנצען יאך פון אידישקייט, דאווענען און לערנען גלייך מיט זיי; טהיילען די זעלבע מיינונג וועגען אידען און יודענטהום און וועלכע מען בעגעגנט אלס בויער, גרינדער און ארבייטער אין אלע אידישע אנשטאלטען. די רעדערס פון די מזרחי רבנים און רעדנער זיינען פול מיט תורה, דורכגעדרונגען מיט אמת'ער מסירת נפש און ליעבשאפט צו דער תורה, צו ארץ ישראל און צו אלעם וואס איז היילינג און טהייער די שוהל אידען. האבען טאקע דארום די ווארעמע הארציגע רייד פון די מזרחי רעדנער א גרויסע ווירקונג אויף די שוהל־אידען, זיי ווערען ערווארטעט אין די שוהלען מיט אונגעדולד און ווערען אויפגענומען בכבוד גדול. גרויסע בייטשטייערונגען ווערען געגעבען צום מזרחי פאנד פון פריהערדיגע געגנער, אויף וועלכע עס איז געווען אומגלויבליך אז זיי וועלען איבערגעקעהרט ווערען צום ציוניזם, און דאס איז צו פער דאנקען די אמת'ע איבערגעבענע טרייע ארבייט פון די מזרחים און די פיינע טאקטישע האנדלונג פון די מזרחי פיהרער און רעדנער, איבערהויפט דעם אמתן געדאנק פון מזרחי, אז ארץ ישראל מוז געבויט און געפיהרט ווערען פון אידען, וועלכע שטעהן פעסט אויף דעם פרינציפ פון אונזער תורה פאר וועלכע אונזערע הייליגע עלטערן האבען זיך מוסר נפש געווען.

עס מוז קלאהר ווערען פאר אלע ארטאדאקסישע אידען, אז דער טעות וואס איז געמאכט געווארען אין מאנכע אמעריקאנישע אידישע אנשטאלטען, אז די געלדער, וועלכע ווערען גענומען פון ארטאדאקסען, ווערט בענוצט געגען זייערע הייליגסטע געפיהלען, — דער טעות טאר זיך ניט ווידערהאלען אין אונזער אלט נייע לאנד, ארץ ישראל.

די פרומע אידען זיינען געווען די ערשטע צוריק צו געהן אין אונזערע הייליגע לאנד און זיי האבען מיט מסירת נפש געבויט דעם אלטען ישוב אונטער די גרעסטע, שרעקליכסטע צרות און פערפאלגונגען, הונגער, נויט און פערשיעדענע חולאת'ן — האט די זעלבע פרומע אידען דארפען אויך יעצט זיין די בויער און פיהרער פון דעם נייעם ישוב.

דארום ליגט א הייליגער חוב אויף יעדען אמת הערליכען אידען אליין בייצושטייערען און מאכען אנדערע צו געבען צום צוויי מיליאן דאלאר פאנד פון מזרחי וועלכע איז די איינציגע ארגאניזאציע איבער דער גאנצער וועלט וועמעס אויפגאבע איז צו זארגען פאר דער פערשטארקונג פון דער הייליגער תורה ומצוות אין די גלות לענדער און פאר דער אויפבויאונג פון ארץ ישראל לויט דעם גייסט פון אונזערע צדיקים, קדושים וטהורים, וועלכע האבען זיך מקריב געווען אויף קדוש השם.

שוהל אידען, ווארט ניט ביז מען וועט צו אייך קומען, שיקט אליין אייער חלק צום מזרחי פאנד! מאכט שטארק און פעסט די מזרחי ארגאניזאציע, כדי מיט

# דער וועג
THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY. INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.


# טעטיגקייט פון אוקראינער אידען אין דעטראיט

פון א ידיעה געדרוקט אינם זונטאג'דיגען נומער „וועג" צווישען די באַרויכטען, האט דער לעזער גהאט מעגליכקייט צו זעהן אז סוף כל סוף האבען די אוקראינער אידען, אדער די אוקראינער ארגאניזאציעס אנגעהויבען צו ווערען טעטיג און צוגרייטען זיך צו א פאלקאמער פאראייניגונג און ארגאניזירונג פון קרעפטען.

זיי האבען פארשפעטיגט.

די וועלכע האבען געקענט שאפען אזא פאראייניגונג און אזא ארגאניזאציע, האבען דאס באדארפט פריהער, א סך פריהער טאן. יעדע וואך און יעדער טאג, וואס איז אוועק און די בתים וויינען געבליבען צעשפליטערט און די דעטראיטער אידען וואס קומען פון אוקראינע, זיינען אפגעקומען מיט באקרעכצען און באזיפצען דעם אומגליקליכען מזל פון זייערע פריינד און חברים; — יעדער טאג און יעדע שעה וואס איז אוועק מיט נארנישט טאן פאר אונזערע נאהענטע אומגליקליכע און אוקראינע איז א פארברעכען געוועזען.

יא, א פארברעכען.

לויט'ן אידישען דין איז עס א פארברעכען צו שטעהן און רוהיג צוקוקען ווי עס גיסט זיך דאס בלוט פון א ברודער.

און פון דעם פון מענשליכקייט, יושר און ברידערליכקייט — וואס פאר א פארברעכען איז עס צו מאכען זיך טויב צום געשריי פון דרייטהאלבען מיליאן נפשות וואס ווערען גערודפט און א פייערדיגע מיתה געטריבען פון טייוואלים, הייראמאקעס, רוצחים.

דעם ערשטען טאג נאך, ווען דער שרייבער פון דיזע שורות האט אראפגעטראטען אויף דעם באדען פון דעם דעטראיט'ער אידישען קווארטאל איז אונזער ערשטע פראגע געווען: וואס ווערט דא געטאן פאר די אוקראינער אידען?

# ווי יאפאן געוועלטיגט אין סיביר

אין דער „טיימס" איז געווען גע־דרוקט אן ארטיקעל פון דעם באקאנטען קארעספאנדענט קארל אקערמאן, וועלכער בעשרייבט אויפ'ן יסוד פון איינצעלהייטען ...

# אביסעלע פארזיכטיגער

פון א. אלמי

עס איז אלעמאל אזוי געווען, אז יעדער פאלשער נביא, יעדער נאר און אוואנטיוריסט, וועלכער איז פארלאכט געווארען אין זיין אייגענעם לאגער, פלעגט הייזער אין א פרעמדער מדינה, וואו ...

# וויל זיך גט'ן מיט זיין פרוי אום צו „הייראטען מיט א זינגערין"

פיטער ביירעל, אן אידישענט פון דער פיער מארקעט רעדזשאן, סטארעט זיך יעצט מיט אלע זיינע מעגליכקייטען ארויסצוקריגען א גט פאר זיין פלוני'טע אום צו הייראטען מיט א באוואוסטער היגער זינגערין, מיס לואיס סטרעטש.

# בית מדרש למורים.

די למודים אין „בית המדרש למורים של המזרחי" האבען זיך שוין אנגעהויבען אויפ'ן נייעם זמן. די לעהרער זיינען: הרב י. לעווינסאן, דר. מ. וואכסמאן, ה. י. קאפלאן, דר. י. ש צוקערבראם און ער א. ג. פערלבערג

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(פארטזעצונג)

די מאדאם פארבשטיין האט גענומען "אונטערהאלטען" מערי'ן. נור מערי האט לחלוטין זי אין אכט נישט גענומען. זי האט איך נישט געמיהט יוצא צו זיין, איהר קאפ איז שוין געווען פארנומען מיט אנדערע מחשבות: ווי אזוי אנטלויפט מען פון דאנען? — אט דער גערדאנק האט איהר געפיקט אין קאפ.. און אנטלויפען, וואס גיכער.

שטעהט אנטקעגען איהר א רייכע, שעהנע דאמע, מיט שעהנעם, רייכען צירונג, מיט שעהנער רייכער קליידונג און רעדט צו איהר אזוי גוט, אזוי ערעל, מיט אזוי פיעל פארזיכטיגקייט. אבער וואס וויל זי אזוינס פון איהר, אט אדי שעהנע, רייכע דאמע? — דאס ווייס נישט מערי.

און ס'איז איהר נישט גיגע צו ווייסען, וואס אארט עס איהר דען, וואס זי וויל?..

און די מאדאם פארבשטיין הערט און פרעגט זי אויס, און זי ענטפערט איין ווארט איבער צעהן, געצעהלטע ווערטער און, דאכט זיך, אז זי ענטפערט גארנישט צו דער פראגע.

עס איז א מאמענט פיל מיט אנגסט פאר ביידען.

עס ווערט שטיל א רגע.

מערי קוקט ערגין אויף א ביהד און אין מח פליהען מחשבות ביין שנעה. שנעל.

און די מאדאם פארבשטיין קוקט אויף מערי'ן פון דער זייט, נעהמט פון איהר די אויגען נים אראפ.

א שעהן מיידעל, מען קען גארניט זאגען, זעהר און ערעל. צארט געזיכט, זעהר שעהנע האר, זעהר נעט און באר־שיידען, איז זעהר פאסיג צום מאהלען א ביהד פון איהר..

ווער זשע איז זי?

זי וועט עס מאכען קלאהר און דייטליך, וואס האט זי זיך צו שעהמען?

— פריילין רובינאוו, איהר וועט מוזען אבגעבען אויפמערקזאמקייט מיר שענקען.

קוקט זיך מערי אום צו איהר פול מיט פארוואונדערונג, און איהרע שעהנע בלויע אויגען דריקען אויס א פארווירונג. אט ... מען וואלט זי דא מיט שטריק פארבאנדען און פארפעסטעט.

די מאדאם פארבשטיין ווערט אויך צעמישט: וואס איז דאס? דאכט זיך אז זי האט פריהער גערעדט אזוי קלוג, אזוי היימיש.. וואס איז עס מיט דעם מיידעל? אפשר אזא ספאזמע?.. ווער ווייס.

— מיס רובינאוו, ווייסט איהר מיין רושאזעף'ס געפיהלען צו אייך?

זי גיט א שמייכעל.

נאט מיינער, וויפיעל גיפט און ביטערניש עס איז אין דעם שמייכעל!

עס גיט זיך א צאפעל די מאדאם פארבשטיין און נעהמט זיך קירעווען אויף איהר בענקעל.

זי וואלט זיך נישט שעהמען, וואלט זי אנטלאפען פון אט דעם שעהנעם בלאנדען מיידעל.

— איך ווייס, מאדאם — זאגט מערי — ווי איבערנויט, ווי מען וואלט זי אין א פרעצעס געצוואונגען צו רעדען — איך ווייס, אבער ניט זיכער. איך מיין זייט רוהיג, מאדאם, עס וועט גארנישט געשעהן.

— וואס מיינט איהר?

— נון, איך האב פארשטאנען ביי מיין ארייגקומען, אז דא, אין די גרויסע, רייכע און גערוימע זאלען וועט זיין צו ענג פאר מיר. איהר האט דאך נישט דאגעגען מיין ערשטען און לעצטען באזוך?.

גיין. די מאדאם פארבשטיין האט גארנישט דאנענען. חלילה, פארקעהרט איהרע טירען זיינען תמיד אפען פאר איהר. אבער זי וואלט וועלען וויסען פון וואנען קומט זי, ווער זי איז?

אבער מערי לאזט איהר נישט ענדיגען: — איבעריג! צו וואס?

דאס איינע ווארט זאגט זי און פארמאכט איהרע דינע ליפען. און מען זעהט אז דאס האט זי זיי מיט עקשנות פארשלאסען. זי וועט זי שוין פאר אומזיסט און אומנישט נישט עפענען.

זיצט די רייכע מאדאם ווי א היענעט פאר א שטרענגער הערשערין און ווייסט שוין נישט וואס צו זאגען, וואס אנצוהויבען און וואס צו ענדיגען.

— וועט דאס פריילין נישט ארייג געהן נאך דעם ווי רושאזעף וועט פארטיג ווערען צו איהר אין צימער?

— איך דאנק הארציג — זאגט מערי און באלד גיט זי צו — ווען עס וואלט מעגליך געווען, וואלט זי געבעטען, אז מען זאל דושאזעף'ן ארויסשיקען, זי מוז אוועקגעהן. וואס זוימט ער זיך אזוי פיעל?

ער וועט מסתמא באלד ארויסקומען.

דאס האט די מאדאם פארבשטיין באזר פארשטאנען. דאס האט אויך מערי פארשטאנען.

ווי צו דער שתיקה אזוי זייגען ביי־דע פרויען געגאנגען.

אין זאל איז געווען שטיל.

דער פאטער און דער זוהן זייגען געשטאנען אינם קעגען אנדערען, כאטש ווייט אין שטח. ביידע מיט ערנסטע גע־זיכטער און מיט צארנדיגע מינעם.

די מאדאם פארבשטיין האט זיך גלייך אנגעשטויסען וואס דא איז פאר־געקומען.

— פריילין, איך בעט אייך — האט דער ריכטער זעהר העפליך און לויט דעם דין פון דער עטיקעט אונטערגע־טראגען מערי'ן א שטוהל צום זעצען זיך.

— ניין, איך דאנק, איך געה שוין.

— אה, פריילין, עס וועט מיר לייד

אבער דושאזעף איז נישט ארויסגע־קומען. אנשטאט דעם האט זיך דערטראגען דעם פאטערס שטימע.

יא, דאס איז געווען דעם אלטען פארבשטיין'ס קול.

מערי איז געווארען בלאס ווי קרייד.

די מאדאם פארבשטיין האט זיך אויך פארלוירען און גענומען ציהען דעם גלאק.

א רינגער איז אין דער מינוט ארויף.

— שיק דושאזעף'ן.

אין א מינוט ארום איז דער דינער צוריקגעקומען.

— דער הערר פארבשטיין בעט די גמינ. ארונטערצוקומען.

מערי האט זיך אביסעל פארלוירען. נישט וועניגער צעמישט איז אויך געווארען די מאדאם פארבשטיין.

עס וועט איבעראדענטליבעם געשעהן.

טאן אייך צו זאגען, אז איהר קענט ניט געהן, ביז איהר וועט נישט הערען פון מיר א פאר ווערטער.

מערי איז געווארען בלאס און צע־שראקען. זי איז געווען אפהענדיג און האט זיך געהאט פארלוירען. אזוי ניך אבער ווי זי האט געהערט די לעצטע ווערטער פון דעם ריכטער האט זיך איהר געזיכט איינגאנצען אומגעביטען.

עס האט נישט געדויערט אפילו קיין רגע, ווען איהרע אויגען האבען אנגע־הויבען פלוצים ווי מיט פייער צו שפריצען. איהר געזיכט איז געווארען שטרענג און איהרע ליפען־פייכט און ציטערדיג.

זי האט געגעבען א שפאן צו נעהנטער צום אלטען פארבשטיין'ען און איהם גלייך אריינגעזאגט אין פנים אריין מיט'ן גאנצען גיפט: — "יור האנאר, דא בין איך א גאסט, און נישט קיין ארעסטאנט! איך בין אהער געקומען ווען איך האב געוואלט, און קען אוועק־געהן פון דאנען ווען איך וויל. איהר קענט זיך דא באנעהמען ווי א שטרענ־גער ריכטער מיט אייער פאמיליע, אבער נישט מיט מיר!".

(פארטזעצונג פאלגט)

# איינמאל אין א מיטען נאכט

(ערצעהלונג)

פון ישראל ראבינאוויטש

א זומער־דעיזאמט אויף איינעם פון די הויבע קאנאדער לארענשיען בערג, האט 'איגן ביידען צוזאמענגעבראכט און מיר האבען זיך שטארק באפריינדעט.

מיר פלעגען גאנצע אווענדען אפליגען ביים ברעג פון טייך און שמועסען ואע־גען פארשיעדענע ענינים. פליהער האבען אונזערע שמועסען געטראגען אן אל־געמיינעם כאראקטער, אבער וואס ווייטער ווענען זיי אלץ אינטימער געווארען און ער האט מיר פארטרויעט, אז ער האט אמאל שטארק ליעב געהאט א פרוי.

איך בין געוואהען נייגעריג. יענער וואונדערשעהנער אווענט האט געוועקט ראמאנטישע געפיהלען. אלעס ארום איז געווען צוגיפעגאסען אין איין שטילער און זאנפטער הארמאניע. אלעס איז געווען 'איינגעהילט אין סוד פון דער יצירה און א שטילער אנגענעהמער ווינטער האט ווי א פרידענס־מלאך געמיליעט פראנגע צו פלאנצע, בלאט צו בלאט און איבער אלעם האט, ווי א געטליכע גלאריע א לאזור־בלויע לבנה־ליכט גע־שיינט.

אין אזא נאכט און אין אזא אימ־געבונג, אז דו דערהערסט דאס ווארט "ליעבע" ווירקט עס ווי א כישוף אויף דער פאנטאזיע און עס ווילט זיך וויסען ווייטער — דערגרונטעווען ביז'ן סוף.

— דערצעהלט — האב איך געזאגט צו מיין קאמפאניאן — ס'איז אינטע־רעסאנט אויסצוהערען אזעלכע געשיכ־טען אין אזא נאכט.

ער האט זיך איינגעזעצט. ארויסגע־נומען א סיגארעט און איהם א וויילע געהונדיגט צווישען צוויי פינגער פון דער רעכטער האנד און מיט דער לינ־קער האט ער געגלעט זיינע לאנגע שאר־טיגע האר. זיינע ברוינע אויגען זיינען געוועען ווי פארוואכעט אין יענעם מא־מענט און געריכטעט צו איין פונקט. עס האט זיך געמעיקט אז ער רופט פון זכרון ארויס א זעהר אינטערעסאנטע איבערלעבונג.

ער האט שנעל אנגעריבען א שוועבעלע, אנגעצונדען דעם סיגארעט. דריי מאל האסטיג אריינגעצויגען דעם רויך און איהם ווי פארשלונגען און אנגעפאנגען:

— "דאס איז געווען מיט 5 יאהר צוריק. איך בין דעמאלט געווען א קארגען יאהר פאהייראט מיט א פרוי, וואס האט געהייסען נעלי.

"אויסצומאהלען פאר אייך דעם כאראקטער פון יענער פרוי, איז פאר מיר אונמעגליך. דאס איז נאך פאר מיר אליין א סוד ביז היינטיגען טאג. איך ווייס נאך, אז זי איז געווען אין מיינע אויגען וואונדער שעהן, רייצענד, באזעסען פיי־נע מאניערען, קורץ — מיט אלע מעלות.

"מיין ליעבע צו דער דאזיגער פרוי האט איבערשטיגען אלע ליעבעס פון די שענדער ראמאנען. איהרער א מיינונג איז ביי מיר געווען א געזעץ, איהרער א שמייכעל — א וועלט פון גליק; איהרע א קרומע מינע — א קאטאסטראפע.

"אין יענעם אווענט, ווען זי האט מיר ערקליבט איהר דעם ערשטען קוש צו געבען, בין איך געווען פארטרונקען פון גליק; און ווען זי האט איינגע־שטימט צו ווערען מיין פרוי, האב איך געפיהלט ווי ארומצובאפען קושען אלץ און אלעמען און זינגען א ליעד צו דעם באשעפער פון אזא שעהנער גליקליכער וועלט.

"מיין געדאנק איז אין יענער צייט שטענדיג געווען פארנומען מיט נעלי'ן. פיער און צוואנציג שעה אין מעת־לעת, אין וואך און אין חלום — נעלי, נעלי, אח נעלי.

"איך בין געווען זיכער, אז נעלי איז צו מיר ווייט ניט אזוי איבערגעגעבען ווי איך צו איהר. איך האב עס געמערקט א' איהרע האנדלונגען און באציהונגען. זי פלעגט מיר אבער אלעמאל פארזיכערען, אז אזוי איז זי און אנדערש קען זי נים זיין. זי פלעגט צום ביישפיעל, מיר פיעל מאל געבען צו פארשטעהן, אז איך דארף נעהמען אין אנבעטראכט אז זי איז נאך אלעמע, א מענש פאר זיך אליין, מיט אן אייגענעם בליק. איך זאכען. "איך — פלעגט זי זאגען — דריק אויס מיין ליעבע אויף מיין שטייגער, דו — איך דיינעם; און אזוי ווי מיר זיינען מאדערנע מענשען, דארפען מיר טאלע־רירען איינער דעם אנדערען."

"בשעת זי פלעגט אזוי ריידען, פלעג איך שלינגען יעדעם ווארט; עס האט זיך מיר געדאכט, אז אלץ וואס זי זאגט איז לויטער חכמה און אריגינעל..

— געדעכט — פלעג איך טראכטען — מען דארף טאלערירען! אייפערזיכטיג זיין איז ניט שעהן און ניט פראקטיש.

"עס איז מיר אפילו געווען שטארק אייפערזיכטיג וואס נעלי באציהט זיך צו אנדערע יונגע לייט פונקט אזוי ווי צו מיר און מאנכעס מאל נאך פריינדליכער. און אפשר אויך אינטימער. דאס האט מיר טאקע שטארק געקרענקט און פאר־אורזאכט שלאפלאזע נעכט און אומרו־הינע טעג. איך פלעג אבער אויסגעפינען צעהנדליגע תירוצים אויף מיינע קשיות.

איך האב זיך געפרופט איינשמועסען, אז דאס איז נעלי'ס א מאנעווער און ניט מעהר.

קיין חשד האט ניט געקענט אוועק־מאכען מיט'ן עקר פון אלע עקרים — נעלי. ווי זי זאל ניט האנדלען בלייבט זי נעלי.

"אה, ווי משוגע איך האב זי געליעבט!

"איידער מיר זיינען געגאנגען חתו־נה האבען, האט נעלי מיט מיר אויסגע־נומען, אז זי טאר ניט זיין געבונדען, אז איהר פארגעניגען — שטענדיג זיך צוזאמענצוטרעפען מיט מענשען — און מענען די "מענשען" זיין מענער אדער פרויען — טאר פון איהר ניט בארויבט ווערען. זי איז — פארשטעהט איהר מיך — נעלי און נעלי איז ניט און קען ניט זיין ווי אנדערע פרויען. זי איז אריגי־נעל.

"און איך האב צוגעשטימט: אמת — האב איך געטראכט — נעלי איז טאקע ניט ווי אנדערע פרויען א סמן — קיין פרוי נעהט מיר ניט אזוי אן ווי — נעלי.

"מיר האבען געהייראט. אונזער הויראט איז זעלבסט פארשטענדליך געווען א מאדערנע און "אריגינעלע" — אהן צערעמאניעס.

בלויז אין קאורט געווען.

נעלי איז אפיציעל געווארען מיין פרוי.

(פארטזעצונג מארגען)

---









# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג איז מישיגאן סטייט

ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער

וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד

...ט אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.


## דאס יונגוואַרג ביים מסחר

פון ב. י. ג—ן

אין'ם פאריגען ארטיקעל האב איך גערעדט וועגען די פרויען. אנגע־שטעלטע אין די אפיסעס וואס האבען ניט פראגרעסירט אין זייערע שבירות. ניט בעסער איז עס איך מיט די מיידלעך וואס זיינען אנגעשטעלט אין די דעפארטמענט קראמען.

איך אלס „סיילס ליידיס", אלס „קלירקס" און אלס אנדערע אנגע־שטעלטע זיינען באשעפטיגט א סך אידישע אינגלעך. מיידלעך און פרויען. זיי האבען אויך ניט פראגרעסירט אין זייערע שבירות. בעסער איז דאס שוין מיט די „קעש גירלס" וועלכע פלעגט אמאל אנהייבען מיט $2.50 א וואך און שפעטער — מיט פיער דאלאר און אויך מיט פינף דאלאר וועכענטליך.

פאראן אויך „סטאק באיעס" וועלכע פלעגען באקומען פיער דאלאר א וואך, זיך ארויפגעארבייט אויף 6 דאלאר און שפעטער גענומען מעהר.

א וויכטיג פלאץ פארנעהמען בכלל אצינד די „באיעס".

באטש—דן איצטיגע צייט האט מעגליך געמאכט פאר א סך עלטערען איינצוהאלטען זייערע קינדער אין די סקולס. א זאך וואס איז פאר די וועלבע טייערדער פאמיליעס פריהער שווער געווען, פונדעסטוועגען זיינען אצינד די יונגע בחורים'לעך מעהר באשעפטיגט ביי אלע פארשידענע אר־בייטען איידער אמאל. דאס — ווייל מען דריגגען — איז דערפאר, ווייל ביגע יונגע פארדיענערס זיינען ניעשט געצוואונגען אפצוגעבען זייערע שבירות צו זייערע עלטערען. וועלכע פארדיענען אליין היינט גענוג צו מא־כען א לעבען.

א געגנעגדע ארוואבע איז געווען דער פאטריאטיזם און ביי אנדערע — דאס וואס די שבירות זיינען גרויסע און האט א כח המושך: עס ציהט די יונגע צו די „געשוואלענע עגוועלאפס".

אן אינטערעסאנטע באשרייבונג האב איך אנומעלטען געלייענט פון א שיקאגא'ר בחור'ל, וועלכער איז געוועזן א ליידענשאפטליכער פול שפיע־לער. ער פלעגט פארדיענען א פיער פינף דאלאר א וואך פון פול. קיין בעסערע שטעלע האט ער פאר זיך ניט געזוכט.

מיט'ן איינברוך פון דער מלחמה האבען די „פול רומס" פון זיך אליין אנגעהויבען דעם חן ביי די שפיעלער. דאס רוב פון זיי איז אוועק אויף ארבייט, אפילו זיינען אוועק אויף דער מלחמה און די „ביזנעס" פון דעם דערמאהנטען שיקאגא'ר חברה מאן האבען אנגעהויבען צאנקען.

איז ער אויך אוועק אין א פאבריק ארבייטען — „דא, אין דער פא־בריק, דערצעהלט דער בחור'ל — האב איך צום ערשטען מאל אין מ לעבען זיך דערוואוסט, אז ארבייטען איז בעסער, אנגענעהמער, איידער ארומלויפען און שלעפען „גרינהארנס" אין די פול רומס. איך האב גאר נישט ערווארטעט אז אין די פאבריקען האלטען זיך די ארבייטער אזוי פריינדליך איינס צום אנדערען און אז די יאגעניש צו ארויפארבייטען זיך מעהר און גרעסער ווי דער אנדערער, איז ניט ערגער ווי אן אנדער „רייס" (וועט לויף). דער עיקר אבער וואס מיך פרעהט איז דער פאהגעניגען וואס יעדער פראדוצירער פיהלט. דאס איז אזא פארגעניגען וואס ביז איצט האב איך דאס ניט געפיהלט".

אז ער פארדיענט אכטצעהן דאלאר א וואך, אנשטאט די פריהערדיגע פינף — דאס דערמאהנט ער בלויז פארביגעהענדיג, ווי די קלענסטע איכ־ווייכטיגקייט.

אט דיזעהר בחור'ל איז איינער פון זעהר פיעל אנדערע אינגלעך און בחורים'לעך, וואס האבען זיך איצט ארויסגעדרעהט פון דער „ליידיגגעהער פראפעסיע", פון באשעפטיגונגען מיט א צווייפעלהאפטען כאראקטער און זיינען געווארען נוצליכע ארבייטער.

פון אן אנדער אזא בחור'ל ווערט דערצעהלט, אז ער האט פיער יאהר געארבייט אין א „טאנין זאל". (הוקא אין געגזען פיסלער). די עלטערען פלעגען זיינען פאר איהם ער זאל פון דעם טאנין זאל אוועקגעהן, ווייל עס איז זיי געווען ניט לכבוד (דער פאטער איז א מלמד). דער בחור'ל האט אבער זיך ניט צוגעהערט צו די בקשות פון זיינע עלטערען.

אין דעם טאנין זאל האט ער פארדיענט פון 5 ביז 8 דאלאר א וואך. שפעטער איז ער אוועק אין א זאקען שטריקעריי.

די מלחמה האט רואינירט די „טאנין זאל", האט אבער אין דער זא־קען פאבריקאציע פארורזאכט א גוואלדיגע פראספעריטי.

אין צוויי יאהר צייט האט ער פונדעסטוועגען אפגעשפארט ניט מעהר ווי פיער הונדערט מיט 90 דאלאר. איז ער אוועק, צוגענומען נאך איין שותף מיט פינף הונדערט דאלאר. זיי האבען אפגעארבייט אינאיינעם ביי א קליינער זאקען פאבריק איין יאהר צייט. דער ערשטער האט נאכדעם ארויסגעצאהלט זיין שותף און אין דעם פיערטען יאהר האט ער זיך אזוי ארויפגעארבייט אז מען וויל איהם איצט געבען טויזענדער דאלארס ריינעם פראפיט.

וואלט ער געווען געמאכט אזא פאפיט אין זיין טאנין זאל, א פרא־פיט פון לערך 5—6 טויזענד דאלאר. חוץ וואס ער האט געלעבט דריי, אדער פיערטהאלבען יאהר זעהר באקוועם, האט אויסגעהאלטען די עלטע־רען און האט — חוץ דעם אלעמען — זיך אויסגעלערנט א טרייד און זיך אויסגעלערנט צו פיהרען א פאבריק?

דער איין בחור'ל ווארפט נאכדעם אן א חשק אויף הונדערט אנדערע.

דער דאזיגער יונגער זאקען־פאבריקאנט האט אליין צו זיך אריינגע־נומען זיינע פריהערדיגע חברים און פון זיי לייט געמאכט.

די יונגע באיעס, וואס פלעגען אמאל מעהר זיין אין די גאסען איידער אין דר'היים, וואס פלעגען פריהער שפילען „קרעפס" זיינען איצט באשעפ־טיגט ביי נוצליכער ארבייט.

## הומאר און וויץ

### א וויציגער טרייעל

א גנב איז געשטאנען פאר'ן גערוכט און זיין אדוואקאט לעבען איהם.

— מיינע הערען! — האט דער אד־וואקאט געזאגט אם ענדע פון זיין לאנ־גער רעדע. נאך אלע באווייזע קענען מיין קליענט האט איהר זיך איבערצייגט דאס ער איז ניט אין גאנצען. דאס הייסט ניט מיט דעם גאנצען קערפער ארייגגעדרונ־גען אין הויז, איך פאדער און בעט דא־רום פון אייך איהר זאלט איהם פריי שפרעכען.

דער ריכטער האט דאן ערקלעהרט די געשווארענע דאס אויב זיי דענקען דאס ניט דער גאנצער גנב איז ארייגגעדרונ־גען ביי נאכט אין הויז צו גנב'ענען, דאן מעגען זיי ערקלעהרען פאר שולדיג יע־נע טיילען קערפער וועלכע זיי ווייסען זיינען שולדיג.

די געשווארענע, נאך א קורצער בא־ראטהונג, האבען געפונען דאס די רעכ־טע האנד, דער רעכטער שולטער און דער קאפ זיינען שולדיג אין גנבה. דער ריכטער האט דאן ארויסגעגעבען זיין אורטייל דאס די רעכטע האנד, דער רעכטער שולטער און דער קאפ פון דעם שולדיגען זאלען פארשיקט ווערען אויף פינף יאהר שווערע ארבייט. „און מיט די איבעריגע טיילען פון זיין קערפער" — האט דער ריכטער געענדיגט — מעג ער טאן וואס ער וויל".

### דער בעסטער פריינד

ריכטער — ווייט איהר מיט דעם קברות מאן, אייער עדות, באפריינדעט?

אנגעקלאגטער — ער איז מיין בעס־טער פריינד. דען ער האט מיינע צוויי ווייבער באגראבען.

### א לייכטע שטראף

ריכטער (צו דער אנגעקלאגטער, וועל־כע איז אן אלטע מויד) — איך פאר־אורטייל אייך צו זיצען 3 מאנאטען.

אנגעקלאגטע — איך בין שוין צום זיצען געוואוינט געווארען.

### וואס העלפט דאס

ריכטער — ווי איז דאס אייך געווען מעגליך אזא גרויסע אייזערנע קאסע אוועקצוטראגען?

אנגעקלאגטער — וואס העלפט דאס ווען איך וועל אייך ערקלעהרען, איהר וועט עס דאך ניט קענען אויספיהרען.

### א גוטער אנטוואָרט

מיכאל — וואס טוט „בני גרשון" דעם יעניגען וועלכער איז עובר אויף זיין חרם? אז מען נעהמט צוויי ווייבער.

— רפאל — ער טוט גארנישט! נור דער דושאריש זאר א מיתה איינגעהמען טוט אן צרות.

## מוטערשאפט - בענעפיטס אין פארשידענע לענדער.

(צוגעשיקט צום „וועג" פון „רויטען קרייץ" אין וואשינגטאן)

וועגען מוטערשאפט - פארזיכערונג איז שוין געטאן געווארען כמעט אין אלע ציוויליזירטע אינדוסטריעלע לענדער. אין דעם רעפארט, וואס די קינדער־ביורא פון דעם לייבאר דעפארטמענט האט נאראוואס אפגעדרוקט, ווערען ארומגערעדט די פאר־שידענע פארזיכערונגס סיסטעמען אין אוסטראל עסטרייך, דענעמארק, פראנק־רייך, דייטשלאנד, איטאליען, ענגלאנד, לוקסעמבורג, האלאנד, ניו־זעלאנד נאר־וועגען, רוסלאנד, שוועדען און שווייץ. דערהויפט ווערט אין רעפארט ברייט ארומגערעדט די ענגלישע סיסטעם דער־פאר, וואס אינדוסטריעל שטעהט ענג־לאנד אזוי נאהענט צו אמעריקא און אויך דערפאר וואס די ענגלישע סיסטעם איז זעהר גוט צוגעפאסט צו די נויטען פון די ארבייטער פרויען.

באַראנען דריי סיסטעמען פון מוטער־שאפט - פארזיכערונג. איינע, וואו די מוטער קריעגט ניט קיין מזומנ'ע געלט, נאר ווערט באזארגט מיט מעדעצינישע הילף דורך גוטע דאקטוירים און נויך־סעס. אלס א טיפישע ביישפיעל ווערט געבראכט ניו־זעלאנד. א צווייטע, וואו דער שטאט צאהלט א געוויסע סומע געלט דער פרוי, אין אוסטראליע, למשל, $25. די דריטע סיסטעם איז די, וועלכע איז איינגעפיהרט אין ענגלאנד, וועלכע באשטעהט אין דעם וואס עדר ארבייטער, דער „ארבייטס"- געבער און אפט אויך דער שטאט ביישטייערן אלע צום פאנד וועלכער זארגט פאר די מוטערס, סיי מיט מעדיצינישער הילף, סיי מיט געלט און באזארגט אויך פאר א היים פארן ניי געבארענעם קינד.

מיט דער אויסנאמע פון ניו־זעלאנד, ווערט עס אין א גלייכער מאס געזארגט פאר מיידלאך־מוטערס פונקט ווי פאר פארהייראטע פרויען.

• פארן יאהר 1913-14 איז אין אוו־סטראליע אויסגעצאהלט געווארען העבער פון 3 מיט א פערטעל מיליאן דאלאר אלס מוטערשאפט־בענעפיט, וואס דאס איז מעהר פון 3 פראצענט פון דער גאנצער רעגירונגס הכנסה פון אוסטרא־ליע.

אין פראנקרייך צאהלט די פעדעראלע רעגירונג אויס איין מיליאן דאלאר יעדען יאהר, און די לאקאלע רעגירונג נאך איין מיליאן דאלאר יעדען. די דייטשע רעגי־רונג האט פאר דער צייט פון דער מלחמה אויסגעצאהלט 5 מיליאן מארק אלס מו־טערשאפט־בענעפיטס יעדען מאנאט.

די ענגלישע פארזיכערונגס־סיסטעם באווייזט אונז, ווי נאהענט דאס עקאנא־מישע לעבען איז פארבונדען מיטן גע־זעלשאפטליכען געזונט. דערפאר וואס אן ארבייטארין קאן זיך ערלויבען אויף צוהערען ארבייטען אין דער צייט פון איהר שוואנגערשאפט, קומט עס פערצו, אז זי מוז אויסשטעהן יעדע ריזיקע אין א צייט ווען דאס איז זעהר געפעהרליך. פאר איהר, ווען זי ווערט אבער גע־שטיצט פון דער רעגירונג קאן זי זיך פארגינען אפצורוהען א פאר וואכען, לע־בען היגיעניש אין יעדען פרט און אין אלגעמיין האבען די מעגליכקייט אויסצו פאלגען די עצות פון איהר דאקטאר.

באטש פראנקרייך און ענגלאנד זיינען לכתחילה געווען געגען א געצוואונגענער פארזיכערונג - סיסטעם, פונדעסטוועגען האבען זיי. נאך דעם אינטערנאציאנא־לען קאנגרעס וועגען סאציאלער פארזי־כערונג, וועלכער איז פארגעקומען אין רוים אין 1808, צאגעשטימט צו דעם און אזוי איז איצט די טענדענץ אומעטום, אין יעדער לאנד, וואו מען האט נאר גע־מאכט א פרוב מיט מוטערשאפט - פאר־זיכערונג איז מען אומעטום געגאנגען ווייטער און אין ערגעץ א נאך קיין איין פרוב ניט אויפגעגעבען געווארען.

דער דערמאנטער רעפארט רעדט ברייט ארום יעדע פון די עקזיסטירענדע סיסטעמען פון פארזיכערונג און גיט די פולסטע אינפארמאציע וועגען דער גע־שיכטע און ענטוויקלונג פון מוטער־שאפט־פארזיכערונג.

## שפריצען!

אונזער ברודער מארגענטהוי איז אפאינטעט געווארען אלס אמבאסאדאר נאך מעקסיקא.

עס קלינגט אזוי ווי פרעזידענט ווילסאן וואלט געזאגט צו מעקסיקא: אידען זאלען מיט אייך האנדלען ניט קיין גוים...

---

די רייכע פאריזער פרויען האבען אנ־געפאנגען צו טראגען דיאמאנטען אין די קנאפען פון זייערע שיך.

דאס צייגט ווי די אריסטאקראטיע האט זיך דעמאקראטיזירט. זיי האבען זאגאר די דיאמאנטען זייערע ארונטער־גענוצט פון זייער גרויסקייט. די דע־מאקראטיזירונג איז אבער נאך ניט קיין פאלשטענדיגע. ביז די נעדיגע ליידיעס ערען די קנאפעל ניט אנהענגען אויף זייערע ברוסטען.

---

די הענקער אין ענגלאנד פאדערען א רעיז. זיי קענען אין דעם איצטיגען יקרות קיין לעבען ניט מאכען פון הענ־גען מענשען.

זייער פאדערונג איז: ענטוועדער העכ־ערע פרייזען, אדער מעהר מענשען צום הענגען.

---

עס ווערט באהויפטעט, אז אין דעם נעקסטען יאהר, וועט מען קענען באזע־צען דרייסיג טויזענד אידען אין פאלעס־טינא און אזוי ווייטער, יעדען יאהר נאך עטליכע צעהנדליג טויזענד.

קויט די איצטיגע פאלשע משיחים, איז דאס גאר ניט אזוי שלעכט, אבער דערפאר ווען דער אמת'ער משיח וועט קומען וועט זיך שוין געפינען פלאץ אין פאלעסטינא פאר אלע אידען מיט אמאל.

---

סענאטאר טיליאמס האט אין א רעדע ערקלערט, אז ער וואלט בעסער געוואלט זיין א הונט, וואס בילט אויף דער לבנה איידער זיצען א צווייטען טערמין אין סענאט.

דער סענאטאר האט מיט זיין בילען אויף דעם סענאט געצייגט אז ער וואלט געוועהן א סוקסעס אלס בילער אויף דער לבנה...

---

**אגענטען פארלאנגט.** ווענדעט זיך גלייך פערזענליך פאר אלע פארטי־קולערס וועגען אונזער גרינג פארקויי־פענדען סאב דיוויזישאן.

מיר האבען פלאץ פאר צוויי גוטע סיילסמען און איין סיילסליידי פאר פולע פרטיקלארס ווענדעט זיך גלייך צו מר. קארבינ פון

טעלעפאן ווינדאר 615 (20

# דער וועג

**The Detroit Jewish Daily**

Published Daily by WEG PUBLISHING CO.

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

347-49 HASTINGS STREET Telephone Main 3716

Published and distributed under permit No. 170 authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. — DETROIT, MICH., Wednesday, April 21st 1920 Vol. 2, No 58 — מיטוואך, אפריל 21, 1920


# שיקאגא'ר סטרייק ווערט היינט צוריקגערופען

## ערשטער טאג פון רענט-פארהער ברענגט א זיעג פאר טענאנטס

אז אין דעטראיט קומט פאר א גרויסע ספעקולאציע אין פארדינגען הייזער, אין קויפען און פארקויפען אפארטמענטס און אויפגעבלאזענעם רענט, איז קלאהר באוויזען געווארען אין דעם ערשטען טאג פון פארהער, וואס איז פארגעקומען פארן שטאדט קאונסיל מאנטאג.

דעם ערשטען זיצונג האבען גנהאט 12 טענאנטס, וועלכע וואוינען אין דעם הויז פון ס. גאלדבערג, אויף וואטערלו סט., ווען דער אינגענטימער האט צוגעזאגט דעם קאונסיל, דאס טענאנטס וועלען קענען פארבלייבען אין זייערע וואוינונגען נאך 30 טעג און צאהלען דעם ביז איצטיגען רענט. דער דאזיגער לענדלארד האט ארויפגעצויגען די רענט פון 37 דאל אויף $90 גאלדבערג, דער לענדלארד, האט געזאגט, אז די הויכע רענט איז פון איהם באשטימט געווארען, כדי צו באוויזען די טענאנטס ארויסצוציהען זיך. קאונסילמאן נאגעל האט באמערקט, דאס די רענט וואלטען דעם דאזיגען לענדלארד אריינגעבראכט 30 פראצענט אויף דעם קאפיטאל, וואס ער האט „אינוועסטעט"-אינ'ם הויז.

דער פארהער האט זיך אנגעפאנגען מיט די קלאגעס פון די טענאנטס, וועלכע וואוינען אין לינקאלן סקוועער אפארטמענט, 1550 פארק סט. וועסט.

ברוס פראנגער, א טענאנט, האט דערצעהלט, אז די רענט איז איהם געהעכערט געווארען פון $40 אויף 75 דאלאר. ער האט געזאגט, אז לעצטען יאהר האט ער ערהאלטען א בריעף פון דער קאמפאניע, אין וועלכען מ'האט איהם פארזיכערט, אז רענט וועט ניט געהעכערט ווערען צו די דאזיגע טענאנטס, וואס וואוינען אין דיעזען אפארטמענט.

מר. סמיליאנסקי, וועלכער האט אויף דעם פארהער פארטראטען די קאמפאניע, האט ערקלערט, אז דער בריעף איז ארויסגעשיקט געווארען צו די טענאנטס, כדי זיי זאלען בלייבען וואוינען אין דיעזען אפארטמענט און די קאמפאניע זאל זיין בכח צו צאהלען די פראצענטען. ער האט דערצעהלט, אז די קאמפאניע האט אין בויען דיעזען אפארטמענט אויסגעגעבען $400,000 קעש און זי האט גענומען א מארגיידזש אויף נאך 400 טויזענט דאלאר. ער האט ווייטער געזאגט, אז די קאמפאניע האט געמאכט א פעהלער מיט דעם, וואס זי האט ניט געהעכערט קיין רענט.

### זאגט קאונסיל מאכט א פעהלער מיט קריטיקירען לענדלארדס

מר. סמיליאנסקי האט געזאגט, אז דער קאונסיל מאכט א פעהלער מיט'ן פארהער. „די הייגע באפעלקערונג וועט זיך פארגרעסערען אויף א האלבען מיליאן אין די נעקסטע פינף יאהר — האט ער געזאגט — און דיעזע אגיטאציע געגען די לענדלארדס וועט ענטמוטיגען דאס בויען פון הייזער. מיר האבען אונזער גאנצען קאפיטאל אריינגעלעגט אין די הייזער, און דא געפינען זיך איצט מיליאנערען, וועלכע הערען מיינע איצטיגע רייד און וועלכע דארפען ניט צאהלען קיין 10 פראצענט און זיי וואלטען געקענט פארבעסערען די לאגע, אבער זיי ווילען עס ניט טאן".

„וואס איז אייער מיינונג וועגען דער איצטיגער לאגע", האט מר. ברענען, וועלכער האט אנגעפיהרט דעם פארהער, געפרעגט ביי מר. סמיליאנסקי.

„בויט וואס מעהר הייזער — האט סמיליאנסקי געענטפערט — איהר, געלט מענשען, מוזט עס טאן".

„האלט ניט אייערע אויגען אויף מיר, ווען איהר זאגט עס" האט זיך אפגערופען קאונסילמאן.

אין דיעזען מאמענט האט זיך געפיהלט, אז דער פארהער האלט ביי א זורכפאל. מעיאר קאוזענס האט דאן איבערגענומען דעם פארהער.

„דער פארהער האט אנגענומען א ריכטונג, וועלכע איך האב ניט געהאט אין זינען, ווען איך האב געבעטען פאר דיעזען פארהער — האט קאוזענס געזאגט — די פראגע איז, צו די העכערונג אויף די רענט איז בארעכטיגט. דאס איז דאך דער הויפט פונקט. מיר מוזען דא באשטימען, צו די רענט, וואס ווערען איצט געפאדערט, לויט דעם אריינגעלעגטען קאפיטאל".

דער מעיאר איז ווארים אפלאדירט געווארען פון די טענאנטס, וואס האבען זיך געפונען אין דעם קאונסיל.

איך האב ניט געמיינט צו קריטיקירען די לענדלארדס — האט קאוזענס פארגעזעצט — ווען איך האב דעם פארהער געפאדערט. איך האב געוואלט קלאהר ווערען וועגען די פיעל קלאגעס פון הויכע רענט, צי זענען ריכטיגע, אדער ניט".

### מיטינג פון די שערהאלדערס פון „וועג"

וועט אפגעהאלטען ווערען היינט מיטוואך אווענד (8 א זייגער) אין עטינגערס האל.

עס וועלען ארומגערעדט ווערען פארשיעדענע פראגען וואס דארפען אינטערעסירען די בעניגע וואס זיינען פאראינטערעסירט אין דער צייטונג.

## ד'אנונציא ארגאניזירט ליעג פון אונטערדריקטע פעלקער

פיומע, אפריל 20. — גאבריעל ד'אנונציא, איטאליענישער פאעט, וועלכער איז לעצטענס באריהמט געווארען מיט זיין קאמף פאר א פרייער פיומע, האט אן אנגעפאנגען צו פארמירען אן אנטי-ליעג פון נאציאנען, וועלכע באשטעהען פון מינאריטעטען און אלע לענדער פון אונטערדריקטע פעלקער. ער רופט צונויף א קאנפערענץ אין פיומע דעם קומענדען 15-טען מאי, ס'ווערען ערווארטעט דעלעגאטען פון מצרים, אירלאנד, טערקיי, פערסיען, אונגארן און אינדיען.

דאנציג און אויך די טערקען און עגיפטיאנער, די הינדוסען און די פעלקער פון דאלמאציע, קראאטיע, וואלטא, מאראקא, סידיען, פאלעסטינא, קובא און פאנמע. די נייע ליעג וועט זיין א בונד פון דעמאקראטיע, באזירט אויף דעם פרינציפ פון זעלבסט-באשטימונג און קאמוניזם, אבער אהן די שרעקליכקייטען פון באלשעוויזם".

וועגען באלשעוויזם האט ד'אנונציא'ס מיניסטער-געזאגט, אז דער איטאליענישער פאעט האט באנוצט די גוטע פינקטען פון באלשעוויזם און זיין קאנסטיטוציע און אפגעווארפען די שלעכטע פונקטען. דער פאעט גלויבט אין א גרויסען נאציאנאלען גאסט, וועלכען די באלשעוויקעס וואלטען פארניכטעט. מיר האבען אויסגעקליבען פאר אונזער ליעג א פאהן מיט א רויטען פעלד און גאלדענעם שלאנג, וועלכע באצייכענען רעוואלוציע און אייביגקייט".

יאן קאכניטסקי, ד'אנונציא'ס „אויסערן מיניסטער" האט פאר צייטונגס לייט געזאגט פאלגענדעס:

„מיר וועלען אריינגעהמען אין אונזער ליעג די אלע פעלקער, וועמען די שלום קאנפערענץ האט איבערגעגעבען אונטער'ן יאך פון אנדערע פעלקער. מיר וועלען אריינגעהמען די דייטשען פון דעם סאאר געגענד, פון עסטרייך און

## נארמאלע עקאנאמישע באדינגונגען אומעגליך אהן רוסלאנד, זאגט [illegible]ערדעס

ניו יארק, אפריל 20 — סער אוקלאנד געדעס, ענגלישער אמבאסאדאר, איז נעכטען אנגעקומען אין היגען פארט. ער האט פאר צייטונגס לייט ארויסגעגעבען א סטייטמענט, אין וועלכען ער באריהרט אויך די רוסישע פראגע.

וועגען רוסלאנד האט ער געזאגט, אז די עקאנאמישע באדינגונגען פון דער וועלט [illegible] גרויסער יקרות קענען ניט [illegible] פארבעסערט און נארמאל ביז רוסלאנד וועט ניט צוריק אומקעהרען זיך צו א פראדוצירענדער און האנדעלס נאציע. ער האט צוגעגעבען, דאס די פאראייניגטע שטאטען און ענגלאנד זענען אין א פארשטענדניש וועגען דער פראגע פון האנדלען מיט רוסלאנד.

### גאמפערס פיהרט אן קאמף פאר 7 שטונדיגען ארביטס טאג.

קליוולאנד, אפריל 20. — אויף דער קאנווענשאן פון דער אינטערנאציאנאלער סיגאר-מאכער יוניאן איז נאך א לאנגען קאמף אנגענומען געווארען א רעזאלוציע, וועלכע פאדערט א 7 שטונדיגען ארבייטס טאג פאר אלע מיטגליעדער פון דער יוניאן, אהן אן אנטערשייד אין וועלכען לאנד זיי ארבייטען.

סעמיועל גאמפערס, פרעזידענט פון דער אמעריקען פעדערייטשאן אוו לייבאר און וויס פרעזידענט פון דער סיגאר-מאכער יוניאן האט גענומען א גרויסען אנטייל אין דער זעבאטע לטובת דער אנגענומענער רעזאלוציע.

### באריכט פון ענטדעקטער פארשווערונג אין איירלאנד

לאנדאן, אפריל 20. — די „איווינינג סטאנדארד" האט נעכטען פארעפענטליכט א באריכט, אז די ענגלישע רעגירונג האט באקומען אינפארמאציעס וועגען א פארשווערונג ארויסצורופען רעוואלוציעס אין איירלאנד, אינדיען, מצרים און [illegible]ענגערע.

די צייטונג רופט אן נעמען פון הויכע פערזאנען, וועלכע זענען אויסגעקליבען געווארען פון די פארשווערער אטאקירט צו ווערען. צווישען דיעזע פערזאנען געפינען זיך, דער פרינץ אוו וויילס, לאיד דזשארדזש, ענגלישער פרעמיער סער אוקלאנד געדעס, ענגלישער אמבאסאדאר אין אמעריקא, ע. ס. מאנטאגיו, סעקרעטאר. יבער ינדיען, א. באלפור, געוועזענער ויסערן מיניסטער.

שיקאגא, אפריל 20 — דער סטרייק פון די שיקאגא'ר סוויטשמען, וואס האט זיך אנגעפאנגען מיט דריי וואכען צוריק און זיך פארשפרייט איבער'ן גאנצען לאנד, וועט מיטוואך (היינט) צוריקגערופען ווערען. דער דאזיגער באשלוס איז אנגענומען געווארען אויף א מיטינג פון די סטרייק פיהרער היינט אין דער פריה. זיי זאגען, אז זיי האבען שוין סאיווי געהאט א זיעג איבער די ריילראדס און די בראדערהודס, אבער אין דער זעלבער צייט ווילען זיי מעהר ניט שטעהן אין קאמף מיט דער רעגירונג וועלכע פארשפרעכט גוט-צו-מאכען די עולות געגען זיי.

זייער סטייטמענט וואס זיי האבען ארויסגעגעבען נאכ'ן מיטינג, לעזט זיך ווי פאלגט:

„אזוי לאנג ווי מיר האבען געקעמפפט מיט די אייזענבאהן קאמפאניעס און די „בראדערהודס", זיינען מיר געווען גרייט צו ברענגען אלע קרבנות פאר אונזער גערעכטער זאך, אבער אזוי ווי יעדער מיטגליעד פון[illegible] נייער יארדסמען אסס'ן איז א פולבלוטיגער אמעריקאנער, ווילען מיר זיך ניט שטעלען געגען אונזער רעגירונג".

עס איז זיכער, אז דער באשלוס פון די שיקאגא'ר סטרייקער וועט האבען א ווירקונג אויף די באהן-סטרייקער פון גאנצען לאנד.

דזשאהן גרענאו האט ערקלערט, אז יעדער פארזוך וועט געמאכט ווערען פון די סטרייק-פיהרער צו ווירקען אויף די סטרייקער זיי זאלען זיך אומקעהרען צו דער ארבייט. און צוליעב דיעזען צוועק וועט פאררופען ווערען א מאס-מיטינג אויף מיטוואך אין דער פריה.

ריכטער לאנדעס און יונייטעד סטייטס דיסטריקט אטורני קליין וועלען אדרעסירען דיעזע פארזאמלונג.

די סטרייקער וועלען אויפגעפאדערט ווערען זיך אומצוקעהרען צו דער ארבייט אום ניט צו פארליערען די עפענטליכע מייגונג, וועלכע איז יעצט אויף זייער זייט, און צו געבען דער רעגירונג א מעגליכקייט צו שליכטען דעם סכסוך אויף א צופרידענשטעלענדען אופן.

## ציוניסטישע קאמיסיע פארלאנגט באשטראפונג פון אראבישע „כוליגאנעס"

דער היגער רב רבי לעוין האט ערהאלטען א ספעציעלע טעלעגראמע פון דער מזרחי-ביורא פון ניויארק, אין וועלכער עס ווערט איבערגעגעבען, אז לויט א קייבעל וואס די ביורא האט ערהאלטען פון דער ציוניסטישער קאמיסיע אין [ירו]שלים, דאטירט „ביירוט 10-טען אפריל", זיינען אין די לעצטע צוזאמענשטויסען, צווישען אידען און אראבער אין ירושלים, פינף אידען דערהרג'עט געווארען, הונדערט פארוואונדעט און צוויי פרויען פארגוואלטיגט.

אין דער קייבעל ווערט געזאגט, אז די בריטישע אדמיניסטראציע אין פאלעסטינא איז געווען גלייכגילטיג צום ברוטאלען אנפאל פון די אראבער אויף אידען, טראץ דעם, וואס די ציוניסטישע קאמיסיע האט פריהער געווארנט דער אדמיניסטראציע, אז א צוזאמענשטויס האלט ביים אויסבדעכען. די בריטישע אדמיניסטראציע האט אויך צוריקגעוויזען דער פארלאנג פון דער ציוניסטישער קאמיסיע, צו עטאבלירען א זעלבסט-שוץ און אייניגע מתעסקים פאר א זעלבסט-שוץ זיינען ארעסטירט געווארען.

די ציוניסטישע קאמיסיע האט אריינגעשיקט א פארלאנג צו דער אדמיניסטראציע, אז די אראבישע פאגראמטשטשיקעס זאלען באשטראפט ווערען און די לאקאלע באאמטע זאלען ארונטערגעזעצט ווערען.

די ציוניסטישע עקזעקוטיווע האט אריינגעשיקט א פאדערונג צו דער בריטישער רעגירונג, אז עס זאל באשטימט ווערען [א] ספעציעלע אונטערזוכונגס-קאמיסיע, אין וועלכער עס זאלען אויך זיין אנגעשלאסען אידישע פארטרעטער, וועלכע זאל אויספארשען די לעצטע געשעהנישען אין פאלעסטינא. עס איז נאך דערוויילע ניט באקאנט, צו די ענגלישע רעגירונג וועט באוויליגען דער דאזיגען פארלאנג. דאס וועט ערשט באקאנט ווערען אין א פאר טעג ארום.

די ענגלישע רעגירונג האט ארויסגעגעבען אן ערקלעהרונג, אז זינט דעם 10-טען אפריל הערשט אין ירושלים פאלשטענדיגע רוה. זי גיט אבער צו, אז זי קען ניט גאראנטירען וואס ווייטער וועט זיין.

אין דער זעלבער צייט שיקט די ציוניסטישע קאמיסיע ארוים א ווארנונג צו אלע ציוניסטען און ציוניסטישע פאראיינען, מען זאל ניט זיין פארצווייפעלט, ווי באדויערנסווערט די לאגע זאל ניט זיין, אין דיעזען ערנסטען מאמענט מוזען די ציוניסטען בפרט און אלע אידען בכלל געדענקען, אז א לאנד ווערט אנדערש ניט ערא[ב]ערט, נאר מיט בלוט. נאך א זאך דארפען אידען געדענקען: דער צוזאמענשטויס אין פאלעסטינא איז ניט געווען דאס, וואס א פאגראם אין אוקראינא אדער אין פוילען. דארטען האבען אידען זיך געגעגנגעשטעלט און טראץ דער אנטיפאטיע פון דער ענגלישער אדמיניסטראציע געגען א אידישען זעלבסט-שוץ, האבען דאך די ירושלים'ער אידען זיך ניט געלאזט גלייכגילטיג אויסקוילענען פון די מערדערישע אראבער.

די צוקונפט פון פאלעסטינא אלס אידישע היימלאנד, העננט ניט אן דעם חסד פון די אראבער און אפילו ניט אן דעם חסד פון דער ענגלישער רעגירונג, נאר אויף דעם ווילען פון דעם אידישען פאלק צו אויפבויען א אידישע היים אין פאלעסטינא אונטער אלע אומשטענדען. דאס עקשנות פון דעם אידישען פאלק צו קריגען פאלעסטינא דארף נאך יעצט פאר שטארקט ווערען און זאלען די שונאים פון ציון זעהן, אז דאס אידישע פאלק איז גרייט צו ברענגען קרבנות, אויב נויטיג, פאר זיין באפרייאונג.

## גרויסער שטורם אין צוויי שטאטען

דער גרויסער רעגען מאכט אומעגליך אנצוגעהן מיט דעטוגגס ארבייט.

בעי ספרינגס, מיסיסיפי, אפריל 20, — דיעזע שטאדט איז פאקטיש אפגעוויסט געווארען פון דער מאפ, אלס רעזולטאט פון גרויסען שטורם, ארום 15 מענשען זיינען טויט און די מעהרסטע הייזער זיינען אין חורבות פארוואנדעלט געווארען.

אבערדין, מיסיסיפי, אפריל 20 — 10 פערזאן טויט און אומגעפעהר הונדערט פארוואונדעט, איז דער רעזולטאט פון'ם שטורם. דער פארלוסט פון אייגענטום ווערט געשאצט ביז $500.000.

ניו אלבאני, אפריל 20 — אין דער שטערטעל אנאמא זיינען 6 פערזאן דערהרג'עט געווארען און 4 האבען פארלוירען זייערע לעבענס אין דעם ווילעדזש בייקער. אלע דראט-פארבינדונגען זענען איבערגעריסען.

ענהליכע באריכטען קומען אן פון ווילימסאן קאונטי, טענעסי, און פון קאלאמבוס, מיסיסיפי.

בוירמינגהאם, אלא, אפריל 20 — וועניגסטענס פערציג מענשען זיינען טויט אין מיטעל און גאנצען פארניכטעט און א גוואלדיגער אייגענטום פארלוסט, איז דער רעזולטאט פון א שרעקליכען שטורם-ווינד וואס האט זיך היינט אריינגעריסען אין אייניגע טיילען פון מיסיסיפי און טענעסי סטייטס.

דער גרעסטער פארלוסט פון לעבענס איז באריכטעט געווארען פון גלענן, מיסיסיפי, וואו 8 מענשען זיינען דערהרג'עט געווארען.

טעלעגראפישע און טעלעפאנישע פארבינדונגען מיט יענע פלעצער, וואו דער שטורם האט געבושעוועט, זיינען איבערגעריסען געווארען. דער פארלוסט פון אייגענטום איז נאך דערווייל ניט אפצושאצען.

מערידאן, מיסיסיפי, אפריל 20 — באריכטען פון די איסט און וועסט אומגעגענדען. פון דיעזער שטאדט, ווייזען אז ניט ווייניגער ווי 25 מענשען זיינען דערהרג'עט געווארען פון גרויסען שטורם וואס האט זיך אנגעפאנגען ארום 12 אזייגער היינט (נעכטען) מיטאג צייט.

## 30 טויזענד ארבייטער ארויסגעשטויסען פון פארד-פלענטדורך סטרייק

30 טויזענד ארבייטער ארויסגעשטויסען פון פארד פלאנט, צוליב באהן-סטרייק

נעכטען אין דער פריה זיינען 30 טויזענד פארד-ארבייטער געבליבען אהן ארבייט, אלס רעזולטאט, וואס די פארד קא, האט באשלאסען אפצושטעלען הונדערט פראצענט ארבייט אין איהר הויפט פלאנט.

דער פארד פלאנט איז ביז היינט געווען איינער פון די עטליכע גרויסע פלאנטס וועלכע האבען ניט אפגעשטעלט די ארבייט דורך. דער אפשניידונג פון עלעקטריציטעט פון דער עדיסאן קא, ווייל זיי האבען גראדע געווג אייגענע קויהלען און בכלל באנוצט ניט די פארד קא., די פאוער פון דער „דעטראיט עדיסאן".

די אורזאכע פון דער 50 פראצענטיגער ארבייטסלאזיגקייט ביי פארד'ן איז א גאנץ אנדערע. זיי האבען זיך ניט וואו א היין צוטאן מיט די פארטיגע פראדוקטען, ווייל קיין פראכט טריינס געהען ניט און דער גאנצער פארקעהר איז נאך אלין פארקריפעלט, טראץ דעם, וואס די קאמפאניעס, באריהמען זיך, אז לעצטענס איז שוין דער פארקעהר אביסעל בעסער, א דאנק די „וואלונטירען". (סטרייק ברעכער).

אין דער זעלבער צייט ווערט באריכטעט פון אלע אנדערע פעקטארים, אז צו פארדאנקען דעם פאקט, וואס די עדיסאן קא. האט נעכטען וויעדערמאל אנגעהויבען געבען עלעקטריציטעט ביז פערציג פראצענט פון איהר נארמאלען „סופלאי" זיינען ארום הונדערט טויזענד ארבייטער צוריק אין די פעקטארים. 50 טויזענד זיינען נאך אלץ ארבייטסלאז.

### מאב היינגט ארעסטירטען ניגער

פיטסבורג, קענ., אפריל 20. — א מאב פון טויזענט פערזאן האט נעכטען ארומגערינגעלט די געפענגעניש אין מאל-בערי, ניט ווייט פון פיטסבורג, און האט ארויסגענומען פון דארטען אן אונבאקאנטען נעגער און איהם אויפגעהאנגען אויף א טעלעפאן סלופ. דער נעגער איז מיט נאך איינעם, א ווייסען, ארעסטירט געווארען אויף דער קלאגע פון אנגריי-פען א ווייס מיידעל. דער מאב האט קיין פארזוך געמאכט צו אטאקירען דעם ווייסען, וועלכער ווערט באשולדיגט אויף דעם זעלבען פארברעכען.

**אוים מאנגעל אין פאפיר זיינען מיר געצוואונגען ארויסצוגעבען דעם „וועג" אין פיער זייטען. די אדמיניסטראציע וועגט דעם אן אלע מיטלען, אז די נעקסטע נומערן זאלען וויעדער ערשיינען אין 6 זייטען ווי פריהער.**

**נישט קוקענדיג דערויף וואס די צייטונג איז פארקלענערט האבען מיר אבער נישט פארקלענערט די לעזע שטאף.**

## די. י. אר. פארשפרעכט צוצובויען נאך ליינס

דער פרעזידענט פון דער די יו אר, מר. פ. א. ברוקס, האט נעכטען צוגעשיקט א בריעף צו דער ריילוועי קאמישאן, אז די קאמפאניע איז ווילליג צו מאכען פינף אויסברייטערונגען אין איהרע ליינס און ספענדען די סומע פון $1,500,000 פאר נייע מאדערנע קארס.

דער דאזיגער בריעף איז געקומען אלס ענטפער אויף אן אנפראגע, וואס די דזייל וועי קאמישאן האט אריינגעשיקט צו דער קאמפאניע, וואס זי דענקט צו טאן מיט די סט. רזשען אויסברייטערונגען, וועלכע זיינען פון דער קאמפאניע אונטערגנומען געווארען לעצטען הערבסט.

לויט מר. ברוקס, האט די קאמפאניע ברעה דיעזען זומער צו פארפאלקאמענען די צובויאונג פון ליינס אויף דער 12-טער סטריט און אין דער זעלבער צייט אויפבויען די הארפער עוו. דאבעל-טרעק ליין, פון וואן דייק ביז גרעשיאם, די וועסט ווארען ליין פון דעם וואלטאן אויסקירעוואונגס-פונקט צו דער איסט-נאון ליין פון ספרינגוועלס און די איסט ווארען ליין פון איסטערלי עוועניו ביז די סיטי לימיטס.

אין זיין בריעף ווערט געזאגט, אז די 12-טע סטריט ליין וועט פארטיג ווערען ארום דזשולאי, און די אנדערע ליינס אזוי שנעל ווי מעגליך.

### פאליציי באנוצט באיאנעטען אין אן אירישען געשלעג

בעלפאסט, איירלאנד, אפריל 19. — זונטאג א[בע]נט זענען די געשלעגען צווישען יוניאניסטען און שין-פיינער וויעדער באנייט געווארען. פאליציי האט זיך אריינגעמישט און געשלאגען ביידע צדדים „אומפארטייאיש". רעוואלווערען זענען באנוצט געווארען גאנץ פריי.

א יונגערמאן מיט'ן נאמען מאטיו דיהען ליעגט אין א קריטישען צושטאנד אין האספיטאל. ער איז פארוואונדעט געווארען אין די לונגען.

די געשלעגען זענען געווען אזוי פארביטערט, דאס פאליציי האט גענוצט באנוצען באיאנעטען. די פאליציי איז באהאגעלט געווארען מיט שטיינער און איהר האט זיך נאך אייניגע שטונדען דארך איינגענעבען צו פארטרייבען דעם מאב.

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(פארטזעצונג)

די מאדאם פארבשטיין האט א ציטער געטאן. דזשאזעף האט מיט שרעק די אויגען אויפגעריסען און האט מיט פארוואונדערונג א מעסט געטאן דאס בלאנדזמיידעל, ווי זי איז געשטאנען שטאלץ מיט אן אויפגעהויבענעם קאפ און האט אויף זיין פאטער געקוקט ווי אויף אן אומווירדיגען מענשען, אויף א גראביאן.

— איבראהאם — האט די מאדאם פארבשטיין מיט תחנונים געזאגט — דאס פריילין וועט — — — —

— מיין ליידי — האט דער ריכטער איהר איבערגעשלאגען — איך בין פארקאם בארוהיגט.

און אויסווארטענדיג אין רגע האט ער זיך אויסגעדרעהט צו מערי'ן און האט עפעס געוואלט זאגען, נור זעהענדיג איהר שטאלצע מינע און אנגעענגדיג זיך מיט איהרע בלויע אויגען, וואס האבען אויף איהם מיט פאראכטונג און צערייציקייט געקוקט, האט ער זיינע בליקען אפגעווענדעט פון איהר, און האט גלאט אין דער וועלט אריין ווי צו זיך אליין געזאגט:

— דאס פריילין האט רעכט געהאט.

אין זאל איז געווען שטיל — פון אן אנדער צימער האט זיך דערהערט א קלינגענדיג געלעכטער, וואס האט זיך דא אין דער זאל, אויף די קאווייארען אראפגעוואלגערט און פארזונקען געווארען.

די־אלט־פיער פארשוינען זיינען נאך אלץ אויף זייערע פלעצער געשטאנען און זיך נישט גערירט.

א פייגליכע מינוט. אנגעוואפט מיט אנגסט האט זיך אפגעריסען און באלד נאך איינע.

מערי האט די ערשטע זיך א באפ געטאן און געזאגט: —

— דזשאזעף, זייט אזוי פריינדליך און הייסט מיך באגלייטען.

דזשאזעף האט פון א חלום ערוואכט.

— גוט, אט גיי איך — — —

ער האט זיך געלאזט לויפען נעהמען זיין הוט.

— איך האב ביי אייך געבעטען א דיענער.

— מערי, איך וועל אייך — — —

— מר. פארבשטיין — האט שוין מערי מיט א וויכען נור געניג באפעהלערישען טאן געזאגט צו דזשאזעף'ן — מען דארף נישט! איך וועל שוין אליין טרעפען.

— מיין ליעבע מערי — האט פלוצים די מאדאם פארבשטיין מיט אזוי פיעל ווייכקייט זיך אפגערופען — ערלויבט איהר מיר צו באגלייטען אייך?

און מיט אזעלכע גוטע אויגען האט זי צו מערי'ן געקוקט, אז יענע האט זיך איינגאנצען אומגעביטען און האט זעהר צארט געענטפערט:

— איך וועל זעהר דאנקבאר זיין.

די מאדאם פארבשטיין איז זעהר שנעל פארטיג געווארען מיט איהר טואלעט.

ווען זי איז אריין, האט זי שוין געטראפען מערי'ן ביי דער טיר.

זי האט אלעמען געוואלט זאגען „גוט נאכט", ווען דזשאזעף האט זי אפגעהאלטען:

— מערי, איך מוז אויך מיטגעהן. איהר מוזט ערלויבען!

מערי האט נישט געענטפערט, האט א ריס געטאן די טיר און איז אליין ארויס.

אפילו קיין „גוט נאכט" נישט אויספייעט צו זאגען.

די מאדאם איז געבליעבען שטעהן א פארשעהמטע, אין האנד האט זי געהאלטען איהר רידיקול, מיט די הענדשקעס און נישט געוואוסט וואס צו טאן.

דזשאזעף איז געשטאנען נעבען דער מוטער און האט פייערדיגע בליקען געווארפען צום פאטער.

דער אלטער ריכטער האט געקוקט אויף דער טיר וועלכע האט זיך נור וואס פארמאכט. זיינע אויגען זיינען פינאנדערגעריסען. אויף זיין שטערען האט זיך אויסגעקארבט א גלייבער קנייטש איבער דער גאנצער ברייט. ער האט אזוי־א געקוקט א רגע און דאן זיך אראפגעלאזט אין זיין שטול וועלכע איז נעבען איהם געשטאנען.

אזוי איז ער אפגעזעסען א קורצע ווילע און דאן האט ער זיך אויפגעהויבען פויל און מיעד, ווי א שוואכער מענש, וואס איז נישט לאנג צוריק ארא[ף] פון זיין קראנקענבעט, האט פויל און מיעד צוגעשפאנט צו זיין פרוי, וועלכע איז ווי צוגעפרוירען צו איהר ארט געשטאנען, האט ארויפגעלעגט זיין האנד אויף איהר אקסעל און אין געצעהלטע ווערטער איהר געזאגט מיט א נידעריגער, שוועדער און געדריקטער שטימע:

— האסט ווען ס'איז געזעהן, אסתר, אזא האלטונג?

ער האט דאס געזאגט צו דער מאדאם פארבשטיין און געקוקט בעת מעשה צום זוהן, ווי ער וואלט איהם טרייסטען, פאר דעם קערוויילינגען פארלוסט, און פאר דער אונאנגענעהמליכקייט.

דזשאזעף האט מיט עזות א קוק געטאן אויפ'ן פאטער.

דאס ערשטע מאל איז זיין לעבען, אז תארבשטיין האט אזא בליק געזעהן פון זיינם א קינד.

— נו, דזשאזעף — האט פארבשטיין עפעס געוואלט זאגען.

אבער דזשאזעף האט איהם נישט געוואלט הערען און ווען ער איז שוין אויף די טרעפ געשטאנען, האט ער ווי צווישען די ציינער ארויסגעלאזען אין ווארט:

— דעמאקראט!..

און איז ארויף צו זיך אין צימער.

און א מינוט ארום האט זיך דערהערט דער מאדאם פארבשטיין'ס שטילער, האר צינער געוויין.

# איינמאל אין א מיטען נאכט

(ערצעהלונג)

פון ישראל ראבינאוויטש

(המשך)

פאר דער וועלט איז דאס קיין פראגע נים געווען. איך איינער גאר בין אין דעם נים געווען זיכער. א שטענדיגע פראגע האט געמאטערט: „איז נעלי ווירקליך מיין פרוי? איך פלעג זיך מאטערען צו באהערשען אטדעם דאזיגען צווייפעל איך פלעג צייטענווייז זיך אליין פארווירפע מאכען: „וואס הייסט איך דערוועג זיך צו טראכטען אזעלכע זאכען וועגען נעלי'ן? אבער דאך האב איך געהאט אורזאכען פאר דעם דאזיגען צווייפעל. איהרע פרייע באנעהמונגען צו אנדערע מענער, און הויפטזעכליך צו א געוויסען יונגען מאן, וואס איז געווען אין יענעם קרייז באקאנט אלס לעבעדיגער און וויצער — האט באשטעטיגט מיין פארדאכט. אבער ארויסווייזען אפען מיין פארדאכט — דאס האב איך נים געוואגט. איך האב די אנגעזעם געטראגען אין זיך און שטענדיג זיך באמיהט נים צו ווייזען זיך פאר נעלי'ן אהן א שמייכעל, ווייל זי האט פיינט געהאט, אז מען איז פארזארגט און פארזויערט.

„אט אזוי איז אוועק א גאנץ יאהר. דאס נעלי־שבכות האט מיך נים אפגעלאזט אויף א מינוט. מיינע טאג טעגליכע געשעפטען האבען דערפון געליטען; איך האב געפיהלט, אז איך ווער פינאנציעל געבראכען — אבער אויך דאס האט זי נים געוואוסט.

„איינמאל אין אן אוונט, ווען איך בין געקומען אהיים נאך א שווערען טאג רוטינער ארבייט, האב איך געפונען נעלי'ס א צושריפט; דאס איז פאר מיר נים געווען נייי. דאס פאנאנדעל שרייבען זיך דורך צעטעלאך איז ביי אונז כמעט געווארען אן אינסטיטוציע. אלע צעטעלעך האבען, ווי דער שטייגער איז, זיך אנגעפאנגען מיט „מיין ליעבער", אדער „מיין ליעבע" — ווערטער אויסגעדראשענע, באנאלע, אוניווערסאל אנגענומענע פון דער גאנצער וועלט צו באטריגען איינער דעם אנדערען.

„און אט דעם דאזיגען צעטעלע האט זי מיר מודיע געווען, אז זי וועט טרייען איהם בעסט, צו זיין אין דער היים פאר עלף אזייגער, אבער אזוי ווי זי איז אין דעם אליין נים זיכער, בכן רעקאמענדירט זי מיר א זעהר גוטען „ציים־פארטרייב": זי האט מיר פארזארגט מיט א נייעם בוך ליעבעס ליעדער, וואס א באקאנטער יונגער פאעט האט נאר וואס ארויסגעגעבען: „די ליעדער זיינען וואונדערבאר — האט זי מיר פארזיכערט אין איהר צושריפט — „דו וועסט גאר נים פיהלען ווי די שעה'ן וועלען לויפען".

„איך בין צוגעגאנגען צום ביבערשראנק, געפונען דאס בוך ליעדער און ווען איך האב געעפענט דעם ערשטען טאוועל, האב איך געפונען א ביל פאר $200 פון א גרויסער רעפארטמענט סטאר.

„דאס איז געווען דאס ערשטע מאל, וואס נעלי, האט זיך מיט מיר נים באראטען, איידער זי איז געגאנגען אויסגעבען א גרויסע סומע פאר קליידער. דאס האט מיך געוואלדיג אויפגערעגט. אויסער דעם איז טאקע מיין פינאנציעלע לאגע דערמאלט געווען אזעלכע, אז עס איז פשוט נייטיג געווען א באראטונג. איך האב געפיהלט אז די סטרונע איז אנגעצויגען געווארען צו שטארק און מוז פלאצען פריהער אדער שפעטער.

„איך האב נאך אמאל איבערגעלייענט דאס צעטעלע. יעדער ווארט האט מיר אנגעהויבען קלינגען באטריגעריש און פאלש. אפילו איהר האנדשריפט, וואס האט צו מיר ביז יענעם אוונט אויסגעזעהן צו זיין די שעהנסטע אין דער וועלט האט מיט אמאל פאר מיר געקראגען דאס אנבליק פון אנגעווארפענע שלענגלאך.. איך האב מיט אמאל אנגעהויבען באמערקען, ווי זי גלחמט מיך צופיעל אויף זיכער: זי וועט „טרייען איהר בעסט" צו זיין 11 אזייגער אין דער היים און איך אין דעם איז זי נים זיכער.. א אידיאט וואס איך בין! ווארום זאל איך נים־וויסען וואהין זי איז געגאנגען? און וואס איז עס דארט'ען פאר א מאנגעט, וואס האלט נעלי'ן ביז שפעט אין דער נאכט אריין? און וואס איז דאס פאר א מאכינאציע מיט א בוך ליעדער? און וואס איז דאס פאר א האקעטישער אפשפיעל אריינצולעגען דעם ביל אין דעם „וואונדערבארען" בוך ליעדער? צו אלע צרות האלט זי מיר נאך, וויזט אויס, פאר א גרויסען סענטימענטאלען אידיאט. ניין, דאס קען ווייטער אזוי נים געהן! נאך היינט מוז דערצו נעמען אן ענד!..

„מיין איפערזוכט איז וואס ווייטער אלץ געשטיגען. איך האב דאס „וואונדערבארע" בוך ליעדער א שליידער געטאן נאך איידער איך האב איבערגעלעזען איין איינציגע שורה: איך בין געווען זיכער, אז דאס איז א דומער קוואטש, באשאפען ספעציעל צו דיענען נעלי'ס וואמפירישע מאנעווערעס..

„לאנג האבען זיך געצויגען די מינוטען. איך האב געהאלטען אין איין רייכערען א סיגארעט נאך א סיגארעט. דאס גאנצע צימער איז געווען ווי פארוואלקענט פון רויך און איך האב ווי א משוגע'נער זיך געדרעהט אין דעם רויך טומאן הין און צוריק.

„ארום האלב נאך צוועלף, האט זיך דערהערט אן אויטאמאביל נעבען הויז. דאן עטליכע לוסטיגע מענער שטימען און — נעלי'ס באקאנטער געלעכטער.

„און באלד א קלונג.

„איך האב געעפענט די טיר. נעלי האט געזאגט: „גוד נייט" און א באקאנטע מענער שטימע האט ארויסגעשריען פון אויטאמאביל אויף ענגליש: „גוד נייט דיער! דאנט פארגעט נעקסט סאנדעי". דאס איז געווען ער, דער וויצלער..

„א לאכענדע, א שטיפעריש׳ע איז נעלי אריינגעלאפען אין הויז: איך האב באמערקט, אז זי טראגט א נייעם קאסטיום און א נייעם הוט.

— העללאו דיער! — האט זי אויסגעשריען, ווי געוועהנליך, ווען זי פלעגט געפינען פאר נייטיג גוט צו מאכען אן עולה געגען מיר — ווי גלייכסטו עפעס מיין נייעם קאסטיום און מיין הוט? כא־כא! איך האב דיר געוואלט מאכען א סורפרייז!.. א יא שעהן?..

„איך מוז צוגעבען, אז דער נייער קאסטיום און דער נייער הוט האבען איהר ווירקליך געפאסט. זי איז דעמאלט געווען פארפיהרעריש שעהן. איהר אלבאסטער קלאהר געזיכט איז געווען פארפלאמט מיט א נאטירליך ראזען פארב. איהרע ליפען — פארלאפען מיט א רויטען ווייךקאליר און איהרע גרויסע בלויע אויגען האבען רעפלעקטירט דעם קאנטראסט צווישען איהרע שווארץ געקרייזטע האר און ראז ווייסע קאמפלעקציע. איהר מיטעלמעסיגע, אבער שעהנע פיגור איז געווען איינגעפרעסט אין א בלויען סוירדזש, באציערט מיט שווארצע עמברוידערי און שאטין זיידענע פראנזען און ווען זי האט אויסגעטאן דעם זשאקעט, איז דער פארבען שפיעל נאך רייכער געווארען דורך דער פינק קרעפ דעשין בלוזע וואס זי האט געטראגען: דאס איז געווען א נייע וואריאציע פון פיתק, ראז, רויט, בלוי און שווארץ — נעלי איז אין יענעם מאמענט געווען א שעהנער פארבען שפיעל..

„איהר ערשיינונג פלעגט אלעמאל מיך אויפמינטערען און אויך דאס מאל איז מיין כעס א היבש ביסעל געשטילט געווארען.. צו אלעמערשטען האב איך אויפגעהויבען דעם בוך ליעדער און אריינגעלעגט אין שאפע. זי האט קענטיג דערפיהלט מיין צעטראגענקייט זי איז צוגעגאנגען נאהענט צו מיר — איך האב דערפיהלט איהר פרישען אטעם:

— עפעס ביזטו מיר נים מיט אלעמען היינט בייגאכט. נים געזונד אדער סתם אזוי פארזויערט?..

— סתם אזוי פארזויערט — האב איך געענטפערט — נו, איז וואס זשע איז? טאר איך נים? איך בין דאך נים נעגאנגען פאר א גוד טיים, האב איך נים וואס צו זיין פרעהלאך..

— אזוי? — האט זי זיך אפגערופען האלב ערנסט און האלב קאקעטיש — עס ארט דיך טאקע שטארק ווי איך זעה! וואס זשע, איך האב דיך דען נים געלאזט געהן פאר א גוד טיים? אז דו ביסט שטענדיג פארשלאפען, ב[...] שולדיג?

— אזוי! — האב איך געענטפערט — דו גיסט מיר, הייסט עס, די ערלויבניש צו געהן און טאן וואס מיין הארץ גלוסט! זעהר פיין פון דיר! אבי איך האב געמיינט, דו ערלויבסט מיר בלויז צו לייענען ליעדער. פאר וואס זשע האסטו מיר דאס נים געלאזט וויסען אין דיין צעטעלע?..

— עפעס רעדסטו מיר היינט אזוי פאני — האט זי זיך אפגערופען און איז צוגעגאנגען צו'ם שפיעגעל און גענומען פארנאנדערלאזען איהרע האר, וואס זיינען געווען פארקאמט א־לא פאמפאדור — וואס זשע, האסט פארגעסען אונזער אפמאך? שטעהט דען נים אין אונזער נים־געשריבענעם אגרימענט, אז מיר זיינען נים פארפליכטעט גאנצע פיער און צוואנציג שעה אין מעת־לעת זיך ארומצוטראגען מיט איין מאנאטאנער לאסט?..

— א מאנאטאנע לאסט! — האב איך איהר איבערגעשלאגען און האב געפיהלט אז עס קומט אויף מיר אן דער פריהערדיגער צארן — יא, ליידער ווייזט זיך ארויס, אז איך בין פאר דיר א מאנאטאנע לאסט און איך בין געווען בלינד געגוג דאס נים צו זעהן ביז היינט!

— כא־כא־כא! — האט זי זיך קאקעטיש צעלאכט — דו ביסט שוין איפערזיכטיג, ווי איך זעה! נו, בינד מיך צו, אויב דו קענסט!..

„ווייטער קאנטראלירען זיך האב איך נים געקענט. איך בין אויפגעשפרונגען פון מיין זיץ און נים מיט מיין קול אויסגעשריען:

— יא, איך בין איפערזיכטיג! און איך וויל דו זאלסט מיר די מינוט זאגען: וואו דו ביסט היינט געווען און וואהין יענער קלאון האט עס דיך איינגעלאדען פאר נעקסט סאנדעי!. דו הערסט?

זי איז פון אנפאנג געווארען שטארק פארוואונדערט, כמעט דערשראקען. אבער אויגענשיינליך איז דער דאזיגער אויס־

(שלוס אויף זייטע 4)

## פלאמבינג צו פלאמבינג איז ניט גלייך

ווען איהר דארפט אן עקספערט פלאמבער פיר נייע ארבייט אדער אלטערייישאנס ווענדעט זיך צו אונז. מיר מאכען די בעסטע ארבייט צו די ריזאנייבעלסט פרייזען.

ארבייט פינקטליך אטענדעט, פרייזען די בילינסטע

רופט אונז אפ און איבערציינט זיך אליין.

S. WINTER

1552 Hastings Northway 3749W

וואטשט דיזען פלאץ פאר ווייטערדיגע אדווערטייזמענטס.

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט

ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער

וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד

אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715


## געמישטע חתונות

פון ב. י. ג—ן

„אינטערמעריהדש" (געמישטע חתונות) זיינען לעצטענס געווארען אן אפטע ערשיינונג ביי די רעספעקטירטע אידען פון די „היכע פענסטער" סיי דא, ביי אונז, אין אמעריקא, סיי אין ענגלאנד און בודאי אין דייטשלאנד.

מיר הערען פון געמישטע חתונות. מיר הערען אבער זעהר אין זעהר זעלטען וועגען דעם פאמיליען לעבען ביי די פאאר פאלקען פון גוי און איד.

הערענדיג אזוי זעלטען פון זיי, קען איינער א טעות האבען און מיינען אז עס לעבט זיך זיי ווי בעסער דארף מען ניט; אז זייער פאמיליען לעבען איז מן הסתם א געסט פון פריידען און פון רוה, פון גליק און צופריעדענהייט.

עס ווייזט אבער אויס, אז די דאזיגע פאר פאלקען, האבענדיג אויסגעשטאנען פאר און באלד נאך דער חתונה געבראטענע צרות פון די טאטע מאמע און פון די ארומיגע, ווערען זיך שפעטער מיט זייער לעבען, ליידען עניים קשים אינם פון דאס אנדערע און שעמען זיך אויסצוזאגען, אז דאס וואס מען האט זיי פראפעצייהט פריהער, איז מקוים געווארען.

ווארום איהר קענט זיך דאך משער זיין אז אויב אפילו עס זיינען פאראן היינט אזעלכע אידען וואס ביי זיי איז אפשר א יחוס אז זייער זוהן זאל הייראטען מיט אן אידישער מיוחסת, יעמעס טאטע איז אפשר א הויכער בעאמטער, איז אבער ביים אידישען קאטאליק לחלוטין קיין גרויסעס גליק ניט, ווען זיין טאכטער ניבט זיך אפ א אידישען בחור. דער פאטער, דער קאטאליק און די מוטער, די פרומע קאטאליקין, דערארבייטען מעשים אויף צו שטערען דעם שידוך, מען זאגט מסתמא דער טאכטער נביאות פון איהר צוקונפטיגען לעבען.

די טאכטער גלויבט דאס ניט.

זי האט ליעב און ווערט געליעבט.

זי משפט איהר צוקונפטיגען לעבען לויט די ליעבעס בריוועלעך, וואס זי באקומט אצינד פון איהר אידישען ליעבהאבער.

ווען שפעטער ווערען אבער די נביאות מקוים, ווערט זי זיך מיט זיי אין וועט זיי — זייט זיכער — פאר קיינעם ניט איבערצעהלען.

דאס זעלבע איז אויך מיט דעם מאן, אויך ער וועט ניט דערצעהלען פון דעם טרויעריגען לעבען, וואס ער פיהרט מיט דער קריסטליכער פרוי.

עס זיינען דא צוויי לעבענס, צוויי באזונדערע וועלטען, מען קען זיך אויסמאהלען אז זיי זאלען זיך דולדען, זיין טאלעראנט איינער צום צווייטענס רעליגיאן, זיטען און איינפיהרונגען.

ליעבען אבער, און לעבען צוזאמען און אין איין הויז, איינער אין דאך יאהרען און יאהרען, ערציהען קינדער צוזאמען — דאס איז ניט מעגליך!

די בעסטע באשטעטיגונג דערויף האט געגעבען די מרס. ענקעל ברוין, אדער ווי זי האט זיך גערופען מיידעליין מיט מערי האדושעס.

די מיס האדושעס האט געענדיגט די דאבלין יוניווערסיטי און איז נאכדעם זיך דורכגעפאהרען קיין אמעריקא צו'ן איהרען א רייכען ברודער.

דער ברודער איז א פאליטישער מיטל און אנגעזעהענער מענש און אויך גענוג רייך.

ווען צו'ן איהם איז די שוועסטער געקומען, האט ער פארבעטען זייגע פריינד, געמאכט א „פארטי" און פאר זיי פארגעשטעלט די „דאבלינער שעהנהייט", ווי ער האט זיין שוועסטער גערופען.

צווישען די געסט איז אויך געווען א רייכער אידישער בחור, וואס האט אויך ערשט געענדיגט דעם אוניווערסיטעט און האט זיך געקליבען פאר א רייזע קיין אייראפא.

איהם איז די אירישע שעהנהייט געפעלען געווארען, איז ער אויך אויף מארגען געקומען.

דעם מיידעל איז דער אידישער בחור געפעלען געווארען פאר זיין שעהן ריידען, פאר זיין ארט דענקען און — זיין רייכטום האט אויך א ראליע געשפיעלט.

ווען דער ברודער האט זיך מיט א פאר וואכען שפעטער געכאפט אויף זיין שוועסטער'ס באציהונגען צום אידישען בחור, ענקעל ברוין, איז שוין געווען שפעט. דאס פאארל האט זיך שוין געגעבען, דאס ווארט און שוין אפגעמאכט אפילו צו פאהרען ביידע צוזאמען אויף א ליבע רייזע קיין אייראפא.

דער ברודער האט טעלעגראפירט צו זייגע עלטערן.

פאטער און מוטער זיינען געקומען ביידע — פרומע קאטאליקען ביי וועמען די חתונה איז אלס גרעסטער אומגליק באטראכט געווארען.

מען האט גערעדט, געבעטען, געוויינט — עס האט ניט געהאלפען: די מיס האדושעס איז אין א קורצער צייט ארום געווארען מיסעס ענקעל-ברוין.

ניט דער פאטער, ניט די מוטער און ניט קיין איינער פון איהר משפחה זיינען אויף איהר חתונה אנוועזענד געווען.

קיין חתונה איז איינענטליך ניט געווען, נאר צו דער „פארטי" זיינען זיי ניט געקומען.

זייט יענער צייט, ווען דאס פאאר פאלק האט „מערידוש לייסענס" ארויסגענומען, זיינען פאראיבער פיער יאהר. און איצט איז מיסעס ענקעל ברוין צוריק אין דאבלין, ביי איהרע עלטערן און איז פעסט ענטשלאסען מעהר מיט איהר מאן ניט צו וואהנען.

— איך האב צו איהם גארנים — זאגט די דאבלינער קאטאליקין — ער איז א גוטער מאן, א געבילדעטער, א רייכער, א מבין אויף אלץ: אויף ליטעראטור, אויף קונסט, מוזיק, דראמע — א משלם בכל המעלות. זיין איינציגער חסרון איז נאר דאס... וואס ער איז א איד. איך קען ניט פארטראגען זיין הולך, זיין ארט ריידען, זיין ארט עסען, זיין איינפיהרונג. דאס זיינען, דאכט זיך, קלייניגקייטען, אבער איך פיהל אז איך וועל פון די דאזיגע קלייניגקייטען פון זינען אראפ. זיי מאכען מיך משוגע.

דער מאן ווייסט, זאגט, אז ער וועט משוגע ווערען פון איהר פרומקייט. טאטער וועהט ער פון איהר א פרומע, קאטוילישע תנועה, רעגט דאס איהם מורא'דיג אויף און ער איז קאפאבעל זי דערום צו זיין. די תירוצים אז דאס זיינען ביי איהר געוועהנהייטען, שטעלען איהם ניט צופריעדען. ער איז דערום גרייט יעדע רגע צו באפרייען זי און זיך.

אט דאס איז איין לעבען פון זעהר פיעלע: צוויי מענשען יונגע, אינטעליגענטע, געבילדעטע און האבען קוים זיך אפגעמוטשעט פיער יאהר צוזאמען. מעהר איז ניט מעגליך געווען. מען זאגט איינס אויף דעם אנדערען ניט קיין בייזעס. מען קען אבער פון צווישען די שורות מעהר ארויסלייענען: קיין צוויי באזונדערע וועלטען קען מען ניט פאראייניגען.

## איינמאל אין א מיטען נאכט

(שלוס פון זייט 3)

דרוק פארשוואונדען און איהר געזיכט האט אנגענומען אן אויסדרוק פול מיט פאראכטונג. זי האט אין א שפאטישען טאן מיר ערקלעהרט:

— דיין באפעהל וועט נישט ערפילט ווערען! איך נעהם נישט פון דיר קיין באפעהלען! „יענער קלאון"! כאכאכא! איך ווייס נישט ווער עס שפיעלט דא די ראליע פון'ם קלאון!...

— אזוי? דאס בין איך דער קלאון?

— פיין! — האב איך געזאגט — און אפשר שפיעל איך דא א פילו די ראליע פון א קלאון אויך ניט. אפשר בין איך גאר ביי דיר ניט מעהר ווי א הונט?

„זי האט געשוויגען.

— פאר וואס ענטפערסטו ניט — האב איך געוואלדעוועט — זאג, בין איך ביי דיר א קלאון אדער א הונט.

— ווי ס'געפעהלט דיר — איז געקומען דער ענטפער"...

(סוף מארגען)

## א הארצרייסענדער בריעף פון א פינסקער יתומה

(שלוס פון זייט 4)

דולה. זעהט, פארלאזט אונז ניט. יענקלען איז אין בית יתומים אויך ניט אמבעסטען. ער הונגערט דארטען אויך נענוג, אבער דאך האט ער אן אנשפאריגג און איך — גאר ניט!

איהר קענט זיך פארשטעלען ווי עס שניידט ביים הארצען צו הערען די אונזער ה׳ יאהריגער הענאבקע זאגט: „ווייסט? איך וויל ניט קיין גוטע זאך. איך וויל נאר א שטיקעל ברויט מיט א פאר קארטאפעל"

איך בעט אייך נאך א מאל, ליעבער אנקעל און טאנטע, פארלאזט אונז ניט! אין אייערע הענט ליעגט אונזער לעבען! זייט אלע געזונד און לעבט גליקליך מיט אייערע קינדער. פון מיר אייער פלימעניצע, חנה חאמסקי.

## פארערען אמנעסטיע פאר פאליטישע ארעסטירטע

וואשינגטאן, אפריל 19. — א דעלעגאציע, וועלכע רעפרעזענטירט אמנעסטיע קאמיטעען פון די גרעסטע שטעט אין די פאראייניגטע שטאטען, האט היינט באזוכט דעם ווייסען הויז און דארט איבערגעלאזט א מעמאראנדום אין וועלכען ס'ווערט געבעטען אמנעסטיע פאר די „קרבנות פון דער מלחמה'ס משוגענע לײדענשאפטען", וועלכע געפינען זיך נאך אלץ אין טורמע פאר פאליטישע פארברעכענס.

אן דער שפיץ פון דער דעלעגאציע איז געווען מר. באזיל מ. מענלי, געוועזענער פארזיצענדער פון דער „הריענאר ביטס קאמיטע" און זיין אדרעס האט ער געזאגט צווישען אנדערע פאלגענדעס:

„וואשינגטאן האט באפרייט די טאריעס אין לינקאלן — די קאנפעדעראטען. מיר האפען, אז פרעזידענט ווילסאן וועט זיך ניט אפהאלטען פון שענקען אלגעמיינע אמנעסטיע די פאליטישע ארעסטירטע פון דער וועלט מלחמה".

## עקס אמבאסאדאר אין מעקסיקא פאדערט אינטערווענשאן אין מעקסיקא

וואשינגטאן אפריל 18. — נעכטען זאל אינטערווענירען אין מעקסיקא, די טעריטאריע, וואס מר. ווילסאן פארלאנגט אמעריקא זאל פארנעהמען דורך מיליטער, שליסט איין די רייכע טאמפיקא אויל-פעלדער.

דער עקס-אמבאסאדאר האט שארף אטאקירט די ווילסאן אדמיניסטראציע פאר ניט אפהיטען די אמעריקאנער אינטערעסען אין מעקסיקא און פאר איהר שטיצע צו דעם אנטי-אמעריקאנעם פרעזידענט קאראנזא.

## יונגער באי נעשאסען פון א דעטעקטיוו

דזשאהן מיסלעוויץ, 19 יאהר אלט, האט נעכטען געכאפט א קויל אין פיס-קנעבעל פון א דעטעקטיווס רעוואלווער, ווייל ער האט זיך ניט געוואלט אונטערגעבען צו ארעסט.

מיסלעוויץ ווערט באשולדיגט, אז ער האט זיך אריינגעריסען אין פראבט קארס צווישען דעטראיט און טאלידא.

עטליכע רעלוועי דעטעקטיווס האבען ארומגערינגעלט דאס הויז וואו מיסלעוויץ איז איינגעשטאנען. דער באשולדיגטער האט זיך מיט פארשיעדענע הויז-כלים באפעסטיגט און זיך געשטעלט נעגען די דעטעקטיווס. ער האט פארהאקט די טיר און פארבאריקאדירט זיך מיט פארשיעדענע מעבעל, שטיינער און אלץ וואס ער האט נאר געפונען.

די דעטעקטיווס האבען געפייערט א פאר מאל אין טיר אלס ווארנונג, ער זאל זיך אונטערגעבען, און איין קויל האט געטראפען מיסלעוויץ'ן אין פיס-קנעבעל.

**אנגענומען פארלאנגט.** ווענדעט זיך גלייך פערזענליך פאר אלע פארטיקולערס וועגען אונזער גרינג פארקויפענדען סאב דיוויזשאן.

מיר האבען פלאץ פאר צוויי גוטע סיילסמען און איין סיילסלידי פאר פולע פארטיקולערס ווענדעט זיך גלייך צו מר. קארבין, פון טעלעפאן ווינדזאר 615.

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

Published Daily by WEG PUBLISHING CO.

547-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. ... authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President; A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Thursday, April 22nd 1920 Vol. 2, No 59 דאנערשטאג, אפריל 22, 1920


# שיקאגא'ר סטרייקער ענטזאגען זיך צו שלום

שיקאגא, אפריל 21 — די סטרייקער האבען היינט אויף דער פארופענער פארזאמלונג זיך ענטזאגט צו שטימען איבער דער פראגע פון אומקעהרען זיך צו דער ארבייט. אלע אנשטרענגונגען, וואס די פיהרער פון'ם סטרייק האבען געמאכט צו איבערצייגען די סטרייקער, דאס זיי זאלען שטימען זענען געווען א דורכפאל.

אויף דער דאזיגער פארזאמלונג פון די יארדמען האבען גערעדט דריי סטרייק פיהרער, וועלכע זענען לעצטע וואך ארעסטירט געווארען. די אלע 3 רעדנער האבען געראטען די ארבייטער אומצוקעהרען זיך צו דער ארבייט. די פארזאמעלטע האבען זיי ניט געלאזט רעדען. ס'האבען זיך גע הערט שטימען: „איהר האט זיך פאר־קויפט", „ווארפט זיי ארויס", און „וואו איז גרונאו". איינער פון די רעדנער, יאנעס, האט ערקלעהרט, אז ס'האט זיך דערווייל ניט איינגעגעבען ארויסצונעה־מען דעם ארעסטירטען גרונאו אויף באנדס.

די פארזאמעלטע האבען ניט געלאזט רעדען די באפרייטע סטרייק פיהרער. דאן האט א פאליציי ליטענאנט ער־קלעהרט די פארזאמלונג געשלאסען און פאליציי האט מיט געוואלט צוטריבען די פארזאמעלטע.

די סטרייקער האבען דאן געמארשירט איבער די גאסען און זיך צוזאמענגעקלי־בען אין זייערע הויפט קווארטירען און פארטגעזעצט די זיצונג.

פיעל פון די סטרייקער האבען ער־קלעהרט, אז דער איינציגער, וועלכער קען זיי ראטען אומצוקעהרען זיך צו דער ארבייט איז זייער פרעזידענט גרונאו.

די באאמטע פון דער יוניאן האבען נאך דער פארזאמלונג ערקלעהרט, אז זיי האבען קיין רעכט צו שיקען די סטרייקער צוריק צו דער ארבייט.

## מילך שוין ווידער 16 סענט א קווארט

דזשאדזש ארטור דזש. טאטעל, האט געפסקנ'ט, אז דער באפעהל פון דער פעדעראל פעיר פרייז בארד צו פארקוי־פען מילך פאר 14 סענט א קווארט, איז אונקאנסטיטוציאנעל, לויט דער סעק־שאן פיער פון דעם אזוי גערופענעם „לעווער עקט".

אין פון נעכטען אן איז שוין דער פרייז פון מילך אין דעטראיט ווידער געווען 16 סענט.

פעדעראל אטוירני קיניין האט נעכ־טען ארויסגעגעבען א סטייטמענט, אז די פעיר פרייז קאמיטע האט ניט קיין לעגאלע מאכט צו פיקסירען פרייזען און דארום וועט די ענטשיידונג פון דזשאדזש טאטעל גילטען.

„די פעיר קאמיטע — האט ער געזאגט — האט פונקט אזוי פיעל מאכט ווי א פריוואטע ארגאניזאציע".

ער האט אויך ערקלעהרט, אז ער וועט די קייס ברענגען אין סופרים קאורט אום צו באווייזען די לעגאליטעט פון דעם לעווער עקט, וועלכער איז, לויט זיין מיינונג, געבראכען געווארען דורך דעם באפעהל פון דער פעיר פרייז בארד.

## באנדיטען רויבען $1,100 אין מיטען העלען טאג

דזשאהן פאוולאווסקי פון 74, 13־טע סטריט, איז נעכטען בייטאג באפאלען געווארען פון צוויי באוואפענטע באנדי־טען אויף ווארען עוו. נעבען לאוועט סטריט און איז בארויבט געווארען פון $1,100 וואס ער האט געטראגען צו מאכען א פיימענט פאר א פראפערטי.

לויט פאוולאווסקי דערצעהלט זיינען די באנדיטען איהם נאכגעגאנגען דעם גאנצען וועג פון א באנק אויף מישיגאן עוו. קאר. דזשאנקשאן ביז דעם פלאץ וואו זיי האבען דעם האלד אפ געמאכט.

די פאליציי ערקלעהרט, אז לויט פאוו־לאווסקי'ס שילדערונג פון די צוויי באנ־דיטען, ווייסען זיי געגוי ווער די חברה־לייט זענען.

## 166 טויטע אין גרויסען שטורם

בירמינגאם, אלא, אפריל 21 — די צאהל קרבנות פון נעכטיגען שטורם, וועלכע האט חרוב געמאכט טיילען פון מיסיסיפי, אלאבאמא און טענעסי, דער־גרייכט ביז 166 טויטע און צעהנדליגע שווער פארוואונדעטע. דער מאטעריעלער שאדען ווערט דערגרייכען ארום צוויי מי־ליאן דאלאר.

פון פיעל קליינע שטעדטלאך אין דעם חורב־געווארענעם געגענד קומען אן ידיעות, אז הילף איז דרינגענד נויטיג. דער רויטער קרייז ארגאניזירט גרופען, וואס זאלען איבערפיהרען שפייז און קליידער אהין.

הינדערטע פארוואונדעטע זענען אנ־געקומען צו מעדיצינישער הילף. אבער די צאהל פון דאקטוירים איז ניט קיין גע־נוגענדע אויף צו באזארגען אלעמען. די צאהל טויטע אין מיסיסיפי איז מעהר פון הונדערט.

די שנעלקייט פון שטורם איז געווען אונגעהויער גרויס. אלץ וואס האט זיך געפונען אינ'ם וועג איז אפגעווישט גע־ווארען.

## אידישע טענאנטס ארגאניזירען זיך צו באקעמפען הויכע רענט

דיענסטאג אווענט האבען זיך אין ליבאר ליסעאום, 60 ליווינגסטאן סט. פארזאמעלט ארום 500 פערזאן, וועלכע האבען באטראכט פלענער, ווי אזוי צו באקעמפען די הויכע שינדעריי פון די היגע לענדלארדס. די אלע פארזאמעלטע זענען געווען אידען און זיי זענען געקו־מען אויף דעם רוף פון די היגע ארביי־טער רינג ארגאניזאציעס און דער אי־דישער סאציאליסטישער פעדעראציע.

פארזיצענדער פון דער פארזאמלונג איז געווען ראובן שווארץ. די הויפט רעדנער זענען געווען סעמיועל לעווינזאן און לאזארוס ס. דייווידאוו. לעווינזאן האט אטאקירט די אידישע לענדלארדס ווערענדיג מעשים, ער האט געזאגט, מא־כען צו שאנדע דעם אידישען נאמען.

לאיער דייווידאוו האט געזאגט, אז דער איינציגער מיטעל צו קעמפפען געגען די לענדלארדס איז צו ארגאניזירען זיך, אום צו באשאפען געזעצען, דורך וועלכע די אינטערעסען פון דעם טענאנט זאל ווערען אזוי גוט פארהיט, ווי די אינטע־רעסען פון דעם לענדלארד. אינטער די איצטיגע אומשטענדען — האט מר. דייוי־דאוו געזאגט — האט דער טענאנט נאר צוויי וועגען: צאהלען די הויכע רענט, אדער ארויסציהען זיך".

דער רעדנער האט דאן אנגעוויזען, אז דער ריכטער האט קיין אנדער ברירה ניט נאר ער מוז זיין אויף דער זייט פון לענדלארד, ווייל די איצט עקזיסטירענדע געזעצען צווינגען דעם ריכטער צו האל־טען מיט'ן לענדלארד. ער האט ווייטער געזאגט פאלגענדעס:

„אבער ווען איהר וועט האבען א גרויסע ארגאניזאציע, וועט דער לענד־לארד זיך גוט פריהער באטראכטען, איי־דער ער וועט זיך אויסלאכען פון אייערע רעכטע. ער וועט וויסען, דאס ער האט צו טאן מיט א שטארקער ארגאניזאציע און וועט זיך שעהמען פאר דער עפענט־ליכער מיינונג. איהר קענט גאר ניט אויפטאן, אלס איינצעלנע פערזאנען. איהר מוזט באשאפען א ליגע, וועלכע זאל ערפאלגרייך באקעמפען די גרויסע אפעטיטען פון די לענדלארדס".

אויף דיזער פארזאמלונג איז ער־וועהלט געווארען א קאמיטע, וועלכע זאל אויסארבייטען פלענער, ווי אזוי צו בא־שאפען די טענאנטס ארגאניזאציע. סע־מועל לעווינסאן איז ערוועהלט געווארען אלס פארזיצענדער.

## ווייס־פרעזידענט פאר בארויבען פרייהייט פון פרייע רעדע

ניו יארק, אפריל 21 — ווייס פרע־זידענט טאמאס מארשאל האט נעכטען אין א רעדע פאר די דירעקטארען פון דער אסאשיאייטעד פרעס געזאגט, דאס פרייע רעדע איז נאר פאר אמעריקאנער, אבער פרעמדע, וועלכע זענען אהער אריבערגעקומען פון אנדערע לענדער דארפען ניט געניסען פון דיזער פריי־הייט.

ער האט ערקלערט, אז די אמעריקא־נער פרעסע מעגען רעדען און שרייבען וואס זי וויל, אבער די, וועלכע זענען ניט קיינע אמעריקאנע בירגער און מא־כען אן א „טומעל" געגען דער אמעריקא־נער רעגירונג, דארפען איינגעצאמט ווע־רען אין זייער שרייבען און רעדען.

„איך גלויב, אז ס'דארף ערלויבט ווע־רען יעדען איינעם צו זאגען וואס ער וויל וועגען דער אמעריקאנער רעגירונג, אויב ער איז נאר א היגער בירגער — האט דער ווייס־פרעזידענט פארטגעזעצט — אלס אן אמעריקאנער געבארענער ביר־גער, איז עס איין פריווילעגיע צו אגי־טירען אין דיעזען לאנד א פארם פון א סאציאליסטישער אדער מאנארכיסטי־שער רעגירונג. אבער אויב איך וואלט אריבערגעקומען פון יענער זייט ים און וואלט זיך באנוצט מיט דער גאסט־פריינדליכקייט פון דיעזער נאציאן, וואלט איך ניט געהאט קיין רעכט צו האבען פארפלייצט

מישען זיך אין דער פאליטישער אנגע־לעגענהייט פון דיעזען לאנד".

## פראפעסאר און פרוי לעהרער געטויטעט, ווען סקול־געביידע ווערט חרוב

לארעל, מיס. אפריל 21 — אין דעם נעכטיגען שטורם אין דזשעספעיה קאונ־טי, 15 מייל פון דאנען, זענען 15 פער־זאן דער'הרג'עט געווארען און דער מא־טעריעלער פארלוסט איז איבער א מי־ליאן דאלאר.

די געביידע פון דער אגריקולטור היי סקוהל איז צעשטערט געווארען און דאר־טען זענען גע'הרג'עט געווארען פראפ. ברייענט און די מוזיק לעהרערין מיס מור.

וואשינגטאן, אפריל 21 — ידיעות זענען דא אנגעקומען, דאס דער נעכטיגער שטורם האט פאראורזאכט גרויסע מענ־שליכע פארלוסטען אין פיעל אנדערע שטאטען, ווי אינדיאנא, קאלאראדא און אהייא. אין דעם לעצטען שטאט, זענען פיעל הונדערטע פאמיליעס געבליבען היימלאז צוליעב דעם, וואס די טייכען

## ענגלישע רעגירונג בויט ווידער אמ־נעסטיע פאר דעניקינ'ס אנהענגער

ענגלישע רעגירונג בעט ווידער אמנעס־טיע פאר דעניקינ'ס אנהענגער

לאנדאן, אפריל 21 — די ענגלישע רעגירונג האט צום צווייטען מאל ארי־בערגעשיקט א נאטע צו דער באלשע־וויסטישער רעגירונג, אנפרעגענדיג וואס די רוסישע רעגירונג רעכנט צו טאן מיט די אנהענגער פון גענעראל דעניקין אין קרים. אין דיזער נאטע ווערט געזאגט אז די ענגלישע רעגירונג וואלט בא־טראכט אירגענד וועלכען פארזוך צו פארפאלגען די רעשטלאך פון דעניקינס באזיגטע ארמיי, אלס ניט קיין ריכטי־גע טאקטיק.

אין דער נאטע ווערט ניט געזאגט אועלכעס, וואס זאל קענען באטראכט ווערען אלס אן אולטימאטום, אבער ענג־לאנד באהויפטעט דארט, אז זי האט א מאראלישע רעכט אריינצומישען זיך, ווענינגסטענס דיפלאמאטיש, צום גינס־טען „די זעלבע אומבאשיצטע מענשען".

ענינים פון דער סאוועטען רוסלאנד און ניט מיטווירקען אין אירגענד וועלכע אנגריפענדע מיטלען געגען די סאוועטען רעפובליקען פון רוסלאנד און אוקראינע.

## בעלא קון ווערט געשיקט קיין רוסלאנד?

ווין, אפריל 21 — דא איז נעכטען באקאנט געווארען, אז בעלא קון, געוועזענער פיהרער פון דער קאמוניסטישער אונגארן, איז באפרייט געווארען און ווערט אריבערגעשיקט קיין רוסלאנד.

## צאר'ישע חובות שטערען שלום מיט סאוועטען

קאפענהאגען, אפריל 21 — די „בער־לינסקע טידענדע" מעלדעט דאס זי האט זיך דערוואוסט, אז די פארהאנדלונגען פון מ. קראסין, באלשעוויסטישער קאמי־סאר פון האנדעל און קאמערץ, און מ. ליטווינאוו, היגער סאוועטען פארשטעהער, מיט די אליאירטע רעגענטען, זענען דורכגעפאלען. די צייטונג זאגט אויך אז אין 10 טעג ארום וועט, מסתמא, די סא־וועטען רעגענאציע, אויסער ליטווינאוו'ן זיך אומקעהרען קיין רוסלאנד.

די צייטונג זאגט, אז דער דורכפאל איז פאראורזאכט געווארען דורך דאס ענטזאגען פון די סאוועטען פארשטעהער צו באצאהלען די פינאנציעלע פארפליכ־טונגען, וואס זענען געמאכט געווארען אינטער'ן צארישען רעזשים.

## עלייעס ווילען מאכען באטום פרייען האפען

סאן רעמא, אפריל 21 — דער העכס־טער אליאירטער ראט, אויף דער נעכ־טיגער זיצונג האט באשלאסען, אז אין דעם שלום אפמאך מיט טערקיי זאל אריינגעשטעלט ווערען א פונקט, אז באטום, דער רוסישער האפען אויפ'ן שווארצען ים, זאל ווערען א פרייער פארט פאר די רעפובליקען פון געארגיא, אזערביידזשאן און ארמעניע.

## יאפאן פאדערט ענטוואפנונג פון טשעכען אין מאנדזשוריע

כארבין, מאנדזשוריע, אפריל 21 — די יאפאנעזישע פארשטעהער אין מאנ־דזשוריע האבען געפאדערט, אז אלע טשעכישע טרופען, וואס געפינען זיך אין מאנדזשוריע, זאלען ענטוואפענט ווערען.

דיעזער באשלוס איז געקומען אלס רעזולטאט פון'ם צוזאמענשטויס צווישען טשעכישע און יאפאנישע סאלדאטען אין היילאר, א דארף לעבען דער סיבירישער גרעניץ.

דער צוזאמענשטויס איז פארגעקומען ווען די טשעכען האבען געמאכט א פאר־זוך צו באפרייען רוסישע געפאנגענע, וועלכע זענען פארהאלטען געווארען פון יאפאנעזער. כינעזישע סאלדאטען האבען געהאלפען די טשעכען באפרייען די גע־פאנגענע. אין צייט פון דעם צוזאמענ־שטויס זענען די געפאנגענע אנטלאפען.

די איינוואוינער פון היילאר פארלא־זען זייערע וואוינונגען, מורא האבענדיג פאר ווייטערדיגע אומרוהען.

## היגלאנד, פראנקרייך און בעל־גיום שרייבען אונטער אפמאך וועגען איבערטויש פון געפאנגענע

קאפענהאגען, אפריל 21 — מאקסים ליטווינאוו, באלשעוויסטישער קאמיסאר האט דא אינטערגעשריבען אן אפמאך מיט פראנקרייך און בעלגיום וועגען אן איבערטויש פון קריעגס געפאנגענע און אויך וועגען א געמיינזאמער אמנעסטיע פאר פאליטישע פארברעכער.

מ. ליטווינאוו האט ערקלעהרט, אז די פארשטעהער פון פראנקרייך און בעל־גיום האבען זיך מתחייב געווען ניט אריינצומישען זיך אין די אינערליכע

## אידישער אפיום הענד־לער ארעסטירט

דינסטאג אווענט האט די פעדעראלע רעגירונג ארעסטירט דעם אייגענטימער פון מארגאליעס ראאד האוז אויף לייק סט. קלייר, סעם מארגאליעס, זיין פרוי לילי און בען לאנדסבורג. זיי ווערען בא־שולדיגט אין איבערטרעטען דעם הערי־סאן נארקעטיק דראגס עקט.

דער ארעסט איז געמאכט געווארען נאך אן אונטערזוכונג פון א יאהר צייט.

אינ'ם הויז פון די מארגאליעס האט די פאליציי געפונען א פאלשטענדיגע איינריכטונג פאר'ן קאכען אפיום, פייפס, לאמפען און די אנדערע כלי מכשירים, וואס אפיום רויכער באנוצען זיך. דריי צימערען זענען געווען אויסגעשטאטעט פאר אפיום רויכער.

בען לאנדסבערג ווערט באשולדיגט אין צושטעלען דעם רויהען אפיום און איהם פארפארטיגען.

די רעגירונג האט אינ'ם פארלויף פון דער אונטערזוכונג איינגעריכטעט דרא־טען אין מארגאליסעם הויז און סטענא־גראפערס האבען ארונטערגענומען גע־שפרעכען וואס פלעגען דארטען פארקו־מען.

## צוויי ווייבערדיגער גנב קריגט 4 יאהר.

לעצטען מאנטאג האט פרענק ג. לאו, 54 יאהר אלט, זיך מודה געווען, אז ער האט צוויי ווייבער.

אזוי ווי אבער ביידע ווייבער האבען זיך אנטזאגט צו קומען אין קאורט עדות זאגען געגען איהם, האט דזשאדזש טא־טעל באשלאסען, אז ער קען איהם ניט פארמישפט'ען.

האט דער פראסעקיוטאר פארגע־בראכט געגען איהם א צווייטע קלאגע: אז ער האט געגנב'עט בריעף פון פאסט אפיס, זייענדיג א מעיל סארטירער און אויך אויף דער קלאגע האט ער זיך ער־קלעהרט שולדיג.

דא האט שוין דער ריכטער געקרא־גען א געלעגענהייט איהם אריינצוזעצ־לען און ער האט איהם צוגעמשפט 4 יאהר ליווענווארטה פעניטענטשערי.

## היגער דאקטאר זיך מודה אין האבען צוויי־ווייבער

### אבער עס ווייזט זיך ארויס אז זיין פרוי נומ. 1 האט געהאט צוויי מענער

אין יאנואר 1918, האט דר. ס. ס. טאמסאן, מיטגליעד אין דעם דאקטאר סטאף פון גרייס האספיטאל, געוועזע־נער פראפעסאר פון מעדיצין אין פיטס־בורגער אוניווערסיטעט, דאקטאר פון היגען העלטה דעפארטמענט און עקס ליוטענאנט פון די מעדיקאל קארפס מיט דער אמעריקאנישער ארמעע, געהייראט מיט א שעהנער 16 יאהריגער מיידעל, מיט'ן נאמען רוטה אידעל האווארטער פון 4753 מאלדען עוו. שיקאגא.

אזוי פייערדיג איז געווען די ליעבע, וואס דר. טאמסאן האט ארויסגעוויזען זיין יונגער פרוי, אז זי איז געווען זיכער אז דאס איז זיין ערשטע ליעבע.

מאכט זיך אבער איין מאל א מעשה און מרס. רוטה טאמסאן געפינט א פע־קעל מיט בריעף, אויף וועלכע זי האט געוואהפען א פארדאכט.

לאנג האט רוטה ניט געטראכט און האט וועגען דעם דערצעהלט איהר מו־טער.

האט איהר מוטער אויך לאנג ניט געטראכט, און האט אוועקגעשריבען א בריוועלע צו א געוויסער פאמיליע טיטס אין הייזעלטאן, ווירדזשיניא און האט אויסגעפונען אז: —

דעם 12טען אויגוסט 1913 האט דר. טאמ־סאן געהייראט א מיידעל, מיט'ן נאמען דייזי טיטס, מיט וועלכער ער האט זיך פארגעסען צו גט'ן איידער ער איז גע־גאנגען הייראטען מיט מיס האווארטער.

האט מיס האווארטע געפרעגט דעם דאקטאר:

— וואס איז דאס?

האט ער געענטפערט:

— דאס איז, פארשטעהסטו מיך, דאר־לינג א מיאוס'ע מעשה. עס איז אמת איך האב נאך א פרוי נאך פון פריהער, און דער איינציגער אנשטענדיגער וועג איז יעצט אפצוגט'ען יענער פרוי און לעבען מיט דיר.

— סטייטש??

— ס'איז פארשטעהסטו מיך דארלינג איך האב יענער פרוי ניט ליעב. ליעב האב איך נאר דיך! איידער איך האב דיך געטראפען, האב איך זיך געהאט אנגעשלאסען אין דער ארמעע, און ווי־סענדיג אז איך דארף געהן צו'ם פראנט און האב אלע געלעגענהייטען געהרג'עט צו ווערען, האב איך באשלאסען, וואס גיכער זיך מיט דיר צו פארבינדען און געניסען פון דיין זיסער ליעבע..

און נאך עפעס האט דער דאקטאר איהר געזאגט. ער האט איהר פארטרויט א סוד, אז איידער ער איז אוועק צום פראנט, האט ער אויף איהר נאמען איבערגעשריבען $10,000 אינשור־רענס. ער האט ניט געוואלט, אז דאס געלט זאל אריינפאלען צו א פרוי וועל־כע ער האט ניט ליעב.

הכלל, טאמסאן האט אפגע'גט זיין ערשטע פרוי און ער איז אויך געווען גע צוואונגען זיך אפצוגט'ן מיט זיין ליע־בער רוטה.

אבער לעצטענס האט זיך ארויסגע־וויזען, אז זיין ערשטע פרוי, פון וועלכער ער האט זיך אונאפיציעל געשיידט באלד נאך דער חתונה, האט געהאט געהייראט מיט א צווייטען מיט צוויי מאנאטען פריהער, איידער ער האט געהייראט מיט האווארטער..

ווערט שוין, הייסט עס, זיין צווייטע הייראט יעצט גילטיג און עס איז נאך דא פאר איהם א האפנונג, ווייטער צו לעבען מיט זיין ליעבער רוטה.

די דאזיגע געשיכטע האט דר. טאמ־סאן באקאנט געמאכט מיט א פאר טעג צוריק פאר זיינע קאלעגען פון דער יו־נגער בארד או העלטה.

## מ'קען שוין ווידער שיקען געלט צו קרובים

דער היגער אפיס פון דער פיפעלס רעליעף האט נעכטען ערהאלטען א טע־לעגראמע פון דער ניו יארקער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע, אז דאס אריבער שיקען געלט פון אמעריקאנער אידען צו זייערע קרובים אויף יענער זייט ים ווערט באנייט.

די ידיעה איז זעהר אן ערפרעהענדע. דער הונגער און נויט אין די מלחמה לענדער זענען ניט נאר ניט פארקלענערט געווארען, נאר האבען זיך נאך פאר־שטארקט און די היגע אידען וועלען געוויס אויסנוצען די גלענצענדע מעג־ליכקייט צו העלפען זייערע נאהענטע אין איירארא און אנדערע מלחמה לענדער.

ווי באוואוסט, האט די דזשאינט קא־מיטע גנהאט באשלאסען אפצושטעלען דאס אריבערשיקען געלט אויף יענער זייט ים פון ערשטען אפריל אן. די אורזאכע פון דיעזען באשלוס איז גע־ווען, וואס די אמעריקאנע הילפס ארגאנ־יזאציע איז ניט געווען טעכניש צוגע־גרייט אריבערצושיקען אזוי פיעל געלט, ווי ס'האט זיך לעצטענס ביי איהר אנ־געקליבען. זי איז דארום געצוואונגען געווען אויפהערען אנצונעהמען געלט און צוגרייטען די מעגליכקייטען אויף ארי־בערצושיקען דאס געלט איבער יענער זייט ים. איצט איז שוין אלץ אין אורד־נונג, און קיין אפהאלט וועט שוין מעהר ניט זיין.

ווי מ'גיט איבער פון דעם היגען אפיס, האט דאס אידישע דעטראיט פאר דער לעצטער צייט, אריבערגעשיקט פיעל געלט צו קרובים אין די מלחמה לענדער. ס'איז אבער צו האפען, אז די היגע אידען וועלען זיך ווידער באנוצען מיט דער מעגליכקייט פון שיקען געלט, דורך דער היגער פיפעלס רעליעף און זעהן העלפען, ווי ווייט מעגליך, זייערע אייגענע אומגליקליכע קרובים.

## עלייעס ווארענען בערלין געגען אומרוהען

בערלין, אפריל 21 — די פארשטעה־ער פון בעלגיום, פראנקרייך און איטא־ליען און ענגלאנד האבען געלאזט וויסען די דייטשע רעגירונג, דאס די עלייעס וועלען ניט טאלערירען א רעגירונג, וועל־כע איז ניט געשטימט נאכצוקומען דעם ווערסאלער שלום. זיי האבען ווייטער ער־קלערט, דאס יעדע רעוואלוציאנערע בא־וועגונג, אדער א ווידערקעהרונג פון די לעצטע אויפשטאנדען, וועט פארלענגע־רען דאס עקאנאמישע צודיקשטעלען פון דייטשלאנד, ווי אויך דאס שפייזען פון דייטשען פאלק.

# דער וועג
# THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY. INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50


## באצאהלט אייערע חובות דעם בית יתומים

אפשר וואלט עס גאר נישט אויסגעקוקט אזוי משונה׳דיג, ווען מיר זאלען איצט פארגעסען דאס פלאן פון א קאלעקטאר פאר׳ן בית יתומים. ווען איהר צערעדט זיך מיט אירגענד וועלכען הייסטינגס סטרים׳ער אידען פון די גוטע זאכען וואס דער אידישער קאפיטאל האט אויפגעטאן, איז די ערשטע מעלה וועלכע ער וועט צו דערציהלען, אז מען האט אויפגעבויעט א בית יתומים.

מען האט מיט א סך ״פיס״ און פאמפ די דאזיגע אינסטיטוציע אויפגעבויעט; עס האט אויך סענסאציע נישט געפעלט און אויף 818 איפן איז דער בית יתומים געווארען באפולער אין דער אידישער גאס.

מעהר נאך איז דיעזער אנשטאלט באוואוסט צוליעב דעם אנטייל פון די פרויען.

די דעטראיט׳ער אידישע פרויען, איבערהויפט די, פון דער אידישער גאס, האבען זיך אריינגעווארפען אין דער ארבייט און להכעיס יענע אלע, וואס קוקען מיט א ציניש שמייכעלע אויף די פעהיגקייטען פון דער פרוי, האט זיך זייער טעטיגקייט געקרוינט מיט ערפאלג.

און דאס איז אפשר דאס גרעסטע וואונדער געווען.

״ווייבער קענען א סך ריידען און גארנישט. אדער וועניג טאן״. — דאס איז דאך איינגעטלעך דער ״אני מאמין״ פון א גרויסער צאהל, אויב נישט די מאיאריטעט מענער.

נו, זייגען געקומען די פרויען און באוויזען אז ס׳הייבט זיך גארנים אן: די פרויען זייגען יא פעהיג עפעס צו טאן און טאקע עפעס גרויסעס און וויכטיגעס.

דאס אליין האט פאראורזאכט סענזאציע.

דאס האט דערוועקט אויך געציאונגען דעם עולם צו רייזען פון אי-נייעם דעם אינסטיטוט — דעם בית יתומים.

און — עס שטעהט דער אנשטאלט!

דער בנין גופא שטעהט פעסט און זיכער אויף א שטיינערנעם פונדאמענט.

דער פאנד אבער וואס דארף אויסהאלטען דעם בנין און די קינדער וואס געפינען אפדאך אונטער דעם בנין, איז וועהר און וועהר א שוואכער.

מען האט אפגעצאהלט דעם חוב וואס דער בנין האט געקאסט.

און עס מעהרען זיך די חובות פון אויסהאלטען דעם בנין און די יתומים.

קוקט מען אויבערפלעכליך, קען מען מיינען אז דעטראיט איז געוועזען פאראינטערעסירט איבערצוציהען א חיה, א מיער מיט אזוי פיעל און אזוי פיעל חדרים, וואס זאל זיך פאסען פאר א בית יתומים און — דערמיט האט זיך געענדיגט זייער ציעל.

דער אמת איז דאך אבער, אז מען האט אין זינען געהאט די יתומים.

ווארום זשע אינטערעסירט זיך נישט דער עולם וואס פריהער אפצו-צאהלען די חובות וואסמען האט צוגעזאגט, אום עס זאל זיין מיט וואס אויסצוהאלטען דעם בית יתומים?

אלע וואך ווערט דער בית יתומים פארזונקען אין נייע חובות; יעדער חודש — אכט הונדערט דאלאר חוב!

און עס איז נישטא קיינער וואס זאל געפינען א מיטעל פאר א פאנד, וואס זאל קלעקען אויסצוהאלטען דעם אנשטאלט.

און די וואס האבען מנדב געווען גרויסע און קלענערע סומעס געלד, ווילען זיך אויך נישט צו באצאהלען זיי.

איינגען ווארטען ביז מען וועט זיי עטליכע מאל קומען מאהנען; אנדערע שטעלען אזעלכע תנאים, וואס מען קען איצט נישט נאכקומען; נאך אנדערע זוכען אויס גלאט תירוצים און דערווייל זינקט מען אין חובות.

וואס פאר א פארענטפערונג קען דעטראיט, דאס אידישע דעטראיט [illegible] די יתומים פאר אזא פארנאכלעסיגונג?

מ י ר ווילען פון זיי קיין תירוצים נישט.

עס וואלטען אפילו די עטליכע און צוואנציג יתומים פאר א תשובה.

און די תשובה קען זיין נאר איינע: שאפט א פאנד, שטיצט דעם אנשטאלט און באצאהלט אייערע חובות!

## [illegible] ערשטע ארבייט פון דער יוראפיען דזשואיש ווימען וועלפעיר אסאסיאיישאן

האט איהר געלייענט אינם נעכטיגען נומער ״וועג״ דעם בריעף פון א [illegible]קער יתומה?

אויב נישט, טא זוכט אויס דעם נומער ״וועג״ און לייענט איהם א[illegible] אליין; גיט איהם איבערלייענען אייער ווייב און קינד און אייער [illegible]אנטע.

און לייענט דעם בריעף־אויפמערקזאם, און ווייסט אז איהר דארפט [illegible]ליבע אין ערגערע בריעף ערווארטען פון אוקראינע, ווען די פאסט וועט [illegible]ען צו געהן און קומען אהין און פון דארטען צו אונז.

און וואס, פריינד לעזער, האט איהר עפעס געטאן פאר אט דעם און [illegible]ערע פאראומגליקטע פון יענער זייט ים?

מיט דעם גורל פון אט דעם אומגליקליכען קליינעם קרבן האט זיך [illegible] אינטערעסירט די יוראפיען דזשואיש ווימען אסאסיאיישאן; דיזע פרוי-[illegible]רגאניזאציע האט באשלאסען אנצווענדען אלע מעגליכקייטען אום [illegible]ערציפרעגען אהער אט די יתומה און אויך איהרע ברידערלעך. דאס [illegible] ערשטע גוטע ארבייט וואס דיזע פרויען ארגאניזאציע געהט טאן.

[illegible]אפענטליך וועט זיך דער ארגאניזאציע איינגעבען אריבערברענגען [illegible] ראטעווען דיזע יתומים פון אונטערגאנג.

[illegible] זייגען דען דיזע די איינציגע?

עס איז פאראן די יוראפיען דזשואיש ווימען וועלפעיר אסס׳ן און עס [illegible] זיך נרינדען דער אוקראינער פארבאנד — דיעזע צוויי ארגאניזאציעס [illegible] פאר דיזע אומגליקליכע און יעדער איד איז מחויב צו שטיצען דיעזע [illegible] ארגאניזאציעס.

# אלגעמיינע און אידישע לאגע אין דייטשלאנד

(פון א געשפרעך מיט א באקאנטען אידיש - רוסישען זשורנאליסט.)

פון אונזער קאפענהאגענער קארעס - פאנדענט **ש. פאן**

2.

אין אונזער ווייטערען געשפרעך מיט דעם ה׳ טראצקי געהן מיר איבער צו דעם פונקט, וואס אינטערעסירט אונז אם - שטארקסטען — די לאגע פון די אידען אין דייטשלאנד.

ה׳ טראצקי, פונקט ווי אלע אנדערע, וועלכע האבען זיך לעצטענס אומגע - קעהרט פון דייטשלאנד, האלט זיך זעהר פעסימיסטיש בנוגע דער אידען - פראגע. ה׳ טראצקי ״האט אין זיין שילדערונג גע זוכט אביסעל צו ווארפען די שולד אויף א טייל פון די אידען גופא, דערפאר וואס זיי זעלבסט — די אידען, ספעציעל די מזרח־אידען אין דייטשלאנד שאפען דעם אנטיסעמיטיזם.



אז ביי דער דייטשער רעגירונג זע - נען פאראן אנטיסעמיטישע באשטרע - בונגען, אין דעם איז קיין צווייפעל נישט — דערציעהלט ווייטער ה׳ טראצקי — דאס קען מען זיך לייכט איבערצייגען ווען מען זעהט בלויז ווי אזוי מען באהאנדעלט אין דייטשלאנד די מזרח־אידען, און אידען איבערהויפט בכלל. אבער דערין איז אזוי ווייט נישט שולדיג די דייטשע רעגירונג, ווי די אנטיסעמיטישע עלעמענטען, וועלכע זוכען אין אלע פארשידענע רעגירונגס - אמטען און זענען עס די יעניגע וועלכע טרייבען דעם אנטיסעמי- טיזם און פארשפרייטען איהם צווישען די פאלקס־מאסען כדי אראפצוציהען די אויפמערקזאמקייט פון זייערע מאנאר - כיסטישע באשטרעבונגען.

איך ביי דער אידען־פראגע טרעפען מיר די ווידקואמע אנטאציאנס - אר- בייט פון די אלדייטשע יונקערס וועלכע זענען תמיד געווען אנטיסעמיטען און זע- נען עס אויך פארבליבען ביז היינט צו טאג. אבער אוועקגעהענדיג פון דער ראדי- נער אנשויאונג, מוז מען אבער צוגע- בען, אז די לעצטע ראציעס, וועלכע זענען פארגעקומען אין דייטשלאנד, איבער - הויפט אין בערלין, זענען שולדיג, מעהר אדער וועניגער שולדיג, די מזרח־אידען גופא.

עס איז בלויז גענוג זיך דורכצוגעהן א טאג אויף דער גראנאדיר־שטראסע און זעהן וואס דארט טוט זיך אפ. מען האנדעלט מיט געלדער און מיטען גאס, מען רעכענט זיך איבערהויפט נישט צו מען מעג, צו עס איז פארבאטען, מען שטעהט און מען קויפט און פארקויפט, זילבער געלד, רובעלס, עסטרייכישע קראנען, פוי- לישע מארקס א. ד. גל, און וויפיעל מאל מען האט שוין נישט אויפמערקזאם גע- מאכט ספעציעל די גאליצישע אידען, אז זיי זאלען פארשטעהן די סיטואציע און אויפהערען טרייבען די געלד־שפעקולא- ציע. אין די קאפע־הייזער פון דער גרא- נאדיר־שטראסע, האט דאס אבער וועניג וואס געהאלפען. אט דאס האט פיעל ביי- געטראגען, אז די דייטשע אנטיסעמיטען זאלען האבען א זאטשעפקע כדי צו פאר פאלגען מכלומרשט די אידישע שפעקו- לאנטען און גלייכצייטיג אויסנוצען די וועלבע אגיטאציע נעגען דעם אידענטום בכלל.

אין דייטשלאנד איז עס מעהר קיין סוד נישט, אז די יונקער - פארטיי טרייבט אן א שענדליכע העצערישע טע- טיגקייט קעגען די אידען טאג טעגליך. האט מען פאר קאנטער־רעוואלוציע פון דר. קאפ געקענט זעהן איבער די בערלי- נער און איבער די פראווינץ שטעדט- גאסען פרישע פלאקאטען, וועלכע זענען געריכטעט געווען נאר געגען די אידען. אט האט איהר א ביישפיל. איך קען אייך וויזען עטליכע פלאקאטען, וועל- כע איך האב מיטגעבראכט פון דייטש - לאנד דאס זענען לויף־צעטלעך, וועלכע זענען פראנק און פריי פארשפרייט גע- ווארען איבער די גאסען אין בערלין. לעזט זיי און איהר וועט שוין אליין פארשטעהן ווי אזוי מען באציהט זיך צו די אידען.

ה׳ טראצקי גיט מיר איבער עטליכע פון די זעלטענע העצערישע עקזעמפלא- רען און איך שטודיר זיי איבער. איך וועל פריבען די איבערגעבען דעם אינ- האלט פון איינעם פון די פלאקאטען, וועלכע ווערען אויסגעקלעפט און אויס- געטיילט איבער די גאסען פון דייטש - לאנד און די לעזער וועלען זיך שוין קע- נען פארשטעהן ווי ווייט דער אנטיסע- מיטיזם אין דייטשלאנד דערגרייכט.

אט איז א טייל פון׳ם אינהאלט:

### ״קיין פארטיי - פאליטיק, נאר דעם אמת! !״ דייטשע ארבייטער!

שוין זייט צעהנדליגער יאהרען ווי איהר קעמפט קעגען דעם קאפיטאליזם, קעגען דאס אויסנוצען אייערע ארבייטס- כחות איהר קעמפט און קעמפט און דאך קומט איהר נישט צום ציעל. פאר וואס? ווייל די אידען זענען עס די יעניגע וועל כע פארראטען אייערע אינטערעסען אי- בעראל טרעפט איהר זיי, די אידען, אין אלע אייערע ארבייטס־בראנזשען זענען זיי די פיהרער, אבער אליין ארבייטען, דאס מיידען זיי אויס. זיי, די אידען זו- כען תמיד די געלעגענהייט כדי דיך, דייטשער ברודער, אויסצונוצען און פון דיר צו פראפיטירען.

״זענען די אידען טאקי ווירקליכע אר- בייטער, וועלכע שטעהן אין דער זעלבער רייהע וואס איהר, דייטשע ארבייטער? ניין! ניין! און נאך אמאל ניין!

״ווייסטו דייטשער ארבייטער, ווען דו וועסט אויפהערען צו זיין א שקלאף, ווען מען וועט אויפהערען באנוצען דיין שוויס. נאר דאן ווען דו וועסט די אי- דען ארויסשטויסען פון דיינע רייהען, ערשט דאן, וועסטו זיין אן אמת׳ער דייטשער ארבייטער, אן אויפריכטיגער דייטשער סאציאל־דעמאקראט, כל זמן אבער דער איד שטעהט אין דיין רייהע, ביסטו נישט מעהר ווי זיין שקלאף, זיין דיענער און זיין אונטערטעניגער פונ׳ם דייטשען ארבייטער, און ער וועט תמיד זיין דיין פריינד, פאר דעם איד ביסטו נישט מעהר ווי אן אויסנוצונגס - מיטעל, אן אביעקט צו שלאגען קאפי- טאל פון דיר! אויב דו פארטרייבסט נישט דעם איד פון דיינע רייהען, ביסטו און בלייבסט א שקלאף דיין גאנצעס לע- בען! א שקלאף אין גאלדענע שטריק. דיך געהעהן די שטריק און דעם אידען דאס גאלד! דערפאר דייטשע ארבייטער מוזט איהר זארגען דערפאר, אז די אידען זאלען פארטריבען ווערען פון אייערע היי- מען!

### ״מיר ווילען קיין פאגראמען נישט האבען — מיר פאדערען דעם אמת!״

די דאזיגע שענדליכע פראקלאמאציע, וועלכע מהט ארום איבער׳ן לאנד אונ- טער דער מאסקע פון סאציאל־דעמ- מאקראטיזם, איז אונטערגעשריבען פון דער מיסטישער געהיימער ארגאניזאציע וועלכע צייכענט זיך מיט דעם אונטער- שריפט:

### ״אויסשוס פון פאלקס-אויפקלע- רונג״

אט אזעלכע פראקלאמאציעס און פלא- קאטען צירקולירען אין דייטשלאנד טוי- זענדערווייז און דאך האט די דייטשע רעגירונג זיך קיינמאל ערנסט נישט בא- מיהט כדי אויפצודעקען די איניציאטא- רען פון דער דאזיגער געהיימער אויס- שוס פון פאלקס־אויפקלערונג״, וועלכע איז זיכער נישט מעהר ווי א פיליאלע פון דער יונקער פארטיי וועלכע זוכט צו באקעמפען דעם אידישען ארבייטער אונ- טער דעם פאלשען נאמען פון סאציא - ליזם.

די דייטשע רעגירונג ווייסט מסתמא, אז די דאזיגע באנדע פראוואקאטארען שטעהן אונטער דעם פאהן פון די אלדייט- שע און דערפאר לאזט מען זיי אנגעהן מיט זייער ארבייט. דאס איז דערפאר, ווייל די דאזיגע פאליטיק פאסט זיך גראדע צו צו דער פאליטיק פון דער רעגי- רונג בנוגע די אידען.

מען זוכט פון אלע זייטען צו פאר - טרייבען די אידען פון דייטשלאנד און דערפאר לאזט מען עס אויף דעם געביט אפען און פריי די האנד פון די דייטשע אנטיסעמיטען. אויף דעם דאזיגען געביט פון ״פאליטישער ארבייט״, וואס עס פיה- רען אן די אלדייטשע קוקט די רעגירונג אוועק, ווייל זי, די רעגירונג גופא, זוכט מיט אלע מעגליכקייטען פטור צו ווערען פון די אידען.

באמערקונג:

דיעזע קארעספאנדענץ איז איבער דעם שלעכטען פאסט פארקעהר מיט אייראפא, פארהאלטען גע - ווען ערגעץ אויפ׳ן וועג. אונזער קארעספאנדענט האט דאס גע - שריבען נאך פאר דר. קאפ׳ס קאנטער רעוואלוציע, דאס שטערט אבער ניט דעם אינטערעסאנטען אינהאלט און אודאי נישט דער צווייטער העלפט פון דער קארעס- פאנדענץ, וואו עס רעדט זיך ווע- גען די אידען אין דייטשלאנד.

רעדאק.

# ליעדער

פון **ש. נעפאם**

## גרוסען

א טייבעלע האט זיך געזעצט אויף מיין פענסטער-
פאגילדטע די פעדערלאך ווייסע און גרויע.
עס קוקען די אייגלעך די בלאנקע אומרוהיג,
באטראכטען די פארהענגלעך ווייסע און בלויע.

א, טייבעלע, טייבעלע זיי ניט צעשראקען,
מיין טייערער גאסט, בעסער דערצעהל אויף דיין לשון,
צי האסטו מיר ווייט דורך די פעלדער און ים׳ען
געבראכט פיעל הארציגסטע פרעהליכע גרוסען?

און האסטו פוליכט אויף די וועגען באגעגענט
די אלטע און יונגע די פריינד מיינע פרומע,
**וואס טעג אזוי נאכט פון מיין בענקשאפט דער טיפער**
פארצערט ווערט מיין קראנקע און מידע נשמה.

דערצעהל האב רחמנות, א טייבעלע, פרומע,
דערצעהל, כ׳וועל פארשטעהן דיין פויגעלשען לשון
וואס מאכען די אלטע? ווי לעבען די יונגע?
דערצעהל מיר, דערצעהל מיר די הארציגסטע גרוסען.

## אויף די וועגען

איך האב געזוכט א טרייסט אין לעבען,
אויף ווייטע וועגען קרום און שווער.
זי האב איך אויף מיין וועג באגעגענט,
מיין שיקזאל זאל מיט איהר צו טיילען,
און שטארק געוועזען מיין באגעהר.

איך האב מיט טרערען אין די אויגען
געפעסטען זיך אין יענער נאכט,
איך לייד, מיין טרייער העלף מיר טראגען,
און גרינגער מאך מיין טיפען קומער —
זי האט פון מיר זיך אויסגעלאכט.

פאר־עמט בין איך געבליבען שטעהן,
מיין פנים בלייך ווי ווייס געוואנט
איך האב געוואלט פון איהר אנטלויפען,
און פון איהר שטעכיגען געלעכטער,
[illegible]

# די אידען אויפ׳ן שטערען מארס

פון **עליאש**

### אן אינטערוויו מיט א אידישען דעלעגאט פון שטערן מארס. דער אונטערשיד צווישען קאלאניזאציע און קאנאליזא - ציע. דער וועג פון זיין קומען.

כ׳בין געזעסען אין רעדאקציע געשריי- בען אן ארטיקעל וועגען דער נייעס, אז מארקאני קריגט טעלעגראמען פון שטערן מארס. פלוצים קומט אריין א איד פון מיטעלער וואוקס, אין א פיין פעלצעל, און רופט מיך אוועק אין א זייט.

— כ׳וויל מיט אייך, זאגט ער, רעדען וועגען א וויכטיגען ענין.

— זעהר אנגענעהם, זאג איך, רעדט!

— נישט דא! — קוקט ער זיך ארום אין אלע זייטען — ציפיעל מענשען, צו- פיעל טומעל.

— וואו דען? — פרעג איך, און קוק איהם אן אביסעל פארדעכטיג.

— קומט ארויף צו מיר אין האטעל אריין.

— אין האטעל אריין? — וואונדער איך זיך — זענט איהר נישט קיין היי- גער, הייסט עס?

— ניין, נישט קיין היגער.

— פון וואנען איז א איד?

— פון ווייטע מקומות — פון שטערן מארס!

— פון שטערן מארס?, — גיב איך אויף איהם א קוק מיט שטוינען.

— יא, מאכט ער, פון שטערן מארס. אט איז מיין אדרעס: נאדל מייערמאן, קאנאל גאס נומער 13, מארס.

— שלום עליכם! — גיב איך בא- גייסטערט א דרוק ארויין מיין האנט אין זייגער ס׳ערשטע מאל ווי איך זעה א אידען פון יענע מקומות.

איך האב מיט איהם פארשטעהט זיך, גלייך אויפ׳ן ארט געוואלט פארפירען א שמועס, אבער ער האט דוקא געוואלט, אז איך זאל קומען צו איהם אין האטעל אריין און דארט וועט ער מיט מיר שמוע- סען.

פונקט צו דער מינוט בין איך געווען ביי איהם אין האטעל.

נו, זאג איך איהם, איצט קענען מיר רעדען פריי.

— יא, איז ער מסכים. מיר׳ן רעדען, און קודם וויל איך זיך פאר אייך פאר- שטעלען מיט׳ן נאנצען יחוס; איך צו אייך געשיקט פון קאנגרעס פון די מארס׳ער אידען.

— פון אידישען קאנגרעס? — זאג איך איהם נאך וואונדערווייזערט, — איז אויפ׳ן מארס אויך דא א אידישער קאנ- גרעס?

— וואדען, ס׳איז נישטא? — וואונ- דערט ער זיך. און מיר האבען פארבאנ- דען אויך: א פארבאנד פון אוקראינער אידען וועט עס זיך טרויעריג אפרופען פארבאנד פון בוקאווינער אידען, א פאר באנד פון טערקישע אידען און נאך פאר- שידענע פארבאנדען.

— שוין לאנג, פרעג איך איהם, ווי אי׳ן האבען אנגעהויבען איינוואנדערען אויפ׳ן מארס?

— שוין א פופציג יאהר.

— נו, האבען אידען באטש עפעס א סך גוטע זאכען אויפגעטאן אויפ׳ן מארס?

— וויא, מאכט ער, ס׳איז איהם [illegible]

— אין ניט בלויז אויפ׳ן מארס, — זעצט ער פאר, — איך אויף די אנדערע פלאנעטען אויפ׳ן סאטורן זענט איהר שוין אמאל געווען? ניין, נאך קיינמאל נישט געווען אויפ׳ן סאטורן? אבער דעם גארטעל ארום סאטורן האט איהר דאך מסתמא באמערקט? אט דעם גארטעל האט געמאכט א חסידישער איד פון פוי- לען. ווען נישט זיין גארטעל, וואלט דער סאטורן שוין לאנג פאנאנדערגעפאלען.

— הייסט עס, וואונדער איך זיך, אז אויך אויפ׳ן סאטורן זענען פאראן אי- דען?

— ביי אייך, מאכט ער, איז עס נאך אפראגע? און אויפ׳ן יופיטער און אויפ׳ן וועגוס און אויפ׳ן אוראנוס און אויפ׳ן נעפטון — אומעטום זענען פאראן אחינו בני ישראל.

— ווי לעבען אין אלגעמיין די אידען אויפ׳ן מארס? האבען זיי פרנסה? לאזט מען זיי לעבען רוהיג?

— דער אונטערשיד, מאכט ער, פון אונזערע ערדישע אידען ביז אונזערע מאר- סער אידען איז א קליינער: אייערע אי- דען באשעפטיגען זיך כסדר מיט קאלא- ניזאציע און אונזערע אידען גיעבען זיך אפ מיט קאנאליזאציע. אונזערע אידען מאכען כסדר קאנאלען. דאס איז די הויפט אידישע אינדוסטריע אויפ׳ן מארס מ׳זיצט אין די פאבריקען און מ׳שטעפט קאנאלען, ווי ביי אייך הויזען. א פרעסער ביי קאנאלען מאכט שעהן געלט. איך ״אונטערביגלערס״ פארדיענען גאנץ נישט־קשה.

— וואס איז דער צוועק פון דעם מארסער אידישען קאנגרעס?

— אונזער הויפט־צוועק איז צו בא- קעמפען די אנטי־אימיגראציאנס געזעצען אויפ׳ן מארס.

— ווייל קען אויך אויפ׳ן מארס פאר שליסען די טירען פאר אימיגראנטען?

— יא, אבער דאס איז נאר א האלבע צרה. די ערגסטע צרה הויבט זיך ערשט אן — און אט צוליעב דעם טאקע בין איך דאס צו אייך אראפגעקומען.

— וואס איז?

— שטעלט מאכט ער, אויף ביידע אוי- ערן און הערט: ווי איהר ווייסט האט מארקאני אנגעהויבען קריגען טעלעגראמען פון שטערן מארס. די דאזיגע טע- לעגראמען שיקען צו איהם די מארסער אנטיסעמיטען; זיי ווילען זיך צונויפרע- דען מיט די ערדישע אנטיסעמיטען, כדי צוזאמען צו באקעמפען דאס אידישע פאלק און ארויסטרייבען פון די מארסער אידען די קאנאל־אינדוסטריע.

״אבער פריהער, זאגט ער, מוז איך אייך דערצעהלען ווי אזוי מיר קומען אויפ׳ן מארס: נאך מיט יאהרען און יאה- רען צוריק האט א ליטוואישער איד ער- פונדען א מיטעל ווי אזוי ארויפצוקומען [illegible] זיך און די מלחמה, מען זאל [illegible] אייך אהין אבלער אין מען פלאנעטען. ... א פראגע אביסעל — מאכט ער, ס׳איז איהם [illegible]

נעפאלען, אז דארט וועט קענען זיין א מקום מקלט פאר אידען און דערפאר האט ער זיין סוד נישט אויסגעגעבען פאר דער וועלט. מ׳האט ארויסגעשיקט שלוחים, וועלכע האבען שטילערהייט ארגאניזירט גרופעס אידען און זיך אוועקגעלאזט צום מארס. נישט אלע אידען ווייסען פון דעם סוד, אבער א היבש ביסעל ווייסען עס יא און טראגען עס שטילערהייט אין זייער׳ע הערצער.

״איצט, זאגט ער, ווען מארקאני׳ן זאל געלונגען זיך צו שטעלען אין פאר- בינדונג מיט די מארסיאנער און מ׳וועט זיך אויף אייער בלוטיגער ערד דערווי- סען, אז דארט זענען פאראן אזוי פיעל [illegible] א פארבאנד פון ליטווישע אידען א אויף די מארסער אידען. אהן דער הילף פון די ערדישע פעלקער זענען די מאר- סער אנטיסעמיטען מאכטלאז קעגען אונז, ווייל מיר האלטען די גאנצע אינ- דוסטריע, האנדעל און פרעסע פון מארס אין אונזערע הענט. זאל מען אבער פון דער ערד זיי שיקען הילף, זענען מיר קאפוט.

״וואס־זשע קענען מיר דא, אויף דער ערד, טון אייך צו העלפען?

— איהר מוזט זיך, זאגט ער, זעהן מיט איינפלוסרייכע אידען און זיי באר- וועגען צו שיקען א דעלעגאציע צו מאר- קאני׳ן, אז ער זאל נישט מעהר צו פוי- קען איבער דער וועלט די נייעס, אז ער קריגט טעלעגראמען פון מארס. זאלען זיי איהם דערקלערען, אז קיין איטאליע- נער זענען סייווי נישט פאראן אויפ׳ן מארס און קיין מאקאראני און ספאגעטי — אויך נישט. מ׳מ׳ עס טון וואס שנעלער.

איך האב איהם פייערליך צוגעזאגט **צו טון אין דער אנגעלעגענהייט אלץ,** וואס נאר מעגליך דערפאר האט ער מיר געגעבען א פיינע רעקאמענדאציע צו גרוי- סע אידישע פערזענליכקייטען אויפ׳ן מארס, אז אין פאל איך וועל אהין וועלען אויסוואנדערן, זאל איך נישט פאר- לוירען ווערען; אויס דאנקבארקייט האט ער מיך אויך אנגעשטעלט אלס קארעס- פאנדענט פאר דער גרעסטער אידישער צייטונג אויפ׳ן מארס, מיט׳ן נאמען ״דער אידישער קאנאל״, פון וועלכער ער האט מיר געגעבען איינינע נומערן.

ס׳איז שוין געווען שפעט אין אוונט, ווען מיר האבען זיך פריינדליך צוזע - געגט און ער האט זיך צוריק אוועקגע- לאזט צום מארס.

ווער עס וויל אויסגעפינען מעהר איינ- צעלהייטען וועגען מארס און די רייזע באדינגונגען אהין, זאל זיך ווענדען צו מיר פערזענליך און איך וועל מיט צו- פרידענהייט ענטפערן אויף אלע פראגען.

### די אמעריקאנער אידען פאר די פוילישע אידען

ד״ר. ראזענבלאט, וועלכער האט זיך צוריקגעקערט קיין ווארשא פון די פאר- איינגיגטע שטאאטען, איז געלונגען צו באאיינפלוסען די אמעריקאנער אידישע פינאנסיסטען צו גרינדען אין פוילען באנ- קען וואס זאלען פינאנסירען די עקאנאמי- שע ווידעראויפבויאונג פונ׳ם פוילישען [illegible]

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(פארטזעצונג)

(ניינטעס קאפיטעל)

## בלאנדזשענדיג איבער די גאסען פון נויארק

ווען מערי איז ארויס א צעקאכטע און אן אויפגערעגטע נאך דעם סקאנדאל אין הויז פון די פארבשטיין'ס, איז זי א שטיק וועג געלאפען נישט וויסענדיג אליין וואוהין זי לויפט.

זי האט קיין זאך נישט געזעהן און נישט געהערט.

דער גוזעמעל מיט מענשען וואס זי האט אויף איהר וועג אנגעטראפען און וואס האבען איהר אלע רגע דעם וועג פארשטעלט, האט זי גאר אלס מענשען נישט געזעהן... עפעס גלאט שטערונגען.

איהר וועג וועט שוין תמיד אזעלכער זיין, תמיד מיט שטערונגען, תמיד וועט מען איהר נישט לאזען גלייך געהן אויף איהר וועג, תמיד וועט זיך עמיצער, אדער עפעס אוועקשטעלען פאר איהר און וועט זי אפהאלטען פון איהר ווייטערן גאנג.

אט דרעהט זי זיך צווישען זיי, זי שטערט זיי. דרעהט זיך און פלאנטערט זיך פאר די פיס.

און זי געהט שנעל לויפט כמעט, און זעהט נישט אז פונקט אנטקעגען איהר געהט א פאארל געארעמט און קוקט זיך אזוי ליעבליך אין די אויגען אריין, און דארטען געהט אן עלטערע פרוי אנגע-שטפארט אויף א שטעקען און צעהלט איהרע טריט.

מערי זעהט זיי נישט. גלייך געהט זי און פאלט אריין דעם פאארל אין די גע-שלאסענע ארמס; שלאגט זיך אן אן דער אלטער פרוי; לויפט אריבער דעם וועג און אן אויטאמאביל קלינגט, פייפט און זי הערט נישט...

זי לויפט, איילענדיג.

זי זעהט נישט די גאסען, זי זעהט נישט די מענשען. נאר אט קוקט זי זיך אום, וואו זי איז ערגעץ.

אין קאפ ביי איהר איז א פלאנטער פון מחשבות, אפגעריסענע און שטיק-לעך געדאנקען פון דעם וואס האט ערשט פאסירט מיט איהר.

אפגעהאקט! וויעדער האט א טעמפע [illegible] אפגעשניטען פאר איהר דעם וועג?

וואס זאל זי יעצט טאן?

מיט דזשאזעף'ן איז זי פארטיג! מעהר וועט ער זי נישט זעהן און מעהר וועט זי איהם נישט זעהן. איינס פאר דעם אנדערן, זיינען זיי געשטארבען, טויט...

וואס זשע זאל ווייטער זיין?

דאס פארגאנגענע מיט דעם צוקונפ-טיגען האט זיך פאנאנדערגעטיילט. פאר-נאנדערגעריסען. נישטא קיין אייניגען איהר צווישען זיי. וואס זשע זאל איצט זיין? ווי אזוי זשע זאל זי איינארדנען איהר לעבען, דאס נייע, דאס ווייטערע לעבען?

עס איז שווער איצט זיך צוזאמענצו-נעמען.

דער פלאנטער איז פארוויקעלט.

איהר הארץ שטורעמט. איהרע געפיה-לען ברויזען און פאר די אויגען טאנצען איהר כל עדליי מענשען, מיט כל עדליי פנימ'ער און פארשיעדענארטיגער הלבשה א טיערגארטען... וואס לויפען זיי די מענשען? וואוהין באוועגען זיי זיך? וואס דענקען זיי און צו וואס שטרעבען זיי? איז באטש דא צווישען זיי איין איינציגער, וואס איז אזוי צע-לויפט און אזוי צעטריסעלט ווי זי אין [illegible]?

איז פאראן באטש איינער אויף גאנץ דער וועלט וואס פיהלט איהר מיט, וואס ליידעט מיט איהר צוזאמען?

יא, פאראן איינע: — איהר שוועס-טער חנה!

זי לויפט ווייטער, ווייטער. גאס איין, גאס אויס... מענשען דריקען זיך, שפאי-[illegible] זיך, יאגען איינס דאס אנדערע ארי-בער מיט אימפעט, און הוילער איילע-[illegible]...

וואוהין יאגען זי זיך, אדי מענשען?

חנה... דאס איז די איינציגע נשמה, וואס איז איהר נאהענט, [illegible] איז דער איינציגער מענש וואס דערמאהנט איהר [illegible] נישט פון א שטיין איז זי געבוירען.

ווען נישט חנה — — —

יא, וואס וואלט געווען ווען זי האט נישט חנה'ן [illegible]?

זי וואלט אפשר...

[illegible] נארישע מחשבות. אפט קומען איהר אויף אין געדאנק אזעלכע נארישע מחשבות. דאס זיינען קליינליכע מחשבות זייגען געדאנקען פון א קליינליכען עגא-איסט. און אז נישט פאר זיך אליין, איז דען פאראן קארג שענע אידעאלען און פרעכטיגע ארבייטען, צוליעב וועלכע עס לוינט זיך צו לעבען? האט זי דען מיט דעם לעבען א קאנטראקט געמאכט, אז עס מוז איהר דוקא געבען דזשאזעף'ן פאר א געליעבטען?

נארישקייטען!

דער מענש איז דערמיט אליין א גרוי-סער לינגער, וואס נישט נור נארט ער אפ יענעם, נור אויך זיך זעלבסט.. אט האט זי זיך אפגענארט, אז דזשאזעף קען זיין איהר געליעבטער און אז זי וועט מיט איהם היירעטען אמאל...

זי האט זיך גענארט. וואס זשע איז איהר אימיצער שולדיג?

פונדעסטוועגען איז איהר חטא א גרויסע שטערונג.

פארט וואלט זי איצינד אנדערש רע-אגירט אויף דעם לעבען.

ס'אר א מאדנע מאשין דער מענש איז. איין קליין רעדעלע האט זיך א דרעה געטאן אין אנדער זייט אריין און דער גאנצער מאשין ארבייט שוין צו יענער זייט...

וואלט באטש חנה געוואוסט.

זי האט דאך די גאנצע צייט פאר חנה'ן א ווארט נישט אויסגערעדט.

זי האט דעם סוד אין זיך אליין גע-טראגען; אין איהר אייגענעם הארץ האט זי דעם סוד געצערטעלט. דארטען איז ער געבוירען און דארטען טאקע וועט דער סוד צו קבורה קומען... שא, שטיל, קיינער וועט א פיפס נישט טאן. אזוי איז אפשר בעסער.

"א פרוי איז אומבעגרייפבאר"...

וואס פאר א פילאזאף האט אמאל גע-זאגט אזא נארישקייט?

זי וויל זיך דערמאהנען דעם נאמען פון דעם, וואס האט באשאפען דיעזען אפאריזם. זי שטעלט זיך אפ פאר א ווייל-לע אין מיטען גאס. עס קומען אן מענ-שען. מען קוקט זי אן פארדרעבטינט. זי כאפט אויף דעם בליק פון די מענשען און אנטלויפט ווייטער איבער די שטיי-נערנע טראטוארען...

אין גאס ווערט טונקעל.

א שעהנער אבענד קומט. די מענשען יערען וואס אמאל אליין מעהר און מרים פלאנטערט זיך אפטער פאר די פיס פון פארביגעהער און שפאציערענדע פאאר-לעך.

וואס וועט איצט זיין מיט חנה'ן? לויפט איהר דורך א געדאנק. וויעדער וועט זי זיך קארטשען אין דעם פינסטער-רען קבר אין דעם טענעמענט הויז און וועט די נשמה ארויסהוסטען צווישען די קויטיגע, שווארצע ווענט פון דעם ענגען, דושנעם און פינסטערן צימערל...

אפשר דערצעהלען איהר? זאל זי כאטש אויסדערצעהלען איהר ביטער מזל פאר חנה'ן, דעם איינציגען פריינד, וועמען זי פארמאגט אין לעבען...

אבער דאס איז דאך אבסורד!

זי קען חנה'ן אזעלכע "גוטע בשורות" נישט דערצעהלען. עס וואלט נאך פעה-לען חנה'ן א פעקעל פרישע צרות. פון דער זייט...

ניין, חנה טאר גארנישט וויסען. זי האט זיך איהר אייגענע פעקעל צרות.

נור, שא. וואו איז זי?

פאר דער גאנצער צייט זינט זי איז ארויס פון די פארבשטיינס, האט זי זיך דא ערשט געכאפט אז זי דארף א קוק טאן וואוהין זי געהט.

זי האט זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען.

די עלעקטרישע לאמטערנס אין דיא גאסען האבען שוין געלייכטען. די קרא-מען — מעהרסטענס פארשלאסענע, הא-בען אויך ארויסגעקוקט מיט די העל בא-לויכטענע שויפענסטער. די לופט איז ריין. יום טוב'דיג.

אין גאס דרעהען זיך ארום די מענ-שען אנגעטאן מעהר וועניגער אויסגע-פוצט. ווי זונטאג אין א גרויסען צענטער.

זי געהט צו צו א ראג. לייענט איבער דעם נאמען פון א גאס, וואס זי האט זיין מאל נישט געהערט און לאזט זיך געהן ווייטער... זי קומט צו צו אן אנדער ראג גאס און וויעדער עפעס א פרעמדער, א מאדנער נאמען.

מען דארף אימיצען א פרעג טאן. פאלט איהר איין, מען זאל איהר אנווייזען ווי אזוי אהיים צו געהן. עס איז דאך קיין תכלית נישט ארומצודרעהען זיך דא אויף דער גאס... אוועק פון דער היים נאך פאר דריי א זייגער און געזאגט אז זי וועט זיין צוריק אין א פאאר שעה ארום און איצט — — —

ווי קען איצט שוין האלטען דער זיי-גער?

עס איז שוין אודאי צעהן. און אפשר שפעטער נאך אוידער צעהן.

זי לאזט זיך אריין אין א טונקעלער גאס.

אט שטעהען דארטען צוויי אויטאמא-ביל פאהרער.

זיי קענען בודאי וויסען די גאסען.

— ווייסט איהר נישט ווי אזוי איך קען דא ארויסקומען אויף טשע-רי סטריט — פרעגט מערי ביי איינעם.

דער ענטפערט איהר אפ ברוגז, אז ער ווייס נישט. לאזט זי זיך ווייטער געהן, יאגט אן אן אנדער שפאציערענדען: —

צי קענט איהר מיר נישט זאגען ווי אזוי מען קען דא ארויסקומען אויף טשערי סטריט?"

דער ענטפערט איהר ווייכער, אז ער אליין איז נישט קיין היגער און קען איהר דערום נישט זאגען וואו טשערי סטריט שפארט ערגעץ אן.

און אזוי'א געהט מערי פון איינעם צום אנדערען און קוקט זיך ארום ביי יע-דער גאס, און פרעגט ביי יעדען, וועלכער עס דאכט זיך איהר, וועט צו איהר פריינדליך זיין און וועט איהר ענטפערען.

זי ווערט שוין אביסעל צעמישט. עס קומט איהר ארויף אויף'ן זינען, אז זי וואלט נאר באדארפט צוגעהן צו א פא-ליסמאן און איהם בעטען ער זאל איהר דעם וועג אנווייזען, ווי אזוי מען געהט, אדער, ווי אזוי מען פאהרט צו טשערי סטריט.

ווי עס ווייזט אויס איז זי ווייט אוועק פון דעם אידישען געגענד; עס ווייסט דא קיין איינער נישט וואו עס ליגט דער אי-דישער קווארטאל.

זי האט פארבלאנדזשעט.

געהט זי און זוכט אן אויסוועג, און זי האט גאר קיין שום באגריעף נישט, אז אימעצער געהט איהר הינטען נאך פוס טריט און היט זי, ווי מען היט א גנב. זי ווייס נישט, אז א דעטעקטיוו שפיא-נירט איהר נאך שוין א היבשע וויילע.

אט זעהט זי א טונקעל באלויכטען גע-סעל. עס האט דעם אויסזעהן ווי איינס פון די געסלעך אין דעם אידישען קווארטאל. זי לאזט זיך אהער אריינגעהן, און דא האט זי זיך מיט דעם חברה מאן, וואס מיט דער [illegible], דעם דעטעק-טיוו דיווידסאן אנגעטראפען.

זי האט זיך פארליירען און מורא'דיג דערשראקען.

זעהר א סך האט זי זיך אנגעהערט פון אזעלכע חברה, וואס קידנעפען מייד-לעך און פארקויפען זיי; זי האט א סך געלייענט מכח ווייסע שקלאפען הענד-לער, זי האט פון א שכנה אין טשערי סטריט געהערט, ווי מען האט ביי איהר א מיידעל'ע [illegible] פופצעהן יאהר אלט צו-גענומען אין מיטען העלען טאג און נור דורך גרויסער באמיהונג פון דער פאלי-צייי איז איהר געלונגען דאס קינד ארויס-צוראטעווען.

האט זי דערום זיך דערשראקען און געלאזט לויפען.

זי איז געלאפען א מינוט, צוויי און דאן אנידערגעפאלען צו דער ערד אין אהנמאכט.

אויפגעכאפט האט זי זיך אין דער פא-ליצייי-סטאציאן אין דעם צימער פון דער מרס. ברוסטער...

(שלוס אויף זייטע 4)

# איינמאל אין א מיטען נאכט

(ערצעהלונג)

פון ישראל ראבינאוויטש

(סוף)

מיין קאמפאניאן, וועלכער האט די גאנצע צייט גערעדט האסטיג און אין איין אטעם, האט געמאכט די ערשטע פאוזע. ער האט פארדרייכערט א סיגאר-רעט, האסטיג אין זיך געצויגען דעם רויך, א ווייל'ע געטראכט און פארגע-זעצט:

"אויב איהר האט א מאל שטארק-שטארק ליעב געהאט א פרוי, ווייסט איהר מן הסתם, און אפשר ווייסט איהר דאס ניט, אז עס ליעגט א גוואלדיגער פאר-נעניגען אין אנטאן פיזישען וועהטאג דער פרוי וואס איהר האט ליעב.. א יא איהר וואונדערט זיך? עס ליעגט אין דעם געוויס א חיה'שער אינסטינקט, אבער עס איז אזוי...

"מיין ענטפער אויף איהרע ווערטער: "ווי ס'געפעהלט דיר" איז געווען: צוויי פייערדיגע פעטש. דאס איז געווען פאר מיר ווי א ליידענשאפטליכע באפרידי-גונג. דער צווייטער פאטש האט איהר געטראפען אין נאז און בלוט האט זיך באוויזען... זי האט געמאכט א גוואלד און היסטעריש זיך צושריען:

— יא, א הונט ביזטו!.. און א משוג-גע'נער שלעכטער הונט דערצו!.. איך האס דיך!! איך האב דיך קיין מאל ניט געליעבט!.. איך האב דיר אלעמאל לאסקעס צוגעווארפען, ווי מען ווארפט צו א הונט.. איך האב אין דיין געטריי-ער ליעבע זיך פארליעבט, אבער ניט אין דיר!! איך האב דיך געהאלטען פאר א גוטען הונט, וואס קען אפשאצען לאס-קעס!.. אבער איך האב זיך גענארט!

— "האסט זיך גענארט?

— "יא!.. איך! איך האב זיך גע-נארט!

"איהרע קולות זיינען וואס ווייטער אלץ היסטערישער געווארען. שכנים פון צווייטען הויז זיינען פון די בעטען ארויס געלאפען און זיינען ערשיענען אויף דער סצענע אין זייערע נאכט-קליידער; א נאכט-פאליסמאן האט דערהערט די קולות און איז אריינגעלאפען אין הויז; עס האט ניט גענומען קיין דריי מינוטען און באלד איז דאס צימער פול געווארען מיט פארשיעדענע "גוטע מענשען" — נאכט-וואנדלער, וועלכע האבען אויפ'ן ערשטען בליק מיך פאראורטיילט אלס שרעקליכען מערדער.. איך בין צוגעגאנגען צום פא-ליסמאן און איהם געבעטען ער זאל מיך ארעסטירען, לאנג בעטען האב איך איהם ניט געדארפט. ער האט מיך אנגענומען פאר'ן קאלנער פארטיג צו ארעסטירען. נעלי האט ניט געהאט ראנגען און אין 3 מינוט ארום בין איך געווען פארשפארט אונטער אייזערנע גראטעס..

"אויף מארגען אין דער פריה האט מען מיך פארגעבראכט פאר'ן פאליציי-מא-גיסטראט, ווען מען האט מיך אוועקגע-זעצט אויף דער אנקלאגעס-באנק, האבען די צייטונגס צושויער אויף מיר אנגע-טייטעלט מיט די פינגער: איך האב פאר-שטאנען, אז די מארגען-צייטונגען האבען שוין געהאט דעם סקאנדאל באשריבען מיט אלע איינצעלהייטען..

"נעלי איז ערשיענען אויפ'ן וויטנעס-סטענד און געבעטען דעם מאגיסטראט ער זאל מיך ניט באשטראפען.. אלץ וואס זי וויל איז — ארויסקריגען א גט.

"דער פאליציי-מאגיסטראט, אן על-טער קליין-בירגערל מיט א קליין-קליין קעפעלע, האט געהאלטען פאר מיר א גאנצע דרשה און מיר געגעבען צו פאר-שטעהן, אז איך דארף דאנקבאר זיין אט-דער איידעלער פרוי, וועלכע איך בין ניט ווערט צו האבען אלס מיין ווייב, פאר דעם חסד, וואס זי טוט מיט מיר, וואס זי ראטעוועט מיר פון 6 מאנאטען געפענגעניש און צעהן שמיץ — ווי עס איז די שטראף, לויט די געזעצע פון יענעם שטאט פאר שלאגען א ווייב..

"און נעלי'ן האט ער פארזיכערט, אז ער וועט איהר העלפען ארויסקריגען א גט פון איהר ברוטאלען מאן.

"מען האט מיך באפרייעט! נעלי איז ניט געקומען מעהר א היים: זי איז גע-שטאנען ביי א באקאנטער. אין צוויי וואכען ארום האט מען מיך גערופען אין געריכט, אויסצוהערען נעלי'ס קלאגע פאר א גט.

"דער משפט איז צוגעגאנגען זעהר לייכט. מיין לאיער האט מיך געפרעגט, אויב איך קען באווייזען, אז מיין פרוי האט זיך אויפגעפיהרט אוממאראליש און ווען איך האב איהם געענטפערט, אז איך קען דאס ניט באווייזען, האט ער אויפ-געגעבען די קייס..

"אזא אידיאט!..

"אט וועל איך עס איהם געהן באוויי-זען פון וואנען זאל איך עס וויסען?"..

— — — — — — — — — — — —

מיין דערצעהלער איז אנטשוויגען גע-ווארען. די הויכע בערג, וואס זיינען גע-ווען מיט א קאלטען פריה-מארגען טוי באוואשען האבען זיך שוין געהאט גע-ווארימט אין דעם אנקומענדען גאלד-שיין פון דער זון; פון א דערבייאיגען וועל-דעל האבען שוין פויגעל זייער מארגען-שירה געזונגען, דער פארמער האט זיך שוין געהאט גע'עסק'ט מיט די קיה און מיין קאמפאניאן, וועלכער איז אין יענעם מאמענט געווען שטארק נערוועז און אויסגעמאטערט, האט פארגעשלאגען אז ס'איז שוין צייט שלאפען..

— אבער וואס איז געווארען מיט נע-לי'ן? — האב איך געפרעגט זייענדיג ניי-געריג צו וויסען דעם סוף.

— איך ווייס ניט, איך בין באלד נאכ'ן משפט אפגעפאהרען אהער. איך ווייס נאר איין זאך: פון געריכט איז זי ארויס געארעמט מיט דעם.. נו, לאמיר איהם רופען "קלאון" — וואס איז דער חילוק?..

## א אינסטיטוציע פאר מוטערס אין יפו.

אלס רעזולטאט פון די שלעכטע היי-גיענישע און סאניטארע באדינגונגען איז די שטערבליכקייט פון קינדער אין ארץ ישראל צווישען אלע קרייזען זעהר גרויס. די איסלענדישע דאקטארין האט דארום באגרינדעט אין יפו א אינסטיטוט וועלכען מוטערס וועלען ווערען אונ-[illegible] ווי אזוי זיך אויפצופיהרען מיט [illegible] קינדער.

# לעזט דעם "וועג"

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד
אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, רעטראיט, מיש. טעלעפאן: טשערי 3715

## חזה'ס א טאכטער

פון י. ג—ן

„חזה'ס טאכטער" — דאס איז דער נאמען פון באלזאק'ס א ראמאן, וואס האט אין זיין צייט ניט ווייניג סענזאציע ארויסגערופען.

אין זיין ראמאן „חזה'ס טאכטער" האט באלזאק געשילדערט א פרוי וואס האט אין יענער צייט באהערשט די גאנצע אריסטאקראטיע פון איראפא און בפרט די וואס אין איטאליען, עסטרייך און פראנקרייך.

דאס איז געווען די באריהמטע דושינא דע ליטא, וועלכע איז געווען פאר שמ'ט אלס די שעהנסטע פרוי אין איראפא.

שפעטער האט עס אויך גע'שמ'ט מיט איהרע ליעבעס, דורך וועלכע זי האט פאר דרעהט די קעפ פון א סך פראמינענטע אריסטאקראטען, מאכטהאבער, קייזער-ליכע מקורבים און אויך קעניגע.

אין אן ארטיקעל אין אן ענגלישען זשור-נאל שרייבט א מאיאר א מין נביאה וואו ער זאגט, אז סוף כל סוף וועלען מיר זיך דערוויסען אז נאר א סך פון חזה'ס טעכטער האבען געהאט ניט קיין קליי-נעם חלק אין דער איצטיגער וועלט קא-טאסטראפע און אז ניט ווייניג פון זיי האבען געהאלפען רוסישער צו מאכען דעם קאכאגען ים פון מענשליך בלוט א דאנק זייערע אינטריגעס און א דאנק זייער שעהנקייט און זייערע ליעבעס.

„די לע ליטא'ס — שרייבט דער מא-יאר — פעהלען קיין מאל ניט. מ'וועט שוין איצטער אן אויף אזעלכע שעהנע דאמען אין דעם קעניגליכען הויף פון דעם רוסישען צאר, פון דעם קעניג פון גריכענלאנד און פון דעם קייזערליכען הויף אין דייטשלאנד און פון עסטרייך. עס וועט שפעטער קלאהרער ווערען, אז די צארטע פרייען-לאנד האט א סך בייגעטראגען צום איצטיגען וועלטקאם...

די דע ליטא, וועגען וועלכער דער דער-מאהנטער מאיאר שרייבט אין זיין אר-טיקעל, איז געשטארבען מיט איין חודש פאר דעם אויסברוך פון דער איצטיגער מלחמה.

געשטארבען איז זי אין לאמבארדי, אין א דערפעל אין איטאליען.

פארגעסען און איינזאם איז זי אין איהר דארפישען וואהנונג געשטארבען און קיינער האט וועגען איהר טויט ניט גע-שריבען און קיינער האט זיך ניט מצער געווען, ניט געטרויערט.

די באריהמטע שעהנהייט, וועלכע האט ניט אפגעלעבט קיין איין טאג ניט ארויס ציהענדיג קיינע נוצען פון איהר שעהנ-קייט און וועלכע האט אין דער פאליטי-קע פון לענדער געשפיעלט א גוואלדיג גרויסע ראליע — וועלכע האט זיך גע-רעכענט פאר דער מעכטיגסטער פרוי אין דער וועלט, פאר וועמעס פיס עס האבען קעניגע געקניהעט און פאר וועמעס ליע-בע קעניגע און קעניגליכע מקורבים הא-בען זייערע לעבענס געאפפערט — אט ריעזע מעכטיגע פרוי ווערט עס איצט מיט פאראכטונג דערמאהנט פון דעם מאיאר און מיט רעכט באוואר פט ער איהר אנ-רענקען מיט קויט און בלאטע.

דע ליטא איז שעהן געווען.

די גרעסטע איראפעאישע מאהלער, די דער באריהמטער מאהלער ווינצענגע יעלא און אנדערע, האבען זי געמאהלען; אטען האבען איהר שעהנקייט באזונ-גען; שריפטשטעלער האבען זייערע ווערק איהר געווידמעט און זי אלס מאדעל פאר זייערע העלדינס גענומען — אבער דע ליטא'ן איז דאס אלעס ווייניג געווען.

זי האט געוואלט מעכטיג ווערען.

אין איהרע אויגען האט זי צו די קע-ניגליכע הויפען געווענדעט.

דריי קעניגע, עטליכע פרינצען און א הויכע ביסעל אריסטאקראטיע פון קעניגליכע הויפען זיינען איהרע שקלא-ווען געווען. איהר לעבען איז אויף אזא פון געבליבען פארבונדען מיט ניט ווע דיפלאמאטישע סכסוכים און איירא-...

אין דעם וואס איטאליען האט צוגע-...ען לאמבארדי פון עסטרייך, איז צו דאנקען בלויז דער שעהנקייט פון דע ...אס דע ליטא.

...דאס איז געווען איהר ערשטער שפאן

צו דעם איטאליענישען קעניגליכען הויף און א דערנעהענטערע באציהונג צווישען איהר און צווישען דעם איטאליענישען קעניג וויקטאר עמאנועל.

נאכדעם, ווען זי איז געקומען קיין פאריז, איז זי אויף דארטען לייריג ניט געזעסען.

איהר ערשטע ארבייט איז געווען צו פאנגען דעם העלד. נאפאלעאן דעם דריטען.

אבער דא האט זי אויך אנגעשטויסען אויף דער שפ'ענדיגער איפערזוכט פון נאפאלעאן'ס פרוי, די באריהמטע שפא-נישע שעהנקייט, וועלכע האט ניט גע רוהט אין פון דער ערשטער מינוט אן, ווי זי איז געווארען געוואר'ע פון איהר מאנ'ס באציהונגען צו דע ליטא'ן, האט איהר גענומען פארפאלגען.

איהר ארבייט איז אבער געקריינט גע וואר'ען מיט אן ערפאלג ערשט דעמאלט, ווען די דייטשען האבען נאפאלעאן'ען באזיעגט און גענומען געפאנגען. דער מאלט האט די קעניגין אנגעווייזען אויף דע ליטא'ן אלס דער געפעהרליכסטע-שפיאנקע וואס האט פארקויפט פראנק-רייך'ס אינטערעסען צו דייטשלאנד.

עס זיינען געווען שטארקע באווייזע — צי אמת'ע אדער פאבריצירטע, איז שווער צו זאגען — וואס האבען באשטעטיגט דער קעניגינס באשולדיגונג און דע ליטא איז ארויסגעווארפען געווארען אין טורמע.

שפעטער איז זי טאקע דורך דייטש לאנד באפרייט געווארען און אפגעשיקט געווארען קיין איטאליען. וואו זי האט ווייטער ניט גערוהט. ווייטער זיך איינ-געריסען אין קעניגליכען הויף אין — גע-פאנגען דעם פרינץ הומבערט.

פון ארטימען האט זי, ווי עס ווערט איס, באמת ליעב געהאט דעם פרינץ. ווארים אזוי גיך ווי ער איז געטויט גע-ווארען, האט זי זיך צוריקגעצויגען פון דעם עפענטליכען לעבען און זיך אוועק-געפאהרען אויף א גוט לאמבארדי, וואו זי האט געעפענט א קינדער שפיטאל.

פאר דעם שפיטאל וועגען האט זי איהר גאנץ ציהרונג פארקויפט, די טייערסטע מתנות פון דעם פרייסישען פרינץ, פון נאפאלעאן'ען און פון די אנ-דערע קעניגע און פרינצען.

אין דעם דערפעל האט זי איהרע אי-בעריגע יאהרען אין דער שטיל אפגע-לעבט ביז אין דער עלטער פון איבער זיבעציג יאהר.

אט דאס איז זי די דע ליטא, וועגען וועלכער עס רעדט דער מאיאר און וועל-כע זאל איהר גלייכען האבען אויך איי-איצטיגער שווערער צייט אין די קעניג-ליכע הויפען פון עסטרייך, פון גריכענ-לאנד און אנדערע, וואו זיי האבען פאר-פלאנטערט דעם בלוטיגען פלאנטער נאך שווערער דורך זייערע אינטריגעס און ליעבעס.

## בריעף אין רעדאקציע

ווערטער רעדאקטאר פון „וועג".

לעזענדיג דעם בריעף פון הרב אייז מאן, דעם 16טען אפריל אין אייער ווערטער צייטונג, האב איך זיך געש-טעלט די פראגע: אויב יענער גראסערי-מאן איז אזא שומר-שבת'ניק, טא וואר-ום קעמפט ער ניט? ער וואהפט די שולד אויף די רבנים, אבער ווער ווייס דען ניט, אז די רבנים אין אמעריקא זיי-נען אין א געוויסען זין, אמת'ע מארטי-רער. די רבנים אין דער אלטער היים האבען פאקטיש געקעניגט אין יעדער שטעדטעל; זייער א ווארט איז געווען א באפעהל, וואס פלעגט גלייך אויסגע-פיהרט ווערען, אבער ניט אזוי איז אין דער פרייער-אמעריקא. אומשטיינס גע-וואנט! דא ווירקט ניט קיין התראה פון א רב.

איינס, איז אבער פונדעסטוועגען זי-כער: ווען אונזערע שוהל-אידען זאלען מיטהעלפען אונזערע ווערטע רבנים, וואלטען מיר דא פיליכט נאך בעסער אויסגעפיהרט ווי אין דער אלטער היים.

איך דענק, אז עס איז אם פלאץ, דאס די ווערטע רבנים זאלען ארויסלאזען אן אפיעל צו אלע שוהלען, זיי זאלען שי-קען זייערע אפיסערס צו א מיטינג. דער מיטינג זאל געהאלטען ווערען אין אזא קהל'שען אנשטאלט ווי ווילקינס סט. תלמוד תורה, אום איין שוהל זאל ניט האבען וואס צו זיין „דושעלאוס" אויף דער צווייטער.

עס דארף געגרינדעט ווערען א חברה שומרי-שבת איך בין זיכער, אז הינדער טער מענשען וואלטען זיך אנגעשלאסען אן אזא חברה. די אויפגאבע פון דער חברה זאל זיין, אנצופאנגען א ברייטע אגיטאציע פאר שמירת שבת. איך זעלבסט און פיעלע אנדערע זיינען שוין דורכגעגאנגען שבעה מדורי גיהנום קעמ פענדיג פאר שמירת-שבת איך זעלבסט גלויב און פיהל, אז ווען איך האב ניט מיין הייליגען שבת פאר די לעצטע 18 יאהר וואס איך בין אין אמעריקא, וועל בער ניט מיר פרישע קרעפטען פאר א גאנצער וואך, וואלט אך עס פיליכט שוין ניט אויסגעהאלטען, ווי קענען מענ-שען הארעווען אהן אן אפשטעל?

איך אפעליער צו אונזערע ווערטע רבנים, זאלען זיי זיין די ערשטע ווער קער אין ארויסלאזען אן אפיעל פאר אזא מיטינג ווי אויבענדערמאנט. איך וואלט זיך געשעצט גליקליך אריינגעקומען צו ווערען אין אזא חברה. איך האף אז די רעדאקציע פון „וועג", וועלכע האלט שבת פון ערשטען טאג אן, זייט וועט מיטהעלפען אונזערע רבנים אין דיעזער ארבייט.

אין ווען אזא חברה וועט געגרינדעט ווערען, האף איך אז עס וועט ברענגען די געווינשטע נוצען און הרב אייזמאן וועט פאדיענען דעם גרעסטען דאנק פאר זיין בריעף פון אלע דעטראיטער אידען ווע-מען עס איז טייער דער שבת.

מיט אכטונג,
שלמה זאמדריים.

## דר. גאלדמאן פאהרט קיין לאנ-דאן פאר דער הילפס-ארבייט אין אוקראינא.

פון איהר איראפעאישען דירעקטאר דר דושוליוס גאלדמאן האט די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע געבטען באקומען א קייבעל אין וועלכער ער מעלדעט:

דעם 15טען אפריל פאהר איך אפ צוזאמען מיט פראפ. פרידלענדער קיין קאפענהאגען און לאנדאן כדי זיך געגווי-ער צו באקענען מיט די מעגליכקייטען פון אריינקומען אין אוקראינא. מיר רע בענען צו פארבלייבען דארט אומגעפעהר צעהן טעג.

די קאמיטע, וועלכע איז ארגאניזירט געווארען אין בודאפעסט, באשטעהט פון ארטאדאקסען, ליבעראלען, ציוניסטען און פארשטעהער פון די ארומיגע קהילות קיין ארבייטער-ארגאניזאציע עקזיסטירט דארט נישט און עס איז נישט געווזען ווער עס זאל אונז געבען ארבייטער פערטרעטער אין דער קאמיטע.

## טויזענדער שפייז פעקלעך צו-שיקט איבער די שטעדט און שטעדטלעך פון פוילען.

א קייבעל, וואס די דזשאינט דיסטרי-ביושאן קאמיטע האט געבטען באקומען מעלדעט אז די פעקלעך שפייז, פאר וועל כע קופאנעס ווערען געקויפט אין אמע-ריקא, זענען שוין פונאנדערגעשיקט גע-ווארען אין אלע גרעסערע שטעדט פון פוי-לען, כדי זיי זאלען זיין גרייט פאר די קופאנעס, וואס וועלען אהין אנקומען. די קייבעל זאגט:

עס זענען אנגעקומען 13 וואגאנען מיט אמעריקאנער שפייז, וועלכע זענען פערטיילט געווארען אין פעקלעך. צו טויזענד פעקלעך זענען שוין ארויסגעשיקט געווארען קיין ביאליסטאק און לעמ-בערג. אנדערע זענען אויפ'ן וועג קיין ווילנא, ראוונא, מינסק און ברעסט ליטאווסק יעדער פעקעל ענטהאלט 80 פונט מעהל, רייז, באב קאקא און אנדערע שפייזען.

איינצאמבילען פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע מיט דער אמע-ריקאנער פאהן באזוכען יעדער שטאדט און שטעדטעל אין פוילען און שטעלען צו אריין די נעלדער, קליידער און אנ...

Michigan

Published Daily by
WEG PUBLISHING CO.

# דער וועג
The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. ... authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Friday, April 23rd 1920 Vol. 2, No 60 פרייטאג, אפריל 23, 1920

# עליעס ערלויבען ענגלישע ארבייטער קאמיסיע צו פאהרען קיין רוסלאנד

לאנדאן, אפריל 22. — די דעלעגאציע פון די ענגלישע ארבייטער, וועלכע פאהרט אפ קיין רוסלאנד אויסצופארשען דארטען די אלגעמיינע באדינגונגען, וועט באשטעהן פון 3 פארשטעהער פון דעם טרייד יוניאן קאנגרעס און 4 פארשטעהער פון דער „לייבאר פארטיי". די דעלעגאציע פאהרט אפ פון לאנדאן קומענדען שבת.

דאס אויסערן מיניסטעריום, האט געלאזט וויסען די ארבייטער פארטיי, דאס זייערע דעלעגאטען וועלען באקומען פאספארטען אפצופאהרען קיין עסטאניע, פון וואנען זיי וועלען שוין אהן שטערונגען קענען אנקומען קיין סאוועטען רוסלאנד. דער אויסערן מיניסטער האט א דירעקטע ידיעה פון סאן רעמא, אז דער אליאירטער העכסטער ראט הייסט גוט די ענגלישע ארבייטער מיסיע.

די טרייד יוניאניסטען וועלען אין דיזער אויספארשונג זיך אפגעבען מיט די לעבענס באדינגונגען פון די רוסישע ארבייטער. די פארשטעהער פון דער לייבאר פארטיי וועלען אונטערזוכען די סאוועטען סיסטעם פון דער רעגירונג בנוגע דער עקאנאמישער לאגע פונ'ם לאנד און האנדעלס ענינים.

דער טרייד יוניאן קאנגרעס האט שוין ערוועהלט זיינע דריי פארשטעהער, צווישען וועלכע ס'געפינט זיך מיס מארגארעט באנפעלד, וועלכע וועט רעפרעזענטירען די ענגלישע ארבייטער פרויען.

## לענדלארדס וועלען מוזען צאהלען דאפעלטע טעקסעס

**סיטי קאונסיל באשליסט צו העכערען די אסעסמענטס אויף פראפערטיס אין איינקלאנג מיט די געהעכערטע רענט און נייע ריעל־עסטייט פרייזען. — ווילען דערמיט אפשלאגען דעם חשק פון לענדלארדס צו שפעקולירען מיט ריעל עסטייט און רייסען העכערע רענט. — טענאנט סטרייק מיט אידישען לענדלארד געסעטעלט. — פרוי ווערט היסטעריש און סטראשעט, אז בלוט וועט זיך גיסען אין די גאסען.**

נעכטען בייטאג איז אין סיטי האל פארגעקומען דער צווייטער עפענטליכער פארהער מכח די העכערע רענט. לענדלארדס פון געוויסע אפארטמענט הייזער האבען זיך צוגעהערט צו די קלאגען פון זייערע טענאנטס און נאכדעם איז אויסגעהערט געווארען די פארטיידיגונגס זייט.

אויסהערענדיג ביידע צדדים איז דער קאונסיל געקומען צום באשלוס, אז מען דארף נעהמען א „דירעקטע שטעלונג" געגען די רענט פראפיטירער. די דירעקטע שטעלונג וועט באשטעהן אין העכערען די טעקס אסעסמענטס אויף פראפערטיס צו אלע לענדלארדס, וועלכע רייסען א פאס פון זייערע טענאנטס.

דאס וועט מיינען, אז דער ווערט פון א הויז, וועט געשאצט ווערען לויט איהר פולער איינגאהמע. און אזוי שנעל ווי א לענדלארד וועט העכערען רענט, וועט דער אפצאהלונגס־שטייער שטייגען, אין פיעלע קייסעס וועט דער אסעסמענט פארדאפעלט ווערען.

ווען דער דאזיגער באשלוס פונ'ם קאונסיל איז אנאנסירט געווארען, האט עס געטראפען ווי א דונער די אנוועזענדע לענדלארדס. עס איז אויך באקאנט געווארען אז אין דעם אסעסארס אפיס ווערט יעצט צוזאמענגעקליבען אינפארמאציע בנוגע די לעצטע פרייזען פון איינציגע גרויסע אפארטמענטס. די דאזיגע נייע פרייזען ווערען אריינגעפיהרט אין די ביכער און דאס וועט מיינען, אז די אסעסמענטס פון דיזע אפארטמענטס וועלען שטייגען אויף טויזענדער דאלארס.

דורך דיזען וועג גלויבט דער סיטי קאונסיל צו פארבלאקירען די פלענער פון די לענדלארדס, וועלכע ריכטען זיך אויף נייע גרויסע פראפיטען.

קאונסילמאן לאדזש האט ערקלעהרט, אז עס וועט פאקטיש יעצט געשטעלט ווערען א טשאלענדזש צו ריעל עסטייט שפעקולאנטען און זאלען זיי זיך ניט לעגען קיין פויגעלאך אין בוזים, אז זיי וועלען אפלעקען א ביינדעל פון די געהעכערטע רענט.

די ערשטע, וואס זיינען נעכטען גערופען געווארען צו'ם פארהער, זיינען געווען 13 טענאנטס פון אן אפארטמענט אויף 1237 מיביען סט. וועלכער באלאנגט צו אנטאני מאאילא, א לאיער, וועלכער האט זיין אפיס אין קא[illegible]נד בילדינג.

ווען מאאילא'ס נאמען איז אויסגערופען געווארען איז ניט געקומען קיין ענטפער. דער טשערמאן פון קאונסיל מר. ליטעלפיעלד האט אנאנסירט, אז דאס איז שוין דאס צווייטע מאל, וואס מאאילא אנטזאגט זיך צו קומען אויסהערען די קלאגען געגען איהם.

„איך שלאג פאר — האט דער טשערמאן געזאגט — אז אינספעקטאר היקס זאל געהן צו איהם אין אפיס און איהם אויפפאדערען צו קומען. אין פאל ער קומט ניט, וועט ער אנגעקלאגט ווערען אין געריכט.

עס איז פארגעלעזען געווארען א בריעף, אונטערגעשריבען פון 21 טענאנטס פון יענעם אפארטמענט, אין וועלכען עס ווערט באוויזען אז רענט איז פאר'ן געהעכערט געווארען פון $45 ביז $65 פון $60 ביז $75 און אין איין פאל איז רענט געהעכערט געווארען ביז $100.

### רענט סטרייק מיט אידישען לענדלארד געסעטעלט

נאכדעם איז אויסגערופען געווארען דער נאמען פון מר. ווייסוואסער, אייגנטימער פון א פלעט אויף 167 קרימטיאנס פט., וואו עס איז פארגעקומען א סטרייק פון טענאנטס, וועלכע האבען זיך ענטזאגט צו צאהלען א העכערונג אויף זייער רענט פון $40 ביז $75.

דיזע קייס איז נאך געשטאנען אויפ'ן קאלענדאר לעצטען מאנטאג; אבער אזוי ווי מר. ווייסוואסער איז ניט געקומען צום פארהער, איז עס אפגעלעגט געווארען אויף א וואך.

נעכטען איז אנאנסירט געווארען, אז דער סטרייק אין יענעם אפארטמענט איז געסעטעלט מיט א זיגע פאר די טענאנטס, ווייל מר. ווייסוואסער האט זיי באווויליגט א נייעם ליעס אויף דעם אלטען פרייז.

נעכטען איז אויך פארהאנדעלט געווארען די קייס פון מר. רזשיק שעוויטץ, א דריי גודס סוחר אויף מישיגאן עוו., און זיין פארטנער מר. דזש. שניידער, וועלכע האבען נאך לעצטען מאנטאג געמאכט ביזי דעם קאונסיל מיט זייער קייס וועלכע איז א שעהן ביסעל פארפלאנטערט.

איין זאך איז אבער געווען גאנץ זיכער מאנטאג און נעכטען און דאס איז — אז דיזע לענדלארדס האבען געדעיזט זייערע טענאנטס פון $30 אויף $75 אויף זייערע אפארטמענטס אין 900 — 904 סטעגלי עוו.

די מעשה איז אזוי געווען: [illegible] לעצטען מא[illegible] שניידער [illegible] מען צום [illegible] געמאכט פאר [illegible] שעוויטץ. אליין [illegible] די נשמה שולדיג און אין [illegible] שולדיג זיין פארטנער.

האט מען געשיקט א סאמאנס צו שעוויטצ'ן און ער איז געקומען צום נעכטיגען פארהער און ערקלעהרט, אז ער איז ווירקליך דער גאנצער באס. האט דער שטאט לאיער מר. ברענאן גענומען "בארגענען" מיט שעוויטצ'ן פאר א נייעם ליעס פאר זיינע טענאנטס אויף דעם אלטען פרייז. דער דיאלאג איז צוגעגאנגען אזוי:

„ווי געוואלט געווען מר. שעוויטץ, ווען איהר זאלט געבען א נייעם ליעס צו אייערע טענאנטס אויף 90 טעג צו $50 א מאנאט רענט?

„ניט גענוג", האט שעוויטץ געענטפערט.

„וואס איז לויט אייער מיינונג א שכלדיגער רענט?" — האט דער לאיער ווייטער געפרעגט.

„אלע בוי מאטעריאלען זיינען בראנד טייער", האט מר. שעוויטץ געענטפערט. אלענפאלס, איך דארף זיך בעראטען מיט מיין פארטנער"..

„הייסט עס — האט דער לאיער געזאגט — מאנטאג האט שניידער געזאגט, אז ער ביסט אין גאנצען און ער גאר ניט און יעצט ערקלעהרסטו, אז ער איז אויך עפעס. טא ווי אזוי שטימט עס?"..

דער דאזיגער ארגומענט האט געווירקט און שעוויטץ האט זיך גענומען אביסעל בויגען.

„וועל, איך וועל זיי לאזען שטעהן 90 טעג אויף די אלטע רענט"...

הכלל, ס'איז אויפ'ן פלאץ אויסגעמאכט געווארען א געשריבענער אגרימענט און די פראגע וועגען דער הויז אויף סטעגלי סטריט איז פארלויפיג געסעטעלט.

עס איז אבער דא נאך א קלאגע געגען מר. שעוויטץ, אז ער האט א צווייטען אפארטמענט, 170 וויינדער סטריט פון $45 אויף $90 א מאנאט.

די דאזיגע פראגע איז איבערגעגעבען געווארען צו דער באורד אף רעוויו.

### פרוי ווערט היסטעריש און סטראשעט מיט בלוט

עס זיינען נאך דעם אויסגעהערט געווארען צוויי טענאנטס, איינע א מרס. ראוז ליפערט פון 595 הייסטינגס סט. איז אין פארלויף פונ'ם פארהער געווארען היסטעריש, און אויסגעשריהען:

„בלוט וועט זיך גיסען אין די גאסען! איך וועל ניט מופען פון הויז! וואוהין זאל איך געהן? איך וועל הרג'ענען מיינע קינדער און זיך אליין!"

איהר היסטעריק איז געקומען דערפון, וואס איהר לענדלארד מר. דזש. פ. וועבער האט איהר גערעיזט פון $30 אויף $70 אויפ'ן מאנאט. עהנליכע קלאגען געגען זעלבען לענדלארד זיינען אריינגעבראכט געווארען פון מרס. פ. שקאלניק און מרס. מאלי הערמאן פון 953 הייסטינגס סט.

דאן איז גערופען געווארען מר. דזש. פ. וועבער, וועלכער איז דזשענעראל מענעדזשער פון דער דזש. וועבער קאמפ. ער האט ערקלעהרט אז די באטרעפענדע הייסטינגס סטריט פראפערטי איז לעצטענס אפגעקויפט געווארען פון זיין קאמפאניע און איז אפגעדונגען געווארען פון הערי דזש. פאלווין, וועלכער צאהלט $200 א מאנאט פאר דער הויז צו דער קאמפאניע. ער האט ערקלעהרט אז זיין קאמפאניע האט פארדונגען פון דריי ביז פיער הונדערט הייזער.

„האט איהר אלע פיער הונדערט טענאנטס גערעיזט רענט?" — האט אסיסטענט פראסעקיוטאר סייערס געפרעגט.

„יא — האט וועבער געענטפערט — די הייסטינגס סטריט פראפערטי איז געקויפט געווארען פאר $20,000 אבער די קאמפאניע פארדינגט ניט איהרע הייזער דירעקט צו יעדען טענאנט, נאר גיט איבער די ליעסעס אויף א גאנצער פראפערטי צו איין מענשען, וועלכער פארדינגט דערנאך איינציגע וואוינונגען און דערפאר קען מען דער קאמפאניע ניט בלאמירען פאר'ן הויכען רענט.

אט דער דאזיגער היפאקריטישער סטייטמענט האט עס אזוי אויפגערעגט די מרס. ליפערט און זי האט אויסגעשריהען:

אונזער פריהערדיגע לענדלעידי האט ניט געוואלט פארקויפען דאס הויז. פאר וואס קומט איהר, רייכע לייט און קויפט אויס דאס אייגענטום פון די ארימע? וואס האבען מיר אייך געטאן? פאר וואס באדערט איהר אונז? פאר וואס בויעט איהר ניט קיין נייע הייזער"?

און נאכדעם איז געקומען דער פריהער געבראכטער היסטערישער אויסגעשריי, וואס האט געבראכט דערצו, אז דער סערדזשאנט עט־ארמס זאל איהר ארויספיהרען פון צימער.

דער קאונסיל האט בטל געמאכט די קייס געגען וועבער'ן און וואס ווייטער וועט זיין, בלייבט צו זעהן.

### געהט פארהיטען אן עקסידענט און ווערט אליין דערהרג'עט

דזשיימס דארינא, א לייבארער, וועלכער איז געלאפען פארהיטען א צוזאמענשטויס פון צוויי קארס, איז אליין איבערגעפאהרען געווארען פון אן אויטאמאביל, געטריבען פון הערי שומער, 860 סט. ענטוויין סט. דארינא איז שרעקליך פארוואונדעט.

## יאפאן באריכטעט זיג איבער באלשעוויקעס

טאקיא, אפריל 22. — דער קריגס אפיס האט פארעפענטליכט א באריכט, אז 1,500 באלשעוויסטישע סאלדאטען זיינען באזיגט געווארען לעבען טשילגאפסקי, צו מערב פון טשיטא, אין מזרח סיביר.

## סוויטשמען בעטען העכערונג פון 58 פראצענט

וואשינגטאן, אפריל 22. — ס. ע. העבערלינג, פרעזידענט פון דער סוויטשמען יוניאן אוו נארט אמעריקא, האט היינט צוגעשטעלט צו דער לייבאר באורד די פאדערונגען פון די סוויטשמען, א טייל פון וועלכע זענען די לעצטע וואכען ארויס אין א ניט־באפאלמעכטיגטען סטרייק.

בעטענדיג א העכערונג פון 58 פראצענט, איינס און א האלבס פאר „אווערטיים", זונטאגס און יום־טובים, האט מר. העבערלינג ערקלעהרט, אז די ארבייט פון די סוויטשמען איז די ריזיקאלסטע פון אלע אנדערע באהן ארבייטער, און אז דער פראצענט פון טויטענס פעלע און אזוי עקצידענטען איז נאך ביי זיי פיעל גרעסער, ווי אין דער קוילען אינדוסטריע. דאס דורכשניטליכע אינדוסטריעלע לעבען פון א סוויטשמאן, האט ער געזאגט, איז מעהר ניט, ווי 7 יאהר.

די באהן מאגנאטען האבען נעכטען פארגעשלאגען, אז מ'זאל זיי ערלויבען צוזאמענקלייבען פאר דער לייבאר באורד א סטאטיסטיק פון די פאדערונגען פון די באהן ארבייטער. געגען דיזען פארשלאג זענען שארף ארויסגעטראטען די ארבייטער פארשטעהער, וועלכע האבען ערקלעהרט, אז דאס וואלט געמיינט אפצולעגען דעם באהן סכסוך אויף פיעלע מאנאטען. איינער פון די באהן־ארבייטער האט געזאגט, אז די באהן אייגנטימער ווילען פארציהען דעם סכסוך, כדי יעדען מאנאט אנצוקלייבען פיעל מיליאנען דאלאר.

די לייבאר באורד האט אפיציעל געלאזט וויסען, דאס זי וועט ניט אויפהערען די טענות פון די פארשטעהער פון סט. לואיס'ער, און שיקאגא'ר יארדסמען אסאסיאיישאנס. די פארטרעטער פון דיזע ארגאניזאציעס האבען ערקלערט אז זיי וועלען איבערגעבען דעם באשלוס פון דער לייבאר באורד צו די סטרייקער, אבער זיי זענען זיכער, אז די סטרייקער וועלען ניט ווערען באאיינפלוסט פון דעם און זיי וועלען ניט געהען צוריק צו דער ארבייט.

### צוריקגעוויזענע סטרייק פיהרער רעדען צו ארבייטער אויפצוגעבען סטרייק

שיקאגא, אפריל 22. — די דריי סטרייק פיהרער, וועלכע זענען ארעסטירט און באפרייט געווארען און וועלכע האבען אויף נעכטיגער מאסען פארזאמלונג געמאכט א ניט געלונגענעם פארזוך צו ווירקען אויף די סטרייקער זיי זאלען אויפגעבען דעם סטרייק, פיהרען איצט אן פראפאגאנדא פאר צוריקקעהרען זיך צו דער ארבייט.

דזשאן גרונאו, וועלכער איז נעכטען באפרייט געווארען אויף 10 טויזענט דאלאר באנדס אבער צו שפעט צו זיין אנוועזענד אויף דער מאסען פארזאמלונג, האט היינט אפגעהאלטען א קאנפערענץ מיט די סטרייקער. נאך דער קאנפערענץ האט גרונאו ערקלעהרט, דאס ער, וועט ניט באפעהלען די ארבייטער צו געהען צו דער ארבייט, ביז זיין „קייס" וועט ניט פארענבראכט ווערען פאר דעם פעדעראלען געריכט.

### לענדלארדס וואס וועלען ניט קומען אויסהערען קלאגען וועלען אנגעקלאגט ווערען

די יעניגע לענדלארדס, וועלכע וועלען זיך ניט אפרופען אויף דעם „סאמאנס" צו קומען צו די קאונסיל הירינגס אויסצוהערען די קלאגען פון זייערע טענאנטס, וועלען גערופען ווערען אין געריכט, וואו עס וועט זיי ערווארטען א געוויסע שטראף.

אזוי האט נעכטען ערקלעהרט דער פרעזידענט פון דעטראיטער סיטי קאונסיל, מר. דזשאהן סי לאדזש.

## קאמיטע פון פינף וועט באשטימען באפרייאונג פון „רויטע"

מר. פ. פ. אינגראם, וועלכער האט זיך נעכטען צוריקגעקעהרט פון א קאנפערענץ וואס ער האט אפגעהאלטען מיט דעם אסיסטענט סעקרעטערי אף לייבאר פאסט, האט אנאנסירט, אז ער איז באפאלמעכטיגט געווארען פונ'ם דעפארטמענט אף לייבאר צו פארמירען א סיטיזענס־קאמיטע פון פינף, וועלכע וועט האבען צו באשטימען, וועלכע ארעסטירטע ראדיקאלען אין פארט וועין עס דארפען באפרייעט ווערען און וועלכע ניט.

140 מענשען ווערען איצט געהאלטען אין פארט וועין אויף דער באשולדיגונג פון „געפעהרליכען ראדיקאליזם" און עס איז די מיינונג פון דעם לייבאר מיניסטער, אז אלע, וואס וועלען ווערען פון דער קאמיטע געפונען אלס „ניט זעהר געפעהרליך", זאלען זאפארט באפרייעט ווערען.

ביים ערשטען קאמיטע־מיטינג וועלען אויסגעארבייט ווערען פלענער ווי אזוי צו שטעלען פערזענליכע באנדס פאר די יעניגע וואס זיינען ארויסגעלאזען געווארען אויף בייל.

### א חשוב'ר גאסט אין דעטראיט

רבי דר. קאפלענדער פון רבנישען קאלעדזש פון אמעריקא, „ישיבת רבנו יצחק אלחנן" איז נעכטען אנגעקומען קיין דעטראיט און וועט היינטיגען שבת בעפאר מוסף און בעפאר מנחה ריידען אין שוהל מגן אברהם (איסט קוירבי סט.)

דר. קאפלענדער איז פאררעכענט אלס איינער פון די בעסטע דרשנים צווישען רבנים, און איז א גראדואירטער אראטאר פון העכערען זארט, קיינער דארף ניט פערפעהלען צו הערען דעם טאלאנטפאלען מטיף פון 20טען יאהרהונדערט.

### ארבייטער דערהרג'עט פון א דריי שטאקיגען פאל

דזשאהן ס. שאלים, 30 יאהר אלט פון 144 באלדווין עוו., איז אומגליקליך דערהרג'עט געווארען, ווען ער איז ארונטערגעפאלען פון 5־טען צום צווייטען פלאר פון דעם דזשענעראל מאטארס בילדינג, קאס עווענו און וועסט גרענד באולעווארד.

## נייע שטעט אין אוקראינא אפען פאר פריוואטע געלד־זענדונגען

די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע האט נעכטען באקומען פון איהר ווארשעווער אפיס א טעלעגראפישע מעלדונג וועגען א רייהע נייע שטעדט אין דער אקופירטער געגענד פון אוקראינא, וואוהין מען קען שוין ערשט שיקען פריוואטע געלדער. די קייבעל זאגט:

„פאלגענדע גרעסערע שטעדט און די קלענערע שטעדטלעך אין די אומגעגענדען זענען געעפנט געווארען פאר פריוואטע געלד־זענדונגען: נאוואגראד — וואלינסק, פאלאנגאיע לובאר, סטאראקאנסטאנטינאוו, פראסקוראוו און קאמעניעץ פאדאלסק.

„דער גרעסטער טייל פון דער אידישער באפעלקערונג אין די אלע שטעדטלעך און ווייטער די קייבעל — איז אין גאנצען רואינירט. זאלען די אמעריקאנער קרובים און לאנדסלייט פון די אידען אין יענע שטעדט זיך גלייך באנוצען מיט דער געלעגענהייט און שיקען זיי געלד אזוי שנעל און אזוי פיעל ווי מעגליך דורך דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע".

די קאמיטע מאכט אויפמערקזאם, אז איהרע אפיסעס זענען ווידער אפען פאר אלע פריוואטע געלד זענדונגען און אפעלירט דערביי צו די קרובים און די לאנדסלייט פון די דערמאהנטע שטעדט אין אוקראינא, אז זיי זאלען מיט זייערע פריוואטע זענדונגען העלפען דער קאמיטע אין איהר ארבייט פון לינדערען די שרעקליכע נויט פון די אוקראינער אידען.

## קאיא באפרייט פון פארראט קלאגע

פאריז, אפריל 22. — דער סענאט האט היינט מיט 213 געגען 28 שטימען באשלאסען, אז די קלאגע פון פארראט געגען געוועזענעם פרעמיער קאיא איז ניט באגרינדעט. דיזער אבשלוס שליסט אויס די מעגליכקייט פון טויט שטראף פאר'ן אנגעקלאגטען.

פאריז, אפריל 22. — יאזעף קאיא, געוועזענער פראנצויזישער פרעמיער, איז היינט אויפגעטראטען מיט זיין אייגענער פארטיידיגונג אינ'ם סענאט, וואו ער ווערט גע'משפט אויף דער קלאגע פון פיהרען פאררעטערישע אונטערהאנדלונגען מיט דייטשלאנד.

„איך בין א קרבן פון דער פאסטקייט, מיטעלמעסיגקייט פון דער פראנצויזישער אפיציעלען סיסטעם וועלכע איך האב שטענדיג געוואלט פארניכטען — האט קאיא ערקלעהרט — איך בעט ניט קיין רחמנות ביי אייך, אלץ וואס איך וויל א', אז איהר [illegible] צו מיר גערעכטיגקייט".

דער אורטייל וועט היינט נאך ארויסגעגעבען ווערען פון די ריכטער, וועלכע וועלען האבען וועגען דעם א געהיימע זיצונג.

קאיא'ס פארטיידיגער האט אין זיין רעדע אויפגעוויזען, דאס דער סענאט האט ניט קיין רעכט דעם באשולדיגטען צו משפט'ען, ווייל די קלאגע איז אזעלכע, וואס א קריעגס געריכט דארף ענטשיידען. דארום האט ער געפאדערט, דאס דער סענאט זאל קאיא'ען אינגאנצען באפרייען, אדער איהם איבערגעבען צו א קריעגס געריכט.

## ביים מיטינג פון „וועג" אססאסיאיישאן

מיטוואך אווענד איז אונטער דער פארזיץ פון וויס פרעז. מר. ה. וויינבערג אפגעהאלטען געווארען דער ערשטער מיטינג פון „וועג".

דער פארזיצענדער האט געגעבען א קורצע איינלייטונג און ערקלעהרט די מאראלע סיטואציע פון „וועג" איצט און פון פריהער; ער האט דאן אויפגעפאדערט דעם הויפט־פארוואלטער פון „וועג" מר. י. ה. לימאן אפצוגעבען א באריכט פון דער מאטעריעלער זייט פון „וועג".

מר. לימאן האט ערקלעהרט אז דער „וועג" האט אין זיין ערשטען יאהרגאנג געמאכט בעסערע פארשריטע איידער אירגענד וועלכע צייטונג שוין דערפאר אליין, וואס זי האט קיין געלד נישט דערלעגט, אין צייט ווען אנדערע צייטונגען האבען דאס באין אופן נישט געקענט דערווייזען נישט נאר אין דעם ערשטען יאהר פון זייער עקזיסטענץ, נאר אפילו נישט אין צווייטען יאהר.

נאך איהם האט גערעדט דער רעדאקטאר פון „וועג" מר. ב. י. גאלדשטיין וועלכער האט ווידערהאלט, אז די צייטונג דארף ווערען א קהל'שע, נישט נור דורכדעם וואס עס זאלען צוגעצויגען ווערען מעהר שערהאלדערס, נאר עס זאל טאקע זיי, די שערהאלדערס, איבערגעגעבען ווערען די קאנטראל, על כל פנים, פון דער מאראלער זייט פון דער צייטונג.

עס רעדט נאכדעם מר. נאגעל און אין זיין רעדע לויבט ער דעם מוט און אונטערנעהמונגס גייסט פון מר. י. ה. לימאן, וועלכער האט אזוי פיעל ארבייט אנשטרענגונג און אומערמידליכע מיה אוועקגעלעגט אויף אוועקצושטעלען אין דעטראיט א ריינעם טעגליכען אידישען ארגאן, מיט וועלכען דעטראיט מעג שטאלץ זיין און ער מאכט א פארשלאג אז א קאמיטע פון 15 זאל ערוועהלט ווערען, וואס זאל ארבייטען לטובת דעם ערפאלג פון דער צייטונג.

מר. קעצען ערקלעהרט אז ער וואלט צופריעדען געווען, אז דיזע 15'ער קאמיטע זאל זוכען מיטלען און וועגען אויך צו באשאפען א מעגליכקייט אז די שערהאלדערס זאלען קאנטראלירען די צייטונג און נישט קיין יחיד.

עס רעדט נאכדעם דער ערשטער רעדאקטאר, מר. י. ל. מאלאמוט, וועלכער גיט אן איבערבליק איבער דער פארגאנגענהייט פון דעם „וועג" סיי פון מאראלען און סיי מאטעריעלען זינען. ער שטיצט מר. נאגעל'ס פארשלאג און דער פארזיצענדער טרעט צו צו דער ערוועהלונג פון דער קאמיטע.

עס ווערען ערוועהלט פאלגענדע ה"ה: ראזינסקי, נאגעל, סילווער, סעצין, קויפמאן, בלאנק קענין, אראנאוויטש, דיאמאנד ז. בעקער, לעווינסאן, מ. ל. מאלאמוט, לעווייס ראזענפעלט און דער רעדאקטאר ב. י. גאלדשטיין.

עס ווערט נאכדעם באשלאסען אז די קאמיטע זאל אפהאלטען איהר ערשטען מיטינג נעקסטען מאנטאג אווענד אין אפיס פון „וועג".

# אונזער ענטפער
פון הרב פ. סאראווסקי

וואס וויל דער מזרחי? צו וואס דארף מען דעם מזרחי? אט די צוויי פראגען ווערען געשטעלט פון פיעלע. זעלבסט פערשטענדליך, אז ווען די ערשטע פראגע ווערט פארענטפערט ווערט די צווייטע שוין ממילא פארענטפערט.

וואס ווילען די מזרחים? ווארום אר-בייטען זיי ניט צוזאמען מיט די אלגעמיינע ציוניסטען? אויף דעם ענטפערען מר דאס. מיר ארבייטען מיט ד אלגעמיינע ציוניסטען; אין אלע ארבייט וואס טראגען א פאליטישע אדער אן עקאנאמישען כאראקטער. מיר קליבען פאר'ן נאציאנאל פאנד, פארקויפען שעהרס פון דער קאלאניאל באנק, צאהלען שקלים א. ז. וו. אבער די סתם ציוניסטען האבען בלוז געדארפט טאן פאליטישע און עקאנאמישע ארבייט אין ארץ ישראל און איבערלאזען די קולטורעלע ארבייט צו יע-דער פראקציע, לויט איהר פראגראם, לויט איהר באגריף. אבער אזוי ווי די סתם ציוניסטען זיינען ניט געבליבען סתמים נור אויסגעשפראכענע נייטראליסטען מיט א פארציג צו דעם ניט רע-ליגיעזען צד, מיזען די מזרחים טהאן די קולטורעלע ארבייט גאנץ זעלבסשטענדיג און מיר ווילען ארבייטען מיט דעם זעלבען מסירת נפש נעגען דעם ניט איד-ישען גייסט אין ארץ ישראל, ווי די העברעאיסטען קעמפען געגען שארגאן אין ארץ ישראל, ווייל די תנהה איז ביי אונז נאך הייליגער ווי די העברעאישע שפראך. און כדי אונזערע מיינונגען זאלען געהערט ווערען מוזען מיר ארבייטען אלס א באזונדערע פראקציע אין דער ציוניסטישער וועלט ארגאניזאציאן. מיר קענען ניט זיך באנוגענען מיט דעם וואס מיר ווערען זיין א טייל יעדער לאנדס ארגאניזאציע, ווייל דאמאלס וועלען מיר בטל ווערען ברוב. מיר וועלען אפשר זיין גוטע געלד געבער אבער מיר וועלען קיין מאל ניט קענען זיין קיין טאן נעבער, און ניט קיין [illegible]

[illegible] זעלבע פראג [illegible] פון מלכות [illegible] משפחה ותורה, [illegible] שבטים וועלכע [illegible] אידען זיין [illegible] פאלק, און [illegible] געצייגט, אז [illegible] האבען אנגע [illegible] פון זייערע [illegible] אטיזם ניט [illegible] רישוואונדען [illegible] דאס אידי-[illegible] גערייך פון [illegible] ויי צו גאט, [illegible] ס איז היי-[illegible] נג שטארק [illegible] טון און צו [illegible] און אב-[illegible] וויי די האר-[illegible] נג אז דער [illegible] יינע ניים [illegible] ה, און זיין [illegible] בן זכאי גע-[illegible] לען ערלוי-[illegible] עוזען צענ-[illegible] האט פער [illegible] יורענטהום [illegible] שרעקלי-

[illegible] גלות'ן אין די פערשיעדענע לענדער און די פערשיעדענע תקופות.

דארום גלויבען מיר, אז אהן דעם אי-דישען גייסט קען ניט זיין קיין תחית האומה. מיר קענען ניט בויען א לאנד ווי אלע לענדער, ווייל מיר זיינען ניט קיין פאלק ווי אלע פעלקער. מיר זיינען א גוי קדוש און מיר מוזען האבען אן ארץ הקדושה.

דער מזרחי איז די ציוניסטישע ארגא-ניזאציע וואס וויל, אז קלייך ביים יסוד פון בויען ארץ ישראל, זאל אלץ געבויט און געטאן ווערען על פי תורת ישראל, זאל אלץ געבויט און געטאן ווערען על עס זאל ניט זיין סתם א לאנד, נאר א אידי'ש לאנד, וואו דער ערשטער גייסט די אידישע טראדיציע, זאל זיין קאנטיג אויף יעדען טריט און שרט.

דער מזרחי געהט איצט אן מיט שיין קאמפיין פאר א צוויי מיליאן דאלאר פאנד צוויי מיליאן דאלאר איז בערך א קליינע סומע לגבי די גרויסע ארבייט וואס דארף איצט געטאן ווערען און לגבי די הונדערטער טויזענדער אידען, וועל-כע ברייננען נאך איצט גרויסע קרבנות פאר'ן אלטען, טראדיציאנעלען יודענ-טום. די סומע מוז געשאפען ווערען. קיין איזו' סאר ניט שטעהען מן הצד אין דער גרויסער, הייליגער שעה.

דע, מזרחי איז די אמת אידישע ארגא ניזאציע וואס וויל בויען אן אמת אי-דישע ארץ ישראל.

## ד"ר. ספיוואק שטודירט סאניטארע לאגע אין מינסק און אומגעגענד

א קאבעל צו דער דזשאינט דיסטרי-ביושאן קאמיטע פון ווארשא מעלדעט.

דר. חיים ספיוואק, דער הויפט פון דענווער סאניטאריום, וועלכער איז אפ-געפאהרען קיין פוילען מיט'ן יוניט, גע-פינט זיך איצט אין מינסק און שטו-דירט די סאניטארע בעדינגונגען, אין וועלכע עס לעבט די אידישע בעפעלקע-רונג. ער האט שוין באזוכט טויזענדער הייזער אין מינסק און אנדערע שטעדט און שטעטלאך ארום און, צוזאמען מיט א גרופע מעדיצינישע סטודענטען, אר-בייט ער איבער א גענויעם באריכט פון דער לאגע. ווי עס איז שוין צו זעהן פון זיין באריכט, פיהלט זיך אין דער גאנ-צער געגענד א שרעקליכער מאנגעל אין הויהרען, זייף, צעדיצין, דעזינפעקציאנס מיטלען און קליידער. די בעדער אין די שטעדט זענען צושטערט און אין בעסטען פאל האבען זיי נישט קיין באהייצונג. מעהר פון אלץ פיהלט זיך די נויט אין דעזינפעקציע. אלס רעזולטאט דערפון פארשפרייטען זיך טיפוס און הונגער-פיבער, דער הונגער און נאקעטקייט ברענ-גען אויך צו דער פערשפרייטונג פון שווינדזוכט.

## דעניקינס פאגראמען.

איף א פארזאמלונג וואס איז אבגע-האלטען געווארען אין אלבערט האל, לאנ-דאן, דעם 29-טען פעברואר האט ה' ישבאל זאנגוויל צווישען אנדערעם גע-זאגט:

„מר. טשארטשיל'ס פארזוך פארצו-שטעלען דעניק'ין'ען אלס א באשיצער פון אידען איז פשוט לעכערליך. דעני-קי'ם ארמיי האט אויסגעקוילעט צעהנ-דליגע טויזענדער אידען און דעניקין האט פארמאל זיך ענטזאגט צו אנערקע-נען די אידען אלס גלייכבארעכטיגטע מיט די קריסטליכע באפעלקערונג אדער צו באשיצען זיי געגען פאגראמען.

## זונטאג - רוה אין פוילען.

דער אנטיסעמיטישער ווארשאווער „אילוסטראוואני קוריער צארזשענני" האט אין'ם נומער פון 16-טען פעברואר פאר-עפענטליכט אן ארטיקעל אין וועלכען ער מאכט אויפמערקזאם די באפעלקערונג אויף די אונגעוואונשטע פאלגען וואס דרע נעצוואונגענעם זונטאג רוה האט ארויס גערופען אין לאנד. באזונדערס האט דאס געזעץ אנגעגריפען די צייטונגען. ווייל נישט נאר פארווערט זיי דאס געזעץ צו פארקויפען זייערע אויסגאבען אום זונ-טאג נאר נעהמט ביי זיי אויך צו די מעג ליכקייט ארויסצוגעבען בלעטער אום מאנ טאג מחמת דעם וואס די פארברייטונ-גען פאר א מאנטאג אויסגאבע מוזען גע מאכט ווערען זונטאג.

דער „אילוסטראוואני קוריער צארזשע ני" פאדערט אז דאס געזעץ זאל אויסגע בעסערט ווערען ווייל א 2 טאגיגער אב האלט אינ'ם ערשיינען פון די צייטונגען פאראורזאכט א חיבשען פינאנציעלען פארלוסט.

## יאפאן פארנעהמט שטעט לע-בען כינעזישער באהן-ליניע

[illegible] אפריל 15. — א טעלעגרא מע פון פעקין מעלדעט, דאס יאפאנע-זישע סאלדאטען האבען פארנומען פיעל פונקטען אויף דער כינעזישער מזרח-באהן ליניע. דאס מיליטערישע פארבא-פען פון דיעזע פונקטען האט פאראור-

## וואס דער „וועג" געהער זיך און מיט אייך

# „דער וועג"

איז געגרינדעט געווארען פון דעטראיט'ער אידען, פאר דע-
טראיט'ער אידען.

„דער וועג" שפיגעלט אפ אלע פאסירונגען אין דער אידי-
שער גאס אויף אן אומפארטייאישען אופן.

אין דער קורצער צייט זינט „דער וועג" איז אונטער דער
איצטיגער רעדאקציע, זיינען אין „וועג" געדרוקט געווארען
ארטיקלען, סקיצען און הומארעסקעס פון די בעסטע אידי-
שע שרייבער און פעליטאניסטען.

„דער וועג" דרוקט אלע וואך ענטפערס אויף פראגען וואס
האבען צו טאן מיט גערי̇כט און געזעץ.

„דער וועג" דרוקט אלע וואך א ליסטע פון אידען אין אידרא
פא וואס זוכען ארער לאזען גריסען זייערע קרובים אין דע-
טראיט און אומגעגענד.

„דער וועג" איז א אידישע דעטראיטער צייטונג און איהר
קענט זיך נישט פארגינען זי נישט צו לעזען.

# דער װעג

THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by DER WEG PUBLISHING COMPANY. INC.

347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715

J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.

B. I. GOLDSTEIN, Editor

(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)

Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.


## א טראפּען נחמה

װעגען א מיטינג פון דער װילקינס סטריט'ער תלמוד תורה

לעצטען דינסטאג אװענד איז אין װילקינס סט. ת'ת א מיטינג געװעזען פון דעם דירעקטארען־קאמיטעט פון די פאראייניגטע תלמודי תורה.

װעגען די פּלענער װאס זיינען בײ דיעזער פערזאמלונג פארגעבראכט געװארען, װעט אונז מסתמא נאך אויסקומען צו שרייבען. פּונקט װי עס װעט אונז נאך אויסקומען צו שרייבען װעגען דער תלמוד תורה גופא.

אין גראד װעגען דאס לעצטע ד. ה. װעגען דער ת'ת גופא, װעט נישט מעגליך זיין אפּצוקומען מיט איין מאל שרייבען. די אידען אין דעטראיט האבען מיט דער תלמוד תורה אין װילקינס סטריט איינגעטאן עטװאס נייעס, דורך װעלכען די תלמוד תורה, דאס הייסט: די למודים און די פּראגראמע פון דער תלמוד תורה, זיינען איינגעשטעלט געװארען אויף א באזונדער מאראלען הויך. פון װאס עס לייגט זיך אין עס איז נויטיג צו שרייבען און מסבים זיין די הינגע אידען װארים, מיט װעלכען די ת'ת טיילט זיך אפּ פון אלע איהרע גלייכען, װעלכע אונז (דעם שרייבער פון דיעזע ארטיקלען), איז אויסגעקומען צו באזוכען.

װי געזאגט װעט דאס זיין אונזער ארבייט להבא.

דערװייל האט אונז אינטערעסירט א גאנץ אנדער ענין, און ענין װאס ברענגט אפּיסעלע נחמה אין דעם װיסטען און טרויעריגען גלות לעבען פון דער אידישער אומה אין גאלוס.

מיר קוקען אויף דעם חורבן, װאס קומט פאר פאר אונזערע אויגען אין אונזער אלטער היים, די היים, װאס האט הונדערט נאנצע װי א גאלדענע קייט פון דעם אידישען נאציאנאלען און רעליגיעזען לעבען אויסגעפונדען. פאר אונז אין די אויגען װערט אין בלוט און אין אייטער דערטרונקען א דור װאס האט באשייגט און באגלידעט אונזער נאציאן; מיר זעהען מיט װעהטאג צו װי אונזערע חשובסטע ברידער, װעלכע האבען זיך געשיצט אונטער דער פאהן פון דער אידישער רעליגיע און האבען באריכערט די גאנצע אידישע נאציאנאל גענען אונטער. װער דורך דער שװערד פון שונא און װער עס קומט אום אין די אנגעגעם פון א הונגער טױט — מיר זעהען דאס און װייסען דאס און אין אונזער צער און װעה פרעגען מיר אין דער ביטערסטער פארצװייפלונג: װאס ערװארטעט דער אידישער נאציאן? װאס איז די נאהענטע צוקונפט פון דעם אידישען פאלק?

צי זיינען מיר חלילה צו כליה פארורטיילט געװארען? צי זיינען מיר חלילה פאר'משפט געװארען צו אונטערגאנג?

װארים געװענליך זיינען מיר צו קוקען פון אייבען אראפּ, מיט א פּיטול בליק און מיט פעסימיזם אויף דעם אידישקייט און אויף דעם אידישען עתיד אין דעם פּראדאלאדיגען אמעריקא.

די האפנונג פונם אידישקייט האבען מיר געזעהן נאר אין דעם אייראפּעאישען אידענטום.

אין װען דארטען האבען כל עולי מיתי־משניות אנגעהויבען צו פּי־שטיינען און װען דארטען װערען מיוזענדער אין צעהדליגע טויזענדער חשוב'ע אידען אפּגעװישט דורך מורא'דיגע אכזריות פון דער אייבערפלעכע פון דער ערד, האט מען אפשר געמעגט פארצװייפלען, איז אפשר געװען פלאץ פאר'ן פעסימיזם צו קלאגען און צו טרויערען.

האבען מיר אבער לעצטענס געהערט גאנץ אנדערע נגונים פון דעם אידענטום אין אמעריקא. אין קלאהר װערט פאר אייך אז עס חזר'ט זיך איבער די געשיכטע: — נישט איין מאל האט שוין דער שונא זיין הלה איינגעריבען איבער'ן אידישען האלדז, נישט איין מאל שוין האט דער שונא געמיינט, אז איהם װעט זיך איינגעבען דעם אידען מיט זיין גייסטיגער אדער קערפּערליכער מיטע אין מיסטישער עקשנות אומצוברענגען. אבער פּונקט דעמאלט װען די ארונות הקודשים היילען זיך ארום מיט שװארצען טרויער אין איין לאנד, הייבען זיי אן צו לייכטען אויף א צװייטען ארט: פּונקט דעמאלט װען עס װערט חרוב איין ישיבה אין איין ארט, בליהט אויף אן אנדערע אויף א צװייטען ארט.

חרוב זיינען געװארען די ישיבות אין מיר און אין װאלאזשין און אנדערע ישיבות מעהר מאדערנע זיינען געעפענט געװארען אין ניו יארק; חרוב געװארען די פּלאטען פון דעם ש"ס אין װילנא און א נייער ש"ס דרוקט זיך אפּ אין אמעריקע און װערען חרוב די אידישע חדרים אין איין מלוכה, װאקסען אויס אין די אידישע ישובים אין אמעריקא מאדערנע תלמודי תורה, װאס װעלען האפענטליך אויפהאלטען דאס אידישקייט און א נייער אידישער דור מיט תורה און חכמה װערט עבציגען.

אט די נחמה קען מען האבען װען מען װאהנט בײ א פערזאמלונג פון דער היגע פאראייניגטע ת'ת.

איהר װיצט און קוקט זיך איין אין די פאקטאמעלטע. די פּנימער די לבושה, דער הילוך — אלעס איז אמעריקאניש: פּראקטיש. דאכט זיך, דער מאטעריאליסטישער אמעריקא, און פארט זעהט איהר װי יעדער איינער פון די פאקטאמעלטע פיהלט דעם נייעם גרייפען חוב, װאס א האלטער דעם פארפארגענעם אידישען שיקזאל האט אויף איהם ארייפגעלעגט — דער חוב איז: װייטער צו שמידען די גאלדענע קייט פון אידענטום; פארזעצען זי, נאכדעם װי זי װערט צעראקט און צעריסען אין יענע אלטע אידישע ישובים.

א מאדנע ערנסטקייט פיהלט זיך אין דער ארבייט און עס דאכט זיך, אז עס פיהלען מאקע די פאקטאמעלטע, װי דער הערר פריעדפערג האט געזאגט, אז זיי זיינען עס דער שארית הפליטה, אויף װעמעס אקסלען דאס מזל האט ארויפגעלייגט די הייליגע פליכט פארטצוזעצען די פלאנצונג פון אידישער לעהרע און אידישער רעליגיע.

יא עס איז א שטיקעלע נחמה אין דער איצטיגער טריפער און װיסטער צייט.

## שפּריצען

### מזוערט טאקע רויט

די לאנדאנער „מארנינג פּאסט" ערקלערט, אז די ציוניסטען זענען באלשעװיקעס און זיי װילען באזעצען פאלעסטינע מיט באלשעװיסטישע אימיגראנטען פון רוסלאנד און פוילען.

אז מען לעזט די „מארנינג פּאסט" מוז מען טאקע װערען רויט — פון שאנד, װאס אזא אנטיסעמיטישע צייטונג עקזיסטירט אין דעמאקראטישען ענגלאנד.

### דער ריכטיגער ברוית־געבער!

דער שפּייז־דיקטאטאר הואװער זאגט, ענדליך מסבים געװען אנצונעהמען די קאנדידאטור פאר פּרעזידענט.

ביז איצט האט ער די װעלט געשפּייזט מיט עסענװארג — און די װעלט איז פונדעסטװעגען הונגעריג געבליבען, איצט װיל ער אונז שפּייזען מיט הבטחות — און מיר װעלען דערפון אייך גארנישט האבען..

### װי באזארגען זיך פרידער

די ענגלענדער האבען פארקאפט צװיי שיפען, איינע א רוסישע און איינע א דייטשע, װאס האבען געפיהרט װאפען קיין אירלאנד.

די רוסישע װאפען איז מסתמא באשטימט געװען אויף איינפיהרען באלשעװיזם אין אירלאנד, און די דייטשע האט עבערט געשיקט אויף באקעמפען דעם באלשעװיזם...

—::—::—

### טאקע, װי קומט עס?

אין מעקסיקא האט אויסגעבראכען א רעװאלוציע און דער שטאט סאנארא איז פארבאפט געװארען פון די רעװאלוציאנערען:

אין מעקסיקא א רעװאלוציע? — עס! דאס גלויבט זיך נישט! װי קומט אין מעקסיקא א רעװאלוציע? אזא פריעדליך לאנד, נעבאך!...

### די נעשיכטע װידערהאלט זיך

דער דעפּוטאט דובינגען האט אין דער רומעניער נאציאנאל־פערזאמלונג ערקלערט, אז אין דעם קאפּ־אויפשטאנד זענען שולדיג די אידען, װייל קאפּ'ס מוטער איז געװען א אידישע.

צוליעב א אידישער מוטער (פון נוצרת) האבען מיר שוין לאנג צרות. איצט װיל מען איצט פארשאפען צרות צוליעב אן אנדער אידישע מוטער.

### ער װעט זי גרייבען

דער אלטער רעװאלוציאנער דעבס װעט פון אטלאנטא פּריזאן אריבערגעפיהרט װערען אויף א פארם.

זיי מיינען, אז ער זאל נישט פארזײַען זיינע אידעען אין מענשליכע הערצער, נאר אין דער ערד, אבער די רעאקציע איז אזוי אין דער ערד, אז זיינע אידעען װעלען זי דארט אויך גרייבען..

### מיר האבען געװאוסט

א שװעדישע פרוי מיט'ן נאמען אנא נעסטיע, װעלכע האט געדיענט אלס אם אין דער פאמיליע פון דעם געװעזענעם סעקרעטערי אוו סטייט לאנסינג, האט אויף לענסינגען אנגעגעבען אין געריכט פאר ברעכען דעם קאנטראקט מיט איהר.

א נייעס, נו! מיר האבען שוין לאנג געװאוסט, אז לענסינג איז געװען אם־נעסטיע...

### א געדעכטע האװענונג

די באװעגונג, אז די לעהרער פון די פארשידענע שולען אין לאנד זאלען קריגען העכערע שכירות, װערט אלץ שטארקער און גרעסער.

די באװעגונג איז איינע פון די סימפּאטישסטע. שטעלט זיך פאר װי די לאגע איז ביז איצט געװען: אז א לעהרער זאל אריינגעלעגט די עבודות אין קעשע גע און אריינגעלאנגען אין קראם נאך ברויט און אין יאטקע נאך פלייש — איז ער בלויז געבליבען א לעהרער...

—::—::—

### א צו שװערע פּראבלעמע

דער טערקישער סולטאן װעט פערבלייבען אין קאנסטאנטינאפעל װי ביז איצט װערט ערקלערט פון א זיכערער קװעלע: די אלייעס זענען געקומען צו דער איבערציינונג, אז זיי דארפען אזוי האנדלען, כדי ניט צו אויפרייצען דעם אריענט.

עס איז שװער אפּצוטאן די טערקען אויף טערקיש!

### פּױלענ'ס נאציאנאלע אינדוסטריע

א האלבער מיליאן פּוילישע אידען פון דער רייװערער קלאס, צװישען װעלכע עס געפינען זיך מאנופאקטורערס פון אלערליי סחורות, שטעהען גרייט צו אויסװאנדערען נאך פּאלעסטינא אום צו ענטװיקלען דארטען א גרויסע אינדוסטריע.

א ברירה האבען זיי נעבאך? פּױלען װיל איצט קיין שום זאך ניט פאבריצירען אויסער אנטיסעמיטיזם, מוזען זיי פאהרען זוכען אן אנדער פּלאץ װאו צו אויפשטעלען זייערע פאבריקען!

## די העלדישע אידישע פארטיידיגונג בײ תל־חי

װי אזוי די אידען האבען זיך מוטיג פארטיידיגט קעגען דעם אראבישען אנגריעף בײ תל־חי. גיט די פּרעסע ביורא פון דער ציון קאמיסיע אין ארץ ישראל פאלגענדע באשרייבונג:

פאר די לעצטע פאר מאנאטען איז אין דעם געגענד ארום מתוח אנגעגאנגען א קאמף צװישען די אראבער און די פראנצויזען. די אידישע קאלאניעס מתולה חמרה און כפר גלעדי ליגען אין דעם ראיאן, װאו די צוזאמענשטויסע זיינען פארגעקומען. אנפאנג לעצטען יאנואר איז חמרה פארברענט געװארען און פיעלע קאלאניסטען פון מתולה זיינען געצװאונגען געװארען צו פארלאזען די קאלאניע נאכדעם װי דאס פראנצויזישע מיליטער האט, נאך א קאמף מיט די אראבער, געמוזט זיך צוריקציהען פון יענעם געגענד.

די אראבישע עלטסטע האבען איינמאל פארזיכערט, דאס זיי האבען גאר ניט צו די אידען, און די אידען פון זייער זייט האבען גלייכגילטיג ערקלעהרט, דאס זיי פארהאלטען זיך נייטראל אין דיזען אראביש־פראנצויזישען צוזאמענשטויס. זיי האבען בלויז פארלאנגט מען זאל זיי לאזען אויף א פרידליכען אופן באטערצוזעצען זייער ארבייט.

צוליעב דער אבװעזענהייט פון מיליטער אין דער אומבאשטימטער לאגע אין יענעם געגענד, האבען די אידען געפונען פאר נויטיג זיך צו באזארגען מיט געװעהר אום צו קאנען זיך באשיצען קעגען די רױבער, װעלכע האבען אויסגענוצט די ניט באשטימטע לאגע פאר אנפיהרען זייערע רױבערייען.

די ציוניסטישע קאמיסיע באטראכטענדיג דיזע קאלאניעס אלס א נעװעזענער טייל פון ארץ ישראל, און װענדיג זיי באשיצען, האט זי גענומען ישריטע פאר דער פארטהיידיגונג פון מתולה, תל־חי און כפר גלעדי קעגען די נעװאנטע אראבישע רױבער.

דעם 7טען אדר האבען די אידישע פאזיציעס אין צפון פון גליל העליון באקומען די ערשטע היזה. דעם זעלבען טאג איז טרומפּעלדאָרף אװעק קיין מתולה און פון דארט ארויסגעיאגט א גרופּע אראבישע רױבער, װעלכע האבען דארט געבאלעבאטעװעט. צו יענער צייט זיינען געװען 45 אידען אין מתולה, 35 אין תל־חי און 25 אין כפר גלעדי. צװיי טעג זיינען אריבער בשלום. די שטימונג צװישען די אידען איז געװען א גהויבענע. מען האט גע־פיהלט אז פון דרום שטיצט מען זיי.

די באציהונגען מיט די דערביאיגע אראבער און דער שפּיצע פון האבאק האמיל זיינען געװען זעהר פריינדליכע. האמיל האט די אידישע יונגע לייט געגעבען א מעגליכקייט זיך צו באזארגען מיט שפּייז, עס האבען זיך אנגעהויבען ארומטראגען קלאנגען אז די אראבישע בונטאװשטשיקעס אין אלגעמיין זיינען אויפגעבראכט אויף די אידען, װעמען זיי זענען חושד אין פריינדליכקייט צו די פראנצויזען. מען האט אבער ניט געהאט קיין אורזאכע צו גלויבען דיזע קלאנגען.

דינסטאג דעם 24טען פעברואר, האט מען די בהמות ארויסגעשיקט זיך פאשען די ארבייטער האבען זיך פארהאלטען רוהיג. טרומפּעלדאָרף איז דאן געװען אין כפר גלעדי צוזאמען מיט דר. גערי (געװעזענער לעגיאנער און איצט איינער פון די „הדסה" דאקטױרים) פלוצלונג האט מען באמערקט עטליכע באװאפנטע אנקומענדע קיין תל־חי, דער װעכטער האט גלייך געגעבען א סיגנאל און די בהמות האט מען באלד צוריק פארזאמעלט אין הויף. טרומפּעלדאָרף און דער באגלייטונג פון אכט מענשען זיינען גלייך אװעק אין תל־חי. פּונקט דאן איז אנגעקומען דער שייך פון האלסא מיט פיער אראבישע אפיציערען און א צאהל אראבער זיי האבען געבעטען טרומפּעלדאָרף צו ערלויבען אריינגעהן אין הויף זוכען פראנצויזישע סאלדאטען, און אזוי װי די באציהונגען מיט זיי זיינען אלע מאל געװען פריינדליכע, האט טרומפּעלדאָרף זיי ערלויבט אריינצוגעהן. דאס מאל האט קאמיל עפענדי (פּיהרער פון דעם איבערפאל) גערעדט אין א באליידיגענדען טאן און פארלאנגט מ'זאל איהם ארויסגעבען די פראנצויזען. טרומפּעלדאָרף האט זיי פארגעשלאגען אריינצוגעהן און זוכען די פּיגור „געסט" צוזאמען מיט טרומפּעלדאָרף זיינען דורכגעגאנגען די אונטערשטע צימערען. די שטאהלען און דאן אויף אויף דעם אויבערשטען שטאק, װאו עס האבען זיך געפונען שרה טשיזיק, דבורה דראכלער, מונגער, קאנעװסקי פון „החלוץ" און שארף, א באפרייטער אמעריקאנער לעגיאנער.

אין איינינע מינוט שפּעטער האט עפּעס פּאסירט אונטען, װאס האט צו־געצװיגען טרומפּעלדאָרף'ס אויפמערקזאמקייט און ער איז גלייך אראפּגעגאנ־גען, זאגענדיג צו א געװיסען ארבייטער „משה'לע, געה אויף אויבען צו די „געסט". איידער דער לעצטער האט צייט געהאט ארויפצוגעהן האבען זיי גע־הערט דבורה'ן אויסשרייען צו טרומפּעלדאָרפ'ן „זיי האבען צוגענומען פון מיר מיין רעװאלװער!"

אייניגע האט טרומפּעלדאָרף גע־זעהן װי איינינע אראבער האבען זיך ארייגעריסען אין הויף, לאזענדיג דעם טויער אפען און פּרובירט װײַטער קענעהמען די געװעהר פון די װאס האבען געהיט דעם טויער. טרומפּעלדאָרף האט גלייך געגעבען א קאמאנד „שיסט!" עס איז פארגעקומען א שיסעריי פון ביידע זייטען. טרומפּעלדאָרף האט געקראגען א שטארקע װאונד אין בויך. ער האט דאן א געשריי געטאן „איך בין פארװאונדעט!" ער האט זעם געשריי איבערגע־חזר'ט צװיי מאל, װען צװיי שפּיזען האבען איהם דורכגעשטאכען. ער האט זיך אנגעשפּארט אן װאנט אין געבעטען איינעם פון די חברים אפּצוהאלטען די בלוט װאס האט געגאסען פון זיין ערשטער װאונד, בעת ער אליין האט פארטגע־זעצט זיינע קאמאנדעס.

אין הויף איז פארגעקומען א טומעל. די „געסט" האבען געשאסען פון אויבען איינער פון די אויבער האט זיך ארייגעװארפען אינטען און געשאסען פון אונטער א טיש. אין שטאל האט מען אויסגעבויערט צװיי לעכער דורך װעל־כע צו שיסען געגען איבער דעם טויער. דאס איינבערכער װעלען פּרובירען עפע־נען די װאס זיינען געשטאנען אויף דער װאך, האבען זעהענדיג דעם טויער גע־עפענט, גענומען שיסען און ניט דערלאזען קיינער אריינצוגעהן, דאס שיסען האט אנגעהאלטען פאר א שטונדע. קאמיל עפענדי האט דאן געבעטען טרומפּעל־דאָרפען צו לאזען איהם און זיינע פריינד ארויסגעהן, צוזאמענדיג איינצושטילען דעם מאב, װייל א מיספארשטענדניס איז דא געשעהן. טרומפּעלדאָרף האט מסכים געװען און געהייסען אויפהערען שיסען איינער פון די װעכטער ביים טויער, װעלכער האט געהאט בלויז איין קויל אין זיין רעװאלװער האט געזאגט צו קאמיל'ן „דיעזע קויל האב איך גע־האלטען פאר דיר, װייל אבער אונזער אפיציער װיל דיך לאזען לעבען — געה".

די „געסט" מיט דער אויסנאהמע פון איינעם, װעלכער איז גע'הרג'עט גע־װארען אין הויף, זיינען ארויס פּופּ־צעהן מינוט שפּעטער האבען די אראבער װידער אנגעפאנגען שיסען. טרומפּעלדאָרף, א פארװאונדעטער און אנגע־שפּארט אן װאנט האט געגעבען א קאמאנד צו שיסען ביז'ן לעצטען קויל. שלאכט, װעלכע האט אנגעהאלטען ארום צװיי שרינדערי איז געװען א שרעקליכע.

טרומפּעלדאָרף האט מיט דער הילף פון שנירסאן פארטגעזעצט צו געבען דייטליכע קאמאנדעס. די אראבער זיינען ענדליך געצװאונגען געװארען צו אנטלויפען, איבערלאזענדיג הינטער זיך 4 טויטע, 15 פארװאונדעטע און א פראנצויזישען מאשין ביקס.

טרומפּעלדאָרף האט דאן געהייסען מאכען א אונטערזוכונג אין הויף, װאו מען האט געפונען דריי פארװאונדעטע ארבייטער, נעמליך: זלאטין, גאלובאװ און גאלדבערג, טאקער, א באפרייטער לעגיאנער, איז געפונען געװארען טויט. אויף דעם אויבערשטען שטאק האבען זיי זיך באגעגענט מיט א שױדערליכער סצענע. שרה טשיזיק, מונטער און שארף (אן אמעריקאנער לעגיאנער) זיינען געװען צעריסען אין שטיקער פון א באמבע. דבורה דראכלער איז געלעגען א טױטע מיט דריי װאונדען אין איהר הארץ. קאנעװסקי האט אויך געשיינט צו זיין טויט. עטליכע מינוט שפּעטער איז ער געקומען צו זיך, און דערצעהלט אז שרה, מונטער און שארף, װעלכע זיינען געשטאנען ביים פענסטער, זיינען גע'הרג'עט געװארען פון א באמבע; װאס איינער פון די „געסט" האט אויף זיי א װארף געטאן פון נעבען דעדעטיהר קאנעװסקי איז פון דער באמבע פארװאונדעט געװארען, דבורה איז דערשאסען געװארען פון קאמיל עפענדי, װען זי איז צוריק אריין אין צימער.

דר. גערי איז געקומען פון גלעדי און האט קורירט די פארװאונדעטע. טרומפּעלדאָר, האט ער געפונען אין א קריטישען צושטאנד, און װען ער האט איהם געפרעגט װי ער פיהלט, האט טרומפּעלדאָרף מיט א שװאכער שטימע געענטפערט „איך פיהל גוט — עס איז דאך אזוי גוט צו שטארבען פאר ארץ ישראל".

די ארבייטער האבען דאן אפּגעהאלטען א פערזאמלונג און באשלאסען צו פארלאזען תל־חי און אװעקגעהן קיין כפר גלעדי, װאו די לאגע איז געװען א מעהר זיכערע. די רייזע האט געדויערט פון אכט אין דער פריה ביז צװיי ביי נאכט די פארװאונדעטע זיינען איבער געפיהרט געװארען פריהער. אום האלב אכט איז טרומפּעלדאָרף געשטארבען אויף די הענד פון זיין חבר. די לעצטע מינוט האט אוהם שנירסאן א פרעג געטאן װי ער פיהלט זיך, און זיין ענטפער איז געװען „איך שטארב א גליקליכער פאר אונזער לאנד".

די בהמות נעװעהר און שפּייז (אין א קליינעם קװאנטיטעט) איז אויך אריבערגעפיהרט געװארען. צו לעצט האבען זיי אװעקגענומען די טויטע קערפּערס, און פארברענט די פארט. די אראבער האבען געגומען שיסען אויף דעם לעצטען װאגען, װאס האט געפיהרט די טויטע. די באגלייטער, װי אויך די ארבייטער פון גלעדי, האבען געענטפערט מיט פייער און געצװאונגען די אראבער זיך צוריקציהען.

װען די תל־חי'ער זיינען אנגעקומען קיין גלעדי האבען זיי זיך באראטען װעגען דער לאגע אין באשלאסען דאס זאלען פארלאזען דעם פּלאץ, װייל די אטאקעס האבען אנגעהויבען די פארם פון א שלאכט. 25 האבען באשלאסען צו פאר־בלייבען ביז'ן פּלאץ ביז דעם לעצטען מאמענט, אין דער זעלבער נאכט האט מען געגעבען דער הויז באערדיגט די הרוגים.

אויף מארגען האט מען מודיע געװען אין מתולה און א צאהל ארבייטער האבען באשלאסען צו פארלאזען יענע קאלאניע אויך. 15 לייטע זיינען װעק קיין צידון מיטנעהמענדיג מיט זיך די פארװאונדעטע, די אראבער האבען עטליכע מאל דורכ'ן טאג פּרובירט צו קומען צו גלעדי. די שיסעריי פון די ארבייטער האט זיי אבער געצװאונגען צו אנטלויפען איבערלאזענדיג צװיי טויטע.

אװענד צייט האט דער בעק פון מעטולין געלאזט װיסען די גלעד'ר אז מען גרייט זיך צו א שטארקען קאמף קעגען זיי און ער ראטה זיי דעריבער צו פארלאזען דאס פּלאץ און קומען צו איהם באדאנקט פאר זיין עצה און האבען צו איהם געשיקט בלויז די בהמות.

מיטװאך פריה האט מען באמערקט א שטארקע בעדואינישע באװעגונג אין טאל און צװישען די בערג אויפ'ן חמרה'ר בארג האבען זיי װײַטער געשטעלט א קא־נאן. עס איז דאן איינגעשטימט באשלאסען געװארען זיך צוריקציהען פאלס מען װעט אויף זיי שיסען מיט'ן קאנאן. די קאמאנדע װי אויך די רעכטע צו הייסען זיך צוריקציהען איז איבערגעגעבען געװארען צו שניארסאן.

אין דעם געגענד האט מען געזעהן די סימנים, װעלכע האבען אימער באצייכנט אן אטאקע אויף די פראנצויזען. קאנאנען שיסעריי האט זיך געהערט פון באניאס. פון די „הרי הגולן" האט מען געשאסען אויף געװיסע פּונקטען. און ביקסען שיסעריי האט זיך געהערט פון פארשידענע פּלעצער. ארום אכט אין דער פריה האט מען אויף גלעדי גע־שאסען פון א קאנאן שנירסאן האט דאן באפוילען זיך צוריקציהען. די ארבייטער האבען מיט זיך ניט גענומען קיין זאך אויסער די געװעהר, זיי האבען דעם פארם ניט פארברענט, כדי צו מאכען די אראבער גלויבען, אז זיי באשיצען עס נאך און צו דערזעלבער צייט פארבערייטען

(שלוס אויף זייט 6)

### א פאַרקעהרטע װירקונג.

א פראנצויזישער דאקטאר האט אין דער פראנצויזישער צייטונג „מאטען" אפּגעדרוקט א גרויס ארטיקעל, אין װעלכען ער גיט־אן פארשידענע מיטלען װי צו באקעמפען די שלאף־קראנקהייט.

אבער זיין ארטיקעל האט א פארקעהרטע װירקונג, איידער מען לעזט עס איבער, װערט מען איינגעשלאפען.

## היימען פאר אידישע קינדער

פון אל. ניקקראמאט

(מחשבות פון א קינדער קאנצערט אין אוקלענד*)

—::—::—

אין דרויסען האט דער שנײ נעשאטען אהן אויפהער, א שטארקער װינד האט מיט קעלט געבלאזען, און דער טאג איז געװען א גרויער, אן אומעטיגער. עס איז געװען דער צװייטער טאג פסח.

אויפ'ן הארצען איז אויך געװען אזוי גרוי, װאכעדיג; עס האט זיך געבענקט נאך א פריהלינגס יום־טוב טאג, נאך דער פריהלינגס זון; עס האט זיך געדוכט אז עפּעס איז פארלארען געגאנגען, װאס מען קאן עס ניט צוריק קעהרען..

אט אזוי האט זיך דער טאג געצױגען: געשנײעט, געבלאזען און געשפּריצט און אומעט.

פארנאכט האט געדארפט זיין א קינדער קאנצערט;

די קינדער פון פרץ שוהל אין אקלאנד האבען געפּראװעט א פסח קאנצערט אין לייבאר טעמפּעל. איך בין אהין צוגעגאנגען.

ניט קיין גרויסער האל, אין דאך אזוי איינגענאהם; די װענט באהאנגען מיט בילדער פון אידישע שרייבער, און יום־טוב'דיג אויסגעפּוצט.

און עס איז דאכט פול געװען מיט קליינע, יום־טובדיג געקליידעטע געסט; אויך עטליכע דערװאקסענע: עלטערען פון די קינדער און א פאר געסט.

װען איך בין אריין איז שוין געװען אין מיטען קאנצערט.

אבער װאס פאר א שעהנעם איינדרוק האט עס אויף מיר געמאכט!

דער לעהרער פון שוהלע רופט אויס די „קרעפּטען" תלמודים פון אט דיעזער פּרץ שולע, און זיי זיבען־אכט־צעהען יאהריגע טרעטען ארויס אויף דער ביהנע און דעקלאמירען יהואש'ס, רױזענבלאט'ס לידער, און לעזען פאר שלום עליכם'ען.

און זיי טוען זייער ארבייט מיט באגייסטערונג און מיט קינדערשער צוי־ברענגענדער שעהנקייט.

דערנאך זינגט מען אידישע לידער און א שילערין פון דער שולע שפּיעלט אויף דער פּיאנא.

און עס שאפט זיך אן אמת'ער פארגעניגען. עס פאלט אראפּ די שװערע משא װאס האט געדריקט א גאנצען טאג; עס פארשװינדט דער אומעט, און איהר פיהלט זיך מיט די קינדער גלייך יום־טוב'דיג.

און אפּנעפּרישטער פארלאזט איהר די האל. טראכטענדיג אז װען א סך אזעלכע שוהלען װאלטען עקזיסטירט פאר די אידישע קינדער, װאלטען זיי באריכערט באשעהנערט עס לעבען אפילו פאר די דערװאקסענע...

איהר געהט ארויס אין גאס און װידער די זאװערוכע, דער שנײ מיט דעם װינט שמייסען אין פּנים, פארשיטען די אויגען.

און איהר דערמאנט זיך אן דער אלטער היים, מיט די שנײען מיט די קעלטען.

א געדאנק לויפט דורך אין מח, א נייערינגער געדאנק; װי אזוי פּראװען דארט די אידישע קינדער דעם יום טוב?

און עס װילט זיך אייך פארשטעלען, אז אויך דארט קלייבען זיך צונויף די קליינע חברה, זאטע, אויסגעװאשענע אויסגעפּוצטע, און זינגען און טאנצען און זיינען זיך משמח אויף.אזא שטייגער װי איהר האט ערשט ביינעװאוינט.

אבער װיסענדיג די טעגליכע ידיעות פון דער אלטער היים קאנט איהר זיך אזא יום־טוב בילד ניט פארשטעלען.

איהר שטעלט זיך פאר אן אנדער בילד, שנײען, קעלטען, הונגער, נויט...

יום טוב? װער װייס פון יום טוב װען מען איז הונגעריג, אפּגעריסען, עלענד..

א קינדער קאנצערט? װי קאן מען פון דעם טראכטען װען אויפ'ן לייב איז א גאנצער מלבוש ניטא, א שאנדע פאר לייטען זיך צו װייזען; מען איז גערען װאס גיכער פּטור צו װערען פון דער שװערער משא, װאס רופט זיך, יום טוב...

און אזוי לעבען די קינדער דארט, אין דער אלטער היים, אהן יום־טובים, אהן פארגעניגען. און װען די קינדער װעלען אויסװאקסען, גרויסע װערען, װאס פאר א זכרונות װעט ביי זיי פארבלייבען פון זייערע קינדער יאהרען? פון דער גליקליכסטער צייט פון זייער לעבען?..

קאנען מיר דא, אין אמעריקא, העלפען מיט װאס אט יענע קינדער אין אייראפּא?

יא, מיר קאנען העלפען זעהר א סך.

װען מיר װעלען נאהענטער דערפיהלען זייער װעה; װען מיר װעלען דערפיהלען אז אט יענע װייטע ברידערלאך זיינען, װי מיר, די זעלבע רינגען אין דער לאנגער קייט װאס בינדט אונז צוזאמען אין דער צוקונפט — דאן װעלען מיר זיך מיזען אריינװארפען מיט אונזער גאנצער ענערגיע אין טאן נוציגע ארבייט, די נויטיגסטע פאר אונז אלעמען — די ארבייט פאר די קינדער.

*) דורך א סיבה אין רעדאקציע איז דיעזע שטימונג נישט ערשינען אין צייט. זאל אונז דער שרייבער מוחל זיין.

רעדאק.

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

(פארטזעצונג)

(צעהנטעס קאפיטעל)

**חנה ־רובינאוו.**

אין אינטערעסאנטער טיפ איז געווען חנה רובינאוו. מערי'ס שוועסטער. באטש וויט נישט אזוי פראקטיש־קלוג ווי מערי אבער אין אנדערע ענינים, וואס האבען מיט פראקטישע זאכען קיין שייכות ניט איז חנה ווייט קיין נאר נישט.

חנה איז אלע יאהרען א קראנקע גע־ווען. און אפשר נישט אזוי קראנק ווי שוואך. עדעל און צעבאלעוועט. אויף ווי פיעל מען אין ארימקייט צעבאלעווען קען, דערצו איז זי געווען פויל.

זי האט געהאט אזעלכע שעהנע, בלויע אויגען, ווי מערי. איהרע האהר זיינען געווען טונקעל בלאנד און האבען אפט־מאל געכאפט דעם קאליר פון העל ברוינע. אוהרע באקען, זיינען געווען פריש. איהר פיגור א געשניצטע. און גאנצען. איז זי געווען שעהנער און האט אויסגעזעהן א סך פולער און אויך אביסעל העכער פון מערין.

זי איז יונגער געווען פון מערין מיט דריי יאהר.

א סך מאל אבער האט מען געקענט מיינען, אז מערי איז עלטער מיט צעהן יאהר.

חנה האט פיינט געהאט צו ארבייטען. פארבעטען דאס בעט, איז ביי איהר שוין געווען אן ארבייט. אויסקעהרען די שטוב — נאך א גרעסערע ארבייט.

חנה'ן האט מען קליינערהייד אוטע־טים געצערטעלט. זי האט געהאט דאס מזל פון א יתומה.

די אלע נעבעך־לאסקעס וואס זי האט באקומען פון איהר קינדהייט און אין דער יאוגנד, האבען איהר א סך שלעכ־טעס געטאן. זי האט די אלע לאסקעס פון די גבאיטעס און בעלי טובה'ניצעס פון דעם קליינעם שטעדטעל צוגענומען פאר א „גוטע מטבע". זי האט נישט גע־וואוסט און נישט געפיהלט די באליידי־גונג פון זיי.

זי האט ליעב געהאט א סך צו לייענען. אבער נור מעשה ביכלעך. א וועלט מיט מעשה ביכלעך האט חנה אין איהר לעבען איבערגעלייענט.

פון דאנען אפנים שטאמען איהרע רייכע פאנטאזיעס.

זי האט געקענט אפזיצען דריי אזוי־נער שעה, פארלענט די הענט און פאנ־טאזירען און טראכטען.

זי איז קיין פראקטישע נישט געווען. אין וועלטזאכען האט זי נישט געוואוסט און דאנען אהין־פונדעסטוועגען האט ען אימעצער א פרעמדער מיט איהר גערעדט א פאאר מינוט איז ער געווען זיכער, אז דאס רעדט ער מיט א געלע־רענט מיידעל. וואס האט זיך אנגעזאפט מיט די ביכער פון גרויסע מענשען און איז א גרויסע חכמה.

ווארים קיינמאל האט זי נישט געענט פערד גלאטע, אט ווי מענשען, געוועהנ־ליכע בשר ודם'ס ענטפערען, נור תמיד מיט א דרעהרעל, מיט א פשטל, אמאהל מיט א וויץ, א סארקאזם, אדער נאר אן אפאריזם. אריגינעל.

קען אריינקומען א שכנה און א פרעג־טאן:

— חנהקע, נישטא נאך אייער. מי־סעס?

זאל זי נישט זאגען יא, אדער ניין, נור א געשריי טאן:

— איך פויל זיך אייך צו ענטפערען.

און דאס גראד איז קיין וויץ נישט געווען. זאל איהר די מיסים פרעגען, צי מערי האט שוין געפונען א שטעלע, וועט זי ענטפערען:

— וואס'זשע מיסעס לעבען, קיין אנדערע צרות האט איהר שוין נישט?

— טאמער האט מען זי געפרעגט:

— ווען וועט מערי קומען?

פלעגט זי ענטפערען: — איך בין א שעהן מיידעל מיט שעהנע אויגען, נור נביאות קען איך נישט זאגען. און אט אזוי אויף יעדער ווארט. גלייך האט זי קיין מאל נישט געענטפערט.

עס איז שווער געווען צו וויסען צי האט זי אימעצען אין איהר גאנצען לע־בען ליעב געהאט.

האט זי מערי'ן ליעב געהאט?.. ניין ניכער האט זי פאר איהר דרך ארץ גע־האט. מירא געהאט, אפשר. און דאס איז נישט געווען אזא רעספעקט ווי מ'ע־פיהלט צו'ן אן עלטערער שוועסטער דאס איז געווען א דרך ארץ וואס מען זעהט ביי אומבאהאלפענע מענשען ווען זיי געפינען זיך אין דער אנוועזענהייט פון זייערע באלעבאטים. די ברויטגעבער

מערי איז געווען די איינציגע, מיט וועמען חנה האט נישט געמאכט קיין פוי־לג שפיל און נישט געפראוועט איהרע חכמות.

פאר מערין האט זיך חנה תמיד גע־שעמט.

ווען זי איז קיין אמעריקע געקומען און איז געצוואונגען געווען צו געהן אר־בייטען און נאך אין איין פאבריק מיט מערין, האט זי געזוכט אלערליי תירוצים אויף ארויסצודרעהען זי פון דער אר־בייט. נישט ווייל זי האט באמת זיך גע־פיהלט אזוי קראנק, נור פשוט ווייל זי האט נישט געוואלט.

— איך'ל שטארבען. וועסט זעהן איך וועל נעהר ניך שטארבען — פלעגט זיך חנה צעהוסטען.

מערי האט געציטערט פאר א הוסט.

זי געדענקט נאך זעהר גוט דעם טא־טענס הוסטען..

און ווער ווייס פון וואס די מאמע איז געשטארבען?

אמת טאקע, מען האט איהר געזאגט אז דאס איז דער מאמען געקומען פון א פארקיהלונג. נור מאלע וואס דער קליינ־שטעטעלדיגער רופא זאגט. איהר הארץ זאגט איהר, אז די מאמע איז נישט גע־שטארבען פון א פארקיהלונג.

זי האט פארלוירען די מאמע און דעם טאטען. עס איז איהר געבליבען בלויז איין שוועסטער אויף איהרע אחריות האט מען זי געלאזט. דעם טאטען האט זי דאס ווארט געגעבען, תקיעת כף גע־געבען, אז זי וועט אכטונג געבען אויף חנהן ווי א מאמע אויף א קינד, און זי האלט און וועט האלטען איהר ווארט.

זי ציטערט טאקע איבער חנה'ן ווי איבער א בת יחידה: — „נו, דארף מען נישט! ווער הייסט דיר דען געהן אר־בייטען? מען האט אין הר'עדר די פא־בריק, יאקאם וועלען מיר אויסקומען אהן דיין ארבייט אויך".

און אויף מארגען איז שוין מרים גע־ווען מיט דער שוועסטער ביים דאקטאר.

דער דאקטאר האט אויסגעפונען.. אז עס וואלט געווען געזינדער אז חנה זאל נישט ארבייטען אין פאבריק.

חנה האט אין הארצען זיך געפרעהט מיט דער גוטער בשורה. און עק! זי איז פטור געווארען פון דער פאבריק, מיט דער ארבייט פון אכט אין דער פריה ביז זייגער זעקס אויף דער נאכט.

פאר מערי'ן אבער האט זי געוויזען א טרויעריג געזיכט: — „נו, וואס וועט איצטער זיין?"

מערי האט זיך א כאפ געטאן:

— נו, א דאנק א גרויסע. מיט דיי־נע פארדיענסטען, ווי אהן דיינע פאר־דיענסטען וועלען מיר פאר הונגער נישט שטארבען, זארג זיך נור נישט.

האט חנה זיך נאך נישט בארוהיגט און זיך גענומען קלאגען: סטייטש, זי וועט נישט קענען צוזעהן, ווי מערי אר־בייט אזוי שווער און זי קען איהר נישט באהילפיג זיין... האט איהר מערי אי־בערגעשלאגען און שארף באפוילען:

— „דו זאלסט מיר נישט זאגען מעהר א ווארט צו דערמאהנען וועגען ארבייט! געהערט?"

חנה וועט נישט דערמאהנען. זיכער וועט זי שוין מעהר נישט דערמאהנען.

די צווייטע וואך איז זי מיט חנה'ן גע־ווען אין א שפיטאל.

אין דעם שפיטאל האט מערי אליין גערעדט מיט'ן דאקטאר:

— אט דאס איז דאס איינציגע בא־שלעפעניש וואס איך האב אויף דער וועלט נישט קיין טאטען, נישט קיין מאמען, נישט קיין קרוב און נישט קיין גואל. איך וויל וויסען, איך מוז וויסען דעם אמת, דעם גאנצען אמת, דאקטאר!

דער דאקטאר זאגט איהר דעם גאנ־צען אמת: זי איז א שוואכינקע אביסעל. איהר הוסט איז נישט געפעהרליך. זי ארבייט נישט? — איז גוט. אין איינ־ציגען זומער אין א סאניטאריום, אדער אויף א דאטשע, מיט גוטע נארהאפטע מאכלים — איז זי פאלקאם געזונד. דער עיקר, פרייליך, פרישע לופט, דארפישע לופט. א דאטשע.

מערי גלויבט נישט דעם דאקטאר. וואס דען — טראכט זי זיך — דער דאק־טאר וועט איהר זאגען אז די שוועסטער האט טשאכאטקע? צו וואס נאך האט זי איהם באדארפט דערצעהלען א מעשה אז זי איז ביי איהר אזוי טייער? ווען זי זאגט איהם דאס נישט, וואלט ער איהר אפשר געווען געזאגט דעם אמת. דעם אמת'דיגען אמת, וועלכער איז מן הסתם א סך געפעהרליכער, איידער דער אמת, וועלכען ער האט איהר איצט יא געזאגט.

און צו וואס דארף זי נאך צווייפלען, אז דאס איז א געפאהר? האט ער דאך איהר אליין אזוי פיעל מאל ווידערהאלט, אז זי דארף א סאניטאריום! וועמען דען זשע שיקט מען אין א סאניטאריום, אויב נישט קיין טשאכאטעטשנע מענשען?

מערי האט גענומען דאנה'ן, פאר זיך שטילערהייד דאגען וואו וועט זי נעה־מען מעשה ביכלעך, זי וועט דאך איצט לעבען יום גלולה זיצען און לייענען.

מערי איז ארומגעגאנגען מיט פלענער, ווי אזוי צו פארזארגען חנהן מיט גע־זונדטע, נאר האפטע מאכלים און חנה האט געפלאנעוועט ווי אזוי ארויסצוקריג־גען פון דער ביבליאטעק וואס מעהר ביכ־לעך.

(פארזעצונג פאלגט)

# פיער גוים מיט איין פנים

(ס'קען זיין אן אמת'ע מעשה)
פון **משה**

איינגעטליך וויל איך נאר ריידען פון אונזערע אייגענע אידישע ביזנעס. אבער איך האב ליעב אנצופאנגען מיט א מעשה'לע. האב איך ליעב. טא הערט זשע מיך אויס מיט קאפ און איהר וועט דאן זעהן, אז איך האב מיט גאט'ס הילף א גרויסען טאלאנט צו שרייבען מעשה'־לעך.

ביי אונז אין שטעדטעלע זיינען אמאל געווען פיער גוים. האבען זיי אלע גע־הייסען אלעקסיי פעטראוויטש. איינער איז געווען דער אוריאדניק. איינער גלאט אזוי א גוי, איינער איז געווען דער מי־ראוואי סודיא (דער ריכטער) און איינער איז געווען אן אנטיסעמיט און א שונא ישראל.

דער אמת איז, דאס זיי זענען אלע געווען שלעכטע גוים און האבען פיינד גע־האט א אידען, נור מעהר אמת איז עס וועגען דעם לעצטען.

אנגעפאנגען האט זיך עס מיט א פע־סעל הערינג וואס איז געשטאנען ביים טיר פון א קרעמעל וואס האט באלאנגט צו א אידישער אלמנה.

דארף זיך טרעפען, אז אלעקסיי פעט־ראוויטש דער אוריאדניק איז פארביינג־גאנגען, פארטשעפעט די פעסעל מיט זיי־נע שטיוועל־אויערלאך און עס איבערגע־קעהרט. די הערינג זיינען ארויסגעפא־לען אין בלאטע און דערביי פארטשעפעט א פעסעל קעראסין. האט זיך עס אלעם אויסגעמישט און די ארימע אידענע האט געביך געהאט אזא היזוק. וואס האט זי שיער ניט געבראכט צו בעטעל ברויט.

ווערט נאך דער אורידניק אין כעס, נעהט אריין אין דער רציחה און שרייבט אן א פראטאקאל אויף דער אידענע, למאי זי האט ארויסגעשטעלט סחורה ניט אויפ'ן ריכטיגען פלאץ און אלס עדות חתמ'עט זיך טאקי דער וועלכער אלעק־סיי פעטראוויטש, דער גוי, וועלכער האט געזעהן ווי אלעקסיי פעטראוויטש דער אוריאדניק.

אין עטליכע טעג ארום רופט מען די אלמנה צום מיראוואי סודיא. וואו זי דארף אנגעקלאגט ווערען פאר ברעכען די הייליגע געזעצען פון לאנד. און אלס קלע־גער טרעטען אויף אלעקסיי פעטראוויטש דער אורידניק און דער עדות — דער וועלכער אלעקסיי פעטראוויטש, דער גוי.

דארף זיך מאכען, אז דער מיראוואי־סודיא האט קיין צייט ניט. ער דארף פאהרען אין שטאדט מיט זיין אשת חיל וועגען איינקויפען הויז־זאכען. נעהמט ער און איז מכבד דעם אוריאדניק מיט דעם ריכטער שטוהל, אז ער אליין זאל אפיהרען דעם משפט און פאראורטיילען די פארברעכערישע זשידאווקא.

האבען מיר שוין יעצט א ריכטער וועל־כער הייסט אויך אלעקסיי פעטראוויטש.

שטעלט זיך אוועק אלעקסיי פעטרא־וויטש דער אוריאדניק און לעזט פאר די קלאגע און שווערט אז ער אליין, אלעק־סיי פעטראוויטש דער אוריאדניק האט גע זעהן ווי די קרעמערין יענטא־גרונא קאב־צאנסקי האט געהאלטען איהר סחורה מחוץ לגבול.

דאן שטעלט זיך ווידער אוועק אלעק־סיי פעטראוויטש, דער גוי און שווערט אלס עדות דאס ער אליין האט געזעהן אלעס וואס אלעקסיי פעטראוויטש, דער אוריאדניק האט ערשט פארגעלעזען און אז יעדעס ווארט איז אמת.

דאן זעצט זיך אוועק אלעקסיי פעט־ראוויטש דער מיראוואי סודיא און שווערט, אז ער וועט ארויסגעבען א גע־רעכטען משפט אין דעם נאמען פון גאט און דעם קיסר.

און דא שפרינגט ארויס אלעקסיי פעט־ראוויטש דער אנטיסעמיט און רעדט זיך צוזאמען מיט די דריי איבעריגע אלעקסיי פעטראוויטשעס און אלעקסיי פעטרא־וויטש דער מיראוואי סודיא גיט ארויס געגען דער אלמנה יענטא־גרונא קאבצאנ־סקי דעם פאלגענדען אורטייל:

„אזוי ווי לויט דער קלאגע פון אלעק־סיי פעטראוויטש דעם אוריאדניק האט די זשידאווקא געהאלטען ארום איהר סטאר צוויי [illegible]־טעס. וועלכע האבען זיך אי־בערגעקעהרט און שיער ניט אנגעמאכט א פייער און מארק, און אזוי ווי אלעק־סיי פעטראוויטש דער גוי האט געשווא־רען דאס ער איז געווען דערביי. דארום גיב איך, אלעקסיי פעטראוויטש, דער מיראוואי סודיא, ארויס א פריקאז, אז די אנגעקלאגטע זאל באצאהלען צעהן רובעל שטראף און אלע קאסטען פון געריכט."

פון די פעסלאך הערינג און קעראסין, זיינען שוין אלזא געווארען צוויי פייער־טעפ און אנשטאדט צו אומקעהרען דער ארימער אלמנה איהר היזוק, האט מען זי נאך פארמישפט צו צאהלען שטראף און געריכטס־קאסטען און אלעס דער־פאר, ווייל דער אורידניק, דער עדות, דער ריכ־טער, און דער אנטיסעמיט זיינען אלע געווען איין און די זעלבע פערזאן, אלע ליגנער און אלע שונאי ישראל.

# 36,400,000 מארק פארטיילט אין פוילען

געלד־פארטיילונג געהט איבער אין די הענט פון די פוילישע אידען אליין. — ערשטע זיצונג פון פארטיילונגס־קאמיטעט, וואס פארטרעט גאנץ פוילען. — וויפיעל יעדער דיסטריקט אין פוילען האט באקומען. — קאנס־טרוקטיווע פלענער.

36.400.000 מארק איז פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע פאר־טיילט געווארען אין פעברואר צווישען די פארשידענע טעריטאריעס, וואס געפי־נען זיך איצט אונטער פוילישער הער־שאפט, און די פארטיילונג איז נישט מעהר געמאכט געווארען פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע אליין, נאר פון א ספעציעלען פארטיילונגס־קא־מיטעט פון די פוילישע אידען פון אלע געגענדען, וועלכער האט אפגעהאלטען זיין ערשטע זיצונג אין ווארשא דעם 17־טען פעברואר.

דער באריכט וואס די דזשאינט דיס־טריביושאן קאמיטע האט ערשט באקו־מען וועגען דעם. דערצעהלט זעהר אינ־טערעסאנטע פרטים וועגען דער זיצונג און דער פארטיילונג פון די געלדער צווי־שען פארשידענע טעריטאריעס.

ווען דר. באגען, איז לעצטענס אנגע־קומען קיין ווארשא, האט ער אויסגע־ארבייט א פלאן, לויט וועלכען גאנץ פוילען איז איינגעטיילט געווארען אין 11 דיסטריקטען, פאר יעדער דיסטריקט איז אויסגעקליבען געווארען א גרעסערע שטאדט אלס צענטער, און עס זענען ארגאניזירט געווארען בריעף צו די הילפס־קאמיטעטען אין די דאזיגע גרע־סערע שטעדט, אז זיי זאלען אויסקלי־בען דעלעגאטען צו א פארטיילונגס־קאמיטעט, וואס אין ווינע הענד וועט פון היינט אן איבערגעגעבען ווערען די פאר־טיילונג פון אלע געלדער, אין דעם בריעף איז אנגעוויזען געווארען, אז די איינ־טיילונג פון די דיסטריקטען איז גע־מאכט געווארען בלויז געאגראפיש, און אז דער איצטיגער קאמיטעט וועט זיין בלויז א דערווייליגער, ביז יעדער דיסט־ריקט וועט דורך דעמאקראטישע וואה־לען אויסקלייבען דעלעגאטען, וואס זא־לען פארטרעטען דעם גאנצען דיסטריקט און נישט נאר זיין הויפט־שטאדט. דאס מיינט, אז די ערשטע זיצונג פון דעם נייעם פארטיילונגס־קאמיטעט איז בלויז דער ערשטער שריט איבערצוגעבען די גאנצע ארבייט פון, איינטיילען די געל־דער אין די הענד פון די פוילישע אי־דען גופא, און די דעלעגאטען פון די בא־טרעפענדע שטעדט דארפען זיך באטראכ־טען בלויז אלס צייטווייליגע, ביז עס וועלען פארקומען וואהלען.

דעם 17־טען פעברואר זענען זיך די דעלעגאטען צוזאמענגעקומען אין ווארשא, און דא, אין דעם אפיס פון דער דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע איז פארגעקומען די ערשטע זיצונג. דר. בא־גען אלס פארזיצענדער האט געעפענט די זיצונג מיט א ערקלערונג, אז די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע האט באשטימט פאר פוילען אויף פעברואר א סומע פון 30 מיליאן מארק, און אז עס איז די אויפגאבע פון די פארזאמעלטע צו פארטיילען די 30 מיליאן צווישען אלע דיסטריקטען לויט זייער גרויס און באדערפניש. דאן האט זיך אנגעהויבען א רייהע ערצעהלונגען פון די דעלעגא־טען וועגען די צרות און נויטען פון יעדער געגענד. בריסק האט דערצעהלט וועגען די קעלערס און לעכער, און וועל־כע די אידען דארטען וואוינען, מינסק — וועגען דער טיפוס־עפידעמיע, וואס ווערט אלץ שטארקער צווישען די אויס געהונגערטע אידען, ביאליסטאק — ווע גען דער גרויסער ארעמקייט און אזוי ווי טער. וואס מעהר די צרות פון יעדער געגענד זענען אויסגעהערט געווארען — דערצעהלט דער באריכט — אלץ ווייני־גער באדייטונג האבען געקראגען די 30 מיליאן מארק, וועלכע האבען גענומען אויסזעהן ווי א טראפען אין ים פון דער אידישער נויט.

דאס ערנסטע בילד האט געשילדערט סעמיועל שעין, פון דער דזשאינט דיס־טריביושאן קאמיטע, וועלכער האט זיך נאר וואס אומגעקעהרט נאך א חודש צייט אין דער פוילישער אוקראינא, ד. ה. אין די אוקראינישע געגענדען, וואס זענען פארנומען געווארען פון פוילישען מיליטער. טיפוס — האט ער דערצעהלט — בושוועט איבער'ן גאנצען לאנד, אוועקנעהמענדיג טויזענדער אידישע מע נער, פרויען און קינדער, איצט קומט אויך די כאלערא און מאהנט איהר חלק פון דער אויסגעצעהרטער באפעלקע־רונג. גאנצע שטעטלאך פון קראנקע און שטארבענדע ליגען אהן הילף, טויזענדער יתומים שלעפען זיך ארום אהן א דאך, און די שלאכטען, וואס זענען נאר וואס פארגעקומען אין דער געגענד, האבען פארענדיגט דעם חורבן.

ווען דער דאזיגער באריכט איז אויס געהערט געווארען, האבען אלע דעלעגא־טען איינשטימיג באשלאסען, אז ווי ווע־ניג עס זאל נישט אויסקומען צו באשטע־מען פאר אנדערע געגענדען, מוז די פוי־לישע אוקראינא גלייך קריגען 10 מי־ליאן מארק. דר. באגען האט צוגעגעבען א העלפט פון דעם, פארגרעסערענדיג די סומע ביז 35 מיליאן, און נאכדעם ווי מען האט אויסגעהערט די באדערפני־שען פון אלע דיסטריקטען, איז אויסגע־קליבען געווארען א קלענערע קאמיטע צו פארטיילען דאס געלד צווישען אלע דיסטריקטען. דער ענדגילטיגער באשלוס וועגען דער פארטיילונג איז געווען ווי פאלגט:

| | |
|---|---|
| די שטאדט ווארשא, פארטראטען פון רונשטיין און דאווידסאן | 1,650,000 |
| ווארשעווער דיסטריקט, גינזבורג און פארבשטיין | 3,000,000 |
| געוועזענע עסטרייכישע אקופאציע ש. מיללער | 1,400,000 |
| לעמבערג, דר. פרנס, דר. ראזמארין | 5,000,000 |
| קראקוי, דר. ניכטבערגער | 2,500,000 |
| ווילנא, הרב רובינשטיין, דר. שאבאד | 3,750,000 |
| בריסק (ברעסט־ליטאווסק), וויגני קאוו | 1,400,000 |
| ביאליסטאק, סובעטסקין, פ. פאט | 2,000,000 |
| מינסק, בערגער, ראבינאוויטש, פיינ־לעב | 4,000,000 |
| פינסק, טאוזנער | 1,000,000 |
| פוילישע אוקראינא, ש. שעין | 10,000,000 |

**נאך דער איינטיילונג פון די געלדער** האט די קאמיטע אויפגענומען די פראגע וועגען קאנסטרוקטיווער הילפס־ארבייט, באזונדערס וועגען העלפען קליינע הענד־לער און בעלי מלאכות, אז זיי זאלען קע־נען קומען צוריק צו זיך. עס איז פאר־געשלאגען געווארען, אז די דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטע זאל צו דעם צוועק באשטימען א ספעציעלען פאנד און אז די געלדער זאלען ארויסגעגעבען ווערען די בעלי מלאכות אויף אינסטרו־מענטען און די הענדלער אויף סחורה דורך די לייה־קאסעס, וואס עקזיסטירען אין פוילען, אבער זיי קענען נישט אנ־געהן מיט זייער ארבייט צוליעב מאנגעל אין געלד.

איידער די זיצונג איז געשלאסען גע־ווארען, האט דער קאמיטעט געבעטען דעם פארזיצענדען איבערגעגעבען די אמע־ריקאנער אידען דעם דאנק פון די פוי־לישע אידען נישט נאר פאר דער מאטע־ריעלער, נאר אויך פאר דער מאראלישער שטיצע, און א באזונדערער דאנק צום יוד־ניט, וואס איז אנוועזענד געווען אויף דער זיצונג.

# Der Weg

די איינציגע אידישע טעגליכע צייטונג אין מישיגאן סטייט
ערשיינט יעדען פריהמארגען אויסער שבת, דורך דער
וועג פאבלישינג קאמפאני, אינקארפארייטעד.
[illegible]ם אפיס: 347-49 הייסטינגס סטריט, דעטראיט, מיש. טעלעפאן: מעין 3715.


## די קאווקאזער בערג-אידען

פון ב. י. ג—ן

דאס לעבען פון די קאווקאזער בערג אידען איז זעהר אינטערעסאנט, זיי שטאמען, זאגט מען, פון יענע אידען, וואס מען האט פארטריבען פון ארץ ישראל און אלס געפאנגענע אוועקגעפיהרט קיין בבל. זיי ריידען טאטיש (טאטי איז די שפראך פון די פערסיאנער אין באקו).

זייערע רבנים, אדער חכמ'ס קענען אויך ריידען העברעאיש און תלמודיש. דער חכם איז ביי די קאווקאזער בערג אידען דער פארשטעהער פון אלע כלי קודש'ן. ער איז אי א שוחט, אי א רב, אי א חזן, און אי א מלמד. אין די „חדרים" וואו מען לערענט די קינדער, זיצט דער רבי אויף א דיוואן אויף דער ערד און די תלמידים ארום איהם און אזוי זיצענדיג לערנען זיי חומש און די תפילות.

די בערג אידען באשעפטיגען זיך מיט פארמעריי.

די מעהרסטע זיינען פלאנטאטארס פון טאבאק.

עס זיינען אבער צווישען זיי פאראן אויך א סך קינסטלער בעלי מלאכות. אי בערהימט זיינען באריהמט די מעסערס און קינזשאלען און אנדערע געוועהר וואס די אידישע קאווקאזער ארבייטער לאזען ארויס אויף דעם מארק.

די גרעסטע מצוה פון וועלכער זיי האלטען זעהר שטארק איז הכנסת אורחים. אז עס קומט צו זיי אירגענד ווער, נעהמען זיי איהם אויף בסבר פנים יפות און מיט גרויס כבוד. ווען עס קומט א געלעהרטער ובפרט א חכם, רייסט מען זיך איבער איהם. איטליכער וויל איהם האבען פאר אן אורח ביי זיך אין דער היים.

דער חכם קען דאך אבער ניט זיין איטליכענס נאסט אויף איין מאל, וואר־פען זיי גורל צווישען זיך, און דער זוכה גורל פיהרט דעמאלט דעם חכם צו זיך היים מיט גרויס שמחה.

דער איינפיהר איז ביי זיי, אז מען וואשט די אורחים די פיס. דאס איז דער פרויס ארבייט. נאכדעם ווי די פרוי, וועלכע געהט מיט א פארדעקט געזיכט וואשט דעם בכבוד'ען אורח אפ די פיס, נעהמט זי גלייך צוגרייטען ביכוד, וואר־רים זי ווייס, אז באלד וועלען זיך צונויפ קומען די חשוב'ע בעלי בתים, און דער ארבייט העלפען איהם די טעכטער אדער שכנות.

ווען מען קומט זיך צונויף, דערצעהלט דעמאלט דער אורח וואוהין ער פאהרט, וואס ער איז אויסען מיט זיין נסיעה און פון וואנען ער קומט. נאכדעם ווי ער ווערט פארטיג מיט זיין דערצעהלונג, קו־מען ארויין מיידלעך מיט קריגלעך ווייז און בעכערס, מיט פרוכט און אנדערע מאכלים און דער ביכוד הויבט זיך אן. דער אורח מאכט ברכה, די פארזאמעלטע ענטפערען „אמן" און בעת'ן עסען נעמט זיך די יוגענד (מיידלעך און בחורים) טאנצען ווארפענדיג דערביי מיט קינ־זשאלען און שווערד'ען אין דער לופטען.

* * *

מעהר אינטערעסאנט איז ווי אזוי די קאווקאזער בערג אידען באנעהמען זיך מיט די פרויען.

ווען א מיידעל ווערט א כלה, מוז זי ביי יעדער מאל, ווען זי באגעגענט זיך מיט'ן חתן, אוועקזעצען זיך אויף דער ערד און באדעקען דאס [illegible]נים מיט א טוך.

נאך דער חתונה טאר זי זיך שוין ניט באווייזען אהן א דעקטוך.

די קאווקאזער בערג [illegible]ען האבען אמאל צו צוויי און צו דריי פרויען. די פיעל־ווייבעריי איז פארבאטען געווען פון דער צארישער רעגירונג. נאכדעם אבער האבען די גייסטליכע נע'פועל'ט ביי דער צארישער רעגירונג צו ערלויבען דיא בערג אידען פיעל ווייבעריי, דערמיט האבען זיי געמיינט צו דערנעהענטערען די אידען צו דער מאהמעדאנישער רעלי־גיע.

און טאקע שטעהען די קאווקאזער בערג אידען זעהר נאהענט צו די מאה־מעדאנער. עס טרעפט ניט איין מאל, אז זיי זיינען מתחתן איינס מיט דעם אנ־דערען.

זיי פיהרען זיך אויך אויף ווי די [illegible]ארטיגע טאטארען.

ניט זעלטען טרעפט עס, אז א איד זאל אוועקרייבען א מיידעל פון טאטא־רישער אפשטאמונג און מיט איהר חתונה האבען.

אזוי פאסירט עס אויך אז א טאטאר זאל כאפען א אידיש מיידעל. פארפיה־רען צוליעב איהר א קאמפף און נאכדעם, ווי ער געווינט דעם קאמפף, חתונה הא־בען מיט איהר.

די פעלקער אין יענעם געגענד זיינען זיך נוהג צו קעמפען פאר זייערע כלות. דער דאזיגער קאמף ווערט אפטמאל פאר וואנדעלט אין אן אלטער שלאכט. א מלחמה פון לעבען און טויט.

דערצו איז נאך דארטען אנגענומען: דער מנהג פון גואל הדם. איבערהויפט איז עס פארדעכענט פאר א גרויסען כבוד ביי די דארטיגע אידען, אנצונעהמען זיך די קריוודע פון זייערע קרובים. זאל איי־נער פון זיי גע'הרג'עט ווערען דורך אי־מיצען, וועלען זי שוין ניט רוהען ביז זיי וועלען ניט נעהמען קיין נקמה אינם מער־דער.

ריזע שדוכים פיהרען צו אזעלכע בלוט פארגיסונגען.

דער אידישער בחור וואס רויבט אוועק א מאהמעדאנער אדער טאטאריש מיידעל (אויך פון מאהמעדאנער רעליגיע) מאכט ניט אזא געדודער, ווי ווען א טאטא־רויבט אוועק א אידיש מיידעל. דאס ערפיהרט אמאל צו א שלאכט צווישען די אידען און די אנדערע גלויביגע פון יענעם געגענד.

מענשליכע קרבנות פעהלען דערביי ניט. אזוי גיך אבער ווי איין צד הערט אויף צו קריגען, ווערט ווידער א שלום ווי גלייך עס וואלט גארניט געווען פא סירט.

די אידישע פרוי ביי אידען, ניט קו־קענדיג וואס מען קעמפט פאר איהר, איז פונדעסטוועגען איהר ראליע א זעהר צוהדיגע. זי האט ניט קיין גרעסערע ווערטה איידער די פרוי ביי די טאטא רען.

*) דאס דאזיגע ארטיקעל האב איך באארבייט פון אן אויסשניט וואס א לע־זער פון „וועג איז געווען פריינדליך גע־נוג מיר צו צושיקען.

ב. י. ג—ן

## וואס די זשיטאמיר'ער לאנדס־לייט טוען פאר זייערע מלחמה לײדענדע ברידער

לעצטען זונטאג אוונט האט דער זשי־טאמיר'ער רעליעף פאראיין נעהאט א זאנקעט ביי פריינד פיווניק אין הויז, וואו אלע לאנדסלייט זיינען אנוועזענד געווען.

מען האט גאנץ פרעהליך פארבראכט און אויך ניט פארגעסען אן זייערע פריינד אויף יענער זייט ים, און געזאמעלט די סומע פון $215.

די קאמיטע דאנקט אלע זשיטאמיר'ער לאנדסלייט פאר זייער גוטהארציגקייט און בעט זיי אויך ווייטער ניט צו פאר־געסען.

מיט אכטונג,

די קאמיטע.

## פינף הונדערט דאלאר צדקה ביי א לויה

א איינדרוקספאלע לויה איז פארגעקו־מען מיטוואך, 21־טען אפריל פון דער פלוצלונג געשטארבענער מיטעל־יאהריגע פרוי, מרת נחמה גאלדשטיין, פון 317 מערבארי סטריט.

פיעל טרעהרען איז פארגאסען געווא־רען ווען דער היגער רב, רבי אישישק'ן האט גערעדט אין איהר הויז, איהר מאן מר. ישע. גאלדשטיין האט מנדב' געווען צו איהר אנדיינקען 500 דאלאר צו פאל־גענדע אינסטיטושאנס: צו הונדערט דא־לאר אויף „בית יתומים חסד של אמת ווילקינס סט. ת"ת און מושב זקנים מיט א תנאי, אז אין מושב זקנים זאל מען יעדער טאג זאגען קדיש פיר איהר נשמה צו 50 דאלאר אויף אגודת אחים שוהל, הייסטינגס קאר פערריי סט. און בני ישראל מאללעט סט. וואו מר. גאלד־שטיין איז דארט א מעמבער דער בעוואוס טער הזן שניאור זלמן שיינבערג פון אגודת אחים שול האט געמאכט די הזכרה

## היגע סטרייקער קענען זיך אומ קעהרען צו דער ארבייט, אויב זיי ווילען.

אין לייבאר לייסעאום האבען די היגע סטרייקער אפגעהאלטען א פארזאמלונג, אויף וועלכער מר. גאל, דער סעקרעטאר פון דעה דעטראיט יארדסמען אסס'ן, האט ערקלעהרט, דאס יעדער איינער פון די סטרייקער האט א רעכט זיך אומצו־קעהרען צו דער ארבייט. אויב ער גע־פינט עס פאר ריטיג, און ער וועט ניט געמאדעלט ווערען פאר דעם פון דער אר גאניזאציע. מר. גאל האט אבער צוגעגע־בען, דאס ער פערזענליך וועט ניט געהן צוריק צו דער ארבייט, סיידען די פאר־ערונגען פון די סטרייקער וועלען בא־פרידיגט ווערען די לעצטע באמערקונג האט ארויסגערופען גרויסע אפלאדיסמענ־טען ביי די פארזאמעלטע.

קינדער גרעסטע באזוכער פון לייברעריס

מעהר ווי האלב פון די באזוכער אין די לייברעריס זיינען קינדער. קינדער כאפען זיך שנעל צום לערנען און דער וועלבסט לערנען אידעע־העלפט זיי פיעל אין זייער שטודיום און אין זייער ענט־וויקלונג. דאס וואקסען פון קינדער האט אויך א גרויסע ווירקונג אויף דער אמע־ריקאניזירונג פון די איבעריגע מיטגליע־דער פון דער פאמיליע, וועלכע הערען זיך איין צו די אינפארמאצי'אן וואס זיי הא־בען אהיים געבראכט דורך די לייברערי ביכער.

די אמעריקאן לייברערי אסס'ן פון 24 וועסט 39 סטריט א'ז בעזאנדערס גייגע־ריג אז יעדער קינד זאל קריגען גענוג ביכער און די ביכער וואס ער דארף אין דער לייברערי. זי ערמוטהיגט אויך ער־וואקסענע. איהר פראגראם איז „ב'כער פאר אלע". א פאנד פון 2 מיליאן דאלאר ווערט געזאמעלט דורך יחידים, לייברע־ריענס, לייברערי טראסטיעס און לייב־רערי פריינד. די געלד וועט פארוואנדעלט ווערען צו באזארגען מעהר ביכער און א גרעסערען אויסוואהל און צווייטענס אז די לייברעריס זאלען וואס מעהר באזוכט ווערען. נור די לייברערי וועט אמעריקאני־זירען די פרעמדע און נור די לייברע־רי וועט בויען די צוקונפט פון די יוגנע.

# דער טאג

**The Detroit Jewish Daily**

Published Daily by WEG PUBLISHING CO.

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

347-49 HASTINGS STREET Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. ... authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Sunday, April 25th 1920 Vol. 2, No 61 — זונטאג, אפריל 25, 1920.


# שלום מוז הערשען צווישען זיגער און באזיגטע, זאגט ניטי

(סאן רעמא, אפריל 24. פרעמיער ניטי האט פאר פראנצויזישע קארעספאנדענטען ערקלערט, דאס אויב שלום זאל גלייך ניט געהמען הערשען אין איראפא, כדי די פארשיידענע לענדער זאלען זיך צוריק אומקעהרען צו דער ארבייט, וועט א שרעקליכע קאטאסטראפע רעפען די וועלט.

מיר מוזען מאכען שלום גלייך און אומעטום,—האט ניטי געזאגט—אניט וועט א גרויזאמער חורבן אונז טרעפען. ס'איז פאראן נאר איין מיטעל צו ערדרייכען דיעזען ציעל, און דאס איז, אז די זיעגער און די באזיעגטע מוזען ווערען איינע אין די וועלט".

„ווי איך פארשטעה—האט ער ווייטער געזאגט—וועט פראנקרייך ניט זיין צופריעדען פון דעם. איך האב באמריסט דר. רענער, דעם עסטרייכישען פרעמיער, אלס פריינד און איטאליען העלפט עסטרייך מיט אלס, כדי זי זאל ניט שטארבען פון הונגער. דאס זעלבע מוז געטאן ווערען מיט דייטשלאנד".

„ווען וועט די קאמיסיע פון דער נאציאנען ליגע אפפאהרען קיין רוסלאנד?" האט מען איהם געפרעגט.

— דאס ווייסען מיר ניט — האט לאיד דזשארדזש געענטפערט — ווייל ווי ס'זעהט אויס רעגט רוסלאנד וועגען דער נאציאנען ליגע אזוי פיעל, ווי אמעריקא דענקט וועגען איהר. רוסלאנד האט נאך ניט געענטפערט אויף אונזער נאטע".

## דייטשער פארשטעהער ניט צוגעלאזט אין סאן רעמא

לאנדאן, אפריל 24 — די הינע טיימס באשטעטיגט די ידיעה פון פאריז, אז די פרעמיערען פון ענגלאנד און איטאליען האבען געוואלט איינלאדען א דייטשען פארשטעהער קיין סאן רעמא אום צו רעווידירען דעם ווערסאלער שלום. אבער זייער פארשלאג וועגען דעם איז דורכגעפאלען, ווייל פראנקרייך און בעלגיום זענען שארף ארויסגעטראטען געגען רעווידירען דעם דייטשען שלום.

## ערקלעהרט ניטי'ס פלאן וועגען רוסלאנד

וואשינגטאן, אפריל 24 — דער איטאליענישער אמבאסאדאר האט נעכטען אין א סטייטמענט ערקלערט, אז די פראגע פון אנערקענען די סאוועטען רעגירונג וועט ניט פארגעבראכט ווערען אין סאן רעמא.

דער סטייטמענט לעזט זיך ווי פאלגט „כדי צו מאכען קלאהר די מיספארשטענדניס, וואס האט זיך פארשפרייט וועגען דער שטעלונג פון דער איטאליענישער רעגירונג בנוגע רוסלאנד, איז דער איטאליענישער אמבאסאדאר באפאלמעכטיגט צו פארעפענטליכען, אז דער איטאליענישער פרעמיער האט ניט בדעה פארצושלאגען אויף דער סאן רעמא'ר קאנפערענץ, דאס רוסלאנד זאל אנערקענט ווערען. סינאר ניטי'ס פארלאנג איז, אז קאמערציעלע באציהונגען מיט רוסלאנד זאלען וואס שנעלער עטאבלירט ווערען אבער פאליטישער אנערקענונג וועט איטאליען האנדלען, מעגליך אין אנקלאנג מיט דער שטימונג פון די אליאירטע. ניטי וויל נאכפאלגען א טאקטיק פון שלום און באנוצען זיך מיט די נאטירליכע רייכטימער פון רוסלאנד און דייטשלאנד; אהן די לענדער קען קיין אמת'ער שלום אין איראפא ניט הערשען און די וועלט וועט ניט האבען קיין עקאנאמישע רוהיגקייט".

## ניטי זאגט, קריעג מיט טערקיי אונפארמיידליך

סאן רעמא, אפריל 24.

סינאר ניטי, דער פרעמיער פון איטאליען, האט פאר צייטונגס לייט ארויס געזאגט זיין מיינונג וועגען שלום מיט טערקיי. ער האט שארף קריטיקירט דעם אפמאך וועלכען די עליעס צווינגען ארויף אויפ'ן טערקישען פאלק און ער האט נביאות געזאגט, אז אין קליין אזיע וועט פארקומען איינגיכען א מלחמה.

איהר וועט האבען קריעג מיט טערקיי—האט ער געזאגט—און איטאליען וועט ניט שיקען קיין איין סאלדאט און וועט ניט אויסגעבען א לירע. איהר האט אוועק גענומען פון די טערקען זייער היילינע שטאדט, אדריאנאפאל; איהר האט זייער הויפט־שטאדט אונטערגעווארפען אונטער א פרעמדען יאך; איהר האט פון זיי צוגענומען יעדען האפען און דעם גרעסטען טייל פון זייער טעריטאריע. און די 5 טערקישע רעגענטען, וואס איהר וועט ערוועהלען, וועלען אונטערשרייבען א שלום־אפמאך, וועלכען ניט דאס טערקישע פאלק און ניט דער טערקישער פארלאמענט וועלען סאנקציאנירען.

## ארמעניען א פרייער שטאט.

סאן רעמא, אפריל 24.—צוליעב דעם וואס ני אמעריקא און ניט אירגענד וועלכע אנדער מאכט זענען געניינט איבערצונעהמען דעם מאנדאט איבער ארמעניען, האבען די עליעס באשלאסען, דאס ארמעניען זאל ווערען א פרייער שטאט.

דער ענגלישער פרעמיער האט פאר אייערקאנער קארעספאנדענטען געזאגט דאס ס'איז א גרויסער שאדען, וואס אמעריקא נעהמט ניט קיין אנטייל אין דער סאן רעמא'ר קאנפערענץ. „וואלט אמעריקא געווען אפיציעל פארטראטען אויף דיעזער קאנפערענץ—האט ער געזאגט—וואלט איהר שטאנדפונקט אהן א צווייפעל נעוויגען.

די קארעספאנדענטען האבען דאן לאיד דזשארדזש'ן אויפמערקזאם גע[...] [illegible]

# העכערע טעקסעס צו פראפיטי־רענדע לענדלארדס באשטימט

נעכטען אין דער פריה, האט די באַרד אף רעוויו באשטימט נייע טעקס אסעסמענטס צו פאלגענדע לענדלארדס.

ס. ה. נערבינג, אייגנטימער פון דעם פלארענס אפארטמענט, 1283 סט. אנטוויין סטריט, זיין אסעסמענט איז געהעכערט געווארען פון $110.600 אויף $185.600.

לאיער אנטאני מאילא, אייגנטימער פון א 21־פאמיליען אפארטמענט אויף 1237 בוביען סטריט, געהעכערט זיין אסעסמענט פון $50.200 אויף $90.000.

רזשיק ישעוויטץ און דזשאזעף שניידער, אייגנטימער פון בילדינג 906־900 סטעגלי עוו., געהעכערט זייער אסעסמענט פון 20.320 אויף $38.000.

דזשאדזש עדווארד לזיש, דזשעפריס, אייגנטימער פון אן אפארטמענט אין 1806־1800 וועסט גרענד בולווארד, געהעכערט זיין אסעסמענט פון $28,750 אויף $48.750.

דער פלארענס אפארטמענט איז צום ערשטען גענומען געווארען אין אנבעטראכט פון דער באַרד אף רעוויו. ביים קאונסיל מיטינג לעצטען מיטוואך האט א מענאגער פון יענעם אפארטמענט מר. ה. ב. גינסבורג עדות געזאגט, אז רענט איז דארטען לעצטענס געהעכערט געווארען פון $45 אויף $60 און אין איינינע קייסעס איז רענט דארטען געהעכערט געווארען ביז $125.

מר. ווארק, פון דער ווארק־גילבערט קאמפאני, איז לעצטען מיטוואך גערופען געווארען אלס דער אייגנטימער פון דיזער פראפערטי, אבער ער האט ערקלערט אז ער האט פארקויפט זיין פראפערטי צו נערבינג'ען פאר $225.000.

די ביכער אין אסעסאר'ס אפיס האבען געוויזען אז דער ווערט פון דער לאט איז געוועזען אפגעשאצט ביז $10.600 און דער בילדונג ביז $100.000.

דער אסעסמענט אויף דיעזער פראפערטי איז נעכטען ווי דערמאנט, געהעכערט געווארען אויף $185.600. דאס מיינט אז די טעקסעס אויף זיין פראפערטי וועט איצט זיין פיעל מעהר ווי צוויי מאל אזוי פיעל ווי פריהער.

אין כמעט דאס זעלבע איז מיט די איבעריגע לענדלארדס, וועלכע וועלען דארפען צאהלען זייערע טעקסעס לויט די נייע אסעסמענטס.

## 3 מענשען פארוואונדעט אין א שיסעריי

לעצטען פרייטאג אווענט האט אין א ביליארד צימער אויף מישיגאן עוו. און [...]קטע סטריט, איינגעבראכען א רעוואלווער דועל צווישען פאלים און באנדיטען און דער רעזולטאט איז, דאס 3 מענשען האבען אריינגעכאפט בולעטס אין זייערע קערפערס.

די פארוואונדעטע זענען: פאטרולמען פאול סירפינסקי וועלכער האט געקראגען א קויל אין דער לינקער האנד, עדווארד א'קאנאר, 670 בעלווידער עוו. וועלכער האט געקראגען א קויל אין די לונגען און דזשארדזש גרעי, 29 יאהר פון לאפאיעט בולווארד, וועלכער איז פארוואונדעט אין מויל, היפס און קניה.

א'קאנער, גרעי און דריי אנדערע, [...]נען ארום א־זייגער 11 אריין אין ביליארד צימער און זיך געשטעלט קריי[...]ן מיט איינעם פון די שפיעלער.

באלד האט איינער פון די חברהלייט געמאכט א פארשלאג צו געהן מיט'ן שפיעלער אין א פייט. יענער האט צוגעשטימט און האט געקראגען גוט צוהרג'עט. ווען ער איז שוין געלעגען אויף דער ערד און זיך ניט געקענט ריהרען האבען די באנדיטען איהם אריינגעפיהרט אין באטהרום און בארויבט $11 פון זיין קעשענע.

די אנוועזענדע האבען באלד פארשטאנען אז [...] די ריכטיגע חברה לייט און מען האט טעלעפאנירט צו דער פאליציי.

ווען די פאליציי איז אנגעקומען האט זיך אנגעפאנגען א שיסעריי און דאס איבען געבראכטע איז דער רעזולטאט. א'קאנער ליגט יעצט אין א שטאר[...]בענדען צושטאנד. די אנדערע צוויי וועלען מסתמא־ליך ערהאלען.

## חזן הערשמאן היינט אין ארענא גארדענס

דער בארימטער חזן, ר' מרדכי הערשמאן פון ווילנא, וועט היינט אווענט געבען א קאנצערט אין ארענא גארדענס.

חזן הערשמאן האט מיט זיין קומען לעצטענס אין אמעריקא פאקטיש אנגעמאכט א פוראר אין דער מוזיקאלישער וועלט. די גרעסטע קריטיקער פון די ניו יארקער ענגלישע צייטונגען האבען מיט באגייסטערונג געשריעבען סיי וועגען זיין זיסער שטימע און סיי וועגען זיין קינסטלערישען זינגען.

ביי היינטיגען קאנצערט וועט חזן הערשמאן זינגען חזנות, אפערא אריעס און אידישע פאלקס ליעדער.

## קען ניט קריגען קיין פאסענדע הויז שניידט ער זיך איבער דעם האלז

סאגינאו מיש. אפריל 24 — מארטין [illegible]

## פלאן צו עטאבלירען נאכט גערינכטען אין דעטראיט

[illegible]

## ספעציאלער שליח קיין אוקראינע היינט ביי אומאנער לאנדסלייט

[illegible] אויסגעוועהלט געווארען פון דער יונייטעד אומאנער רעליעף אסאסיאיישאן אלס ספעציעלער שליח קיין אוקראינא.

מר. איבראהאמס, וועלכער פאהרט אין גיכען אפ נאך אוקראינא וועט באזוכען אומאן, טאלנע, זווינגאראדקע, האָוועניסקי, סאקאליווקע, דובאווע, בוקי, באסמשעוואטע, טעפליק, אוכרימיווע, טערענעווקע, ליפאוויץ און אנדערע.

## איסטסיידטענאנטסליג

אן עקזעקוטיווע מיטינג פון דער ליג וועט שטאטפינדען היינט, זונטאג אווענט, 8 אוהר אין ליבאר לייסעאום. אלע עקז. מיטגליעדער זענען געבעטען צו קומען.

## מארגאליס האט צוויי ווייבער

סעמקע מארגאליס, וועלכער איז לעצטענס דינסטאג צוזאמען מיט מרס. ליליא מארגאליס ארעסטירט געווארען פון פעדעראלע בעאמטע אויף דער קלאגע פון האנדלען מיט אפיום, איז איינער פון יענער תכשיטים, אויף וועלכע דער פסוק זאגט: „וגהעברת הרע מקרבך"..

הערט א מעשה: ערגעתץ וואו אין דער שטאדט דעטראיט, שטאט מישיגאן אין די פאראייניגטע שטאטען פון אמעריקע, געפינט זיך א סטריט מיט'ן נאמען בראש. אין יענער סטריט וואוינט א פרוי מיט'ן נאמען פעני מארגאליס, וועלכע איז געווען אונאפיציעל געשיידט פון אתקר מאן, סעם מארגאליס איבער א יאהר צייט. זייער קינד וואוינט מיט דער מוטער.

מאכט זיך א מעשה.

לעצטען מיטוואך, ווען דאס קינד האט זיך געשפיעלט מיט אנדערע קינדער אויפ'ן סטריט, האבען איהם די קינדער געגעבען צו וויסען, ווער זיין טאטע איז און האבען איהם דערצעהלט, אז ער איז ארעסטירט געווארען „צוזאמען מיט זיין פרוי". דאס קינד איז געקומען צו דער מוטער און איבער געגעבען, וואס ער האט געהערט.. האט די מוטער גענומען א צייטונג און דערזעהן א נייעס: סעם מארגאליס מיט זיין פרוי ליליא ארעסטירט.

איצט האט מרס. מארגאליס נומ. 1 געבעטען דער פאליציי אויסצופארשען, אויב ער האט געזעצליך געהייראט מיט ליליען און אויב יא, וועט ער מסתמא דערפאר קריגען א „וואוט אף טהענקס" און א קניפ אין בעקעל אלס צוגאב, פאר'ן האנדלען מיט אפיום..

# יוסטיץ־אגענטען רופען קאמוניסטישע פארזאמלונגען, אום צו איבערפאלען זייער באשולדיגט לאיער

יוסטיץ אגענטען רופען קאמוניסטישע פארזאמלונגען אום צו איבערפאלען זיי

וואשינגטאן, אפריל 24 — ביי דעם היינטיגען פארהער, וואס איז פארגעקומען פאר'ן ארבייטס מיניסטער, מר. ווילסאן, האט סווינבורן היל, א ניו־יארקער לאיער, ווידערהאלט די ערקלערונג וואס פעדעראלער ריכטער ענדערסאן פון באסטאן האט ניט לאנג צוריק געמאכט אז די רעגירונג „פיהרט אן א געוויסע טייל פון דער קאמוניסטישער פארטיי".

דזש. עדגאר הואווער, רעגירונגס פארטרעטער, האט געזאגט, אז דעם באסטאנער ריכטערס סטייטמענט איז „אן אונבארעכטיגטע פארשטעהן פון פאקטען" און אז איהם איז ניט באוואוסט קיין איין רעגירונגס אנגעשטעלטער, וועלכער זאל דינען אלס פראוואקאטאר. מר. היל האט דאן פארגעלעזען א בריעף, אונטערגעשריבען פון פרענק ע. בוירק, א באאמטער פון יוסטיץ דעפארטמענט, צו אן אגענט פון דיעזען דעפארטמענט אין באסטאן. דער בריעף איז געשריעבען דעם 27־טען דעצעמבער, 1919, א פאר טעג איידער די איבערפאלען אויף די ראדיקאלע ארגאניזאציעס זענען פארגעקומען.

אין'ם בריעף ווערט געזאגט, אז „איהר מוזט ארגאנזירען מיט דער הילף פון אייערע פארשטעלטע ידיעות־צושטעלער, פארזאמלונגען פון דער קאמוניסטישער פארטיי אויפ'ן 2־טען יאנואר. איך בין אינפארמירט געווארען דורך [illegible]

[...]בען באשולדיגענדיג, אז ל. פריינ[י] איז אן אגענט פון דעם יוסטיץ דעפארטמענט.

„זענט איהר גרייט צו באווייזען אייער באשולדיגונג?" — האט מר. הואווער [...]

זייער אייזנשריען — דער מענש וואס זאגט אז פריינ[י] איז געוועזען, איז אדער [...] אגענט פון דעם יוסטיץ דעפארטמענט, איז א נידערטרעכטיגער ליגנער".

מר. הואווער האט דאן געווארענט היל'ען דאס אויב ער וועט ניט באווייזען זיין באשולדיגונג וועגען פריינ'ן אין פארלויף פון 10 טעג, וועט דער אטוירני דזשענעראל איהם עפענטליך אויפפאדערען ער זאל עס באווייזען.

## שניידער שאפ בארויבט צום 5טען מאל

די שניידער שאפ פון סידני א. דזשי[...] 1386 גרענד ריווער עוועניו, איז נעכטען באגינגען צום 5־טען מאל בארויבט געווארען פון פיער באנדיטען. די לעצטע רויבעריי איז [...]אגען פון 25 ראלס וואארע, [...] פון $3.000.

[...] האבען געזעהן ווי די רויבער [...] פארגעקומען. איינער פון זיי [...] טעלעפאנירען דער פאליציי [...] ווען פאליסלייט זענען אנגע[...] שוין געווען צו שפעט. די [...] שוין געווען אוועק.

[...]ר מאנאטען פריהער איידער [...] איז פארגעקומען, האבען די [...]יטען געמאכט א פארזוך צו [...] שניידער שאפ פון דזשאזעף [...] 1639 גרענד ריווער עוו. [...]אבען קיין ערפאלג ניט געהאט [...] א רויבער־בעל האט אנגע[...]ינגען האבען זיי באשלאסען [...]אס שנעלער.

[...]ן ראבערט מאנלי, וועל[...] צו'ם פלאץ אויף דעם [...]ער בעל, האט געזעהן ווי די [...]ליטלאך האבען זיך ארייג[...] [illegible]

לויפען מיט'ן רויב, גלייך ווי גאר ניט וואלט האבען פאסירט.

## קאיא פאר'משפט צו דריי יאהר טורמע, ווערט גלייך באפרייט

פאריז, אפריל 24 — יאזעף קאיא, געוועזענער פרעמיער פון פראנקרייך, וועלכער איז נעכטען פאר'משפט געווארען צו דריי יאהר טורמע פאר האבען קארעספאנדענץ מיט'ן שונא, איז היינט פריה באפרייט געווארען.

דער סענאט, וועלכער האט איהם געמשפט, האט באשלאסען, דאס די צייט וואס קאיא איז געזעסען אין טורמע ביז דעם משפט, זאל פארדעכענט ווערען. קאיא פארלירט זיינע פאליטישע רעכט פאר א משך פון 10 יאהר און מען וואויגען אין א שטאדט, וועלכע ס'וועט פאר איהם אויסקלייבען דער אינערן מיניסטער.

## קאנגרעגיישאן בני יעקב שיקט טעלעגראמע קיין סאן רעמא

[illegible]

דער וועג

THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY, INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office, Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.

# פארט געלערנט

דער אמעריקאנער סענאט האט פארט געלערנט פון דער פארגאנגענהייט. פון דער געשיכטע פון אמעריקא און פארט ווייס אפגעם און רעכענט זיך דער סענאט מיט דער איצטיגער שטימונג פון דער אמעריקאנער נאציע. און דאס איז די אורזאכע, וואס דער סענאט האט נידערגעשטימט דעם ביל, וואס האט געוואלט איינפיהרען געצוואונגענע מיליטער איבונג.

דער סענאט איז אריבערגעגאנגען קעגען דעם פרעזידענט און קעגען דעם קריעגס מיניסטער, וועלכע ווילען צו נעמען צוואנגסאיבונג.

און ווען מיר זאגען דא דער סענאט און נישט א פראקציע, אדער א טייל פון סענאט, וואס געהערט צו א געוויסער פארטיי, מיינען מיר טאקע דעם סענאט אלס גאנצעס, ווארים דער פארשלאג פון געצוואונגענער מיליטער איבונג איז נידערגעשטימט געווארען מיט א זעהר גרויסער מעהרהייט. דאס מיינט אז נישט נאר די „געשוואָרענע געגנער" פון דעם פרעזידענט ווילסאן און פון זיין פארטיי, נאר אויך פיעלע סענאטארען וואס געהערען צו דער דעמאקראטישער פארטיי און דארפען דערום שטיצען דעם פרעזידענט, — אויך זיי האבען קעגען דיזען פארשלאג געשטימט.

ווארים זיי ווייסען דאס נישט קוקענדיג דערויף וואס די וועלט איז נאך מייל נידעריגער פון דער עהרליבענער נביאה פון „גר זאב עם כבש"; נישט קוקענדיג דערויף וואס עס איז נישט לאנג האט דער געדאנק פון „פריפערעדנעס" אזוי הויך געקלונגען; נישט קוקענדיג דערויף וואס ביז איצט באַרען זיך נאך נאציעס אין כלים און יעדער ווייס וועלכע מלוכה וועט זיך איינפיהרען איינצוארגען איינס ס'אנדערע. — נישט קוקענדיג אויף דעם אלעמען האט אונז די אמעריקאנער געשיכטע (די קריגס געשיכטע) באוויזען אז אמעריקא איז נישט מחויב צו פארוואנדלען זיך אין א מיליטאריסטישען גיקערגעצעמעל אום צו קריגען אן ארמעע־דעמאלט ווען זי האט עס נויטיג.

אין דער צייט פון דער רעוואלוציע האט וואשינגטאן נישט געהאט מעהר אלס צוואנציג טויזענד סאלדאטען. ביז די מלחמה איז פאראיבער, האט ער אבער געהאט גאנצע פיער הונדערט טויזענד.

אין דער קריעג פון יאהר 1812 האט אמעריקא מנצח געווען די בריטישע. און איז זיך אויך באגאנגען אהן צוואנג מיליטער. גאנצע 527 טויזענד סאלדאטען האבען וואלונטירט אין צייט ווען ביים שונא זענען געווען נישט מעהר ווי 16 טויזענד מאן.

אין יאהר 1821 ווען מען האט באנוצט נישט מעהר ווי 6000 מאן קעגען די אינדיאנער, האט פלוצלינג אמעריקא פארשריבען א ליסטע פון פופציג טויזענד. און אלע צייטען האט אמעריקא נישט באדארפט איינצוצען מיליטאריסטישע מעטאדען אום צו באקומען די נויטיגע צאהל סאלדאטען.

זייענדיג מיר דאך אריין אין דער לעצטער קריעג נאר אום דען צו צעברעכען דעם מיליטאריזם.

אמת טאקע, אז די אלע שרעקליכע וואס מען האט נישט גע־ארגט אין דער מלחמה צייט, האט מען געפרובירט יאבדעס צו פאר־מיאוס'ען.

זאלען די פריימערים דער ביישפיל זיין:

דער זיעג פון לאפאלעט'ן אין וויסקאנסין. און דזשאנסאן'ס זיעג אין מישיגאן זענען די בעסטע עדות, אז די בירגער האבען בכלל נישט פארגעסען יענע אידעאלע פרינציפען, פאר וועלכע אמעריקא איז אריין אין קריעג.

און די בירגער וועלען יענע פרינציפען קיינמאל נישט פארגעסען.

עס וועלען פארגעסען ווערען דעם באשאפער פון דיזע פרינציפען, עס וועלען פארגעסען ווערען יענע קריגס פיהרער וואס האבען מכלומרשט מסכים געווען מיט דיזע פרינציפען. די פרינציפען גופא, אבער, וועלען קיין מאל נישט פארגעסען ווערען.

און די וועלט וועט זיך אפשר נישט בארוהיגען כל זמן זי וועט נישט זעהן די דאזיגע פרינציפען פארווירקליכט אין לעבען.

און עס איז ביי אונז קיין ברעקל ספק נישט אז ווען מען וואלט גע־ווען פארטגעזעצט די בלוטיגסטע קריעג מיט די דאזיגע פרינציפען, וואלט שוין איצטער די וועלט געווען שטארק טריך מיט פרידליכער רעקאנ־סטרוקציע, מיט איינארדנונג און אויסגערייניגען די חורבות און עס וואלטען די איצטיגע ימים בלים און די מוראדיגע אומרוהען אין אייראפא פאר־מיטען געווארען.

אבער דאס איז דאך [illegible] נישט געשען געווארען.

און אומרוהיג זענען די פעלקער און בלים גיסט זיך ווי וואסער, און די וועלט ווערט טרשט געדראהט פון א קריעגס געפאהר, וואס ווערט אפשר מיט איהר גרויסקייט און שרעקליכקייט איבערשטייגען די ערשטע. פארענדיגטע איז — ווי עס זעהט אויס — ווייל אמעריקא זיך איבערהיטען פון אזא דראהענדער קריעגס געפאהר.

די רעפובליקאנער סענאטארען זיינען אויסגעשטאנען קעגען דער פארטיי וואס קען אריינשלעפען אמעריקא אין א נייער קריעג, וועלכע איז, אייגענטליך, אומפארמיידליך. און די דאזיגע סענאטארען זיינען פון די בירגער אפלאדירט געווארען. די בעסטע פון זיי, די שטארקסטע געגנער פון דער פארטיי זיינען באלוינט געווארען ביי די פריימערים אין מישיגאן און אין וויסקאנסין.

קען דען דער סענאט, פיהלענדיג די שטימונג פון די בירגער, אנגענומען א פארשלאג, וואס איז נישט פאפולער ביים פאלק? קענען דען די סענאטארען אנגעהמען א ביל פון געצוואונגענע מיליטער איבונג, אין צייטען ווען דאס פאלק איז קעגען דאס נישט.

א פארשטענדיגער סענאט טוט מיליטאריזם?

דער אמעריקאנער סענאט האט עס אויך נישט געטאָן.

# די פאליטישע וועלט

פון ז. ק.

ווי ס'זעהט אויס, האבען די אליאירטע רעגירונגען בדעה דעם פארפלאנטערטען פאליטישען קנויל — די רוסישע פראבלעם — פונאנדערצוקניפלען, אנשטאט איהם איבערצוהאקען. דאס לעבען איז, מסתמא, ניט קיין לעגענדע, און ענטהאלט אין זיך וועניגער פסיכאלאגישען מוט, ווי ס'האט איהם ארויסגעוויזען דער קעניג גאָרדי מיט'ן לעגענדארישען קנויל.

ס'איז דאך אהן א צווייפעל, אז די עלייעס זענען היינט צו טאג מיט דער מיינונג, אז די סאוויעטען רעגירונג איז די פאקטישע פארשטעהערין פון דעם היינטיגען רוסלאנד. ס'קען דאך ניט זיין, אז אין טיעפען הארצען פון די אייראפעאישע שטאטסלייט טליעט נאך אין א פינק פון האפנונג, אז אמאל וועט ערוואכען דער דרעמלענדער ריעז — ווי דאס רוסישע פאלק איז ביז ניט לאנג אנגערופען געווארען — און וועט צוריי־סען די שקלאפען קייטען פון א לענין, צו די איבערצייגונג, אז די באלשעוויקעס באגעגענען איצט אין רוסלאנד ניט קיין גרעסערע געגנערשאפט צו זייער רעגירונגס ריכטונג, ווי יעדע אייראפעאישע רעגירונג אין איהר אייגען לאנד, — צי אס דיעזע איבערצייגונג איז אנ־גענעהם, אדער אונאנגענעהם, איז דאך פון דער קלענסטער וויכטיגקייט. ווארים נאך אלעמען, איז דאך וויכטיג דער פאקט, אז דאס רוסישע לעבען ווערט איינגעריכטעט און אויסגעשטעלט לויט דעם ווילען פון די סאוויעטען פיהרער, און אז דער ווילען פון „פרעמדע" איז ניט בכח צו שטערען די אינטערי־ניגים פון רוסלאנד.

און אויב די עלייעס זענען איבער־צייגט, אז די סאוויעטען רעגירונג איז ניט קיין „מפיל", וואס דען ניט גע־ווען פיעל לאגישער דעם רוסישען קנויל איבערצוהאקען, אידער איהם פו־נאנדערפלאנטערען? דער פראצעס פון איבערהאקען איז דאך א שנעלערע, א גרינגערע, און אויך א קלערערע; צו־ליעב וואס זשע שיקען קאמיסיעס קיין רוסלאנד אויספארשען, נאכצוזוכען? האבען דען די עלייעס נאך ניט קיין קלאהרע באשטימטע אינפארמאציעס וועגען די רוסישען לעבען?

ס'האט געווארט אויף דער סאן רעמא'ר קאנפערענץ פון די אליאירטע פרעמיערען, וועלכע האט זיך אנגעפאנ־גען די וואך, אז די איצטיגע רוסישע רעגירונג וועט פון איהרע אנערקענט ווערען. ס'איז געווען געגלויבט צו באזו־ען אזא האפנונג. האט דען ניט דער איטאליענישער פרעמיער מיט איינע וואכען צוריק עפענטליך ערקלערט, אז זיין רעגירונג וועט אנערקענען אלע [illegible] ... ווען די עלייעס זאלען אנערקענען די סאוויעטען? און וואלט דען ניט גוט אזא ערקלערונג געמאכט, אויב די שטימונג פון די אליאירטע וואלט געווען געגען אזא ערקלערונג?

אז די פראגע פון אנערקענען די באל־שעוויקעס איז אוועקגעשטעלט געווארען אויף דער פראגראם פון דער סאן רעמא'ר קאנפערענץ, איז דאך כמעט אפיציעל באריכטעט געווארען, אז די רוסישע פראבלעם מוז באהאנדעלט ווערען פון די עלייעס איז קלאהר פאר יעדען. מ'קען דאך ניט אפשניידען א וויכטיגען — אויב ניט דעם וויכטיגסטען — טייל פון אייראפעאישען עקאנאמישען ארגאניזם, און האפען, אז די פונקציעס זיינע זאלען זיין נארמאלע. דאס איז אזא קלאהרער אמת, אז ס'איז נאר ניט קיין וואונדער, וואס אין דער ערשטער ערקלערונג, וועלכע ס'האט חיזוק וואך געמאכט דער נייער ענגלישער אמבאסאדאר צו די פאראייניגטע שטאטען, איז די רוסישע פראגע באלייכטען געווארען פון דיזען שטאנדפונקט. האט ער דען געקענט ניט זאגען, דאס, וואס ער האט יע געזאגט, אז „נארמאלע עקאנאמישע באדינגונגען אין אייראפא זענען אונמעגליך, סיידען רוסלאנד וועט צוריק ווערען א פראדוצי־רענדע און קאנסומירענדע נאציע"? און מ'דארף אויך וויסען, אז דיזע ערקלע־רונג איז פון ענגלישען פארשטעהער געמאכט געווארען מיט א געוויסער אב־זיכט, און דאס איז, צו באקענען די גע־זעלשאפטליכע מיינונג פון די פאראייניג־טע שטאטען מיט דער ווירקליכער אייראפעאישער לאגע.

די סאן רעמא'ר קאנפערענץ איז נאך ניט פאראיבער; איהרע באשלוסען זענען נאך ניט געווארען דאס אייגענטום פון דער עפענטליכקייט. אבער אויב סמנים נארען אונז ניט אפ, וועט די רוסישע פראגע נאך אלץ בלייבען ניט געלעזט פאלשענדיג.

ווארום וואלט די שטימונג אויף דער סאן רעמא'ר קאנפערענץ געווען פאר אנערקענען די איצטיגע רוסישע רעגי־רונג, וואלט דאך דאן געווען גאנץ איי־בעריג — אויב ניט א שפאס — צו ער־לויבען די ענגלישע ארבייטער צו שיקען א קאמיסיע קיין רוסלאנד. און לויט דער פארעפענטליכטער אפיציעלער ערקלע־רונג איז די ערלויבניש פאר דיזער קא־מיסיע געקומען דירעקט פון סאן רעמא. הייסט דען דאס ניט אויפגעפלאנטערט נאך איין קנופ פון דעם רוסישען קנויל?

אמת, דאס געבען־פאספארטען צו ענגלישע ארבייטער פארשטעהער, אין צוזאמענהאנג מיט דער אליאירטער שטע־לונג צו רוסלאנד פון א 3-4 מאנאטען צוריק, איז א גרויסער שריט פארווערטס אבער אין באצוג צו דער ווירקליכער לע־זונג פון דער רוסישער פראגע — און, ממילא אויך, דער אייראפעאישער פרא־גע — איז דיזע ערלויבניש מעהר ניט ווי איבערהאקען איין קניפעל פון גאנצען קאמפליצירטען קנויל, אנשטאט צו צוהארען דעם גאנצען קנויל.

* * *

כמעט די גאנצע פרעסע פון די פאר־אייניגטע שטאטען ערקלערט דעם סא־ציאל פאליטישען פענאמען פון דער וואַ־שינגטאנער אדמיניסטראציע, — דעם פאלמעריזם, דירעקט אן אנפאל פון היסטע־ריק. די „רויטע געפאהר", וואס היינט, האט אזוי צעזידערט די נערווען פון דעם העכסטען פארשטעהער פון דער אמערי־קאנער יוסטיץ, דאס ער איז ניט ביכולת צו זעהן קיין אנדער פארב, אויסער דער „רויטע"... און ווא איז ער, נעבאך, א קרבן פון די „רויטע" פארשווערער.

ווארט מר. פאלמער ניט פארטראטען אזא וויכטיגען און פאראנטווארטליכען אמט, ווי דאס איז דער פאל, וואלט אזא ערקלערונג געווען א לעגענדע. אבער די סימפטאמען פון מר. פאלמער'ס היסטעריק זענען דאך שוין לאנג באוויזען געווארען, היינט פארוואס זיצט ער נאך אין יוסטיץ־דעפארטמענט?

ווארט עס דען מעגליך געווען אין אירגענד וועלכען קאנסטיטוציאנעלען לאנד, אז א מיניסטער זאל זיך מאכען לעבעדיג אין די אויגען פון'ם פאלק און ער זאל דאך ניט רעזיגנירען?

מר. פאלמער'ס ערקלערונג פון דעם איצטיגען באהן סטרייק, אז ער איז א „רויטער" פארזוך צו שטערען די עק־זיסטירענדע רעגירונג פון די פאראייניג־טע שטאטען, איז דאך געווארען א חוכא וטלולא, און פאר, וואס זשע איז מר. פאלמער נאך אלץ דער הויפט פון יוס־טיץ דעפארטמענט?

ווי ס'זעהט אויס, איז ניט מר. פאל־מער היסטעריש, נאר ער איז ענטשלא־סען צו מאכען היסטעריש דעם אמערי־קאנער עולם, און אנגענהמענדיג אזא באשלוס, זענען פאר איהם אלע מיטלען בארעכטיגט. און אויב דער ציעל בא־רעכטיגט די מיטל, איז דען א וואונ־דער, וואס דער ריין עקאנאמישער סטרייק פון די באהן־ארבייטער איז פון מר. פאלמער'ן פארוואנדעלט געווארען אין א פאליטישער רעוואלוציע?

צום גליק אבער, איז דער כלל, אז „מ'קען ניט אפנארען דעם גאנצען פאלק שטענדיג" א ריכטיגער. די עפענטליכע מיינונג באקעמפט ענערגיש די פארזוכען פון מר. פאלמער צו מאכען זי היסטע־ריש. די „רויטע געפאהר" איז שוין מעהר ניט קיין סטראשידלע. מר. פאל־מער'ס איבערפאלען אויף ראדיקאלע ארגאניזאציעס און די ארעסטען פון די „פרעמדע" רופען ארויס פראטעסטען איבער'ן גאנצען לאנד. דאס אמעריקאנער פאלק זעהט שוין איין, וואו די אמת'ע געפאהר ליגט. און די געפאהר ליגט אין דעם, ווי ריכטער אנדערסאן האט לעצטען דאנערשטאג ערקלערט אין באסטאן, וואס די וועלכע רעדען וועגען „אמעריקאניזירונג" נייטיגען זיך מעהר אין פארשטעהן די אמעריקאנער פרינציפען פון פרייהייט, ווי די וועלכע ווערען אנגעקלאגט געווארען פאר זייער „פאר־ראט" צו דיעזער פרייהייט.

ריכטער אנדערסאן איז געוויס גע־רעכט, ווען ער זאגט, אז דער פרינציפ פון יוסטיץ־דעפארטמענט איז, „פריהער הענגען, דערנאך כישפ'ט'ען". אז דיזער פרינציפ איז ניט אין איינקלאנג מיט דער אמעריקאנער פרייהייט איז דאך פאר יעדען קלאהר, אויסער פאר מר. פאלמער'ן, וועלכער, לויט זיין אמט, דארף נאר פארטיידיגען דיזע פרייהייט.

ווי אזוי איז דאס מעגליך?

יע, פאלמעריזם איז טאקי א מערק־ווירדיגע ערשיינונג, וואס קיינער, אוי־סער די וואשינגטאנער אדמיניסטראציע אליין, קען ניט באגרייפען.

* * *

דער לעצטער באריכט איז, אז אין דער שטעלונג פון דער ענגלישער רעגיע־רונג צו אירלאנד וועט אין גיכען פאר־קומען אזוינס, וואס זאל שלום מאכען מיט'ן אירישען פאלק. ס'ווערט אבער ניט געזאגט, וואס פאר א מין שלום די ענגלישע רעגירונג רעכנט פארצושלא־גען.

איז אבער מעגליך אירגענד וועלכער שלום צווישען דער איצטיגער ענגלישער רעגירונג און דעם אירישען פאלק?

געוויסט איז דאך די „נייטשאן", אז קיינע קאמפראמיסען זענען ניט מעגליך צווישען דעם ענגלישען אימפעריאליזם און דעם ווילען פון אירלאנד צו ווערען זעלבסטשטענדיג. אירלאנד האט אויס־דריקליך זיך ארויסגעזאגט, ווי ס'האבען עס באוויזען די לעצטע וואהלען, אז זי איז פאר אן אונאפהענגיגע רעפובליק. וועט ענגלאנד, די איצטיגע ענגלאנד, צושטימען צו דעם?

אויב די ליבאר פארטיי פון ענגלאנד האט ביז די לעצטע טעג ניט געקענט זיך ענטזאגען פון אימפעריאליזם בנוגע אירלאנד, קען מען דען האפען, אז לאיד דזשארדזש וועט ארויסציהען די ענגלישע באיאנעטען פון אירלאנד? ווארים אהן דער מיליטערישער דיקטאטור, איז די ענגלישע הערשאפט אין אירלאנד אונ־מעגליך. ווי אזוי קען אבער זיין שלום, ווען דאס לאנד איז פארפלייצט פון פרעמדע מיליטער?

סער גערעס, דער נייער ענגלישער אמ־באסאדאר, האט ביי זיין אנקומען קיין אמעריקא ערקלערט, אז די אירישע פראגע דארף ווערען איבערגעלאזט צום אירישען פאלק. אור וואס וויל דען דאס אירישע פאלק, אויב ניט צו באשטימען אליין זיין גורל?

אויב אזא הויכער באאמטער פון דער ענגלישער רעגירונג, ווי סער גערעס, מאכט אזא ערקלערונג וועגען אירלאנד און די ענגלישע באיאנעטען ווערען דארט נאך אלץ באנוצט, מיינט דען דאס ניט, אז די האפנונג פון אן אירישען שלום איז א פריהצייטיגע?

* * *

אז דער אויפשטאנד פון סאנארא שטאט געגען דער קאנסטיטוציאנעלער רעגירונג פון קאראנזא איז ניט אינגאנ־צען ריין פון „פרעמדען" איינפלוס, האט באוויזען מר. לעין ווילסאן, דער עקס־אמבאסאדאר פון די פאראייניגטע שטא־טען צו דער מעקסיקאנער רעגירונג. ער איז די טעג ערשיענען פאר דער סענאט קאמיטע און אויפגעוויזען, „בעשיינפער־ליך", ווי נייטיג ס'איז, אז אמעריקא זאל זיך אריינמישען אין מעקסיקא. ער האט אפילו דייטליך אנגעוויזען, ווי טיעף די ארמייע פון די פאראייניגטע שטאטען דארף אריינדרינגען אין מעקסי־קא, און דאס טאקי מעהר ניט ווי א צו־פאל, וואס גראדע אין דעם טייל מעקסי־קא, וואס מר. לעין ווילסאן וויל פאר־נעהמען מיט אמעריקאנער טרופען, געפי־נען זיך די גרויסע אויל־קוועלען פון מעקסיקא?

גענעראל אברעגאן, דער געגנער פון קאראנזא און, לויט אלע ווארשיינליכקיי־טען, דער אנפיהרער פון דער איצטיגער פארשווערונג אין מעקסיקא, איז פון מר. לעין ווילסאן געלויבט געווארען, אבער דער איינציגער פארשטעהער פון פרא־אמעריקאניזם אין מעקסיקא. און וואס פרא־עלייעם האט געמיינט אין רוסלאנד, — דורך וועלכען די קאלטשאקס, די דע־ניקינס האבען זיך געהאלטען, מיינט אויך פרא־אמעריקאניזם אין מעקסיקא.

פרעזידענט ווילסאן האט ביז איצט געשטערט וואָל סטריט אריינצוציהען אמעריקא אין קריעג מיט מעקסיקא. די נאהנטע צוקונפט וועט וויזען, צי ער וועט זיין בכח ווייטער בלייבען נייט־ראל אין די מעקסיקאנער אנגעלעגענ־הייטען.

# אויטאנאמיע פאר די אידען אין ליטא

מ'יט. עה נאַרויאַנסקאַס, דער ליטווי־שער פרעמיער, האט אין א אינטערוויו מיט א פארשטעהער פון'ם לאנדאנער איד. קאר. ביורא אויסגעדריקט זיין מיי־נונג איבער דער איצטיגער לאגע און אויסזיכטען פון די אידען אין ליטא.

„די אידען אין ליטא האט דער פרעמי־ער ערקלערט, צעהלען 13 פראצענט פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג די אי־דען פראגע איז דעריבער א פראגע פון א נאציאנאלער מינדערהייט. אונזער שטאט באשטעהט פון עטליכע נאציאנאליטעטען, די ליט־ווינער, פאליאקען, ווייסרוטהענער און אידען. די אידען שאפען די גרעסטע פון די מינאריטעטען. מיר זיינען פאלשטענ־דיג גרייט צו געבען צו די אלע מינדער־הייטען די מעגליכקייט אויסצובויען זייער נאציאנאל לעבען. זיי געניסען קול־טורעלע און רעליגיעזע אויטאנאמיע. מיר האבען אפיציעל אנערקענט די דאזיגע רעכט דורך א געזעץ וואס איז דורכגע־פירט געווארען אין יאנואר און אויפ'ן גרונד פון דיזעם געזעץ האבען די אידי־שע קהלות שוין אנגעהויבען אויפבויען זייערע ארגאניזאציעס. יעדע קהלה בא־זיצט די יורידישע רעכט פון א קאלעקטי־ווער קערפערשאפט און זיי פאראייניגען זיך אין א צענטראלער געזעלשאפט אויף דער שפיצע פון וועלכער ס'וועט שטעהן א רעגירונגס־פארשטעהער, ד. ה. דער מיניסטער פאר אידישע ענינים.

„האט דער צענטראל קאמיטעט וועל־כען עס איז איינפלוס אין דער באשטי־מונג פון'ם אידישען מיניסטער?"

„יא, ער ווערט נאמינירט דורכ'ן צענטראל קאמיטעט און דאן ווערט ער באשטימט דורך דער רעגירונג. אויב דאס מיניסטעריום פאלט, פאלט נאטירליך דער אידישער מיניסטער אויך, דער נייער פרעמיער וועט אים צוריק באשטי־מען אויב די אידען זיינען מיט אים צו־פרידען, און ווילען אים ווייטער האבען אלס זייער פארטרעטער. עס פארשטעהט זיך מען מוז אננעמען אז ער אליין איז מסכים דארויף."

„ווי ווייט דערגרייכען די רעכטע פון די אידישע קהלות?"

„זיי האבען די פארוואלטונג איבער די שולען, סאציאלע און געזעלשאפטליכער ארבייט, שפיטאלען, רעליגיעזע אנשטאל־טען, בקיצור איבער אלע קולטורעלע און רעליגיעזע ענינים."

„האבען זיי די רעכט צו באנוצען אי־דיש אלס לימוד שפראך אין זייערע שו־לען?"

„זיי האבען די פאלשטענדיגע רעכט צו באנוצען וועלכע שפראך זיי ווילען, מעג עס זיין אידיש אדער העברעאיש. די רעגירונג מישט זיך דארין נישט אריין אחוץ דעם ווערען אלע שולען וועלכע גע־כען אין די רעגירונגס־פראגראם און געפי־נען זיך אונטער איר קאנטראל — די אי־דישע שולען זיינען אין דעם הינזיכט נישט אויסגעשלאסען, אינ'ם איצטיגען מאמענט ווערט יעדע איינציגע שול וואס ווערט אנגעפירט לויט די אפיציעלע רע־גולאציעס סובסידירט דורך דער רעגירונג. אויב דער צענטראלער קאמיטעט פון די אידישע קהלות וועט אין דער צוקונפט פארלאנגען א סובסידיע פאר אלע אידי־שע שולען וועט דער דאזיגער פארלאנג בלי כל ספק נאכגעגעבען ווערען".

„און וואס באשטעהט די טעטיגקייט פון'ם אידישען מיניסטעריום?"

„דאס אידישע מיניסטעריום רעפרע־זענטירט די אידישע אינטערעסען אין דער רעגירונג, און דינט אלס בריק וועל־כע פאראייניגט די אידען און די רעגי־רונג. דאס אידישע מיניסטעריום זעהט צו קאארדינירען די אינטערעסען די אינ־טערעסען פון די אידען אלס נאציאנאלי־טעט און אלס בירגער פון'ם לאנד. דער אידישער מיניסטער האט די זעלבע רעכט וואס יעדער אנדערער מיניסטער. ער באטייליגט זיך אין אלע זיצונגען און האט די רעכט ארויסצוזאגען זיין מיי־נונג וועגען אלע פראגען וועלכע געפי־נען זיך אויפ'ן סדר היום און צו שטי־מען פאר אדער געגען. אזוי דעם אידי־שען מיניסטער איז פאראן א פינאנציע־לער געהילפס־מיניסטער ס. ראכמינא־וויטש, וועלכער איז אויך א איד. דער בודזשעט פונ'ם אידישען מיניסטעריום ווערט געדעקט דורך דער רעגירונג".

„די אידען זיינען אויך פריי בעת די וואהלען צו ארגאניזירען זיך אין אייגע־נע פארטייען אדער צו פאראייניגען זיך מיט וועלכער עס איז ניט אידישער פאר־טיי. זיי קענען האנדלען ווי זיי געפעלט. אין דער טאריבא (שטאט ראט) האבען זיך ביז איצט נישט געפונען קיין אידי־שע אדער ווייסרוטענישע פארשטעהער ווייל עס איז אונמעגליך געווען צו קומען צו וועלכער עס איז פארשטענדניס בנוגע די גרעניצען פון ליטא. היינט אבער גע־פינען זיך 3 אידען אין דער טאריבא פון דער אלגעמיינער צאל פון 40 מיטגלידער דאס איז א פראוויזארישער ראט און דעם 15־טען אפריל וועלען פארקומען די וואהלען פארן נייעם ראט"

„די אידען פראגע שפילט נישט קיין וויכטיגע ראלע אינ'ם פארטיי־לעבען פון ליטא. אין יעדער פארטיי געפינען זיך גענגער אי פריינד פון די אידישע פא־דערונגען."

„מיר האפען, אז דער עקספערימענט וועלכען מיר מאכען איצט אין ליטא וועט דעמאנסטרירען דורך זיינע רעזול־טאטען, אז די מעטאדע פון פולער אנער־קענונג פון די פארשידענע נאציאנאלי־טעטען איז די איינציגע מעגליכע מע־טאדע. אונזער מדינה וועט זיין א בייש־פיל פאר אלע לענדער וועלכע זיינען צו־זאמענגעשטעלט פון פארשידענע נאציא־נאליטעטען. איך האב אויך נישט קיין שום ספק, אז דער פארזוך וועט זיין א געלונגענער און דאס אנדערע לענדער וועלען נאכמאכען אונזער ביישפיל. אונזע־רע אידישע בירגער באגרייפען די גרוי־סע פאראנטווארטליכקייט דאס זיי נע־מען אויף זיך דורכ'ן באטייליגען זיך אין אונזער עקספערימענט און זיי אר־בייטען מיט אונז מיט גרויס ערנסט און פלייסיגקייט."



דער באקאנטער טעאטער מענעדזשער

מר. דזשייקאב ריקשטיין, וועלכער איז 15 יאהר צייט געווען פארבונדען מיט דער טעאטער ביזנעס אין פילאדעלפיא, האט יעצט איבערגענומען דעם סוירקל טע־אטער 504 הייסטינגס סטריט, וועלכען ער פלאנעוועט צו פארוואנדלען אין איי־נעם פון די שענסטע אמיוזמענט־פלע־צער אין שטאט.

קומענדען מיטוואך און דאנערשטאג אווענט, וועלען דארטען אויפגעפיהרט ווערען צוויי רוסישע פארשטעלונגען פון דער שטענדיגער רוסישער טרופע פון ניו יארק, אונטער דער לייטונג פון די צוויי סטארס פון מאסקווער קונסט־טע־אטער, מאדאם ל. פ. באטאלינא און הער ס. י. טראיאנאווסקי.

די פיעסע מיטוואך אווענט וועט זיין „ושעיטבא בעלוגינא" ('בעלוגינא'ס חתונה) און דאנערשטאג אבענט די דרא־מעטשטא „ליובאוו" (דער זין פון ליעבע)

דער סוירקעל טעאטער איז יעצט אין גאנצען איבערגעבויעט און ניי־דע־קארירט.

מר. ריקשטיין פלאנעוועט אין גיכען ארונטערצוברענגען אלע אידישע סטארס וועלכע וועלען גאסטראלירען אין דיזען טעאטער.

יעצט ווערט דארטען טעגליך געוויזען מאווינג פיקטשורס און ענגלישע וואָ־דעוויל, פון אנשטענדיגען כאראקטער.

## די שנאַהער שרעקען זיך ניט

ניט קוקענדיג וואס פיעלע מענשען האבען לעצטען זונטאג געמוזט בלייבען אין דרויסען מחמת דער שנאַרער חדר איז געווען איבערגעפאקט קיין הרע שייך צו זאגען איבערגעפאקט, ממש ניט געווען וואו א פוס צו שטעלען, אז מיר זענען געווען געצוואונגען ארויסצוברענ־גען סטענדגרים פון דרויסען, וואס שנאַ־רער קען (פונדעסטוועגען האבען זיך די שנאַרער פארט ניט אפגעשראקען. און געפראוועט אן אבענטעל כדבעי, ווי אונ־זער מיניסטער־ראט זאגן: „ווי גאט האט געבאטען".

פרץ'ס „א קשיא אויף יענע לייט" (וועקסלער), האט קיינער ניט פארענט־פערט, לי ווי האט אפילו יעם געפראוועט צו פארענטפערען מיט אפטייקער „לאד־וועט", נאר ווייס איך־איך־וואס, א גע־טייגער טאג, מ'האט זיך אויס געלאכט.

א מפלה וואלטען די פראהיבישאניס־טען איינגענומען, ווען זיי זעהען וועווער קעם „חייקעל דער שכור", (מארק־סאן).

איהר האט נאך ניט געהערט מענדעל־סאנ'ס קאמפאזיציע אין אידיש? (וויס־בראד) איך יעס.

איהר ווילט וויסען ווי גלאזער האט פארטייטשט משה טייטש? ווייטשע אזוי גוט און [illegible] זיין פאעמא דיזע וואך אין „פרדס" „גויים זינגען" אזוי דאכט זיך תייסט ז.

ס'איז געווען נאך קרעפטיגע קרעפ־טען, גאר ביי די קאהאן בראס. רעסטא־ראן האבען אויף אונז געווארט די קינ־צעלדיגע קינצלער, טאקע אמת'ע קינצ־לער פון דער דעטראיט סימפאני לעבער־דיגע בלומען. און דער קאפעלמייסטער (קוירש) האט מיט זיי איינגעקנעלט דעם רבי עלי מילעך. דאס שטעקעלע האט זיך בעוואוינגען, די טאצען האבען געטאנצע־וועט, ס'איז געווען, א אמת'ר יום טוב. לעבען זאלען די קאהאן בראס. און מייר ערסאן.

דער היינטיגער אווענט וועט זיין שוין נאר אזוינס ווי אלעכעס.

אגב אורחה, די קאנספיראציע וועט אויך דעם אווענט ענדעקט ווערען. (מלמד) — מיניסטער פון פאלקס

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

חנה וואלט זעהר לייכט געקענט קריגען א גאנצען אוצר מיט ביכער און ביכלאך. מען האט איהר געזאגט, אז אין אמעריקא זיינען פאראן ביבליאטעקען, וואו מען קען בעקומען ביכער צום לייענען.

געה זשע פאלג מיך א גאנג און טהו זיך אן, פארקעהם זיך, וואש זיך אפ, בערשטעל זיך ארום און גלה זיך ערגעץ די ביבליאטעק. זי באגנוגנט זיך מיט דעם ספרים קרעמעל, וואס גיט ביכלעך אויף פראקאט.

מערי ארבייט אלע טאג מעשים, שרייט און בייזערט זיך למאי זי זיצט גאנצע טעג אין דער פינסטערער און רוישנער הורבה, למאי גיהט זי נישט אין גאס, אבער עס העלפט איהר דער געשריי נישט.

אלע טאג פארשפריכט חנה: — מארגען — מארגען זי וועט זי שוין געהן. מארגען — זיכער! אבער דער מארגען ווערט ביי איהר אפגעלעגט פון טאג אויף טאג. א מארגען וואס קאן זיך ציהען — מי יודע וויפיעל וואכען, חדשים און יאהרען.

זי האט אויך אהן דער ביבליאטעק און אהן דעם שפאצירען געהן א היבש ביסעל ארבייט.

די גרעסטע און די שווערסטע ארבייט איז פאר איהר אויפצושטעהן פון בעט.

אמת טאקע אז דאס קומט ארויס ארום צוועלף, אמאל אויך איינס און נישט זעלטען ערשט ארום צוויי אזייגער ביי טאג. עס ווענדט זיך וואס פאר א ראמאן זי האט אריינגעטראגען, געליהען ערגיץ ביי א שכנה, אדער גענומען אין ספרים קרעמעל אויף פראקאט. און נאכדעם — אויסקעהרען, אדער צונויפבעטען, אויפרוימען דאס קליינע צימערל, וואס איז גרוים אזוי, אז מעהר ווי צוויי בעטען און אין מיטען א טישעל מיט א בענקעל קען מען קיין זאך נישט אוועקשטעלען, איין איבעריגער מענש האט שוין דא נישט וואו צו זיצען, אדער אפילו וואו צו שטעהן.

נור איידער מערי קומט, מוז אלעס זיין אויפגערוימט. פאר מערי'ן האט זי דרך ארץ. און מערי מוז זי אויך טרעפען אויף דער גאס, דוקא אויף דער גאס. איידאס מוז זי איהר אלע טאג פארזאגען אז זי איז שוין אין דרויסען מי יודע וויפיעל שעה.

אנטאן זיך, אדער פערקעהמען זיך איז ביי חנה'ן ווי א בארג אריבערצושפרינגען. זי האט שוין געטראכט א פיטעל ווי אזוי ארומצו אפצושפארען זיך די האר. האט זי אבער מורא אז טאמער וועט עס איהר שעהנקייט און אויסזעהן פערערגערען.

דערפאר ציטערט זי.

זי וויל זעהר זיין שעהן.

זי היט זיך נישט אפ. זי איז נאכלעסיג אין איהר טואלעט, נור אז זי געהט צו צום שפיגעל און גיט א קוק אויף איהרע פרישע, ווייסע, גלאטע באקען, קומט איהר דערפון צו א שטיק געזונד.

זי האט א פרעכטיגע פיגור. אבער זי ווייס עס אליין נישט.

זי ווייס נור מבינות אויף א שעהנעם פנים, די מבינות האט זי מיטגעבראכט פון דר'היים. אויף קיין פרויען־פיגורען איז זי גאר קיין מבין נישט.

מערי האט איהר אין אמעריקא געקויפט א קארסעט, איז זי איהם צוויי מאל געגאנגען. אבער מעהר נישט ווי צוויי געצעהלטע מאל. אויסער דעם וואס דאס איז די גאנצע ארבייט און נישט נאר קיין לייכטע, איז עס אויך מורא'דיג נישט באקוועם. עס דריקט און שטעכט. צו וואס דארף זי אט די אייזערנע ציואנג?

מערי האט זיך אויך נישט אזוי שטארק אנגעשלאגען אז זי זאל זיך צוהויפדריקען אין דעם קארסעט. מילא, זאל זי גור געזונד זיין, זי וועט שוין יאקאס אזוי אויך געפעלען זיין.

ווארום וויפיעל זי איז שעהן געווען, האט מערי געדענקט, אז זי נאך שעהנער. מערי איז בכלל געווען געגארט אין חנה'ן, אט ווי א טרייע און איבערגעבענע מוטער איז געגארט אין איהר ציטערדיגע קינד.

אנהויב זומער האט עפעס א שרייבער זיך אריינגעצויגען צו דער נעגענאיבעריגער שכנה.

— זאלט איהר עס זעהן וויפיעל ביכער דער מאן האט — האט די שכנה דערצעהלט פאר חנה'ן און האט איהר שטארק צוגערעדט אריינצוגעהן צו איהר קווארטיראנט לייענען א בוך. אט — האט זיך די שכנה געטראכט — זאל דער חברה מאן האבען א מיידעל דא און שכנות, וואס שלינגט אויך ביכער.. א מיידעל אין שכנות, האלט איין די קווארטיראנטען.

— אזוי? — האט חנה פויל איבערגעפרעגט — א סך ביכער, זאגט איהר, האט? זייט זשע אזוי גוט און ברענגט ארייו א פאאר.

— הערסט א כלמה — האט זיך די שכנה געפונען באליידיגט — איך זאל איהר אריינברענגען. אפשר אייך נאך צו טראגען צום בעט?

— ווארום דען נישט? — וועט חנה נישט אראפגעפאלען ביי זיך — איהר מיינט אז איך בין ווענינער קלוג, אייער דער אייער מאן? טראגט איהר דאך, זאגט איהר, צו צו דעם מאן די טהע אין בעט אריין.

— וואס זאגט מען עס נישט צו'ן איהר? — ווערט ישלין די שכנה גוט ברוגז — כ'אר אן אפגלייך דאס איז? וואס זשע איך בין א דיענסט ביי אייך?

— איז נישט נענוג וואס איך קען אייך פאר קיין דיענסט נישט האבען, זאל איך אפילו א קליינע נוין אויך נישט הענען האבען פון אייך?

(פארטזעצונג פאלגט)











































## CLASSIFIED

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

די שבנה קען שוין מעהר נישט איר־ בערמראגען, זי ווערט אויפגעקאכט: — — פער גור, זאלט איהר מיר לעבען הונדערט מיט צוואנציג יאהר, הער נור אן עזות פון א מיידעל! איך האב דאך שוין באלד אזעלכע קינדער ווי דו...

— נו איז וואס? — עסט זיך חנה נישט אפ דאס הארץ — רע־ם איז וואס? ביי אונז אין שטעדטיל איז גע־ ווען אן אלטער איד, אפשר אכציג יאהר אלט געווען, פונדעסטוועגען האפען איהם אלע גערופען, אפילו יונגע מיידלאך און אינגלעך האבען איהם גערופען קלמן שוטה...

די שבנה ווערט אן אנגעצונדענע, טוט א שמייס מיט דער טיר און אנטלויפט.

פון יענער זייט טיר הערט מען איהרע קולות:

אזא עזות. אזא פוילע זאך. א רב׳ס א טאכטער מיינט זי, אז זי איז א מיוחת, נישטא אין אמעריקא קיין מיוחסים. יחות נא קברות. העו אר ביסעל.

אבער מיט חנה׳ן קען מען ניט ברוגז זיין. אויף מארגען זעהט זי די איינענע שבנה, ניט איהר אפ דעם „גוד דעי מיר סעס האלצבערג, וואס מאכט איהר עפעס, וויפיל ניט עפעס דאס מענער׳ע פון אייער מוזיקעל?

און די שבנה וועלכע האלט די צווי שוועסטער רוביגאוו פאר גרויסע מיוחסים „רב׳ישע טעכטערלאך, וואס מוזען גער בעך אפקומען אין אמעריקא, א קלאג צו קאלומבוס׳ען“, בעט זי זיך גלייך איבער דערמאהנט קיין ווארט ניט פון נעכטי־ גען סכסוך און נעהמט איהר אויסדער־ צעהלען דאס גאנצע בינטעל צרות און די יעדט שוין אליין אזוי לאנג ביז די קומט ווידער ארויף מיט א שמועס מכח איהר נייעם קוואר־טיראנט, וועלכער איז זעהר א פיינער מענש, וועלכער רעדט אזוינע שעהנע רייד און וויסט אלצדינג וואס די „פייפערס“ שרייבען, מחמת ער אליין איז דאך גאר א שרייבער, טאג מיט נאכט רק ער זיצט על התורה ועל עבודה און האלט אין איין שרייבען. דער מענש וועט אויסנוצען גאז, מעהר ווי־ פיעל ער צאהלט דירה, געלט, פונדעסט־ וועגען איז עס פארט בעסער צו האלטען אזעלכען אין א צימער, איידער גלאט א קוואר־טיראנט. אזעלכע מענשען זיי־ נען באטש איידעלע מענשען, וויסען ווי אזוי צו האלטען זיך ריין, ציכטיג און ווי אזוי צו ריידען. מען מעג פאר הידושיע אריינגעהן, אנקוקען א צימערל, ער אליין האט זיך אויסגעפוצט, באהאנ־ גען מיט כל עדיי „פיקטשעס“ און קי־ ביבער אויסגעשטעלט, אזש עס פאר־ גאפט דאס אויג...

און אט זאר זי טאקע אריינגעהן, חנה, גיך א קיק טאן.

אבער חנה האט ניט קיין שבע פון צו געהן.

זי האט אפילו ניט ליעב צו ענטפער־ ען אלע כאך־מעהרסטענס איז זי גרייט צו זיצען א שעה און מעהר און יעט ניט מיעד ווערען הערענדיג ריידען, צי זי הערט טאקע וואס יענער רעדט, צי איז איהר קאפ פארטאן ערגעץ אנ־ דערש, דאס איז ניט לייכט צו וויסען, אבער פארט הערט זי, ריידען, רעדט זי זעלטען און געהן — במעט קיינמאל נישט.

ס׳פאלט מיך א נאנג, געהן אנקוקען דעם קוואר־טיראנטס „פיקטשורס“ און ביכער.

און זי איז נישט געגאנגען. עס איז „אלרייט“. זי וועט איהם שוין קענען אמאל. מן הסתם. אט דעם וואזשנעם מענשען וואס האט „פיקטשעס“ מיט ביכער. ער וועט אמאל אהיים קומען, ארער ארויסגעהן ווען זי וועט זיין אין דרויסען, וועט זי זיך מיט איהם דורכ־ ריידען.

און אזוי איז עס טאקע געווען:

חנה איז ביים ארויסגאנג אויף א בענקעל געזעסען און געקוקט אויף דער גאס מיט מענשען, וואס לויפען הין און הער פארשמייעט, איילענדיג, הענדום פענדום, אין דער גיך, גלייך זיי וואלטען מורא געהאט אז טאמער וועלען זיי אוהן פאמעליך וועלען זיי אנגוועהרען מי יודע וואס פאר אן אוצרות. די לופט איז פול מיט שטויב און מיט פארדומפטע ריחות.

פון דער מיטעס האלצבערג׳ס הויז איז ארויסגעקומען א פארפוצטער עלעגאנטער בחור, איבער צוואנציג יאהר אלט. דארף זיין די ערשטע יאהרען נאך צוואנציג. מיט א שטעקעלע אין האנד, די הענדש־ קעס האלט ער אין מיטען אנטון, דער הולך — געט, די שיך גלאנציג, דער קאסטיום ריין, פאסיג, א וויכע, ברייטע העט, מיט א שמייכלענדיג, שעהן גע־ ווכנ און מיט גאלדענע פעסנע.

חנה האט באלד פארשטאנען, אז דאס איז דער קווארטיראנט.

בטבע איז חנה נישט קיין שעמעוו־ דיגע, א דרייסטע, א וואנענדע. איהר ארויפגעריסען נעזעל און דין מויל און לאנגעבינע מארדעטשקע זאגען עדות, אז זי פארמאגט א סך קוראזש. ווען ער איז נאך אויף די ערשטע טרעפ געווען, האט זי געדענקט, איהם אפצושטעלען ביים ארויסגאנג, וואס נעהנטער ער איז אבער צוגעקומען צו איהר, האט זי אנגעהויבען צו פארלירען דעם קוראזש.

דער יונגערמאן האט אויף איהר א שמאיקע ווירקונג געמאכט.

פון זינט זי איז אויף דער שיף גע־ ווען, איז איהר נישט אויסגעקומען צו זיין נאהענט מיט אזעלכע פראנטישע יונגע מענשען.

אט שטעהט ער שוין אויף דער לעצ־ טער טרעפע.

חנה האט זיך געגעבען א שטעל אויף און האט געמאכט א שפאן נעהנטער צו איהם.

(פארטזעצונג פאלגט)



## CLASSIFIED

## וויכטיגע נייעס פאר העמטרעמאק

אייער אלעמענס גוט באקאנטער פלא מבער

# ס. ווינטער

פון 1255 הייסטינגס סט.

האט געמופט אין

1190 טשעין סט.

ווען איהר דארפט אן עקספערט פלאמבער פיר נייע ארבייט אדער אלטע רייפאנס ווענדעט זיך צו אונז. מיר מאכען די בעסטע ארבייט צו די ריזאנאייבעלסט פרייזען. ווי אויך עלעקטריש אן ארבייט.

איך וויל אויך מיט די זעלבע פיינקטליכקייט ווי בעפאר אטענדען מיינע אלטע קאסטימער.

מיין מאטא בלייבט דער זעלבער:

ארבייט פינקטליך אטענדעט. פרייזען די בילינסטע.

קומט צוגעהן אין מיין נייעם פלא ץ וואו איהר וועט געפינען צופרידענהייט און גוטע ארבייט.

**S. WINTER**

**1190 Chene Street**

וואטשט דיזען פלאץ פאר ווייטערדיגע ארוועטייזמענט.



# אלעס אין דער וועלט פון מוזיק

## מאכענדיג א שעהנע היים

מוזט איהר זיך איינשאפען א היי גרעיד פיאנא.

מיר פרעזענטירען א שעהנעם סטאק פאר ספרינג קויפערס

פאלגענדע פיאנאס קענט איהר בלויז קויפען דורך גרינעל הויז:

סטיינוועי
גרינעל בראס.
סאהמער
וואוז
סטערלינג
שאנינגער
הארינגטאן

דער גרעסטער אויסוואהל אין געשיכטע פון פיאנאס, און ניט נאר פיאנאס נאר כאראקטער. א פיאנא וואס וועט אלעמען צופרידענשטעלען.

אונזער קאנעקשאן מיט די גרעסטע מאנופעקטשורערס מאכט דאס מעגליך פאר אייך צו קריגען דעם בעסטען אינסטרומענט צו אייער צופרידענהייט.

און אנדערע בארימטע סארטען. מיר נעהמען אן אינסטרומענטען אלס אפארט פיימענט. רופט אונז אפ: טשערי 3600.

ספרינגטיים איז פיאנא טיים.

# Grinnell Bros.

אלעס אין דער ליין פון מוזיק.

24 סטארס. הערקוואַרטערס 243-47 וואודווארד עוו.

# C.W. Kotcher. Lumber Co.

## ברעטער אלערליי צו יעדער צייט

ביליגע פרייזען און גוטע בעהאנדלונג דאס איז אונזער סוקסעס

Cor. Gratiot and St. Aubin Aves.

Melrose 3390

# געלד איבערגעשיקט

צו פוילען, טשעכא-סלאוואקיע, עסטרייך, אונגארן, רומעניען, יוגא-סלאוויע, דייטשלאנד און אלע טיילען פון דער וועלט. פינקטליך, זיכער און שנעלע אויסצאהלונג.

# שיפסקארטען

פיר פוילען און אנדערע לענדער דושענעראל סטים שיף און געלד איבערשיקונג אפיס

**C. Leidich 69 W. Fort St.**

# ראזענפעלד,ס
# רוסישע טערקישע באד

פאר ארע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע בעהאנדלונג

30 גרויסע וואנעס צוויי כשרע מקוואות.

שווין פאר פרויען יעדען מיטוואך. 1846 אלפרעד סט. ביטווין ענטווין און בוביען.

דער זיכערסטער וועג צו צו אייערע קרובים איז

# שיקען געלט

— דורך דער —

# פיפעלס רעליעף

וועלכע טוט עס פאר אייך בלויז פאר פאסט קאסטען

490 הייסטינגס סטריט

געלט ווערט געשיקט אין אמעריקאנער דאלערס.

קעדילאק 2061

# א בשורה טובה פאר דעטראיטער אידען



דער בארימטער קינסטלער-שוישפילער

## הערר בארים טאמאשעווסקי

אין די בארימטע שוישפילערין

## מאדאם צוקערבערג

מיט אן ערשטע קלאס קאמפ.

## אין ארענא גארדענס

בלויז איין פארשטעלונג

## נעקסטען זונטאג מאי 2

וואטשט ווייטערע ארוועטייזמענטס אין ריזען פייפער און נאסטערס. טיקעטס שוין צו באקומען אין סירקעל טעאטער. רוזש. היקסטין לאקאל מע-נערזשער.

## JUDGE GAINEY

HAVANA




CIGARS

NORMAN BROS. 973 MICHIGAN WEST



אונזערע ספעשעל מאשינען סיווען ארבייט. אונזערע איבערגעבויטע מאשינען סיווען געלה.

## קויפט פון מאנופעקטשורער און סייווט דעם ריטייל פראפיט

מיר פארקויפען די בעסטע אין דער ליין פון נעה מאשינען פיר יעדער סטיטשינג אפעריישאן. א חוץ די נייע און ספעשעל נעה מאשינען. פארקויפען מיר א ביסעל אבגעניצטע מאשינען. דאס גיט אייך א געלעגענהייט צום סייווען פיעל געלד דערביי!

**A. C. Payer**

**119 E. Jefferson** טעלעפאן טשערי 1813

# אויסקינפטע פריי

זעהר גערען געקענט איבער פאלגענדע ענינים: פאספארטען. ווי צו שיקען געלד אין איראפא. ווי אזוי אריבערצובריינגען אייערע פאמיליעס. וועגען די רעכט פון לענדלארד און טענענטס. וועגען לאנד קאנטראקטען. מארטגעדזשעס. טעקסעס און א ווייטער.

## ווי צו ווערען א בירגער

וואו און ווי אזוי צו לערנען ענגליש. סאלדאטען פענסיע, ליבערטי באנדס באנוסעס. אינשורענס און נאטוראליזיישאן.

**The Free Information Bureau**
**Detroit Board of Commerce**

קאהנע זייט און לאפאיעט (2טער פלאר); שטונדען: 8:30 ביז 5:30

Mic  ac

Published Daily by

WEG PUBLISHING CO.

# דער וועג

The Detroit Jewish Daily

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

347-49 HASTINGS STREET

Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. 7?? authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson, Postmaster General.

PRICE 2c. DETROIT, MICH., Tuesday, April 27th 1920 Vol. 2, No 53 דינסטאג אפריל 27, 1920

# אולטימאטום שרעקט ניט אפ היגע סטרייקער

## עלייעס וועלען צווינגען דייטשלאנד נאכצוקומען ווערסאלער שלום

סאן רעמא, אפריל 26 — דער באריכט אז די עלייעס וועלען דעם קומענדען 25־טען מאי האבען א קאנפערענץ מיט דייטשע פארשטעהער אין ספא, בעלגיום, איז היינט באשטעטיגט געווארען.

דער העכסטער ראט האט אנגענומען דעם שטאנדפונקט פון פראנקרייך און ענגלאנד בנוגע דייטשלאנד און דאס איז אז דייטשלאנד מוז נאכקומען דעם ווערסאלער שלום אפמאך, אנים וועלען די אליאירטע אנגעהמען מיליטערישע מיטלען כדי צו צווינגען די דייטשע רעגירונג אויסצופאלגען דעם אפמאך. דער איטאליענישער פרעמיער ניטי, האט פראטעסטירט געגען דעם פונקט, וואו ס'ווערט געזאגט, דאס די אליאירטע זענען גרייט צו פארנעהמען מיט מיליטער דייטשע טעריטאריע, אויב דייטשלאנד וועט ניט אויספאלגען דעם אונטערגעשריבענעם שלום. זיין פראטעסט האט אבער ניט געהאלפען, ווייל דער פארשטעהער פון בעלגיום און דער יאפאנעזישער פארטרעטער האבען אונטערשטיצט ענגלאנד און פראנקרייך.

די עלייעס האבען נאך דיזען באשלוס פארעפענטליכט א לענגליכע ערקלערונג בנוגע זייער שטעלונג צו דייטשלאנד.

אין אנפאנג פון דיזער ערקלערונג ווערט געזאגט, אז דייטשלאנדס פארלאנג מ'זאל ערלויבען איהר צו האבען א שטענדיגע ארמיי פון 200 טויזענד סאלדאטען, אנשטאט 100 טויזענד ווי דאס איז איינגעשריבען אין ווערסאלער שלום אפמאך, קען גאר ניט באטראכט ווערען, כל זמן די דייטשע רעגירונג פאלגט ניט אויס די פונקטען פון שלום אפמאך. דאן ווייזען די עלייעס אן אז דייטשלאנד האט ביז יעצט ניט נאכגעקומען דעם אפמאך.

„די עלייעס פארשטעהען די שוועריגקייטען וואס די דייטשע רעגירונג באגעגנט, — ווערט דארט געזאגט — און זי וועלען זי ארויסצוהעלפען אויף איהר די ... בעלגיום און דער יאפאנעזישער פארטרעטער האבען אונטערשטיצט ענגלאנד און פראנקרייך.

בויכשטעבליכע אויספיהרונג פון שלום אפמאך, אבער זיי וועלען לענגער ניט ליידען קיין איבערטרעטונג פון דיזען אפמאך און זיי וועלען אננעהמען איר עטליכע מיטלען, אפילו מיליטערישע, אויב נויטיג, כדי צו צווינגען דייטשלאנד אויס צופאלגען דעם אפמאך. דעריבער ערקלעהרען די עלייעס דאס זיי האבען ניט אין זינען צו אנעקסירען קיין טייל פון דייטשער טעריטאריע".

די עלייעס ווייזען ווייטער אן אז זיי זענען געקומען צו דער איבערצייגונג דאס אירלענד וועלכע פראגע וואס וועט ענטשטעהן אין צוזאמענהאנג מיט'ן שלום אפמאך זאל די דיזע פראגע געלעזט ווערען דורך פריינדליכע קאנפערענצען צווישען די פארשטעהער פון די עלייעס און דייטשלאנד, אנשטאט דעם, וואס ביז איצט איז אנגעווענדעט געווארען די מעטאדע פון דורכשרייבען זיך וועגען אזא פראגע מיט נאטעס.

די באאמטע פון די היגע באהן ליניעס האבען ארויסגעשיקט אן אלטימאטום צו די היגע סטרייקענדע יארדמען, דאס אין פאל זיי וועלען זיך ניט אומקעהרען צו דער ארבייט ביז היינט 6 א זייגער פאר נאכט, וועלען זיי פארלירען זייער „סי־נאריטי" רעכט. דיזער אולטימאטום איז געכטען צוגעשיקט געווארען צו די סטרייקער און על איז אויסגעקלעבט געווארען איבער'ן גאנצען שטאט.

מיטגליעדער פון דער דעטראיט יארד מען אסאסיאיישאן האבען ערקלערט אז דיזער אולטימאטום וועט ניט אפשוואכען די ענטשלאסענהייט פון די סטרייקער צו באקומען העכערען געצאהלט פאר זייער ארבייט.

„איך האב „געסוויטשט" מיין לעצטע קאר פאר 5 דאלאר א טאג" — האט דער פרעזידענט פון דער אסאסיאיישאן געזאגט — איך האב אבער דערצעהלט די סטרייקער אויב זיי ווילען קענען זיי זיך אומקעהרען צו דער ארבייט, אלס איינצלנע פערזאנען ווי אלס קערפערשאפט וועלען מיר ניט באטראכטען די פראגע פון אומקעהרען זיך, סיידען אונזערע פאר־דערונגען ווערען נאכגעגעבען ווערען".

א צווייטער אקטיווער סטרייקער, מר. דושיין, האט געזאגט דאס ניט קוקענדיג דאס יעדער פון די סטרייקער האט ערהאלטען דעם אולטימאטום דורך פאסט, איז פונדעסטוועגען דער אולטימאטום גאנץ ווייניג דיסקוטירט געווארען אויף דער היינטיגער זיצונג.

—::—::—

## באן קאמיסיע אין סיביר פראטעסטירט געגען יאפאן

עלייעס באהן קאמיסיע אין סיביר פראטעסטירט געגען יאפאן

וולאדיוואסטאק אפריל 25 — די אליאירטע באהן קאמיסיע אין סיביר גרייט איצט צו א פארמאלען פראטעסט געגען דער לעצטער אקטיוויטעט פון די יאפאנעזישע טרופען אין סיביר, און אויף דער צווייטער זיצונג פון דיזער קאמיסיע וועט דיזער פראטעסט פארהאנדעלט ווערען.

היינט ברית האט די קאמיסיע אן ענטפער ערהאלטען פון יאפאנעזישען פארשטעהער צו די רעזאלוציעס, וואס זענען אנגענומען געווארען דעם 17־טען אפריל וועגען יאפאנ'ס איבערטרעטען פון דעם אפמאך, וואס איז געשלאסען געווארען צווישען די עלייעס בנוגע דער סיבירער באהן ליניע. דער יאפאנעזישער ענטפער איז, אז יאפאן ערקלעהרט וועגען דער דאס דיזער אפמאך איז אין קראפט און די מיליטערישע באאמטע נעהמען אן נויטיגע מיטלען צו פארהיטען די באהן ליניע, ווי אויך די באהן ארבייטער.

די רוסישע פראוויזארישע רעגירונג האט אויך צוגעשיקט אן ענטפער צו די אנגענומענע רעזאלוציעס, אין וועלכען עס ווערט געזאגט, אז זי אנערקענט דעם אפמאך און זי איצט אויס איהר גאנצען איינפלוס אויף די ארבייטער, דאס דער באהן פארקעהר זאל ניט געשטערט ווערען.

אויף דער היינטיגער זיצונג איז אין פראטאקאל פארשריבען געווארען דער פארמאלער פראטעסט געגען יאפאן פון די בעסטע טעכנישען ראט פון דער אליאירטער באהן קאמיסיע, וועלכער איז פארגע בראכט געווארען פונ'ם אמעריקאנעם אינזשעניר, דזשאן פ. סטיווענס.

די באהן קאמיסיע האט באשלאסען איינצופאדערען די יאפאנעזישע מיליטער־ישע באאמטע צו צושטעלען א באריכט וועגען די פאסירונגען וועגען וועלכע דער אמעריקאנישער ראט האט צוגעשיקט דעם פראטעסט, אין בעט אויך אנצונעהמען מיטלען דאס, דער באהן פארקעהר זאל ניט שטערען אין געפאהר דאס לעבען פון די באהן ארבייטער.

## פאלישעוויקעס שלאגען פאר אלום צו טשעכא סלאוואקען

לאנדאן אפריל 25 — א ראדיאגראמע פון מאסקווא מעלדעט, אז כ. טשיטשערין, קאמיסאר איבער אויס־לענדישע אנגעלעגענהייטען האט אריבער געשיקט א פארמאלען פארשלאג צו טשעכא־סלאוואקיען אנצופאנגען אונטער האנדלונגען וועגען שלום.

## ניטי זאגט יעדע פון אליאירטע רעגירונג קען מאכען שלום מיט סאוועטען

סאן רעמא, אפריל 25 — פאר קאר רעספאנדענטען האט היינט דער איטאליענישער פרעמיער ערקלעהרט, דאס אזוי ווי קיין אפיציעלער קריעג איז געגען סאוועטען רוסלאנד ניט ערקלעהרט געווארען האט יעדע רעגירונג פון די עלייעס דאס רעכט צו מאכען שלום מיט די באלשעוויקעס, אויב זי וויל עס.

## היינט מאס מיטינג פון אידישע טענאנטס

היינט אווענט 8 אזייגער וועט אין אוטאפיא האל פארקומען א מאס־מיטינג פון אידישע טענאנטס, מיט'ן צוועק צו אויסארבייטען פלענער ווי אזוי צו באקעמפפען די אפעטיטען פון די לענדלארדס וועלכע האבען אומברחמנות'דיג אנגע־פאנגען העכערען די רענט.

דער מיטינג ווערט ארגאניזירט פון דער „איסט סייד טענאנטס ליגע" וועלכע האט זיך לעצטע וואך געגרינדעט.

עס איז אין די אינטערעסען פון יעדען אידישען טענאנט בייצוואוינען דיזען מיטינג.

## אונגארישע רעגירונג לאזט צו אידישע פאגראמען

בודאפעסט, אפריל 25 — די היגע אידישע דעלעגאציע האט צוגעשיקט צום אידישען קאמיטעט אין פאריז אן אנקלאגע געגען דער אונגארישער רעגירונג אז זי לאזט צו „מאסען שחיטות אויף אידען". און אז פיעל אידען ווערען געמוטשעט און פארשפארט אין די טורמעס אהן א משפט.

„די רעגירונגס באאמטע, צו וועמען מיר האבען זיך געקלאגט — ווערט אין דער נאטע געזאגט — האבען געענט פערט דאס זיי זענען אזעלכע פאקטען ניט באקאנט, אבער רעגירונגס אגענ־טען, מיט דער צושטימונג פון דער רעגירונג, ארגאניזירען געזעלשאפטען מיט'ן צוועק אויסצוראטען די אידען"

די אידישע קינדער ווערען ניט צוגע נומען אין די שולען און דער אידישער האנדעל איז אינגאנצען צעשטערט, אין פארלויף פון די לעצטע פאר וואכען זע־נען 800 אידען אין בודאפעסט פאר שוואונדען געווארען.

די אידישע קאמיטע אין פאריז האט איבערגעגעבען דיזע ידיעות צו דער פאריזער שלום קאנפערענץ.

## ווערען ארעסטירט א טאג נאך דער חתונה

שבת איז סטעלי דרזוטאור, 13 רא בערטס עוו. געגאנגען א גליקליכער דורך רענדאלף סטריט מיט זיין געליבטע בערטא, זיי זענען געגאנגען צו פרעד דעגראו, א דזשאסטיס אוו פיעס, און דאר טען מיט צופרידענהייט אויף זיך מקבל געווען צו זיין געטריי איינער דעם אנדערען. זי האבען מיט מזל חתונה געהאט, און ווער זאל זיך עס ריכטען, אין 24 שטונדען ארום נאך דיזען גליקליכען מאמענט, האט דאס דאזיגע פאארעל ווי דער „שפאצירט" אויף רענדאלף סט. אבער דיזען מאל שוין גאר אין דער פאליציי הויפט קוואטיר.

די האנימון פון דעם דאזיגען פאא רעל האבען צעשטערט די דעטעקטיוון, זיי באשולדיגען די דריווערס אין צונעה מען גענב'טע זאכען, דאס זענעדיג נאך חתן און כלה, האבען זיי ערהאלען און פארקויפט זאכען וואס זענען גענב'ט געווארען הורך א מאן און ווייב דריווערס, וועלכע האבען געוואוינט מיט דער דרי־ווער משפחה: דריווערס און זיין ווייב ווערען אנגעקלאגט אויף גנבה.

## ואמפערס-אטאקירט ווידער קאנגרעס

וואשינגטאן, אפריל 25 — סעמועל גאמ פערס, פרעזידענט פונדער אמעריקאן פע־דערעישאן אוו לייבאר, האט אין אן ארטי־קעל אין „אמעריקאן פעדערעישאניסט" ארויסגעטראטען מיט א שארפער קריטיק פון דעם איצטיגען קאנגרעס. ער זאגט, אז דער קאנגרעס האט געשטערט דעם שלום, ניט דערלאזען צו ציהען די פראגע פון רעקאנסטרוקציע, געשטערט זיך אין וועג צו באקעמפען דעם יוקרות און ער איז געווען א דורכפאל אין זיינע פאר־שטעלען פון יעדער גרויסער פראגע, וועל־כע איז נוגע דעם לעבען פון אונזער פאלק.

„די חסאים פון איצטיגען קאנגרעס — ווערט דארט געזאגט — באשטעהן אין דעם וואס ער איז להוט צו מאן שלעכטע זאכען". דערביי ווייזט גאמפערס אן אויף דעם נייעס באהן געזעץ, אלס א ביישפיעל פון א בעוואוסטזיניגען זינד.

איבערגעהענדיג צו דער אויסלענדי־שער פאליטיק פונ'ם סענאט, פאלט גאמ־פערס אן אויף דער סענאט קאמיטע, וועלכע באהאנדעלט די מעקסיקאנער פראגע און זאגט פאלגענדעס:

„אויף אלזער איינענעם קאנטינענט געפינען מיר זיך אויך אין א הארהען פארשטעהן פון פאקטען, פאר איינע וואכען האט זיך די סענאט־קאמיטע ארויסגעלאזט איבער'ן לאנד צוזאמענ־קלייבען באווייזע. וועמענס איינפאכע איז אויפצוהעצען די דאזיגע מענשען, וועלכע דענקען וועגען און גלויבען אין אלץ. ציטענווייז וויל מען ארויסשרעפען אמעריקא אין קריעג מיט מעקסיקא".

„ס'איז ניט שווער, זאגט גאמפערס, צו זעהן, וועמענס אינטערעסען ס'פאר־טרעטען די דאזיגע, וואס ווי קריעג מיט מעקסיקא. גלייכצייטיג ווי די פראפאגאנדע זייערע א געפעו ...

„ס'איז ניט לענגער מעגליך ... זיין זיכער — זאגט גאמפערס — אז די אייגענע רעגירונגס באאמטע זענען ניט באאיינ־פלוסט פון די דאזיגע, וואס ווילען איינ־מישען אין מעקסיקא, וואס, דאס מיינט דאס זעלבע ווי דאס פארכאפען פון קובא".

צום סוף זאגט גאמפערס, אז די אר־בייטער וועלען מיט אלע מעגליכקייטען באקעמפען דאס צוריקוועהלען פון די קאנגרעסליים און סענאטארען, וואס זע־נען געווען פאליש צו דער מענשהייט.

## קאנגרעסמאן ניקאלס שטארבט פלוצלונג

קאנגרעסמאן ניקאלס שטארבט

וואשינגטאן אפריל 26 — קאנגרעסמאן טשארלס א. ניקאלס פון דעטראיט האט געלעצטען זונטאג זיצענדיג ביים דינער מיט זיין מוטער געקראנגען א הארץ שלאג און אין אין א פאר מינוט ארום געשטארבען, מר. ניקאלס איז ערוועהלט געווארען אלס קאנגרעסמאן פונ'ם 13טען מישיגאן דיסטריקט אין 1914. פריהער איז ער געווען איינינע יאהר סעקרעטער פון דעם ... פאליציי דעפארטמענט, ער איז ג ... 44 יאהר אלט און אומפארהייראט.

## איז געווען א רעפארטער פון היגע צייטונגען

טשארלס א. ניקאלס איז געבוירען געווארען אין שארלוואו קאונטי, מישיגאן דעם 24 טען אוגוסט 1874 זיין זיידע, דזשאנאטאן ניקאלס, האט זיך באזעצט אין היקארי קארנערס בערי קאונטי נאכדעם ווי מישיגאן איז אריינגענומען געווארען אין דעם שטאטען פארבאנד. מר. ניקאלס האט אנגעפאנגען ארבייטען אין א צייטונגס אפיס, ווען ער איז געווען א יונגער באי און ווען ער איז אויסגעוואקסען איז ער געווארען א רעפארטער אין פיעלע היגע צייטונגען. ער איז געווען פארעקענט צווישען די פעהיגסטע צייטונגס רעפארטערס פון שטאט.

* * *

שפעטער איז ער געווארען סעקרעטער פון פאליס דעפארטמענט, די דאזיגע שטעלע האט ער געהאלטען דריי יאהר צייט, אין 1908 איז ער ערוועהלט געווארען אלס סיטי קלורק פון דעטראיט און אנגעהאלטען דעם אמט ביז 1914, ווען ער איז צום ערשטען מאהל ערוועהלט געווארען אלס קאנגרעסמאן.

פון דעמאלס אן איז ער צוויי מאל ווי דער ערוועהלט געווארען צום קאנגרעס. ער האט ארויסגעוויזען א זעלטענע פעהיג־קייט אלס קאנגרעס מיטגליעד און איז בכלל געווען א מענש מיט ליבעראלע באגריפען.

לעצטענס האט זיך דער פארשטארבע־נער דעטראיטער קאנגרעסמאן זיך אויס געצייכענט מיט זיין מעכטיגען פראטעסט געגען דער אומשענדליכער באהאנדלונג פון די ארעסטירטע ראדיקאלען אין פארט וויין.

## מיטינג פון דער 15טער קאמיטע פון „וועג"

ווי מיר האבען שוין מיט איניגע טעג צוריק געמעלדעט האבען די שערהאלדערס פון „וועג" ערוועהלט א קאמיטע פון 15 כדי ארייצוקוקען א מעהר דעמאקראטישען כאראקטער אין דער פארוואלטונג פון „וועג".

נעכטען ביינאכט האט די דאזיגע קאמיטע אפגעהאלטען א זיצונג אין אפיס פון „וועג". אלס פארזיצענדער פון דער קאמיטע איז ערוועהלט געווארען מר. א, קעצין, אלס סעקרעטאר מר. י, ל מאלאמוט.

דער סעקרעטאר־טרעזשורער פון „וועג" מר, י, ה, לימאן האט אפגעגעבען א פינאנץ באריכט וועגען די אויסגאבען און איינגאהמען פון דער צייטונג, מעלדענדיג אז פאר דעם געלד פון די שערהאלדערס זענען געקויפט געווארען די לינאטייפ מאשינען און דער זאץ מיט וואס עס ווערט געמאכט א צייטונג יעדען טאג. בכלל איז די מאשינעריע ווערט פיעל מעהר ווי דער „קעפיטעל" וואס איז שוין אריינגעקומען פון פארקויפען „וועג" סטאק.

מר, נאגעל, מר. ראזענפעלד, בלאנדי, ראזינסקי און מר, דיימאנד האבען דורך פארשידענע פראגען ארויסגערופען זעהר א לעבעדיגע דיסקוסיע וואס האט בא צוועקט איין זאך און דאס איז ווי אזוי צו פארשטארקערן און פארבעסערן דעם „וועג".

די 15־ער קאמיטע אויסהערענדיג פאר שיעדענע מיינונגען האט צום שלום פון דער זיצונג אנגענומען א פארשלאג אז יע־דער איינער פון די 15 זאל זעהן אין פארלויף פון היינטיגען חודש פארקויפען דעם באלאנס פון דעם סטאק.

דער „וועג" האט 250 שערהאלדערס און די קאמיטע רעכנט אז אין דעטראיט קען מען געפינען אם ווינציגסטען נאך 250 און מיט 500 שערהאלדערס וועט דער „וועג" ווערען מאראליש און פינאנ־ציעל א שטארקער פאקטאר אין דעם אי־דישען געזעלשאפטליכען לעבען פון דעט־ראיט.

## רייכע מעגען צאהלען הויכע רענט זאגט דזשעפרים

רייכע לייט מעגען צאהלען הויכע רענט דזשאדזש עדווארד דזש. דזשעפריס, האט נעכטען ארויסגעגעבען א סטייטמענט אין וועלכען ער ערקלעהרט אז ס'איז גאר ניט אזא גרויסע עולה וואס די טענאנטס פון זיין אפארטמענט אויף וועלכען דער סיטי קאונסיל האט געהעבערט די אקעס מענטס יצאהלען הויכע רענט, ווייל קיין ארימע מענשען — זאגט ער — וואוינען ניט אויף גרענד בולווארד, וואו זיין אפארטמענט געפינט זיך און פון רייכע לייט איז א מצוה צו רייסען וואס מעהר.

זיין סטייטמענט לייענט זיך ווי פאלגט:

„די ארימע וואוינען ניט אויף גרענד בולווארד. און אונטער היינטיגען משוגע־נעם צושטאנד פון עקספלואטאציע מצד די רייכע, זעה איך גאר קיין אומרעכט וואס דום מיר זאלען אביסעל ניט עקספלואטירען די עקספלואטארס.

דאס אלטע ווערטעל אז גנבים גיבען זיך אפ כבוד איינע די אנדערע, דארף גענומען ווערען אין אנבעטראכט פונ'ם איינציגע מיטגליעדער פון סיטי קאנסיל און איך וויל זיי זאלען אויך געדענקען אז דזשיינג שיר אייל איז לעצטענס געשטיגען אויף 8 סענט א גלאז און דער סייז פון דער גלאז איז פארקלענערט געווארען". (דאס איז א דירעקטער שטאך איינינע אלדערמען וואס מאנופעקטשורען דזשינג שיר אייל).

האנדעלט מיט געהילצען זאכען נדיג: „און אנדער מיטגליעדער פון סיטי קאונסיל מעג האבען אין זינען אז „לאמבער" איז לעצטענס געשטיגען פון 200 ביז 300 פראצענט. איך גלויב אז דיזע דזשענטעלמען דארפען זיין אויסגעהאלטען און פארטיידיגען די אינטערעסען פון זייער קלאס.

„עס קוקט מיר אויס אז דיזע הערען געהען אויף א געפעהרליכען וועג. אין זייער פאניק איינצושטילען דעם ברוזענדען צארן פון'ם פראלעטאריאט, קלייבען זי אויס א פאר שפעקולאנטען פון דער „גוים" וועלכע זיי זוכען צו פארמשפט'ן דאס וועט זיכער מוזען פיהרען צו דער אפשאפונג פון'ם גאנצען סיסטעם פון עקספלואטאציע.

„די גרויס פון מיין עקספלואטאציע איז אביסעל איבערטריבען געווארען. די פראפערטי איז איבערגעגעבען געווארען צו דער האנאן רעאל עסטייט עקסטשענדזש וועלכע איז לויט מיין מיינונג א פירמע מיט א רעפוטאציע. די אינסטרוקציעס זע נען געווען אז די האנאן קאמפ זאל פיק סירען אזעלכע רענטס, וואס זענען נאר מאל אין יענעם געגענד; און איך וויל זעהן אז דאס זאל געטאן ווערען. עס איז געווען אביסעל ניט יושר'דיג צו מיר צו באשטראפען אהן א פארהער נאר בלויז האבענדיג זיך געשטיצט אויף א קלאנג, אלענפאלס עס פרעהט מיך וואס איך בין באקאנט ווערט אזוי פיעל".

דער ריכטער גיט אין זיין ... אויך זו שטאר א געוויסען אלדז ...

## ערקלעהרונג פון דער „וועג" פארוואלטונג

צוליעב טעכנישע אורזא... צוליעב דעם וואס אונזער געהערטער רעדאקטאר מר. ב. י, גאלדשטיין איז קראנק ... לעצטען דאנערשטאג און, זענען מיר ער־צוואונגען ארויסצוגעבען די צייטונג אין דער פארמע ווי זי איז יעצט און ווי זי איז נעווען פאר די לעצטע עטליכע טעג. עס וועט נעהמען נאך איניגע טעג, און אלץ וועט זיך איינארדענען ווי געווען.

דער „וועג" וועט ווידער אמאל ער־שיינען אין 6 און 8 פיידזשעס. מיר האר פען, אז אונזער רעדאקטאר וועט די טעג ווידער זיין געזונד און אלעס וועט ווערען איינגעארדענט ווי פריהער נאך מיט אייע־ניגע פארבעסערונגען.

גליקליכערווייז פיהלט מר. גאלדשטיין שוין יעצט בעסער און אבוואהל זיין נע־רוועז ערלויבט איהם נאך אלץ ניט ארוב־צוציען ... האפען מיר אבער, אז ער וועט אין גיכען אומשטאנד זיין אנצונעהמען זיינע פליכטען אלס רע־דאקטאר און אלעס וועט זיין צוריק איינ־געארדענט.

## ארעסטאנט מאכט אומגעלונגענעם פארזוך צו אנטלויפען

דזשאן ריטשארדסאן, אן ארעסטאנט אין פעדעראל בילדינג, האט נעכטען בייטאג געמאכט א פארזוך צו אנטלויפען פון פריזאן, אבער ס'האט זיך איהם ניט איינגעגעבען.

א מיידעל, וועלכע ארבייט אין רעפוטי מארשאל'ס אפיס, האט דערזעהן דעם ארע־סטאנט אראפגעהענדיג פון די טרעפ, וואס פיהרען צו אן אפענעם ארויסגאנג אין דרייסען. זי האט א געשריי געטאן און באלד האט דער דעפיוטי מארשאל אויס־געשאסען אין דער לופטען און זיך גענו־מען יאגען נאכ'ן ארעסטאנט.

ריטשארדסאן, דערהערענדיג דעם שאס האט באלד אויפגעהויבען די הענט ... דער לופטען און זיך אונטערגעגעבען.

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

— דאס זענט איהר דאס דער מיסעס האלצבערג'ס קווארטיראנט? — האט חנה נעפרעגט. זי האט געפיהלט אז איהר'ע באקען רויטלען זיך. עס איז דאס ערשטע מאל אין איהר לעבען, אז זי שעהמט זיך פאר איטיצען.

דער קווארטיראנט האט דורך די אויגען גלעזער א קוק געטאן אויף חנה'ן. האט באמערקט איהר פארלעגענהייט און עס האט זיך איהם געגלוסט זיך צו וויצלען איבער איהר. ער איז שוין געוועהנט געוועז, אז מיידלאך זאלען אין זיין אנוועזענהייט אביסעל מטושטש ווערען, האט פלעגט איהם הנאה טאן. האט ער זיך באמיהט צו מאכען א וואזשנעם אנשטעל און ענטפערען פון אויבען־אראפ, אט ווי ער טוט איטיצען א טובה. חנה'ן האט ער אויך געענטפערט אין אזא טאן:

— כמעט איך בין דאס דער קוואר־טיראנט — האט ער געזאגט און מיט א וואויל־יונגערישען שמייכעלע געקוקט אויף חנה'ן א רגע, און דאן געפרעגט:

— וואס איז דען?

— גאט אזוי — האט חנה געזאגט שוין אומבייטענדיג זיך איננאנצען. זי [illegible] נישט געוואלדיגט ווען איטיצער האט זיך מיט איהר באנומען אזוי ווי מיט א אנוויכטיגער באשעפעניש — גראט אזוי זיך. אייער מיסעס האט זיך בא־ריהמט פאר מיר, אז צו איהר האט זיך איינגעצייגען א נייער קווארטיראנט א גאנצער גאון, איז מיר געווען אינטערע־סאנט.

— נו, ווי זשע געפינט איהר אויס... האט דער קווארטיראנט א [illegible] נע־פרעגט — האט מיין מיסעס נישט אי־בערריבען איהר באריהמעריי?

נאיביות — האט חנה שוין נאר רוהיג און מיט א ניפטיגען בליק איהם געענטפערט — גאוניות קען מען נישט אויסגעפינען מיט איין מאל רייד־דען. אבער זי האט אויך זיך באריהמט אז איהר קווארטיראנט איז א גרויסער חכם, דאס זעהט איהר קען מען שוין פארשטעהן פון א פאר ווערטער.

דער קווארטיראנט האט פארשטאנען דעם ראזיגען שטאך. ער האט געוואוסט א רוק געטאן די פעסנע און ווערענדיג אביסעל אפהענדיג, האט ער א מאך גע־טאן:

— ווי זשע, האט איהר שוין אויס־געפונען אז איך בין נישט קיין חכם?

— כמעט — האט זי איהם אין איין ווארט אפגעענטפערט אין דעם איינע־נעם איראנישען טאן מיט וועלכען ער האט איהר פריהער זיין „כמעט" גע־זאגט.

— איהר זענט דאך א קיבעצער — האט ער געוואלט מיט איהר געהמען ווערען אביסעל היימישער.

— פרעגט מיך בחרב וואס דאס איז אזוינס „קיבעצער". איך ווייס נור אז אביסלי ביי אינז אין שטעדטיל זיינען דא יונגע לייט מיט גאלדענע פענסנע.

דער יונגערמאן האט פארשטאנען אז חנה האט זיך דערפיהלט באליידיגט פון זיין ערשטען איראנישען ענטפער. ער האט דערזעהן אז ער האט דא צו טאן נים מיט יענע מיידלאך, וואס ווערען שכורה נתפעל פון זיינע שעהנע רייד און פון זיין ביסעל בילדונג. ער האט שוין געוואלט אן עק מאכען פון די שטעך ווערטלאך, ווארים ער האט שוין איינגעזעהן אז זי וועט איהם קיין תשובה נישט שולדיג בלייבען. האט ער, איהר געזימען פארזארגען, אז ער האט נאר נישט כוונה געהאט אפצושפאטען, אדער זיך גרויס האלטען, אז אדרבה, ער איז זעהר א דעמאקראטישער מענש און חבר'ט זיך מיט אלעמען און עס וועט איהם זעהר פרעהען ווען ער וועט אויך מיט איהר באקאנט זיין. טאמער וויל זי מיט איהם געהן צו א פארזאמלונג, צו א לעקטשור, אין א טעאטער — ער וועט זי אפשר לערנען ענגליש אז זי וויל, מחמת דאס טאקע איז זיין הויפט באשעפטיגונג.

און חנה האט איהם געענטפערט אז זי וועט זיך חלילה נישט פיהלען אומגליק־ליך אויב ער וועט נישט זיין קיין דעמאקראט און וועט מט איהר קיין פריינד־שאפט נישט שליסען, צו קיין פארזאמ־לונגען האט זי קיין חשק נישט צו געהן ווייל זי ווייס נישט וואס דאס איז, און פונקט אזוי ווייס זי נישט וואס אזוינס די לעקטשורס זיינען, און אזוי ווי זי האט געקענט ביז אהערצו אפלעבען און ניט וויסען פון אט די צוויי זאכען, פארהאפט זי בכן צו גאט, אז זי וועט אויך ווייטער אהן זיי קענען לעבען.

טעאטער — דאס וואלט זי אפילו יא וועלען וויסען וואס דאס איז, איהר שוועסטער געהט אין טעאטער אמאל, אבער זי האט ביז היינט זיך פשוט גע־פיהלט צו געהן אין א טעאטער אריין, נור אויב זי וועט וועלען געהן אין טעא־טער אריין, איז זי זיכער אז מען וועט זי אהין אריינלאזען ווען זי וועט אפילו געהן אהן איהם.

ענגליש יך לערנען? — ניין, זי דאנקט איהם פאר דער טובה, זאל ער זיך איי־לען אין דער גיך, צו זיינע אוראקען, זי האט פיינט אוראקען און האט פיינט צו לערנען און מיהר פון אלץ האט זי פיינט די לעהרער, זי האט אין איהר גאנץ לעבען איין מאל געהאט א לעהרער אין פון דעמאלט אן האט זי זיי אויפגע־הערט ליעב צו האבען.

דער יונגערמאן האט זיך געפיהלט מיראי'דיג געקרענקט, ער האט נישט גע־וואוסט ווי אזוי ארויס זיך ארויסצודרע־הען. ער האט שוין חרטה געהאט אויף דעם גאנצען עסק. צו וואס האט איהם געטויגט צו זאטשעפען און זיך אנפרע־גען א מפטיר? צו וואס טויג אין אלגע־מיין דאס וויצלען זיך און דאס איראני־זירען.

אזוי האט עס איהם גענריזשעט און פיקעט אין קאפ אריין.

— נו, בעט איך אייך פריילין טויזענד מאל אום ענטשולדיגונג, איהר וועט מיר פערצייהען ווארים איך האב זיך [illegible] ניט העפליך באנומען, און נאך דאס ערשטע מאל פון א באקאנטשאפט ווייל [illegible] איך זאגען מיין נאמען, מיך רופט מען נוימאן און ווי רופט מען אייך?

אזוי וועט אפשר ביסער זיין, האט נוימאן געטראכט, אראפ פון מארק, און עק, א סוף.

— אין מיך רופט מען חנה.

— עס פ[illegible] זעהר, מיס. — ווי איך אייך [illegible] נ, מיס —

— הערט א[illegible]ס נאספארין נוימאן — האט חנה ג[illegible]אגט אביסעלע האר־ט איך האב פיינט דאס ווארט „מיס" און דאס ווארט „פריילען" ווי דעם טויט. רופט מיך חנה, אהן „מיס" און אהן „פריילען". קענט איהר דאס?

נוימאן האט באטראכט דאס מיידעל און האט ווי א אינגעל וואס שטעהט פאר א שטרענגען רבי'ן געבנעשאקעלט מיט'ן קאפ אויף יא.

— אויב אזוי זענט איהר א גאנץ פיינער בחור — האט חנה געזאגט — מען האט מיר געזאגט אז איהר האט א סך ביכער, אויב איהר האט עפעס שעהנע ראמאנען, וואלט איהר זיי געמעגט ארייג ברענגען אמאל צו אונז.

זיי האבען נאך גערעדט עפעס. פון וועלכען נוימאן האט פארשטאנען, אז דאס האט ער צו טאן מיט אן אבסאלוט אונוויסענדען מיידעל. א מיידעל וואס האט זיך אנגעלייענט מיט א סך ביליגע ראמאנען, וואס קען אביסעל לשון קודש און פון וועלכער מען וואלט געקענט מאכען א לייט.

ביי נוימאנ'ען „מאכען א לייט" האט געהייסען אז זי זאל זיך פאראינטערעסי־רען אין דער נייער ליטעראטור, זאל זיך פאראינטערעסירען אין די נייע אידיען מיט וועלכע ס'שלייבעלט ווייטער אויף די לעקציעס, אויף די פארזאמלונגען; זאל לייענען אמאל א צייטונג און זאל אביסעל ענגליש זיך איינלערנען.

דאס איז געווען ארום יענע צייט ווען ביידע האט נעקראכען די שטעלע אין דעם בלינדען נעשעפט. נוימאן האט [illegible] ניט געהאט צו באקענען זיך אויך מיט מרים'ען, אבער חנה האט איהם נישט געוואלט באקענען מיט איהר.

זי האט פשוט נישט געוואלט אז די שוועסטער זאל וויסען, וואס זי וויל ווען זי לייענט, מיט וועמען זי קומט זיך צונויף, און מיט וועמען זי באקאנט זיך.

(פארטזעצונג פאלגט)












## וואס דער „וועג" געהער זיך און מיט אייך

# „דער וועג"

איז געגרינדעט געווארען פון דעטראיט'ער אידען, פאר דע-טראיט'ער אידען:

„דער וועג" שפיגעלט אפ אלע פאסירונגען אין דער אידי-שער גאס איהר אין אומפארט'יאישען אופן.

אין דער קורצער צייט זינט „דער וועג" איז אונטער דער איצטיגער רעדאקציע, זיינען אין „וועג" געדרוקט געווארען ארטיקלען, סקיצען און הומאר'עסקעס פון די בעסטע אידי-שע שרייבער און פעליטאניסטען.

„דער וועג" דרוקט אלע וואך ענטפערס איהר פראגען וואס האבען צו טאן מיט געריכט און געזעץ.

„דער וועג" דרוקט אלע וואך א ליסטע פון אידען אין אייראפא וואס זוכען אדער לאזען גריסען זייערע קרובים אין דע-טראיט און אומגעגענד.

„דער וועג" איז א אידישע דעטראיטער צייטונג און איהר קענט זיך נישט פארגינען זי נישט צו לעזען.

# דער וועג

**The Detroit Jewish Daily**

Published Daily by WEG PUBLISHING CO.

די איינציגע אידישע צייטונג געדרוקט אין מישיגאן סטייט

347-49 HASTINGS STREET
Telephone Main 3715

Published and distributed under permit No. 7?? authorized by the Act of October 6, 1917, on file at the Post Office of Detroit, Michigan. By order of the President, A. S. Burleson

PRICE 2c. — DETROIT, MICH., Wednesday, April 28th 1920 Vol. 2, No 64 — מיטוואך, אפריל 28, 1920




# באן סטרייקער ווילען פארהער פאר לייבאר באורד

וואשינגטאן, אפריל 27 — פארטרעטער פון די באהן סטרייקער האבען געבעטען מיטגליעדער פון קאנגרעס און סענאט, דאס זיי זאלען אויסאיבען זייער איינפלוס אויף פרעזידענט ווילסאן מיט דעם צוועק, אז די „רעילוועי לייבאר באארד" זאל אויסהערען זייערע פאדערונגען.

די סטרייקער־פארשטעהער האבען ערקלעהרט, דאס די, וואס האבען אוועקגעווארפען די ארבייט האבען עס געטאן, ווייל אויף דעם איצטיגען לוין זייערען איז אונמעגליך פאר זיי אויסצוהאלטען זך און די פאמיליעס און דער סטרייק איז געקומען אלס פראטעסט געגען דעם, וואס זייערע פאדערונגען זענען פאר איבער צוויי יאהר ניט באטראכט געווארען.

דער אפיעל צו די סענאטארען און קאנגרעסלייט איז געמאכט געווארען דורך אן עפענטליכען בריעף, אין וועלכען עס ווערט ערקלעהרט, אז די סטרייקער האבען געבעטען די לייבאר באארד אויסצוהערען זייערע טענות, אבער די באארד האט זיך ענטזאגט דאס צו טאן אויפן גרונד וואס דאס געזעץ ערלויבט איהר ניט אויסצוהערען סטרייקער.

## 40 טויזענד קלוירקס בעטען לייבאר באארד גלייך צו פארהאנדלען לוין פאדערונגען

באסטאן, אפריל 27 — די יוניאן באאמטע פון 40 טויזענט באהן און שיפּ קלוירקס האבען איבערגעשיקט א טעלעגראמע צו דער לייבאר באארד אין וואשינגטאן, בעטענדיג אז זי זאל גלייך צוטרעטען צו פארהאנדלען די פאדערונגען בנוגע דעם לוין. אין טעלעגראמע ווערט געזאגט, אז דאס פארציהען פון דיזער פראגע וועט פאראורזאכען „א גרעסערען אפּהאלט אין דעם באהן פארקעהר".

## היגע סטרייקער שטעהען פעסט אויף זייערע פאדערונגען

געכטען אווענט איז באקאנט געווארען אז דער אולטימאטום פון די היגע באהן באאמטע צו די סטרייקער וועלכע וועלען זיך ניט אומקעהרען צו דער ארבייט ביז נעכטען 6 אזייגער אין אווענט פארלירען דורך דעם זייער „סיניאריטי רעכט" האט קיין ווירקונג אויף די סטרייקענדע באהן ארבייטער ניט געמאכט. לויט באריכטען, זענען נאר איניגע סטרייקער געקומען צו די באהן באאמטע זאגען דאס זיי ווילען צונעהמען אנדערע ארבייטער, אויף די פלעצער פון די סטרייקער.

די ארגאניזאציעס פון די סטרייקער האבען אפיציעל ניט גענומען קיין שטעלונג צו דעם אולטימאטום און האבען אפיציעל ניט געענטפערט דעם שטראשאק פון די באהן באאמטע. זיי האבען נאר ווידערהאלט אז זיי ווילען פארזעצען דעם סטרייק ביז זיי וועלען קריגען א צופרידענשטעלענדען ענטפער אויף זייערע פאדערונגען.

די לאגע אין שטאדט וואס איז פאראורזאכט געווארען צוליעב דער סטרייק זעהט אויס צו זיין ניט בעסער, אויב ניט ערגער. אביסעל קוילען איז אנגעקומען אין דעטראיט, אבער דער זאפאס פון קוילען איז ווייט פון צו זיין נארמאל.

### די לאגע איז שלעכט, זאגט מר. מארשאל

מר. מארשאל פון דער דעטראיט עדיסאן קא. ערקלעהרט אז געכטען אווענט אז די עדיסאן קא. באקומט זעהר וועניג קוילען און ער קען ניט פארזיכערען וואס ס'וועט פאסירען די נעהסטע טעג.

„אלס באווייז פון דער קריטישער לאגע, א האט מיר, מארשאל געזאגט — קען דינען דער פאקט, וואס מיר האבען לעצטען מאנטאג געמוזט אויפגראבען פון אונזער קליינער „רעזערוו" ארום 300 טאן קוילען. עס זעהט ניט אויס אז די לאגע זאל קורצליך פארבעסערט ווערען זי איז פיעל ערגער, ווי געווען".

## גייסט ראטען איהם צו אנטלויפען פון זיין פרוי

די פרוי פון טשארלס ווילסאן, וועלכער מאלט ארעסטירט געווארען אין אן אנדער שטאדט און ווען מען האט איהם גע־בראכט אין דעטראיט האט ער פארשפראכען, אז מעהר וועט ער שוין זיינע גייסטער ניט פאלגען.

ער האט געהאלטען זיין פארשפרעכען ביז לעצטען פעברואר, ווען אין מר. ווילסאנ'ס הויז האט ווידער אנגעפאנגען געהן אלעס כאראבאס, און לעצטע וואך האט ער ווידער געמאכט פליטה.

און אין אלץ איז שולדיג א גייסט!

די פרוי פון טשארלס ווילסאן, וועלכער איז א מיטגליעד פון דער ספיריטואליסטישער ארגאניזאציע, מיט'ן נאמען „וועיט בראדערהוד און דהי טרוטה", איז נעכטען ערשיענען פאר ריכטער קייזאן מיט א קלאגע, אז איהר מאן האט שוין צום צווייטען מאל געמאכט א ויברח פון דער היים.

די מרס. ווילסאן דערצעהלט, אז א שלעכטער גייסט איז געקומען און איינגערעדט איהר מאן ער זאל זי פארלאזען ווייל זי, אז דער ריכטער זאל יענעם שלעכטען גייסט ארייזעצען אין „האוז אף קארעקשאן".

אויסער דער שלעכטער שליחות פון'ם גייסט האט זיך אויך אין לעבען פון דעם דאזיגען פאר פאלק אריינגעמישט מר. ווילסאנ'ס טאלאנט צום ...ען.

די „ברידער" פון דער ספיריטואליסטישער חברה האבען נעהאלטען פון ווילסאנ'ס שטימע עולם ומלאו, און האבען איהם אויפגעמונטערט ער זאל לערנען חזן בילדען זיין שטימע אדן ווערען א קארוסא.

מרס. ווילסאן איז אבער ניט געווען איינשטימיג מיט די ברידער פון זיין חברה. זי האט געהאלטען, אז אזעלכע נארישקייטען פאסען פאר א סקוהל איינגעל אבער ניט פאר אן ערוואקסענעם מענשען וואס האט א ווייב מיט קינדער מפרנס צו זיין.

מר. ווילסאן איז אנטלאפען פון זיין פרוי אין אקטאבער 1919, ער איז דער־

## צו די לעזער פון „וועג"

די טעכנישע אורזאכען, וואס האבען געצוואונגען פאר די לעצטע עטליכע טעג ארויסצוגעבען דעם „וועג" אזוי ארום ווע־לען היינט־מארגען באזייטיגט ווערען. אין דר „וועג" וועט ווידער ערשיינען אין 6 און 8 זייטען, מיט דער רעגולערער מאס מאטעריאל.

אונזער רעדאקטאר מר. ב. י. גאלד־שטיין איז נאך אלץ ניט געזונט, אבער דר. קאסס פארזיכערט, אז ער וועט ענדע וואך מעגען ארויסגעהן פון בעט.

די לעזער מעגען דארום זיכער זיין אז אין עטליכע טעג ארום וועט די צייטונג אנעהמען איהר געוועהנליכע גרויס און פארם, נאך מיט מאנכע פארבעסערונגען.

די פארוואלטונג.

## פארד קא. אינקארפארירט אויף הונדערט מיליאן דאל.

### ווערט פאבריצירען עראפלאנען לאקאמאטיווען א. ז. וו.

לענסינג, אפריל 26 — דער אויטאמאביל און טרעקטאר געשעפט פון הענרי פארד, וועט זיך אין גיכען פארוואנדלען אין א הונדערט מיליאן דאלאר קארפארעישאן, אינקארפארירט אין דעלוועער סטייט. דער פלאן פון דער קארפארעישאן וועט זיין אנצופאנגען פאבריצירען עראפלאנען, לאקאמאטיווען, וואגאנען און אלע אנדערע זאכען פון דעם כאראקטער.

די אורזאכע ווארום די קאמפאניע האט זיך אינקארפארירט אין דעלוועער סטייט, איז ווייל די געזעצען פון מישיגאן ערלויבען ניט די ארגאניזירונג פון א קאמפאניע מיט א קאפיטאל פון איבער פופציג מיליאן דאלאר. א קארפארעישאן אין דעלוועער מעג אויך, לויט די דארטיגע געזעצען פיהרען פארשידענארטיגע געשעפטען ווע־רענ־אין מישיגאן איז די דאזיגע פירמע באשטענדט.

עס ווערט פארשטאנען, אז די נייע קארפארעישאן וועט באשטעהן פון הענרי פארד, זיין זוהן עדסעל ב. פארד און הענרי פארד. קיינע אנדערע שותפים וועלען ניט צוגעלאזען ווערען.

די כונה פון דער אינקארפארירונג איז פשוט צו פארגרעסערען דאס געשעפט. אין קיין נייע סטאק האלדערס נויטיגט זיך ניט די פארד פירמע.

צוליעב דעם וואס די געזעצען פון מישיגאן ערלויבען ניט די גרינדונג פון א קארפארעישאן אויף אזא גרויסען קאפיטאלסטאק, ווי הונדערט מיליאן דאלאר וועט דיזער סטייט פארלירען אן אינקארפארעישאן אבצאהלונג פון הונדערט טויזענד דאלאר.

דאס געלד וועט לאנישעריי אריינפאלען אין דעלוועער סטייט.

## אויף דעטראיטער גאסען

### מאן בארויבט פאר די אייגען פון א גרויסען עולם

א גאנצער קראוד מענשען איז געשטאנען און צוגעקוקט ווי דזשאהן רוני פון 703 סעמינאר עוו. איז באפאלען געווארען פון פיער באנדיטען לעצטען זונטאג אויפנט אויף מאגראע עוו.

רוני האט דערצעהלט דער פאליציי, אז די לייטע וואס האבען צוגעקוקט דעם האלד אפ האבען ניט געאט געגנת מיט איהם צו הילף צו קומען. די חברה האבען פון איהם גערויבט $44.

### אנ־ערע רויבעריי און גנבות

האראלד פפעפער, פון 25 פעטערסאן סטריט, איז לעצטען זונטאג באפאלען געווארען פון דריי אויטאמאביל באנדיטען אויף עלמוואוד עוו. און לידען סטריט. זיי האבען פון איהם גערויבט $15 אין געלט, א דיימאנד סטיק פין און א גאלדענעם זייגער.

אסקא, שאפירא, אייגענטימער פון א סטאר אויף 122 איסט האי סטריט האט באריכטעט צו דער פאליציי אז א גינגער ב'נגדיט איז אריין צו איהם אין סטאר באוואפענט מיט א רעוואלווער און באראויבט $19 פון דער קעש קעסטעל.

### די ווערען געשלאגען און בארויבט אין מיטען גאס

מרס. מאלי העמלין פון 1005 רוזוועלט סטריט, איז לעצטען זונטאג באפאלען געווארען פון א באנדיט ניט ווייט פון איהר היים, וועלכער האט איהר ברוטאל געשלאגען און בארויבט פון א האנד טאש אין וועלכען ס'אט זיך געפונען $1.50.

דעטעקטיווס האבען געסטען ארעסטירט א געוויסען דמיטרי האלאנדסקי אויף דער קלאגע אז ער האט לעצטען דאנערשטאג אווענט בארויבט טיווסיל הינסניק אויף דער סומע פון $423.

### צוויי וואגען פאטייטאס געגנב'עט

לעצטען זונטאג האבען גנבים אויסגע־ליידיגט צוויי וואגאנס אנגעלאדען מיט פאטייטאס און איבערגעלאזען בלויז די וואגאנס. די פאטייטאס האבען באלאנגט צו רעין בראדערס, 835 גרעשיאט און ווישיים ס. ראדעל פון קאלאמביא עוו, איסט.

### פארעל ארעסטירט א טאג נאך דער חתונה

לעצטען שבת האבען די צוויי ליעבענ־דע הערצער, סטענטי דרעאואר און א מיידעל מיט'ן נאמען בערטא, זיך געזעצ־ליך פארקניפּט און געספּראוועט א גרויס ארטיגע חתונה.

און מיט פיער און צוואנציג שטונדען שפעטער, זענען געקומען פאלים און זיי אנגעזאגט אז זיי וועלען קריגען א „האני מון" אין פריזאן ווייל עס איז געגען זיי דא א קלאגע פון אויפגעהמען געגנבעטע סחורות.

## שפאנישער קעניג באשטראפט פאר טרעטען אויף גראז

מאדריד, אפריל 27 — קעניג אלפאנסא איז היינט באשטראפט געווארען מיט 2 פיזעטאס פארן טרעטען אויף גראז אין דעם אלעאזאר פארק. די זעלבע שטראף האט באצאהלט יעדער פון דער סוויטע וואס איז מיט'ן קעניג צוזאמען שפאצירט אויפן גרינעם גראז.

דער היטער פון פארק איז צוגעגאנגען צום קעניג און איהם געזאגט פאלגענדעס: „אייער מאיעסטעט, שפאצירען אויפ'ן גראז איז פארבאטען. איך מוז אייך באשטראפען לויט די אינסטרוקציעס"

דער קעניג האט זיך פון אנפאנג פאר שעהמט נאכדעם האט ער זיך פונאנדער געלאכט און באצאהלט די 2 פיזעטאס.

ווען דער שטאט מעיאר האט זיך פון דיזער געשעהניש דערוואוסט, איז ער גע קומען אין פאלאץ און געבעטען ענטשול דיגונג, אבער דער קעניג האט איהם גע זאגט אז דער פארק היטער האט געהאנ דעלט ריכטיג און ער דארף באלוינט ווע רען פאר זיין איבערגעבענייט צו זיין פליכט.

## העמטרעמקער תלמוד תורה ווירער ערעפענט

מר. נחמן זוסמאן פון העמטרעמעק, באריכטעט, אז די העמטרעמקער „עץ חיים" תלמוד תורה, וועלכע איז צוליעב פארשידענע אורזאכען פארמאכט מיט אייניגע חדשים צוריק, האט זיך יעצט ווידער ערעפענט אין 151 וויינדאט סט, העמטרעמיק.

עס איז שוין באשטעלט געווארען א לעהרער און מוטערס ווערען געבעטען קומענדען זונטאג אווענט, צו ברענגען זייערע קינדער אין תלמוד תורה.

עס ווערט אויך גערופען א מיטינג פון אלע פאטערס אויף זונטאג 2 אזייגער בייטאג.

## קאלושינער לאנדסלייט אויפמערקזאם!

דער דעטראיטער רעליף קאמיטעט פון די קאלושינער לאנדסלייט רופט א מיטינג אויף פרייטאג אווענט, דעם 30 אפריל, אין הויז פון פריינד יעקב לעווין 206 קירבי סט.

עס זענען פאראן זעהר וויכטיגע פראגען צו פארהאנדלען.

קיין קאלושינער זאל ניט פארפעהלען אנוועזענד צו זיין.

## א חברה פון 24 ארעסטירט אין א געמבלינג הויז

פאלים זענען לעצטען שבת אווענט באפאלען א געמבלינג הויז אויף 60 מאקראָמ עוו, האבען ארעסטירט 24 חברה לייט און קאנפיסקירט א שטאלענע סייף וועלכע האט ענטהאלטען איבער $2.000 און 35 ווירפעלשפיעל ביינדלאך (דאיס).

עדי בראק, אלפרעד ציגלער, אנטאני סאראנטעניק און דזשאהרדוש שעוואקאני זענען געשטעלט געווארען צום משפט אלס די אנפיהרער פון יענער געמבלינג הויז. די איבעריגע צוואנציג זענען פארהאלטען אויף דער קלאגע פון אומאנשטענדיגען אויפפיהרונג.

### די אידען אין טשעכא סלאוואקיען

אין דרי וואהלען צום שטאט ראט אין ברון, טשעכא סלאוואקיען זענען ער־וועהלט געווארען צוויי אידישע נאציאנא־ליסטען דר. פעלדמאן און אינזשיניר זינגער. די פועלי ציוניסטען האבען אין גאנצען באקומען 730 שטימען.

אזוי ווי די טשעכישע און דייטשע סאציאליסטען האבען זיך ענטזאגט מיט זיי צו פאראייניגען זענען זיי אין דער לעצטער מינוט צוגעשטאנען צו די נאציאנאליסטען.

## קאנגרעסלייט באשולדיגען אסיסטענט סעקרעטארי פאסט אין פריינדשאפט צו קאמוניסטען

וואשינגטאן, אפריל 27 — קאנגרעסמאן דזשאנסאן פארזיצענדער פון דער קאנגרעס אימיגראציאנס קאמיטע, האט היינט געמאכט אין א רעדע אן אנקלאגע געגען לואיס פ. פאסט, אסיסטענט ארבייטס סעקרעטאר, אז ער האט איבערטראטען דעם געזעץ „לטובת די פרעמדע ראדיקאלען, וועלכע האבען פארצבטונג צו דיזער רעגירונג און באמיהען זי צו שטירצען".

קאנגרעסמאן דזשאנסאן איז געווען דער ערשטער עדות, וואס איז ערשינען פאר דער אינטערזוכונג קאמיטע וועגען מר. פאסט האנדלונג בנוגע דער פראגע פון דעפארטירען פרעמדע ראדיקאלען. נאך איהם, איז ארויסגעטראטען קאנגרעסמאן ראטש, פון קענזעס, וועלכער האט פארגעבראכט אין קאנגרעס א רעזאלוציע צו אימפּיטשען — מר. פאסט'ען. מר. פאסט איז ניט געווען אנוועזענד ביים פארהער אבער איז דארט געווען פארטראטען דורך זיין לאיער.

פארזיצענדער דזשאנסאן האט צוגעשטעלט א באריכט פון דער אונטערזוכער קאמיטע, וועלכען ס'האט צונעגרייט קריקוואוד פון סיאטעל, וואש. און וואו ס'ווערט באוויזען אז אסיסטענט סעקרעטערי פאסט האט צוריקגעוויזען א געוויסע צאהל רעקאמענדאציעס פון אימיגראציאנס קאמיטע צו דעפארטירען פרעמדע ראדיקאלען. קאנגרעסמאן דזשאנסאן האט געזאגט, אז דיזע רעקאמענדאציעס צו דעפארטירען זענען געמאכט געווארען געגען „פרעמדע קאמוניסטען און אנארכיסטען".

עפענטליכע מיינונג האט א גרונד מורא צו האבען פאר דער „רויטער געפאהר", ווארים רעגירונגס באאמטע זענען פריינדליך צו פרעמדע ראדיקאלען, וואס ווילען איבערגראבען אונזער רעגירונג און וועלכע זענען אין א בונד מיט רעוואלוציאנערען איבער דער גאנצער וועלט, און ס'איז ארין איינס, צי די דאזיגע ראדיקאלען רופען זיך סאציאליסטען, קאמוניסטען, באלשעוויקעס, אדער אנארכיסטען; ס'איז אויך אין איינס, צו זיי גיבען געלט פאר זייער צוועק, אדער זיי ווארפען באמבעס צוליעב זייער „צוועק".

„פערזענליך גלויב איך ניט — האט דער קאנגרעסמאן פארטגעזעצט — צו סעקרעטערי ווילסאן ווייסט וואס פארא „בויערען פון אינוועניג" עס קומט פאר אין זיין דעפארטמענט, איך גלויב אויך ניט, אז פרעזידענט ווילסאן ווייסט פון דער לאגע און פון די געפאהרען".

קאנגרעסמאן האטש האט געזאגט, אז מיט זיין רעזאלוציע איז ער ניט אויסען צו שפיעלען „פאליטיקס" און ער האט די רעזאלוציע פארגעבראכט כדי צו ראטעווען „די לאגע, וועלכע איז געווארען אונערטרעגליך".

„פיעל הונדערטע „פרעמדע", וואס זענען פאראורטיילט געווארען דורכ'ן געזעץ צו דעפארטירט ווערען — האט דיעזער קאנגרעסמאן געזאגט — זענען ארויס געלאזט געווארען פריי. מ'האט שוין פיעל מאל אינ'ם קאנגרעס באשולדיגט מר. פאסט'ען, אז דורך זיין האנדלונג האט ער געמאכט דאס געזעץ צו גארניט. דיזע באשולדיגונגען זענען געקומען אי פון רעפובליקאנער אי פון דעמאקראטען"

### זאגט רעגירונג באאמטע זענען פריינדליך צו אינטערנאציאנאלע רעוואלוציאנערען

מר. דזשאנסאן האט ערקלערט אז די

## באלאבאסטע פון אונאנשטענדיג הויז פארמישפט אויף 60 טעג.

העטי מילער, וועלכע איז אין הערבסט 1917, באריהמט געווארען דא אין שטאט, ווען זי צוזאמען מיט עטליכע פאליסלייט זענען ארעסטירט געווארען אויף דער קלאגע פון פיהרען אומאנשטענדיגע ביזנעס, איז לעצטען דינסטאג אווענט פארמישפט געווארען פון דזשאדזש קאטער אויף 60 טעג אין האוז אף קארעקשאן.

די פארמישפטע פרוי איז ערשט לעצטע וואך צוריקגעקומען אין דעטראיט, נאך א לענגערע אבוועזענהייט, ווען די פאליציי האט זיך דערוואוסט אז זי איז דא, איז זי גלייך ארעסטירט געווארען.

אויף מיס מילער איז אויסגעפאלען דער גורל צו זיין די ערשטע, אין דעם נאכט געריכט, וואס האט זיך אנגעפאנגען לעצטען דינסטאג.

באלד נאך דער ווי מיס מילער איז פארמישפט געווארען איז באלד געקומען איינער א ווילאר קליניק מיט א 500 דאלארדיגען קעש באנד פאר איהר באפרייאונג, אבער דזשאדזש קיידאן האט עס ענטזאגט. ער לאט אויך ענטזאגט צו באוויליגען א נייעם טריעל.

דזשאדזש קיידען האט ערקלעהרט, אז לויט די רעגלען פון נייעם קאורט, וועט אן אפיעל פאר א נייעם טריעל מוזען אריינקומען שריפטליך. אויך דארפען צו זאמען מיט דער געשריבענער ביטע פאר א נייעם טריעל צוגעשיקט ווערען אפידייוויטס, אנגעבענדיג די אורזאכען פון דער בקשה פאר א נייעם טריעל.

## קאנגרעסמאנ'ס קערפער געבראכט אין דעטראיט

דער קערפער פון דעם פארשטארבענעם קאנגרעסמאן טשארלס א. ניקאלס, וועט היינט 8 אזייגער אין דער פריה זיין אין דעטראיט.

די לויה וועט ווארשיינליך פארקומען מארגען. מר. ניקאלס'ס מוטער און מיט־גליעדער פון סענאט און קאנגרעס קומען ספעציעל קיין דעטראיט בייצוואוהנען די לויה.

א קאמיטע פון שטאדט באאמטע, מיט גליעדער פון דער עלקס לאדזש און פריינד וועלען קומען באגעגנען די אבלים ביים מישיגאן סענטראל דיפא.

בייטאג וועט דער קערפער אריינגע־טראגען ווערען אין סיטי האל, וואו עס וועט ליגען ביז מארגען 12 אזייגער מיטאג צייט.

משערוואַרטעט, אז די לויה וועט זיין אײַנע פון די איינדרוקספולסטע וואס דעטראיט האט ווען עס איז געהאט.

### לארקין, אידישער ארבייטער פיהרער, געפונען שולדיג אין אנארכיע

ניו יארק, אפריל 27 — דזשיימס לארקין, דער באוואוסטער פיהרער פון די אירישע ארבייטער, איז דא היינט געפונען געווארען שולדיג אין קרימינעלער אנארכיע. די דזשורי וועלכע האט ארויס געגעבען דעם ווערדיקט, האט זיך בעראטען איבער צוויי שטונדען לארקין האט אויסגעהערט דעם דזשאדזשעס קאלטבלוטיג.

# די אידישע פראגע און דער אידישער קאנגרעס

פון אברהם שמרי

„די אידישע וועלט“ האט זיך אנגעמעלדעט געווענדעט צום באוואוסטען דראמאטורג אברהם שאמער מיט אן אנפראגע מכח'ן אידישע קאנגרעס און ער אלס דער טאטער פון דער קאנגרעס אידעע האט געענטפערט פאלגענדעס:

די אידישע פראגע בעשטעהט פון דעם אנטיסעמיטיזם קעגען אידען אנטיסעמיטיזם, אין דעם אלגעמיינע ... דעם ווארט, איז א שנאה צו ... עם ... אומעדום וואו ער געפינט זיך.

עס איז פאלש ווי מאנכע באהויפטען אז נאר געוויסע קלאסען מענשען פיהלען די שנאה צום אידען. א גענויע אונטערזוכונג איבערצייגט אז אלע קלאסען, אהן אויסנאהם — די געעהרטע גראד ווי די אומוויסענדע, קאנסערוואטיווע און ראדיקאלע, אינטעליגענטע און פראסטע — אלע פיהלען א שנאה צום אידען. איך געפינען מיר, אז ניט נאר די אריער האבען פיינד אידען, נאר די סעמיטען טראגען גראד אזא שנאה צו זיי ווי די אנדערע.

דאס מערקווירדיגסטע אבער איז דאס, וואס מיר זעהען, אז אידען אליין פארטראגען זיך מיט דער זעלבער שנאה צו אידען ווי אלע אנדערע קלאסען מענשען.

עס זענען זעהר פיעל ענטפערס אויף דער פראגע פון אנטיסעמיטיזם. אבער אן ערנסטער אנאליז פון זיי איבערצייגט, אז די אלע ענטפערס זענען ווייט פון אמת דערצו מערקווירדיג אונלאגיש.

פארגענדע אנטווארטען פארוואס מען האט פיינד דעם אידען זענען נאר א טייל פון די פיעלע וואס מען געפינט איבער דעם געגענשטאנד:

די שנאה געגען אידען איז: ווייל דער איד איז א סעמיט; ווייל ער האט א באזונדער רעליגיאן; ווייל ערלויבט אין קיין זאך ניט; ווייל ער לעבט אפגעזונדערט פון אלע פעלקער; ווייל אומעדום שטופט ער זיך אריין; ווייל אין דעם עקאנאמישען קאמף איז ער פעהיגער אונערמידליכער ווי אנדערע; ווייל ער איז א פוילענצער און וויל ניט ארבייטען; ווייל ער איז קאנסערוואטיוו; ווייל ער איז ראדיקאל; ווייל ער איז דער קאפיטאליסט פון דער וועלט; ווייל ער איז אן ארימאן און א שנארער; ווייל ער איז ניט קיין פאטריאט; ווייל ער האט קיין לאנד ניט; ווייל ער איז א פאטריאט און וויל צוריק באקומען זיין אלטעס לאנד; ווייל ער איז א רעוואלוציאנער און א קעמפער; ווייל ער איז א פיינלינג און האט מורא צו קעמפען; ווייל ביי די פעלקער איז די שנאה צו די אידען א געבורענע; ווייל די פעלקער לידען פון אייגענע צרות און מיינען אז דער איד איז אין זיי שולדיג; ווייל דער איד איז אן אידעאליסט; ווייל ער איז א מאטעריאליסט און אשווינדלער; ווייל ער איז א שאוויניסט; ווייל ער איז א נידעריגער מחייפית'ניק; ווייל ער איז א מ... ווייל ער איז א מעדער אי... ... מיט קריסטליך בלוט; ווייל ביי די אידען עקזיסטירט א שטארקער פארבאנד פון אחדות; ווייל ביי אידען איז קיין אחדות ניטא, א. ז. וו. א. ז. וו.

ווען מען לאזט זיך אריין אין דער פראגע פון אנטיסעמיטיזם און די פארשיעדענע אנטווארטען וואס זענען אויף איהר געגעבען געווארען, איז גראד ווי מען זאל זיך מיט פארמאכטע אויגען ארינטערלאזען אין לאבירינט און נאכהער וועלען טרעפען דעם וועג ארוים. דינט זיך אזוי פיעל טירען און דאך קיין אויסגאנג. פארקערט, אט טאקי די פיעל טירען מיט זייערע פארפלאנטערטע גערענקען מאכען אוממעגליך דעם ריכטיגען וועג צו געפינען.

אום צו קומען צום אמת'ן ענטפער אין דעם לאבירינט פון דער אידישער פראגע מוז מען זיך פעסטהאלטען אן דעם רטענדען פאדים פון א וויסענשאפטליכער אונטערזוכונג.

* * *

די שרייענדע ווידערשפרוכען אין די פיעלע אנטווארטען אויף דער פראגע פון אנטיסעמיטיזם אויף איינען קלאהר, אז קיין איינער פון דיזע אנטווארטען ברענגט ניט ארויס די אמת'ע אורזאכע פון דער שנאה געגען אידען. און מיר קומען דערפאר צו דעם זיכערען פונקט, אז געגען דעם אידען הערשט פאראורטייל. דיזער פאראורטייל איז ניט דער רעזולטאט פון וועלכער עס איז איינציגער אדער פון עטליכע אדער אלע באשולדיגונגען געגען אידען זענען דער רעזולטאט פון פאראורטייל ווייל ווען וועלכע עס איז פון די קלאגען קעגען אידען זאל זיין אמת, וואלט זי דאך שוין ניט געווען קיין פאראורטייל, נאר פועל יוצא פון א פאראורטייל, נאר א פאזיטיווע אורזאך, און מען וואלט אין קלאר געוואוסט פאר וואס מען האט פיינד דעם אידען.

הייסט עס, אז אנטיסעמיטיזם די שנאה געגען אידען — איז דער רעזולטאט פון פאראורטייל.

וואס איז פאראורטייל?

די וויסענשאפט פון דער פסיכאלאגיע ציינט אן אויף פאראורטייל אלס אן עמאציאן, א געפיהל וואס ווערט ארויסגערופען פון א ניט־קלארקייט אין געדאנק וועגען א געוויסע זאך. און אנדערע ווערטער מיינט עס, אז דער געדאנק, ניט בעגרייפענדיג קלאר א געוויסע זאך רופט ארויס דאס געפיהל פון פאראורטייל, וואס איז פאר אדער קעגען דער זאך.

אין דעם פאל פון אידען איז דאס געפיהל פון פאראורטייל קעגען איהם.

אזוי ווי פאראורטייל ווערט ארויסגערופען דורך דעם געגען שטאנד אדער דער ערשיינונג וועלכע דער געדאנק פארשטעהט ניט און אזוי ווי עס עקזיסטירט פאראורטייל געגען אידען, איז עס קלאר, אז דער איד רופט ארויס דעם פאראורטייל קעגען זיך.

און איצט שטעהט ארויס די פראגע: מיט וואס, אדער ווי אזוי רופט דער איד ארויס דעם פאראורטייל געגען זיך?

* * *

ווער אפט האבען מיר באגעגענט די פאלגענדע מערקווירדיגע ערשיינונגען:

... אידען קומען אין באריהרונג מיט אנדערע קלאסע מענשען וואס וויסען ניט, אז זיי זענען אידען, איז דער פאראורטייל ניטא. ווי נאר אבער מען דערוויסט זיך, אז זיי זענען אידען, ערשיינט דער פאראורטייל אזוי ווי הויך א בשיח.

אויפ'ן זעלבען אופן האבען מיר געזעהן, אז ווען מען געהמט אן על פי טעות ניט־אידען פאר אידען, איז דא דער פאראורטייל געגען זיי. אבער ווי נאר עס קומט ארויס דער אמת אז זיי זענען ניט קיין אידען, פארשווינדעט דער פאראורטייל ווי הויך א צויבער.

פאר וואס איז דאס אזוי?

באטראכטענדיג דיזע מערקווירדיגע ערשיינונגען מיט א קריטיש אויג מוזען מיר קומען צום שלום, אז דער פאראורטייל איז ניט געגען דעם אידען נאר געגען דעם נאמען איד. עס איז קלאהר, אז ווען מ'ווייסט ניט, אז דער איד איז א איד באהאנדעלט מען איהם ניט ערגער ווי אנדערע. קוים אבער דערוויסט מען זיך דאס, באקומט מען געגען איהם א פאראורטייל.

מיר קומען אלזא צו דעם נאמען איד אלס די אורזאך פון דעם פאראורטייל.

וואס איז דער נאמען איד?

דער נאמען איד איז ניט דער נאמען פון איין פערזאן, עס איז דער נאמען פון גאנצן פאלק.

וויסענדיג, אז ניט דער מענש־איד רופט ארויס דעם פאראורטייל נאר דער נאמען איד און וויסענדיג אז דער נאמען איד נעהמט ארום דאס גאנצע אידישע פאלק, קומען מיר צום פאזיטיוועןפונקט, אז עס מוז אין דעם גאנצען אידישען פאלק זיין עפעס וואס רופט ארויס א פאראורטייל געגען איהם.

מיר הויבען אן אונטערזוכען דעם פונקט און מיר קומען צו א נייער שטערונג.

מיר זעהען פאר זיך 14 מיליאן מענשען וואס רופען זיך מיט'ן נאמען איד פון זייער געשיכטע ווייסע מיר, אז זיי זענען אמאל געווען א טעריטאריאליסטיש פאלק מיט געוויסע מאראלישע געזעצען און פראפעטארישע ... פאר זיין עקזיסטענץ; מיר ווייסען אויך אז באמיט זיי האבען זייער טעריטאריע פארלוירען און זיינען צעשפרייט איבער דער וועלט. דאבעי זיי האבען ניט פארלוירען זייער נאציאנאלע באזונדערקייט און זענען אנערקענט אלס אידען. זיי דערקלערען נאך אז זיי, אלס אידיש פאלק, לעבען און ווילען לעבען, און שטעלען פאר די פונדאמענטאלע געזעצען און לערע פון זייערע פראפעטען.

מיר באגרייפען דעריבער אז דיזעס פאלק האט א גייסטיגען צוועק מיט זיין לעבען, און ווייל עס איז פארשפרייט צווישען די נאציאנען און וויל ניט אויפגעבען זיין קערפערשאפטליכעס לעבען אלס אידיש פאלק, שטעלט עס מיט זיך פאר אן אינטערנאציאנאלע אידישע קערפערשאפט.

לאמיר יעצט א קוק טאן אויף דיעזער קערפערשאפט און זעהן ווי זי קוקט אויס.

מיר זעהען פאר זיך ניט קיין אינטערנאציאנאלע אידישע קערפערשאפט, ניט קיין אינטערנאציאנאלע מענגע פון אידען.

עס איז דא א גרויסער חלוק צווישען א קערפערשאפט און א מענגע.

א קערפערשאפט צוזאמענגעשטעלט פון מענשען געפינען מיר, ענטהאלט אין זיך געוויסע פאזיטיווע עלעמענטען וואס שטעלען זי צו זאמען. א קערפערשאפט פון מענשען האט איינהייט פון נאמען, איינהייט פון צוועק, און איינהייט פון פארשטעהער.

א מענגע פון מענשען דאגעגען, איז א מאסע אין א צושטאנד פון תהו ובהו. אין דיזע איינהייטען, אפילו ווען די מאסע מענשען האט די איינהייט פון נאמען, נאר עס פעהלען איהר די אנדערע צוויי עלעמענטען, איז ניט קיין באשטימטע קערפערשאפט. נאר א מענגע. נאך מעהר, ווען זי האט חוץ איינהייט פון נאמען אויך די איינהייט פון צוועק, נאר עס פעהלט איהר דער דריטער עלעמענט — די איינהייט פון פארשטעהער, איז זי ניט קיין באשטימטע קערפערשאפט. נאר א מענגע.

די פערצעהן מיליאן אידען וועהן מיר, פעהלט צו זיי אדער איין עלעמענט. זיי האבען די איינהייט פון נאמען און בעוואוסטע האבען זיי פיראסט אויך איינהייט פון א גייסטיגען צוועק. אבער דער דריטער עלעמענט וואס איז דער ווייכטיגסטער פארשטעהער, דער קאפ פון די קערפערשאפט, האט פעהלט דא געוויס.

און דער פאר איז דאס אידישע פאלק אן אבנארמאלע קערפערשאפט. א מענגע. וועלכע טראגט א נאמען, לעבט מיט א ניט אפטגעשטעלטען צוועק, און עקזיסטירט אין א באשטימטע תהו ובהו צושטאנד.

(פארטזעצונג קומט)

# פליהענדע ווייבער

(פעליטאן)

פון א. אלמי

מיס רוט לאו, די אמעריקאנער לופט פליהערין, נעהמט אונטער א רייזע קיין איראפא.

מרס. איוו ראבערטסאן פון ליווערפול, ענגלאנד, פלאנט א לופט רייזע קיין אמעריקא.

(פון די צייטונגען)

1.

פליהט א מיידעל
אין דער לופטען
און די ווינטלאך
ברענגען דופטען
צארטע ריחות,
פון פארפ'ומען,
א מחיה
פאר'ן גומען.
פליהט זי, פליהט זי
הויך און העכער,
איבער הייזער,
איבער דעכער,
איבער וואלקענס,
איבער במארע
און דער הימעל
מאכט א ווארע.

קומט א בחור,
איהר אנטקעגען;
נעהמט דעם מיידעל'ס
הארץ זיך רעגען,
פון זיין לופט שיף
פון דערווייטען
שיקט א בליק ער
א פארשייטען,
נעהמט זי פוד'רען
איהרע באקען
און דאס נעזעל
און דעם נאקען,
פארגרייט זיך
מיט א שמייכעל,
פול מיט צויבער,
פול מיט שכל,
פול מיט הייסע
הארץ פארלאנגען —
ווי דעם „פויגעל“
שנעל צו פאנגען.

קומט דער בחור
צו, צופליהען;
נעהמען הערצער
צאפלען, גליהען
זי — א חנ'דעל,
ער — א ווערטעל;
און, בקיצור,
אויפ'ן ערטעל

ווערט א ליעבע
פעסט געשלאסען;
זי — א כלה,
ער — א חתן.
און געזעגענט,
ווי געטראפען —
זי — קיין מערב
ער — קיין צפון.

2

א באנליקטע
פליהט זי ווייטער,
לעבעדיגער,
לוסטיג, הייטער.
קומט א ווייבעל
איהר אנטקעגען
און זי נעהמט זי
עפעס פרעגען,
בלייבען ביידע
עראפלענען
שטעהן אין לופטען —
שטעהן ביז וואנען?
נעהמט מען ריידען,
ווי דער שטייגער,
מען פארגעסט נאר
אין דעם זייגער..

שטעהען אויבען
צוויי מאשינען;
און צוויי ווייבער
ריידען, כלינגען;
מארעס, שכנים,
בלוזקעס, טעפלאך,
ליעבעס שניידערס,
לאקשען, קרעפלאך,
מענער, דינסטען,
מעבעל, פיאנאס
שמינקע קעבינג,
זייף און וואנעס,
בעלער, „קאונטרים“
„בארגיינס“, בעטען,
זאקענבענדלאך
און קארסעטען.

שטעהען אויבען
אונבאוועגליך
צוויי מאשינען —
שטעהען טעגליך,
לויפען, פליהען
די מעת־לעת'ן
און די ווייבער,
ווי פארגעסען,
אז זיי דארפען
ערגעץ קומען,
זענען שרעקליך

אין פארנומען...
אין עס ווילט זיך
שטארק מיר גלויבען,
אז זיי וועלען
בלייבען אויבען...

# שפריצען

א רעאקציאנערע צייטונג פרעגט צו די איינוואוינער פון מישיגאן זיינען מישוגע געווארען, וואס זיי האבען סענאטאר דזשאנסאן געגעבען אזא ריעזיגען וואוט.

ניין, מען קאן זיין א מישיגאנער און ניט זיין קיין מישוגענער..

* * *

די מחמאדאנער סטראשען, אז אין פאל מען וועט ארויסזעצען טערקיי פון קאנסטאנטינאפאל, וועלען אלע מחמד'אנער באיקאטירען די איראפעאישע סחורות און ארויסרופען א הייליגע קריג געגען דער גאנצער קריסטליכער וועלט.

הייסט עס אלזא אז איין קריסטליכע סחורה, און דוקא די הויפט־סחורה, וועלען די מחמד'אנער ניט באיקאטירען!..

* * *

אין מאדריד איז געגרינדעט געווארען א אידישע געזעלשאפט, פון וועלכער קעניג אלפאנזא איז געמאכט געווארען אלס עהרען פרעזידענט, און פיעלע אנגעזעהנע שפאניער זיינען געווארען עהרען מיטגלידער. די גרינדונג פון דיזער געזעלשאפט וועט פון דער שפאנישער פרעסע נאר דעם באגריסט.

ווען טארקוואמעדא און להבדל דער אבארבאנעל וואלטען אויפגעשטאנען פון זייערע קברים, וואלט דער ערשטער די שפאניער ניט דערקאנט און דער צווייטער — די אידען..

* * *

זיך ניט צו לאזען שינדען פון די לענדלארדס הייסט ביי זיי „באלשעוויזם“ — אודאי, ווייל פראפיטירונג הייסט ביי זיי „אמעריקאניזם“.

* * *

אונזערע אמעריקאנער זיינען זאנדערבאר. מיט איין האנד רוקען זיי דעם ווינער אויף ווייטער און מיט דער צווייטער שטופען זיי די צייט צוריק.

א גם וואס דער סענאט האט נידערגעשטימט די טריטי, אנדערש וואלט אמעריקא איצט „געמוזט“ שיקען אן ארמעע קיין פוילען געגען רוסלאנד.

* * *

# אונטערן „האמער“

פון ת. הורוויץ

אפשר ווילען די אראבער דורך זייערע רויבערייען און אפטע אנפאלען אויף די פאלעסטינער אידען איבערצייגען דער ענגלישער רעגירונג אז זיי זיינען מעהר בערעכטיגט אויף פאלעסטינא ווי מיר. ווייל די אידען האבען דארט דערווייל אויפגעבויעט א תל אביב און תל חי, און וויילען דאריט פון אלעם מאכען א תל־עולם?

און נאך געפינען זיך בא אונז אפטימיסטען וועלכע גלויבען באמונה שלמה אז די באלפור דעקלאראציע איז נאך אין איהר פולע קראפט.

און צוריק גערעדט אויב מיר דענקען אז מיר ווילען אריין אין ארץ ישראל דורך א פאפירענעם בריק טא פארוואס ניט אויך דורך א „סקרעפ און פייפער“?

וואס וועט זיין דער רעזולטאט פון דעם אייזענבאהן סטרייק ווילט איהר וויסען?

אט פונקט מן הסתם ווי די אלע פריהערדיגע: אביסעל סטרייקערס וועלען אריינקריגען קלעפ, אנדערע פיהרער וועט מען ארעסטירען, און די באהנען וועלען זיך ווייטער דרעהען פון אלט. מען ווייסט, הייסט עס, פארטייטשען דעם סטרייק פיקט ווי יענער האט פאר מ'טייטשט דעם מכלל ופרט — מ'קלאפט און מ'פארט...

ניט אומזיסט רופט מען אן דעם איצטיגען אייזענבאהן סטרייק דאס „אומגעזעצליך קינד“, עס איז טאקי שווער אויסצוגעפינען די טאטעס וועלכע האבען איהם אויף דער וועלט געבראכט..

אמאל האט דער נביא ישעיהו אויסגעשריען: „הוי האומרים למר מתוק ומתוק מר“, און היינט דארף מען נאר אויסשרייען: וועה איז צו די יעניגע וועלכע זאגען אז די סוויטס זיינען ביטער פאר אמעריקא..

סענאטאר טהאמפסאן האט ערקלערט אז מען האט אנגעשטיר'ט די אסעמבליי. ביי אייזענבאהנען(?) בא זיי די שטימען פאר אויסטרייבען די 5 סאציאליסטען.

עפעס האבען זיי די לעצטע צייט אנגעהויבען נאכטאן אונזער אמאליגען נח'ן, יא די וואו זיי האבען זיך לעצטנא באוארנט מיט א „רויטע תיבה“ האבען זיי זיך נאך אנגעשפיר'ט פדי אריינצוציען זייער גאנצע נאהענטקייט.

אויף א מיטינג פון דער פערדרייישען אף ויימען קלאבס אין דעטראיט האט מען באשלאסען צו באיקאטירען קארטעפעל אויף צוויי וואכען צוליעב דעם פריין.

די פרויען ווייזען ציינען אז זיי זיינען אויסגעהאלטען און ווילען נישט, ווי אנדערע, שינדען די הויט... (פון קאר־באפער).

טערקיי שיקט א דעלעגאציע קיין אמעריקא, צו בעטען בא ווילסאנען מיטלייד פאר טערקיי.

אלס דער קראנקער מאן פון וויסען זיין — דענקען זיי — וועט ער דאך גוויס מיטפיהלען דעם „קראנקען מאן פון איראפא“..

אפשר איז דאס איראפעאישער אגענטום געווען פאראינטערעסירט ארויסגושיקען זייערע באוואוסטע וועלט חזנים קווארטין און הערשמאן קיין אמעריקא. אויב מיר אמעריקאנער אידען קאנען זייער וועה געשריי ניט דערהערען פון דארט, טא זאלען כאטש די חזנים אויסדריקען פאר אונז דעם „אידישען קרעכץ“ פון דער נאהענט..

מיין לענדלארד האט בא מיר אין הויז באמערקט ווי דאס פאפיר איז אביסעל אפגעריבען אויפ'ן גראנד האט ער מיר דערפאר געגעבען נאטיס איך זאל זיך ארויסציהען פון דאנען.

כ'לעבען, א פלעק אין דער משפחה איז שוין היינט א סך געזונטער צו האבען ווי א פלעק אויפ'ן וואנד...

דאקטוירים האבען איצט ערפונדען א מיטעל ווי צו היילען דעזינטעריע און טיפוס. מען לאזט אריין אין דעם חולה'ס בלוט אפארציע באצילען, וועלכע באקעמפען די קראנקהייטס־ באצילען און ווען דער קאמפף צווישען די גוטע און שלעכטע באצילען איז געענדיגט מיט א זיעג פאר די גוטע באצילען, ווערט דער חולה געזונד.

הייסט עס, אז אפילו די מעדיצין שטימט איין, אז מלחמה איז א מיטעל פאר געזונד מאכען די מענשהייט! (מעגשליבע באצילען זאלען באקעמפפען איינע די אנדערע.)

# צו די אידישע מאסען אין אמעריקא

(אן אויפרוף)

אונזער פאלק לעבט איצט דורך איינע פון די שרעקליכסטע פעריאדען פון זיין לאנגער גלות געשיכטע.

צו גלייכער צייט שטעהט אונזער פאלק אויפ'ן שוועל פון נאציאנאלער אויפלעזונג און אויפלעבונג.

פון איין זייט ווערען פארניכטעט די עקאנאמישע און קולטורעלע יסודות פון אונזער פאלקס לעבען און פון דער אנדערער זייט ערשיינט די געלעגענהייט אויפצובויען אונזער נאציאנאלע קולטור און ווירטשאפט אויף דעם איינציגען זיכערען אופן: אין אן איינען לאנד אונטער זעלבסטבאשטימענדע באדינגונגען.

דער פאליטישער ציוניזם איז ניט מעהר א וואונש אדער א טעאריע, נאר א ווירקליכקייט.

שאפען אין ארץ ישראל אזוי שנעל ווי מעגליך א אידישע ווירטשאפט און קולטור: דאס איז איצט די הויפט אויפגאבע פון אידישען פאלק.

צו דער ארבייט נעהמען זיך איצט די בעסטע אידישע כחות. די ארבייט מוז געלינגען, אדער דאס אידישע פאלק איז פארבנ...

פערשיעדען זיינען אבער די באגריפען וועגען דעם געשטאלט און אינהאלט פון א אידישער ווירטשאפט און קולטור.

עס קומען זיך צוזאמען אין אלע לענדער וואו אונזער פאלק איז צעשפרייט, די יונגע און אידעאליסטישע כחות, ווי די „צעירי ציון“ און „הפועל הצעיר“ אין רוסלאנד, דייטשלאנד, פוילען ארץ ישראל א. א. וו. וועלכע פארלאנגען דאס די אידישע ווירטשאפט און קולטור אין ארץ ישראל זאל געבויט ווערען אויף סאציאל־גערעכטע, דויערהאפטע, נאציאנאלע יסודות. אין דער שטאדט פראג איז נאר וואס פארגעקומען א קאנפערענץ פון פארטרעטער פון דיזע כחות פון די לענדער פון איראפא און ארץ ישראל.

ביי אונז אין אמעריקא געפינט זיך איצט מ. ז. טעער, וועלכער פארטרעט די גרויסע און וויכטיגע „צעירי ציון“ ארגאניזאציע אין פוילען. עס ארגאניזירען זיך די יונגע און שאפענדע כחות וועלכע פאדערען, דאס ארץ ישראל זאל זיין פריי פון די אומגערעכטיגקייטען פון זאגענאנטע ציוויליזירטע געזעלשאפטען; פריי פון יענע מעטאדען וועלכע שאפען די געלעגענהייט פאר איינעם צו עקספלואטירען דעם צווייטען. אט די פאדערונגען געפינען אן אפקלאנג אין אלע גרעסערע און ברייטערע שיכטען פון אונזער פאלק, ווייל זיי זענען גערעכט און מענשליך, צווייטענס, ווייל נאר דורך אזעלכע מעטאדען קען אונזער לאנד איבערהויפט געבויט ווערען. אלס א נאציאנאלע היים פאר אונזער פאלק. די אידישע נאציאנאלע ווירטשאפט מוז ליגען אין די הענט ניט פון יחידים נור פון גאנצען פאלק.

זיי פאדערען אויך א פרייע אידישע קולטורעלע ענטוויקלונג, לויט דעם פאלקס געזונדען אייגענארט, מיט העברעאיש אלס נאציאנאלע שפראך.

ביי אונז אין אמעריקא זיינען אויך געהערט געווארען פון צייט צו צייט די איבערגעמאהנטע פאדערונגען, מיט נאך איין פאדערונג אלס צוגאב. נעמליך דאס די ציוניסטישע ארגאניזאציע, וועלכע דארף זיין דערווייל די איינציגע אגענטור פאר דער גאנצער קאלאסאלער ארבייט, זאל עס באטראכטען אלס איהר אויפגאבע צו געווינען ניט נאר הויכגעשטעלטע יחידים, נאר הויפטזעכליך די אידישע מאסען, די אידישע ארבייטערשאפט און ארגאניזירען ניט נאר אידישען קאפיטאל נאר אויך און הויפטזעכליך, די אידישע ארבייטער כחות וועלכע זענען גרייט צו יעדער צייט אדער וועלכע קענען ווערען פארבערייטעט צו עמיגרירען קיין ארץ ישראל און טאן די אמת־שאפענדע ארבייט.

אבער גראדע דא אין אמעריקא וואו עס געפינט זיך אזא באדייטענדע אידישע מאסע וועלכע שפירט אליין דעם דרוק פון עקספלואטאציע, און האלט דעריבער זיך ווארעם אפגערופען און מיט פאראייניגטע כחות, געקענט שאפען די מיטלען (געלד און מענשען) פאר דער שאפונג פון א גערעכטער נאציאנאלער אידישער ווירטשאפט אין ארץ ישראל, בלייבט נאך אלץ געוויסערמאסען גלייכגילטיג צו דער גאנצער זאך, און אפילו די אקטיווע ציוניסטישע פאלקס טוער, איבער'ן גאנצען לאנד ציינען ניט ארויס קיין גענוגענדע איבערגעבענהייט. מיר זיינען איבערצייגט, אז דאס איז צוליעב דעם וואס די אויבענדערמאהנטע פאדערונגען האבען געפונען פלאץ אויף קאנווענשאנס אדער אין רעדעס, געהאלטען פון איינצעלנע פערזאנען, יחידי סגולה. עס האט אבער געפעהלט אן ארגאניזירטער כח, וועלכער זאל רעפרעזענטירען די ווירקליך דעמאקראטישע עלעמענטען פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציאן, און וועלכע זאל אנפיהרען דעם קאמף צו פארוואנדלען די פראגען אין ממשותדיגע טאטען.

לעצטענס, אבער, האט זיך אנגעהויבען צו פיהלען א שטרעבונג צווישען דעם יוגענדליכען און אינטעליגענטען עלעמענט פון'ם ציוניזם צו ארגאניזירען זיך פאר דעם צוועק.

ניט קיין אפגעזונדערטע און קאנקורירענדע קערפערשאפט ווילען מיר שאפען, מיר זוכען ניט צו שטערען די פאראייניגונג פון אלע כחות וועלכע זענען אומבאדינגט נויטיג פאר א ווירקזאמער און שנעלער ענטוויקלונג פון ארץ ישראל.

צוזאמען מיט דער אלוועלטליכער ציוניסטישער ארגאניזאציאן ווילען מיר ארבייטען; מיר מוזען זיך אבער ארגאניזירען, כדי פון אינעווייניג משפיע צו זיין אויף א ווירקזאמען אופן, אויף דעם גייסט, פלענער און האנדלונגען פון דער ארגאניזאציאן אין אלגעמיין, און אויף דעם ענטוויקלונגס גאנג פון ארץ ישראל איבערהויפט.

מיר נעהמען יעצט ניט ארויס מיט אונזער דעטאלירטע אויסגעארבייטע פראגראמע. מיר ווילען נאר זיך ווענדען צו די אלע ציוניסטען ארגאניזירטע אדער ניט, וועלכע דענקען און פיהלען אזוי ווי מיר, צו שטעלען זיך אין פארבינדונג מיט אונז וואס אם שנעלסטען און צו ארגאניזירען זיך אין גרופען וואו נאר מעגליך. אונזער גאנצער פראגראם וועט קענען פארהאנדעלט און דעטאליזירט ווערען, ביי א ספעציעלען צוזאמענפאהר פון פארטרעטער פון אזעלכע גרופען אדער יחידים.

אין'ם נאמען פון אן אידישער ארץ ישראל געבויט אויף גערעכטע און פרייע יסודות, אין'ם נאמען פון א ברייטער און דעמאקראטישער ציוניסטישער ארגאניזאציאן אין אמעריקא, ווענדען מיר זיך מיט אט דעם אויפרוף, צו אלע אינטעליגענטע און פראגרעסיווע אידישע כחות סיי די וואס שטעהען שוין אין דער ציוניסטישער באוועגונג, סיי די וואס זענען נאך דערווייל אויסער איהר.

אונזער רוף איז: לאמיר ארגאניזירען אונזערע כחות פאר דעם גרויסען צוועק. לאמיר געהן צוזאמען זעלבסטבאוואוסט צו אונזער ציעל.

אין דעם נאמען פון הועד הזמני:

זלמן קאטלער, ק. וויטמאן, י. העססין, יהושע ניומאן, א. שפיהענדלער, מ. א. זעלדין, י. יקותיאלי און י. יעלין.

פאר ווייטערע אויסקינפטע זיך ווענדען צום צייטווייליגען סעקרעטאר מ. א. זעלדין, 441 אלאבאמא עוו, ברוקלין ניו יארק.

## רבי דר. קאפלאנדער — א גרויסער רעדנער

מיר האבען געקענט דר. קאפלענדער פון זיין שרייבען איבער פארשיעדענע אידישע טהעמאס. זיין אמת'ע פעהיגקייט קען מען אבער בעסער אבשאצען ווען מען הערט איהם רעדען. דער געלעהרטער רבי האט מיט זיין דרשה אין דער מגן אברהם שוהל איבערטראפען אלע ערווארטונגען. ער איז איינפאך אן אונערשעפליכע קוועלע פון מאדערנע דרוש און הגיון. זיינע שארפזיניגע ארגומענטען זיינען דורכגעוועבט מיט עדעלע הומאריסטישע פערדים און מיט זעלטענע אראטארישע עפעקטען. זיין לאגיק איז שלאגענד און אויסגעהאלטען, און פיהרט מענין לענין באותו ענין צו זיין געציעלטען קלימאקס.

אלס בעל מסביר, פארנעהמט ער דעם אויבענאן צווישען די פעהיגסטע דרשנים ומטיפים, און ניט אומזיסט האט ער זיך אויסגעצייכענט נאך מיט יאהרען צוריק, אלס סטאר־סטודענט פון געפא קאלעדזש, די גרעסטע מענטאל טרעינינג סקוהל אין אמעריקא.

ווארשיינליך וועט נאך דער דעטראיטער עולם האבען די געלעגענהייט צו הערען דיזען וואונדער פון דער בימה, דער בעגאבטער אדוואקאט פון ארטהאדאקסישען אידענטהום. מיר ראטהען יעדען וואס איז אידיש געזינט ניט צו פערנאכלעסיגען די געלעגענהייט צו הערען דעם פעלד־סעקרעטאר פון אמעריקאנעם רבנישען קאלעדזש.

בעגוע זיין מיסיאן אין דעטראיט, קענט איהר זעהן פון זיינע ארטיקלען אין „וועג“, וועלכע ער האט אונז פערשפראכען צו געבען; פערפעהלט ניט איהם צו לעזען, הויפטזעכליך זאלט איהר ניט פארפעהלען איהם צו הערען.

* * *

**עס ווערט בעריכטעט, אז די פוילישע ארמיי האט זיך אויף א מעווישען פונקט פאראייניגט מיט דעניקינס מחנות און צוזאמען וועלען זיי אנפיהרען דעם קאמף געגען דער סאוועטען רעגירונג.**

דעניקינס שווארצע באנדעס, פוילענס ווייסע גווארדיע און לעניגס רויטע ארמיי וועלען זיך שלאגען און רויטס וועט זיכער זעגען, בלוט וועט זיך גיסען אהן א שיעור.

# אין א ווינקעל פון דעטראיט

ראמאן פון ב. איסאיעוויטש

דער קיצור פון דעם ראמאן, וואס עס איז פארגעקומען אין די עלף קאפיטלאך פון דעם ראמאט, וואס זיינען געווען געדרוקט ביז היינט.

---

צוויי שוועסטער מרים און חנה רובינאוו (טעכטער פון א רב אין א רוסיש אידיש שטעדטיל) זענען געפאהרען מיט דער שיף קיין אמעריקא. אויפ'ן וועג האבען זיי זיך באקאנט מיט דזשאזעף פארבשטיין (א זוהן פון א ניו יארקער אידישען ריכטער). דזשאזעף איז געווען א מאהלער און זעהענדיג די צוויי שעהנע בלאנדע אידישע מיידלאך, האט זיך איהם פארוואלט צו מאלען די עלטערע (מרים) אזוי ארום האבען זיי זיך באקאנט.

אבער אין ניו יארק זענען די צוויי שוועסטער אוועק ארבייטען אין א פאבריק פון פאפירענע קעסטעלאך און האבען אין דזשאזעף'ן פארגעסען.

די יינגערע (חנה) איז געווען א שוואכע און האט געמוזט איבערגעבען די ארבייט אין פאבריק. די עלטערע (מרים) האט נישט געקענט פארדינען גענוג ביי די באקלאך און איז אוועק אין א בלומען־קראם אלס סיילס לידי.

אין דער דאזיגער קראם איז אמאל אריין דזשאזעף און וויעדער האבען זיי זיך דערקענט און אין א שטיקעל צייט ארום האט דזשאזעף געוואלט אויסדערצעהלען מרים'ן )אדער מערי'ן( זיינע געפיהלען צו איהר, איז באטש מערי אויך האט אויך געפיהלט, אז זי צו ניט גרייכטיג, פונדעסטוועגען האט זי נישט געוואלט הערען פון דעם. זי האט פארשטאנען, אז איז זי אן ארים מיידעל און ער איז א זוהן פון א רייכען אידישען דזשאדזש. איבערגעבען איהם האט זי ניט געקענט און אויסהערען זיינע ליעבעס ערקלעהרונגען, האט זי מורא געהאט.

איינמאל האט דזשאזעף ביי איהר נעפיעל'ט, אז זי זאל קומען צו זיי אין א זונטאג. עס זאל הייסען אז זי נעהט קלימערשט צו דזשאזעף'ן כדי ער זאל מאכען איהר בילד.

מערי האט איינגעשטימט.

זי האט זיך געטראכט, אז דערווייל וועט זי זיך באקענען מיט דער שטוב, מיט די מענשען און מיט דזשאזעף'ס עלטערען, איז אויב זי וועט זעהן, אז זיי זענען גוטע מענשען, וועט זי אפשר ווייסען ווי אזוי צו האנדלען מיט דזשאזעף'ן. אויב אבער זיי זענען שטרענגע בורזשואזען וועט זי פון דזשאזעף'ן זיך אויס באהאלטען און איבעררייסען איהרע באציהונגען מיט איהם.

אום זונטאג איז זי אהין געקומען.

דזשאזעף האט שוין אבער פריהער דער צעהלט דער מוטער אז דאס מיידעל וואס וועט צו איהם קומען זונטאג, איז זיין געליעבטע, און ווען דאס מיידעל איז געקומען האט די מוטער דאס דערצעהלט איהר מאן, דעם דזשאדזש, וועלכער האט פשוט דערפיהרט צו א סקאנדאל.

מערי איז אנטלאפען פון דעם ריכטערס הויז און אנגעהויבען צו בלאנדזשען אין די גאסען.

זי האט אפגעשטעלט א פאר מענער אין גאס און געפרעגט אויף איהר גאס (טשערי סטריט), אבער דער ריכטער האט געוואהנט אין דער רייכסטער געגענד פון שטאדט וואו זעהר ווייניג מענשען ווייסען פון דעם אידישען קווארטאל און פון די דאזיגע גאסען.

א רעטעקטיוו מיט'ן נאמען דייוויד האט געזעהן ווי א מיידעל לויפט צעשטרייעט איבער די גאסען און שטעלט אפ פארביינעהער. האט ער זי חושד געווען אז זי איז א גאסען מיידעל. ער האט זי אפגעשטעלט אין איין ראג גאס, זי האט זיך דערשראקען און חרושות געבליבען.

דייווידאוו האט צוגערופען אן אויטאמאביל און די אפגעפיהרט א געהלש'טע אין א פריזאנסעל. אויף מארגען האט ער זי פארגעפיהרט פאר דעם זעלבען דזשאדזש וועלכער האט זיך מיט איהר געבטען (זונטאג) געקריגט. דאס איז געווען דער דזשאדזש פארבשטיין, דזשאזעף'ס פאטער.

אין דער זעלבער צייט האט אויך פנה (חי יונגער שוועסטער) ,דורכגעמאכט א שטיקעל ראמאנס.

זי האט זיך באקאנט מיט איינעם א ניימאנען.

---

מיט ניימאנען פאנגט זיך אן דאס עלפטע קאפיטעל פון אונזער ראמאן "א ווינקעל אין דעטראיט", וואס וועט זיך אנהויבען דרוקען אין דעם נעקסטען נומער „וועג".

דורך דעם וואס אונזער רעדאקטאר האט ניט געקענט זיין אין רעדאקציע און אנפיהרען דעם גאנג פון די ארטיקלען, האט זיך אריינגעכאפט א טעות און אנשטאט א פריהערדיגע פארטזעצונג, האט מען געבטען אפגעדרוקט א שפעטערע פארטזעצונג. מיר וועלען איצטער ווידער געבען פינקטליך אלע פארטזעצונגען.




דיעזע וואך
— די —
„אייגען
עפענער"
וועלכע האבען געמאכט א גרויסען „היט" אין אנפאנג פון דיזען סיזאן קומען אויף זייער צוריקוועג דיזע וואך די בעסטע סטיידזש פראדאקשאן וואס זיינען דא.

## פּעהלער־ אויסבעסערונג

צווישען די נעכטיגע אדווערטייזונג קאָלומס איז פאַרביטען געוואָרען א קאָמ אין דער „ער" פון דער דעטראָיט קאָנ־ קריט גאַרבעדזש און אש רעסעפּטיקעל קאָ. מיר בעטען די לעזער וואָס זענען פאַראינטערעסירט אין רעסעפּטיקעלס צו זעהן אז ווען זיי קויפען א דעטראָיט קאָנקריט רעסעפּטיקעל זאָל עס זיין גע־ סטעמפּט „דעטראָיט קאָנקריט גאַרביידזש און אש רעסעפּטיקעל קאָ." ווייל דאָס איז די גאַראַנטיע אז עס וועט געדויערן לעבענסלאַנג.

אדוו.

## לעזט דעם „וועג"

# Arena Garden



דעם גרעסטען אידישען קינסטלער שוי־ שפּיעלער דירעקט פון טהאָמאשעפסקי'ס טהעאַטער, ניו יאָרק.

### הערר באָריס טאָמאשעווסקי

איך די איינציגע אידישע פּרימאַדאָנאַ און שויטפּילערין פון זיין טעאטער ניואָרק

### מאַדאַם צוקערבערג און בעללא פינקעל

און די גאַנצע קינסטלער קאָמפּאַניע • יעקב גרינבערג, מרס. מייעראָוויץ, מרס. מאַרגענבעסער, מר. קופּערשמיט, מר, ראָזען, מר, בירנבערג, מרס, ווערמאַנט, מר. זינגערמאַן

**זונטאָג אבענד דען 2-טען מאַי**

**דער גרויסער סוקסעס**

**פאַרלאָר פלאָר און בייסמענט**

אין 3 אַקטען פון ערדי טהאָמאשעפסקי

שעהנסטע קאָמעדיע, 100 לאַך א מינוט, 12 פון די שעהנסטע נומערן געזאַנג

**פּרייזען, $1.00, $1.50 און $2.00**

טיקעטס צו באַקומען אין סוירקעל טהע אַטער, 502 הייסטינגס סטריט.

---

**IUDGE GAINEY**




HAVANA CIGARS

NORMAN BROS. 973 MICHIGAN WEST 1170

---

## ראָזענפעלד,ס רוסישע טערקישע באָד

פאַר אַלע וועלכע זוכען ריינליכקייט און גוטע באַהאַנדלונג.

30 מאַרבעל וואַנעס — 2 כשרה מקוואות

שאור בעטהס — פרייע קאַטס אויף צום רוהען

16 פּריוואַט רומס פאַר יענע וועלכע ווילען נעכטיגען.

א פּראַכטפולער לאַנטשי קאַונטער מיט פרישע עסענווארג און געטראַנקע צו יעדער צייט.

שווין פאַר פרויען יעדען מיטוואָך, מיט דער מיטווירקונג פון אן עקספּערט מאַסאַזשיסטקע.

1846 אַלפרעד סטריט, ניער אנטאַין, טעלעפאָן טשערי 6190 ראַבליו.

---

דער זיכערסטער וועג צו

צו אייערע קרובים איז

## שיקען געלט

— דורך דער —

## פּיפּעלס רעליעף

וועלכע טוט עס פאַר אייך בלוי

פאַר פּאָסט קאָסטען

490 הייסטינגס סטריט

**געלט ווערט געשיקט אין אמע ריקאַנער דאָלערס.**

קעדילאַק 2061

---

## די אידישע פראַגע

שלוס פון זייט 2

ווייל דאָס איז אַזוי, אום עס זאָל זיך אפּשפּיעגלען אין געדאַנק אלס אן איינ־ הייט מוז עס ווערען אן איינהייט און דאָס קען נאָר זיין ווען דאָס פאָלק וועט שאַפען פאַר זיך דעם עלעמענט פון פאַרשטעהער.

אפילו א טעריטאָריע אָדער לענדער איז נישט דער עלעמענט וואָס גיט א פאָלק זיין איינהייט געשטאַלט. זאָל א פאָלק האָבען א לאַנד און ניט האָבען קיין פאַר־ שטעהער וועט עס דאָך זיין ניט מעהר ווי א מענגע, אן אבנאָרמאַלע קערפּער־ שאַפט.

דאָס רוסישע פאָלק קען אונז דיע־ נען אלס דער בעסטער באַווייז, דאָס רו־ סישע פאָלק איז יעצט אָהן אנערקענטע פאַרשטעהער, און וואָס איז דער רעזול־ טאַט? כאָטש עס איז אויף זיין אייגען לאַנד, איז עס אין א צושטאַנד פון תהו ובהו, א מענגע, אן אבנאָרמאַלע קערפּער־ שאַפט, וועגען וועלכע דער געדאַנק קען שוין ניט דענקען פּסיכאָלאָגיש און לאָגיש און כאָטש דיעזער צושטאַנד פון די רו־ סען איז נאָך פריש, דאָך שאַפט שוין דער געדאַנק א פּאַראָרטייל קעגען דאָס גאַנצען רוסישען פאָלק.

מיר קומען אַזוי צום שלוס, אז די אורזאַך פון דעם פּאַראָרטייל קעגען דעם אידישען פאָלק און קעגען די אידען איז וואָס דאָס אידישע פאָלק איז אן אב־ נאָרמאַלע קערפּערשאַפט. דערמיט וואָס עס האָט ניט דעם וויכטיגען עלעמענט איינהייט פון פאַרשטעהער.

דאָס איז דער טעאָרעטישער אנט־ וואָרט.

מיר ווייסען אז מחשבה איז תמיד קודם למעשה. יעדע אינסטיטוציע אין דער וועלט יעדע ערפינדונג איז פון אנפאַנג געווען א טעאָריע, און שפּעטער ערשט א ווירקליכקייט.

האָבענדיג דן __ איבערגערקלעהרטע פונדאַמענטאַלע טעאָריע אלס ענטפער אויף דער אידישער פראַגע, זעהט מען גלייך ווי ווייט די טעאָריע קען גע־ מאַכט ווערען פאַר א ווירקליכקייט. עס דאַרף באַשאַפען ווערען דער עלעמענט פון איינהייט פון פאַרשטעהער פאַר דעם אידישען פאָלק. אזא איינהייט קען זיין נאָר דורך א שטענדיגען אינטערנאַציאָ־ נאַלען אידישען קאָנגרעס און שטענדיגע עקזעקוטיווע בעאַמטע וועלכע זאָלען זיין דער קאָפּ פון אידישען פאָלק. דעמאָלט, אויסער די גרויסע פּראַקטישע ארבייט וואָס אזא קאָנגרעס און עקזעקוטיווע וועט טאָן פאַר דאָס אידישע פאָלק, וועט דער געדאַנק פון דער מענשהייט קענען דענקען וועגען די אידען פּסיכאָלאָגיש און לאָגיש און די אידישע פראַגע וועט פאַרשוואונדען.

פריער אָדער שפּעטער וועלען אידען עס מוזען טאָן. אויב ניט וועט דער שרעקליכער אנטיסעמיטיזם זיי ניט אויף הערען צו פאַרפאָלגען.

(שלוס פאָלגט)

---

## ריינקייט

**גאַסט** — העי, ווייטער, דער גאָפּעל איז נישט ריין.

**ווייטער** — אונמעגליך, ערשט האָט א זויבערער מאַן מיט איהר געגעסען.

---

## ס'איז ער אליין

**א.** — קענט איהר מיר ניט זאָגען וואו א געוויסער הערר שמידט וואָהנט?

**ב.** — שמידט? עס זענען דאָ א סך מענשען מיט דעם נאָמען שמידט. איך הייס אויך שמידט, וגו. אַזוי איז דער פאָרנאָמען פון דעם מאַן וואָס איהר זוכט?

**א.** — דאָס ווייס איך נישט, אָבער אַזוי פיעל איז מיר באַקאַנט, אז ער וואוינט אין דיעזער גאַס, איז א שיוער, שפּיעלט אין קאָרטען און שלאָגט אָפט זיין ווייב.

**ב.** — מיר דאַוכט אז דאָס בין איך.

---

די שפּאַנישע אינפלוענציע בושעוועט איצט אין יאַפּאַן; איבער א מיליאָן מענ־ שען ליגען קראַנק און טויזענדע נייע פע־ לע קומען צו יעדען טאָג.

אויב עס זאָל אַזוי אַנהאַלטען ווייטער, וועט שפּאַניען זיכער האָבען דעם גרעס־ טען זיעג איבער יאַפּאַן און זי וועט נעקסטען קריסמעס זיין אין טאָקיאָ.

א געוויסע מיס פּיידזש, אן אמעריקאַ־ נער פּראָהיבישאָניסטקע, איז שוין אַזוי גוט ווי נאָמינירט אלס קאַנדידאַטקע פאַר דעם אַמט פון „פּרעזידענט אוו דהי יו־ נייטעד סטייטס"; זי איז נעגען טרינקען און נעמען רויכערען. און זי האָפט צו אריין מיט א גרויסער מאַיאָריטעט שטי־ מען.

זאָל זי נאָך ניט זיין אַזוי זיכער, עס קען נאָך ארויסקומען דאָרטען א קאַנדי־ דאַט וועלכער איז נעגען עסען און נעגען שלאָפען און ער וועט נאָך האָבען מעהר טשאַנס צו ערוועהלט ווערען.

* * *

---

## מאַכט אַוועק מיט אַלטער פאַרשימעלטער רעט קען, שטעלט אריין א
## דעטראָיט קאָנקריט גאַרביידזש און אש רעסעפּטיקאל

שטעלט אריין אונזער רעאיינפאָרסד קאָנקרעט גאַרביידזש און רעסעפּטיקעל און מיידעט אויס טראָבעל מיט דער פּאָליצי און מיט דער באָארד אוו העלטה, וועלכע שמוציגע עלליעס און ניט סאַניטאַרי קענס.

וואָרום אוועקוואַרפען אלע יאָהר געלט אויף גאַרביידזש קענס, ווען איהר קענט קויפען א דעטראָיט קאָנקריט גאַרביידזש רעסעפּטיקעל וואָס איז **גאַראַנ־ טירט א**

## לעבען לאַנג



פרעגט אייער שכן וואָס האָט א דעטראָיט קאָנקרעט גאַרבעדזש וועט ער אייך זאָגען אז איהר סייווט געלט ווען איהר קויפט א קאָנקרעט רעסעפּטיקעל. אונזער קאָנקרעט רעסעפּטיקעל וועט אי־ בעריעבען 100 קענס עס איז דער ביליגס־ טער און בעסטער רעסעפּטיקעל אין מאַר־ קעט.

די דעטראָיט קאָנקרעט גאַרביידזש און אש רעסעפּטיקעל זענען אינדאָסירט פון דער באָארד אוו העלטה און רעקאָ־ מענדירט ביי טויזענדער סיטיזענס וואָס געברויכען זיי.

זייט פאָרזיכטיג פאַר נאָכגעמאַכטע וואָס זענען ניט ווערט קיין העלפט וואָס זיי קאָסטען. און זענען ניט גאַראַנטירט פאַר קיין לעבען לאַנג. לאָזט זיך ניט אָפּנאַרען. איהר זאָלט תמיד זעהן אז דער נאָמען דעטראָיט קאָנקריט רע־ סעפּטיקעל זאָל זיין אויף דער באָקס אלס גאַראַנטי אנטקעגען ניט ריכטיגע. קויפט דירעקט פון דער פעקטאָרי אָדער דורך אונזער אגענט.

פעקטאָרי און סיילסרום:

**Detroit Concrete Garbage and Ash Receptacle**

1303 Michigan Ave. Phone West 2287 — H. M. Kaufman, Agont Melrose 3595 W

---

# MAZOLA

**ש**טעלט זיך פאַר — מ אַ ז אָ ל אַ — א געזונטע, געשמאַקע, קרעפטיגען איל, מיט וועלכען איהר קענט באַקען די שעהנסטע געבעקס, פּרעגלען די געשמאַקסטע שפּייזען און קאָכען די בעסטע עסענס, און איהר קענט עס יוזען סיי פאַר פליישיגעס און סיי פאַר מילכיגעס, ווייל ס'איז כשר און פּאַרעווע.

און דאָס איז ניט אין גאַנצען — ווען איהר יוזט מ אַ ז אָ ל אַ פאַרברויכט איהר א דריטעל ווייניגער ווי ווען איהר יוזט פּוטער אָדער שמאַלץ, ווייל דאָס איז רייכער אין פעט־ קייט און ווערט ניט איינגעצעהרט פון פייער אַזוי שנעל ווי פּוטער אָדער שמאַלץ.

פרעגט אייער שכנ'טע וועלכע יוזט מאַזאָלאַ




---

## אויסקינפטע פריי

זעהר גערן געגעבען איבער פאָלגענדע ענינים: פּאַספּאָרטען, ווי צו שיקען געלד אין אייראָפּאַ, ווי אַזוי אריבערצובריינגען אייערע פאַמיליעס, וועגען די רעכט פון לענדלאָרד און טענענטס, וועגען לאַנד קאָנטראַקטען, מאָרטגעדזשעס, טעקסעס, און אַזוי ווייטער.

### ווי צו ווערען א בירגער

וואו און ווי אַזוי צו לערנען ענגליש, סאָלדאַטען פּענסיע, ליבערטי באָנדס באָנוסעס, אינשורענס און נאַטוראַליזיישאָן.

**The Free nformation Bureau**

**Detroit Board of Commerce**

קאָרנער יעיו און לאַפאַיעט (2טער פלאָר); שטונדען: 8:30 ביז 5:30

---



## ווי קען איך אנטוועהנען מיין בייבי?

דאָס איז א וויכטיגע פראַגע פאַר יעדע מוטער וואָס זייגט איהר בייבי. דער בעסטער וועג איז צו־אנטוועהנען א בייבי לאַנגזאַם — מען דאַרף אָנפאַנגען פון זיבעטען מאָנאַט און געבען דער ביי איינע אָדער צוויי באָטעלס שפּייז דורכ'ן טאָג. און אַזוי שטופּענווייז פערגרעסערען די צאָהל פון שפּייז באָטעלס ביז דאָס קינד געוועהנט זיך אָב פון'ס זייגען די ברוסט.

**Borden's EAGLE BRAND** (CONDENSED MILK)

איז אַזוי ענליך צו מוטער־מילך אין טעם און אין לייכטע פערדייאונג אז מען קען געבען אמאָל דיעזע מילך און אמאָל ברוסט מילך און דאָס אנטוועהנען וועט נאָכ־ הער זיין א גאַנץ לייכטע זאַך.

אונזער בייבי בוך וואָס האָט פיער־און־פופציג תיירושעס, ערקלערט אייך דייטליך ווי צו אנטוועהנען אייער בייבי. אויך פולע שפּייז אינסטרוקשאָנס געשריבען אין אידיש. מיר וועלען אייך שיקען בידע זאַכען פריי. אויב איהר וועט אונז שיקען היינט דעם קופּאָן.

איגעל בראַנד, געמאַכט פון רייכסטע קוואַליטי קוה־מילך און געמישטעם צוקער, איז דאָס בעסטע פיר'ן טיש און קאָכען און באַקען — קויפט א קען היינט און געברויכט עס פיר אלע צוועקען פיר וועלכע איהר האָט געברויכט געוועהנליכע מילך און צוקער. פּרובירט עס אין קאַסטאַרד.

צו בעקומען אין יעדען גוטען דראַג אָדער גראָסערי סטאָר — דער לייבעל און נאָמען איז אייער גאַראַנטי

**The Borden Company**
108 HUDSON STREET
NEW YORK




עטאַבלירט 1857

# דער וועג

THE DETROIT JEWISH DAILY

Published Daily, Except Saturdays and Jewish Holidays, by
DER WEG PUBLISHING COMPANY. INC.
347-49 Hastings St., Detroit, Mich. Main 3715.
J. RABINOWITZ, Pres. JOS. R. LEEMON, Sec.-Treas.
B. I. GOLDSTEIN, Editor
(Entered as Second Class mail matter at Post Office. Detroit, Mich.)
Subscription Price: By mail, or carrier, one year, $5.00; six months, $2.50.


# צו די ציונים, מזרחים און פועלי ציון אין דעטראיט

פון די ימים פון בלוט און אייטער איז אונזער זון סוף כל סוף איפ־געגאנגען; די שטארק בלינדע נאכט האט ענדליך א שיינעם טאג גע־בוירען.

און דער טאג וועט דאס שענסטע בלאט פארנעהמען אין דער אידי־שער געשיכטע, פול מיט טרויער און לייד.

מיר זיינען א פאלק געווארען מיט פעלקער גלייך.

געווארען זיינען מיר דאס נישט ווען די פרעמיערען אין סאן רעמא האבען מיט א פאר טעג צוריק איינגעצאהלט דאס וועקסעל, וואס מיר הא־בען זיי דערלאנגט און מיט וועלכען מיר טראגען זיך ארום הונדערטער און טויזענדער יאהרען; מיר זיינען געווען א פאלק נאך פריהער א סך, איידער די איצטיגע ציוויליזירטע און אייראפעאישע נאציעס זיינען עס געהען.

אבער אט די ציוויליזירטע אייראפא, די מעכטיגע, געהמט נישט אריין אין איהר מיטע א פאלק וואס בלאנדזשעט איף פרעמדער ערד ארום. מיר זיינען דאס ערשטע און איינציגע פאלק געווען, וואס האבען להכעים אלע אייראפעאישע פאלקס־געזעצען, עקזיסטירט אלס פאלק אהן א באדען.

דערפאר — נישט אנערקענט.

איצט האט אונז די וועלט אונזער אנערקענונג צוריק אפגעגעבען. מיט אונזער מיסטעריעזער עקשנות האבען מיר עס צוריקגעוואונען.

און דער מלך כורש פון דעם צוואנציגסטען יאהר הונדערט, וועלכער עפענט פאר אונז איף צוריק די טויערען פון אונזער הייליג לאנד, האט הורכדעם א יום טוב אריינגעגאסען אין אונזער יאבענדיגען גלות; א נחמה געבראכט צו אונזער טרויער.

און שטאדט און שטעדטיל וועט איצטער פייערען דעם דאזיגען יום טוב.

ניוארק איף איהר גרויסען שטייגער וועט אפהאלטען פארשיעדענע ערליי ימים טובים פייערונגען, די ציוניסטישע ארגאניזאציע אין ניארק פארגרייט זיך צו פייערען דעם יום טוב מיט מאנפעסטאציעס אים 9־טען און 10־טען מאי; די הארטיגע פועלי ציון האבען דערקלערט, אז ס׳איז ענדליך געקומען די צייט ווען דאס גאנצע פאלק אין באזונדערס זיינע אר־בייטער־שיכטען מוזען זיך שטעלען צום דיענסט פאר דער איפבויאונג פון אן אייגענער אידישער נאציאנאלער היים אין ארץ ישראל, וואס זאל גלייכ־צייטיג באשיצען אויך די רעכט פון די איבעריגע איינוואינער אין ארץ ישראל.

און האט שוין אום דאנערשטאג די ערשטע מאסענפארזאמלונג פאר־רופען אום ארומצורייִדען די פאדערונגען פון די אידישע ארבייטער און אין דערועלבער צייט צו פייערען דעם גרויסען טאג, ווען די באלפור דעקלארא־ציע איז פארווירקליכט, אדער באשטעטיגט געווארען אפיציעל פון אלע פרעמיערען.

אנדערע שטעדט ווי שיקאגא, באסטאן און אנדערע האבען שוין אויך ארגאנזירט גאולה פארזאמלונגען.

אין קליוולאנד איז אום מיטוואך שוין א גרויסע ציון דעמאנסטראציע פארגעקומען.

ביי אונז, אין דעטראיט, וואלטען מיר גופא אויך זיך גענומען די הכבדה צו פאררופען א קאנפערענץ פון אלע ציוניסטישע, מזרחיסטישע און פועל ציוניסטישע מתעסקים אום צו ארגאנזירען און איינהייטליכע רעזיגע ציון דעמאנסטראציע;

אבער דער שרייבער פון דיעזען ארטיקעל איז נאך בבחינת חולה און קען דאס נישט טאן. מיר ראטען אבער די היגע ציוניסטישע טוער פון די דריי־ערליי ריכטונגען נישט צו צערייסען די קרעפטען און אנשטאט קליי־נע פארזאמלונגען, אנשטאט דריי קלענערע אסיפות — בעסער זיך צו פאראייניגען, רופען א קאנפערענץ פון אלע דריי ארגאניזאציעס און ארגאנזשירען א גרויסע און איינדרוקספולע דעמאנסטראציע.

און מאקע מודיע זיין איף דער דאזיגער דעמאנסטראציאנס פארזאמ־לונג, אז געגעבען האט מען אונז צוריק אונזער לאנד און אום, דערפון צוריק א לאנד צו מאכען, און אום דאס לאנד זאל אריינגעהמען און באשיצען אונזערע פארוואגעלטע, עלענדע און געיאגטע, הייבט זיך ערשט אן די ארבייט און די פליכט צו ארבייט;

איצט, ווען מיר האבען דעם חוב פון די פעלקער א באצאהלטען, הייבט זיך אן אונזער חוב צו באצאהלען דעם לאנד, נאך וועלכען מיר האבען געגארט און געבענקט.

דאס אידענטום אין דעטראיט, ווי אין דער גאנצער וועלט, דארף שטעלען איצט מיט באנייעטע און אנגעשטרענגטע קרעפטען מאכען פון פאלעסטינא אן ארץ ישראל לעם ישראל.

דאס דארף די דעמאנסטראציע דערציהלען און פאדערען פון די היגע אידען און דאס דארפען טאן די דריי־ערליי ציוניסטישע מתעסקים אויף א פאראייניגטען אופן.

# שפריצען

### דער בן־חורין

וולאדימיר זשאבאטינסקי האט געפייערט די אידישע באפרייאונג אין פריזאן.

און אין פריזאן זיצט ער, ווייל ער האט פארטיידיגט די אידישע פרייהייט.

מאדנע!

* * *

## מ׳האט זיי נישט געכאפט

אענגליגער ירושלים׳ער אידען האבען זיך געוואנדעט צו דער ענגלישער אדמיניסטראציע, אז מ׳זאל זיי אויך ארעס־טירען און משפטן פונקט ווי זשאבאטינסקי׳ן, ווייל זיי זענען שולדיג אין דעם זעלבען „פארברעכען“.

אבער די ענגלישע באאמטע האבען זיך אפגעזאגט זיי צו ארעסטירען מיט׳ן תירוץ, אז ארעסטירט האט מען בלויז די, וואס מ׳האט געכאפט.

פריהער האבען די ענגלישע אדמיניס־טראטארען געכאפט אנדערע, אבער איצט האבען זיי זיך אליין געכאפט — אז זיי האבען אפגעטרן א מיאוס שטיקעל ארבייט.

* * *

## נו, גיט א קוק

רבי קוק, דער רב־הכולל פון ירושלים, האט מתיר געווען די ראטיגע אידען אונטערצושרייבען אום שבת פעטיציעס וועגען באפרייען זשאבאטינסקין.

יעדער עהרליכער איד מוז מודה זיין, אז הרב קוק האט א ווייטען קוק!

* * *

## אנאנסע

איבערצוגעבען א מאנאט איבער אר־מעניען, ווער עס וויל אננעמען דעם מאנ־דאט איז געבעטען זיך תיכף צו ווענדען צו דער פרעמיערען קאנפערענץ אין סאן רעמא.

* * *

## דערפאר מסתמא

אונזער יוסטי׳ץ מיניסטער פאלמער, האט אין א רעדע פאר׳ן קאנגרעס פאר־לאנגט אז מען זאג איהם באלד באוויי־גען א האלבען מיליאן דאלאר אויף צו באקעמפען די „רויטע“.

איצט פארשטעה איך פארוואס מיין שכן, ר׳ יונה־בער דער דרדקי־מלמד, וואס פארמאגט זיין איינענעם א לאנגע רויטע בארד ווערט אזש רויט פון כעס, ווען ער דערמאנט פאלמער׳ס נאמען.

* * *

## א מזל פון קראנקע

די בודאפעסטער דאקטוירים האבען באשלאסען נישט צו באזוכען קיין קראנקע ביינאכט.

און אט אזוי ארום וועלען א סך קראנ־קע געראטעוועט ווערען פון א זיכערען טויט.

* * *

## אידעלע מענשען

דער באריהמטער אידענפרעסער פון פוילען, אנדזשעי ניעמאיעווסקי, האט ער־קלערט פאר א קארעספאנדענט, אז די פאליאקען גרייטען זיך ערשט צום ריכטי־גען פאגראם כדי מיט איינמאל פטור צו ווערען פון אלע פוילישע אידען.

אבער עס גלויבט זיך נישט, אז אזעלכע אידעלע מענשען ווי די פאליאקען, זאלען פעהיג זיין אויף פאגראמען.

* * *

## אן אנדער קאנגרעס

ר׳ שמואל גאמפערס אי ארוים מיט אן ערקלערונג אז דער קאנגרעס איז נוצלאז פארן פאלק, ווייל ער פארטיידיגט נישט זיינע אינטערעסען.

אבער דאס דארף קיין אידען נישט מאכען פאר קיין גענגער פון אידישען קאנגרעס — גאמפערס האט געמיינט דעם קאנגרעס אין וואשינגטאן!

* * *

## בלינדע

צוויי הונדערט און פופציג ענגלישע סאלדאטען האבען אריינגעמארשירט אין לאנדאן כדי צו פראטעסטירען פאר די ענגלישע רעגירונגס פיהרער קעגען דער שלעכטער באהאנדלונג וואס זיי, די בלינ־דע, קריגען.

אבער עס ווייזט אוים אז די רעגירונגס לייט זענען נאך מעהר בלינד.

* * *

## ער האט רעכט

דער ענגלישער קריגס מיניסטעריום איז געגען ארונטערצוזעצען די פאלעסטינער אדמיניסטראציע, פארקעהרט ער איז גאנץ צופרידען מיט די עקזיסטירענדע ארגאנ־ישמענטס אין פאלעסטינא.

היינט געהט קריגט זיך מיט א קריגס מיניסטעריום!

# ציון רופט אונז

### פון דר. א. רייזלין

אלע ווערטער זענען מיט אמאל בלאס געווארען, שוואך געווארען, ווייל דאס, וואס איז געשעהן, איז אזוי גראנדיעז, אזוי קאלאסאל, אז מיט קיין ווערטער פון וועלכער עס איז מענשליכער שפראך קען עס בשום אופן נישט אויסגעדריקט ווערען.

עס איז פרייד, אבער מעהר ווי פרייד עס איז גליק, אבער מעהר ווי גליק, דער גרעסטער און דער קלוגסטער פון אונז איז עס אויפ׳ן מאמענט נישט בכח תופס צו זיין. די פאסירונג איז צו גרויס, צו גיגאנטיש, אז מיר זאלען עס קענען משיג זיין אין זיין גאנצען פארנעהם, אין זיין גאנצער באדייטונג.

א חלום פון צוויי טויזענט יאהר, גע־חלומ׳ט דורך יאהרהונדערטער פון פאר־פאלגונגען, אין די שרעקליכסטע קאנ־וואולסיעס, איז מקוים געווארען.

א האפנונג פון לאנגע מארטירער־דורות געהאפט דורך פיינליכע שרעקען, דורך אוממענשליכע ליידען, דורך האס און שפאט, איז געווארען א רעאלער פאקט.

א באנגע, וואס האט זיך דורכגעצוי־גען ווי א גאלדענער פאדעם דורך אלע אונזערע שטרעבונגען, דורך אלע אונזע־רע שאפונגען, דורך אלע אונזערע לעבענס פארמען זינט דעם חורבן בית שני ביז די איצטיגע שחיטות אין דער אוקראינע, איז ערפילט געווארען.

מיר שטעהען אלע, מאן און פרוי, יונג און אלט, ווי פארצויבערטע פון דעם גרויסען וואונדער.

מיר האבען עס ערווארט, אבער אפילו פאר די גרעסטע אפטימיסטען צווישען אונז איז עס געקומען, אזוי ווי אונער־ווארט.

מיר האבען געוואוסט, אז אומגערעכט זענען די פעסימיסטען, וואס גלויבען ניט אין דעם אנקומען פון דעם גרויסען וואונ־דער, אבער מינוטענווייז האט זיך אין הערצער פארט אריינגעגנב׳ט א שטיקעל צווייפעל, אויב עס וועט שוין געשעהן ביי דער איצטיגער קאנפערענץ אין סאן רע־מא, אדער עס וועט אפגעלעגט ווערען צו דער נעקסטער ווערעמירען קאנפערענץ.

אבער עס איז געשעהן!

„און די פרייד איז נאך טויזענט מאל גרעסער, נאך דער פעסימיסטישער שטי־מונג, וואס האט זיך, ליידער אין די לעצ־טע וואכען אריינגעכאפט אין דער אידי־שער גאס צוליעב די טרויעריגע געשעה־נישען אין ארץ ישראל.

די באלפור דעקלאראציע איז ערפילט געווארען!

ארץ ישראל וועט ווערען די נאציאנא־לע היים פון אידישען פאלק!

די פרעמיערען פון די גרויסע אליאיר־טע מלוכות האבען געטאן זייער פליכט צו אונזער פאלק.

און איצט? —

איצט דארפען מיר טאן אונזער פליכט צו זיך אליין און צו אונזער לאנד.

אונזער פאלק האט ביז איצט געטריי געארבייט פאר דער פארווירקליכונג פון שיבת ציון.

איצט מוזען מיר טויזענט מאל מעהר ארבייטען פאר דעם דאזיגען גרויסען, ער־האבענעם צוועק.

א לאנד בויעט זיך נישט אליין, מיר מוזען עס טאן, איצט קען שוין קיין איד נישט זאגען, אז סיי ווי ווען זיך גארנישט אויסלאזען דערפון, און אז ענגלאנד וועט נישט מקיים זיין די באלפור דעקלארא־ציע.

ענגלאנד האט איהר טייל געטאן, איצט דארפען מיר טאן אונזער טייל.

דאס, גאנצע פאלק מוז איצט מאכען די נויטיגע אנשטרענגונג אויפצובויען ארץ ישראל.

איצט מוז יעדער איד, ארעם און רייך מאן און פרוי, צאהלען זיין חוב.

מיר מוזען וויזען דאס מיר זענען ווערט די גרויסע ישועה, מיר מוזען זיך אויפהייבען צו דער־גייסטיגער הויך פון און אויסגעלייזט און באפרייט פאלק!

די קומענדע דורות וועלען דערצעהלען פון די איצטיגע טעג און אונז מקנא זיין זאס מיר האבען זוכה געווען דורכצולע־בען די פרייד פון דע גאולה.

„אמיר ווייזען, אז מיר זיינען דערוואקסען פאר דער גרעסטער געשעהעניש און

דער אידישער געשיכטע פון די לעצטע 2 טויזענט יאהר.

ווער קען איצט בלייבען שטעהן פון ווייטען?

ווער קען זיך יעצט אפשטעלען פאר גרויע, נאציאנאלע אנשטרענגונג, אום דער פאקט פון אונזער אויפריכטונג זאל ווערען אזוי גרוים, אזוי פרעכטיג, ווי מעגליך?

מיר מוזען איצט ווייזען אז אויך מיר זענען גרייט צו ערפולען די באלפור דעקלאראציע.

קיין דיסקוסיעס, קיין ווערטער מעהר, די צייט פאדערט פון אונז מעשים, גרוי־סע מעשים.

זאל שוועבען פאר אונזערע אויגען די געשטאלטען פון אונזערע נביאים,, וועל־כע האבען די גרויסע צייט פארגע־זאגט.

זאל לייכטען פאר אונז דאס בילד פון אונזער גרויסען אומשטערבליכען פיהרער דר. הערצעל, וועלכער האט דער ערשטער די נאציאנאלע פאהן פון אונזער בא־פרייאונג אויפגעהויבען.

ציון רופט אונז!

## דאס אידישע פאלק איז ניי געבארען

### פון מאררים ראזענפעלד

גיט מזל טוב אונז, אידען, גאט צו דאנקען.
פון ציון קומט אונז די ישועה.
געשיקט האט גאט שוין זיין רפואה.
ישראל׳ן דעם עלענדען, דעם קראנקען.
דער אידישער מאי וועט ווידער פרעהליך בליען.
ישעיה׳ס ווארט וועט ווידער רופטען.
ס׳קלינגט „מזל טוב“ אונז אין דער לופטען.
געקומען איז די אויסלייזונג אויף ציון.

## יוראפיען דזשואיש ווימען וועלפעיר

מאנטאג אוועגט, דעם 19־טען אפריל, איז אפגעהאלטען געווארען א באגייסטער־טער באארד אף דירעקטארס מיטינג פון דער יוראפיען דזשואיש ווימען וועלפיער ארגאניזאציע.

עס זיינען דיסקוטירט געווארען פיעלע פראגען בנוגע דער ארבייט פון דיעזער ארגאניזאציע.

עס איז אויפגעהויבען געווארען די פראגע וועגען די אומגליקליכע עלענדע יתומים פון פינסק, וועלכע בעטען הילף פון וויערע גוט הייבע אנקעל און טאנטע פון זאת קיירבי עיו. (דער בריעף פון דיעזע אומגליקליכע פינסקער יתומים איז לעצטע וואך געווען געדרוקט אין „וועג“).

עס איז אויף דיעזען מיטינג באריכטעט געווארען פון איניגע סאסייעטיס, און ליידיעס עקזילערס, וועלגע האבען זיך פריוויליג אנגעשלאסען אן דער יוראפיען דזשואיש ווימען׳ס וועלפיער ארגאניזיי־שאן. זעהר נאבעל האט זיך אפגערופען די ליידיעס עקזילערי פון קאנגרעגיישאן „בני ישראל“, היילאנד פארק. א קאמיטע פון דיעזער ליידיעס עקזילערי האט צום לעצטען באארד אף דירעקטארס מיטינג אריינגעבראכט די סומע פון 115 דאללער פאלגענדע האבען ביינעשטייערט:

| | |
|---|---|
| קאנגרעגיישאן בני ישראל, היילאנד פארק | 40 דאל. |
| ליידיעס עקזילערי, היילאנד פארק | 20 " |
| מרס. העריגמאן | 15 " |
| מרס. הרייפוס | 10 " |
| מרס. סימעל | 5 " |
| מרס. עלמאן | 5 " |
| מרס. ראזענטאל | 5 " |
| מרס. ווייסוואסער | 3 " |
| מרס. יאריע | 5 " |
| מרס. זינערמאן | 2 " |
| מרס. בלומענטאל | 2 " |
| מרס. הערלי | 2 " |
| מרס. לאב | 1 " |

מען האט זיי זעהר ווארים באדאנקט און געבעטען אויך ווייטער פארטזעצען זייער נאבעלע ארבייט.

עס איז ביי דיעזען מיטינג אויך אוים געהערט געווארען א באריכט פון דער ליידיעס עקזילערי „מגן אברהם“, דורך דער קאמיטע, וואס איז באשטאנען פון דער פרעזידענטין מרס. גרינבערג, מרס. מילער און מרס. פרידמאן. זיי האבען דיום פון אלע זייערע מעמבערס צו דיע־זען מיטינג.

עס איז אויך אויסגעהערט געווארען א באריכט פון מרס. סופרין, עקס־פרעזי־דענטין פון קאנגרעגיישאן „בני משה“ לייד־יעס עקזילערי.

עס זענען אויך אויפגענומען געווארען פיעלע נייע מעמבערס. עס איז דערנאך אויסגעהערט געווארען א באריכט פון דער אוקלאנדער ליידיעס עקזילערי, „אגודת־אחים“ און עס איז אריינגעבראכט געווא־רען די סומע פון 27.75 דאל. פון דעם סיום הספר אין אוקלאנד.

מרס גאלדין און מרס סופרין האבען איבערגעגעבען דיום צו דער מעין טרעזשו־רי. נייע מידגלידער זענען אריינגעבראכט געווארען דורך מרס בלום, מרס לעווין, מרס קאפלאן, מרס גרינבערג, מרס סגלאון מרס טעפער.

עס איז צו זעהן פון דיעזען באריכט, אז דיעזע פרויען־געזעלשאפט צושפרייט פאקטיש איהר טעטיגקייט, און עס איז דא זעהר פיעלעס צו ערווארטען פון דיעזער ארגאניזאציע.

מיט אכטונג,
באארד אף דירעקטארס,
יוראפיען דזשואיש ווימען וועלפיער ארגאניזיישאן
מרס. איווא בלום, פרעזידענטין.
ווייטערע באריכטען וועלען פארעפענט־ליכט ווערען אין „וועג“.

# ראדינער און וואלאזשינער ישיבות

### פון יצחקי

צווישען פיער הונדערטע אלטע און האלב חרוב געווארענע בנינים, קוקט די ארויס די בכבודיגע יורדת פול מיט יחוס עצמה — די ראדינער ישיבה. אין א גרויסען צוויי־שטאקיגען געמויערטען בנין האט איהר „אב רוחני“ דער „חפץ חיים“ צונויפגעזאמעלט בחורים פון ארבע פנות העולם און פארשפרייט תורה ברבים ניט וועניג מיה האט ער אויך אוועקגע־לעגט כדי באקוועמער צו מאכען דאס לע־בען פון די פרושים און ישיבה לייט.

האט ער ספעציעל פאר זיי קאמערלאך ביי דער ישיבה געמאכט, זיי זאלען נאך א שווערען התמדה־טאג אדער א משמר האבען וואו זיערע ביינער אויסצורוהען. צווישען די פיער דיקע ווילען, וועלכע שטעהען אין מיטען גרויסען ליכטיגען זאל־און ווארפען א באזונדערען חן אויפן אוהל של תורה, פלעגט דער ראש ישיבה זיין „שיעור“ זאגען פאר אן ערך 200 ישיבה בחורים און אויף א ווארסט ארום, דערצעהלען די ראדינער מיט שטאלץ, פלעגט קלינגען די שטימע פון די לומדים וועלכע האבען געלערנט גמרא און גע־פלפולט זיך אין הלכה.

היינט אין פסקה תורה אין ראדינער ישיבה, א קרבן פון דער מלחמה איז זי געווארען. דער „חפץ חיים“ איז ארויסגע־פאהרען און מיט איהם האבען די ישיבה פארלאזען אויך די איבעריגע בחורים. שטומע עדות זענען נאר געבליבען די געמויערטע ישיבה מיט די פיער זיילען, ווי זיי וואלטען דערצעהלען פון אמאליגען עשירות, פראכט און גלאנץ. דוכט זיך, אז זיי קוקען אראפ צארנדיג מיט א טענה: „אוי להם לבנים שגלו מעל שלחן אביהם“.

פון די 200 ישיבה לייט זענען נאר א מנין געבליבען שארית הפליטה, נים גע־ווען בכח צעשיידען זיך מיט איהר, טייער און ליעב איז זי זיי געווען, האבען זיי געוואלט פלעכטען די גאלדענע קייט פון ראדינער ישיבה, געהאפט האבען יי איי־געגטליך און מיט רעכט, אז מען וועט זמי קומען צו הילף. א ביטערען טעות האבען זיי אבער געהאט. די ראדינער „פינע לייט און חשובע אידען“ וועלכע קענען בשום אופן ניט פארטראגען אזא „טומאה“ ווי א ביבליאטעק, קוקען גאנץ גלייכגילטיג צו, ווי עס הונגערען בפועל ממש די צעהן ישיבה־ניקעס מיט׳ן ראש ישיבה בראש; די שומרים פון זייער אל־טע ירושה, נים עבסער באציען זיך צו זיי די איבעריגע „טרענער“ פון „דגל היהודות“ האבען די בחורי הישיבה א

דייתורה מיט דער וועלט: איינס פון די ביידע, איז דאס א זאך — שטיצט אונז, אלא ניט — טא זאגט אפען. דוכט זיך, אז אין זייער טרויעריגען ניגון „אמר רבא אמר אביי“ הריקט זיך אום א פראטעסט צו די וועלכע לאזען כלומרשט אין זייער נאמען און לאזען ניט אריין פאר זיי א אנט אין קאלטע וואסער.

ניט בעסער לעבט זיך איהר עלטערע שוועסטער — די וואלאזשינער ישיבה. אין א פרט נאך ערגער, עס איז אפילו קיין מנין בחורים אויף א רפואה אויך ניט געבליבען. די ישיבה האט זיך עווא קווארט קיין מינסק, און דא איבערגע־לאזט דעם אלטען גרויסען בנין פון דער ישיבה, איינזאם און עלענד שטעהט עד, ווי ער וואלט ארויסקוקען אויף דער גרויסער וועלט, דערוואַרטענדיג נייע ישיבה בחורים, די וועגט אינוועניג פאר שטייבט, חרוב, די שטענדערס און טישען אויף וועלכע דורות גאונים פלעגען זייער גמרא לערנען, זענען צעבראכען, צעשטא־כען, אלין ווייגט, דוכט זיך, אז די שכינה אליין שוועבט ארום אין דעם ארט, טרוי־ערט און קלאגט אויפן חורבן פון וואלא־זשינער ישיבה.

מיט א יאהר צוריק האט אויסגעברא־כען אין וואלאזשין א שרעקליכע שריפה, די גאנצע שטעדטיל איז פארברענט גע־ווארען, ניט אויסשליסענדיג אפילו דעם קלויסטער, אויף וועלכען עס איז פיעל מיה אוועקגעלעגט געווארען איהם צו ראטע־ווען. נאר צוויי בנינים זענען פארבליבען אין שטעדטיל אומאברורט: די ישיבה און דאס בית הרב. זעהען די וואלאזשינער אין דעם א מופת: „אצבע אלהים היא“, די גאונים זכות ביינעשטאנען.

בלויז 2 אידען זיינען געבליבען אויף וועלכע די השפעה פון חורבן פון ביידע ישיבות איז שטארק ניכר. איינער אין ראדין, דער אנדערער אין וואלאזשין. דער ערשטער איז געווען א רייכער איד, א חשוך בנים, האט ער מנדב דעם „חפץ חיים“ א מטבע הגונה אויפצובויען די ישיבה, קיין קינדער האט ער ניט, זאל כאטש בלייבען א זכר — די ישיבה. און מיט יעדער צוגעקומענעם לערנער אין ישיבה פלעגט איהם צוקומען געזונט. היינט איז ער ארים און אלט, זיין בת־יחידה — די ישיבה — איז פאר איהם אפגעשטאר־בען, קלאגט ער: „אלי אלי למה עזבתני“.

דער צווייטער איז ר׳ חיים וואלאזשי־נערס — דער מיסד פון דער ישיבה — אן אייניקעל פון 4טען דור. אליין א קנאפער למדן, טרייסט ער זיך מיט יחוס. שטענדיג האט ער ליעב דערציילען די נסים ונפלאות פון דער וואלאזשינער די נאסטיע, דערביי האט ער ליעב צו באטא־נען מיט א באזונדער פארגעניגען דעם ווארט „באבע“ „זיידע“: „די באבע חייה׳לע האט דאס געטאן, דער זיידע חיים׳ל האט דאס באשאפען“ וכדומה. פארדריסט עס די וואלאזשינער, זיינע זיי קלבין את פניו ברבים, טאהן זיי איהם א שמאך: „מאי נאך מיסוף זיין׳ל „באבע“ „זיידע“. זאגט גלייך „חייה׳לע חיים״. צעטומעלט ער זיך: ס׳איז מיין איינציגע נחמה. די ישיבה חרוב געווארען דער יחוס נאך געבליבען. „און אויסע טיטע — דאך א מומע“..

די לעצטע צייט איז אין ביידע ישיבות פארגעקומען א שינוי. אין דער ראדינער ישיבה האט „קמח“ פארנומען דעם ארט פון „תורה“. מען האט איינגעקעהרט די שפייזעכס, צורעכט געמאכט טישען — און תינוקות של בית רבן באקומען דאר־טען וואַרימע עסען פון דער קינדערקיך; איבען אין די געוועזענע צימערלאך פאר די ישיבה־לייט, האט מען איינגעארדנט א פאלקס־שול פאר איבער הונדערט קינדער.

אין וואלאזשינער ישיבה איז איינגע־ארדנט געווארען א בית־מדרש אנשטאט דעם אפגעברענטען. און אין אונטער־שטען עטאזש — אין באוואוסטען ישיבה ביבליאטעק און בית־עם, וואו הונדערטער בחורים און פרושים פלעגען איינזאפען אין זיך דעם גרויסען ים פון דער רבני׳שער ליטעראטור — האבען געפונען א מקום־מקלט 18 משפחות נשרפים — במעט א גאנצע שטעדטעל אידען. די אטמאספערע איז דארט א שרעקליכע. און א פרישען מענשען איז דארט, במעט, אונמעגליך אריין צו געהן.

אויף איצט האט ראדין מעהר זוכה גע־ווען ווי וואלאזשין: „הכל תלוי במזל“ האלטען אבער די וואלאזינער ניט פון דעם כלל, זיי זיינען מאמינים; זיי זעהן און זוכען אין דעם א סימן אויף להבא: די איצטיגע „אכסניה“ פאר נשרפים וועט זוכה זיין צוריק צו ווערען אן אכסניה של תורה“..

(ווילנער אידישע ציימונג)

# וואַרט ניט ביז וואַנען די באַרד אוו העלט וועט אייך צווינגען צו קויפען א רעססעפּטיקאַל קויפט דאס גלייך אליין




## קאָנקריט

גאַרבעדזש און אש רעססעפּטיקאַלס

מאַניופעקטשורד ביי די

## האוטאָן סעמענט באָקס קאָ.

820 לאַפאַיעט עוו. קאָר. 21טע סטר.




אונזערע באקסעס זיינען ביליגער און מאכט אין רעטראיט. מיר האלטען אונז אז קיין שום/ריח קען זיך ניט פון זיי ניט וואס זיי ציהען ניט צו קיין פליגען.

בעסער פון אלע אנדערע באקסעס נע יערע רעססעפטיקאלס ריזענפעקטעס אזוי דערטראגען און דאס איז די אורזאך און מיקראבען.

## פרעגט א ייער שכן, וועלכער האט שוין אזא רעספּעקטיקאַל

אייער נעקסטען אָרדער פיר א סעמענט גארבעדזש אָרדער'טע באקס באשטעלט ביי אונז און דערביי וועט איהר סייווען פון 3 ביז 15 דאל. אויף אייער אָרדער.

| פעקטארי | | אגענטען |
|---|---|---|
| 820 לאַפּאַיעט עוו | אונזער רעספּעקטיקאלס זיינען | יאפּפעאָן טאגערט |
| טעל. וועסט 2982 | אונטער דער אויפזיכט פון | 994 ענטווין סט. |
| | דער באארד אוו העלט | טעל. נארטוויי 4194 |

וואַרט ניט ביז וואַנען די באַרד אוו העלט וועט אייך צווינגען צו קויפען דעם סאָרט גאַרבעדזש באָקס. קויפט דאס באציטענס און פערמיידט טראבעל.

# The Warren Realty Co.

## 588 Hastings Street

# פּראָפּערטי פאַרלאַנגט

מיר הייבן טויזענדער קאסטומער וואס זוכן צו קויפען גוטע ביזנעס און רעזידענשעל פראפערטי.

# האט איהר פּראָפּערטי

קומט און לערנט זיך דורך מיט אונז מיר קענען אייך געבן דעם ריכטיגען קאסטומער צו יעדער צייט.

# די וואָרען ריעלטי קאָ.

## 588 הייסטינגס סטריט



אונזערע ספּעשעל מאַשינען סייווען ארבייט.

אונזערע איבערגעבילטע מאַשינען סייווען געלד.

## קויפט פון מאַנופעקטשורער און סייווט דעם ריטייל פּראָפיט.

מיר פארקויפען די בעסטע אין דער ליין פון נעה מאשינען פיר יעדער סטיטשינג אפּעריישאן. א חוץ די נייע און ספּעשעל נעה מאשינען פארקויפען מיר א ביסעל אבגעניצטע מאשינען. דאס גיט אייך א געלעגענהייט צום סייווען פיעל געלד דערביי.

**A. C. Payer**

119 E. Jefferson — טעלעפאָן טשערי 1813

# אטאמאביל עקסידענטהאָספּיטאַל



## אטאָמאָביל אייגענטהימער

ווען אן עקסידענט טרעפט מיט ברענגט דאס צו אונז. מיר וועלען די קאר ווידער ניי מאכען.

פריימס, באַרעס, עקסעלס, פענדערס ווערען אויסגעגלייכט. געוועלדעט, געמאכט ווי נייע און גיענעמעלד.

## רעדיאייטארס פעריכט און איבערגעבילד, אויך עקסטשענדזשעס

**Michigan Radiator & Fender Repair Co.**

723, 725 and 727 John R. St. Detroit, Mich

Glendale 7576

# געלד איבערגעשיקט

צו פוילען, טשעכא-סלאוואקיע, עסטרייך, אונגארן, רומעניע, יוגא-סלאוויע, דייטשלאנד און אלע טיילען פון דער וועלט. פּינקטליך. זיכער און שנעלע אויסצאהלונג.

# שיפסקאַרטען

פיר פוילען און אנדערע לענדער דזשענעראל סטים שיף און געלד-איבערשיקונג אפיס.

**C. Leidich 69 W. Fort St.**

# אויסקינפטע פריי

זעהר גערן געגעבען איבער פאלגענדע ענינים: פאספּארטען, ווי צו שיקען געלד אין אייראפּא, ווי אזוי אריבערצוברענגען אייערע פאמיליעס, וועגען די רעכט פון לענדלארד און טענענטס, וועגען לאנד קאנטראקטען, מארטגעדזשעס, טעקסעס, און אזא ווייטער.

## ווי צו ווערען א בירגער

וואו און ווי אזוי צו לערנען ענגליש, סאלדאטען פענסיע, ליבערטי באנדס באנוסעס, אינשורענס און נאטוראליזיישאן.

**The Free nformation Bureau**
**Detroit Board of Commerce**

קארנער וועין און לאפאיעט (2טער פלאר); שטונדען: 8:30 ביז 5:30

## אין לימעריק

טיפּערערי, אפּריל 28 — 100 פערזאָן האבען אטאקירט די באליאנדער פאליצי באראקען, אין לימעריק, און דערנאך ווי די פאליציי האט זיך אונטערגעגעבען האבען זיי פארכאפט געוועהר, אמוניציע און ביסיקעלס. זיי האבען דערנאך אונטערגעצונדען די באראקען.

די אטאקע האט געדויערט דריי שטונדען און באמבעס זענען געווארפען געווארען פון די אטאקירענדע אויף די פאליציי באראקען.

—::—::—

## לעזט דעם „וועג"

# Arena Garden

דעם גרעסטען אידישען קינסטלער שוישפיעלער דירעקט פון טהאמאשעפסקי'ס טהעאטער, ניו יארק.



## הערר באריס טאמאשעווסקי

אויך די איינציגע אידישע פרימאדאנא און שויטשפילערין פון זיין טעאטער ניויארק

## מאדאם צוקערבערג און בעללא פינקעל

און די גאנצע קינסטלער קאמפאניע יעקב גרינבערג, מרס. מייערוויץ, מרס. מארגענבעסער, מר. קופערשמיט, מר. ראזען, מר. בירנבערג, מרס. ווערמאנט, מר. זיננערמאן.

זונטאג אבענד דעם 2-טען מאי

דער גרויסער סוקסעס

פארלאר פלאר, און בייסמענט

אין 3 אקטען פון ערדי טהאמאשעפסקי

שעהנסטע קאמעדי, 100 לאך א מינוט, 12 פון די שעהנסטע נומערן געזאנג

פרייזען, $1.00, $1.50 און $2.00

טיקעטס צו באקומען אין סוירקעל טהעאטער, 502 הייסטינגס סטריט.

# JUDGE GAINEY




HAVANA CIGARS

NORMAN BROS. 973 MICHIGAN WEST 217C

# ראזענפעלד'ס רוסישע טערקישע באד

פאר אלע וועלכע זוכען היינליכקייט און גוטע באהאנדלונג.

30 מארבעל וואנעס — 2 כשרה מקוואות

שאור בעטהס — פרייע קאטס אויף צום רוהען

16 פּריוואט רומס פאר יעניגע וועלכע ווילען נעכטיגען.

א פּראקטפולער לאנטש קאונטער מיט פרישע עסענווארג און געטראנקע צו יעדער צייט.

שוויץ פאר פרויען יעדען מיטוואך, מיט דער מיטווירקונג פון אן עקספּערט מאסאזשיסטקע.

1846 אלפרעד סטריט, ניער אנטאין, טעלעפאן טשערי 6190 דאבליו.

# שיקט געלד קיין אייראפּא

דער זיכערסטער און בעסטער וועג צו שיקען געלד צו אייערע קרובים קיין יוראפּ איז דורך דער

## פיפּעלס רעליעף

וועלכע איז א ברענטש פון דער דזשוינט דיסט. קאמיטע.

די געלד ווערט געשיקט אין דאלארס.

פיפּעלס רעליעף קאמיטע

490 הייסטינגס סטריט

קעדילאק 2061.